יחיאל האָפּער

*

# מיט יענעם און מיט זיך

(עסייען)

דאָס דאָזיקע בוך, דער צווייטער באַנד עסייען „מיט יענעם און מיט זיך״,
איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דער מיטהילף פון יידישן שרייבער און
זשורנאַליסטן פאַראיין אין ישראל, משרד החינוך והתרבות און קרן תל-אביב
לספרות ולאמנות.

יחיאל האָפּער

# מיט יענעם און מיט זיך

ליטעראַרישע עסייען

צווייטער באַנד



פאַרלאַג „המנורה" תל-אביב
תשל"ו — 1976

## ביכער פון יחיאל האָפער:

**„לידער פון דער נאַכט"**
פּאָעמע, פּאַריז, פאַרלאַג צעראַטאַ, 1950

**„אַ הויף אויף פּאָקאָרנע"**
ערשטער און צווייטער באַנד פון ציקל „מיינע וואַרשעווער הייף", ישראל, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1959

**„ר׳ זלמן"**
ישראל, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1960

**„אַ הויף אויף מוראַנאָוו"**
דריטער און פערטער באַנד פון ציקל „מיינע וואַרשעווער הייף", ישראל, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1962

**„אַמאָל"**
דערציילונגען, ישראל, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1963

**„מיט יענעם און מיט זיך"**
עסייען, ערשטער באַנד, ישראל, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1964

**„ר׳ תנחום"**
ראָמאַן, ישראל, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, 1966

**די אַלע ביכער זענען אויספאַרקויפט**

**„אין ווייסער פאַרפאַלנקייט"**
לאַגער-ראָמאַן פון סאָוויעט-רוסלאַנד, ישראל, פאַרלאַג „המנורה", 1969

**„לידער פון שפּיטאָל" און „לידער פון דער נאַכט"**
צווייטע אויפלאַגע, יידיש-עברית, ישראל, פאַרלאַג „המנורה", 1976

### עברית:

**„חצר בפוקורנה" („אַ הויף אויף פּאָקאָרנע")**
אין איבערזעצונג פון דב סדן, „מוסד ביאַליק", 1968

**„ר׳ תנחום"**
אין איבערזעצונג פון א. פורת און ח. פלג, "עם עובד", 1968

**„בנשיה הלבנה" („אין ווייסער פאַרפאַלנקייט")**
אין איבערזעצונג פון שלמה שנהוד, הוצאת ספרים „יבנה", 1972

**„שירים מבית-חולים ושירי לילה" („לידער פון שפּיטאָל" און „לידער פון דער נאַכט")**
(צווייטע אויפלאַגע) אין איבערזעצונג פון ח. קלעי און ישורון קשת

### אין דרוק:

**„חצר במוראנוב" („אַ הויף אויף מוראַנאָוו")**
אין איבערזעצונג פון ח. קלעי, „מוסד ביאַליק"

### אין שפּאַניש:

**„אין ווייסער פאַרפאַלנקייט"**
אַרגענטינע, פאַרלאַג „יהודה"

# מאַטיוון פון דער זשורי פונעם מאַנגער־פּרייז

## יחיאל האָפער

די זשורי פון איציק מאַנגער-פּרייז פאַר ליטעראַטור-שאַפונג אין יידיש האָט איינשטימיק באַשלאָסן צוצוטיילן דעם פּרייז פאַרן יאָר תשל"א—1971 (דריטע פאַרטיילונג), וואָס איז באַשטימט פאַר אַ יידישן שאַפער אין מדינת ישראל — דעם שרייבער יחיאל האָפער.

יחיאל האָפער, וואָס זיינע ערשטע טריט זענען געווען אין דער פּוילישער ליטעראַטור, געהער צו די רעפּרעזענטאַטיווע געשטאַלטן אין דער יידישער בעלעטריסטיק, עסייאיסטיק און דיכטונג.

אויסגעבאָוועט אין דער סאַמע געדיכטעניש פון דער יידישער מעטראָפּאָליע, וואַרשע, האָט ער פון קינדווייז אויף, מיט אַ שאַרפער אָבסערוואַציע און טיפער איבערלעבעניש איינגעזאַפּט איר טאָטאַליטעט, און האָט זי אין זיינע פּראָזע-ווערק געשטאַלטיקט — סיי אין די צוויי גרויסע ראָמאַנען — „אַ הויף אויף פּאָקאָרנע" און „אַ הויף אויף מוראַנאָוו" — וואָס באַשרייבן צוויי גרויסע הייף, זייער טיפּאַזש, זייער אויסנווייניקסטן גורל און זייערע אינעווייניקסטע גלגולים; סיי אין זיינע גרעסערע נאָוועלן „ר' זלמן" און „ר' תנחום", וואָס שטעלן אין צענטער פון דערציילעריש באַהאַנדל באַזונ-דערע פיגורן; סיי אין קלענערע נאָוועלן „אַמאָל", און דער לעת-עתהדי-קער סך-הכל איז אַ גרויסע פּאַנאָראַמע פון יידישער וויטאַליטעט, לעבעדיק געזען און קינסטלעריש געוויזן.

דאָס אַליין איז אונדז מחייב אויסצודריקן אים אונדזער דאַנק, ווי מיר טוען דאָס מיטן באַשלוס צוצוטיילן אים דעם פּרייז אויפן נאָמען פון איציק מאַנגער, וואָס ער, האָפער, איז פון זיינע בעסטע מפרשים, פּונקט ווי ער איז אַ מפרש פון אַ סך וואָגיקע געשטאַלטן און דערשיינונגען אין דער יידישער און פרעמדער ליטעראַטור, ווי מיר לערנען אָפּ פון זיינע פיין-דורכגעטראַכטע עסייען אין בוך „מיט יענעם און מיט זיך". בפרט אַז עס קומט נאָר צו זיין טעמאַטיש-געוואָגטער און קינסטלעריש-געלונגענער פּרווו צו געשטאַלטיקן זיינע איבערלעבענישן ווי אַ פּליט אין זיין בוך „אין ווייסער פּאַרפּאָלנקייט" און זיין געזעמל פּאָעזיע נאַכט- און שפּיטאָל-לידער, און מיר ווייסן, אַז אויפן וואַרשטאַט זיינעם וואַרטן אַרויסגעגעבן צו ווערן בענד פּראָזע, עסייען און פּאָעזיע, וואָס מיר ווינטשן אים און זיך צו זען אין טאָוולען, ובמהרה בימינו אָמן.



**אין זאַל פון טעאַטער „הבימה״. יחיאל האָפּער דאַנקט פאַרן צוטיילן אים דעם איציק מאַנגער-פּרייז, אין יאָר 1971.** — אין פּרעזידיום (פון דער מיט צו לינקס): נשיא המדינה ר׳ זלמן שזר, מ. ווייסגאַל, ש. ראָזענפעלד, גאָלדע מאיר, י. בילעצקי, א. רובינשטיין — (פון דער מיט צו רעכטס): י. מאַרק, דב סדן, קאַדיאַ מאָלאָדאָווסקאַ, באַקומען דעם מאַנגער-פּרייז פאַר אויסלענדישע שרייבער, מ. צאַנין, די פרוי פון נשיא, מ. גראָס-צימערמאַן און י. פרידמאַן.

אין ליכטיקן אָנדענק

**פון אברהם יהושע העשל,**

דעם לעבנסלענגלעכן פריינד פון יחיאל האָפער

# אינהאַלט:

## א



## ב



## ג



## ד

# א

איציק מאַנגער
איציק מאַנגערס פּאָעטישע אייגנאַרטיקייט
איציק מאַנגער — דאָס פּינטעלע ליד
איציק מאַנגער דער פֿאָלקסדיכטער
איציק מאַנגער דער פּראָזאַיִקער
מיט איציק מאַנגערן ביים טיש

# איציק מאַנגער

.1

ווען דער נישט גאַנץ ריינער, אָבער מאָנומענטאַלער יידישער סטיל, איינגעפּאַסט אין דער ראַם פון יידישער מלוכהשקייט, איז געשטירצט גע־וואָרן פון בבלישער חוצפּה און שפּעטער פון רוימישער פאַרביסנקייט — איז געקומען די מיניאַטור פון פאָלק, די הערמעטיש פאַרמאַכטע יידישע משפּחה און איבערגעטראָגן אויף זיך און אין זיך, אין משך פון טויזנטער יאָרן גלות, דאָס גאַנצע רייכטום פון מעכטיקן יידישקייט. מיט תּפילות אַנשטאָט קרבּנות, מיט געגרייטע טישן אַנשטאָט מזבּחות, מיט סימבאָלן אַנשטאָט מעשׂים, מיט ליד אַנשטאָט טאַט, מיט גדרים און סייגים, מיט קאַמף מיט זיך אַנשטאָט מיט יענעם, האָט די מיניאַטור פון פאָלק — די יידישע משפּחה, אויפגעהאַלטן און באַרייכערט דעם יידישן סטיל ביז היינט צו טאָג.

ווען דער מאָנומענטאַלער סטיל פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע האָט גע־האַלטן ביים פאַרגיין, איז געקומען בענווענוטאָ טשעליני און אין דער מיניאַטור זיינער, מיטן שפּיזל און פּיילעכל פון אַ געניאַלן ציזעליאַטאָר, פאַראייביקט אין אַ פאַרקירצטער פאָרעם, פאַרמאַכט אין אַ קאָנדענסירטער ליניע די רייכקייט פון דער עפּאָכע, וואָס שוין צוליב איר רייכקייט אַליין האָט זי זיך געמוזט אויסלאָזן, וואָס שוין צוליב איר מאָנומענטאַלישקייט אַליין, האָט זי זיך קיין אָרט אין דער וועלט נישט געקאָנט געפינען.

די מיניאַטור ווערט, דורך ספּעציעלע געזעצן פון סטיל, פאָרויס צוגע־גרייט, ווי נח׳ס תּיבה, וואָס איז געווען אַ מיניאַטור פון אַ לעבעדיקער וועלט אין ים פון פאַרניכטונג, בכדי מעגלעך צו מאַכן אַדורכצוטראָגן דעם שטורעם בעת געשיכטלעכע און קולטור־געשיכטלעכע קאַטאַסטראָפעס.

אין דער צייט ווען דער פאַרשווענדעריש רייכער סטיל פון פּוילישן יידנטום איז צוזאַמען מיט אים, און בסוד פאַר אים, פאַרמשפּט געוואָרן

אויף אונטערגאַנג, איז פון פּאַרויס געקומען פון רומעניע קיין פּוילן איציק מאַנגער און אונטערגעכאַפּט אין זיינע געשריבענע מיניאַטורן, דעם קלאַנג און די פאַרב, דעם חלום און וויי־ניק די וואָר, דעם טרויער און אומעט; און ווייניק די פרייד פון דעם רייכן קבצן, וואָס האָט געוואָרפן מיט גינגאָלד און זעלטן געהאַט אויף שבת. יאָרהונדערטער און יאָרהונדערטער פון רייכן שטייגער האָט ער, איציק מאַנגער, אין זיינע שמאָלע פּערזן אויף אייביק פאַרמאַכט.

ס׳זענען די יידישע מיניאַטורן — די משפחות פון צעזייטן פאָלק, אין שווערן וואַלגער אויף גלות־וועגן, נישט איין מאָל מיד געוואָרן פון טראָגן אויף זיך דעם עול פון יידישן סטיל, וואָס איז כּסדר רייכער און איינצייטיק שווערער געוואָרן. זיי האָבן זיך, נישט זעלטן, אַוועקגעזעצט אָפּרוען אויף פרעמדע שוועלן און טייל מאָל אויף אייביק דאָרטן פאַרבליבן. ס׳האָבן טייל פון זיי מיט כּעס אין מיטן וועג, נישט ביי דער ערשטער און נישט ביי דער בעסטער געלעגנהייט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון יידישן סטיל און גענומען אויף זיך די מיסיע פון באַקעמפן און באַשמוצן דאָס, וואָס איז נאָך נעכטן ביי זיי אַליין געווען הייליק און טייער. אָבער די גרויסע צאָל פון משפחות האָבן די גרויסע ירושה פון דורות געטראָגן ביזן סוף.

און איצט איז אפשר די צייט, ווען די מיניאַטור וועט צוריק אַוועקגעבן דעם פאָלק דעם פּקדון, וואָס מ׳האָט איר מיט אַזוי פיל דורות צוריק, אין דער שעה פון היסטאָרישער קאַטאַסטראָפע, אָנפאַרטרויט, און וואָס זי, די משפחה, האָט געננוג ערלעך אויסגעהיט.

ס׳האָט די האָלענדישע שול אין דער מאָלעריי, דער ראָמאַנטיזם און דער גרויסער אימפּרעסיאָניזם, און נאָך פריִער דער שפּאַנישער באַראָק, באַפרייט די רענעסאַנס־מיניאַטור פון אָפּהיטן די ירושה, וואָס האָט זיך בשעתּו אויסגעוויזן צו זיין די גרעסטע און צוגלייך די לעצטע גאונישע קונסט־אַנטפּלעקונג.

נאָר איציק מאַנגער האָט נישט וועמען די ירושה איבערצוגעבן, די מיניאַטור אויפצולעזן. דאָס, וואָס ער האָט אין דער מיניאַטור פאַרמאַכט, פאַרכּישופט, ווי ער וואָלט געזאָגט — וועט שוין בלייבן אויף אייביק פאַרשלאָסן. ער ווייסט פּאָרויס, אַז דאָס ווייסע ציגעלע וועט פון מיידאַנעק נישט קומען צוריק. ער ווייסט, אַז די גאָלדענע פּאַווע איז אויף אייביק פאַרפלויגן מיטן רויך פון די קרעמאַטאָריעס.

און ווייל מאַנגערס שאַפן שטאַמט פון פאָלקס מקור, ווייל זיין דיכטע־רישע קאָנצעפּציע איז אַ קולטור־היסטאָרישע, דערפאַר גייט דער דיכטער אַרום מיט אַ באַגרינדעטער מורא, אַז דאָס, וואָס איז פאַרניכטעט און צע־שטויבט געוואָרן, זאָל אַ מאָל נישט אַרויספאַלן פון דער ליניע פון קאָנ־טינואיטעט. דאַן בלייבט דער דיכטער אַ נישט פאַרשטאַנענער פאַר די צו־קונפטיקע דורות, דאַן בלייבט זיין קונסט שוין אויף אייביק אין דער פאָרעם, אין וועלכער ער האָט זי פאַרשלאָסן. דערווייל זינגט ער ווייטער זיינע לידער דורכן מויל פון זיין ברודער נאָטע מאַנגער, דעם שניידער־געזעלן, און אויף זיין דיכטערישן קאָפּ „ציטערט די קרוין פון צער".

ווי אַזוי, מיט וואָס פאַראַ מיטלען דערגייט איציק מאַנגער צו קינסט־לערישער פּינעזיע אין זיינע מיניאַטורן? (לאָמיר דערווייל רעדן וועגן די תנ"ך־לידער). מאַנגער דעפאָרמירט נישט די געצייכנטע, די מאָלערישע ליניע, ער דעפאָרמירט דער עיקר די געשיכטלעכע ליניע. ער באַהעפט צוויי (אָדער מער) געשיכטלעכע עפּאָכעס, וואָס ליגן איינע פון דער צווייטער טייל מאָל אין אַ גרויסן צייט־מרחק, ער טוט אָן און באַפּוצט איין עפּאָכע מיטן שטייגער פון דער צווייטער, און נישט נאָר מיט אויסערלעכן שטייגער באַפּוצט ער עפּאָכעס. ער מישט אויך צונויף פאַרשידענע וועלט־אָנשויונ־גען, פאַרשידענע עטישע און עסטעטישע וועלטבאַנעמען, פאַרשידענע אופנים פון רעאַגירן און אויפנעמען געשעענישן. ער אָפּערירט קלוג און געשיקט מיט די פאַרשידנסטע דעטאַלן, ווייל ער איז דער מייסטער פון דער באַלאַדע, ווייל ער ווייסט, אַז דער עיקר אין אַ באַלאַדע איז די רייג־קייט פון דעם מאָלערישן אָדער אידעיִשן (אַזוינס איז אויך אין קונסט פאַראַן) פאַקטאָר — קאָן ער אויך די חכמה און דעם סוד פון דער מיניאַ־טור, פון אַריינפּאַסן די פּילונגען פון דורות אין איין שמאָלן פערז און באַ־דעקן אים מיט פּאַטין, אָן וועלכער קיין שום קינסטלערישע אויסערונג האָט נישט די גאַראַנטיע פאַר איר דויער.

מאַנגער באַנוצט זיך מיט רעאַליסטישע עלעמענטן דערגרייכנדיק די סאַמע פאַנטאַסטישסטע בילדער. ווי יעדער ערלעכער קינסטלער, וואָס וויל און מוז באַקעמפן די געזעצן פון פיזיק (פאַרב און קלאַנג), היט אויך מאַנגער שטרענג אָפּ דאָס געזעץ פון פּסיכאָלאָגיע וואָס באַשטעטיקט, אַז די פאַנטאַזיע איז אַ דורכשניט און אַ באַהעפטיקונג פון פאַרשידענע רעאַ־ליסטישע עלעמענטן.

איציק מאַנגער איז נישט קיין אימאַזשיניסט ווי טייל קאָן זיך אויס־דאַכטן. אויב ער לייגט אַריין דעם אָרעמאַן די זילבערנע לבנה אין קעשענע, איז עס נישט לשם אָנגעצויגענעם מעטאַפאָר, נאָר פּשוט פון פאַנטאַסטי־שער גוטסקייט. ער איז רייך, ווייל ער האָט פאַנטאַזיע. און אויב אַזוי טאָ פאַר וואָס זאָל ער טאַקע נישט באַגליקן דעם אָרעמען בחור מיט אַ גינ־גאָלדענער קרוין? און פאַר וואָס זאָל טאַקע, אַפילו פון דער מאַמעס קבר, נישט אַרויסוואַקסן אַ חתן פאַר דער פאַרזעסענער יתומה?

מאַנגער וואַרפט נישט קיין אידייען, ער האַלט נישט פון קיין אידייען, וואָס מ׳קאָן זיי נישט יענעם באַלד אַריינלייגן אין האַנט, מיט וועלכע מ׳קאָן נישט באַלד טרעפן יענעם אין האַרץ. ער וויל מיט זיינע קינסטלערישע מתנות באַלד און דירעקט באַשענקען דעם מענטש, וואָס גאַרט און בענקט נאָך זיי. ער ווייזט אויך באַלד אָן דעם ריכטיקן אַדרעס, ווו און ביי וועמען די בענקשאַפט צו שטילן. נישט בחינם טרעפט איר אין זיינע לידער אַזעלכע אָדער ענלעכע ווענדונגען: „טרעפט ווער ס׳האָט דאָס ליד געמאַכט?״ און שטעלט זיך פאָר: „אַ שניידער־יונג האָט עס געמאַכט!״ ער וויל איר זאָלט וויסן, אַז פון אַ פאָעט שטאַמען די מתנות. ער גיט אָנשטאָט אידייע, קינסט־לערישע מאַטעריע און ווער ס׳קאָן זיך דערויף, דער ווייסט, ווי אַזוי עס צו שאַצן און ווי אַזוי דערפון צו געניסן.

דער מאָטאָר פון איציק מאַנגערס שאַפן, ווי דער מאָטאָר פון יעדן גרויסן און עכטן שאַפן, איז די בענקשאַפט. די בענקשאַפט פון קינסטלער איז אָבער נישט קיין בענקשאַפט סתם אַזוי — נאָך „עפּעס״, נאָר ס׳איז אַ בענקשאַפט, וואָס טריפט פון פרייד, פון האָבן, פון באַזיצן און פון אומעט, פון גאַרן און פון וועלן, פון פאָדערן „מער״. ס׳איז די בענקשאַפט נאָך „מער״, וואָס קומט פון דער נישט געזעטיקטקייט פון באַזעסענעם. ס׳איז נישט דאָס באַוויינען דאָס, וואָס איז אַוועק, נאָר דאָס באַוויינען דאָס, וואָס איז אַזוי פרי און אַזוי נישט רייף אַוועק.

מאַנגערס שטרעבן צו שלימות, צו פולקייט, ווערט גוט און קלוג גע־העמט פון זיין פּרעציעזן, קינסטלערישן מעכאַניזם. זיין הונגער נאָך דעם „מער״ דערפירט אים נישט צו קיין איבערגעטריבנקייט, צו קיין בונטקייט. מאַנגער נעמט צו זיין רייכקייט, צו זיין שלימותדיקייט נישט מער, ווי דאָס, וואָס איז אים אומבאַדינגט נויטיק. זיינע עיקרדיקע פאַרבן זענען נישט מער ווי צוויי, דריי: בלוי, גאָלד (גינגאָלד) און לעצטנס אויך זילבער. דאָס זענען די פולע פאַרבן, וואָס איר זעט זיי אויף יעדן טריט, וואָס גלאַנצן

כּסדר אין אייערע אויגן, אָבער וואָס זענען איינצייטיק אַבסטראַקטע פאַרבן — פאַרבן, וואָס יעדע פון זיי איז שוין כּמעט אַ וועלט-אַנשויונג.

ווען פּרימיטיוו פאָלקסשאַפן, ווען אַפילו בלויז איר מקור, טרעפט זיך צונויף מיט ראַפינירטער קונסט, ווען די פאַרשידענע מיטלען פון פאָלקס־שאַפונג פאַלן אַריין אין די הענט פון אַ ציל־באַוווּסטזיניקן קינסטלער, באַקומט זיך די דערשיינונג פון רייפן אָפּשניידן זיך פון דער צייט, עס באַקומט זיך די דערשיינונג פון ריינער דיכטונג, וואָס קאָן שוין אַן אייביקע וואַנדערן דורך דורות.

דאָס איז דער יסוד פון קינסטלערישער פרייהייט: אָפּרייסן זיך בכדי אויף אייביק זיך פאַרקנסן, דאָס איז דאָס קאָנען זיך דרייען אויף אַ פליגל פון אַ ווינטמיל, דאָס קאָנען נאָכפליִען די „גאָלדענע פאַווע". אָבער נישט אָן זאָרג, נישט אָן בענקשאַפט, נישט הפקרדיק און נישט אָן שווערער אַרבעט איבער יעדן פּערז.

פרייהייט, דיכטערישע פרייהייט, הייסט דינען, אָבער נאָר דינען דער פולקאָמהייט, לכל־הפּחות האָבן דעם ווילן צו גאַנצקייט. דינען אַ נישט פול־קאָמער זאַך — הייסט זיך פאַרשקלאַפן.

מ׳קאָן מיינען, אַז איציק מאַנגער איז פאַרליבט אין וואָגל פון די „בראָדער זינגער", אַז עס איז אים ליב דער וואַנדער דורך הפקר. די וואָס מיינען אַזוי, זענען נישט אַז מאַנגער וואָלט געווען אומגליקלעך, ווען ער וואָלט נישט געהאַלטן אין זיין האַנט די צוים, וואָס העמט זיין ווילן צו פאַרשווענדערישקייט. ווען זיין טאַלאַנט וואָלט אים נישט אונטערגעזאָגט, ווו זיך אָפּצושטעלן בכדי אויפצוהייבן אַן איידלשטיין, וואָס איז הויך און טיף פאַרשיט געוואָרן אויף זיין שטויביקן וועג.

איך ווייס, ווו ס׳וויגט אַ וויג זיך אין דער וועלט,
האָט גאָט ברוך הוא אַוועקגעשטעלט
אַ טרויעריקן מלאך אויף דער וואַך.

(„וואָלקנס איבערן דאַך")

פאַר וואָס אומעט, פאַר וואָס אַ טרויעריקן מלאך? פאַר וואָס פאַרנעמט דער אומעט אַזאַ גרויס אָרט אין מאַנגערס שאַפן און אַגב אין שאַפן פון אַלע גרויסע דיכטער?

ווייל יעדער אמתער דיכטער זיצט ביי דער גרויסער וואָגשאָל, אויף וועלכער ס׳וועגן זיך קליינע, מענטשלעכע מעשׂים, פּערזענלעכע, אייגענע,

דינע געפילן, וואָס טוען דיר נאָר אַ שאַרפן שטאָך, אָבער וואָס וואַקסן אויס ביים דיכטער צו מאָנומענטאַלע געפילן און ווערן שפּעטער (אָדער באַלד) אַ וועלט־פּראָבלעם.

ווען ד״ר פאַוסט האָט זיך פאַרטראַכט וועגן גורל־פּראָבלעם, וועגן לעבן און טויט, וועגן יונג און אַלטקייט — האָט ער קודם־כּל וועגן זיך געטראַכט, איז דאָס צוערשט געווען זיין פּערזענלעכע פראַגע און ווייל די פּראָבלעמען זענען וועגן גורל פון יחיד, זענען זיי במילא פּראָבלעמען וועגן גורל פון דער וועלט, און פאַרקערט.

ס׳איז נישט קיין פראַגע פון אַזאַ אָדער אַנדער עקזיסטענץ, נאָר פון עקזיסטענץ בכלל, ס׳איז נישט קיין פראַגע פון אַזאַ אָדער אַנדערן מענטש — נאָר פון מענטש בכלל און ווייל אין סוף פון יעדן מענטשלעכן גורל „קלאָגט די סאָווע פון לעבן״ — ווערט מען אומעטיק און מיד.

מאַנגער באַצירט די אָרעמקייט. ער האָט נישט קיין אינטערעס פאַרן רייכן, וואָס האָט אַ פאַרדאָרבענעם געשמאַק פון זאַטקייט און זיכערקייט. דער קיסר פראַנץ־יאָזעף פאַרשפּילט דעריבער צו דער גאָלדענער פאַווע דעם געוועט — („דער שניידער־געזעלן נאָטע מאַנגער זינגט פון דער גאָל־דענער פאַווע״). ביי מאַנגערן איז נישטאָ קיין אָרעמקייט פון פעלן, פון דלות, נאָר אָרעמקייט, וואָס האָט שטענדיק אָרט און ווילן אויפצונעמען. דער בעטלער ביי אים איז נישט קיין בעטלער, נאָר טאַקע אליהו הנביא אַליין („אליהו הנביא לייזט אויס דער מאַמעס סאַמעטענע קלייד פון לאָמ־באַרד״). די מאַמע איז נישט גלאַט קיין אָרעמע מאַמע, נאָר „די נישט גע־קרוינטע מלכּה פון אונדזער אָרעמקייט״.

די בענקשאַפט צו גאַנצקייט, די אָרעמקייט, וואָס איז ווילן אויפצונע־מען די בלויע פאַרב פון אומענדלעכן הימל און דאָס גאָלד פון פאַרנאַכטיקן זון־אונטערגאַנג — האָט געשאַפן די גרויסע מעלאָדיע, דעם טיפן ניגון פון אומעט, וואָס הייבט זיך אָן ביי דער וויג און ענדיקט זיך אפשר קיין מאָל נישט. אַ ניגון נישט פון יאוש, נישט פון פאַרצווייפלונג, נאָר פון אומעט, וואָס קאָן זיין אַזוי זיס, ווי ס׳איז זיס די פרייד.

אומעט קאָן זיך אויך נעמען פון אַ זעונגס-געפיל, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. נעמט דעם אומעט פון אַ פּייזאַזש (למשל ביי לעוויטאַנען), פון בהמות (למשל ביי ליבערמאַנען). דער אומעט האָט אין זיך די מאָנו־מענטאַלישקייט פון אַ געפילס־וועלט, ווו אַלץ קומט נאָך פאַר אָן אַ חשבון. אומעט קאָן זיין גאָר אַ הויכע מדרגה פון אַ נישט געפאָרעמטן גייסט אָדער פון אַ נישט אַרטיקולירט געפיל.

ביים דעפֿאַרמירן די געשיכטלעכע ליניע, בעתן באַהעפֿטן פֿאַרשידענע עפּאָכעס — ווישט טייל מאָל מאַנגער, נישט ווילנדיק, אָפּ דעם פּאַטין פֿון אַן אַלטער שטייגערישער שיכט. פֿאַרשטייט זיך, וואָלט מאַנגער נישט געוועןן קיין קינסטלער פֿון אַ גרויסער מאָס, וואָלט אויפֿן אָרט פֿון דעם פּאַטין זיך באַוויזן אַ נישט אָנגענעמער פֿלעק. אפשר וואָלט זיך דאָרט דעמאָלט אַנטפּלעקט די קרומע ליניע פֿון גראָטעסק, אַנשטאָט די קאָנדענסירטע ליניע פֿון קינסטלערישער מיניאַטור. מאַנגער ראַטעוועט דעמאָלט דאָס הייסע געשטייגערישע געפֿיל, וואָס פּילט אַן דאָס ליד און גלייכט אויס דעם געשטערטן באַלאַנס פֿון קינסטלערישער וואָג און מאָס.

נעמט למשל אַזאַ ליד ווי „דינה בת יעקב גייט אויף אַ ראַנדעווו". ס׳איז דאָרט אין גאַנצן אָפּגעווישט דער פּאַטין, אַרונטערגעריסן די דיס־טינקציע פֿון עלטער, ס׳דאַכט זיך, אַז אָט־אָט ווערט עס גראָטעסק, אָבער די שטאַרקע אייביקע ליבעס־ליידנשאַפֿט, וואָס שלאָגט פֿון דעם ליד, מאַכט שלום צווישן צוויי וויטע עפּאָכעס, וואָס איינע האָט שיר נישט געשלאָגן די צווייטע.

מאַנגער דער פֿירער, דער ריינער דיכטער, איז שטאַרק טענדענציעז. זיין טענדענץ איז: באַשטימען דעם גורל פֿון אַ ליד. וואָס דאַרף אייגנטלעך אַ ליד טאָן, ווען ס׳קומט אויף דער וועלט? צו וואָס, צו וואָס פֿאַר אַ ציל ווערט עס געבוירן? ער פֿרעגט נישט פֿאַר וועמען איז דאָס ליד, ווייל דאָס איז פֿאַר אים קלאָר. פֿאַר וועמען? פֿאַר יעדן וואָס האָט אַן אויער און וויל הערן. ער פֿרעגט אָבער צו וואָס? נאָך וואָס שפּאַלט זיך דער הימל ווען אַ ליד קומט אויף דער וועלט?

מאַנגער ענטפֿערט: בכדי צו געפֿינען דעם „שיר השירים", די שטימונג איבער שטימונגען, דעמאָלט:

ווען די ערד וועט געפֿינען דאָס שלאָפֿע ליד
וואָס זאָל פֿאַרוויגן גאָט אַליין,
וועט אויסגעלייזט ווערן דער טרויער
און אַלץ וועט ווערן שיין.

(„וואָלקנס איבערן דאַך")

אַן שטימונג איז נישטאָ קיין וועלט, פּונקט ווי אָן בליִעכץ איז נישטאָ קיין פּירות.

אַן שטימונג איז נישטאָ קיין פּאָרויסאָנונג, קיין נביאות און ס'איז נישטאָ קיין פּאָעזיע. דאָס, וואָס אַנט נישט פאָרויס, זאָגט נישט אַן דעם געבורט פון אַ ניי געפיל.

דאָס איז די גרויסע אילוזיע פון מאַנגערן דעם דיכטער: שאַפן אַ וועלט פון געפילן, ווען אַפילו טראָץ דער וועלט, ווען אַפילו קעגן דער וועלט, ווייל ער פילט זיין גורל, ווייל ער פירט אויס אַ שליחות, איז ער דרייסט און גלויביק.

צו בין איך דען שולדיק, וואָס ס'גראַמט זיך
על־פּי טעות „שיין" מיט „געוויין".
און די בענקשאַפט, די אמתע בענקשאַפט
וואָגלט כסדר אַליין?

(„כ'וועל אויסטאָן די שיך")

זי וואָגלט נישט אַליין, מיט איר איז מאַנגער און מיט מאַנגערן זענען אַלע, וואָס פילן פּאָעזיע, וואָס ווייסן איר ווערט, כאָטש זי ווערט נישט נאָטירט אויף קיין שום בערזע.

זי איז איצט נישט איינזאַם די אמתע בענקשאַפט, זי וואָגלט איצט נישט אַליין, מיט איר איז דער אומעט, דער אמתער אומעט און טרויער פון דער יידישער יקידה, וואָס הייסט: חורבן פּוילן.

.4

ווען איציק מאַנגער איז געווען אין וואַרשע אויף די געטאָ־פייערונגען, ווען ער איז געגאַנגען אין פייערלעכן צוג, צום שטויב פון יידישן וואַרשע, זענען אין דער קעשענע ביי אים געלעגן די קאָרעקטעס פון זיין דעמאָלט לעצט בוך לידער „דער שניידער־געזעלן נאָטע מאַנגער זינגט".

צי האָט ער דעמאָלט נאָר געוואָלט אויסבעסערן די דרוקפעלערן אין בוך, וואָס האָט אָט־וואָס געזאָלט דערשיינען? צי האָט ער בכלל אַלץ גע־וואָלט קאָרעגירן? אפשר האָט ער אין זיין בוך געוואָלט אַריינשטעלן אַלץ דאָס, וואָס אין יידישן לעבן האָט אויף אייביק שיין פאַרפעלט?

דערווייל, זעט זיך אויס, האָט ער בלויז פאַרראַכטן די דרוקפעלערן. צי וועט ער אויך זיין בכוח, צי וועט ער וועלן, צי וועט ער קאָנען אויס־זינגען דעם ניגון, וואָס טראָגט זיך פון די טויטע שטיינער און פאַרברענטע

ציגל, און פון דער לערקייט פון יעדן לײדיקן, נאָך אַ ייד, אָרט, וואָס איז איצט כּול מיט שרײענדיקער פוסטקייט?

מאַנגער איז נישט קיין ליריקער. ער וויל נישט האָבן די לירישע פאַרטראַכטקייט. נישט בלויז ער דאַרף טראַכטן. עס טראַכטן ביי אים יעדע זאַך און יעדע באַשעפעניש. ער איז נישט קיין עלעגיע־שרײַבער, ווייל — אין עצם פון זיין יעדער געמאָלענער פאַרב, אין עצם פון זיין יעדער געוויזענער געשטאַלט, איז במילא דאָ עלעגיע. מאַנגער איז דער זינגער פון לעבעדיקן געפיל.

ס׳איז נישט דער עיקר ביי מאַנגערן דאָס אינטעלעקטועלע טראַכטן, נאָר דאָס ביאָלאָגישע — וואָלט איך געזאָגט. טראַכטן איז ביי אים נישט קיין אַבסטראַקטער פּראָצעס. אַלץ טראַכט, ס׳טראַכט די בלום, ס׳טראַכט דער האָז. ס׳טראַכט דער פאַרנאַכט און ס׳טראַכט אַפילו דער ווינט. ער, מאַנגער, פאַרשטייט זייער טראַכטן. ער קאָן זייער לשון און פאַרראַט, טייל מאָל זייערע סודות.

פאַר דעם פאַרראַט ווערט מאַנגער, ווי יעדער דיכטער, נישט באַ־שטראָפט, פאַרקערט, פאַר דעם פאַרראַט ווערט ער באַלוינט מיט באַך.

נישט בלויז ער, מאַנגער אַליין — פילט. עס פילט אַלץ אַרום אים. ער פילט אויס, ער פילט פאַרויס, וואָלט איך געזאָגט, זייערע געפילן און דערציילט וועגן זיי.

פאַר דעם פאַרראַט ווערט ער באַשטראָפט מיט שווערן עול פון אַ פאָלקס־דיכטער.

מיר פאַרשטייען מאַנגערן, מיר פילן אים, מיר ווילן אויך זייער זיין אין זיין קאַפּריזנער שליחות. און מיר רופן מיט אַנגסט — מיט דעם דיכ־טערס ווערטער:

זיבעטער בעטלער, דו דרימלסט, דו שווײַגסט,
און די וואָלקנס ווערן שווערער —
מיר וואַרטן. דערצייל, טאָמער ווערט צו שפּעט
ווער וועלן זיין די הערער?

(צום בראַצלאַווערס „זיבעטן בעטלער״)

„קיום״

# איציק מאַנגערס פּאָעטישע אייגנאַרטיקייט

## צום פופציקסטן געבוירן-טאָג פון איציק מאַנגער

### אַן אייגענער ניגון

ווען כ׳האָב אָנגעהויבן צו פֿאַרטראַכטן אַן אַרבעט וועגן איציק מאַנגער, לכּבֿוד זיין פופציקיאָריקן געבוירן־טאָג, האָב איך ווידער און אויף דאָס ניי גענומען אין די הענט אַריין זיינע לידערביכער. די ביכער, וואָס איך פיר מיט זיך דורך פֿאַרשידענע לענדער און איצט האָב איך זיי געבראַכט אין דעם לאַנד אַריין, ווו ס׳איז דער סוף פון מיין לאַנגן וואַנדערוועג. כ׳האָב גראָד געעפנט דאָס ביכל דער שניידער־געזעלן נטע מאַנגער זינגט און אָנגעטראָפן, ביים ערשטן מיש טאָן די בלעטער, אויפן ליד ליבשאַפט (זייט 26). אָט איז די ערשטע סטראָפע:

מיט איילױלו און איליולו
קען מען אַ קינד פאַרוויגן,
נאָר ווער ס׳האָט באמת ליב
געפינט אַן אייגענעם ניגון.

דער דאָזיקער ציטאַט איז געווען פאַר מיר ווי „אַן אַריינגעשטעקטער שטעקן אין דער מוראַשקע נעסט״ פון מיינע מחשבות וועגן מאַנגערן. ווייל זינט איך האָב זיך נענטער באַקענט מיט די שיינקייטן פון מאַנגערס פּאָעזיע, גייט מיר נאָך דער געדאַנק, רייצט מיך פאַרעקשנט די פראַגע: ווי אַזוי באַשטימט מען און ווי אַזוי באַשרייבט מען די אייגנאַרטיקייט, די אָריגינעלקייט פון איציק מאַנגערס פּאָעזיע? מיר ווילט זיך אָפּט אַריינקוקן דורכן שליסללאָך אין דער טיר פון דער לאַבאָראַטאָריע פון דעם פּאָעטישן אַלכעמיקער און אונטערקוקן און זען ווי אַזוי „מאַכט״ ער דאָס? און ווען סע סטייעט נישט קיין געדולד, ווילט זיך מיר בגוואַלד אַריינרייסן אין

זיינע שאַפּונגען, פונאַנדערנעמען, פונאַנדערשרויפן זייער קינסטלערישן מעכאַניזם און אַרויסרייסן ביי זיי דעם סוד פון זייער קומען אויף דער וועלט.

וואָלט איציק מאַנגער אַנשטאָט זיך צו פרעגן:

טרעפט ווער ס׳האָט דאָס ליד געמאַכט,
היידל, דידל, דאָם — —

און ענטפערן:

אַ שניידער־יונג האָט עס געמאַכט
צו להכעיס דעם רבינו תּם.

וואָלט ער אַנשטאָט דעם געפרעגט: טרעפט ווי אַזוי כ׳האָב דאָס ליד געמאַכט, און אונדז עפּעס אויסגעזאָגט פון זיין פּאָעטישן סוד, וואָלט פון זיין פּאָעטישן סוד גאָרנישט אָפּגעקומען, זיינע לידער נאָכמאַכן וואָלט אים סיי־ווי־סיי קיינער נישט געקאָנט, און ער וואָלט געשטילט דעם נייגער ביי די, וואָס זיין פּאָעזיע וועקט ביי זיי מער ווי נייגער. אָבער איציק מאַנגער טוט צו להכעיס נישט נאָר דעם רבינו תּם, און אפשר טוט ער גאָרנישט צו להכעיס? אפשר דאַרף ער גאָר נישט אויסזאָגן? און לאָמיר טאַקע שוין מיט אים מסכּים זיין: ער דאַרף נישט אויסזאָגן.

ס׳איז גענוג ווען מאַנגער זאָגט אונדז:

נאָר ווער ס׳האָט באמת ליב
געפינט אַן אייגענעם ניגון.

און איציק מאַנגער האָט ליב פּאָעזיע, און וויל ער האָט זי ליב אהבת־נפש — האָט ער געפונען אַן אייגענעם ניגון. ער האָט ליב נישט בלויז צו שאַפן, נאָר אויך צו אינטערפּרעטירן, און נישט בלויז פּאָעטיש אינטערפּרעטירן זיינע אייגענע דיכטונגען, נאָר אַפילו יענעמס פּאָעזיע (זע פעלקער זינגען, וועלוועל זבאַרזשער שרייבט בריוו), נישט נאָר אינטערפּרעטירן, נאָר טאַקע איינחזרן דעם מאָטיוו, דעם ריטעם, דעם קלאַנג, און ווו מ׳קאָן — אויך דעם געזאַנג.

ווען איציק מאַנגער זאָגט: „טרעפט ווער ס׳האָט דאָס ליד געמאַכט״, ווען ער רעדט וועגן זיך, ווי וועגן דעם יידישן „גראַמען־מאַכער״, קוקט

עס ביי אַ סך אויס ווי שאַרזש, ווי חוזק און ביי די וואָס האָבן נישט קיין חוש פאַר הומאָר — ווי פּראָפאַנאַציע. ווער מאַכט דאָס לידער? מאַכן לידער דאָס איז די נידעריקסטע ליטעראַרישע מדריגה; אַ געמאַכט ליד, דאָס איז די שאַרפסטע דיכטערישע דיסקוואַליפיקאַציע. אָבער דאָס פּאָלק, דאָס פּאָלקסגעפיל, וואָס זאָגט קיין מאָל נישט קיין ליגן, דער ליטעראַרישער אינסטינקט פון פּאָלק רעדט אָפן און דרייסט וועגן פאַרטראַכטן, מחבר זיין און וועגן מאַכן לידער. דווקא דאָס פּאָלקסשאַפן, וואָס איז אַזוי מקורות־דיק, מוז „געמאַכט ווערן" און קאָן נישט וואַרטן ביז ס'וועט זיך „פון זיך אַליין", מאַכן. די גאַנצע מעשׂה־בראשית איז געוואָרן „געמאַכט", ווייל דאָס איז געווען די ערשטע שאַפונג און במילא די אָריגינעלסטע (כאָטש לויט פּלאַטאָנען איז שוין פריִער געווען די אידייע). היינט, לאַנג נאָך בראשית, מוזן מיר וואַרטן ביז עפּעס וואַקסט אויס, ביז עפּעס שאַפט זיך, ווייל מיר קאָנען שוין היינט נאָר צוהעלפן דעם שאַפן, ריכטיקער געזאָגט: מיר קאָנען אין בעסטן פאַל שאַפן, אָבער שוין נישט באַשאַפן.

איציק מאַנגער איז פּאָלקסטימלעך, מקורותדיק און דערפאַר באַשאַפט ער. ער איז אָריגינעל ווייל ער באַשאַפט (און ווייל ער באַשאַפט איז ער אָריגינעל); און דערפאַר קאָן ער אַזוי אָפן און דרייסט זאָגן וועגן זיך, אַז ער מאַכט לידער. אין דער דאָזיקער קאָנצעפּציע ליגט דער גאַנצער פּאַראַדאָקס (און אפשר די פּשוטע דיאַלעקטיק) פון אַזעלכע באַגריפן אין דער קונסט, ווי: ספּאָנטאַנקייט, אָריגינעלקייט, אינספּיראַציע א״אַנד.

ווען מיר רעדן וועגן אָריגינעלקייט וואָלט זיכער כדאי געווען, לשם עקזאַקטקייט, צו פּרווון געבן אַ דעפיניציע פון דעם פאַרשפּרייטן (און אַזוי זעלטן קאָנטראָלירטן) באַגריף. אָריגינעלקייט ליגט, אַזוי צו זאָגן, אין דער קאָנסטיטוציע פון ווערק און נישט אין זיינע עלעמענטן. אַן אָריגינעלער קינסטלער איז דער, וואָס ברענגט אויף דער וועלט אַ נייעם טיפּ שאַפונג אין דער ליטעראַטור צי אין אַן אַנדער געביט פון קונסט פון זיין פּאָלק. אויב אַ דיכטער, למשל, פירט אַריין אין זיינע לידער נייע בילדער, זענען די בילדער אָריגינעל, אָבער לויטן טיפּ פון זיין שאַפונג קאָן דער דיכטער געהערן צו די עפּיגאָנען (כאָטש ער מוז דאָס נישט זיין). אויך עכטקייט איז נישט דאָס זעלביקע וואָס אייגנאַרטיקייט. עכטקייט באַשטימט די באַציִונג פון ווערק צום קינסטלערס פּנימיותדיקער וועלט, צום סוביעקט, אין דער צייט ווען אָריגינעלקייט באַשטימט די שייכות פון ווערק צום קינסטלערס דרויסנדיקער וועלט, צו דער וועלט פון קונסט, צום קינסטלערס אָביעקט. דערביי דאַרף מען באַמערקן, אַז מיר רעדן וועגן עקסקלוזיווער

אָריגינעלקייט (וועגן אַבסאָלוטער קאָן בכלל קיין רייד נישט זיין). קלענערע שטאַפּלען פון אָריגינעלקייט זענען יאָ אָפּהענגיק פון דער נייקייט פון די עלעמענטן, וואָס זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין ווערק. מיר האָבן שוין ביי אַ צווייטער געלעגנהייט באַמערקט, אַז דער קינסטלערישער פּראָצעס איז אַזוי ווי דער כעמישער. דאָס אַריינפירן יעדן נייעם עלעמענט אין אַ קונסטווערק ענדערט נישט נאָר די קוואַליטעט גופא פון ווערק, נאָר אויך די קוואַליטאַטיווע באַציִונג פון אין עלעמענט צום צווייטן. אַזוי אַרום קאָן מען זאָגן, אַז איטלעך באמת קינסטלעריש ווערק איז אייגנטלעך אַ נייע קינסטלערישע קאָנסטרוקציע פאַר זיך. אָבער קאָנסטרוקציע איז נישט קאָנסטיטוציע, דאָס לעצטע איז אָפּהענגיק פון דער עקסקלוזיווער אָריגי-נעלקייט פון ווערק.

איציק מאַנגער איז געקומען אין דער יידישער פּאָעזיע מיט זיינע באַלאַדן און לידער. זיין אָנזען און פּאָזיציע אין דער יידישער פּאָעזיע האָט ער צו פאַרדאַנקען קודם־כל די באַלאַדן. מיט זיי האָט ער ווידער אויפ־געלעבט דעם נעאָ־ראָמאַנטיזם אין דער יידישער פּאָעזיע. ראָמאַנטיזם איז פאַר מאַנגערן נישט קיין פּאָעטישע טעאָריע, נאָר אַ וועלטבאַנעם, און לאָמיר צוגעבן: אַ יידישער וועלטבאַנעם. אין דעם ראָמאַנטיזם האָט מאַנגער צונויפגעזאַמלט אַלץ, וואָס איז טראָץ דער שווערער יידישערווירקלעכקייט פאַרבליבן פריי, פּילפּאַרביק, פול מיט שווונג און פאַנטאַזיע. נאָך מער. ער האָט פון דער יידישער ווירקלעכקייט גופא באַשאַפן פאַנטאַזיע. ראָמאַנ־טיזם איז ביי מאַנגערן נישט — אַנטלויפן אין אויסטערלישקייטן אין דעם עבר, נאָר ברענגען דעם עבר צו זיך, מאַכן פון יעדער פּאָעטישער קלייני־קייט אַ פאַנטאַזיע־שפּיל. מאַנגער אַליין האָלט זיכער זיינע באַלאַדן פאַר דאָס סאַמע צייטיקסטע, אָריגינעלסטע און ווערטיקסטע וואָס ער האָט געשאַפן, און די חומש־ און מגילה־לידער בלויז פאַר אַ צוגאָב, צי אַן אינטערמעצאָ צו זיינע באַלאַדן. זיכער איז, אַז וואָס שייך פּאָעטישע קוואַלי־טעטן איז מאַנגער גערעכט. אָבער דאָך איז פאַר אונדז, און בפרט איצט, די פאַרעם פון דער באַלאַדע אַ פרעמדע, אין דער צייט ווען די פאָרעם פון די חומש־ און מגילה־לידער, מיט דעם אופן פון זען און פאַרפּיקסירן די העלדן און די געשעענישן, אַזוי ווי דאָס איז געטאָן אין טייטש־חומש, אין צאינה וראינה, אַזוי ווי זיי זענען געשילדערט געוואָרן דורך די וואַנדערנדיקע מגידים, — אַ דורך און דורך יידישע, און דאָס מיינען מיר טאַקע, אַז זיי זענען קאָנסטיטוציאָנעל אייגנאַרטיק. און ווען אַפילו די גרויסע באַלאַדישע וויזיע זאָל ווערן אַ מאָל פאַרנעפּלט, און ווען די

פרישקייט אירע זאָל אַפילו אָפּוויאַגען, וועט דווקא דאָס וואָס האָט זיך מאַנגערן אויסגעוויזן צו זיין בלויז אַ שטיפעריי, אַ פּוסבענקעלע צו עפּעס גרויס, דאָס דווקא וועט בלייבן אייביק. אונדזער אַרבעט, וועלכע הייסט: איציק מאַנגערס פּאָעטישע אייגנאַרטיקייט — וועט זיך דאָס מאָל פאַרנעמען מיט די לידער פון מאַנגערס באַלאַדישן אינטערמעצאָ.

## 2. די געגעזע פון די חומש-לידער

געווען איז דאָס, דאַכט זיך, אין יאָר 1935. דעמאָלט איז דאָס ארץ־ישׂראל טעאַטער „אוהל״ געקומען אויף גאַסטשפּילן קיין פּוילן. אין רעפּער־טואַר האָט דער „אוהל״ צווישן אַנדערע געהאַט דאָס ביבלישע טעאַטער־שטיק: יעקב און רחל, צוגעגרייט און אויסגעשטעלט דורכן רעזשיסער הלוי. די רעזשי האָט זיך באַמיט ביים אויסשטעלן דאָס טעאַטער־שטיק צו האַלטן זיך שטרענג אין ביבלישן סטיל.

נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג פון יעקב און רחל אין וואַרשע איז אין יידישן ליטעראַטן־פאַראיין, אויף טלאָמאַצקע, פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע וועגן דער פאָרשטעלונג. די רעזשי האָט, פאַרשטייט זיך, באַגרינדעט און פאַרטיידיקט איר שטאַנדפּונקט. ס׳איז שווער איצט איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון דער דעמאָלטיקער דיסקוסיע. פאַר אונדזער אַרבעט איז וויכטיק דאָס, אַז מאַנגער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער רעזשיסערישער קאָנצעפּציע פון „אוהל״.

כ׳געדענק אַז מאַנגער האָט אָפּגעפרעגט די קינסטלערישע צוועק־מעסיקייט פון געבן אַ גענוי היסטאָריש־עטנאָגראַפיש בילד פון דער געשילדערטער עפּאָכע. ער האָט געהאַלטן, אַז ס׳זענען אַ סך וויכטיקער און „רעאַלער״ די געשטאַלטן, וואָס די געשילדערטע עפּאָכע האָט באַקומען אין דער פאַנטאַזיע און אין דער לעגענדע פון פאָלק.

ווי אַ המשך פון דער אויבן דערמאָנטער דיסקוסיע האָבן זיך באַוויזן די ערשטע חומש־לידער. קאָן זיין, אַז מאַנגער האָט נאָך פאַר די פאָר־שטעלונגען פון „אוהל״ געשריבן (אָדער אָנגעהויבן שרייבן) זיינע חומש־לידער. אָבער ווי אַ באַשטימטער סטיל פון לידער-שאַפונג, ווי אַ קאָנצעפּציע פון דער יידישער מסורה — זענען זיי געקומען אין דער דאָזיקער צייט.

לאָמיר אויפן סמך פון די חומש־לידער פרווון פעסטשטעלן, וועלכע איז דאָס די קינסטלערישע שיטה פון מאַנגערן, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע אין אונדזער פּאָעזיע?

מיר קאָנען אָננעמען, אַז מאַנגער איז געקומען צו דער מסקנה, אַז בכדי צו שילדערן אַ געשעעניש, אַ געשטאַלט, אַ שפּיל פון ליידנשאַפטן צווישן אַ גרופּע מענטשן פון אַן עפּאָכע וואָס געהערט צו דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט — דאַרף מען נישט אין אַלע פּרטים זיין געטריי דער געשילדערטער עפּאָכע. אויב מ׳וויל מאָלן, למשל, עמעצן פון אונדזערע אבות דאַרף מען אים נישט, לויט מאַנגערן, אָנטאָן אַן אַבייע אויף די אַקסלען און אַ קעפּיִע אויפן קאָפּ, נאָר דווקא אַ זשופּיצע מיט אַ שטריימל. ווייל, אויב מיר וועלן זיין געטריי אין אַלע פּרטים דער געשילדערטער עפּאָכע (אין פּייזאַזש, האַלטונג, אופן פון רעדן, קליידונג און אַז״וו), וועלן מיר די געשילדערטע עפּאָכע, צי דעם מענטש פון דער ווייטער עפּאָכע, צי אַ געשעעניש פון די ווייטע צייטן — פאַרשטיין אָבער נישט פילן, און אויב אַפילו פילן, איז נישט מיטפילן. און דאָס פאָלק וויל מיטשפּילן, מיטפילן, מיטווירקן און אויב אַפילו פאַרשטיין — איז מיטפאַרשטיין. דאָס פאָלק, דער פאָלקסמענטש, וויל נישט שטיין (געפילמעסיק) פון דער ווייטנס פון דעם פאַרגעקומענעם אין די אַלטע צי אין די אוראַלטע צייטן, ווען מ׳שילדערט זיי אים, צי מ׳דערציילט אים וועגן זיי, נאָר ער וויל שטיין אין מיטן פון די געשעענישן. בכדי צו פאַרשטיין דאָס, וואָס איז אַמאָל געווען, איז גענוג זיך איבערצוטראָגן אין דער פאַרגאַנגענער צייט, אָבער בכדי צו פילן דאָס, וואָס איז אַמאָל געווען — דאַרף מען קאָנען דאָס געוועזענע אַריבערטראָגן צו זיך.

דאָס האָט צום טייל געוווסט, פאַרשטאַנען, געפילט צי גאָר פאַר־אויסגעפילט דער מחבר פון צאינה וראינה. עס גייט נישט בלויז אין דער שפּראַך, אין עברי־טייטש, נאָר אין גאַנצן אופן פון שילדערן דעם חומש־פאַרלויף, אין דעם פאַרמענטשלעכן, אין דערנעענטערן צום וועלטבאַנעם פון די מאַסן די געשעענישן און די געזעצן פון דער תורה. איציק מאַנגער האָט געהאַט אַן אַנדער אויפגאַבע. מאַנגער איז אַ דיכטער און אים דינט דאָס רעכט צו מאַכן אַן אויסקלייב. ער שרייבט לידער אויף חומש־טעמעס.

### מעטאָדע

ווי אַזוי דערגרייכט מאַנגער זיין קינסטלערישן ציל? מיט וואָס פאַר אַ מיטלען באַנוצט ער זיך, בכדי אַרויסצורופן די שטימונג, בכדי צו שאַפן די אַטמאָספער, אין וועלכער זיין העלד פון אַמאָל דערנעענטערט זיך צום היינט, און ווערט דאָך נישט אָוועקגענומען פון זיין אַמאָל?

מאַנגער צענעמט זיין העלד אויף עלעמענטן. ער נעמט ביי אים אַוועק אַלע אַקסעסואַרן, מיט וועלכע דער העלד איז ביז איצט באַשאַנקען און באַהאַנגען געוואָרן. ער גייט אַוועק מיט זיין העלד פון אַלע אַמאַליקע פאָרמען און ער באַשאַפט אים פון דאָס ניי. ער מאַכט פון זיין העלד אַ נייעם טיפּ. מאַנגער טוט אויס זיינע חומש־העלדן פון דעם אַלעם אין וואָס זיי זענען געווען ביז איצט אָנגעטאָן. ער נעמט ביי זיי אַוועק זייער ביז איצטיקן אופן פון באַוועגן זיך, פון האַנדלען, פון אויסדריקן זיך. ער מאָלט זיי פון דאָס ניי. ער טוט דאָס מיט די מיטלען וועלכע געפעלן אים, און רעדן צו זיין פאַנטאַזיע און צו דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, וועמענס פאָרשטייער מאַנגער איז. ער באַנוצט די עלעמענטן, וואָס זענען עלול אָנצוואַרעמען און בולט אַרויסצוהייבן די געפילן, דעם געפיל־צושטאַנד, וועלכע זענען אים נייטיק בכדי צו פילן דעם אַמאָל.

לאָמיר לשם משל אַוועקשטעלן פאַר זיך אברהם אבינו, אַזוי ווי מאַנגער מאָלט אים אונדז (די ציטאַטן זענען גענומען פון די חומש־לידער).

אברהם אבינו שמייכלט און שוויגט
און פּיפּקעט פון זיין ליולקע רויך;
ער ווישט מיטן טיכל די אַלטע ברילן

(די דריי מלאכים קומען צו אברהם אָבינו)

אַט שטייט ער אין זיידענעם קאַפּל
רב אברהם דער פרומער ייד, —
צי פילט ער כאָטש, מאַמע געטרייע,
מיין ביטער דערשלאָגן געמיט?

(אברהם און שרה)

און הגר נעמט פאַר אַן עדות
דעם הימל און די ערד:
אַט אַזוי פירן זיך די אבות
מיט די לאַנגע פרומע בערד.

(הגר פאַרלאָזט אברהמס הויז)

ס'ציטערט אים די גראָע באָרד.

(אברהם אָבינו שאַרפט דאָס מעסער)

ער פילט ווי דאָס מעסער בריט
אונטער דער זשופּיצע דאָס לייב.

(אברהם אָבינו פאָרט מיט יצחקן צו דער עקידה)

סומירנדיק די אַלע פּרטים, האָבן מיר פאַר זיך אַזאַ בילד: אַ ייד מיט אַ לאַנגער, גראָער באָרד, אָנגעטאָן אין אַ זשופּיצע, אויפן קאָפּ אַ זיידן קאַפּל, אויף דער נאָז אַ פּאָר ברילן, אין מויל אַ ליולקע וואָס רייכערט זיך, און הייסן הייסט דער ייד: אברהם תּרחזאָהן;

און איצט לאָמיר זיך צוהערן ווי אַזוי רעדט אברהם אבינו ביי מאַנגערן:

בטחון, מײַן ווײַב, אַז דער אייבישטער וויל
שיסט אַפילו אַ בעזים אויך.

(„אברהם און שרה")

בהמה, שאַ! נו הער שוין אויף.
נאָר רק זי ווײנט און ווײנט,
זי האָט שוין מסתּמא ווידער אַ מאָל
די צאינה וראינה געלייענט.

גוטן אָוונט, אורחים, קומט אַריין
מיין שׂרה האָט אָנגעגרייט
רייז מיט מילך און קימלברויט,
איר קומט מסתּמא פון ווייט.

(די דריי מלאכים קומען צו אברהם אָבינו)

קליפּה, — — — —
דו טרעטסט מיך אָפּ, צי ניין?

(הגרס לעצטע נאַכט ביי אברהמען)

ווילסט מיר טאָן אַ סביטקע, גאָט?... — — — — —
איז מילא, איך בין גרייט.

(אברהם שאַרפט דאָס מעסער)

אליעזר, מיין אַלטער, געטרייער קנעכט,
נעם דעם שטעקן אין דער האַנט,

יחיאל האָפּער

שפּאַן איין דיינע אַלטע געטרייע פיס
און לאָז זיך איבערן לאַנד!

זוך אויס פאַר מיין יצחקלען אַ ווייב,
זי זאָל זיין איינע אין דער וועלט,
שיין זאָל זי זיין, ווי די זון ביי טאָג
און זי זאָל האָבן אַ קניפּל מיט געלט!

ווייל יצחק איז מיין אויג אין קאָפּ,
איך האָב אים קוים אויסגעווייגט,
דו ווייסט עס אַליין, מיין געטרייער קנעכט,
ווייל דו האָסט עס אין חומש געליינט.

(אברהם שיקט אליעזרן זוכן פאַר יצחקן אַ ווייב)

מאַנגער אַליין האָט נישט איין מאָל אָנגערופן זיינע חומש־לידער: „מיין טייטש חומשל". ער האָט געפילט און פאַרשטאַנען, אַז ווען דער יידישער פאָלקסמענטש וועט נעמען זיינע ביכלעך לידער אין האַנט אַריין און דערזען ווי אַזוי דער פּאַטריאַרך אברהם זעט אויס; ווען ער וועט הערן, ווי אַזוי דער עלטער־זיידע פון אַלטן פאָלק ישׂראל, דער וואָס האָט דער ערשטער דערקענט דעם איינציקן גאָט, — רעדט, וועט ער, דער פּשוטער פאָלקסמענטש, זיך דערפילן צו אים דערנענטערט. ווען דער מענטש, דער היינטיקער, וועט דערזען אָבינו אַברהם אָנגעטאָן ווי אַ פּוילישער גוטער־ייד, צי אַפילו ווי אַ גאַליציאַנער בעל־עגלה שבת — וועט ער זיך דערפילן מיט אים היימיש, „זאַ פּאַן־בראַט". אברהמס טרעפונגען מיט גאָט ווי אויפן לאַשקעווער יריד, זיין רעדן מיט גאָט אויף דער שפּראַך פון אַ פּראָסטן מיטוואָך, דאָס אַלץ וואָס איז די צווייטע זייט פון דער גאָלדענער מטבע, וואָס הייסט: פּאָעזיע, וועט אים ווערן ליב און טייער. אברהמס גרייטקייט מקריב צו זיין דאָס טייערסטע און נאָענטסטע פאַר אַ קרבן — וועט ווערן פּשוט און פאַרשטענדלעך. אַלע וועלן דערפילן, אַז דאָס זענען גרויסקייטן, וואָס קאָנען הויזן אויך ביי קליינטשיקע אין האַרץ, ווייל אַלץ (אין די לידער) איז אַרומגענומען אין קלאַמערן פון פּאָעזיע, ווי אין קלאַמערן זענען אַרומגענומען די ווערטער:

טרויעריק און שיין, זאָגט דער פּאָעט,
זענען די וועגן פון תּנך.

ווען מיר זאָגן: פּשוטער פאָלקסמענטש — מיינען מיר דאָס נישט ווערטלעך, בפועל ממש. צו די פאָלקסמענטשן דערגרייכט ליידער נישט די פּאָעזיע, כאָטש מאַנגער איז אפשר אין דעם פאַל אַן אויסנאַם. ווען מיר זאָגן: פאָלקסמענטש — מיינען מיר פּאַקטיש דאָס ביסעלע פּשטות, וואָס איז אין יעדן מענטשן פאַראַן און נאָך וועלכער דער מענטש — און אפשר דווקא דער ראַפינירטער — בענקט. מאַנגערס גראָטעסק־פאָרעם גנבעט זיך אַריין מיטן כוח פון גראָטעסק-טריק צו די ראַפינירטע לייענערס, ווו די גראָטעסק לייזט זיך אויף, איבערלאָזנדיק דעם ריח און טעם פון אוממיטלבאַרער און אמתער פּאָעזיע.

מען מוז מודה זיין, אַז עפּעס אַ נישט־יידישע ערדישקייט גייט אויף פון מאַנגערס ביבלישע העלדן, אַ כמעט היידנישער לעבנסלוסט שלאָגט פון זיינע חומש־ און מגילה־געשטאַלטן. פון דעסטוועגן געפינט פאַר זיי מאַנגער סוף־כל־סוף אַ יידישן אַקאָרד און אַפילו דער באַקכוס־מאָטיוו, ביי לוטן, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ יידישן „יום־טוב אין דער וואָכן", ס'וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אַלע ביבלישע העלדן ווערן ביי מאַנגערן געשילדערט אויפן זעלביקן אופן. אברהם אבינו, דעם גרונט־לייגער פון יידישן פאָלק, דעם ערשטן פון אַ נייער אומה, האָט מאַנגער געשילדערט ווי אַ בעל־גוף, אַ געלטזאַק, ער איז געמאָלן פעסט און זיכער, האַרט און אַנטשלאָסן, מיט אויגן פון אַ קלוגן חקרן, פאָרויסזעעוודיק און ניכטער; אָבער יצחק, ווען דער רייכער טאַטע האָט פאַרזיכערט אַ זאָרגלאָזע עקסיסטענץ, ער איז שוין דורך מאַנגערן געמאָלן סובטעל, דין מיט ציטערנישן פון אַ פרוש. הערט עטלעכע סטראָפן:

יצחק אבינו שפּאַצירט אין פעלד
געלאַסן ערנסט און פרום
און זעט ווי ס'פּאָרט זיך אַ שמעטערלינג
מיט אַ בלאָער קאָרנבלום.

אַ רגע... צוויי... און נישטאָ אים מער,
ער איז שוין העט, העט, העט —
צי וועט כאָטש געבן דער שאַרלאַטאַן
דער אָרעמער בלום אַ גט?

יחיאל האָפּער

אין יצחקס אויגן פינקלט אַ טרער:
ס׳איז פול מיט זינד די וועלט!
און ער גייט מיט פּאַמעלעכע טריט
צו זיין טאַטנס געצעלט.

ס׳איז פאַראַן ביי מאַנגערן נאָך עפּעס, וואָס העלפט אים, וואָס שטרייכט אונטער זיין באַזונדערקייט; דאָס איז זיין טאָפּלטבילדערישקייט. ווען אברהם זאָגט, אַז דערפאַר ווײנט שׂרה, ווייל זי האָט מסתּמא שוין ווידער געלייענט די צאינה וראינה, איז עס אַ טאָפּלטבילד. פון איין זייט דערמאָנען מיר זיך (און דאָס הייסט, אַז מיר זעען), שׂרהן פון דער צאינה וראינה, און פון דער צווייטער זייט זעען מיר די שׂרה, וועלכע מאַנגער שילדערט אונדז און וועלכע לייענט אַליין די צאינה וראינה. דאָס זעלביקע איז, ווען אברהם נעמט פון דער זשופּיצע אַרויס דאָס חומשל און לייענט די סדרה: „חיי שׂרה" אויפן קול. דאָס זעלביקע איז ווען אברהם זאָגט צו זיין קנעכט אליעזר, אַז דער לעצטער ווייס מסתּמא אַליין ווער יצחק איז, ווייל ער (אליעזר) האָט עס געלייענט אין חומש. אַזעלכע טאָפּלטבילדער זענען דאָ אַ סך. אַפילו גאַנצע לידער זענען ביי מאַנגערן אויף דעם אופן געשריבן. דאָס איז דער יסוד פון דער מאַנגערישער גראָטעסק. און זאָלן עס טייל האַלטן פאַר אַ ליטעראַרישן „טריק", איז ער (ווען דאָס זאָל אַפילו אמת זיין) אַזוי אַרומגעשפּונען מיט פּאָעזיע, אַז דער מכּלומרשטער טריק איז אַליין אַ שטיק פּאָעזיע, און קיינעם ווילט זיך נישט וויסן צי ער איז „צוגעטראַכט" פון האַרץ צי פון מוח. (אַגב, זענען מיר די דאָזיקע ליטעראַרישע אַנאַטאָמיע בכלל נישט גורס).

ווי געזאָגט, איז מאַנגערס טאָפּלטבילדערישקייט דער יסוד פון זיין גראָטעסק. דאָס איז נאָך נישט אַלץ. מ׳קאָן באַווייזן, שטיצנדיק זיך אויף דער „געשטאַלט-פּסיכאָלאָגיע", אַז דאָס באַהעפטן דעם סוזשעט פון חומש (צי פון דער מגילה) מיט דעקאָראַטיווע עלעמענטן פון היינט, שאַדט לגמרי נישט דער גאַנצקייט פוןביידע בילדער (דעם ביבלישן און דעם היינט־צייטיקן). מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט דאָס, וואָס איז דורך די סטרוק־טור־ און געשטאַלט־פּסיכאָלאָגן באַוויזן געוואָרן עקספּערימענטאַל, אַז דעם מענטש (און נישט בלויז דעם מענטש) איז קודם-כּל געגעבן געוואָרן דער אופן פון זען (און פילן) גאַנצע סטרוקטורן (לויט אַריסטאָטעלעסן איז די גאַנצקייט געוועזן פאַר אירע טיילן). אַזוי אַרום זעען מיר (און מיר פילן) אין דעם פאַל, אַ דאַנק דער מאַנגערישער טעכניק, צוויי גאַנצע בילדער

**מיט אַ מאָל, וואָס זענען צווישן זיך ענג פאַרבונדן. דאָס איז שוין מער ווי גראָטעסק. דאָס איז אַ העכערע פאָרעם פון פאַנטאַזיע, דאָס איז, וואָס מאַנגער רופט אין זיין הקדמה צו די חומש־לידער: „אַן אינטערמעצאָ אַזאַ אויפן וועג צו דער געשטייגערטער באַלאַדעסקער וויזיע".**

## 4. פּאָעטישע אינטערפּרעטאַציע

**די לידער פון איציק מאַנגערס ביכעלע:** וועלוול זבאַרזשער שרייבט בריוו צו מלכהלע דער שיינער **זענען אַ פּאָעטישע אינטערפּרעטאַציע פון אַ געפּיל, וואָס גייט זינט דורות איבער דער וועלט. דאָס איז דאָס געפּיל און די אידייע פון דאָן קיכאָט, פון דאָן זשואַן און פון אַלע קאַסאַנאָוואַס אין דער וועלט. דאָס איז אַ פּאָעטיש געזאַנג וועגן דער „דאַמע פון האַרץ", וואָס אַלע האָבן זי געוואָלט זוכן, אָבער נאָר יחידים, אויסדערוויילטע האָבן דאָס געטאָן. דאָס איז אַ פּאָעטישער איבערגעזאַנג פון אַ דור פּאָעטן־וואַגאַבונדן, פון יידישע טרובאַדורן און מייסטער־זינגערס. די לידער זענען אַ ווידער־קול און אַן איבער־קול פון אַ פּאָעטישער עפּאָכע, וואָס איז שוין געהאַט אַוועק. ס'איז אַ גרויסער פּאָעטישער טרוים, אַ דיכטערישער ווילן, אַ רייסן זיך אַרויף. הערט:**

וואָלט איך געוועזן אַ שטערן,
וואָלט איך נישט לאַנג געטראַכט
און וואָלט מיט אַ שטילן ציטער
געפאַלן אויף דיין דאַך.

און וואָלט איך געווען אַ שניידער,
וואָלט איך געפלויגן צו דיר
און מיט מיין גילדענעם פינגערהוט
אָנגעקלאַפּט אין דיין טיר.

**(זאָג, מלכהלע די שיינע)**

**ס'איז פאַראַן אין איציק מאַנגערס** וועלוול זבאַרזשער **עטלעכע ציטאַטן פון וועלוול זבאַרזשערס לידער. זיי זענען ווי די גאָלדענע שפּינדלעך אויף וועלכע מאַנגער וועבט זיין פּאָעטיש געוועב. אַלע צוועלף לידער פון דעם קליינעם ביכעלע זענען איין גרויסע באַלאַדע, נישט קיין פאַנטאַסטישע**

נאָר אַ רעאַלע, אַ רעאַל לעבעדיקע און אַ פאַנטאַסטיש־פּאָעטישע. מאַנגערס פּאָעטישער וועלטבאַנעם איז אַן אָפּטימיסטישער. ווען ווען ווען זבאַרזשער זאָגט אָדער פרעגט מיט טרויער: „ס'איז בעסער צו זיין אַ דאָרן איידער אַ בלום וואָס בליט?״ — זאָגט עס מאַנגער איבער אַנדערש, מיט אַן אָפּטימיסטישער נאָטע, מיט אַן אַפירמאַטיווער, באַשטעטנדיקער נאָטע, אָט הערט:

בין איך אָבער נישט קיין שטערן
און אַפילו קיין שניידער ניט,
איז מיר בעסער צו זיין אַ דאָרן
איידער אַ בלום וואָס בליט.

אים איז בעסער צו זיין אַ דאָרן איידער אַ בלום. און אויב מאַנגער זאָגט, אַז אַזוי איז אים בעסער, גלייבט מען אים, ער האָט זיך שוין מסתמא דערויף זיין פּאָעטישן „חשבון״. מאַנגערס פּאָעטישע נאָטע איז אַן אָפּטי-מיסטישע, ער זאָגט עס אַזוי:

נאָר אַדרבא, מיין בענקשאַפט
גלייבט נאָך כסדר און וואַרט,
זי זינגט: די אמתע ליבע
האָט נאָך קיינעם נישט אָפּגענאַרט.

זי זינגט: די בענקשאַפט, די ליבע
זיי זענען פון גאָט אַ פּאָר —
די בענקשאַפט האָט גאָלדענע אויגן
און די ליבע האָט גאָלדענע האָר.

(אַ בעטלער האָט היינט)

מאַנגערס פּאָעזיע איז אַחוץ אַלעם באַשאָנקן מיט אַ ספּעציעלן חן. אַ מאָל איז ער אַ שטיפערישער, ווי אין די חומש־לידער און אַ מאָל אַן ערנסטער, ווי אין מלכּהלע דער שיינער. ס'איז שווער צו דעפינירן מאַנגערס פּאָעטישן חן (ווי פּאָעטישן חן בכלל), דאָך קאָן מען זאָגן, אַז דאָס איז אַ גליקלעכער צוזאַמענשטעל פון פּאָעטישע דעטאַלן, וואָס צוזאַמען גיבן זיי אַרויס פון זיך חן. אין מאַנגערס באַלאַדן, למשל, זענען נישטאָ קיין אויס-טערלישקייטן, נאָר זייער אַ סך אינוווענץ. עפּעס אַ פּאָעטישער דעטאַל,

אַ קלייניקייט איז אַזוי אַוועקגעשטעלט, אַז ס׳איז מלא חן, ס׳פאַרכאַפּט, ס׳באַצויבערט.

לירישער הומאָר איז איינער פון די וויכטיקסטע עלעמענטן אין מאַנגערס לידער, וואָס פאַרשאַרפן זייער ספּעציפישן חן. אין די חומש־ און מגילה־לידער ווערט פון לירישן הומאָר אָפט מאָל חוזק, ליצנות; אין די באַלאַדן — אָפט אומעט, ווייכער טרויער. אין מלכּהלע דער שיינער איז אין דעם פּרט אַזוי ווי אין די באַלאַדן. ס׳גייט אויף אין די לידער אַ ראָזער אומעט און אין יעדן ראָזן אומעט איז דאָ פרייד, ווייל:

איך זע די בענקשאַפט עפנט
די פענצטער פון יעדן הויז
און קוקט מיט געטרייע אויגן
צו אַלע וועגן אַרויס.

(דער זומער־אָוונט דעמערט)

*

אין דער מטושטשער אַ־היסטאָרישקייט אונדזערער, אין אונדזער משונהדיקער מבולבלקייט פון פאָרמען און סטילן, אין געמיש פון פאַר־שידענע לעבן־שטייגערס, אין דער געפּרעסטקייט פון דורות, — איז איציק מאַנגער דער פּאָעטישער פאַרבינדונגס־מאַן, וואָס האָט באַהערשט דעם תּוהו ובוהו און געשאַפן פון דעם אַלעם אַ נייע פּאָעטישע גאַנצקייט. די מאַנגערישע אַנאַכראָניזמען זענען אַ גרויסע שפּיל פאַר זיך גופא. דאָס דערווייטערן דעם היינט צו דעם אַמאָל, אָדער דאָס דערנענטערן דעם אַמאָל צו די בילדער פון היינט, די גאַנצע מאָדנע שפּיל פון דערנענטערן און דערווייטערן — שאַפט אַ משונהדיקע וויבראַציע, אין וועלכער דעם פּאָעט געראָט אויפצוכאַפּן און צו פאַרשליסן אויף זיבן שלעסער אַ שטיק אייביקייט. דער היינט וואָס ווערט ביי מאַנגערן דערווייטערט צום אַמאָל, איז נישט דער היינטיקער היינט, נאָר דער היינט פון מאַנגערס קינדער־יאָרן, דער היינט פון סטאָפּטשעט, פון קאָסעוו און פון לאָקשעוו, פון דער קינדהייט וואָס מאַנגער איז אין איר אויף אייביק פאַרבליבן.

די פּורים־שפּיל און מאַנגערס חומש־ און מגילה־שפּיל, וואָס זענען ענלעך צו די „פּאַסיאָנס־שפּילן״, צו די פּוילישע „יאַסעלקעס״, ווען אייביק דערמאָנען דאָס גרויסע פּילפאַרביקע און פּילפלאַכיקע בילד, ווע־

יחיאל האָפּער

מענס צושויער און מיטשפּילער ס׳איז געווען אַ גרויסע און פאַרשידנ־אַרטיקע יידישע פאָלקסמאַסע, וואָס זי איז שוין מער נישטאָ. דער לעצטער יידישער טרובאַדור, איציק מאַנגער, האָט איר אַ באַפליגלטע מצבה געשטעלט.

„די גאָלדענע קייט״, נר׳ 8

# דאָס פּינטעלע ליד

## צום זעכציקסטן געבוירן-טאָג פון איציק מאַנגער

### 1. סוד

טייל מאָל דאַכט זיך אויס, אַז דער סוד פון מאַנגערס פּאָעזיע ליגט פאַר דיר זייער, זייער נאָענט. דער סוד פון זיין ליד גייט נאָך זיין ליד ווי אַ שאָטן, און רייצט דיך דו זאָלסט אים וועלן פאַנגען און נישט אָפּלאָזן ביז וואַנען ער וועט זיך פאַר דיר נישט אַנטפּלעקן.

אָבער וואָס מער דו דערנענטערסט זיך צום שאָטן־סוד פון מאַנגערס ליד, אַלץ גיכער פאַרשווינדט ער פון דיר, און דו בלייבסט אויג אויף אויג מיטן ליד, און וועגן דעם סוד זיינעם ווערסטו גאָרנישט געוואָר. סוד בלייבט סוד.

דער ווילן, דער חשק, די תשוקה צו וועלן דערגיין פּאָעטישע סודות איז אַ גרויס מאַטערניש. נאָר זעלטענע, געציילטע מאַטערן זיך. די רעשט רעדט זיך איין, מיט אַ נאַריש איינרעדעניש, אַז זיי ווייסן שוין, אַז זיי פאַרשטייען שוין. און ווייל זיי האָבן נישט דאָס פאַרגעניגן פון מאַטערן זיך איבערן סוד פון פּאָעזיע, האָבן זיי לפּחות פאַרגעניגן פון זיך אַליין...

דאָס מאַטערן זיך איבער פּאָעטישע סודות איז אַ זיס מאַטערניש. און גאָר זיס איז עס ווען דו מאַטערסט זיך צו דערגיין דעם סוד פון מאַנגערס ליד. כאָטש דו ווערסט גאָרנישט געוואָר, דו דערגייסט גאָרנישט — ווערסטו אָבער באַלוינט מיט שׂכר־טירחה, דו ווערסט אויפן וועג צום סוד באַלײַכטן מיט אַלע צויבערן און חנען פון זיין פּאָעזיע.

פאַראַן אויף דער וועלט אַ ספּעציעלע, אויסדערוויילטע קאַסטע פון סודות־זוכער. זיי זוכן דעם סוד פון דעם וועלטשבאַשאַף, זיי זוכן די סודות פון דער נאַטור, זיי זוכן דעם סוד און זינען פון אונדזער זיין אויף דער וועלט, אָבער גאָר זעלטענע זוכן דעם סוד פון ליד, דעם סוד פון פּאָעזיע.

ווען עמעצער אַנטדעקט, למשל, אַ נייעם כעמישן עלעמענט, קאָן זיך אַ סך ענדערן אין דער וועלט, ס׳קאָן זיך אַפּילו אַ מאָל בייטן דער סדר פון דער וועלט. אָבער ווען עמעצן וואָלט זיך איינגעגעבן צו אַנטפּלעקן דעם סוד פון פּאָעזיע, וואָלט עס באַדייט: די באַשאַפונג פון דער וועלט פון דאָס ניי.

מען רעדט לעצטנס אַ סך וועגן דעם, אַז דער כוח פון פּאָעזיע איז אין אונדזערע צייטן אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָס איז נישט אמת. פּאָעזיע איז אַן אַבסאָלוטער כוח און קאָן נישט אָפּגעשוואַכט ווערן. דאָס איז נאָר דער אָפּנעם־און אויפנעם־כוח פון פּאָעזיע ביי די לייענער שוואַכער געוואָרן. אונדזער דור איז באַרויבט געוואָרן פון אַ סך פּערזענלעכע פרייהייטן, אויף די פאַרשידנסטע אופנים, און דאָס האָט פאַרדאַרבן דעם כוח מושפּע צו ווערן פון פּאָעזיע, וועלכע איז כולו פרייהייט.

בכדי צוריק צו געווינען די השפּעה אויפן לייענער, בכדי צו שטאַרקן דעם אויפנעם־כוח ביים לייענער, אָדער בכדי פּשוט צו פאַראימפּאָנירן אים, אָדער גאָר פאַרטשמעליען, האָבן זיך די מאָדערניסטישע פּאָעטן גענומען איינשאַפן נייע מיטלען פאַר זייער פּאָעזיע. מיטלען אינהאַלטלעכע, און דער עיקר פאָרמעלע. איך בין אָבער שטאַרק מסופק, צי קונסט ווערט דורכויס באַשאַפן פון קינסטלערישע מיטלען. כ׳בין נישט זיכער, אַז מיטלען, אַפילו קינסטלערישע, זענען דאָס בעסטע מיטל פאַר קונסט. ס׳קאָן זיין, אַז ס׳איז פאַראַן אַ נשמה אַזאַ, וואָס יעדעס ליד מוז זי באַזיצן, אויב דאָס ליד דאַרף זיין אמתע פּאָעזיע.

איציק מאַנגערס לידער האָבן, פאַרמאָגן די דאָזיקע נשמה. נישט נאָר פון זיין שרייבן, נאָר פון זיין פילן און טראַכטן גייט אויף אַזאַ פּאָעטישע נשמהדיקייט.

ער קאָמפּליצירט נישט זיין ליד עס זאָל אויסזען קאָמפּליצירט. דער אינהאַלט און די פאָרעם פון זיין ליד זענען פּשוט בתכלית הפּשטות, אָבער מאַנגער פּשוטיזירט נישט, אַז זיין ליד זאָל אויסזען פּשוט. ער שטעלט נישט אויפן וועג צו זיין ליד קיין שום מיכשולים, נישט פון געמאַכטער קאָמפּליצירטקייט און נישט פון געמאַכטער פּשטות. פאַרקערט, ער נעמט אַוועק אַלע שטערונגען אויפן וועג צו זיין לידס עכטקייט.

ער דערלאַנגט זיין ליד אַזוי, אין דער פאָרעם, אין וועלכער עס איז געקומען אויף דער וועלט. ווער ס׳וויס עפּעס וועגן מאַנגערס טעכניק פון שרייבן לידער, יעדן פאַלס פון זיין אַמאָליקער טעכניק, דער ווייסט דאָס וואָס איך זאָג לייכט פאַרשטיין.

מאַנגער פלעגט יעדעס ליד זיינס פריער אויסטראָגן אין האַרץ און אין מוח ביז דאָס ליד איז געוואָרן אין אים אין גאַנצן רייף. אין גאַנצן, פון ערשטן ביזן לעצטן וואָרט. ערשט ווען ס׳איז שוין געווען אין גאַנצן פאַרטיק, האָט ער עס איבערגעטראָגן אויפן פּאַפּיר. ווער פון די וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו ליטעראַטור, געדענקט נישט איציק מאַנגערן, ווי ער פלעגט זיצן אויפן גרויסן באַלקאָן פון וואַרשעווער יידישן ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע דרייצן און אויף אַ גרויס און ברייט פּאַפּיר מיט גרויסע אותיות פאַרשרייבן דאָס ליד, וואָס ער האָט שוין געהאַט באַשאַפן.

ס׳וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז מאַנגער זינגט „ווי דער פאָגעל זינגט״. ער איז אַ צו ראַפינירטער פּאָעט, אַז ער זאָל בלויז נאָכזינגען וואָס דער מלאך הפּאָעזיע האָט אים אַריינגעלייגט אין קעל אַריין. מאַנגער איז אָן שום ספק דער געבילדעטסטער פּאָעט ביי אונדז. ער איז אין דער וועלט־פּאָעזיע, ווי אין דער וועלט־ליטעראַטור בכלל, מער ווי ביי זיך אין דער היים. אָבער ראַפינירטקייט איז נישט ביי אים קיין מיטל, נאָר עס ווערט ביי אים געבוירן צוזאַמען מיטן מקור פון זיין ליד, כ׳וואָלט געזאָגט, מיט דער אידייע פון זיין ליד.

עפּעס פון זיינע פּאָעטישע סודות פּרוווט מאַנגער דאָך אויסזאָגן. נישט אונדז, זיינע לייענער, נאָר מלכּהלען דער שיינער (אין זיין „וועלוול זבאַרזשער שרייבט בריוו צו מלכּהלע דער שיינער״). וועלוול זבאַרזשער — איציק סטאָפּעטשעטער, זאָגן נישט נאָר אויס מלכּהלען וועגן זייער ליבע צו איר, נייערט זיי גיבן איר אויך איבער פּאָעטישע סודות. דעם סוד פון זיין נישט נאָר אַ פאַרליבטער, אַ געליבטער, נאָר אויך אַ באַליבטער פּאָעט.

איין וואָהרער דיכטער, מלכּהלע,
מוז קענען זיך פאַרשענקען.

דעם ליכט, דער ליבע און דער נאַכט,
דעם רעגן און דעם שליאַך,
דעם טרוים, וואָס האָט אים בלינד געמאַכט,
די שטערנע אויפן דאַך.

דער ווערבע און דעם עפּלבוים,
דעם פייגלכען, וואָס פליט

יחיאל האָפּער

און דורך דעם שענקען, מלכּהלע,
ווערט צייטיק ערשט דאָס ליד.

(יאַסי, אַבענד, זיבן אוהר)

אַן אמתער דיכטער מוז קענען זיך פאַרשענקען, אַוועקגעבן, אַוועק־שענקען אין גאַנצן, אָן רעכענונג, און אַוודאי אָן אויסרעכענונג, אָן חשבון, ולא בחשבניא!

אַן אמתער פּאָעט ווייס, אַז אין דער מיאוסקייט פון דער וועלט דאַרף ער אַריינטאָן זיין שאָנקייט. יעדער אמתער דיכטער מוז וויסן און גלייבן, אַז ס׳וועט קומען אַ צייט, ווען די שיינקייט פון פּאָעזיע וועט מנצח זיין די מיאוסקייט, ווען איר זיסקייט וועט פאַרטרייבן די ביטערקייט, איר רייכקייט וועט פאַריאָגן די אָרעמקייט. און יעדער פּאָעט, יעדער אמתער פּאָעט, מוז גלייבן באמונה שלמה, אַז דאָס איז טאַקע אים באַשערט, אַז זיין שאָנקייט זאָל מנצח זיין די מיאוסקייט, זיין זיסקייט זאָל מכריע זיין איבער דער ביטערקייט, זיין רייכקייט וועט פאַרטרייבן די אָרעמקייט.

ווען איך זאָל וויסן אויף זיכער, אַז איציק מאַנגערן איז דאָס אַלץ באַשערט, וואָלט איך זיך זייער געפרייט און צו אים געזאָגט פון גאַנצן האַרץ, ווייל איך זאָג דאָס צו אים סיי־ווי־סיי: — איציק מאַנגער, ברוך אתה בזמרך!

אָבער נישט בלויז אין דעם ליגט דער גאַנצער סוד פון פּאָעזיע. אַ דיכטער מוז זיך נישט נאָר קענען אַוועקשענקען, נאָר ער מוז קודם־כּל פון דער דיכטערישער השגחה אַליין באַשאָנקען ווערן.

פאַראַן דיכטער וואָס האָבן באַקומען זייער טאַלאַנט בנדבה. טייל אויף אַ בכּבודיקן אופן און טייל אויף אַ ווייניקער בכּבודיקן. טייל האָבן גאָר זייער טאַלאַנט אויסגעוויינט דורך אַ סך שלאָפלאָזע נעכט און אַ טייל אַפילו אויסגעבעטלט. פאַראַן אָבער זעלטענע דיכטער, וואָס האָבן זייער טאַלאַנט באַקומען במתנה.

כאָטש סיי נדבה און סיי מתנה האָבן אין יידיש דעם זעלבן טייטש: — געשאַנק, איז אָבער נדבה אַ געשאַנק וועלכן מען האַלט, אַז מען דאַרף געבן און מתנה איז אַ געשאַנק וועלכן מען וויל געבן.

צו די זעלטענע פּאָעטן וואָס האָבן באַקומען זייער טאַלאַנט במתנה געהער איציק מאַנגער. דער גאָט פון פּאָעזיע האָט פונאַנדערגענומען זיינע הענט און געזאָגט: — נאָ, איציקל, נעם וויפל דיין האַרץ גלוסט. און איציק האָט זיך אין דעם פאַל נישט געפוילט און ער האָט גענומען מלא חפניים.

טאַלאַנט איז אָבער נישט אַלץ מיט וואָס אַ דיכטער מוז באַשאַנקען ווערן, אַז ער זאָל זיין אַן אמתער דיכטער. כ׳וואָלט געזאָגט, אַז טאַלאַנט איז אַ מין מאַשין וואָס אַרבעט איבער און פאַרמירט פון פּאָעטישער סובסטאַנץ פּאָעטישע שאַפונגען.

דער עיקר איז די פּאָעטישע סובסטאַנץ מיט וועלכער דער דיכטער איז באַשאַנקען געוואָרן, מיט וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן. זי ליגט אין אים גופא. זי בויט זיין שעפערישע פערזענלעכקייט. מען קאָן זיך זי נישט איינשאַפן. מען קאָן זי נישט אויסבילדן אין זיך. שעפערישקייט איז נישט קיין אַטריבוט, נאָר איז דירעקט פאַרבונדן מיט אָט דער שעפערישער סובסטאַנץ. (אַזוי איז עס נישט נאָר ביי פּאָעטן, נאָר אויך ביי אמתע קינסט־לערישע פּראָזאַיקער, ביי מאָלער, סקולפּטאָרן און מוזיקער).

מיט אַזאַ געבענטשטער שעפערישער סובסטאַנץ איז באַשאַנקען געוואָרן איציק מאַנגער דורך דער פּאָעטישער השגחה. און די פּאָעטישע השגחה איז אַ השגחה פּרטית. זי גיט אַכטונג אויף דעם פּאָעטס (ווי בכלל אויף יעדן קינסטלערס) טריט און שריט. פאַר יעדן ריכטיקן טריט ווערט ער הויך באַלוינט, און פאַר יעדן פעלערהאַפטיקן — שטרענג באַשטראָפט.

איציק מאַנגער איז דורך און דורך פּאָעט. קאָן זיין, אַז דער סוד פון פּאָעזיע ליגט אין דער פּאָעטישער גאַנצקייט. כאָטש דער פּאָעט אַליין קאָן זיין אין גאַנצן אַ צעבראָכענער, ווי די חסידים דריקן זיך אויס, איז עס אויך אַ גאַנצקייט, אַ גאַנצע צעבראָכנקייט. דעם פּאָעטס געפיל דאַרף זיין גאַנץ, בכדי ס׳זאָל זיין שעפעריש. מיר דאַכט זיך, אַז ס׳איז נישט מעגלעך אין אַ פּאָעטיש געפיל קיין שום אַמביוואַלענטקייט, כאָטש נאָך דעם, ווי דאָס געפיל ווירקט זיך אויס אין אַ קינסטלעריש ווערק, קאָן זיך דער שעפער אַליין דיאַמעטראַל ענדערן אין זיין געפיל. נישט זעלטן איז אַזאַ פאַרענדערונג פונעם קינסטלער טאַקע אַ פּועל־יוצא פון אויסשעפּן אַ געפיל ביזן סאַמע סוף.

פּאָעזיע האָט נאָר אַ קיום אין דעם פּאָעט, וועלכער איז זיך גרייט מקריב צו זיין פאַר איר. — אויב דו קאָנסט נישט לעבן אָן שרייבן פּאָעזיע, אויב דאָס לעבן איז דיר אָן דעם נישט ניחא, דעמאָלט קאָנסט דו שרייבן, אַזוי מער ווייניקער האָט געענטפערט רילקע אַ יונגן דיכטער, ווען יענער האָט אים אָנגעפרעגט, צי דאַרף ער ווייטער שרייבן לידער. מען מוז זיין משוגע לאותו דבר. פּאָעזיע פאָדערט משוגעת. און אויב געוויינטלעך משוגעת איז נאָך עד היום אַ פאַרהוילענער ענין, אַ סוד, על אחת כמה וכמה פּאָעטיש משוגעת...

## 2. חן

כ׳נעם זיך נישט אונטער צו דעפינירן, וואָס איז דאָס אַזוינס חן, ווי כ׳נעם זיך נישט אונטער צו דעפינירן וואָס איז דאָס אַזוינס שיינקייט, כאָטש כ׳האָב זיך שוין באַקענט מיט צענדליקער דעפיניציעס וועגן דעם.

אָבער מען קאָן זאָגן, אַז חן איז פאַרבונדן, אין אַ געוויסער מאָס, מיט מיניאַטורעלקייט. למשל, אַ הויכע, גרויסע פרוי קאָן זיין זייער שיין, אָבער זעלטן וועט מען זאָגן אויף איר, אַז זי האָט חן. דאַקעגן אַ קליינע פרוי, אויב זי איז שיין קאָן זי אויך האָבן חן, און אַפילו ווען זי איז נישט שיין. קינדער, ווייל זיי זענען קליין, האָבן זיי אָפט חן, אָבער נאָר דעמאָלט ווען זיי האָבן נאָך נישט קיין שׂכל זיך צו חנדלען. חן קאָן מען אַרויסבאַקומען, ווען עס געלינגט אַ מענטש, אָדער אַ זאַך, אָנצודייטן אויף עפּעס אייגנאַרטיקס, אויף אַן אַנדערשקייט, וואָס טיילט אויס אַ מענטש, אָדער אַ זאַך, אַ פאַקט, פון אַלע אַנדערע.

לאָמיר נעמען אַ משל פון מאַנגערן גופא, אין זיין „סאָנקט בעשט״ זענען באַלד אין דער ערשטער סטראָפע פאַראַן אַזעלכע פיר שורות:

די נאַכט איז הייליק, טיף און שיין,
אַז אַפילו דער מענטש, וואָס גייט אַליין
באָרוועס איבער אַ פרעמדן לאַנד,
פילט איבער זיך גאָטס בלאָע האַנט.

שטעלט אייך פאָר ווען אויפן אָרט פון „בלאָע האַנט״ וואָלט געווען שטאַרקע האַנט, צי אַן אַנדער מין האַנט. דעמאָלט וואָלטן די פיר שורות נישט געהאַט דעם חן, דעם מאַנגערישן חן, וואָס זיי האָבן, און זיי וואָלטן אפשר גאָר נישט געווען ניי. מאַנגער האָט אַזוי נישט געקאָנט שרייבן. דאַקעגן „בלאָע האַנט״ איז מרמז אויף אַ סך זאַכן. בלאָ איז מרמז אויפן הימל, איז מרמז אויף איידלקייט, אויף טיפקייט, און בלאָ איז אַזוי יידיש, כ׳וואָלט אַפילו געזאָגט, אַזוי גוט-יידיש. אָט דאָס איינציקע וואָרט האָט באַשטימט דעם גורל פון דער גאַנצער סטראָפע און אפשר גאָר דעם חן פון גאַנצן ליד.

מאַנגערס חן ליגט אין דעם, וואָס ער קאָן מיט איין וואָרט, מיט איין קליין וואָרט, מיט אַ כלאחר־יד־וואָרט, אַרויסברענגען טיפקייט. טיפקייט פון געפיל און טיפקייט פון געדאַנק. אָט אין דער דיספּראָפּאָרץ צווישן דעם

קליינעם וואָרט מיט דער גרויסקייט פון געפיל, וואָס ווערט דורך דעם וואָרט אַרויסגעבראַכט, ליגט אַ גרויסער טייל פון דעם סוד פון מאַנגערס פּאָעטישן חן.

כ׳ווייס נישט צי חן איז אַן אומבאַדינגטער אַטריבוט פאַר פּאָעזיע, פונקט ווי כ׳ווייס נישט צי איז שיינקייט אַזאַ אומבאַדינגטקייט, צי איז עס געדאַנק. אָבער די אַלע חקירות פאַלן אַוועק ווען מען ווערט געשטעלט פנים־אל־פנים מיט דעם גרויסן פּאָעטישן פאַקט, וועלכן ס׳שטעלט מיט זיך פאַר מאַנגערס פּאָעטישע שאַפונג.

פאַראַן נאָך אַ ריי אופנים פון וועלכע ס׳קומט אַרויס חן ביי מאַנגערן. איינער פון די ראַפינירטע אופנים ביי אים איז זיין בייע, זיין יונגע אַלט־מאָדישקייט. זיינע לידער האָבן אין זיך דעם חן פון אַלט זילבער, פון אַלטע זילבער און גאָלדשטיק, פון אַלטע שמוקזאַכן, וועלכע פאַרנעמען שטענדיק דעם אויבן־אָן צווישן די טייערסטע תכשיטים. און דאָך זענען זיינע לידער שטענדיק ניי.

מאַנגער האָט פאַרשטאַנען, האָט באַנומען די הויכע חכמה פון קונסט, צו באַפרייען זיינע לידער פון שלטון פון דער צייט. צונויפפּירנדיק פאַר־שידענע צייטן, ווי אין די חומש־לידער, אין די מגילה־לידער, און אַפילו אין לידער פון אַנדערע זשאַנערן, האָט ער געוויזן און באַוויזן, אַז ער איגנאָרירט די צייט, ער רעכנט זיך נישט מיט איר. ווייל יעדע אמתע קונסט איז אויסער דער צייט, נאָך מער, זי פירט אַ קאַמף מיט איר. אַ מאָל האָב איך געזאָגט, אַז די מאַנגערישע אַנאַכראָניזמען זענען אַ גרויסע שפּיל פאַר זיך, (זע דעם פריִערדיקן עסיי: „איציק מאַנגערס פּאָעטישע אייגנאַרטיקייט"), היינט וועל איך זאָגן, אַז זיינע אַנאַכראָניזמען זענען אַ סך מער, זיי זענען איינער פון די יסודות פון מאַנגערס פּאָעטישן וועלטאויס־בליק.

אין דעם וויכטיקסטן פּרט, אין דעם פּרט פון פּאָעטישן וועלטאויסבליק, איז מאַנגער זייער נאָענט די אַמאָליקע ראָמאַנטיקער. ער האָלט אַזוי ווי זיי, אַז פּאָעזיע איז מער וויווירקלעכקייט. וואָרום אַ דאַנק פּאָעזיע זעט מען זאַכן און מענטשן און בכלל די וועלט טיפער, מען זעט זי מער, ווי ס׳איז בדרך־הטבע מעגלעך זי צו זען, מען פילט טיפער, ווי מען איז גע־ווינט צו פילן. אָן די דאָזיקע מעגלעכקייטן האָט די וועלט פאַר אַ פּאָעט קיין שום זינען נישט.

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו דעם חן פון איציק מאַנגערס לידער.

צונויפפּירנדיק פאַרשידענע צייטן האָט ער זיך אויך נישט אָפּגע־

שטעלט פון צונויפפירן נייס מיט אַלטס, פּשוטע ראַפינירטקייט מיט סתם פּשטות, ראַפינירטע נאַיִוויטעט מיט חכמה און פֿאָלקס־חכמה.

און דאָס האָט געשאַפן אַ מין גראָטעסקאַרטיקייט, וואָס איז אויך איינער פון די יסודות פון מאַנגערישן חן.

אָבער בעצם איז אַזאַ מין צוגאַנג צו פּאָעזיע נישט בכדי צו שאַפן חן, נאָר בכדי צו רעוואָלטירן. קונסט איז בכלל רעוואָלט, און פּאָעזיע אַוודאי און אַוודאי. אַ פּאָעט וואָס רעוואָלטירט נישט קאָן שאַפן לידער, אָבער באַ־שאַפט נישט קיין נייע לידער. און פון דעם שאַפן סתם לידער, נעמט זיך דאָס תוהו־ובוהו אין דער וועלט וואָס וויל אָנגיין פאַר פּאָעזיע, כאָטש זי איז עס נישט.

דעם פּאָעטס רעוואָלט פירט צו משונהדיקע אויספירן. אָט דאַכט זיך דיר, אַז דער פּאָעט האָט באַשאַפן שיינקייט בכדי דו זאָלסט דערפון געניסן, זאָגט גאָר דער פּאָעט פונקט דאָס פאַרקערטע:

גיי מיר נישט נאָך, מײַן חבר —
מײַן גיין איז אַ פאַרגיין;
הענג נישט דײַן יונגן גלויבן
אויף מײַן בלוי געוויין.

מײַן שיינקייט איז אַ מעסער,
וואָס שנײַדט אין האַרץ אַרײַן,
מײַן צער — צוויי בלויע ליפּן
איבער אַ קריגל ווײַן.

(מיט שטילע טריט)

שיינקייט אין פּאָעזיע איז נישט צום געניסן. פּונקט ווי אַ מיצווה איז נישט געגעבן געוואָרן הנאה צו האָבן פון איר, נאָר צו טאָן די מיצווה גופא, אַזוי איז שיינקייט אין פּאָעזיע געגעבן געוואָרן נאָר בכדי מקיים צו זיין די מיצווה פון פּאָעזיע, בכדי צו ציִען ווייטער די עלעגיע, וועלכע גייט איבער דער וועלט זינט מען האָט אָדם־הראשונען פאַרטריבן פון גן־עדן און וועט גיין ביז משיח וועט קומען, ביז דעם טאָג שכּולו פּאָעזיע.

מאַנגערס רעוואָלט איז פול מיט חן, ווייל דער יסוד פון זיין רעוואָלט איז אומעט, איז עלעגיע. און נאָך דאַרף מען זאָגן, אַז זיין חן איז אַ דורך און דורך יידישער חן. ער איז אויסגעהאָפטן פון סאַמע יידישע עלעמענטן:

פון מאַמע־צער, פון מיידלשן אומעט, פון זילבער און פון בלוי און פון פייגל־געזאַנג און פון נאָך אַזעלכע יידיש־נשמהדיקע מאַטעריעס.

אַ באַזונדערער חן ליגט אין דער דינקייט פון זיינע געפילן, אין די האַלבע טענער פון זיין געזאַנג, אין די פּאַסטעל־קאָלירן פון זיין געמעל, אין דער שטילקייט פון זיינע ווערטער און אין דער פשטות פון זיינע גראַמען.

כאָטש בדרך־כּלל בין איך קעגן ציטירן „שטיקלעך״ לידער, מוז איך אָבער מאַנגערן יאָ ציטירן. אין דעם פאַל איז מאַנגער דער אויסנאַם וואָס באַשטעטיקט דעם כּלל.

וויפל יידישער חן ליגט אין די פינף שורות פון זיין „די באַלאַדע פון די בלאָע קריגלעך״, אַ באַלאַדע, וואָס מאַנגער האָט זי געהייליקט דעם אָנדענק פון זיין מאַמען:

מיט בלאָע קריגלעך אין די מידע הענט
גייען ווײַסע מאַמעס בלייך דערשראָקן
אין זייער גיין דורכן טונקעלן דאָרף
איז ווי אַ גיין אין תשעה־באָב אין זאָקן —
און ס׳ציטערן די קריגלעך אין די מידע הענט.

מאַנגערס ווערטער זענען אַרויסגענומען דער יידישער שפּראַך פון סאַמע אונטערן האַרץ אַפער. פאַעטיש־יומטובדיק זענען זיי נישט צוליב זייער אייגענער אויסדערוויילטקייט, נאָר דערפאַר ווייל דער פאָעט, איציק מאַנגער, האָט זיי אויסדערוויילט פאַר זיינע לידער. זיינע חנען זענען נישט לשם קאָקעטעריע, נאָר דאָס איז אַ נאַטירלעכער חן פון טייל מאָל אַ צעשמייכלט, נאָר עפּטער פון אַן אָנגעברוגזט קינד. דאָס פאָעטישע געמיט פאַרראַט נישט מאַנגערן אויף קיין איין רגע, דעריבער איז די אַטמאָספער אַרום זיינע לידער שטענדיק אַ ריין פאָעטישע.

### 3. בענקשאַפט

די קונסט, און בתוכם די געשריבענע, האָט איר מקור אין בענקשאַפט, אין בענקשאַפט צו באַשאַפונג, וואָס דאָס איז גלייך צו דער בענקשאַפט צו נצחיות. בענקשאַפט איז דער מקור פון אַלע געביטן פון קונסט פאַר אַלע צייטן און פאַר אַלע פעלקער וואָס קולטיווירן קונסט. מען קאָן זאָגן, אַז

פאַר דעם קינסטלער איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן פון דער בענקשאַפט באַשאַפן צו ווערן. דאָס איז די קינסטלערישע הויפּט־הנחה. אין אָנהייב איז געווען די בענקשאַפט צו באַשאַפונג. יעדע באמת קינסטלערישע נשמה האָט איר שורש אין די ששת ימי המעשׂה. (די דאָזיקע קאָנצעפּציע, וועלכע איך האַלט אין דער קונסט פאַר אַ יסודותדיקע, האָב איך שוין ביי אַן אַנ־דערער געלעגנהייט אַרויסגעבראַכט).

ס׳איז שווער צו זאָגן, וויפל מאָל דאָס וואָרט בענקשאַפט טוט אַ פלאַ־טער אין מאַנגערס לידער. זעלטן פאַראַן ביי אים אַ ליד אין וועלכן דאָס וואָרט בענקשאַפט זאָל זיך נישט לאָזן הערן. און שטענדיק איז עס אַנדערש ניואַנסירט. די גאַמע פון בענקשאַפט איז בכלל אין קונסט די ברייטסטע פון אַלע אַנדערע, פון ליבע, גלויבן, האָפענונג, ייִאוש אאַז״וו.

ביי מאַנגערן איז בענקשאַפט אַ וועלט אַ גאַנצע. לויט אים קומט אויס, און דאָס איז וואָרער אמת, אַז די וועלט טוט גאָרנישט רק זי זיצט און בענקט.

ער האָט אָנגעהויבן באַנוצן דאָס וואָרט בענקשאַפט געוווג לאַנג נאָך דעם, ווי די נעאָראָמאַנטיקער האָבן געהאַט דאָס וואָרט אויסגענוצט אויף אַלע מעגלעכע און נישט־מעגלעכע אופנים. דאָס וואָרט (בענקשאַפט) האָט געהאַט פאַרלוירן יעדן ווערט און יעדן אַנזען. מאָדערניסטישע פּאָעטן האָבן זיך געשעמט מיט דעם וואָרט ווי מיט עפּעס אַ נחות־דרגא. דאָס דאָזיקע וואָרט איז געווען אויסגעריבן און ווערטלאָז, ווי אַ מטבע וועלכע מען האָט אַרויסגעצויגן פון אומלויף. אַדרבה, ווייזט מיר אַ דיכטער וואָס זאָל דע־מאָלט, אין די צוואַנציקער יאָרן, זיך נישט שעמען צו שרייבן אין זיינע לידער וועגן בענקשאַפט? (און נישט איינער שעמט זיך דאָס צו טאָן אַפילו ביים היינטיקן טאָג).

איציק מאַנגער האָט דאָס נחות־דרגאדיקע וואָרט אויפגעהויבן עד רום כל הפּאָעטישע מעלות. ער האָט דאָס דאָזיקע דעטראָניזירטע וואָרט צוריק אינטראָניזירט. ער האָט צוריק אָנגעפילט דאָס וואָרט בענקשאַפט פול מיט בענקשאַפט.

מאַנגערס בענקשאַפט איז אייגנטלעך: האָפענונג. אַז מען האָפט נישט — בענקט מען נישט, און אַז מען בענקט נישט — האָפט מען נישט. דאָס זענען צוויי זייטן פון דער זעלבער גאָלדענער מטבע. מאַנגערס אומעט איז זיס. ער האָט אין זיך די זיסקייט פון רייפקייט, פון אַ סך פאַרשטיין, און זיין פאַרשטיין איז משמע אַ סך דורכפילן. זיין אומעט איז אַפילו פריילעך, יעדן פאַלס קיין מאָל נישט ייִאוש. זיין אָרעמקייט איז רייך. ס׳איז דאָס

באַפרייען זיך פון עוֹל פון רייכקייט, אָבער נישט רעזיגנאַציע פון דער פרייד, וואָס רייכקייט קאָן פאַרשאַפן. זיין אָרעמקייט שמעקט מיט רחבות. נאָר אַ רייכער דיכטער קאָן זיך דערלויבן צו זיין אָרעם, פונקט ווי אַן אָרעמען דיכטער וועט גאַרנישט העלפן דאָס, וואָס ער וויל זיך בגוואַלד מאַכן רייך.

מאַנגערס העלדן גייען אָנגעטאָן אין דעם, וואָס גאָט האָט פאַר זיי באַשאַפן אין די ערשטע טעג פון בראשית און אין דעם, וואָס דער פּאָעט, דער קינסטלער האָט פאַר זיי באַשאַפן און באַשאַפט פאַר זיי יעדן טאָג, וואָס זענען במילא טעג פון בראשית. אין די קליידער פון זיינע העלדן זענען איינגעהאַפטן אמתע שטערן, אויף זיי שיט זיך דאָס גינגאָלד פון אַן אמתער זון, זייערע לייבער זענען איינגעהילט אין ווינט און אין פויגל־געזאַנג און אין סאַמעט און אין זיידנס. זייער אומעט איז ראָז, זייער בענק־שאַפט בלאָ, זייער ליבע עכט און טיף, סיי דעמאָלט ווען זי איז פאַראַן און אַפילו דעמאָלט ווען זי איז נאָר אַ חלום.

מיט פאַרמאַכטע אויגן
הערסטו נענטער דעם ים.
מיט פיבערדיקע פינגער
פילסטו גרינגער דעם גראָז.

די גאָלדענע פאַווע
דערקענסטו אין פלי.
און אַ בענקשאַפט ווערט שענער
ווען זי איז פון נישט־הי.

(די רייד פונעם שניידער-געזעלן נאָטע מאַנגער צום פּאָעט)

די בענקשאַפט פון נישט־הי, די בענקשאַפט נאָך נעכטיקע טעג, דאָס איז די שענסטע בענקשאַפט. נישט נאָכן קאָנקרעטן, נישט נאָכן באַשטימטן, נאָר בענקשאַפט דערפאַר, ווייל אַזאַ איז די נשמה פון פּאָעט וואָס בענקט. וואָס ווייטער, וואָס מער נישט־היגער, אַלץ שענער איז זי פאַרן פּאָעט, אַלץ שענער מאַכט זי די פּאָעזיע.

מאַנגערן גיט זיך איין אויף אַ פשוטן, רעאַליסטישן אופן אַרויסצו־באַקומען דאָס איבערנאַטירלעכע, דאָס מעטאַפיזישע. ער איז נישט קיין סורעאַליסט. סורעאַליזם ליגט אין די מיטלען מיט וועלכע דער קינסט־

לער וויל אַרויסברענגען זיין וויזיע. מאַנגער איז אַ מעטאַפיזיקער. ער באַ־קומט אַרויס זיין פּאָעטישע וויזיע אַ דאַנק זיין נשמהדיקייט, כאָטש ער באַנוצט זיך דערצו מיט רעאַליסטישע מיטלען. (אַן אויסנאַם זענען די חומש־ און מגילה־לידער, וואָס האָבן זיך זייער מעטאָד).

אין זיינע לידער טרעטן אַרויס די זעלבע מאָטיוון: שניידער־געזעלן, אַ בת־מלכּה, די גאָלדענע פּאַווע און אַנדערע. אָבער דאָס איז נישט קיין איבערחזרן זיך און אַוודאי איז עס נישט קיין מאַניעריזם. ס'איז אויך נישט דאָס וועלן ווייזן דעם זעלבן מאָטיוו פון אַן אַנדערער, פון אַ נייער זייט. ניין, מאַנגער איז נישט קיין ווייזער און נישט קיין באַווייזער. זיינע מאָטיוון „חזרן" זיך איבער אַזוי ווי „ס'חזרט" זיך איבער דאָס קלאַפּן פון אונדזער האַרץ, ווי איין קלאַפּ מאַכט נישט נאָך דעם צווייטן, נאָר ער קלאַפּט אויס דאָס לעבן, ער איז דאָס לעבן גופא. מאַנגער מאַכט נישט מיט דעם זעלבן מאָטיוו נאָך זיך אַליין, זיינע מאָטיוון זענען זיין אייביקע ליבע, וועלכע ער וועט קיין מאָל נישט פאַרראַטן, ווי ער וועט נישט קיין מאָל פאַרראַטן זיין פּאָעזיע.

נישט נאָר דאָס וואָרט בענקשאַפט האָט מאַנגער דערהויבן צו די העכסטע פּאָעטישע הייכן. ער האָט אַרויסגעהויבן פון פאַרגעסנקייט אַזעלכע ווערטער, ווי אומעט, באַדויער, חלום און נאָך ענלעכע. דעם גאַנצן ראָמאַנ־טישן און נעאָראָמאַנטישן רעקוויזיט האָט ער צוריק אויפגעלעבט, אַריינ־געבלאָזן אין די מכּלומרשט אָפּגעלעבטע ווערטער אַ נייעם פּאָעטישן רוח־חיים.

אָט אַזאַ איז דער כּוח פון אמתער, עכטער פּאָעזיע.

וואָרום פּאָעטישער נוסח, פּאָעטישער סטיל, ווי בכלל קינסטלערישער נוסח, קינסטלערישער אופן, איז נישט קיין זאַך, וועלכע מען קלייבט זיך אויס, נאָר אַן ענין פון גורל, פון באַשערטקייט. ווער ס'רעדט זיך איין, אַז ער קאָן שרייבן לויט אַ באַשטימטן סטיל, לויט די פאָדערונגען פון אַ גע־וויסער שרייבערישער שול, דער נאַרט זיך אַליין, אָדער דער איז גאָר קיין קינסטלער נישט. דער שאַפט שאַבלאָנען לויט אַ באַשטימטן שאַבלאָן, (מעג דער שאַבלאָן, לויט וועלכן ער שאַפט, זיין ווי קאָמפּליצירט). אַן אמתער קינסטלער שאַפט לויט דעם ווי עס איז אים באַשערט צו שאַפן. דער פאַר־זענלעכער גורל פון אַ קינסטלער איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון זיין שאַפן. און מעג קונסט באַדייטן קאַמף מיטן גורל, מעג דער קינסטלער נישט משלים זיין מיט זיין גורל און אַפילו אַריין אין אַ מלחמה מיט אים, ווערט אָבער דער קאַמף מיטן גורל אויך נאָר דורכן גורל דיקטירט.

קונסט איז טאַקע כּולה פרייהייט, אָבער קונסט ווערט דעטערמינירט פון פרייהייט, און דאָ ליגט דער גאַנצער פּאַראַדאָקס פון קונסט.

פאַראַן שרייבערס, נישט גראָד ביי יידן, וואָס רעדן איין אַנדערע און אויך זיך, אַז זיי שרייבן אין נוסח, לאָמיר אָננעמען, פון פּרוסט, צי פון קאַפקאַ. אויב דאָס איז נישט קיין באַוווסטזיניקע אָפּנאַרעריי, איז עס אין בעסטן פאַל אַ גראָבע נאַיִוויטעט. קאַפקאַס אופן פון שרייבן, און נישט נאָר דער אינהאַלט, איז דירעקט פאַרבונדן מיט זיין פּערזענלעכן גורל. זיין גורל האָט נישט דערלאָזט, אַז ער זאָל אַנדערש שרייבן ווי ער האָט געשריבן. מען קאָן מער אָדער ווייניקער געלונגען נאָכמאַכן זיין סטיל, אָבער זיין גורל קאָן מען נישט נאָכמאַכן. דעריבער קומט אויס, אַז דער גאַנצער קאַפקאַיִזם, אַחוץ קאַפקאַן גופא, איז נאָכמאַכונג. און נאָכמאַכונג איז נישט קיין קונסט. פאַרקערט, ס׳איז אַנטיקונסט.

ווען מען זאָל דווקא וועלן מאַנגערן פאַרבינדן מיט אַ פילאָסאָפישער שול, (ווי מען טוט דאָס, למשל, מיט קאַפקאַן), וואָלט מען אים לייכט גע־קאָנט פאַרבינדן מיט בערגסאָנס אינטויִציאָניזם, מיט זיין צוריקגיין צו דער מעטאַפיזיק. אָבער דאָס איז לחלוטין איבעריק. געווען גרויסע שריי־בערס, ווי פרידריך שילער, ווי איבסען, וואָס זענען דירעקט געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון פילאָסאָפישע שולן. אָבער בדרך־כּלל זענען סיי דער דיכטער, דער קינסטלער, סיי דער פילאָסאָף, אויסדריקער פון דער זעלבער מחשבה, פון דעם זעלבן געפיל, נאָר יעדער אויף זיין אופן, וואָס פילט אויס די גייסטיקע אַטמאָספער פון זיין צייט. כאָטש נישט דער דיכ־טער, נישט דער קינסטלער און נישט דער פילאָסאָף קאָנען גאַרנישט וויסן פון דער דאָזיקער בשותּפותדיקייט זייערער.

מאַנגערס גורל איז דער גורל פון אַ פּאָעט אַ זינגער. אים איז באַשערט געווען צו זיין, אין זיין צייט, דער איינציקער זינגער צווישן אונדזערע פּאָעטן. ער האָט אויסגעזונגען ברייט־יידישן נוסח מיט גרויס יידיש געפיל. אים איז אויך באַשערט געווען מיט אַ ביטערער באַשערטקייט צו זיין דער לעצטער זינגער פון אַ מיליאָניקער עדה, וועלכע האָט אויפגענומען זיין געזאַנג, ווען אַליין האָט זי זיך שוין געפונען אויפן ראַנד פון אומקום.

איז מיר באַשערט צו זיין דער לעצטער זינגער
פון אַן אויסגעשמטער עדה?
טונקען אין קברים־גראָז מיינע פינגער,
אַרום דער גרויסער יידישער עקדה?

יחיאל האָפער

מזל מײַנס, פאַרשאָלטנס, האָסט צעצוויטעט דעם פרילינג
איבערן קדיש פון מײַנע ליפּן.
צעפלאַטערט, די פייגל מיט זייער טרילי־לינג,
זיי זאָלן פון מײַן טרערן־בעכער זיפּן.

(מיין שינאה-ליד. געשריבן אין יאָר 1943)

## 4. סביבה

נישט קיין זינגער אין קעניגלעכע אָדער פירשטלעכע הייפן, נישט קיין זינגער ביי ריטער, ביי הערשער פון גרויסע לאַטיפונדיעס, נייערט זין און אייניקלעך פון די בראָדער־זינגער, שניידער־געזעלן, שפּיליונגען, פרייע, פריילעכע, רייכע קבצנים, קינדער פון מאָגערער און פון פעטער גאַליציע־בעסאַראַבישער ערד, פון אָרעמע אָבער יום־טובדיקע היימען, זיי זענען אונדזערע מייסטער־זינגער, אונדזערע טרובאַדורן.

איציק מאַנגער איז אַן אָפּשטאַמלינג פון זיי, ער איז אַ קינד פון זיי. ער האָט פון זיי איבערגענומען די בענקשאַפט, ער האָט פונאַנדערגעזונגען זייער ליד.

פון דער שטוב פון דעם פריילעכן שניידער־מייסטער, הלל מאַנגער, פון זיין ברודער, דעם טיפן פּאָעזיע־ווייסער, נאָטע מאַנגער, פון דער גאַנ־צער סביבה זיינער, פון די ווינקעלערס ווו מען האָט געצויגן פון גלעזל וויין און פאַרצויגן מיט אַ ליד, אָט פון דאָרט האָט איציק מאַנגער געירשנט דאָס פינטעלע ליד. דאָס פינטעלע ליד איז זיך אויף אונדזערע אויגן פונ־אַנדערגעוואַקסן, געריסן ברעגעס מיטן כּוח פון זיין, מאַנגערס, פּאָעטישן כּוח, פון זיין פאַרליבטקייט אין יידישן לשון מיט אַלע זיינע חנען פון רייכער, נייער אַלטמאָדישקייט.

ער, דער וואַגאַבונד, ער, דער בן־בית אין אַלע פּאָעזיעס פון אַלע פעלקער, ער, איציק מאַנגער, איז דער צום מיינסטן באַזעסענער אין יידיש יידישער פּאָעט.

באַזעסנקייט אין אַ שפּראַך הייסט נישט גרייכן צו אירע שפּיצן, נאָר גרייכן צו אירע וואָרצלען; באַזעסנקייט הייסט נישט די שפּראַך פאַרמערן, נאָר קודם־כּל זי באַגערן, מיט אַ גרויס, הייס באַגער; באַזעסנקייט הייסט נישט זיין אַ פּזרן, נאָר ציטערן איבער יעדעס וואָרט, ווי איבער אַן אייגן קינד; באַזעסנקייט אין אַ שפּראַך הייסט אָנפילן יעדעס וואָרט מיט איינ־

האַלט, אַז קיין איין וואָרט, אַפילו דאָס קלענסטע און דאָס פּשוטסטע, זאָל נישט בלייבן ליידיק און נישט אויסגיין פון הונגער נאָך תּוכן.

איציק מאַנגער האָט מקיים געווען אַלע מיצוות פון באַזעסנקייט פון יידישן לשון (יישוב לשון יידיש), ער גרייכט צו די וואָרצלען פון דער יידישער שפּראַך, ער באַגערט זי מיט אַ הייס באַגער, ער ציטערט איבער יעדעס וואָרט און פילט אָן יעדעס וואָרט מיט אינהאַלט, מיט געפיל און געדאַנק.

כ׳וואָלט געזאָגט, אַז דאָס אַלץ זענען אַטריבוטן פון ריינער נאַציאָנאַ־לער דיכטונג, ווען די באַצייכענונג „נאַציאָנאַלע דיכטונג״ וואָלט ביי אונדז נישט געוואָרן אַזוי אָפט באַנוצט.

ווען מאַנגער איז געקומען קיין פּוילן איז ער שוין געווען אַ רייפער פּאָעט, שוין פאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפטן פון זיין אייגנאַרטיקן טאַלאַנט. די פּילפּאַרביקע, דינאַמישע, דריי־מיליאָנענדיקע יידישע עדה אין פּוילן האָט אים פאַרבליפט, ער איז געווען אויסער זיך פון איר. אָבער זיין אויסער־זיכקייט האָט אים נישט אַרויסגעפירט פון די פּאָעטישע כלים, נאָר אים אַריינגעפירט אין זיי.

דער פּוילישער פּעריאָד איז געווען דער פּרוכטיקסטער און דער גרעס־טער אין מאַנגערס פּאָעטישן שאַפן. זעלטן ווען פון אונדזערע דיכטער איז דאָס יידישע פאָלק אַזוי מוראדיק אומגעקומען, ווי אים, איציק מאַנגערן.

מען פילט דאָס אין זיין זעלטן ליד, אין זיין געמיט, אין זיין יעדעס וואָרט, וואָס קומט אַפילו דורך די סאַמע פּריוואַטע וועגן.

ווייל מאַנגער איז אַ דיכטער פון סביבה. ער איז אַן איינזאַמער דיכ־טער, אָבער נישט קיין דיכטער פון איינזאַמקייט. ער איז נישט פון די וואָס האָבן נאָכגעזאָגט: „פאַר זיך און פאַר די מוזעס זינג איך״. ער זינגט פאַרן פאָלק.

און ווען דאָס פאָלק איז אומגעקומען האָט מאַנגער אין איין פּערצן־שורהדיק ליד, אין אַן איינציקן סאָנעט, זיך געספּראָוועט מיט גאָט און אים אויף אייביק אויסגעמעקט „פון דער עדה אמתע אוהבי ישׂראל״:

ר׳ משה לייב פון סאַסאָוו טייטלט אויף די הויפנס אַש,
(דער שטורעם האָט אָקאָרשט דורכגעוויטערט)
זיין באָרד ציטערט, זיין לייב און לעבן ביטערט:
— „נאַ, נעם און זע, אַך גאָטעניו טי נאַש״.

## יחיאל האָפּער

ר׳ וואָלף פון זבאַראַזש מורמלט: „הערט, רבותי, הערט!״
(זיַין קול, איז ווי אַן אָונטפּידל מיד)
— „דער אייבערשטער האָט זיַין וויַינגאָרטן נישט אָפּגעהיט,
אַ סימן: אָט די הפקר־הויפנס אויף דער ערד״.

ר׳ מאירל פון פּרעמישלאַן אויף דעם אַלטן שטעקן אָנגעשפּאַרט
שטייט און וואַרט, פּיבערדיק און צער׳ט:
„רבותי, לאָמיר זאָגן אַלע אויף אַ קול:

באַשאַפער פון די וועלטן, דו ביסט מאַכטיק, מוראדיק און גרויס,
נאָר מיר די גאַליציאַנער מעקן דיך אויף אייביק אויס,
פון דער עדה אמתע „אוהבי־ישׂראל״.

(די אוהבי-ישראל ביים טויטן-לאַגער בעלזשעץ)

אָבער גאָט האָט די אוהבי־ישׂראל, און די פּאָעטישע בתוכם, קיין מאָל נישט געקאָנט אויסמעקן...

אין איצטיקן חודש פון איצטיקן יאָר, אין חודש מאַי ניינצן־הונדערט איין און זעכציק, ווערט איציק מאַנגער זעכציק יאָר. לכּבוד דעם גרויסן יום־טוב דערשיינט אין ניו־יאָרק זיינס אַ בוך פּראָזע פון 530 זייטן.

זיין פּראָזע איז אַ מאַנגערישע פּראָזע. זי איז אַנדערש אין אופן און אין אינהאַלט פון אַלע אַנדערע מינים פּראָזע, וועלכע מען שרייבט ביי אונדז און אין דער וועלט.

ווען דאָס בוך וועט דערשיינען וועל איך האָפנטלעך צוריקקומען צו אים. ווייל מאַנגער איז אַ וואָרטשאַפער צו וועלכן מען וויל אָפט צוריקגיין, מען וויל אים נאָכגיין און נאָך אַ מאָל איבערגיין.

זיין נאָמען איז געוואַלדיק פּאָפּולער און זיין דיכטונג איז שטאַרק באַליבט ביי אַלע. אַפילו ביי די, וואָס האָבן אַ וווייטן שייכות צו פּאָעזיע, און אַפילו ביי די, וואָס האָבן אין גאַנצן נישט קיין שייכות צו פּאָעזיע. ווייל דאָרט ווו ס׳דערגייט נישט זיין ליד, דערגייט אַן עכאָ פון זיין ליד.

אָבער ספּעציעל איז ער באַליבט ביים שארית הפליטה פון די חורבן־יידן און ביי דעם שארית הפליטה פון די, ביי וועמען יידיש לשון איז גע־ווען אַ מאָל אַזוי טייער.

כאָטש מאַנגער איז אַ פּאָעטישער וועלטנאָמען און מען קען אים גוט אין דער גאַנצער גרויסער פּאָעטישער וועלט, כאָטש מען טוט אים אָן גרויסע כּיבודים און מען נעמט אים אויף מיט קעניגלעכן פּאַראַד, באַקומט אים נישט נישט זיין פּאָפּולאַריטעט און נישט די כּיבודים, ווייל ער ווייטיקט מוראדיק איבערן שווערן מצב פון דעם יידישן לשון. איך זע אים שטיין אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט אין זיין ניו־יאָרקער חדר־מיוחד און דורך די פאַרקריצטע ציין זאָגן: — אַ פאָלק וואָס פאַרגעסט, אַ פאָלק וואָס מעקט אויס זיין לשון, מעקט נאָך אַ מאָל אויס זיין אומגעקומענע עדה.

אָבער איציק מאַנגער אַליין בלייבט דער פאַרליבטער אין דער יידישער שפּראַך און אין דער יידישער פּאָעזיע. ווייל ווען ער האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אין פּאָעזיע, האָט ער צו יידיש געזאָגט די ווערטער פון יהושע הנביא: — „וארשתיך לי לעולם" — און איך וועל דיך פאַרקנסן צו זיך אויף אייביק...

„די גאָלדענע קייט", נר׳ 40

# איציק מאַנגער דער פֿאָלקסדיכטער

גאָט כּביכול איז גרויס
הײַנט פּונקט ווי אַמאָל.
נישט ווײַל ער דונערט אין הימל,
נאָר ווײַל ער כליפּעט אין טאָל.

אַז וויל איז צו דעם
וואָס האָט דאָס כליפּען דערהערט.
דיר איז אַזאַ הערונג
געווען באַשערט."

(די רייד פון שניידער-געזעלן נאָטע מאַנגער צום פּאָעט)

ס'איז באַשערט געווען דעם שניידער-געזעלן נאָטע מאַנגער צו זיצן ביים לאַנגן טיש פון זיין טאַטן, „זיין עקסעלענץ, דעם שניידער-מייסטער הלל מאַנגער", און נייען מיט דער נאָדל דאָס, וואָס דער טאַטע האָט מיט דער שניידערישער שער פאַר אים צוגעשניטן, און ס'איז באַשערט געווען זיין, בסך־הכל עלטערן מיט צוויי יאָר, ברודער איציקן — אויסצושניידן מיט זיין דיכטערישער שער די געזאַנגען פאַר זיין צעשפּרייט און צעזייט יידיש פאָלק.

כ'וועל זיך נישט אונטערנעמען דאָ, אויף דעם אָרט, צו דעפינירן: — באַשערטקייט, אָבער אין דעם אויבן־געבראַכטן מאַנגערישן זאָג (ציטאַט) פילט זיך אַרויס זיין פאָלקס־דיכטערישע באַשטימטקייט און גורלדיקייט.

ס'גייען מיר כּסדר נאָך צוויי שורות פון מאַנגערס אַ סאָנעט א"נ: „איך אַליין", („וואַלקנס איבערן דאַך"):

און רײַטנדיק גאַלאָפּ בין איך פאַרפאָרן העט, העט, העט,
ווו די שיינקייט ווישט די טרערן אָפּ פון אַלע צערן.

שיינקייט, וואָס ווישט אָפּ די טרערן פון אַלע צערן — דאָס איז איציק מאַנגער. דיכטערישע אידייע און דיכטערישער גורל. ווען איך וואָלט זיך באַנוצט מיט דער טערמינאָלאָגיע פון חסידיזם, וואָלט איך געזאָגט, אַז מאַנגער איז אַ חב״דניק אין דער יידישער פּאָעזיע. דער חב״ד פאַרשטייט דעם „אין עוד מלבדו״ נישט, אַז אַחוץ אונדזער גאָט איז קיין אַנדערער גאָט נישט פאַראַן אויף דער וועלט, נאָר אַז אַחוץ גאָט איז בכלל גאָרנישט פאַראַן. דאָס איז דער פּאַנטעיִזם. יעדע זאַך און יעדע באַשעפעניש איז נאָר אַן עמאַנאַציע פון דער געטלעכקייט, וואָס אַחוץ איר איז גאָרנישט בנימצא אויף דער וועלט. מאַנגער לעבט אין אַ פּאַנטעיסטישער אידייע, ער האָט אַ פּאַנטעאָטישע וועלט־אַנשויונג און איינשטעלונג. גאָרנישט איז אין דער געפילסוועלט פון אַ פאָלק פאַראַן אַחוץ פּאָעזיע. אַלע צערן און אַלע פריידן פון פאָלק קאָנען אויפגעלייזט און אויסגעלייזט ווערן דורך דער פּאַנטעאָטישער וויזיע, וואָס מאַנגער טראָגט אין זיך. דעריבער קאָן מאַנגער אויף קיין איין מינוט נישט אויפהערן צו זיין אַ דיכטער, ווייל אַזעלכער איז זיין פּאָעטישער גורל אויף דער וועלט, דער גורל פון אַ יידישן פאָלקסדיכטער.

איציק מאַנגער איז פאַרבונדן, צוגעבונדן, פאַרפלאָכטן מיט דער סאַ־מער געדיכטעניש פון די פאָלקסמאַסן, וואָס פון זיי שטאַמט ער. און נישט נאָר מיט די פאָלקסמאַסן, נאָר ער איז נאָך אַפילו פאַרבונדן מיט זיין אָפּ־שטאַמס־באַרוף (וואָס פון דעם איז ער אַזוי ווייט). ס'איז אינטערעסאַנט דער שניידער־מאָטיוו, וואָס חזרט זיך אַזוי אָפט איבער ביי מאַנגערן אין זיין פּאָעזיע. נישט דער שניידער־מאָטיוו פאַרפאָלגט מאַנגערן, ווייל ער איז, ווי טייל קאָנען מיינען, פאַרבונדן עפּעס ביי אים מיט אַ קאָמפּלעקס, נאָר מאַנגער פאַרפאָלגט בפירוש דעם שניידער־מאָטיוו. ער איז אין אים פאַר־ליבט. ער גייט אים כסדר נאָך, וואַריאירט אים, ער וויברירט ממש אַזוי מיטן מאָטיוו, אַז ער הייבט אַזש אָן קרייזן אין אײַער פאַנטאַזיע און איר ווערט פון אים פאַרשיכורט. אין דער באַלאַדע: „דער שניידער־געזעלן נאָטע מאַנגער זינגט פון דער גאָלדענער פאַווע״ — זינגט די גאָלדענע פאַווע:

איינס און איינס איז צוויי.
אין זכות פון די שניידער־געזעלן
פלי איך שנעלער פון זיי —

אין זכות פון די שניידער־געזעלן געווינט די גאָלדענע פּאַווע דעם געווער מיטן קייזער פראַנץ־יאָזעף. אויך אין דער „באַלאַדע פון נאָטע מאַנגער דעם שניידער־יונג און דער שיינער גראַפינע פון דופּצע" זאָגט דער פּאָעט:

און איצט ביי נאַכט ביים וואַרשטאַט
טראַכט איך מיט טרערן אין בליק:
צוליב אַ נאָדל־פאָדים
האָב אוך פאַרשפּילט מיין גליק.

מיינט ער אפשר טאָקע זיין ברודער נאָטע, אָבער קיין מאָל נישט זיך. וועגן זיך זאָגט ער:

און וואָלט איך געווען אַ שניידער
וואָלט איך געפלויגן צו דיר
און מיט מיין גאָלדענעם פינגערהוט
אָנגעקלאַפּט אין דיין טיר.

(„זאַג, מלכהלע די שיינע")

דריי מאָטיוון ווערן אָפּט וואַריאירט ביי מאַנגערן, דאָס זענען: דער שניידער־געזעלן, די גאָלדענע פּאַווע, און דאָס ווייסע ציגעלע. דאָס דערמאָנט די מאָטיוון וואָס חזרן זיך אַזוי אָפּט איבער ביי שאַגאַלן, למשל: חתן־כלה אונטער דער חופּה, די ציג, דער האָן און די קאָנטורן פון שאַגאַלס געבוירנשטאָט, וויטעבסק. די מאָטיוון (דער עיקר: חתן־כלה) הייבן זיך אין ערגעץ נישט אָן און ענדיקן זיך אין ערעגץ נישט. ביי דער גאַנצער ראַפינירטקייט בייביידע קינסטלער (שאַגאַל און מאַנגער) דערמאָנט דאָס איבערחזרן די מאָטיוון אין דער פאָלקסשאַפונג (און אפשר נעמען זיי זייער מקור פון דער פאָלקסשאַפונג), ווו דאָס גאַנצע ליד (צי צייכענונג) גראַווי־טירט צום רעפרען (אָדער צו דער הויפּטליניע); ווען מע הערט זיך צו צו אַ פאָלקסליד, דאַכט זיך, אַז ס'ווילט זיך וואָס שנעלער אַריבערהיפּערן די איינצלנע סטראָפן און וואָס שנעלער צוקומען צום רעפרען. דאָס איז נישט פרימיטיוויטעט, אָדער גאָר פּאַטאָלאָגישע פערסעווראַציע, נאָר פאַרקערט, עפּעס אַ פּאָעטישע פאַרטראָגנקייט, וואָס וויל זיך אין דיר איינהילן, אָדער

וואָס וויל, אַז דו זאָלסט זיך אין איר איינהילן; דאָס איז אַ רעליגיעז געפיל, וואָס וויל דיך באַהערשן מיט זיין אויסשליסלעכקייט און איינציקייט, (אַחדי־קייט). אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין דאָס, וואָס ס'האָט געמיינט ר' נחמן בראַסלאַווער ווען ער האָט געזאָגט, אַז אַ ייד דאַרף האָבן איין גאָט, איין ווייב און איין ניגון.

איציק מאַנגער איז אַזוי שטאַרק אינדיווידועל אין זיינע פּאָעטישע שאַפונגען, אַז זיי (די שאַפונגען) רייסן זיך אַרויס פון די אינדיווידועלע ראַמען, זיי קאָנען אין זיי נישט בלייבן נאָר מוזן אָננעמען די ראַמען פון פאָלקסשאַפונגען. דאָס נאָר־וואָס געזאָגטע איז נישט קיין פּאַראַדאָקס, פּונקט ווי ס'איז נישט קיין פּאַראַדאָקס, אַז די אינדיווידועלע עלעמענטן און די פאָלקס־עלעמענטן אין מאַנגערס לידער, זענען זיך אונטערטעניק און איינ־צייטיק דאָמינירט יעדער באַזונדערער עלעמענט איבערן צווייטן. דאָס קאָנען אונטערטעניק זיין און איינצייטיק דאָמינירן פון איין קינסטלערישן עלעמענט איבערן צווייטן אין איין און דעם זעלבן ווערק, איז דער סימן מובהק פון קינסטלערישער פּערפעקציע. דאָס איז אויך דער אייגנטלעכער יסוד פון יעדער האַרמאָניע, אַזוי אין דער מוזיק, מאָלעריי, דיכטונג, אין סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן אאַז"וו.

פון דאַנען איז איין טריט צו נאָך אַ פעסטשטעלונג: נאַציאָנאַלע שאַ־פונגען זענען טאָטאַל אין פּאָזיטיוון זין פונעם וואָרט, און די פאָלקסשאַפונגען זענען, ביי זייער אוניווערסאַלישקייט, אינדיווידועל. ווייל דער נאַציאָנאַלער דיכטער זעט דעם יחיד דורך דער פּריזמע פון כּלל (פאָלק) און דער פאָלקסדיכטער זעט דעם כּלל (פאָלק) דורך דער פּריזמע פון יחיד.

ווען נאָך אַלע אויבן־געבראַכטע סימנים וואָלט איר פון מיר נאָך אַלץ געפאָדערט אַ קלאָרע דעפיניציע פאַר וואָס איך האַלט מאַנגערן פאַר אַ פאָלקסדיכטער — וואָלט איך אייך געענטפערט: ווייל מאַנגערס קינסטלע־רישע רעאַקציעס זענען צילבאַוווסטזיניק איינגעשטעלט און געווענדט צו דער אורשפּרונגלעכקייט. כ'וועל דאָס מפרש זיין אַזוי: ווען מאַנגער וויל אויסזינגען אַ געמיט־צושטאַנד, ווען ער וויל אַנטפּלעקן אַ געפיל, ווען ער וויל ווייזן אַ בילד — שטעלט ער קודם־כּל זיך אַליין די פראַגע: ווי אַזוי וואָלט דער פאָלקסמענטש עס אויפגענומען? ווי אַזוי וואָלט עס דער פאָלקס־מענטש זיך פאַרטייטשט? ווי אַזוי וואָלט עס דער פאָלקסמענטש אַרויסגע־זאָגט, ווי אַזוי וואָלט ער דאָס אַנטפּלעקט און געוויזן? און טוען טוט ער דאָס מאַנגער דערפאַר, ווייל די פאָלקסשפּראַך איז אַ בילדערישע, ווייל די פאָלקס־פאַנטאַזיע איז אַ גלויביקע און דאָס שטימט מיט מאַנגערס וויזואַ־

ליטעט, זיין באַלאַדישקייט, זיין גאַנצער פּאַנענפּאָעטישער וועלט־אויפפאַסונג. די מאַנגערישע קינסטלערישע צילבאַוווסטזיניקייט מאַכט דעם דאָזיקן ראַ־פינירטן און איינצייטיק פּאָלקספּאָעט, באַליבט און פּאָפּולער סיי ביים פּאָלקסמענטש, סיי ביים ראַפינירטן פּאָעזיע־לייענער.

ווען איציק מאַנגער איז בשעתו געקומען פון רומעניע קיין פוילן, איז ער געטריבן געוואָרן פון דער בענקשאַפט צו זיין, צו לעבן אין נאָך אַ גרעסערער, אין נאָך אַ געדיכטערער פּאָלקסמאַסע, ווי אין רומעניע.

ער האָט געפילט און פאַרשטאַנען, אַז וואָס העכער עס קלינגט דער ריטם פון פאָלק, די אינערלעכע מוזיק זיינע — אַלץ דינער און פּרעציעזער קאָן דער דאָזיקער געזאַנג איבערגעגעבן ווערן דורך דעם פּאָעט אין זיינע שאַפונגען. וואָס דיקער עס איז דער פּאָלקסשיכט, אַלץ דאַנקבאַרער די אויפגאַבע פון אויסשיילן פון איר דאָס דינע, דאָס קערנדיקע, דאָס שעפע־רישע. ביי פּאָלקסשאַפונג, ביי דער פּאָלקסקונסט איז גילטיק דאָס געזעץ, אַז דער כמות גייט איבער אין איכות (דאָס דאָזיקע געזעץ איז נישט חל אויף ריין־אינדיווידואַליסטישער קונסט).

איציק מאַנגער איז געקומען אין דער יידישער פּאָעזיע אָנגעגורט מיטן רייפן טאַלאַנט פון קאָנען ציזעלירן יעדעס געפיל, יעדן ניואַנס פון פּאָלקס־געפיל.

אין דער קאָמפּאָזיציע פון זיין ליד האָט מאַנגער איינגעוועבט דעם אייביקן ייד, וואָס גייט דורך דורות און וואָס אין יעדער שעה, וואָס פאַר־גייט אַזוי שנעל, איז ער אייביק. דעם ייד פון שטענדיק און פון אומעטום. דעם ייד וואָס האָט געלעבט אויסער דער צייט, למעלה מן הזמן. דעם ייד, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ געבויגענער פּלייצע איבער די קרומע דעכלעך פון קליינעם שטעטל — ביז צום הימל. די יידן האָט מאַנגער באַזונגען אין זיינע לידער, דערפאַר זענען זיי, ביי זייער גאַנצער אינדיווידועלקייט געוואָרן פּאָלקסלידער. דאָס איז מאַנגערס גרויסער אידעיִשער און קינסט־לערישער זיג.

דאָס פאָלק האָט מאַנגערן באַרייכערט מיט פאַנטאַזיע, קאָלאָריט, ביל־דערישקייט, נגינה, מיט לייד און מיט פרייד, און מאַנגער איז זיין יידיש פּאָלק גאָרנישט שולדיק געבליבן. ער האָט דעם פּאָלק צוריקגעצאָלט מיט אַ ברייטער האַנט, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַזאַ רייכן דיכטער.

וואָס וועט איציק מאַנגער, דער יידישער פּאָלקסדיכטער, דער לעצטער טרובאַדור ביי אונדז יידן, טאָן — וועלן אַ סך פרעגן, אָן דעם פּוילישן

יידנטום, וואָס איז פֿאַרשניטן געוואָרן? אָן זיין יידישן וואַרשע, וואָס וועט שוין מער נישט זיין?

ווי שוין געזאָגט, איז ווען אַ פֿאָלק גייט אַוועק, קומט אום, לאָזט עס איבער זיין גייסטיקע ירושה דעם דיכטער. אַחוץ דעם וועט מאַנגערס שטאַרקע דיכטערישע פּערזענלעכקייט אים אַרויסהעלפֿן, ער זאָל קאָנען אין זיין פֿאַנטאַזיע רעסטאַווּרירן דעם יידישן פּאָעטישן אַמאָל. מאַנגערס „אַמאָ־ליק" ליד, דאָס וואָס ער האָט געשאַפֿן און דאָס וואָס ער וועט, לאָמיר האָפֿן, נאָך שאַפֿן, וועט קלינגען דורך דורות און אין אַלע ווינקלען ווו ס׳קלאַפּט און ווו ס׳וועט קלאַפּן אַ יידיש האַרץ, ווו מען הערט און ווו מען וועט הערן אַ יידיש וואָרט.

אַגב, איציק מאַנגער האָט אַליין באַשטימט זיין וויטערן וועג ווי אַ דיכטער אינעם ליד „אָנזאָג", געשריבן אין יאָר 1942.

„ווּהין מײַן פֿאָלקסליד?"
דורך נויט און טויט און טרויער
צום אייביק יידישן דויער!

איז וועמען נעמט מען מיט?"
„אונדזערע געווינער און פֿאַרלירער
אונדזערע טרוימער און מאַרטירער
אונדזער נביא און אונדזער שמיד".
און דורך טרערן נישט־ווערן צום ווערן
דורך געטאָווענט צו די שטערן..."

„צוקונפֿט"

# איציק מאַנגער — דער פּראָזאַיקער

צום דערשײַנען פֿון זײַן פּראָזעבוך:

„נאָענטע געשטאַלטן און אַנדערע שריפֿטן"

די קוואַליטעט פֿון פּאָעזיע איז אָפּהענגיק דערפֿון, וויפֿל קאָן זי אין זיך אַבסאָרבירן פּראָזאַישע עלעמענטן — און דאָך בלייבן ריינע פּאָעזיע.

די גרייס און ברייט פֿון פֿאַנטאַזיע איז אָפּהענגיק דערפֿון, וויפֿל האָט זי אין זיך אַבסאָרבירטווירקלעכקייט־עלעמענטן, וויפֿל זענען אין איר פֿאַראַן רעאַליסטישע מאָטיוון און פֿאַקטן. דאָס געזאָגטע איז אַגב אויך נאָענט צו דער וויסנשאַפֿטלעכער קאָנצעפּציע פֿון פֿאַנטאַזיע.

די ווערט פֿון פּראָזע ווערט געשאַצט מיט דער מאָס פֿון אירע פּאָעטי־שע עלעמענטן: וויפֿל פּאָעזיע פֿאַרמאָגט אין זיך אַ פּראָזאַיִש ווערק — און דאָך זאָל איר קינסטלערישע סובסטאַנץ בלייבן אַ פּראָזאַיִשע, מיט דער גאַנצער רחבותדיקייט פֿון אמתער, פֿולער און יוסטער פּראָזע.

דאָס אויבן געזאָגטע אין שייכות צו פּאָעזיע איז נישט קיין געזעץ, ווי ס׳גילטן בכלל נישט קיין געזעצן אין פּאָעזיע. דאָס קאָן זיך נישט באַ־ציִען, למשל, צו סלאָוואַצקיס דער גײַסט — דער מלך, אָדער צו בלעיקס מיסטישע לידער. אָבער וואָס שייך פֿאַנטאַזיע און פּראָזע, איז דאָס אויבן געזאָגטע אַ חוק בל יעבור.

אָבער אַפֿילו אין שייכות צו פּאָעזיע איז דאָס אויבן געזאָגטע אויב נישט אַ געזעץ, איז עס, לכל־הפּחות, כמעט ווי אַ געזעץ. עס האָט זייער אַ גוטן שייכות צו איציק מאַנגערס פּאָעזיע גופא.

ביי איר גאַנצער בלויער הימלישקייט, ביי איר באַלאַדיסטישער פֿאַנ־טאַסטישקייט פֿאַרמאָגט זיין פּאָעזיע אָן אַ שיעור פּראָזאַיִשע עלעמענטן. נאָר אין זיין גרויסן פּאָעטישן טאַלאַנט און אין זיין דורך און דורך פּאָע־טישער פּערזענלעכקייט ליגט זיין כּוח, וואָס טוט פֿאַרוואַנדלען די פּראָזאַיִשע עלעמענטן אין פּאָעטיש גינגאָלד.

ביי דער גאַנצער ראָמאַנטישער פּאַרווייַעטקייט, איז מאַנגערס פּאָעזיע אַ געזונטע, ווייל זי האָט אין זיך דעם געזונטן פֿאָלקסקערן. טייל פֿון זיינע לידער פֿאַרמאָגן דעם שטאַרקן קערן פֿון אַ פֿאָלקסליד. זיין אַבסאָרבציע־כּוח איז גרויס, און דאָס האָט אים געגעבן ברייטע און טיפֿע פּאָעטישע מעגלעכקייטן.

דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן זיין פּראָזע. יעדע געשטאַלט, געשיל־דערט דורך אים — איז אַ פֿאָלקסגעשטאַלט, זייערע מעשׂים זענען פֿאָלקס־מעשׂים. טייל מאַנגערס מעשׂיות האָבן אַ מוסר־השׂכּל. אַ מוסר־השׂכּל פֿאַרן פּשוטן מענטש, פֿאַר דעם פּשוטן מאַנסביל און פֿאַר דער פּשוטער פֿרוי. און אויב זיי זענען פֿאַרן פּשוטן מענטש, זענען זיי על אחת כּמה וכּמה פֿאַרן נישט־פּשוטן מענטש. אין קונסט איז אָפּט מאָל די היעראַרכיע אַ פֿאַרקערטע, ווי אין געוויינטלעכן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

די העלדן פֿון מאַנגערס נאָענטע געשטאַלטן מיִען זיך אַלע פֿאַרן פֿאָלק, צי איז דאָס ד״ר שלמה עטינגער, צי הערשעלע אָסטראָפּאָלער, יעדער טוט עס אויף זיין שטייגער. אויך מאַנגערס דאָס בוך פֿון גן־עדן, ווו ער מאַכט פֿון מלאכים און צדיקים פּשוטע בשׂר־ודמס, איז אַ פּראָטעסט פֿון אַ פֿאָלקס־שרייבער, אַ רעבעל, קעגן דער פֿאַרריסענער הימלקראַטיע.

אַזוי ווי זיין פּאָעזיע פֿאַרמאָגט אין זיך אַ סך פּראָזאַישע עלעמענטן און בלייבט דערביי, צי טאַקע דערפֿאַר, ריינע פּאָעזיע, אַזוי פֿאַרמאָגט זיין פּראָזע אַן אַ שיעור פּאָעטישע עלעמענטן און בלייבט דערצו, צי טאַקע דערפֿאַר, ריינע פּראָזע, מיט איר פֿאַרנעם, מיטן ברייטן שמיר, מיט דער מעגלעכקייט אַ שווים צו טאָן, אַ שווים צו טאָן אין ווייטן עבר און אַרויס־צוברענגען פֿון דאָרט נאָענטע געשטאַלטן. אַ פֿלי צו טאָן פֿון הימל אויף דער ערד און, פֿאַרקערט, פֿון דער ערד צום הימל.

בּכלל איז נישט פֿאַראַן קיין גוטע פּראָזע אָן פּאָעטישע עלעמענטן. אַפֿילו די נאַטוראַליסטישע פּראָזע פֿון עמיל זאָלאַ איז פֿול מיט פּאָעטישער וויזיע. אַנדערש וואָלט דער שעפֿערישער פּענאָמען עמיל זאָלאַ גאָרנישט געקאָנט געמאָלט זיין. עס וואָלט אויך נישט מעגלעך געווען זיין גוואַלדיקע השפּעה אויף זיין דור. קאָנסטרוקטיווע, צי עקספּערימענטאַלע פּראָזע קאָן פֿאַראינטערעסירן, אָבער זי קאָן נישט משפּיע זיין. אַזאַ פּראָזע איז אַ גוף אָן אַ נשמה, אָדער ריכטיקער, אַ סקעלעט אָן בלוט און פֿלייש.

איציק מאַנגערס פּראָזע איז סיי גוף און סיי נשמה, סיי רעאַליטעט און סיי פֿאַנטאַזיע. זי איז אַ גליקלעכער צונויפֿקום, ווו די פּאָעטישע עלעמענטן דינען דער פּראָזע נישט פֿאַרלירנדיק גאָרנישט פֿון זייער פּאָעטישן כּבוד,

און די פּראָזאַיִשע עלעמענטן זענען אין איר אַזוי שטאַרק, אַז זיי אַבסאָרבירן די פּאָעטישע און ס׳איז ולא נודע כּי באו אל קרבנה, זי בלייבט הויכווער־טיקע פּראָזע.

## 1

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן אין שייכות מיט מאַנגערס בוך פּראָזע וואָס הייסט נאָענטע געשטאַלטן און אַנדערע שריפטן און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ קאָמיטעט לכּבוד דעם יום־טוב פון מאַנגערס אַלט ווערן זעכציק יאָר.

דאָס בוך טיילט זיך אין פיר טיילן: א. נאָענטע געשטאַלטן; ב. די ווונדערלעכע לעבנס־באַשרייבונג פון שמואל אבא אַבערוואָ (דאָס בוך פון גן־עדן); ג. מעשׂיות; ד. עסייען.

לאָמיר זיך האַלטן ביי דעם דאָזיקן סדר.

די נאָענטע געשטאַלטן, וועלכע מאַנגער ברענגט אין זיין בוך, זענען היסטאָריש שוין גאָרנישט קיין נאָענטע. אויב מענדעלע מוכר ספרים איז געווען דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור, זענען די געבראַכטע אין בוך געשטאַלטן אירע עלטער־זיידעס. אמת, מאַרק מאַרקאָוויטש וואַרשאַווסקי דעקלאַמירט און זינגט זיינע לידער ביים אייניקל, ביי שלום־עליכמען אין הויז. אָבער וואַרשאַווסקי איז אַ יוצא מן הכּלל אין דער דאָזיקער סעריע.

און דאָך זענען זיי נאָענטע געשטאַלטן. צי דאָס איז ד״ר שלמה עטינגער, צי אַברהם בער גאָטלאָבער, צי אייזיק מאיר דיק, אָדער אליקום צונזער, בערל בראָדער צי וועלוול זבאַרזשער און אַנדערע. זיי ווערן אונדז נאָענט אַ דאַנק מאַנגערס פעיִקייט צו דערנענטערן. ער הויכט אין זיי אַריין זיין דיכטערישן אָטעם, וואַרעמט זיי אָן מיט זיין אייגענער וואַרעמקייט. צייט און שטח זענען דאָ נישט קיין מחותּנים אין דעם אַלעם. ס׳לעבן נאָר די געשטאַלטן, זייערע געפילן און מחשבות. ס׳לעבט אויך אַלץ וואָס איז געווען אַרום זיי. מיט דינע שטריכן צייכנט מאַנגער און ברענגט אַרויס די גאַנצע אַטמאָספער אַרום זיינע געשטאַלטן. אין דעם, ווי אין אַלעם אַנדערן, איז איציק מאַנגער אַ מייסטער.

ער האַלט, און מיט רעכט, אַז קונסט איז באַשאַפן געוואָרן צו ברענגען פרייד דעם מענטש. ווען אַפילו די קונסט הייבט אַרויס דעם אומעט, די עלעגיע, מוז זי אויך געבן דעם מענטש פרייד, צי אַפילו בלויז הנאה.

אָט דאָס, דעם דאָזיקן געדאַנק, לייגט ער אַריין אין מויל פון ד״ר שלמה עטינגער. ווען דער דאָקטאָר קערט זיך צוריק פון זיין פּאַציענט, אַברהם בער גאָטלאָבער, נאָך דעם ווי אַנשטאָט אים אונטערזוכן און פאַרשרייבן אַ רעצעפּט, האָט ער אים גאָר פאַרגעלייענט זיין סערקעלע, שרייבט וועגן דעם מאַנגער אַזוי:

„אַהיימגעגאַנגען איז דער דאָקטאָר אַ צופרידענער, אַ גליקלע־כער. די גוטע ווערטער, וואָס גאָטלאָבער האָט אים געזאָגט וועגן זיינע שריפטן, האָבן אים אויפגעלעבט.

מען דאַרף אָנווענדן אַלע כּוחות, האָט ער באַשלאָסן, אַז אַלע מיינע ווערק זאָלן דערשיינען אין דרוק. שוין צייט, כ׳לעבן, אַז דאָס פאָלק, פאַר וועלכן איך האָב געשריבן, זאָל הנאה האָבן פון די אַלע זאַכן, לייענען, לערנען און דער עיקר הנאה האָבן״.

דאָס, וואָס זיין חלום איז מקוים געוואָרן ערשט אין אַן ערך הונדערט יאָר נאָך זיין טויט, דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער קאַפּיטל. דאָס איז איין סצענע פון דער לאַנגער יידישער ליטעראַטור־טראַגעדיע. אָבער די הויפּט־הנחה וועגן דער באַשטימונג פון דער קונסט איז, לויט מאַנגערן, שטענדיק די זעלביקע.

אַלע די נאָענטע געשטאַלטן זענען געווען משׂכּילים. יעדער האָט געטאָן השׂכּלה־אַרבעט מיט זיינע מיטלען. ווער מיט לידער, ווער מיט טעאַטער און ווער מיט מעשׂיות. און אַלע האָבן זיי געשריבן יידיש. ווייל זיי האָבן געוואָלט מיט זייער „זשאַרגאָן״, צי מיט זייער יידיש, צוקומען נענטער צום פאָלק, בכדי אים אַרויספירן אויף דעם ליכט פון דער פינצטערניש. אָבער אַלע זענען זיי לסוף אַנטוישטע. אין איינעם פון זיינע לעצטע לידער האָט גאָטלאָבער גערופן צוריק אין שול אַריין. מיכל גאָרדאָן, וואָס לעבט אויף דער עלטער פון דער שטיצע וואָס ס׳שיקט אים זיין רייכער זון, אַ משומד, איז מסכּים מיט דעם ייד, וואָס ברענגט אים אַריין מילך און זאָגט צו אים: „איר האָט געגרייַזט, ר׳ מיכל״...

ס׳האָט נישט געהאָלפן דעמאָלט און ס׳האָט נישט געהאָלפן שפּעטער דאָס, וואָס די משׂכּילים האָבן איינגערעדט זיך און אַנדערע, אַז מיטן ווערן מיט לייטן גלייך, וועלן זיי פּטור ווערן פון אַלע ביז איצטיקע פורעניותן. דאָס האָט נישט פאַרמיטן די אַכזריותדיקסטע יידן־רדיפות און פאַרמיידט נישט די רדיפות, מיט וועלכע דער ייד יאָגט זיך אַליין, מאַכט אַ תּל פון זיין יידיש לשון און פון זיין יידישער ירושה.

דאָס איז דער טרויעריקער סך־הכּל פון דער השׂכּלה. אין דעם סך־הכּל איז נישט בלויז די השׂכּלה אַליין שולדיק. מאַנגער באַגלייט אָט דעם סך־הכּל מיט אַזוי פיל עלעגיע, מיט אַזוי פיל טרויער און מיט אַזוי פיל שיינ־קייט, וואָס נאָר ער איז בכּוח פון טרויער אַרויסצובאַקומען.

אָבער סך־הכּל איז נאָך נישט אַלץ. דער סך־הכּל האָט די גרויסע מעלה וואָס ער קומט אין סאַמע סוף. דערווייל איז פריילעך. דערווייל האָט דער עולם הנאה. מען האָט הנאה פון וועלוול זבאַרזשערס לידער, דער עולם קוויקט זיך מיט זיי, מען זיצט אין די שענק, מען זיצט אין די גערטנדלעך, מען זופט ווייַן און מען קאָטשעט זיך פאַר געלעכטער פון זבאַרזשערס ליד, ווי אַזוי גאָט גייט באַנקראָט, און פון אַנדערע זיינע לידער.

ס׳מאַכן פריילעך דעם עולם די בראָדער זינגערס, וואָס פאָרן פון שטאָט צו שטאָט און ביז די וועלט האָט אַן עק. ווען בערל בראָדער פאַלט אַ מאָל איינער אַליין אַריין אין אַן אַכסניה, לאָזט ער זיך אויך לאַנג נישט בעטן. און די יידן אין דער אַכסניה, פאַרמאַטערטע פון די שווערע אונטערוועגנס, פון האַנדל און וואַנדל, זשאַלעווען נישט זייער גראָשן אַבי צו הערן בערל בראָדערס אַ ליד.

דער עולם, דער פּשוטער עולם צעכאַפּט ווי מצה־וואַסער, די מעשׂיות פון אייזיק מאיר דיק, פון יעקב מאָרגענשטערן. אַמ״דס מעשׂיות זענען גע־נומען פון לעבן און יעקב מאָרגענשטערנס זענען דער עיקר פון דער פאַנ־טאַזיע. אָבערביידנס מעשׂיות זענען צום וויינען און צום לאַכן. דאָס האָט דער עולם צום מיינסטן ליב. און די דאָזיקע ליבשאַפט פון פאָלק האָט דאָס געבוירן דעם גרויסן פאַרווירקלעכער פונעם געלעכטער דורך טרערן: שלום־עליכמען.

איז צו וואָס רעדן וועגן סך־הכּל? ווען ביז צו אים איז דער וועג געווען באַגלייט מיט געלעכטער, מיט שפּאַס און מיט פרייד און מיט הנאה. מעגן די חסידים און די פרומע האָבן געקריצט מיט די ציינער, אָבער דאָס פאָלק האָט געלאַכט.

און וועגן דעם ערנסטן מיכל גאָרדאָן שרייבט מאַנגער אַזוי:

„לאַנג איז מיכל גאָרדאָן געשטאַנען פאַרטראַכט. אין זיינע בלאָע אויגן האָבן זיך געשפּיגלט צוויי טראָפּן טרויער.

פון דעסטוועגן — האָט ער זיך געטראַכט — האָט די השׂכּלה אויפגעטאָן גרויסע זאַכן. שוין דאָס אַליין, וואָס זי האָט אויפגעע־רודערט און צערודערט דעם יאָרהונדערטער אַלטן גליווער, אין וועלכן דאָס יידישע לעבן האָט געגליווערט, איז אַ גרויסער אויפטו.

ערגעץ־ווו האָט די השׂכּלה דאָך אויפגעריסן דאָס גייסטיקע געטאָ. דאָס ליכט פון דער השׂכּלה, דער ,הימלישער טאָכטער׳, האָט אויפ־געוועקט גרויסע שיכטן פונעם פאָלק פון אַ דורות־אַלטן לעטאַרג. די קערנדלעך, וואָס די משׂכּילים האָבן פאַרזייט, האָבן געגעבן פּרוכטן. אמת, נישט אַלע פּירות זענען געווען אַזוי, ווי די משׂכּילים האָבן געוואָלט, אָבער אַ סך זיסע און צייטיקע פּרוכטן האָט דער בוים פאָרט געצײַטיקט״.

זאָל מיר דערלויבט זיין צוצוגעבן: ווען אַפילו די השׂכּלה וואָלט נאָר געהאַט מיט איר צו־להכעיס צוגעהאָלפן נאָך מער צו פאַרשטאַרקן דאָס פייער פון חסידות, ווען זי וואָלט אַפילו בלויז געווירקט פעסטער צו מאַכן די מויערן פון פרומקייט, וואָלטן אירע פאַרדינסטן אויך געווען גענוג באַ־דייטנדיקע...

ווי אַן עלעגיקער, ווייזט אונדז מאַנגער כּמעט אַלע זיינע נאָענטע גע־שטאַלטן ביי זייער פאַרגיין. אַברהם בער גאָטלאָבערן ווייזט ער אונדז ווי אַ האַלב־בלינדן זקן; מיכל גאָרדאָנען, אַן אַלטן, איינזאַמען מענטש; אַברהם גאָלדפאַדענען זעען מיר אויפן טויטן־בעט. יוסף באָוושאָווערן — אין דול־הויז. מאַנגער דערציילט אונדז וועגן הערשעלע אָסטראָפּאָלערס לוויה. נאָר וועלוול זבאַרזשער שילדערט ער אונדז אַ יונגן, ווייל ביי אים, ביי וועלווע־לען, האָט דער יונגער איציק מאַנגער באַדאַרפט אַרויסנעמען די לירע פון די הענט, בכדי פונאַנדערצווזינגען זיינע לידער צו מלכּהלע דער שיינער. דערפאַר האָט ער וועלוול זבאַרזשער געוואָלט זען שטענדיק יונג.

מאַנגער ווייזט אונדז די „נאָענטע געשטאַלטן״, ווי זיי ברענגען אַרויס פאַר זייערע אויגן דאָס פאַרגאַנגענע לעבן זייערס. און ווי טרויעריק דאָס גופא זאָל נישט זיין, דאָס ווייזן דאָס לעבן ביים ראַנד, איז אין דעם פאַראַן אַן אַ שיעור שיינקייט און ס׳איז פול מיט מאַנגערישן חן.

וועגן הערשעלע אָסטראָפּאָלערס לוויה שרײַבט מאַנגער אַזוי:

„יידן, ווייבער און קינדער, די גאַנצע אָרעמקייט פון מעזשי־באָזש און די אַרומיקע שטעטלעך איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה. אויפן וועג האָט איינער דעם צווייטן דערציילט ווערטלעך און שפּיצ־לעך פון הערשעלע אָסטראָפּאָלער און דער עולם האָט געלאַכט.

אַ פריילעכע לוויה איז דאָס געווען. די פריילעכסטע לוויה, זינט מעזשיבאָזש איז אַ שטאָט.

ערשט ווען הערשעלעס עלטסטער זון האָט געזאָגט קדיש אויפן פרישן קבר, האָבן אַלע דערפילט, אַז דאָס גראָז, וואָס וואַקסט אויף די קברים, איז טרויעריק״.

וויפל טרויעריקע שיינקייט ליגט בלויז אין דעם איינעם לעצטן זאַץ. דאָס איז דער סוד פון מאַנגערס צויבער, הן פון זיין פּאָעזיע, הן פון זיין פּראָזע. דאָס איז נישט בלויז אַ פּראָדוקט פון זיין גרויסן טאַלאַנט. נאָר דאָס איז אַ נשמהדיקייט אַזאַ, וואָס קאָן אַזוי שיין אַפּעלירן צו נשמה.

מיינסטנס אויפרירנדיק אין זיין טרויעריקער שיינקייט, איז דאָס געשטאַלט פון אַברהם גאָלדפאַדן. מאַנגער ווייזט אים אונדז אין זיינע לעצטע מינוטן, דעם שטאַרבנדיקן פאָטער פון דעם יידישן טעאַטער. ער האָט האַלוצינאַציעס. ער זעט זיין וועג פון אַ משׂכּיל ביז צו זיין יידישן טעאַטער פאַרן פאָלק. ער זעט זיך, דאָ ווי אַ שטרענגער טעאַטער־דירעקטאָר און דאָ, ווי דער מחבר פון די טעאַטער־שטיק: עקידת יצחק, בר כּוכבא, די כּישוף־מאַכערין און אַנדערע. און ער זעט ווי ס׳קומט צו צו זיין בעט אַ מאַן. ער איז אָנגעטאָן אין אַ פּראַק. דעם צילינדער האַלט ער אין דער האַנט. ער פאַרנייגט זיך פאַרן חולה. ער דערלאַנגט אים זיין וויזיט־קאַרטע אויף וועלכער „ס׳בליצן רויטע, פייערדיקע אותיות״ אויף דייטש, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ משׂכּיל: „טאָדעס־ענגל״.

נעבן וועלוול זבאַרזשער איז אַברהם גאָלדפאַדן די נאָענטסטע געשטאַלט, וואָס איז מאַנגערן אַזוי נאָענט. ווי אין וועלוול זבאַרזשערס ליבע צו מלכּהלע דער שיינער, האָט מאַנגער דערזען נישט נאָר סודות פון ליבע, נאָר, אפשר דער עיקר, סודות פון דיכטונג, אַזוי האָט ער אין גאָלדפאַדנס די כּישוף־מאַכערין דערזען נישט נאָר די סודות פון ליבע צו אַ יידיש פאָלקס־טעאַטער, נאָר אויך, און אפשר דער עיקר, די סודות פון בויען אַ טעאַטער־שטיק, די סודות פון בויען אַ יידישע דראַמע.

איציק מאַנגער האָט די נאָענטע געשטאַלטן געשריבן אין די יאָרן, ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט, ווען ס׳איז נאָך געווען אַ גרויס יידיש לעבן. ווען ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די יידישע ליטעראַטור וועט נאָך לאַנג אָנגיין מיט איר גרויסן וווקס. דעמאָלט האָט מאַנגער דערנענטערט די נאָענטע געשטאַלטן, די אָנפאַנגער פון דער יידישער ליטעראַטור, פון דער ליטעראַטור אין יידיש. ער האָט אין דער צייט, ווען ס׳האָבן געריַיפט די פּירות, געוואָלט אָפּגעבן כּבוד דעם בלי̇עכץ, וואָס ברענגט די בשׂורה פון צייטיקונג. מאַנגער האָט אין די נאָענטע געשטאַלטן אַרויסגעבראַכט

זיין גרויסע, אומענדלעך גרויסע און טיפע ליבע צו יידיש, צום יידישן לשון, צו דעם לשון, צו די יידישע ווערטער מיט וועלכע ער הייבט אָן זיין ליד און באַלאַדע: „לאָמיר זשע זינגען פּשוט און פּראָסט". דאָס געזאַנג זיינס, וואָס איז שוין גאָרנישט פּראָסט און שוין גאָרנישט פּשוט...

## 2

די וווּנדערלעכע לעבנס־באַשרייבונג פון שמואל־אַבא אַבערוואָ (דאָס בוך פון גן־עדן), איז אַ פּראָדוקט פון אַ שאַרפן ווילן פון אַ צעברויזטן וואָרטשאַפער, קינסטלעריש איבערצוקערן נישט נאָר דעם סדר פון דער־וועלט, נאָר אויך פון יענער־וועלט, פון גן־עדן גופא.

אויב די גמרא זאָגט אין ברכות „מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע", איז געקומען מאַנגער און געזאָגט פאַרקערט: מלכותא דרקיע כעין מלכותא דארעא. ער ווייזט אונדז, אַז אין הימלישן גן־עדן איז גענוי ווי אין ערדישן גיהנום.

אין זיין גן־עדן זענען אויך פאַראַן גבירים און קבצנים, עקספּלואַטאַ־טאָרן און עקספּלואַטירטע, קינאה און שׂינאה. „ליטוואַקעס טרעפט מען דאָרט זייער ווינציק. דערפאַר אַ סך פּוילישע, און דער עיקר, גאַליציאַנער צדיקים". אַפילו גנבים און פּאָליציאַנטן זענען דאָרט פאַראַן. יצחק אָבינו חלשט נאָך אַ שטיקל פעטן שור־הבר און יעקב אָבינו וויל זיך נישט אָפּזאָגן פון זיינע שפחות, כאָטש דער טאַטע, יצחק, און דער זיידע, אַברהם, בעטן דאָס ביי אים.

נאָר איין זאַך איז נישט פאַראַן אין גן־עדן. קיין טויט איז נישטאָ. כאָטש דער מלאך־המוות אַליין וווינט דאָרט.

די צוויי מלאכים סיאָמקע און בערל, אַרבעטן ווי געזעלן ביים מלאך, שלמה־זלמן, דעם לאַטוטניק, וואָס פאַרריכט און ניצעוועט איבער ביי די אָרעמע מלאכים זייערע אַלטע פליגל. די צוויי מלאכים־געזעלן פאַרליבן זיך ביידע אין דער שיינער מלאכטע רייזל, דער טאָכטער פון גן־עדן־קרע־מער, ישׂראל־משה.

אָבער די יונגע מלאכטע, רייזל, חוזקט פון די פאַרליבטע אין איר מלאכים. זי רייצט אָן איינעם אויפן צווייטן. ביידע זענען זיי טרויעריק, ביידע אומגליקלעך. און אָט וואָס מאַנגער שרייבט וועגן זיי:

„סיאָמקע מלאך האָט שוין אַפילו געפּרוּווט באַגיין זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך אויפגעהאָנגען אויף זיינע שעלקעס. ער האָט אין יענעם

מאָמענט פאַרגעסן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין מיתה פאַר אַ גן־עדן־מלאך. און נאָך דעם, ווי ער האָט זיך געבאָמבלט אַ גאַנצן מעת־לעת אין דער לופטן, האָט ער אַראָפּגענומען די שעלקעס פונעם האַלדז און געשאָלטן דעם גן־עדן — — — ״

און ווייטער:

— „איך בין מקנא, — האָט טרויעריק אַ זאָג געטאָן סיאַמקע מלאך, — איך בין מקנא דעם מינדסטן שניידעריונג אויף דער ערד. ער, אַז ס׳גליקט אים נישט אָפּ אַ ליבע, קאָן ער כאָטש איינגעמען סם, אָדער זיך דערטרינקען אין אַ טייך.

— מיר האָבן נישט קיין אַנדער ברירה, — האָט אים אָפּגעענט־פערט בערל מלאך, — מיר מוזן טראָגן אונדזער שלימזל אייביק. אַ פּאַסקודנע וואָרט אָט דאָס וואָרט ,אייביק׳. ווער האָט עס אויס־געטראַכט? און צו וואָס?

איך האָב געזען, ווי די צוויי פּרעגצייכנס ,ווער?׳ און ,צו וואָס?׳ פלאָטערן אַראָפּ פון בערל מלאכס ליפּן און בלייבן הענגען אין גן־עדן־חלל, וואָס איז פול מיט זיסן לבנה־שיין.

זיי זענען זיך צעגאַנגען, סיאַמקע רעכטס און בערל לינקס. די צוויי אומגליקלעכע מלאכים, וואָס בלאָנקען זיך אַרום דורך די גן־עדן־נעכט, האָב איך זיי באַדויערט, טיף, טיף, באַדויערט.

איך האָב געטראַכט, אַז דעם גן־עדן־קרעמערס טעכטערל, די סיבה פון זייער אומרו, שלאָפט איצט, מסתמא. אירע האָר זענען צעוואָרפן איבערן קישן. די פליגל, מיט וועלכע זי האָט זיך צוגע־דעקט, האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון איר לײַב. אפשר שמייכלט זי אין חלום און ווייס אַפילו נישט, אַז דאָס שלימזל, וואָס זי האָט באַשווירן, קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. ס׳בענקט נאָכן טויט און קאָן נישט שטאַרבן.

אַ לבנה־נאַכט אין גן־עדן, — האָב איך געטראַכט, — האָט זיך אויך אירע געשפּענסטער״.

פאַראַן אויך אין גן־עדן, ווייזט אונדז מאַנגער, טרויער, אומגליק, פאַרראַט און אַפילו משוגעת. אפשר איז דאָס בוך פון גן־עדן אַ פאַראָדיע פון אַ קינסטלער אויף דער נישט־שלימותדיקייט פון גאָטס באַשאַף. ס׳קאָן גאַנץ געמאָלט זיין, אַז אַזוי איז עס טאַקע.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די פֿרומע יידן, צי אַפֿילו נאָר רעליגיעזע, קאָן נישט געפֿעלן ווערן אַזאַ בילד פֿון גן־עדן, געשילדערט דורך אַ פּאָעט אַ טראַציקן, אַ שקאָץ. זיי קאָנען נישט געפֿעלן ווערן די פּאָרטרעטן פֿון די אָבות, פֿון די מלאכים און צדיקים, אַזוי ווי מאַנגער מאָלט זיי. אָבער מאַנגערן אַרט דאָס נישט, ווי ס׳האָט אים בשעתו נישט געאַרט די קול־קוראס מיט די חרמות, וואָס האָבן זיך אַ שיט געטאָן אויף זיין קאָפּ מצד די פֿרומע, נאָך דעם, ווי ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זיינע חומש־לידער. ווייל איז צו דעם דיכטער, וואָס וויל אַלע געפֿעלן ווערן. איבעריקנס, נישט יעדער דיכטער איז מסוגל צו שרייבן תּהילים. מיר האָבן שוין געהאַט אונדזער בעל־תּהילים. אונדזער שירה בענקט גאָר נאָך רעוואָלט. האָט שוין מיט צענד־ליקער יאָרן צוריק מיכה יוסף בערדיטשעווסקי געשטורעמט קעגן דער הכנעהדיקייט פֿון די יידישע תּפֿילות. נישט איינעם פֿון די פּאָעזיע־מבינים זענען בשעתּו געוועזן איבער דער טבע וווערלענס קריסטלעכע הכנעה־לידער.

כ׳גיי נישט דאָ פֿאַרטיידיקן מאַנגערן פֿאַר די עווענטועלע אָנפֿאַלן אויף אים מצד די רעליגיעזע קרייזן, פֿאַר זיין דאָס בוך פֿון גן־עדן, נישט גע־קוקט אויף מיין חשד, אַז די מורא פֿאַר אַזעלכע אָנפֿאַלן איז די סיבה דער־פֿון, וואָס מען יאָגט זיך נישט איבערצוזעצן דאָס דאָזיקע בוך זיינס אין עברית, כאָטש ס׳איז שוין דערשינען אין האָלענדיש. (די נאָענטע געשטאַלטן זענען שוין מיט יאָרן צוריק איבערגעזעצט געוואָרן פֿון אַברהם שלאָנסקי). אָבער ס׳איז נישט מיין אויפֿגאַבע זיך דערמיט צו פֿאַרנעמען. איך וויל נאָר זאָגן, וואָס האָט איציק מאַנגער מיט זיין שמואל אבא אָבערוואָ מחדש געווען? וואָס האָט ער דערמיט אויפֿגעטאָן?

צוריקגערעדט, פֿאַר וואָס זאָלן די היסטאָריקער קעמפֿן פֿאַר זייער רעכט אַרויסצוברענגען דעם גאַנצן אמת פֿון היסטאָרישע פֿאַקטן, ווי אומ־באַקוועם ער זאָל דאָס טייל מאָל פֿאַר אונדז נישט זיין, און פֿאַר וואָס זאָלן שרייבער נישט קעמפֿן פֿאַר די רעכט אַרויסצוברענגען דעם גאַנצן אמת פֿון זייער פֿאַנטאַזיע, אָט דאָס אַלץ, וואָס זייער פֿאַנטאַזיע דיקטירט זיי, אומאָפּהענגיק דערפֿון, צי עמעצן געפֿעלט דאָס יאָ, אָדער נישט?

וואָרום נאָר אין פֿאַנטאַזיע גייט עס דאָך דאָ. איציק מאַנגער איז נישט קיין ערדישער רעוואָלוציאָנער, נאָר אַ הימלישער. דער הימל איז זיין פּלאַצ־דאַרם, זיין קאַמפּס־שטח. זיינע קאַמפּס־כּלי־זין זענען פּאָעטישע און במילא הימלישע. אויפֿן משל פֿון זיין הימל, ווייזט ער אונדז די גאַנצע אומגערעכ־טיקייט פֿון אונדזער ערדיש וועלטל. דאָ קומט פֿאַר אַ פֿאַרמישונג פֿון די יוצרות. די ערדישע באַציִונגען צווישן מענטשן, צווישן איין שיכט און דער

צווייטער, אַלע ערדישע יצרים, — אָט דאָס אַלץ ווערט אין דעם בוך אויסגעמישט מיט דעם הימלישן, ווי למשל, מיט דעם הימלישן נישט גלייכן קאַמף צווישן מלאך־המוות און אַ שטערן, די אַכזריותדיקייט פון ערדישן טויט מישט זיך צונויף מיט דער אַכזריותדיקייט פון דער הימלישער אייביקייט, מיט דעם נישט קאָנען אַפילו שטאַרבן.

פון דעם אַלעם הערט זיך אַ גרויסער קאָסמישער קרעכץ, וואָס קומט אַרויס פון אונטער דער פעדער און פון אונטערן האַרץ פון דעם וואָרטשעפער, פון דעם קינסטלער, וועלכער איז דער בחיר פון דעם בחיר־היצירה.

לויט מאַנגערן דאַרף די וועלט געפירט ווערן דורך נס, דורך געפיל, דורך שיינקייט, דורך חסד — און שוין גאָרנישט דורך די געזעצן פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. אַ ראיה האָט איר דערפון, ווי אַזוי מאַנגער שרייבט וועגן אליהו הנביא, וועלכן שמואל אבא האָט געטראָפן שפּאַצירן אויפן בולוואַר וואָס טראָגט זיין נאָמען, הייסט: אליהו־הנביא־בולוואַר.

„ס׳איז געווען אליהו־הנביא. אַמאָליקע צייטן פלעגט ער זיך אַראָפּלאָזן פון צייט צו צייט אויף דער ערד. העלפן אַן אָרעמאַן. באַווייזן אַ נס, אַז אַ שלימזל זאָל האָבן אויף שבת. לעצטנס האָט ער זיך מייאש געווען. די אָרעמעלייט אויף דער ערד האָבן אויפגעהערט צו גלייבן אין זיין הילף. זיי האָבן באַשלאָסן זיך אַליין צו העלפן. — זאָלן זיי, — זאָגט מיט ביטול אליהו־הנביא, — זאָלן זיי זיך אַליין העלפן, ווי הייסן זיי דאָרטן... די ציציליסטן“.

דאָס בוך פון גן־עדן איז פול מיט פאַנטאַזיע, מיט גראָטעסק, מיט פּאַראָדיע. גענוג איבערצולייענען די טענה פון דעם באַרדיטשעווער רב צום רבונו־של־עולם, נאָך דעם ווי דער שור־הבר איז אַנטלאָפן פון יידישן גן־עדן אין גויִישן, בכדי צו זען וואָס פאַראַ פּאַראָדיסטישן טאַלאַנט איציק מאַנגער פאַרמאָגט.

אַלץ וואָס געפינט זיך אין דעם בוך איז אַרומגענומען מיט מאַנגערישן חן. שוין דאָס געבוירן ווערן פון שמואל אבא, איז אַ געמיש פון חבלי־לידה מיט שקאָצישן חן. דאָס צו־להכעיסדיקע איגנאָרירן די געזעצן פון דער נאַטור איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר מאַנגערס פּאָעטישן רעוואָלט און טראָציקייט.

אין דער מכלומרשט רעאַליסטישער קאָנסטרוקציע פון זיין גן־עדן־בוך, האָט מאַנגער אַריינגעפירט זיינע פּאָעטישע רעאַליטעטן. אַרכימעדעס

האָט געבעטן וועגן איין פּונקט אויסער דער ערד, בכדי צו קאָנען אַנטפּלעקן אירע סודות. מאַנגער איז אין אַ בעסערער לאַגע. ער נעמט מיטן כּוח פון זיין פּאָעטישן טאַלאַנט אַ סך רעאַליסטישע „פּונקטן" און אַנטפּלעקט דורך זיי זיין פאַנטאַזיע־וועלט, פירט אונדז אַריין אין דער דאָזיקער וועלט. און מאַנגער איז נישט נאָר אַן אַריינפירער, נאָר דער עיקר אַ פאַנטאַסטישער פאַרפירער אין זיין קינסטלערישער וועלט.

מיט זיינע פּאָעטישע רעאַליטעטן האָט ער באַפּעסטיקט און פאַרפעס־טיקט זיין פּראָזעבוך, אָבער נישט־פּראָזאַיִש בוך. זיין די וווּנדערלעכע לעבנס־באַשרייבונג פון שמואל אבא אַבערוואָ איז אַ פּראָזעבוך, אָבער נישט קיין פּראָזאַיִש בוך. ס'איז אַ פּאָעטיש בוך געגעבן אין אַ געזונטער פּראָ־זאַיִשער צורה.

3

אויב אין „שמואל אבא אַבערוואָ" זענען בולט די רעאַליסטישע מאָ־מענטן, זענען אין „די מעשׂיות פון הערשל זומערווינט" בולט די פאַנטאַס־טישע. אָבער אין ביידע פאַלן זענען די דאָזיקע פאַרשידענע, און אין פלוג, סתּירותדיקע עלעמענטן, גוט באַלאַנסירט. די קונסט באַשטייט אין דעם, צו קאָנען אַזוי אָפּערירן מיטן קינסטלערישן שטאָף, אַז אין דעם ווערק זאָל יעדער עלעמענט איינציַיטיק דאָמינירן און זיך לאָזן אינטעגרירן.

„די מעשׂיות פון הערשל זומערווינט" געהערן צו דער קאַטעגאָריע מעשׂיות פון נישט־געשטויגן און נישט־געפלויגן. און דאָס איז דער בעס־טער און געזינטסטער באַדן פאַר אַ פאַנטאַסטישער מעשׂה. דאָס גיט דעם שעפּער די מעגלעכקייט זיך אָפּצורייסן פון דערווירקלעכקייט, בכדי קאָנען אי שטייגן, אי פליִען. דאָס אָפּרייסן זיך פון דער ווירקלעכקייט איז דער סאַמע שווערסטער און קאָמפּליצירסטער מאָמענט אין אַזאַ מין שאַפונג. פּונקט ווי דער געפערלעכסטער מאָמענט פאַר אַ סטראַטאָספערע־פליִער איז דער, אין וועלכן ער דאַרף זיך אָפּרייסן פון דער ספערע, ווו ס'ווירקט דער גראַוויטאַציע־כּוח פון דעם ערדקיילעך.

פאַראַן אין מאַנגערס פּראָזעבוך נאָך מעשׂיות, ווי „דער כעלעמער", „די מעשׂה מיטן פּריצס וואָנצעס" און „די גאָלדענע פּאַווע", וואָס וועלן זיכער אַריין אין דעם אוצר פון די יידישע פאָלקס־מעשׂיות. זיי האָבן אַלע מוסר־השׂכּלס, כאָטש פון גאָר פאַרשידענעם כאַראַקטער.

די פֿאַנטאַסטישע וועלט רעדט גיכער צו דעם אויפֿנעם־אַפּאַראַט, צום האַרץ און מוח, פֿונעם פּשוטן מענטש, ווי די רעאַלע וועלט. כ'וועל זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אינעם אויפֿקלערן די סיבות, פֿאַר וואָס דאָס איז אַזוי. פֿון דער גרויסקייט פֿון דעם קינסטלערס טאַלאַנט און פֿון זיין נשמהדיקייט איז אָפּהענגיק, אַז די זעלבע זיינע שאַפֿונגען און מאָטיוון זאָלן אויך געפֿינען אַן אָפּן אויער און האַרץ ביים הויך־ראַפֿינירטן לייענער. אין דעם זייער וויכטיקן פּרט איז איציק מאַנגער אַ גרויסער בעל־מוצלח. ער איז געבענטשט מיט דער שעפֿערישער חכמה צו טרעפֿן אין דעם פּינטל, וואָס איז בשותּפֿותדיק סיי פֿאַרן פּשוטן מענטש און סיי פֿאַרן ראַפֿינירטן. נאָר די מיטלמעסיקייטן זענען מחוץ דעם שותּפֿות, סיי ווי שעפֿער, סיי ווי אָפּנעמער...

מאַנגערס עסייען וועגן משה לייב האַלפּערן, מאַני לייב, משה נאַדיר, יוסף ראָלניק, ראובן אייזלאַנד, זענען פֿול מיט ליבע צום יידישן וואָרט־שאַפֿער בכלל און צו די אויבן אויסגערעכנטע שאַפֿער בפּרט.

מאַנגער איז אַ גרויסער ידען אין דער וועלט־ליטעראַטור און אין דער וועלט־פּאָעזיע. ער נעגירט נישט קיין שום אופֿן פֿון שאַפֿן אַ ליד, אַבי דאָס ליד זאָל זיין גוט. אַפֿילו אַ גוט געמאַכט ליד, קאָן אויך זיין גוט, איז זיין מיינונג. אָבער דעקלאַרירן זיך אָפֿן אין ליבע וועט ער נאָר צו די שרייבער, וועלכע ער האָט פּאַקטיש ליב. וואָרום מען קאָן לייענען פֿאַרשידענע שרייבער, מען קאָן אַפֿילו געוויסע שרייבער שעצן, אָדער שאַצן, אָבער שרייבן קאָן מען נאָר וועגן די, וועלכע אינספּירירן. און קיין שום זאַך אינספּירירט נישט אַזוי, ווי ליבע. נישט אַזוי פֿיל די ליבע צום קינסטלערס שאַפֿונגען, ווי צו זיין קינסטלערישער פּערזענלעכקייט. אויב דער קינסטלער איז עס, פֿאַרשטייט זיך.

די אַזוי גערופֿענע אָביעקטיווע קריטיקער, אויב אַזעלכע זענען בכלל בנימצא, זעען פֿאַר זיך נאָר דעם טעקסט, דאָס ליד, די דערציילונג אָדער ראָמאַן. און ווייל זיי זעען נאָר דעם טעקסט, זענען זיי אַזוי אָפֿט נישט מבחין בין טוב ורע אין די שרייבערישע שאַפֿונגען.

די אַלע וואָרטשאַפֿער, וועגן וועלכע מאַנגער שרייבט, זענען געווען שרייבערישע פּערזענלעכקייטן, יעדער לויט זיין מאָס און שטייגער. זיי אַלע זענען אַזוי גוט צוגעפּאַלן צו מאַנגערס פּאָעטיש געמיט.

פֿאַראַן אין מאַנגערס פּראָזעבוך נאָך עסייען און טיילן פֿון זכרונות פֿון זיין היים. אָבער אויף אַלעם קאָן איך זיך נישט אָפּשטעלן אין די ראַמען פֿון איין עסיי.

מאַנגערס פּראָזעבוך, וואָס הייסט נאָענטע געשטאַלטן און אַנדערע שריפֿטן, איז אַ בוך, וואָס איז מלא חן. ס'איז אַ בוך פֿון אומעט און פֿון פֿרייד, פֿון געלעכטער און טרויער. אָבער דאָס טרויעריקסטע איז דעם מחברס נאָכוואָרט אין דעם בוך. מאַנגער דערציילט דאָרט, אַז נאָך דער סעריע „נאָענטע געשטאַלטן" האָט ער געוואָלט אויפֿשרייבן אַ סעריע „ווייטע געשטאַלטן", וועגן מאָדערנע יידישע פּאָעטן און בעלעטריסטן. אָבער, זאָגט ער: „די ,ווייטע געשטאַלטן' וועלן שוין אפשר נישט אָנגעשריבן ווערן. אין אַ צייט פֿון אַנעמישער עסייִסטיק און פּיעכאָטנער פּראָזע — ווער דאַרף עס האָבן?"

און ווייטער: „כּדאַי צו דערמאָנען, אַז ,די וווּנדערלעכע לעבנס־באַשרייבונג פֿון שמואל־אבא אַבערוואָ' איז בלויז דער ערשטער טייל פֿון אַ פּאַרטראַכטער טרילאָגיע. די אַנדערע טיילן וועלן שוין אפשר קיין מאָל נישט אָנגעשריבן ווערן".

און ווידער: „די מעשׂיות, וואָס ווערן געדרוקט אין דעם בוך, זענען בלויז צוויי פֿון אַ פּאַרטראַכטער זאַמלונג, וואָס האָט געזאָלט הייסן ,דאָס נייע מעשׂה־בוך', אַ מין ,דעקאַמעראָן'. אַ מנין יידן געפֿינען זיך אין אַ בונקער: אַ רומענישער, אַ פּוילישער, אַ גאַליציאַנער, אַ ליטווישער, אַן אוקראַיִנישער אאַז"וו. אין דרויסן הוליעט די דייטשע בעסטיע, און דאָ אין בונקער דערציילן זיך די מענטשן מעשׂיות, כּדי צו פֿאַרטרייבן די מורא און די אַנגסטן אין די שטילע נעכט, ווען די שיסעריי שטעלט זיך אַ ווײַלע אָפּ.

דאָס האָט געזאָלט זיין די ראַם פֿון מיין נייעם מעשׂה־בוך.
אָבער, ליידער".

אַ פֿאַרצווייפֿלטער וויל איך פֿרעגן: טייערער איציק מאַנגער, פֿאַר וואָס?

און ווען אַפֿילו די יידישע ליטעראַטור זאָל מער נישט האָבן ווי פּופּציק צדיקים־לייענער, צי וועסטו נישט שרייבן פֿאַר די פּופּציק?!

„די גאָלדענע קייט", נר' 42

# מיט איציק מאַנגערןביים טיש

איינער פון די הויפּט־עלעמענטן פון איציק מאַנגערס פּאָעזיע, דאָס וואָס פאַרכאַפּט אַזוי, באַצווינגט און נעמט אין געפאַנגענשאַפט דעם לייע־נער — איז חן. אָבער דאָס מאָל וויל איך נישט רעדן וועגן חן פון מאַנגערס פּאָעזיע, נאָר וועגן זיין פערזענלעכן צויבער, וועגן דעם חן פון זיין פּאָעטי־שער פּערזענלעכקייט.

איציק מאַנגער איז כולו פּאָעט, ער איז עס כסדר, אָן אויפהער, זאָגט ער ביים טיש אַזוי כּלאחר־יד, אַ וואָרט, אַ וויץ, צי אַ באַמערקונג — איז עס מלא חן.

אמת, ער איז לעצטנס פאַרביטערט. ער זעט באַשיינפּערלעך, אַז יידיש גייט אונטער. אָבער דאָס וואָלט נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע, זאָגט ער. ווייניק פעלקער, שפּראַכן און קולטורן זענען אין משך פון דער מענטשלע־כער געשיכטע אונטערגעגאַנגען?! אָבער יידיש גייט נישט אונטער, יידיש האָט מען אַוועקגעהרגעט, יידיש האָט מען דערמאָרדעט.

די דייטשן האָבן אויסגעמאָרדעט דאָס יידישע פאָלק אין איראָפּע, און דער עיקר פון מזרח־איראָפּע, ווו ס׳איז געווען דער ים פון יידיש און יידישן שאַפן. אָבער, להבדיל אלף הבדלות, די יידן אַליין האָבן אויך גע־זינדיקט קעגן יידיש, מוראדיק געזינדיקט. דער עיקר האָבן געזינדיקט די יידן פון אַלע אַמעריקעס.

מען האָט אין יידיש געזען נאָר אַן איבערגאַנגס־שפּראַך. אַ שפּראַך פאַרן ערשטן דור אימיגראַנטן. נישט נאָר די צייטונגס־מענטשן, מיט אייב קאַהאַן אין דער שפּיץ, האָבן אַזוי געזען און זיך אַזוי באַצויגן צו יידיש, נאָר אויך די גרעסטע יידישע שרייבער, דיכטער און פּראָזאַיקער, האָבן מיט אַזאַ צוגאַנג מסכּים געווען און משלים געווען. זיי האָבן נישט מקיים געווען דעם: „למען אשר יצוה את בניו ואת אחריו ביתו״, זיי האָבן זייערע זין און טעכטער נישט געלערנט קיין יידיש. זיי האָבן נישט איינגעוואָרצלט אין די צוקונפטיקע דורות זייערע דאָס געפיל און די אמונה, אַז יידיש איז

מער, אַ סך מער ווי אַן איבערגאַנגס־שפּראַך, אַז יידיש האָט אין זיך דעם פּונק פון אייביקייט.

יידיש איז אין משך פון זעכציק יאָר אַריבערגעוואַקסן איבער די קעפּ פון אַלע אירע גדולים. יידיש איז אפשר דער גרעסטער שפּראַכן־נס אין דער וועלט. אָבער מען האָט נישט דערצויגן די יורשים וואָס זאָלן בכוח זיין ירשנען דעם נס. און דער דאָזיקער טייערער נס, דאָס ריזיקע פאַרמעגן, גייט פאַרלוירן.

יאָ, ס'איז דאָ פון וואָס צו זיין פאַרביטערט. און איציק מאַנגער, וואָס האַלט אַז יעדע פּאָעטישע שאַפונג, ווי יעדע קינסטלערישע שאַפונג, דאַרף ברענגען פרייד דעם מענטש, ער קאָן אויך זיין פאַרביטערט און פאַר־צווייפלט. (אוי! קאָן ער דאָס!), און פון דעסטוועגן...

אָט זיצט ער ביים טיש, אויף אַן איופּנאַמע ביים ראש־העיר פון תל־אביב, מרדכי נמיר, אַ חוץ אים זענען נאָך פאַראַן פאָרשטייער פון דער העברעיִ־שער ליטעראַטור און טעאַטער. ס'זיצט אויך חנה ראָווינאַ, זאָגט צו איר איציק מאַנגער אַזוי:

— דאָס ערשטע מאָל האָב איך אייך געזען אין וואַרשע, ווען איר זענט געקומען מיט דער „הבימה" שפּילן דעם „דיבוק". איך האָב געזען ווי דער מיראָפּאָלער רבי האָט פון אייך געטריבן דעם דיבוק. איינס קאָן איך אייך זאָגן, אַז ווען איך וואָלט געווען דער דיבוק, וואָלט איך קיין מאָל פון אייך נישט אַרויס...

ס'זיצט אַברהם שלאָנסקי. — מיט שלאָנסקין — זאָגט מאַנגער — האָב איך זיך באַקענט אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ. געווען איז עס אין יאָר טויזנט ניין הונדערט אַכט און פערציק. מיר זענען געקומען צו די געטאָ־פייערונגען, צום פינפטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. שלאָנסקי איז געקומען פון ארץ־ישׂראל און איך פון ענגלאַנד.

— איך בין איינגעשטאַנען אין האָטעל „בריסטאָל", איינער פון די צוויי האָטעלן, וואָס זענען געבליבן נאָך דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע. אַ צימער האָב איך באַקומען מיט נאָך צוויי, פרעמדע מיר, מענטשן. כ'בין געקומען שלאָפן שפּעט אין דער נאַכט. מיינע שכנים זענען שוין געשלאָפן. כ'האָב זיך אָנגעהויבן גרייטן צום שלאָף — און ס'קומט אין מיר אויף אַ געדאַנק, אַז אין די בעטן זענען געשלאָפן דייטשע אָפיצירן.

— כ'האָב זיך געלייגט אויף דער פּאָדלאָגע און אָפּגעלעגן עטלעכע שעה, נישט צוטוענדיק קיין אויג.

— אין קוים זיך גרויענדיקן פֿאַרטאָג בין איך אַראָפּ אין רעסטאָראַן. ווען מיינט איר האָב איך דאָרט געטראָפֿן? — אַברהם שלאָנסקין. און אין דעם קאַלטן פֿאַרטאָג, ווען גאָט אַליין טרינקט קאַווע מיט מילך, איז שלאָנסקי געזעסן איבער אַ פֿלעשל מיט וואָדקע. ער האָט נישט געטרונקען פֿון הנאה, נאָר פֿון צער. דעמאָלט האָבן מיר געשלאָסן מיט זיך פֿריינדשאַפֿט.

— דריי דיכטער זענען מיר דעמאָלט געווען, וועלכע האָבן געשלאָסן מיט זיך פֿריינדשאַפֿט: אַ פּוילישער דיכטער מיט אַ העברעיִשן נאָמען: — טובים, אַ העברעיִשער דיכטער מיט אַ סלאַווישן נאָמען: — שלאָנסקי און איך, אַ יידישער דיכטער מיט אַ געמישטן נאָמען: — מאַנגער, חצי יידיש און חצי העברעיִש.

אָט זיצט ערביים טיש און דערציילט זכרונות. ער דערציילט ווי זיין מוטער האָט דורכויס געוואָלט, אַז איר איציקל זאָל זיך לערנען אַן איידל פֿאַך, זאָל זיך לערנען זיין אַ פֿריזירער. מען גיט אים אַוועק אויף לער צום שערער מאָטל פּרנס. די לערע איז באַשטאַנען — דערציילט מאַנגער — פֿון ניאַנטשען דעם שערערס קינדער. פֿייגעלע די רויטע, מאָטל דעם שע־רערס ווייב, פֿלעגט מיר כּסדר הייסן אַרומטראָגן אַ קינד אויף דער האַנט. אויף איין האַנט האָב איך געהאַלטן דאָס קינד און אין דער צווייטער אַ ביכל און געלייענט. קומט אַריין די באַלעבאָסטע און רייסט מיר אַרויס דאָס ביכל פֿון דער האַנט, נעם איך און וואַרף אַרויס דאָס קינד פֿון דער צווייטער האַנט. — און מאַנגער מאַכט אַזאַ קונציקע און קינסטלערישע באַוועגונג מיט דער האַנט, אַז מיר זאָלן בפּירוש זען ווי דאָס קינד פֿליט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿון זיין פֿריזירערישער קאַריערע איז שוין גאָר־נישט געוואָרן. אַחוץ קלעפּ פֿון זיין באַלעבאָסטע, האָט ער גאָרנישט באַ־קומען. מען האָט געגנומען פֿאַר אים זוכן אַנדערע פֿאַכן.

מיין פֿרוי בעט זיך ביי אים: — מאַנגער, מאַנגער טייערער, נעמט און שרייבט דאָס אויף. ס'האָט דאָך טויזנט טעמים, ס'איז דאָך גאָלד!

— שרייבן סתם קאָן איך נישט. שרייבן קאָן איך נאָר, ווען מען באַ־שטעלט ביי מיר, ווען כ'האָב אַ שטענדיק אָרט ווו צו דרוקן. דעמאָלט האָב איך דאָס געפֿיל, אַז מען דאַרף עס, אַז מען וואַרט דערויף, אַז עס איז נויטיק. און אויב דאָס איז אַפֿילו אַן אילוזיע, אָט דאָס, אַז מען וואַרט אויף מיין זאַך, דאַרף איך די אילוזיע. אָן איר קאָן איך נישט שרייבן.

איך הער מאַנגערס רייד און פֿאַרשטיי אים אַזוי גוט. מיר דערמאָנט זיך זיין ליד: „אילוזיע, שוועסטער מיינע!"

און אַז מען רעדט שוין וועגן שרייבן, זאָג איך: — מאַנגער, און וואָס איז מיט שרייבן אַ פּיעסע?

— אַ פּיעסע קאָן מען שרייבן ווען ס׳איז דאָ אַ טעאַטער — און נישט פאַרקערט — זאָגט מאַנגער. מען איז אַוועקגעגאַנגען פון יידישן טעאַטער. ס׳איז געוואָרן אַ מאָדע צו זוכן אין דער פרעמד. אַזוי טוט אויך דאָס העברעיִשע טעאַטער אין ישראל. אין אַמעריקע איז קיין יידיש טעאַטער בכלל נישט בנימצא. דער אַרבעטער־רינג האָט אַ טעאַטער, וווּ מען שפּילט עטלעכע חדשים אין יאָר, און דאָס איז עס. כ׳בין אפשר דער איינציקער וואָס האָט אין משך פון די לעצטע פופציק יאָר באַזוכט אין ניו־יאָרק די קברים פון צונזערן און גאָלדפאַדענען.

— אויב מען וועט נישט פאַרשטיין די באַדייטונג פון פאָלקלאָר פאַר דער פּאָעזיע און טעאַטער, וועט מען גאָרנישט פאַרשטיין. דער וואָס ווייסט נישט וויפל עלעמענטן פון פאָלקלאָר און פון פאָלקסליד ס׳געפינען זיך אין געטהעס „פאַוסט״ און וויפל פון פאָלקסליד ס׳געפינט זיך אין די לירישע פּאַרטיעס פון שעקספּירס דראַמעס, דער ווייסט גאָרנישט.

(אַ נישט פאַרענדיקטער עסיי)

# ב

# אברהם סוצקעווערס דיכטערישער וועג

## אריינפיר

דער אויסערגעוויינטלעכער, קינסטלערישער פענאָמען, וואָס ס׳שטעלן מיט זיך פאַר די דיכטערישע שאַפונגען פון אַברהם סוצקעווער אין די ימי־החורבן, — איז אַ יחיד־במינודיקער מאַטעריאַל פאַר אַ פאָרשונגס־אַרבעט וועגן קינסטלערישן שאַפן בכלל און וועגן דיכטערישן שאַפן בפרט. די אויסשליסלעכקייט און משונהדיקייט פון די תּנאים, אין וועלכע די שאַ־פונגען זענען געקומען אויף דער וועלט, די קאַטאַסטראָפישקייט פון דער צייט פון זייער געבוירן ווערן, האָבן נישט געקאָנט נישט צעטרייסלען דעם ביזדעמאָלטיקן קינסטלערישן פאַרלויף, דעם אופן פון אויפנעמען, זען, פילן, פאָרויספילן און איבערלעבן ביי אַזאַ סענסיטיווער פערזענלעכקייט, וועלכע שטעלט מיט זיך פאַר אַ דיכטער, און ביי אַזאַ ראַפינירטן, זוכנדיקן און אומרויִקן דיכטער, ווי ס׳איז דערצו אַברהם סוצקעווער. די אויסשליסלעכע משונהדיקייט פון די דעמאָלטיקע באַדינגונגען און דאָס צעטרייסלען דורך זיי די יסודות פון קינסטלערישן געשען, גיבן אַ גאַר באַזונדערע מעגלעכ־קייט אַריינצודרינגען אין דער טיף פון די ווערק פון דער חורבן־תּקופה, און אין אונדזער פאַל: אין די ווערק פון זייער באַדייטנדיקסטן און רעפּרע־זענטאַטיווסטן פּאָעזיע־פאָרשטייער. זיי גיבן אַ מעגלעכקייט אויסצופאָרשן דעם גופא־פּראָצעס פון אַנטשטיין פון די דיכטערישע ווערק און פון דעם קאָנסטרויִרן זיך פון די קינסטלערישע פאָרמאַציעס פון וועלכן יעדעס קונסטווערק מוז במילא באַשטיין.

נאָך מער. די דיכטערישע שאַפונגען פון דער חורבן־צייט דעקן פאַר אונדז אויף אַ ריי ביאָ־פּאָעטישע סודות, וועלכע די שאַפונגען פון די נאָר־מאַלע צייטן וואָלטן פאַר אונדז בשום אופן נישט אויפגעדעקט. אונדזער פאָלקס־ציטערניש האָט (ווי אַן ערד אַן ערד־ציטערניש) געקאָנט צעטרייס־לען און ענדערן (און טאַקע געענדערט) דעם סדר פון קינסטלערישער

מעשׂה־בראשית, די איינגעשטעלטע היעראַרכיע פון די דיכטערישע עלע־מענטן און די קעגנזייטיקע באַציִונג צווישן זיי; ס׳האָט געקאָנט און זיך געענדערט דער פאַרלויף פון דיכטונג און סטרוקטור פון דיכטערישן פּראָצעס אין זיין אַנטשטיין. ס׳וועט אונדז ווייטער (אין ערשטן קאַפּיטל א. ג. „אינספּיראַציע״) אויסקומען אויפצווייזן, שטיצנדיק זיך אויף אַ ריי ציטאַטן פון סוקצעוועסיוו ווערק, אַז אינספּיראַציע, למשל, וואָס איז ביז איצט אָנגע־גאַנגען, אויסדריקנדיק זיך בילדעריש, אַלס דער ערשטער בליץ אין אָנ־ציִענדיקן דיכטערישן שטורעם, פאַרנעמט גאָר אין דיכטערישן פּראָצעס דאָס צווייטע אָרט און דאָס ערשטע פאַרנעמט דער דיכטערישער זעלבסט־באַוווסטזיין. ס׳קאָן זיך אויך ענדערן (און זיך געענדערט) די ריכטונג פון אינספּיראַציע. זי גייט נישט פון אָביעקט צום סוביעקט נאָר פאַרקערט, ד.ה. נישט דער דיכטער ווערט אינספּירירט, נאָר אַ דאַנק דעם זעלבסט־באַ־וווסטזיין איז דער דיכטער בעצם אַן אינספּירירנדיקע פּערזענלעכקייט.

אָנגייענדיק מיט אונדזער פאָרשונג ווייטער, וועלן מיר זיך באַמיִען אויפצווייזן, (אין צווייטן קאַפּיטל א.ג. „געפּיל און פאָרויסגעפּיל״), אַז ס׳זענען פאַראַן צוויי הויפּט־מדרגות אין דיכטערישן שאַפן (ווי למשל ביי נבואה: אספּקלריה המאירה און אספּקלריה שאינה מאירה, כאָטש בדרך כּלל דאַרף מען נישט פאַרגלייכן קיין דיכטער צו קיין נביא, צי פאַרקערט). צו די צוויי הויפּט־קאַטעגאָריעס פון דיכטערישן שאַפן דאַרפן אָנגעווענדט ווערן פאַרשידענע קריטעריעס. ס׳זענען הייסט דאָס פאַראַן דיכטערישע ווערק, וואָס נעמען זייער אָנהייב פון דיכטערישן זעלבסט־באַוווסטזיין און אַזעלכע, וואָס נעמען זייער אָנהייב דירעקט פון אינספּיראַציע. דער לעצטער מקור און די אויסערונג זענען ריין אינטויִטיוו. זיי געהערן צו אַ נידעריי־קערער מדרגה, ווי די שאַפונגען וואָס שטאַמען פון דיכטערישן זעלבסט־באַוווסטזיין, ווייל די דיכטערישע פּערזענלעכקייט פאַרנעמט אין זיי נישט קיין אָרט. די דאָזיקע קאַטעגאָריע שאַפונגען קאָנען פאַרמאָגן זייער אָריי־גינעלע עלעמענטן, נאָר צוליבן אויספעלן אין זיי פון דער דיכטערישער פּערזענלעכקייט, איז זייער אומפאַנגס־ און השפּעה־קרייז אַ באַגרענעצטער.

דאָס דריטע און פערטע קאַפּיטל פון אונדזער אַרבעט וועט הייסן: „טעמאַטיק און קאָנסטרוקציע״ און „קאָנסטרוקציע און טעמאַטיק״. אין זיי ווילן מיר באַגרינדן די טעזע, אַז אין די דיכטערישע שאַפונגען פון דער קאַטאַסטראָפישער צייט, גייט נישט פאָרם געבונדן מיט אינהאַלט, זיי זע־נען נישט קיין סיאַמישע שוועסטער, ווי דאָס געשעט ביי די שאַפונגען פון די נאָרמאַלע צייטן, נאָר די פאָרם איז פאַרן אינהאַלט פון פאָרויס אַ צוגע־

גרייטע, יעדנפאַלס שוין אַ פּאַראַנענע. טראָץ דער צעטרייסלונג פון דיכ־טערישן שאַפונגס־פּראָצעס, טראָץ דער נייקייט פון דיכטערישן פאַרלויף (און אפשר טאָקע דערפאַר), איז די פאָרם פון די שאַפונגען פון דער חורבן־צייט — אַ קאָנסערוואַטיווע (אָפט מאָל אַ קלאַסישע).

די קאַפּיטלען 5 („פּוילן אין סוקצעסיווערס שאַפן"), 6 („וואָר און דיכ־טונג"), און 7 („ליריק צי עפּיק?") — כאָטש מ׳קאָן פון זיי מאַכן אויך אַלגעמיינע אויספירונגען, זענען זיי אָבער אין גאַנצן געווידמעט קודם־כל דעם אַנאַליז פון סוקצעסיווערס דיכטערישן שאַפן און דער צייכענונג פון זיין דיכטערישער פּערזענלעכקייט.

מיר וועלן זיך אין אונדזער פאָרשונגס־אַרבעט נישט באַגרענעצן בלויז צו סוקצעסיווערס שאַפן אין דער חורבן־תּקופה, נאָר אַנאַליזירן זיינע ווערק פון פאַר־ און נאָך־חורבן־צייט. אַפילו צו באַשטעטיקן אַזעלכע טעזן, ווי: דער פּרימאַט פון דיכטערישן זעלבסט־באַוווּסטזיין איבער דער אינספּיראַ־ציע, צי וועגן דער געענדערטער ריכטונג פון אינספּיראַציע, וועלן מיר זיך באַנוצן מיט די לידער פון: „וואַלדיקס" (דערשינען 1940), „יידישע גאַס", (וואָס אַ טייל פון זיי איז געשריבן נאָך דער באַפרייונג) און פון „געהיימ־שטאָט", געשריבן אין די יאָרן 1945—1947, כאָטש אין פלוג קאָן אויסזען, אַז צו באַגרינדן די טעזן וועגן דעם איינפלוס פון די קאַטאַסטראָפישע צייטן אויף דעם פאַרלויף פון דיכטערישן שאַפן, מוזן געבראַכט ווערן נאָר אַזעלכע ווערק וואָס זענען אין די קאַטאַסטראָפישע צייטן באַשאַפן געוואָרן. אין צווייטן קאַפּיטל („געפיל און פאָרויסגעפיל") ביי דער אינטערפּרעטאַציע און אינעם באַשטימען דאָס אָרט וואָס פאָרויסגעפיל פאַרנעמט אין דיכטע־רישן פּראָצעס, וועט זיך אויך געפינען די אויפקלערונג פון אונדזער אַזאַ צוגאַנג צום דאָזיקן פּראָבלעם.

קאָן זיין, אַז נישט דער דיכטערישער שאַפונגס־פּראָצעס האָט זיך גע־ענדערט אונטערן איינפלוס פון דער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע, נאָר אין פייער פון דער פאָלקס־שׂריפה האָבן מיר אַנדערש (און ריכטיק) דערזען דאָס, וואָס איז שוין פון פריִער און פון לאַנג באַשטימט געוואָרן איינמאָליק און אייביק. קאָן זיין. אפשר איז פּאָעזיע נישט מער ווי דאָס, וואָס מיר ווייסן וועגן איר. און ווען אַפילו, אין אָנבליק און געדענק פון חורבן, זאָל זיך נאָר האָבן געענדערט אונדזער איינדרוק און מיינונג וועגן דיכטערישן מקור און פאַרלויף, פאַרפליכטעט עס אונדז אויך וועגן דעם צו וויסן צו געבן דעם שעפער, זיינע לייענער און אָנהענגער, ווייל אפשר אַזוי אַרום וועלן

מיר אָנטרעפן אויפן ריכטיקן מקור פון השפעה, אָן וועלכער קיין שום קונסטווערק קאָן נישט ווערן גרויס, ווען אַפילו ס׳איז פּאַקטיש גרויס.

*

„דער טויט אַליין דערשרעקט זיך פאַר דער שיינקייט״

די אויבן ציטירטע שורה איז פון ליד „יהואש״, וואָס סוצקעווער האָט אָנגעשריבן צו די יהואש־פייערונגען אין ווילנער געטאָ. די שורה איז דער קירצסטער אָבער בולטסטער און איבערצייגנדיקסטער קאָמענטאַר צו סוצקעווערס דיכטערישער פּערזענלעכקייט, צו זיין השקפה און צו זיין שטעלונג צו דער וועלט. זיין שטעלונג איז נישט נאָר אַ דיכטעריש־אַקטיווע, נאָר אַ דיכטעריש־אָנגרייפערישע. דאָס איז נישט קיין אַנטלויפן פון שרעק אין דער שיינקייט, ווי למשל דאָס אַנטלויפן אין דער קינדהייט (על־פּי נוסח אַדלער), נאָר פאַרקערט, דאָס קעגנשטעלן זיך, דאָס שרעקן דעם טויט מיט שיינקייט, מיטן כּוח פון שיינקייט און מיט דער שיינקייט פון שיינקייט. שיינקייט איז אַפילו שטאַרקער פון ליבע, ווייל ליבע איז, לויט שלמה המלכן, שטאַרק ווי דער טויט און שיינקייט קאָן זיין שטאַרקער ווי דער טויט. דערפאַר איז אפשר באַשיינען דאָס אייגענע פאָלק מער ווי ליב האָבן דאָס אייגענע פאָלק, הידור ישׂראל איז אפשר נאָך העכער פון אהבת ישׂראל.

זאָל דאָס אויף דעם אָרט געזאָגט ווערן: אויב אונדזער אומקום איז געווען נאָר טראַגיש, האָבן מיר נאָך נישט דעם פולן אַדעקוואַטן אויסדרוק צו דער טראַגישקייט זיינער (און אפשר קאָן מען אים גאָרנישט האָבן), אויב אונדזער אומקום איז געווען דער טיפער בויג אין הכנעה אונטער דער שווערער פויסט פון נסיון, וועלן מיר שוין פאַר אים קיין ריכטיקערן אויסדרוק נישט האָבן, ווי דעם וואָס מיר האָבן אין אונדזערע תּפילות און תּחינות, אָבער אויב אונדזער אומקום איז אויך געווען שיין, האָט אונדז סוצקעווער דאָס שיינקייט באַוויזן אין אַזעלכע לידער ווי: „די לערערין מירע״, „פאַרפרוירענע יידן״, „די בלייענע פּלאַטן פון ראָמס דרוקעריי״ און אין אַ סך אַנדערע.

אַ מאָל, נאָך לאַנג פאַר דער היטלער־שאַנדע, האָט אונדזערס אַ פריינד לאַנג און אויספירלעך פּרובירט פאַר אונדז פונאַנדערוויקלען דעם מוזיקאַלישן וואונדער פון דער אַלט־גריכישער שפּראַך. איבערגייענדיק שפּעטער צו דער אַנטיקישער, גאָלדענער פּעריקלעס־תּקופה, האָט ער געזאָגט, אַז ער

קאָן זי נישט אַנדערש באַצייכענען ווי: אַ גליק. אָן אַ פּאַרוואָס און אָן אַ פּאַרווען, אָן סיבּות נאָר מיט אומפּאַרגלייכלעכע אין דער געשיכטע רעזול־טאַטן: אַ גליק. ס'רעדט זיך זיכער קיינער נישט איין, אַז ווען מ'וועט שוין איינטיילן די אוצרות פון דער וועלט צווישן די מענטשן נישט לויט זייערע פאַרדינסטן, נאָר לויט זייער געברויך, וועט מען שוין האָבן געשטילט דעם מענטשנס הונגער און בענקשאַפט נאָך גליק. ווייל וואָס איז דאָס אַזוינס גליק? דאָס איז אַ קאָנפיגוראַציע אַזאַ און נישט ווייניקער. די זעלבע עלע־מענטן קאָנען ביי אַן אַנדערער קאָנפיגוראַציע זיין זייער ווייט פון גליק און אין דער — זענען זיי אַ גליק. וואָס איז דאָס אַ קינסטלער? דאָס איז אַ צאָל פון (דער עיקר) פסיכישע עלעמענטן (אָפט מאָל קעגנזעצלעכע) וואָס קאָנען, ביי זייער צוזאַמענטרעפן זיך, דערפירן ביים מענטש אַפילו צו אַ קאַטאַסטראָפע, נאָר אין דעם פאַל, ביים קינסטלער, ד.ה. אין דער קאָנ־פיגוראַציע, ברענגען זיי שעפערישקייט, שיינקייט, קונסט, לאָמיר דאָס אָנרופן, אַז זיי ברענגען צו אַ פּאָזיטיווער קאַטאַסטראָפע.

וואָס איז, פאַרשטייט זיך, די פּאָזיטיווע קאַטאַסטראָפע פון אַ דיכטער לגבּי דער נעגאַטיווער קאַטאַסטראָפע פון אַ גאַנץ פאָלק? דאָס איז אָבער אַ פראַגע, וואָס דאַרף געווענדט ווערן צו אונדזער יידישן גורל, דאָס פאַלט שוין אַרונטער אונטער גאָר אַן אַנדערן חשבון, וועלכער וועט זיכער קיין מאָל נישט אויסגעגליכן ווערן.

אָבער דאָס וואָס ס'האָט זיך געפונען אַ דיכטער, וואָס האָט געמאַכט זיין זעלבסט־באַוווסטזיין פאַר אַ שליח צו פאַראייביקן די שיינקייטן פון די לעצטע גסיסה־רגעס פון אומשעצבאַרסטן חלק פון זיין פאָלק, דאָס איז פאַר אונדז אַ גרויס געשעעניש און טרייסט. מיט דעם האָט ער נישט געקאָנט די אומגעקומענע דערהאַלטן ביים לעבן, ער האָט זיי אָבער נישט געלאָזט פאַרשלונגען ווערן דורך טויט, ער האָט פאַר זיי געשאַפן אַן אומטויט (סוקצעווערס אַן אויסדרוק). אויב ער האָט זיי אַלע נישט געקאָנט דער־האַלטן און געדענקען, האָט ער זיי אויך נישט אַריינגעלאָזט אין פאַרגעסן, ער האָט פאַר זיי געשאַפן אַן אומפאַרגעסן. מיט זיינע שאַפונגען האָט סוקצעווער אויך אויסגעגליכן אונדזער מענטשלעכן באַלאַנס: ער האָט גרינגער געמאַכט דאָס לעבן פון די, וואָס ווילן נישט לעבן פאַר יעדן פּרייז און באַשווערט דאָס לעבן פון די, וואָס ווילן פאַר יעדן פּרייז לעבן.

ווען אַ דיכטער איז פאַראיינזאַמט, גיט עס אים אַפילו געוויסע פּרע־ראָגאַטיוון, אַ געוויסע פּריווילעגירנדיקע שטעלונג. ער קאָן זיך אויפהייבן,

אַפילו אַ מאָל אַראָפּלאָזן, מיט איין וואָרט, דאָס גיט אים אַ מעגלעכקייט קינסטלעריש צו מאַנעווורירן. אָבער ווען דער קינסטלער פילט זיך איינזאַם איז עס פאַר אים אַ גרויס געפאַר, ווייל ער פאַרלירט זיך שנעל און זיין שאַפונגס־מקור ווערט גיך אויסגעטריקנט.

קונסט און אומקום, שיינקייט און פאַרניכטונג, פרייהייט און באַצווינ־גערישקייט, וואָס קאָן שוין זיין טראַגישער פאַרן גורל פון אַ דיכטער? וואָס קאָן אים שוין מאַכן מער פאַראיינזאַמט אין דער פאַראיינזאַמקייט פון זיין פאָלק, וואָס קומט אויף זיינע אויגן אום? אָבער, מ׳דאַרף געדענקען, אַז דאָס איז דער אויסשליסלעכער גורל פון אַ יידישן דיכטער, און ווען אַפילו זיין גורל איז פאַראיינזאַמקייט, פילט ער זיך נישט פאַראיינזאַמט, ווייל זיין פילונג און זיין שאַפונג זענען איינגעוועבט אין דעם גאַנג, אין דעם „עלאַן" אין וועלכן עס גייט די געשיכטע פון יידישע נסיונות פון אומקום צום אויפקום פון אויפקום.

אין שייכות מיט אונדזער אָפּהענגיק מאַכן די העכערע מדרגה פון קונסט פון דיכטערישן זעלבסט־באַוווסטזיין און פערזענלעכקייט, קאָן טייל אויסקומען מאָדנע דאָס אַריינפירן דעם באַגריף פון פּאָזיטיווער קאַטאַס־טראָפע, פון קאָנפיגוראַציע, וועלכע איז דאָך אַ צופעליקייט און נישט קיין שאַפונג פון אַ באַוווסטזיניקן אַקט. דער דאָזיקער איינדרוק איז אָבער נישט קיין באַגרינדעטער. אמת איז, אַז די קינסטלערישע קאָנפיגוראַציע גופא איז נישט קיין פּראָדוקט פון אַ באַוווסטזיניקן אַקט, אָבער דער קינסטלער נוצט זי (די קאָנפיגוראַציע) אויס, דער זעלבסט־באַוווסטזיניקער קינסטלער — צילבאַוווסטזיניק, דער אינטויִטיווער — אינטויִטיוו. קינסטלערישער זעלבסט־באַוווסטזיין איז נישט אָפּהענגיק פון דער קינסטלערישער קאָנפי־גוראַציע, ער איז נאָר ענג מיט איר פאַרבונדן. קינסטלערישער זעלבסט־באַוווסטזיין איז אַ העכער, פריי באַוווסטזיין פון אַ קינסטלעריש שליחות. דער אינטויִטיווער קינסטלער איז אויך אַ שליח, ווייל ער טראָגט עפּעס, ער ברענגט עפּעס, אָבער ער ווייסט נישט פון וואַנען ער האָט דאָס גע־נומען און האָט נישט קיין באַשטימטן אַדרעס ווו דאָס אַוועקצוטראָגן, ער האָט אויך נישט קיין באַשטימטע צייט ווען ער דאַרף דאָס ברענגען. דאַקעגן דער זעלבסט־באַוווסטזיניקער קינסטלער ווייסט ווו ער האָט זיין קונסט גענומען, ער האָט אַ גענויעם אַדרעס ווו דאָס אַוועקצוטראָגן, ער ווייסט אויך אויף באַשטימט די צייט ווען ער דאַרף דערמיט קומען. דערפאַר שטאַמען פון די זעלבסט־באַוווסטזיניקע קינסטלער פאָלקסדיכטער און נאַ־

ציאָנאַלע דיכטער, אויף וואָס די אינטויִטיווע קינסטלער (דיכטער) קאָנען נישט פּרעטענדירן.

ס׳מאַכן אַ טעות די, וואָס מיינען אַז היות דער דיכטערישער אַקט איז בכלל אַן אומנאָרמאַלער, אַ יוצא מן הכּלליקער, אונטערליגט ער במילא נישט קיין שום נאָרמאַטיוון, קיין שום געזעצן, זיין פאַרלויף איז כּסדר אַן אַנדערער און יעדעס מאָל אַ פאַרשידענער, איז דעריבער איבעריק צו רעדן וועגן ענדערונגען אין זיין פאַרלויף און געשען אין קאַטאַסטראָפישע צייטן. ווייל ער (דער דיכטערישער אַקט) ענדערט זיך במילא כּסדר אַפילו אין נאָרמאַלע באַדינגונגען. ס׳איז ווייט נישט אַזוי. כאָטש מיר קאָנען נישט אָנרופן דעם סכום און נישט באַשטימען דעם איכות פון די עלעמענטן וואָס זייער צוזאַמענטרעפן זיך אין מענטש רופן אַרויס „די פאָזיטיווע קאַטאַסטראָפע״, כאָטש מיר קאָנען נישט אָנצייכענען די סכעמע פון דער קינסטלערישער קאָנפיגוראַציע, עקזיסטירן געזעצן פאַרן קינסטלערישן פאַרלויף וואָס דערמעגלעכן, אַז דער קינסטלערישער פאַקט (אַלס פועל־יוצא פון קינסטלערישן פאַרלויף) זאָל קאָנען אויפגענומען ווערן דורכן לייענער און זאָל ביי דעם לעצטן אַרויסרופן די גייסטיקע צושטאַנדן וואָס האָבן געווירקט אין דיכטער (אָדער דורכן דיכטער באַווירקט געוואָרן) אינעם לויף פון שעפערישן פּראָצעס. נישט רעדנדיק שוין וועגן די געזעצן וואָס ווערן אויפגעצוווּנגען (אַפילו דורך דעם אינטויִטיוון דיכטער) דעם דיכטערישן (קינסטלערישן) פאַקט בשעת זיין התגלות. אָן דער עקזיסטענץ פון געזעצן פאַרן קינסטלערישן פאַרלויף, וואָלט אוממעגלעך געווען אַז דער פּראָדוקט פון אינספּיראַציע (דאָס קינסטלערישע ווערק) זאָל ווידער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ כּוח וואָס זאָל ווידער אינספּירירן (דעם לייענער) אויב נישט צו שעפערישע אַקטן איז צו רעפּראָדוצירנדיקע.

וואָס שייך צו דעם דיכטערישן פענאָמען, וואָס ס׳שטעלן מיט זיך פאָר אַברהם סוצקעווערס ווערק פון דער צייט פון אונדזער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע — האָבן זיי געהאַט אין זיך (און זיי האָבן נאָך עד היום פאַר אונדז) עפּעס סובלימירנדיקס. יעדע גרויליקע איבערלעבונג פאַרפיקסירט (סובלימירט) אין אַ ליד, האָט דעם דיכטער געהאָלפן אַריינגיין אין אומטויט און דערגיין אין לעבן, האָט אים געהאָלפן וואָס אַ מאָל בעסער און וואָס אַ מאָל העכער צו סובלימירן זיינע איבערלעבונגען. דאָס האָט אים אויך געהאָלפן צו טראָגן, איבערצוטראָגן און אַריבערצוטראָגן זיינע פילונגען און איבערלעבונגען אויף יענער זייט פון טויט. דאָס האָט אים געהאָלפן, נאָכן חורבן, קינסטלעריש זיך צו שלימותן. סוצקעווערן איז דאָס אַלץ געווען באַשערט.

די דאָזיקע באַשערטקייט, ווי זיין דיכטערישן זעלבסט־באַוווסטזיין, האָט ער געטראָגן און טראָגט אין זיך.

לאָמיר אויף דעם אָרט דערמאָנען די אַלע דיכטער און קינסטלער וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן בימי החורבן און וועמען דאָס אַלץ איז ליידער נישט געווען באַשערט. אויף לזכר נשמתם איז די אַרבעט געשריבן געוואָרן.

# אינספּיראַציע

## 1. אָנפאַנג

„וואָלט כאָטש די האַנט פון וווּנדער
איר שאָטן בלויז באַוויזן!״

(„וואָלדיקס״, 1940)

דאָס וואָס אונדז אינטריגירט און עמאַציאָנירט אַממייסטן אין סוצקע־ווערס שאַפונגען, אין זיין דיכטערישן דרך, אין זיין פּאָעטישער איינשטע־לונג, — איז זיין אומרויִקייט, זיין כּסדרדיק זוכן. זיין קלאַפּן מיטן דיכטע־רישן קאָפּ אין האַרטן שטיין פון פּאָעזיע, אויב מיר זאָלן זיך אויסדריקן אַ ביסל מליצהדיק. ווען מען אַנאַליזירט גרינטלעך די לידער פון סוצקע־ווערן זעט מען ווי ווייט מיר מוזן אַוועקגיין פון אַזעלכע פאַרעלטערטע באַגריפן אין דער קונסט, ווי ספּאָנטאַנישקייט, סטיכישקייט א״אַ בכדי מיר זאָלן נישט מוזן טאַפּטשען אויף איין אָרט נאָר קאָנען דערגיין צו עפּעס נייעס. אָן אינווענץ, אָן אינאָוואַציע, אָן נייעס איז דאָס אַלטע אין דער קונסט נישט אַלט נאָר פאַרעלטערט; אָן נייעס פאַרלירט די קונסט איר פאַרבינ־דונג מיט דער צייט, זי פאַרלירט די פאַרבינדונג, וואָס טאַקע אַ דאַנק איר קאָן זיך די קונסט אָפּרייסן פון דער צייט. זיין למעלה מן הזמן. קונסט אָן נייעס, אָן באַנייונג ווערט אָפּגעריסן פון איר צייט. ווערנדיק אָפּגעריסן באַפרייט זי זיך נישט פון דער צייט, פאַרקערט, זי פאַרשקלאַפּט זיך צו איר, דאָס הייסט זי פאַרשקלאַפּט זיך צו דער צייטס אָן אָפּשניט (אַ צייט־אָפּשניט אַ געוועזענער). אַזוי אַרום ווערט נישט־באַנייטע קונסט, ווען זי רייסט זיך אָפּ פון דער צייט, נישט אַ דערשיינונג וואָס איז למעלה מן הזמן, נישט איבער דער צייט, נאָר אונטער דער צייט.

די אויבן דערמאָנטע פּאָעטישע אייגנשאַפטן זענען געווען פאַר סוצקע־ווערן כאַראַקטעריסטיש באַלד ביים שטעלן דורך אים זיינע ערשטע פּאָע־

טישע טריט. פאַר אונדז, וואָס מיר מעסטן יעדן קינסטלערישן פּרוּוו מיט דורכויס אייראָפּעיִשע מאָסן, נישט מאַכנדיק קיין שום קאָנצעסיעס און הנחות אונדזער „היימישער אָרעמקייט״, — פאַר אונדז האָט סוצקעווערס ראַנגלען זיך מיטן וואָרט געהאַט אין זיך עפּעס פון דעם גלויבן אין וואָרט וואָס איז געווען אייגנטימלעך פאַר די פראַנצויזישע סימבאָליסטן. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳זענען שוין ווייט פון אונדז היינט (און מיר מיינען, אַז פון סוצקעווערן אויך) די טעמאַטיק פון זיינע ערשטע לידער. אַפילו די פאַנטעזיִסטישע דעקלאַראַציע פון „וואַלדיקס״, דאָס קושן מיט קאָסמישע ליפּן דעם שטויב פון דער וועלט און דאָס שרייען צו דער וועלט מיט קידוש־לבנה־אותיות: „כ׳האָב אייביק דיך ליב״ זעט שוין איצט אויס צו זיין ווייט און נאַיִוו. אָבער שוין אין ערשטן ליד פון זיין ערשטן בוך „לידער״ געפינען מיר אַזאַ זאָג:

אויך דו, — וואָס אין דײַן טיפעניש גייט אוף,
די ערשטע ליכטיקייט פון דײַן באַרוף.

דער זאָג איז אַן עדות פון אַ קינסטלערישן פּראָצעס, וואָס וועט אונדז שפּעטער צווינגען צו רעווידירן אַ ריי איינגעפונדעוועטע באַגריפן וועגן קונסט. אַלזאָ נישט די ליכטיקייט פון קינסטלערישע עלעמענטן, נישט די ליכטיקייט פון קינסטלערישן ווערן, נאָר די ליכטיקייט פון קינסטלערישן זיין — זעט דער דיכטער אויפגיין אין זיין טיפעניש. נישט די פּאָעטישע ליכטיקייט, נאָר דעם פּאָעטס ליכטיקייט. נישט זיינע קינסטלערישע אַטריבוטן נאָר זיין קינסטלערישן עצם, זיין קינסטלערישע פּערזענלעכקייט, שליסלעך זיין פּאָעטישן זעלבסט־באַוווסטזיין זעט דער דיכטער אַלס דעם אָנפאַנג פון זיין קאָמפּליצירטן קינסטלערישן וועג.

שוין אין די ערשטע זידיקע, צעברויזטע לידער פון „וואַלדיקס״ געפינען מיר אַ ליד, וואָס איז פול איינגעהאַלטנקייט, געצוימטקייט, פול מיט אויסגעזוכטע מאָלערישע און וואָרט־עלעמענטן, די עלעמענטן, וואָס בילדן דעם יסוד פון סוצקעווערס (נישט אַן שטרויכלונגען) מייסטערשאַפט. אָט איז דאָס ליד („די ראַבינע״) אין גאַנצן:

די ראַבינע לאַכט אינעם פעלדישן ווינט,
די אָרעמס — מיט זונוועבס באַשפּינט.

דער מאָלער, וואָס צינדט די פאַרציטערטע בלעטער,
פאַרענדערט די גרינען אין ברעניקע געלן, —
און שפּאָכלט די וועגן מיט בלוט פון פאַלעטער —
ער האָט זי באַהאַלדזיקט מיט פּורפּלנע קרעלן.

איז פינקלט זי איצטער אין זיי צו די פליינען
די טרויעריק־פריילעכע בענקערין! ס׳פּעלט
איר בלויז אין די איידעלע פינגער אַ לירע.
דערפאַר אָבער זינגען די קרעלעכלעך אירע,
דערפאַר אָבער... נאָר מיט אַ מאָל נעמט זי וויינען,
אַזוי ווי אַ נאַכטפויגל וויינט אין דער וועלט:

דאָס האָט זי דערשפּירט, ווי אַ טרוקענער בלאַט
באַרירט איר די הויט מיט דעם טויטס אַראָמאַט.

ווען סוצקעווער האָט געשריבן זיינע לידער און פּאָעמעס פון „וואַלדיקס״ (אין די יאָרן 1937—1939) האָט זיך שוין די וועלט־פּאָעזיע לאַנג געהאַט באַהאַלטן אין די שוצגרובנס פון נעאָ־קלאַסיציזם. וואָלט־וויטמאַניזם, פּאַנטעיִזם, וויטאַליזם — האָבן שוין געהאַט גענומען זייערע חלקים אייביקייט און אַוועק. ווייל אייביק איז נישט שטענדיק. אייביק איז דאָס, וואָס איז אין אַ געגעבענעם מאָמענט געווען שלימותדיק — און מוז גאָרנישט זיין שטענדיק, שטענדיק איז אפשר גאָרנישט אייביק נאָר בלויז דער הינטערגרונט, דער פאָן פון אייביקייט, כאָטש דאָס זעט זיך אויס צו זיין אַ פּאַראַדאָקס.

ווען סוצקעווער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן לידער זענען די ימים־טובים (די אמתע און די פאַלשע) פון די פאַרשידענע איזמען געהאַט אַוועק, און פאַר דעם נעאָ־קלאַסיציזם איז ער אַפּנים געווען צו יונג. דער קלאַסישער פאָרם איז אים באַשערט געווען צו שענקען דווקא עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַפילו די פאָרמלאָזסטע פאָרם געקאָנט צעשטערן. מיר מיינען דאָ די אינהאַלטן פון „געהיימשטאָט״. זעט אויס, אַז סוצקעווער האָט געמוזט אָנשרייבן זיינע לידער און פּאָעמעס פון „וואַלדיקס״. ער האָט זיך געמוזט באַפרייען פון פּאַטאָס פון לעבן בכדי קאָנען אויפנעמען און באַהערשן דעם טראַגישן חשבון פון טויט. ס׳האָט געמוזט זיין עפּעס אַ מוז דערביי. די אויסטערלישע אויפגאַבע צו וועלכער סוצקעווער דער ייד און דיכטער איז

געגרייט געוואָרן, האָט געמוזט, זעט אויס, האָבן איר משונהדיקע הקדמה אינעם אַרויסגעבן אַ באַנד לידער געווידמעט דער ליבשאַפֿט צו דער וועלט, דער פֿריינדשאַפֿט צו איר אין אַ צייט ווען די וועלט האָט זיך געבראָכן אין אַלע ריפּן און די יידישע וועלט איז שוין כּמעט געשטאַנען אין פֿלאַמען.

שוין אין ערשטן ליד פֿון זיין ערשט לידער־בוך האָט דער דיכטער געוווּסט וועגן דער ליכטיקייט פֿון זיין באַרוף, נישט וועגן דער ליכטיקייט פֿון זיין באַרופֿנקייט, נאָר פֿון זיין באַרוף, פֿון דעם פּאָעטישן כּוח וואָס ער האָט אין זיך, פֿון דעם כּוח מיט וועלכן ער דאַרף אינספּירירן.

דערנאָך איז ער געקומען אין „וואַלדיקס" און געוואָלט זיך אַריינלעבן אין יעדן לעבעדיקן וועזן, אַריינפֿילן זיך אין יעדן געפֿיל. ער האָט געוואָלט זיי אויספּרובירן און אויף זיי אַרויפֿשטעלן זיין פּאָעטישע חתימה פֿון קינסטלערישער וואָג און מאָס. אין זיין הייסן מוח, וואָס האָט זיך אַ באַקוועם זיצאָרט אונטער אַ קאַלטן שטערן פֿון אַ ליטוואַק, — איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק: אַלע גרויסע גאַנצקייטן אַפֿילו פֿון די קלענסטע לעבנסשפּלי־טערס, אַלע קליין־גרויסע און גרויס־קליינע געפֿילן פֿאַרגליווערן אין פּאָע־טישע סטראָפֿן, אָבער ביי יעדן פּרווו פֿון „באַשטראָמען" זיי, פֿון פֿאַרהאַר־טעווען, האָבן זיי אַרויסגעגעבן פֿון זיך אַזעלכע עקסטאַטישע אויסגעשרייען, אַז דער דיכטער איז מיט זיי געוואָרן מיטגעריסן, און ער, וואָס האָט שוין לאַנג פֿאַרויסגעפֿילט „די ליכטיקייט פֿון זיין באַרוף" האָט מיט פֿאַרצווייפֿ־לונג זיך געבעטן: „וואָלט כאָטש די האַנט פֿון ווונדער איר שאָטן בלויז באַוויזן".

די קינסטלערישע וואַלאָרן פֿון די לידער אין „וואַלדיקס" שטייען אָן שום ספק העכער, וואָס שייך וויזואַליטעט, וואָרט־באַנייונג, מוזיקאַליטעט — פֿון די פֿון זיין ערשטן בוך „לידער". אָבער אין טאָן, ליטעראַרישער קולטור (נישט קינסטלערישער, נאָר ליטעראַרישער) און אין זין פֿון דער פּאַרטיפּטקייט פֿון השפּעות — שטייען די לידער פֿון ערשטן באַנד נענטער צו די פֿון געטאָ־אומקום פּעריאָד, ווי עס שטייען צו זיי די לידער פֿון „וואַלדיקס". אין „וואַלדיקס" איז אפֿשר פֿאַראַן מער פֿון דעם, וואָס דער דיכטער וויל זיין, ווי פֿון דעם, וואָס דער דיכטער איז; מער פֿון דעם, צו וואָס דער דיכטער וויל דערגיין, ווי פֿון דעם צו וואָס דער דיכטער איז דערגאַנגען. דאָס הייסט נישט, אַז די לידער פֿון „וואַלדיקס" זענען נישט עכט. קאָן זיין, אַז פֿאַרקערט. די עכטקייט פֿון וועלן איז אפֿשר מער פֿון דער עכטקייט פֿון האָבן. ווייל דאָס וואָס מיר האָבן קאָן קיין מאָל נישט זיין

(און טאָר נישט זיין) אין גאַנצן אונדזערס (פריי פון השפּעות), אָבער דאָס וואָס מיר ווילן, דאָס צו וואָס מיר שטרעבן איז שטענדיק אונדזערס, אַפילו ווען דאָס איז נישט בלויז אונדזערס.

**די לידער פון סוצקעווערס ערשט בוך זענען זיינע, דאָס הייסט, אַז אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ דאָס, וואָס דער דיכטער איז שוין, דאָס וואָס ער האָט שוין. און געהאַט האָט ער שוין, כאָטש נאָך „אין ספק", זייער אַ סך. ער האָט געהאַט דעם דיכטערישן זעלבסט־באַוווסטזיין, וועלכן ער האָט שפּעטער, אין שיכּרות פון וועלט־ און מענטשן־ליבע, געהאַט אויף אַ מינוט פאַרלוירן. די לידער פון „וואַלדיקס" זענען נאָך דער וועלטס, וואָס ער גייט זי נעמען בגוואַלד. אַלס קינסטלערישע באַזע פאַר זיינע לידער פון דעם אומקום־פּעריאָד האָבן סוצקעווערן געדינט די לידער פון זיין ערשטן באַנד, ווייל צו זיין אייגענעם אומטויט האָט ער געקאָנט קומען נאָר דורך דעם, וואָס איז שוין זיין אייגנס, וואָס איז הונדערט פּראָצענטיק זיין אייגנס, דורך דעם, וואָס איז אין אים און נישט נאָר אַרום אים, דורך דעם, וואָס איז אַ חלק פון אים און נישט פון דעם פון וואָס ער איז אַ חלק.**

**אָבער „וואַלדיקס" האָט געמוזט זיין. נישט דערפאַר ווייל דאָס ("וואַל־דיקס") האָט געהאָלפן קרעפטיקן דעם דיכטערס טאַלאַנט און זיינע קינסט־לערישע וואַלאָרן אויף שפּעטער, נאָר ווייל אָן „וואַלדיקס" וואָלט דער דיכטער נישט געהאַט די זיכערקייט, אַז ער מוז אומבאַדינגט זיין און בלייבן. אין „וואַלדיקס" האָט סוצקעווער זיך געשטאַרקט צו נעמען די וועלט ביי די הערנער, ער האָט זיך אין איר איינגעקלאַמערט מיט נאַיוון אָבער יוגנט־לעכן און אמתן ברען, ער האָט זיך אַליין איינגעפּלאַנצט אין אַ שטאַרק לעבן, ער האָט זיך גענומען דעם גלויבן אין אייביקייט, גענומען, בפירוש גענומען, מיט געוואַלד גענומען. און ווען אַפילו ער דערטראַכט זיך דאָרט, צי ער דערפילט זיך דאָרט צו אַזאַ שורה:**

ווער זאָגט עס, אייביק וועל איך לעבן, גיכער — אייביק שטאַרבן.

**אויב ער האָט זיך נאָכגעגעבן דער טראַציקייט פון וועלט־סדר, ווו אַלץ מוז אומקומען, הערט ער אויך נישט אויף צו גלייבן אין אייביקייט. זאָל זיין אייביק שטאַרבן, אַבי אייביק. מיט דעם גלויבן אין אייביקייט איז דער דיכטער אין די ערשטע טעג פון אומקום אַריין צו זיך אין „די פעסטונג".**

## 2. דער וועג פון אינספּיראַציע

אינספּיראַציע ווערט אָנגערופן דער מאָמענט פון קינסטלערישער באַ־פּרוכפּערונג. די אינספּיראַציע רופט אַרויס די שעפערישע פאַנטאַזיע און ווירקט אין איר אַזוי לאַנג ביז וואַנען די שעפערישע אַקציע נעמט אָן קאָנקרעטע פאָרמען. מיטן מאָמענט ווען דאָס ווערק, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט אַלס פּועל־יוצא פון דער אינספּיראַציע, ווערט פאַרטיק — טוט זיך פון קינסטלער אָפּ די השפעה פון דער אינספּיראַציע (וואָס איז אַליין אויך נישט עפּעס אַנדערש ווי השפעה). בכדי עפּעס ווידער צו שאַפן מוז דער קינסטלער ווידער אינספּירירט ווערן. אַזוי איז דאָס בדרך־כּלל.

ס׳זענען פאַראַן קינסטלער וואָס מוזן כּסדר זיין אינספּירירט, ד.ה. איידער עס טוט זיך פון זיי אָפּ די ווירקונג פון אינספּיראַציע (פון דעם פון וואָס זיי זענען איין מאָל אינספּירירט געוואָרן), מוזן זיי שוין ווידער אינספּירירט ווערן. טאָמער געשעט נישט אַזוי, פילן זיי זיך אומגליקלעך. זיי האָבן דעם איינדרוק, דאָס געפיל, אַז זייערע קינסטלערישע מעגלעכקייטן זענען שוין אויסגעשעפּט, וואָס דאָס אַליין קאָן אַ מאָל זיין די סיבה, אַז זיי זאָלן טאַקע אויפהערן צו זיין שעפעריש.

אינספּירירט קאָן דער קינסטלער ווערן פון אַ געשעעניש, טרעפונג, זעונג, פון אַ געפיל, פאָרויסגעפיל, פון אַ בילד, פאַרב, קלאַנג אאַז״וו אאַז״וו. אינספּיראַציע איז אַ פונקציע וואָס טראָגט איבער די אויסווירקונג פון אינספּירירנדיקן אויפן אינספּירירטן. דער אינטואיטיווער קינסטלער קאָן נישט אויפנעמען אַלע אינספּירירנדיקע פונקציעס. דער אינספּירירטער אָבער באַוווסטזיניקער קינסטלער קאָן טייל אינספּירירנדיקע פונקציעס אָפּ־וואַרפן, אויב זיי אַנטשפּרעכן נישט זיין כאַראַקטער, קינסטלערישן טעמפּעראַמענט, וועלט־אַנשויונג, צי גאָר זיין קינסטלערישן פּראָגראַם. די ריכטונג פון דער אינספּיראַציע איז: פון אינספּירירנדיקן אָביעקט צום אינספּירירטן סוביעקט.

ס׳זענען אָבער פאַראַן קינסטלער (למשל דיכטער) וואָס ווערן נאָר איין מאָל אינספּירירט און דאָס גענוגנט זיי אויפן גאַנצן לעבן. זיי ווערן נישט אינספּירירט פון עפּעס דרויסנדיקס, נאָר פון דער אייגענער אינערלעכקייט. דעריבער גייט נישט ביי זיי די אינספּיראַציע ווי געוויינטלעך פון אָביעקט צום סוביעקט, נאָר פאַרקערט: פון סוביעקט צום אָביעקט. (ד.ה. די ריכטונג איז נישט פון אינספּירירנדיקן אָביעקט צום אינספּירירטן סוביעקט, נאָר

פון אינספּירירנדיקן סוביעקט צום אינספּירירטן אָביעקט). דער מין קינסט־לער ווערט אינספּירירט פון אַן אינערלעך געפיל, אַז זיי זענען קינסטלער (דיכטער, שרייבער, מוזיקער, מאָלער א״אַ). געפירט פון דאָזיקן באַוווּסט־זיין מאַכן זיי זייערע ערשטע קינסטלערישע פּרוּוון. גיבן זיי זיך איין (וואָס דאָס געשעט כּמעט שטענדיק ביי דער קאַטעגאָריע קינסטלער) ווערט פון זייער אינספּירירנדיקן באַוווּסטזיין אַ קינסטלערישער זעלבסט־באַוווּסטזיין וואָס דויערט כּסדר, אָבער ווירקט נישט אָן איבעררייס. די דאָזיקע קינסט־לער ווערן אינספּירירנדיקע פּערזענלעכקייטן. נישט זיי ווערן אינספּירירט פון אַ טרעפונג, זעונג, געשעעניש, געפיל, פּאָרויסגעפיל, בילד, קלאַנג, אאַז״וו נאָר פאַרקערט, אַ דאַנק זייער קינסטלערישן זעלבסט־באַוווּסטזיין אינספּירירן זיי די אַלע אויבן דערמאָנטע פאַקטן זיך צו פאַרוואַנדלען אין קינסטלערישן מאַטעריאַל.

די קינסטלערישע אַנטוויקלונג פון דעם מין קינסטלער פאַרלויפט נישט ליניע־אַרטיק (קרעשטשענדאָ אָדער אין זיגזאַגן) נאָר פּונקטאַרטיק, זי גייט אַרויס פון אַ געוויסן פּונקט און צעשטראַלט זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען (אין איין ריכטונג מער — אין דער צווייטער ווינציקער), אָבער שטענדיק גייט די אַנטוויקלונג פון צענטער אויס.

אַזוי ווי דער אינספּירירטער קינסטלער קאָן נישט אַלע אינספּירירנ־דיקע פונקציעס אויפנעמען (מיר מיינען דאָ די ריין אינטויִטיווע קינסטלער), אַזוי ווי די צילבאַוווּסטזיניקע (אָבער אינספּירירטע) קינסטלער קאָנען טייל אינספּירירנדיקע פונקציעס אָפּוואַרפן (ווען זיי אַנטשפּרעכן זיי נישט), אַזוי קאָן נישט דער זעלבסט־באַוווּסטזיניקער קינסטלער אַלץ און אַלע מאָל אינספּירירן. אַ מאָל געפינט זיך אַ פאַקט צי אַ זאַך אין אַזאַ קאָנסטעלאַציע, אַז זי איז נישט מוכשר אינספּירירט צו ווערן. די זעלבע זאַך צי דער זעלבער פאַקט אין אַן אַנדערער קאָנסטעלאַציע קאָן פאַרקערט לייכט און פולקאָם אינספּירירט ווערן. די אינספּירירטע דורכן קינסטלערישן זעלבסט־באַוווּסטזיין זאַך, געשעעניש, צי איבערלעבעניש, קומט צום קינסטלער צוריק. ער איז בכּוח זי צו נייטן קומען צוריק. דעמאָלט איז עס שוין פאַר־טיקער קינסטלערישער מאַטעריאַל.

פאַרשטייט זיך, אַז יעדער קינסטלער האָט דאָס אינערלעכע געפיל, אַז ער איז אַ קינסטלער. אָבער ביי די אינספּירירטע קינסטלער איז דאָס געפיל נישט קיין פּרימער נאָר אַ סעקונדער געפיל. נישט ער ווייסט אַז ער איז אַ קינסטלער און דערפאַר וואַגט ער קינסטלעריש צו שאַפן. נאָר פון זיינע שאַפונגען (צו וועלכע ער קומט אָפט מאָל צופעליק, אָדער געשטויסן

**פון אַ ריין אינטויִטיוון כּוח), ווערט ער געוואָר אַז ער איז אַ קינסטלער. ביי יעדער נייער שאַפונג זיינער ווערט ער אויף דאָס ניי איבערגעצייגט, אַז ער איז אַ קינסטלער, און צווישן איין אינספּירירנדיקן אַקט און צווייטן פאַרלירט ער די זיכערקייט, אַז ער איז עס.**

**צום מין פון זעלבסט־באַוווסטזיניקע קינסטלער ווילן מיר אויך פאַר־רעכענען אַברהם סוצקעווערן. אָט הערט וואָס ער אַליין זאָגט וועגן דעם:**

דער פינגער פון שטילקייט באַווייזט מיר דעם סיני,
כּ'וועל נאָענט ניט צוגיין ווו ער איז געשטיגן.
אַנטלויפן, אַנטלויפן אַהיים, אין רוּינע!
צעפּיקן אויף טויט וועט מיך וועלן דער ניגון...

און אפשר, פאַרקערט, קעגן אַלע געזעצן
אַריינגיין אין וואָלקן און זען וואָס מען זעט ניט, —
און זאָל מיך אויף שפּליטערס די שטילקייט צעזעצן
אַנשטאָט די געדאַנקען: אָ, ניין, איך באַטרעט ניט?

— הר סיני, דו האָר פון דער שטילקייט אין וויסטע,
די טריט מיינע וואַקלען צום וואָלקן, וואָס בלענדיקט — — —
צעשפּרייט זיינע פליגל אַן אָדלער: ווער ביסטו?
— מיין נאָמען? מיין נאָמען? — — — (דאָס ליד ניט געענדיקט)

**(הר סיני, „אין פייער־וואָגן")**

**יאָ, זיין ליד איז נאָך ווייט נישט געענדיקט... „זען וואָס מען זעט נישט" — איז אַ געבאָט פון דיכטערישן סיני...**

(אַ נישט פאַרענדיקטער עסיי)
„דווקא"

# אברהם סוצקעווערס „גייסטיקע ערד"

פּאָעזיע — איז אַ גרויסע, פֿאַנטאַסטישע וועלט פֿאַר זיך. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז זי מוז דווקא זיין אַן אָפּגעשלאָסענע, אַן אָפּגעריסענע פֿון דערווירקלעכקייט, פֿון אונדזער ווירקלעכער וועלט. ניין. פּונקט ווי דער ייד, וואָס איז מקיים די מצווה פֿון זיצן אין סוכּה, שליסט זיך נישט אָפּ אין די פֿיר ווענט אירע, נאָר פֿאַרבעט צו זיך די אושפּיזין, די געסט, די אָבות, אַזוי שליסט זיך נישט אָפּ דער פּאָעט אין די ד' אמות פֿון זיין פּאָעזיע, נאָר פֿאַרבעט צו זיך שטיקער ווירקלעכקייט און געשטאַלטן פֿון דער ווירקלעכקייט בכדי צוזאַמען פּראַווען די מצווה און די שׂמחה פֿון פּאָעזיע.

דער דיכטער פֿאַרבעט צו זיך אין דער פּאָעזיע נאָר די טיילן ווירקלעכקייט, נאָר די געשטאַלטן, וועלכע ער וויל פֿאַרבעטן, און נישט דאָס אַלץ און די אַלע, וואָס וואַרפֿן זיך אָן אויפֿן פּאָעטס געמיט. אויפֿן סענסיטיוון דיכטער וואַרפֿט זיך אַלץ אָן, פֿון קלענסטן ביזן גרעסטן, און ער דאַרף האָבן קינסטלערישן, דאָס הייסט איבערמענטשלעכן, כּוח, אַז ער זאָל נעמען נאָר דאָס, וואָס איז אים אומבאַדינגט נויטיק פֿאַר זיין ווערק. וואָרעם אַ קינסט־לער איז נאָר דער, וואָס הערשט, און נישט דער, וואָס לאָזט זיך באַהערשן.

דאָס אַלץ האָב איך געזאָגט אין שייכות מיט דער נאָר־וואָס דערשינענער גרויסער פּאָעמע פֿון אַברהם סוצקעווערן, מיטן גליקלעכן נאָמען „גייס־טיקע ערד". די קאַנווע פֿאַר דער פּאָעמע — איז דעם דיכטערס עולה זיין קיין ארץ־ישׂראל, אין יאָר 1947. זי הויבט זיך אָן, די פּאָעמע, מיטן דיכטערס נסיעה אויפֿן ים מיט דער שיף „פּאַטריאַ", וועלכע איז פֿול מיט געשטאַלטן און געשפּענסטער פֿון זיין און אונדזער נאָר־וואָס חרוב געוואָרענער וועלט. דערנאָך פֿלעכט זיך די פּאָעמע איין מיט גרויסאַרטיקע בילדער פֿון ארץ־ישׂראל־פּייזאַזש און מיט געהויבענע געשטאַלטן פֿון ישוב אין דער דעמאָל־טיקער ארץ־ישׂראלדיקער ווירקלעכקייט.

אָבער נישט די טעמע איז דער עיקר. כאָטש זי קאָן דערהויבן ווערן צום עיקר, ווערן גלייך מיטן עיקר, אַזוי ווי דאָס געשעט טאַקע אין סוצקע־ווערס פּאָעמע „גייסטיקע ערד". אָבער איך וויל זאָגן עפּעס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר סוצקעווערן און זיין דיכטערישן גאַנג.

אַברהם סוצקעווער איז אַן אַמביציעזער, איך וואָלט אַפילו געזאָגט, אַ שטאַרק אַמביציעזער דיכטער. זיין ערשטלינג־כּוונה, ווען ער האָט זיך גע־נומען שרייבן פּאָעזיע איז געווען — גיין זוכן שיינקייט. אַפילו אין זיינס אַ ליד פון געטאָ־ווילנע זאָגט ער: „דער טויט אַליין דערשרעקט זיך פאַר דער שיינקייט". און אַז ער האָט אַזוי געזאָגט, האָט ער מן־הסתּם געגלויבט דערין און גלויבט נאָך דערין עד היום. אין זיין פּאָעמע „גייסטיקע ערד" גייט ער נישט נאָר זוכן שיינקייט, נאָר ער האָט מיט איר און אַ דאַנק איר געפונען אַ סך שיינקייט.

כאָטש שיינקייט איז אַן אַבסטראַקטער באַגריף, אָדער ווי די אימפּרע־סיאָניסטן האָבן געזאָגט: אַ וואָרט, אין וועלכן מען דאַרף ערשט אַריינטאָן אינהאַלט, דאַרף מען נישט האָבן קיין גענויען טייטש פאַר דעם וואָרט, אַז מען זאָל באַקומען גייסטיקע געהויבנקייט, התרוממות הנפש, וואָס שיינקייט גיט, פּונקט ווי מען מוז נישט זיין קיין כעמיקער, צי אַלכעמיקער, בכדי קאָנען שיכּור ווערן פון פּאָעזיע. איך מיין, פאַרשטייט זיך, די יעניקע, וואָס זענען מסוגל פון פּאָעזיע שיכּור צו ווערן.

אָפּגעזען פון דעם, וואָס אין דער צייט מיט וועלכער די פּאָעמע רופט זיך איבער, זענען נאָך ביים דיכטער אַזוי פריש די קאָשמאַרן פון דעם נאָך אַזוי נאָענטן עבר, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין זיין לאַנד, אין וועלכן ער איז נאָך אַזעלכע מוראדיקע איבערלעבונגען געקומען, איז דעמאָלט אָנ־געגאַנגען אַ שווערע מלחמה, און „עס איז יעדע שעה אַ בערגעלע: פּה נטמן"... פילט זיך אין דער פּאָעמע „גייסטיקע ערד", פרייד. דאָס איז דערפאַר, ווייל סוצקעווער דער דיכטער איז נישט קיין זאָגער און נישט קיין זינגער, נישט געקוקט אויף דער מוזיקאַלישקייט פון זיין פערז. ער איז קודם־כּל אַ דיכטער — אַ געשטאַלטיקער. און אַזוי ווי דער חומר, די מאַטעריע, בענקט נאָך געשטאַלט, אַזוי בענקט דער קינסטלער נאָך גע־שטאַלטיקונג. און געלינגט עס אים, פרייט זיך נישט נאָר דער קינסטלער נאָר אויך זיין ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן. אַזוי איז דאָס אין דעם פאַל מיט סוצקעווערן און זיין פּאָעמע „גייסטיקע ערד".

אין דער פּאָעמע „גייסטיקע ערד" זענען צעזייט און צעשפּרייט אַ סך שיינקייטן און געטאָן איז דאָס מיט אַ האַנט פון אַ צילבאַוווסטזיניקן דיכטער, וועלכער פאַרשטייט די חכמה פון קונסט. יעדעס ווינקעלע פון לאַנד פאַרנעמט דאָ, ווען עס קומט זיין ריי, דעם אויבן־אָן אויף דער מזרח־וואַנט. די געשטאַלטן פון ישוב, ווי פון פּלמ"ח־גענעראַל, יצחק שׂדה, פון איינער פון די אמהות פון ישוב, מאַניע שוחט, פון דיכטערישן חבר, שׂמחה

אייזן, און אַנדערע געשטאַלטן, וועלכע זענען כּמעט אַלע פֿאַר דער צייט אַוועק, זענען דורכגענומען מיט אַ גוטער פּאָעטישער וואַרעמקייט, אַ דער־שיינונג, וועלכע איז נישט קיין גאַנץ אָפֿטע ביים דיכטער־פֿאַרמירער, אַברהם סוצקעווער. מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז סוצקעווער איז כּמעט אַ געבוירענער אין סיביר (און פּאָעטיש — אין גאַנצן דאָרט אַ געבוירענער), און די ערשטע בלומען, וועלכע ער האָט געזען, זענען געווען די איינגעפֿרוי־רענע אין שניי אויפֿן פֿענצטער פֿון זיין טאַטנס סיבירער שטיבל נעבן דעם טייך אירטיש.

אַברהם סוצקעווער האָט באַלד פֿון זיין דיכטערישן אָנהייב, נאָך ווי אַ פּאָעט פֿון „יונג־ווילנע", זיך געריסן צו דער גרויסער וועלט. איך מיין צו דער פּאָעזיע פֿון דער גרויסער וועלט. נישט געקוקט אויף זיין דורכויס יידישן אינהאַלט איז ער געבליבן דער כּמעט אַממיינסטן אייראָפּעיִשער דיכטער ביי אונדז. אייראָפּעיִש מיין איך אין זין פֿון זוכן קינסטלערישע, פֿאָרמעלע וועגן און אופֿנים פֿאַר זיין פּאָעזיע.

אַברהם סוצקעווער געהערט צו די זעלטענע דיכטער, וואָס געפֿינען זיך כּסדר אויג אויף אויג מיט זייער פּאָעטישער מוזע. גיט ער זיך נישט אונטער דער תּאווה פֿון שרייבן לידער, נאָר פֿירט מיט זיין מוזע אַן אויפֿ־ריכטיקע, דיכטערישע ליבע, דערגייט ער צו די הויכקייטן צו וועלכע ער האָט געגרייכט אין זיין נייער פּאָעמע „גייסטיקע ערד".

„אויסטראַלישע יידישע נייעס"

## אַ מיצווה להכעיס

### צו אברהם סוצקעווערס פופציקסטן געבוירן-טאָג

פייערן אַ יום־טוב פון אַ פּאָעט, איז אין די היינטיקע צייטן בפירוש אַ מיצווה. אַ מיצווה להכעיס. להכעיס דער איצטיקער וועלט, וועלכע איז שקוע, וועלכע איז פאַרזונקען מיט לייב און לעבן אין דעם חומרישן, אין דעם גשמיותדיקן, אין דעם מאַטעריאַליסטישן.

ווען די וועלט וועט זאַט ווערן פון אַלע טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען, ווען די עלעקטראָנישע מוחות וועלן שוין האָבן אויסגערעכנט און איבער־גערעכנט אַלע פאַרוויקלטסטע חשבונות, וועט אויף די מענטשן קומען אַזאַ הונגער אויף גייסט, אויף קונסט, אויף פּאָעזיע, וועלכן די וועלט האָט נאָך נישט געזען און נישט געהערט מיום הווסדה, פונעם טאָג פון איר געגרונד־פעסטיקט ווערן.

דאָס זענען נישט סתּם קיין ווערטער, און אויך נישט בלויז קיין ווערטער פון עידוד, פון סטימול. איך גלייב אין דעם באמונה־שלמה, מיט אַ גאַנץ גלייבונג. מיט דער אמונה וויל איך, זאָל זיך אויך אָננעמען און איבערנעמען יעדער אמתער פּאָעט, און דער עיקר דער יידישער, וועלכער גייט אַרום מיט אַ צעפּרעסן האַרץ פון צווייפל: וואָס וועט זיין מאָרגן?

אַברהם סוצקעווער, אַ סך שעפערישע יאָרן אייך! און פאַרן מאָרגן — וועט די פּאָעזיע זאָרגן.

ווען איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל צונויפגעטראָפן מיט סוצקעווערס לידער, דעמאָלט נאָך געדרוקטע בלויז אין זשורנאַלן, האָט מיך קודם־כּל, און דער עיקר, אין זיי פאַראינטערעסירט זייער אַנדערשקייט.

כ׳קען היינט נישט, נאָך עטלעכע צענדליק יאָר, זאָגן גענוי אין וואָס איז באַשטאַנען, פון וואַנען האָט זיך גענומען מיין געפיל וועגן זייער אַנדערשקייט. אָבער ס׳איז פאַרט אַזוי געווען. אין דעם בין איך אַבסאָלוט זיכער.

היינט קען איך זיך נאָר משער זיין, אַז די אַנדערשקייט פון זיינע דע־מאָלטיקע לידער האָט זיך גענומען פון זייער אייראָפּעיִשקייט. איך בין דעמאָלט אין אייראָפּעיִשקייט געווען פאַרליבט. און כאָטש די אייראָפּעער

און זייער קולטור האָבן אונדז, יידן, גורם געווען אַזוי פיל ביטערע און מוראדיקע אַנטוישונגען און דערפּאַרונגען, מוז איך זיך מודה זיין, אַז אַ ניצוץ פון מיין אַמאָליקער ליבע טליִעט נאָך אין מיר עד־היום.

ווען איך האָב איבערגעלייענט אין אונדזער בעל־יובלס ערשטן בוך לידער, (א. נ. „לידער"), זיין פּאָעמע „ציפּריאַן נאַרוויד", וועגן דעם אויסער־געוויינטלעכן און אויסערגעוויינטלעך טראַגישן פּוילישן פּאָעט, וועלכער האָט געלעבט און געשטאָרבן אין פּאַריז, אין אַן אַזיל פאַר אָרעמע און פאַרשטויסענע, בין איך שוין געווען אין גאַנצן פון אים אַן „אונטערגע־קויפטער".

אַליין בין איך אַ פּראָזאַיִקער, אָבער אַ פאַרליבטער אין פּאָעזיע, און אין פּראָזע וועמעס שורש גרייכט אין פּאָעזיע. פּראָזע וואָס פאַרמאָגט נישט דאָס פּאָעטישע בילד, וואָס זינגט אַ מאָל נישט אויף מיט פּאָעטישן געזאַנג, איז אין מיינע אויגן קיין פּראָזע נישט, נאָר סתּם שרייבעריי.

דער הויפּט־יסוד אויף וועלכן ס'שפּאַרט זיך אָן מיין שרייבערישער וועלט־איינבליק, איז גענומען פון אַ האַלבן פּסוק פון דער תּורה: „והנה סולם מוצב אַרצה וראשו מגיע השמימה", אַ לייטער שטייט אויף דער ערד און זיין שפּיץ גרייכט אין הימל אַריין, (פון יעקבס חלום).

נאָר דערפאַר ווייל דער לייטער שטייט אויף דער ערד, נאָר דערפאַר קען ער דערגרייכן מיט זיין שפּיץ דעם הימל. נאָר די שאַפונגען וואָס האָבן אונטער זיך אַ רעאַליסטישן באָדן, נאָר די קענען זיך פאַרמעסטן אַנצושפּאַרן מיט זייערע קעפּ אין הימל. נאָר דאָס רעאַליסטישע קען זיך דערהייבן צו מעטאַפיזישע הויכקייטן.

דערפאַר איז מיר אַזוי נאָענט געוואָרן די לעצטנס דערשינענע גרויסע פּאָעמע פון אַברהם סוצקעווער „גייסטיקע ערד", וואָס שוין איר בלויזער נאָמען אַנטהאַלט אין זיך די טעזע פון מיין אייגענעם קונסטבאַגעם.

זיבעציק וועגן פירן צו פּאָעזיע און דורך זיבעציק וועגן קען דער פּאָעט און די פּאָעזיע פאַרפירט ווערן. אָן אַ שיעור סכנות לויערן אויפן אמתן פּאָעט. דער וואָס ציטערט נישט איבער יעדעס וואָרט אַז ער זאָל דערביי נישט נכשל ווערן, ער זאָל נישט זיין קיין אַ מוציא שם פּאָעזיע לבטלה, דער איז קיין ריכטיקער פּאָעט נישט.

קיינער קען נישט זאָגן, אַז איין וועג איז אַ גוטער, אַ ריכטיקער, און דער צווייטער אַ שלעכטער, אַ פאַרפירערישער. יעדער וועג קען זיין דער אמתער, ווי יעדע פּשוטסטע מאַטעריע קען ווערן פּאָעטישע. אַז בלויז

שלימותדיקע פֿאָרעם איז בכּוח צו באַשאַפֿן פֿון זיך תּוכן, זעען מיר אין סוצקעווערס „לידער פֿון נגבֿ", (אין זיין בוך „אין פֿייער־וואָגן").

סוצקעווער האָט זיך אויסגעקליבן אין דער פּאָעזיע זייער אַ שווערן וועג. די שווערקייט פֿון זיין וועג ליגט קודם־כּל אין זיין זוכן נייקייטן. נייקייט פֿון אימאַזש, נייקייט פֿון וואָרט, פֿון וואָרט־זיווגים, נייקייט פֿון ווערסיפֿיקאַציע און פֿון פֿאָרעם בכלל. אויב ער נוצט אַ מאָל אַ שוין פֿאַראַנענע פֿאָרעם, איז זי אויך פֿון די סאַמע שווערסטע.

אמת איז, אַז ער גיט זיך מייסטעריש אַן עצה מיט די דאָזיקע שוועריקייטן. דאָס קענען זיך „אַן עצה געבן" איז אַן אייגנשאַפֿט פֿון דער מאָדערנער פּאָעזיע, וועלכע זוכט אָפֿט אַ פּשרה מיט דער טעכניק אויפֿן חשבון פֿון התגלות. און אפֿשר שפּאַנט זי איין די טעכניק „אין פֿייער־וואָגן" פֿון התגלות? גאַנץ מעגלעך. קען זיין, אַז אַזוי איז עס טאַקע.

די יידישע פּאָעזיע, די פּאָעזיע אין יידיש, טיילט זיך אויס פֿון אַנדערע שוין דערמיט, וואָס זי איז קיין מאָל נישט אָפּגעריסן פֿון דער ווירקלעכקייט. יעדנפֿאַלס קיין מאָל נישט אין גאַנצן, ווי דאָס טרעפֿט זיך אַזוי אָפֿט אין דער פּאָעזיע פֿון די אומות־העולם, און אויך אין דער יונגער פּאָעזיע פֿון ישׂראל.

דער גורם דערפֿון איז נישט די יידישע פּאָעזיע אַליין, נאָר דאָס לאָזט נישט די ווירקלעכקייט, אַז די יידישע פּאָעזיע זאָל זיך אָפּרייסן פֿון איר.

דעריבער איז שווער דער גורל פֿון אַ יידישן דיכטער, מוראדיק שווער. פֿאַר וויפֿל ביטערע, טויט־ביטערע נסיונות איז די יידישע דיכטונג שוין נישט געשטאַנען פֿאַר די לעצטע פֿערציק־פֿופֿציק יאָר פֿון איר שאַפֿן?

נעמט פֿאַר אַ משל אונדזער בעל־היובל אַליין. אין יאָר 1940, ווען כּמעט גאַנץ אייראָפּע איז שוין געשטאַנען אין פֿייער פֿון מלחמה, ווען דער גאַנצער וועלט, און דער יידישער אַוודאי, האָט געדראָט פֿאַרניכטונג, האָט ער אַרויסגעגעבן זיין בוך לידער „וואַלדיקס". לידער פֿולע מיט לעבנספֿרייד, מיט ליבע צו דער וועלט און מענטש.

אָבער באַלד נאָך דעם, גאָר אין קורצן, האָט ער שוין געשריבן זיינע חורבן־לידער. און געשריבן האָט ער זיי נישט אין וואַלדיקס, נאָר אין וואַלד גופֿא.

נישט פֿונעם אָלימפּ, נאָר ממעמקים קומט דאָס אמתע יידישע ליד. און דערפֿאַר איז אַ יידישע פּאָעטישע שׂימחה אַ שׂימחת־מיצווה להכעיס.

להכעיס די אַלע וועלט־פאַרזאָרגערס, וואָס האַלטן כסדר, ביי טאָג און ביי נאַכט, דאָס לעבן פון דעם מענטש ביים ראַנד פון אָפּגרונט.

לאָמיר דעריבער פונאַנדערנעמען די הענט און פייערן דעם יום־טוב פון אַברהם סוצקעווערן מיט דער גאַנצער פאַרגינערישקייט, וועלכע איז אין דער קינסטלערישער וועלט נישט קיין טאָג־טעגלעכע דערשיינונג.

פאַרהוילן איז דער תּכלית פון דער יצירה, דער ציל פונעם וועלט־באַשאַף. נאָר דער מאמין, דער גלייביקער, ער ווייסט אויף זיכער, אַז דער תּכלית פון דער יצירה, דער ציל פון וועלטבאַשאַף, איז אין דעם, אַז יעדעס באַשעפעניש, פון אַ מענטש ביז אַ ווערעמל און אַ גרעזל, זאָל עדות זאָגן וועגן גבורות הבורא.

פאַרהוילן איז דער זינען און תּכלית פון דער קינסטלערישער יצירה. נאָר די מאמינים אין קונסט, נאָר די גלייביקע און פאַרגלייבטע אין איר, נאָר זיי ווייסן, ווייסן אויף זיכער, אַז די קונסט איז באַשאַפן געוואָרן בכדי אַליין באַשאַפן שיינקייטן.

כ׳נעם זיך נישט אונטער צו דעפינירן שיינקייט. אָבער איינס איז פאַר מיר קלאָר, אַז שיינקייט וועקט, ציט צו זיך צו אונדזער גוטע אויפמערקזאַמקייט. וואָרעם אויפמערקזאַמקייט איז פאַראַן אַ טאָפּלטע: אַ גוטע און אַ שלעכטע. שיינקייט וועקט צו זיך אונדזער גוטע אויפמערקזאַמקייט און מיאוסקייט — אונדזער שלעכטע.

אויב דער פאַנטאַסטישער קונסטרעבעל, שאַרל באָדלער, האָט געזאָגט, אַז „ס׳איז פאַראַן שיינקייט אין מאָנסטרועלן", איז אַוודאי זיין טראַציקע כוונה געווען צו ציִען אויף זיך, אויף זיין שאַפונג און אויף דער וועלט אויך אונדזער שלעכטע אויפמערקזאַמקייט.

אָבער דער יידישער קונסבאַנעם, כאָטש ער איז אין ערגעץ נישט אויפּ־געשריבן און אַפילו נישט פאַרשריבן, איז נישט גורס אַזאַ דרך, איז קעגן דעם דאָזיקן וועג. פּונקט ווי די יידישע קונסט־מחשבה, אויב אַזעלכע איז פאַראַן, האָט זיך נישט געלאָזט באַהערשן פון דעם ייִאוש, וועלכן מען האָט אָנגעוואָרפן דער וועלט מיט די שאַפונגען פון דעם געניאַלן יידישן מרה־שחורה, פראַנץ קאַפקאַ, וועמענס ווערק מען האָט אַרויסגעגעבן קעגן זיין בפירושן ווילן.

דווקא אַ סך פון דער נישט־יידישער וועלט האָבן זיך געלאָזט באַהערשן פון דער קאַפקאַיִשער מרה־שחורה און אויסזיכטלאָזיקייט. אַדרבא, זאָלן זיי, זיי האָבן דערצו גוייִשע כוחות.

דער וועג פון דער יידישער וואָרטקונסט איז לחלוטין אַן אַנדערער. מיר גייט נאָך, און איך חזר אָפּט איבער אַ שורה פון סוצקעווערס אַ ליד א. ב. „יהואָש" געשריבן אין ווילנער געטאָ, אינעם יאָר 1943:

דער טויט אַליין דערשרעקט זיך פאַר דער שיינקייט.

אַזאַ שורה געשריבן אין די גרויזאַמע באַדינגונגען פון געטאָ אין יאָר 1943, קען נישט זיין עפּעס סתם אַ שיינער זאַג. ס'טרעפט, אַז מען אייגנט צו אַ שרייבער כּוונות, וועלכע ער האָט גאָרנישט געהאַט, פּונקט ווי מען קען פאַרזען די כּוונות, וועלכע זענען ביים שרייבער דער עיקר. אָבער איך גלייב, אַז אין דער אויבן דערמאָנטער שורה איז פאַראַן אַ גוטע אָנונג וועגן דעם זינען און תּכלית פון דער קינסטלערישער יצירה און פון דעם ווילן צו וועקן, צו ציִען אויף דעם קינסטלערישן שאַפן אונדזער גוטע אויפמערק־זאַמקייט.

פאַרשידן זענען די וועגן, און אויך אומוועגן, אויף וועלכע אונדזער בעל־היובל איז געגאַנגען זוכן שיינקייטן אין משך פון זיינע איבער דרייסיק יאָר דיכטערישן שאַפן. נישט איצט און נישט דאָ איז דאָס אָרט זיך אָפּצו־שטעלן אויף זיינע דערגרייכונגען און אַוודאי נישט אויף זיינע שטרויכלונ־גען. אָבער אַז אַזעלכעס איז ביי אים אויך פאַראַן, דאַרף דערמאָנט ווערן. וואָרעם חסידים, און דאָ מיין איך חסידים פון דעם קינסטלערישן וואָרט, וויסן, אַז דער וואָס פאַלט נישט, דער הייבט זיך נישט אויף...

כ'דאַרף ענדיקן מיינע שורות געשריבענע לכּבוד דער שׂימחה פון אַברהם סוצקעווערס יובל און כ'וויל נישט אַריינפאַלן אין שאַבלאָן. נישטאָ פאַראַן קיין גרעסערער יום־טוב־צעשטערער, ווי דער שאַבלאָן, נישטאָ פאַראַן קיין גרעסערער אומעט ווי דער, וועלכן דער שאַבלאָן וואַרפט אָן. און מיר האָבן דאָך איצט אַ שׂימחה.

אַ קינסטלערישע שׂימחה באַדייט, אַז נישט נאָר דער בעל־שׂימחה פרייט זיך, נישט נאָר זיינע פריינד און לייענער מקרוב און מרחוק פרייען זיך, נאָר קודם־כּל, אַז דאָס ווערק אַליין, וואָס ער האָט געשאַפן, פרייט זיך דערמיט, וואָס עס איז געקומען אויף דער וועלט, ווי טרויעריק זיינע אינ־האַלטן זאָלן אַ מאָל נישט זיין.

מיט אַזאַ שׂימחה זאָל געבענטשט זיין די קינסטלערישע מי פון מיין טייערן פריינד, דעם דיכטער־בעל־היובל, אַברהם סוצקעווער.

# חיים גראַדע

חיים גראַדע דער דיכטער און פּראָזאַיִקער, איז אַ תּלמיד־חכם. און ווייל ער איז אַ שרייבער אַ תּלמיד־חכם, איז זיין פּנים שטענדיק געווענדט צום עתיד, צום יידישן עתיד, כאָטש ער אַליין האַלט זיין פּנים שטרענג גע־ווענדט צום עבר, צום יידישן עבר.

ווייל פּונקט ווי ס׳קאָן נישט מעגלעך זיין קיין עתיד אָן קיין עבר, אַזוי קאָן נישט מעגלעך זיין קיין יידישער עבר אָן אַ יידישן עתיד.

איך שטרייך אונטער דאָס וואָרט יידישער, ווייל דאָס איז אַ ריין יידישע צייט־דערפאַרונג. דער צייט־חשבון און די באַציִונג צו איר קאָנען ביי אַנ־דערע, נישט־יידישע, פעלקער — זיין לגמרי אַנדערע.

גראַדע איז אַ דיכטער פון אַ גרויסן טעמפּעראַמענט. ער איז אַ פּאַטע־טיקער, ער איז אַ הייסער ייד, רעדנדיק מיטן פּשוטן יידישן לשון. ער טראָגט זיין מתנגדות, זיין ליטוויש מתנגדות, מיט כּוח און מיט חסידישן ברען.

דער אַמעריקאַניזם האָט מיט גאָרנישט נישט פּוגם געווען אין זיין דיכטונג. פאַרקערט, ער האָט נאָך פאַרשטאַרקט אין אים זיין נאָסטאַלגיע, זיין בענקשאַפט צו די אַמאָליקע יידן, צו די יידישע יידן.

ער אַליין איז געבליבן דער זעלבער חיים ווילנער, דער מוסרניק פון דער נאָוואָרעדקער ישיבה, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געחברט מיטן אַפּיקורס, און איז שוין דעמאָלט געווען פול מיט סתירות.

איצט טוט חיים גראַדע אויך נישט זעלטן אַ בליק אויף דער שיינקייט פון דעם עולם החיצוני, פון דער דרויסיקער וועלט, און טוט זי טייל מאָל אויך באַשרייבן. אָבער זיינע אויגן זענען און בלייבן דאָך אינעם יידישן תּחום. ער האָט אפשר בכּיוון פאַרשמעלערט זיין דיאַפּאַזאָן, אַז זיין יידי־שער טאָן זאָל אַרויסקומען נאָך ריינער.

ווי אַ פּאַטעטיקער טוט ער אַ מאָל אַ שווים מיט אַן איבערפלוס פון ווערטער, מיט אַן איבערפלוס פון סטראָפן. אָבער אַזאַ איז שוין דער כּוח פון פּאַטאָס, וואָס ער שפּאָרט נישט קיין כּוחות.

ער פאַרמאָגט, חיים גראַדע, אַ גרויסן דיכטערישן כּוח. ער איז אַ מקונן און אַ מוכיח, ער איז אַ באַוויינער און אַ שטראָפער. דאָס איז די ירושה

זיינע, וועלכע ער האָט איבערגענומען פון די קדמונים און ביז איבער חיים נחמן ביאַליקן.

זיין דיכטעריש וואָרט איז בכּוח אויפצורודערן, איז בכּוח אַפילו צו דערשיטערן. אַזעלכע לידער זיינע ווי די עלעגיע, דער געקלאָג אויף דער פּטירה פון זיין רבין, דעם חזון־איש, דאָס ליד אין וועלכן ער באַווייינט מיט אַלע אותיות פון אלף־בית די אומגעבראַכטע אין רוסלאַנד יידישע שרייבער, צי זיין ליד וועגן דער תּורה אָן יידן, צי זיין באַלאַדע פון יידישן לשון און אַ סך, אַ סך אַנדערע לידער און פּאָעמעס זיינע, דערשיטערן ביז די טיפסטע טיפענישן. זיי דערשיטערן מיט זייער גוֹרלדיקער יידישקייט.



די גרויסע צאָל פאָרמען אין וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט אין משך פון לאַנגע דורות און ביזקל היינטיקן טאָג זיך געאינערט און געאויסערט, האָט ביים יידישן מענטשן, ביי דעם ייד וואָס קאָן נישט נאָר יידיש טראַכטן, נאָר אויך יידיש פילן, איבערגעלאָזט געוואַלטיקע בענקשאַפטן. און אויב ביים פשוטן יידישן מענטש איז אַזוי געזאָגט געוואָרן, על אחת כּמה וכמה ביים יידישן דיכטער.

גראַדעס בענקשאַפטן זענען צו מקורותדיקער און דורותדיקער יידיש־קייט. ער איז קודם־כּל און דער עיקר דער דיכטער פון דער דאָזיקער יידיש־קייט. דאָ איז ער עכט, אָדער בעסער געזאָגט, דאָ איז ער אַמעכטסטן. און דער וועג פון און צו מקורותדיקער יידישקייט, איז חיים גראַדעס וועג, זיין דרך אין דער יידישער דיכטונג.

איך אַליין בין זייער ווייט מזלזל צו זיין אין יידישער וועלטלעכקייט, ווי אין וועלטלעכקייט בכלל, אָבער יעדן דיכטער, ווי יעדן שעפער, ציט עס צו זיין שורש־נשמה און אים מוז ער בלייבן געטריי, אויב ער וויל זיין עכט און אמתדיק.

איך פאַרשטיי שוין גוט חיים גראַדען, וואָס זעט אין דער יידישער וועלטלעכער ליטעראַטור און אין יידישן לשון אַ בכּבודיקן טייל פון דער מהותדיקער יידישקייט. ער איז געקניפּט און געבונדן מיטן יידישן לשון. און ווייל ער האָט געמאַכט אַ פרייען אויסוואַל צווישן יידיש און העברעיִש לטובת יידיש, איז דעריבער זיין פאַרבינדונג מיטן יידישן לשון נאָך מער קנאותדיק, נאָך מער פאַנאַטיש.

אָבער חיים גראַדע דאַרף נישט קאָקעטירן מיט וועלטלעכקייט. ווער ווי ער, דער דיכטער און תּלמיד־חכם, ווייסט אַז יידישע וועלטלעכקייט, ווי אַ זעלבסטשטענדיקע קולטור־אידייע, האָט באַנקראָטירט. און דער יידישער, אַזוי גערופענער וועלטלעכער מענטש, שטייט היינט צו טאָג אַ ליידיקער, אַן אויסגעהוילטער. אויך ווערט די צאָל לייענער פונעם יידישן בוך, צווישן די וועלטלעכע יידן, קלענער מיום ליום, פון טאָג צו טאָג ווייניקער.

ס'איז נאָך אָבער פאַראַן איין גרופּע לייענער, וועלכע מיר האָבן פאַר־לוירן און קאָנען איצט צוריקגעווינען פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

איך מיין דעם יידישן רעליגיעזן לייענער.

דעם יידישן רעליגיעזן לייענער האָט פאַרשטויסן פון דער יידישער ליטעראַטור דער משׂכּיליזם, פון וועלכן די יידישע ליטעראַטור וויל זיך אַלץ נישט באַפרייען, בשום אופן נישט! דער דאָזיקער דעמאַסקירנדיקער משׂכּיליזם, וואָס וויל נאָך אַלץ ווייזן די משונהדיקע, מיאוסע, אָפּשטויסנ־דיקע זייטן פונעם אַמאָליקן יידישן לעבן, פאַרבלאָנדזשעט אויך אויף די זייטן פון חיים גראַדעס פּראָזע.

וויל איך דאָ באַנייען, און דאָס מאָל צו חיים גראַדען, מיין רוף וועגן אַ כּינוס פון יידישע שרייבער בני־תּורה. זאָלן זיי זיך באַראַטן וועגן די וועגן, דורך וועלכע מען זאָל קאָנען אַריינברענגען און צונויפברענגען דעם רעליגיעזן לייענער מיט דער יידישער ליטעראַטור.

וואָרעם בלויז אויסרעכענען אויפן וועלטלעכן לייענער קאָן מער נישט די יידישע ליטעראַטור, אויב זי וויל לעבן און עקזיסטירן. בלויז אויס־רעכענען אויפן וועלטלעכן יידישן לייענער קאָן נישט מער דער יידישער שרייבער, אויב ער וויל מיט זיין שרייבן משפּיע זיין.

*

גאַנץ מעגלעך, אַז דערפאַר וואָס חיים גראַדע האָט פרייוויליק אויסגע־קליבן יידיש פאַר דעם לשון פון זיין שאַפן, און דעריבער איז ער אויף יידיש אַזוי איפּערזיכטיק, אַזוי קנאותדיק, קאָן זיין אַז דאָס איז די סיבה צוליב וועלכער ער האַלט, אַז ווען אַפילו ס'זאָל אמת זיין אַז דער יידישער שפּראַך דראָט חלילה אונטערגאַנג, טאָר מען וועגן דעם נישט רעדן. מען טאָר דאָס פאַרן מויל נישט ברענגען און אַוודאי נישט אויף דער פעדער. ער ברענגט ראיות פון מאמרי חז״ל וועגן די מרגלים, אַז די מרגלים זענען באַשטראָפט געוואָרן נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן געזאָגט דעם אמת, דעם

רעאַלן אמת. אַזוי אַרום האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן פאַר קטני אמונה, פאַר מענטשן אָן בטחון, וואָס גלויבן נישט אין קיין ניסים.

גראַדע פאַרגעסט אָבער דערביי די גמרא אין שבת, וועלכע זאָגט: „לעולם אַל יעמוד אדם במקום סכנה לומר שעושים לו נס", קיין מאָל זאָל זיך אַ מענטש נישט אַוועקשטעלן אויפן אָרט פון אַ סכנה און זאָגן אַז מען וועט טאָן פאַר אים אַ נס.

גראַדע פאַרגעסט אויך, אַז ווען די מרגלים האָבן אָפּגערעדט די בני ישׂראל פון גיין איינצונעמען דאָס לאַנד כנען, איז די בני ישׂראל פאַרבליבן, אָדער צוריקצוגיין קיין מצרים, אָדער אומצוקומען אין דער מידבר.

אָבער פאַר די יידן, פאַר דעם יונגן יידישן דור, וואָס וויל נישט גיין אין יידיש־לאַנד, שטייט אָפן די גאַנצע נישט־יידישע וועלט, אַ וועלט פון פּריקת־עול, ווו זיי קאָנען זייער גיך פּטור ווערן פון דער זיי נישט באַקווע־מער יידישער ירושה.

אין אַזאַ וועלט געשעען נישט קיין ניסים.

אמת, דער כוח־היוצר, דער שעפערישער כוח וויל נישט און דאַרף נישט זיך פאַרנעמען מיט סטאַטיסטיקעס. קיין שום שעפער, אין קיין שום געביט, איז נישט מחויב צו וויסן און דאַרף זיך נישט רעכענען מיט דעם וויפל לייענער, צי צוהערער, ער האָט, און ווי ווייט ס׳גרייכט דער קרייז פון זיין השפּעה. ער קאָן נישט וועלן וויסן צי די שפּראַך אין וועלכער ער שאַפט וועט דויערן אַ יאָר, צי אייביק. אויב די נאַטור קאָן זיין אַזוי פאַר־שווענדעריש ווי זי איז, קאָן זיך אַוודאי אויך דעם דערלויבן דער מענטש־לעכער אינטעלעקט, צי דער מענטשלעכער גייסט.

פון דעסטוועגן דאַרף מען נישט פאַרגעסן, און אַ שרייבער אַ תלמיד־חכם טאָר דאָס נישט פאַרגעסן, אַז אַפילו אין דעם ייד וואָס האָט געלעבט אַ־היסטאָריש, און אויך אַ־עקאָנאָמיש און איז געזעסן אין די גלות־באַדינ־גונגען און דווקא דאָרט געלערנט „מועד" און „קדשים", אַז אַפילו אין אַזאַ ייד איז געלעגן עפּעס תכליתדיקעס, אַ נצחיותדיקע תכליתדיקייט, אַ תכליתדיקייט וואָס האָט געשמעקט מיט אייביקייט, און האָט נישט געלאָזט דעם ייד זיך אין גאַנצן אָפּצורייסן פון דעם אַרום, פון דער רעאַלער וועלט, פון חשבון. אַפילו זיין יידיש נפש האָט געפאָדערט חשבון.

און צו דער דאָזיקער תכליתדיקייט טו איך איצט אַפּעלירן!

(אַ פראַגמענט פון אַ נישט פאַרענדיקטן עסיי „לעצטע נייעס"

## Stella Poetica

# ישראל שטערן און זיין שאַפונג

פינף און צוואַנציק גרעסערע און קלענערע לידער און ניינצן קלענערע און גרעסערע עסייען און אַרטיקלען פאַרמאָגט דאָס בוך צונויפגעזאַמלטע שאַפונגען פון ישׂראל שטערן. דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן פון ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, און פאַר־זען מיט שטריכן צו שטערנס פערזענלעכקייט, אויפגעשריבן פון מנחם פלאַקסער, און מיט אַ ברייטערן אַריינפיר פון ה. לייוויק.

ווי באַקאַנט, האָט ישׂראל שטערן ביי זיין לעבן קיין איין מאָל נישט אַרויסגעגעבן זיינע שאַפונגען אין בוכפאָרעם. ערשט איצט האָט דער דיכ־טעריש־ליטעראַרישער עזבון פון דעם קדוש באַקומען, ווי מען זאָגט דאָס אין דער שאַבלאָנשפּראַך, אַ תיקון.

צי האָבן זיינע שאַפונגען באַקומען אַ תיקון? אַ תיקון הייסט, צווישן אַנדערע, ווען אַ זאַך באַקומט דאָס, וואָס זי האָט ביז איצט נישט געהאַט. תיקון הייסט: פאַרבעסערן, חשובער מאַכן. תיקון הייסט אויך — איינפירן סדר, אויפשטעלן און צונויפשטעלן. צי האָבן שטערנס לידער געוואָנען דער־פון, וואָס מען האָט זיי צוזאַמענגענומען און מסדר געווען אין אַ בוך? כ׳בין נישט אין דעם לגמרי זיכער. זיינע לידער האָבן זיך אפשר בעסער געפילט, ווען זיי זענען געווען שירים פורחים, ווען זיי האָבן געשוועבט צווישן די בלעטער פון צייטונגען און זשורנאַלן. דאָס וויסן וועגן זיינע לידער, וועגן זייער עקזיסטענץ, איז געווען אפשר פונקט אַזוי וויכטיק ווי דאָס לייענען זיי. ווייל זיינע לידער זענען מער פּאָעטישע נשמה, ווי פּאָעטישער גוף. זיין פּאָעטישע פערזענלעכקייט האָט מיט אַ סך איבערגעשטיגן זיין פּאָעטישן חשק, זיין פּאָעטיש ווילן. ער האָט אפשר געהאַט אַ קנאַפּע תשוקה צו פּאָעטישער פאַרווירקלעכונג, צו פּאָעטישער התגשמות. ער האָט אפשר מער געוואָלט ווערן פּאָעט (כסדר ווערן) ווי זיין פּאָעט. ער האָט געטרוימט וועגן אַ קונסט, וואָס זאָל זיין למעלה מן הקונסט. ער האָט געשטרעבט אין דער קונסט צום פּרעציזן „אויב נישט נאָך העכער״.

פון דעסטוועגן — ס׳האָט זייער גוט געטאָן די פאַרוואַלטונג פון ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק, וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן ישׂראל שטערנס דיכטעריש־ליטעראַרישע ירושה. מיר, און די מענטשהייט בכלל, זענען נאָך ווייט נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה, אַז פּאָעזיע זאָל זיין אין דער בחינה פון אותיות פורחות. דערווייל מוז די פּאָעזיע לובש צורה זיין. פּאָעזיע, אַפילו די סאַמע פּאָעטישסטע, ווי ישׂראל שטערנס. קיין אַנדער וועג צו איר פאַרווירקלעכונג איז דערווייל נישטאָ.

*

ישׂראל שטערנס לידער זענען פול מיט פאָרויספילונגען, נביאישע פאָרויספילונגען, אָבער טונקעלע, פּחדימדיקע, פּעסימיסטישע. און דאָך איז ער געווען אַן אָפּטימיסט. כ׳וואָלט געזאָגט, אַז זיינע חושים זענען געווען פּעסימיסטישע, אָבער זיין נשמה איז געווען אַן אָפּטימיסטישע. ער איז געווען פול מיט נאַכט, אָבער זיין תּפילה איז „די תּפילה פון אַ מענטשן בייטאָג״ (דאָס איז דער קאָפּ פון זיינס אַ ליד). ער זאָגט דאָרט, אין דעם ליד:

איך וויל, דײַנע שלייפן זאָלן אַרויסווישן פון מײַנע קנייטשן
יעדע פאַרבאָרגנקייט, און איך זאָל זײַן געבענטשט מיט אָפנקייט —
— — — — — — — — — — — — —

און אין אַ ווייטערדיקער סטראָפע פון דעם ליד:

זאָל יעדע פאַרשטעלטקייט פאַרשווינדן פון מײַן געמיט,
ווי עס שטאַרבט אָפּ די שוואַרצקייט פון אײַזן, ווען דאָס אײַזן גליט
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

מיט אַלע זיינע חושים האָט שטערן געשטעקט אין זיין שווער לעבן. אָבער פאַרן אַריינגאַנג אין זיין נשמה איז אים זיין גייסטיקייט בייגעשטאַנען ווי אַ באַריער, צי ווי אַ פילטער און אַדורכגעלאָזט נאָר דאָס אָפּגערייניקטע, דאָס אָפּגעלייטערטע, דאָס אַדורכגעלויכטענע, דאָס העלע, (ווען דאָס איז געווען אַפילו די פינצטערניש אַליין).

ער איז אין זיינע לידער השתּפּכות־הנפשדיק. ער איז עקספּרעסיאָ־ניסטיש (אויב מען קאָן ביי שטערנען באַנוצן באַגריפן און נעמען פון קינסטלערישע שולעס און ריכטונגען). ער קאַרגט נישט קיין וואָרט, קיין בונט וואָרט, אַבי אַרויסצובאַקומען דעם תּוכן פון וואָרט. ער איז עקספּרע־סיאָניסטיש באַרעדעוודיק. ער זאָגט זיך אין זיין יעדן גרעסער ליד אַרויס אין גאַנצן, אַזוי ווי איטלעך גרעסער ליד זיינס וואָלט שוין געווען זיין לעצט ליד.

ס׳האָט אַרטור רעמבאָ מיט אַזאַ צאָל לידער, ווי ס׳האָט איבערגעלאָזט ישׂראל שטערן, געמאַכט אַן עפּאָכע אין דער פּאָעזיע. אָבער ישׂראל שטערנען איז נישט געגאַנגען אין מאַכן עפּאָכעס, ווען אַפילו ער וואָלט דאָס בכּוח געווען צו טאָן. ער האָט נישט געוואָלט מרעיש עולמות זיין. ער האָט נאָר שטענדיק אין זינען געהאַט דעם עולם קטן, דעם מענטש.

ער איז געווען פּאַטעטיש און סימפּאַטעטיש. מיטליידנדיק און פאַרויס־ליידנדיק. ואת דכּא ושפל רוח / אשכון /. „די אָרעמע פאַרשטייען צום בעסטן פּאָעזיע״, האָט ער געזאָגט אין זיין עסיי ברויט און פּאָעזיע. נישט שייך מיט אים איצט יאָ אָדער נישט מסכּים זיין. ער האָט דערין טיף און אמתדיק געגלויבט.

ס׳ווילט זיך טראַוועסטירן די מימרא „יאה עניותא לישׂראל״ אויף יאה עניותא לישׂראל שטערן. אים איז מיט זיין אָרעמקייט שיין געווען. אים איז מיט זיין אָרעמקייט געווען פרייער, בעסער און העכער. אָבער אַנדערע ווינטשט ער דאָס נישט. פאַר אַנדערע וויל ער דאָס נישט. זיין אייגענע נויט פאַרוווּנדערט אים, דעם אַנדערנס נויט פאַרווונדיקט אים. דעריבער האָט ער געקאָנט אַזוי אמתדיק און שיין שרייבן אין זיין ליד: מענטשן וואָס הונגערן:

איז אַנדערש זייער אויג און אַנדערש זייער קול.
אַז זיי זאָגן „מענטש״ — ווערט דער וועלט אַזוי באַנג,
ווי מ׳וואָלט די גאָלדענע האָר פון דער זון אָפּגעשוירן.
און אַז זיי זאָגן „צווײַג״ — ווערן די וועלדער קראַנק,
גלײַך די פייגל האָבן די נאָטן פאַרלוירן.
און אַז זיי זאָגן „היי״ — איז אַ שׂרפה אין דעם סטויג,
ווײַל אַנדערש, אַנדערש, אַנדערש זייער קול, זייער אויג.

ווײַל הונגעריקע קאָנען פּעסט, האַרט זײַן ווי ביין
און האָבן נישט רחמנות און דערציילן זיך אַליין
אין טיפֿע נעכט אַ גרויזאַמע מעשׂה,
אַז די שטערן אין הימל זיינען קעפּלעך ווײַסע
פון אָנגעצויגענע געשווירן.

**די לעצטע צוויי שורות, ווי די לעצטע סטראָפע:**

נעמען זיי אויף פאַרוואָרפענע וועגן שפּאַצירן
און זוכן אַ לאַנגן שפּיזל זאָל דעם הימל דערכאַפּן
און אַ שטאָך טאָן די בלאָטערס, עס זאָל אײַטער זיך צאַפּן
און פאַרגיסן די וועלט.

**זענען נישט ישׂראל שטערניש. ווייל דאָס וואָס וואָלט, למשל, געפּאַסט פאַרן גרויסן משה לייב האַלפּערן, דאָס האָט נישט געפּאַסט פאַר ישׂראל שטערן.**

**נישט דערפאַר פּאַסן נישט די שורות און די פאַרגלייכן פאַר ישׂראל שטערן, ווייל פאַר אים פּאַסט נישט בונטאַרישקייט. ניין. יעדער שעפער איז במילא אַ בונטאַר. ער רייסט אָפּ אַ שטיק פון דער וועלט און שאַפט זי איבער בצלמו ובדמותו. אָבער דער אופן ווי אַזוי ער טוט דאָס דאַרף זיין אַזוי אמתדיק, ווי זיין שאַפונג גופא.**

**לויט זיין מהות, התנהגות און הילוך אַפילו, האָט ישׂראל שטערן גע־הערט צו די תּמימותדיקע, לאַמעד־וואָווודיקע דיכטער, וואָס וויסן זייער אַ סך וועגן פּאָעזיע (און וועגן קונסט בכלל). און ווייל ער האָט אַזוי פיל געוווּסט, איז ער געווען תּמימותדיק־ראַפינירט, לאַמעד־וואָווודיק ראַפּי־נירט. אָבער שטערן האָט אַחוץ וויסן אויך אַ סך פאַרשטאַנען אין הלכות קונסט. און דאָס איז שוין געווען אין אים אַ שטיקל דיסאָנאַנס, אַ שטיקל קאָליזיע אַפילו.**

**ווייל ער האָט אויך פאַרשטאַנען קונסט, האָט ער זיך טייל מאָל באַנוצט מיט ווייטע מעטאַפאָרן ווי, למשל, די אויבן ציטירטע. אַפילו אין זיין שענ־סטער פּאָעמע: פּרילינג אין שפּיטאָל געפינט זיך אויך אַזאַ ענלעכער פאַר־גלייך (זע ליד 4, שורה 8).**

**ישׂראל שטערן איז אָבער געווען אַ צו־אמתדיקער דיכטער. דעריבער איז ווייטקייט שטענדיק ביי אים פאַרבליבן ווייטקייט. קיין שום מיטלען**

פון „פאַרשטאַנענער קונסט״, האָבן דעם מרחק נישט געקאָנט פאַרפּילן, אַפילו צו מאָל נישט פאַרקירצן. ער האָט מיט דעם פאַרגלייך גאָרנישט געוואונען. ער האָט מיט דעם פאַרגלייך גאָרנישט דערנענטערט. פאַרקערט, ער האָט דערווייטערט. ער האָט מיט דעם פאַרגלייך דאָס ליד נישט אָנגעוואַרעמט, נאָר, פאַרקערט, אָפּגעקילט. און ישׂראל שטערן האָט גראָד געהערט צו די הייסע דיכטער.

אין זיין בסך־הכּל פערצן־שורהדיק ליד פאַרנאַכטן איז צום וואָרט, צי צום באַגריף, צי צום בילד „פאַרנאַכטן״, פאַראַן צוועלף פאַרגלייכן. דאָס איז אויך אַ פּראָדוקט פון „פאַרשטאַנענער קונסט״. יעדער אמתדיקער דיכטער (און ווער איז נאָך איז געווען אַזוי אמתדיק, ווי ישׂראל שטערן?) דאַרף אין איין ליד נוצן צו איין זאַך, צי צו איין באַגריף, נאָר איין פאַרגלייך. מיר ווילט זיך איבערחזרן דאָס וואָרט פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער: „אַ ייד דאַרף האָבן איין גאָט, איין ווייב און איין ניגון״. און איך וואָלט געזאָגט: יעדער אמתער דיכטער דאַרף האָבן אין איין ליד צו איין זאַך נאָר איין־און־איינציקן פאַרגלייך.

קאָן זיין, אַז דער דאָזיקער ווידעראַנאַנד, וואָס האָט געשאַפן ביי ישׂראל שטערן זיין וויסן און פאַרשטיין קונסט, איז געווען די סיבה פון זיין קנאַפּער דיכטערישער פּראָדוקטיוויטעט. דער זיווג פון וויסן און פאַרשטיין, וואָס איז אין דער וויסנשאַפט אַ ברכה, און אויך אַ ברכה ביי טייל קינסטלערישע קאָנסטיטוציעס, האָט ביי שטערנען גאָר געקאָנט זיין אַ מיכשול. ער האָט געוואָלט וויסן ביזן יסוד און פאַרשטיין ביזן גרונט. ער האָט זיך נישט געוואָלט אָפּשטעלן אין מיטן וועג, ווו די צוויי שטראָמען (וויסן און פאַרשטיין) וואָלטן זיך צונויפגעטראָפן, געקרייצט. די צוויי שטראָמען זענען ביי אים געלאָפן ווי צוויי פּאַראַלעלע ליניעס, וואָס, ווי באַוווּסט, טרעפן זיך אין דער אומענדלעכקייט. צו פאַרפּיקסירן פּאָעזיע, צו שאַפן קונסט האָט דאָס אים נישט צוגעהאָלפן. ס׳האָט פאַר אים געעפנט אַ סך מעגלעכקייטן, וואָס זענען פאַרבליבן נאָר אין גדר פון מעגלעכקייטן. ס׳האָט פאַר אים אַנטפּלעקט אַ סך קינסטלערישע סודות, וואָס זענען מער ווי סוד נישט פאַרבליבן. ער האָט זיך געפונען אונטער אַ גרויסן אַטמאָספערישן דרוק, ער האָט געטראָגן אויף זיך די „משׂא״ פון געפיל פון אומענדלעכקייט און אייביקייט, מיט וועלכע ס׳איז גאָר נישט לייכט זיך אַן עצה צו געבן.

די צוויי שטרעמונגען זענען געווען אין אים אַ סתּירה. פון דעם נעמט זיך זיין הייס, חסידיש אַפּאַטעאָזירן פּרצן, און זיין קאַלטער, מתנגדישער צוגאַנג צו שלום־עליכמען.

דאָס איבן געזאָגטע זענען נישט קיין פּגמים אויף שטערנס דיכטע־רישער ערלעכקייט, נישט אויף זיין אמתן פּאָעטישן טאַלענט און אַוודאי און אַוודאי נישט אויף זיין דיכטערישער און מענטשלעכער פּערזענלעכקייט. דאָס זענען נאָר אַלץ בלאַנדזשענישן. און בלאַנדזשענדיקע דיכטער זענען ווי וואַנדערנדיקע צדיקים, נאָר זיי דערגייען צו עפּעס, נאָר זיי ווייסן עפּעס. כאָטש דאָס צו וואָס זיי דערגייען קאָן זיין גאָר קנאַפּ אין כּמות.

נישט בחינם האָט דער פּאָעט ישׂראל שטערן, וואָס האָט אַזוי ווייניק אויפגעשריבן, געהאַט אַזאַ גוטן און גרויסן פּאָעטישן נאָמען (און האָט אים ביז היינט). נישט דער קדושים־טויט האָט געשאַפן אַרום אים אַ לעגענדע, ער איז געווען אַ שטיק לעגענדע שוין ביי זיין לעבן.



מיינסטנס באַרימט איז געווען שטערנס פּאָעמע: פרילינג אין שפיטאָל. אַן אויסגעלייטערטקייט גייט אויף פון דער פּאָעמע. אַ האַרמאָנישקייט באַ־גלייט זי. ס׳איז אפשר קיין מאָל נישט געווען אַזאַ התקרבות, אַזאַ דער־נענטערונג צווישן שטערנס גוף־חושים און נשמה, ווי דעמאָלט ווען ער איז געווען אין שפּיטאָל, ווי דעמאָלט ווען ער האָט זיינע שפּיטאָללידער אויפגעשריבן. אַ שיינע גוטסקייט איז פאַראַן אין דער פּאָעמע. ווי שטערן איז נישט געווען פאַרביטערט, איז ער קיין מאָל נישט געווען שלעכט (חסידים, ווען זיי זענען געווען אין אַ צרה, פלעגן זאָגן: — ס׳איז ביטער. זיי זענען געווען ניזהר נישט צו באַנוצן דאָס וואָרט „שלעכט״). ביטערניש קאָן מען נייטראַליזירן, שלעכטס — נאָר פאַרלענדן. און פאַרלענדונג איז אַ גרויסע סכּנה סיי פאַרן שלעכטן און סיי פאַרן גוטן.

ס׳איז פאַראַן אין דער פּאָעמע דאָס, וואָס לאָזט זיך נישט דעפינירן, און וואָס איז דאָס סאַמע תּוכידיקסטע פאַר פּאָעזיע. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלץ וואָס לאָזט זיך נישט דעפינירן איז פּאָעזיע. אָבער דאָס סאַמע פּאָעטישסטע, די נשמה פון פּאָעזיע (נשמה שבנשמה) לאָזט זיך בשום אופן נישט דעפינירן. מען קאָן העכסטנס פּרובירן געבן אַ נעבן־דעפיניציע. עפּעס מוז אויפזינגען אין פּאָעט איידער ער הייבט אָן שאַפן. זינגט ביי אים נישט אויף, פאַלט אים נאָר עפּעס איין, מעג דאָס וואָס פאַלט אים איין, זיין ווי ניי און אָריגינעל, איז דעם פּאָעטס טירחה אַן אַרויסגעוואָרפענע. אָן דעם טראָפּן פּאָעטישן אַלקאָהאָל, — ניכטערע פּאָעזיע צינדט קיינעם נישט אָן — (אַפילו דעם פּאָעט גופא אויך נישט, און, ווי כ׳האָב שוין געזאָגט

אויף אַ צווייטן אָרט, איז אין פּאָעזיע דער דין, אַז דאָס וואָס ברענט נישט, דאָס לייכט נישט.

אין פּאָעזיע מוז אַלץ לייכטן, אַפילו די פינצטערניש מוז לייכטן. אַפילו דאָס סאַמע תּהומעדיקע, דאָס סאַמע מאָויימדיקע. אַפילו דער טויט דאַרף לייכטן. אַן פּאָעטיש ליכט איז טויט קיין טויט נישט, נאָר סתּם נישט־ווערן; אָן פּאָעטיש ליכט איז פינצטערניש קיין פינצטערניש נישט נאָר סתּם, דאָס נישט־זיין פון ליכט.

ישׂראל שטערן האָט געהערט צו דער הויכער קאַטעגאָריע דיכטער, פון דעם דור וואָס איז רייף געוואָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, וואָס נישט פּאָעטיש געפיל, נאָר פּאָעטישע דערפאַרונג איז געלעגן אין יסוד פון זייער דיכטערישן שאַפן. ער איז געווען אַ דיכטערישער צנוע. ווייט פון פּאָעטישן עקסהיביציאָניזם. פאַרקערט, ער האָט מקיים געווען ווי אַ דיכטער דעם רעליגיעזן הצנע לכת. קאָן זיין אַז נישט אַלע זיינע דיכטע־רישע דערפאַרונגען האָט ער געוואָלט אַרויסברענגען, נישט אַלע אויף דער וועלט ברענגען.

אין זיינע שפּיטאָללידער איז ער סימפּאַטעטיש. אין די אַנדערע איז ער פּאַטעטיש. פּאַטעטיש מיט אַן אַנען פון נביאות. קיין אַנדערע וועגן אין דער דיכטונג האָט ער נישט באַטראַכט.

כ׳קאָן נישט נישט־ציטירן כאָטש צוויי סטראָפעס פון דער פּאָעמע פרילינג אין שפּיטאָל.

איז אַ וווּנדער, אַז די קראַנקע זענען לויטערע און צאַרטע
און פאַרקוקטע ערגעץ ווײַט און זעען דאָס, וואָס קיינער זעט נישט,
ליגן שפּעט בײַ נאַכט און שמייכלען אין דער פינצטערניש אַרײַן,
און די בעטן גלעטן זיי פּאַר פרייד, ווײַל ס׳וועט זיי קלאָר אַ רעטעניש!
— — — — — — — — — — — — — —
דאָ איז ריח פון איינזאַמקייט ווי היי, ווי גראָז אינעם שאָטן פון אָוונט.
דאָ לעבן מענטשן און וואַקסן בלאַע ווי ביימער, בעת די זון גייט שטאַרבן.
אַהערצו קומען פרעמדע מידע ווי ווינטן אויף אַ פעלד פאַר נאַכט
און גייען פון דאַן ווי פויערישע לידער, אַז מ׳בינדט שוין אײַן
די לעצטע גאַרבן...

אַ גרויסע אויסגעלויטערטקייט איז פאַראַן אין די לידער. אַ לויטערט־קייט וואָס מאַכט קאָנען זען גאָר, גאָר ווייט. ישׂראל שטערנס שפּיטאָללידער

**געהערן זיכער צו די געהויבנסטע שאַפונגען אין דער יידישער (און נישט נאָר יידישער) פּאָעזיע.**

**אין אַזעלכע לידער זיינע ווי,** משוגעים־הייזער זינגען, זינגען די מויערן די אייביק באַוואַכטע, ווינטן, פאַרמאַך די פענצטער — **איז פאַראַן אַזאַ פּעסימיזם, אַזאַ פינצטערער יִאוש, פון וועלכן ס׳דאַכט זיך, אַז ס׳איז שוין נישט פאַראַן קיין אַנטרינונג אַפילו אין ליד. זיין איינזאַמקייט, זיין טראַגיש לעבן האָט אים דערפירט דערצו, אַז ער זאָל אַרויסשרייען אַזעלכע ווערטער:**

וויי קאָן מען אַליין זיין און ריין זיין און טיף זיין,
צום זאַמדיקן ראַנד שרייט דער קרישטאָל
פון אַ טייך, ווו אַ מענטש שטייט און וויינט
אויס קינאה צו די פיש...

**אָבער דאָך איז זיין גייסטיקייט, זיין נשמה, וועלכע, ווי געזאָגט, איז געוועזן אַן אָפּטימיסטישע, אים בייגעשטאַנען און ער האָט געקאָנט אויך שרייבן אַזאַ ליד ווי** גוטע מענטשן, **אין וועלכן ער זאָגט:**

זייער כוח הענגט אומשטערבלעך ביי די שטערן
און איז דער ערשטער, וואָס דערוואַכט,
ווייל אַז מען וויינט מוז ער וויינען הערן
און איילט צו די פאַרדעכטיקע ווינקלען פון דער נאַכט...

**די דאָזיקע סטראָפע דערמאָנט אַ ביסל דאָס באַרימטע ליד פון רוסישן סימבאָליסט פיאָדאָר סאָלאָגוב** גיי אַרויס פאַר דיין הויז. **(וועגן קיין השפּעות קאָן דאָ, מיין איך, קיין רייד נישט זיין. ווייל די דיכטער זענען פון גאַנץ פאַרשידענע מענטאַליטעטן און אַזוי אַנדערש אין פּאָעטישן חומר).**

**ישׂראל שטערן איז אין זיינע לידער פּאָעטיש (אַחוץ אין דער פּאָעמע** פרילינג אין שפּיטאָל**). עס האָט אים נאָר געפירט אויף די שפּיצן פון פּאַרנאַס. ער האָט אפשר מורא געהאַט צו אָפּט צו גרייכן אַזוי הויך, און דערפאַר האָט ער די וועגן פון פּאָעזיע אַזוי זעלטן באַטראָטן.**

**ער האָט זיי באַטראָטן זעלטן און מיט זעלטנקייטן. מיט אַ זעלטענעם טאָן און מיט זעלטענער עמקות.**

ער איז געווען פול מיט סתירות ווי אַ מילגרוים. ער איז געווען אַזוי פיל סתירה, אַז זיין סתירותדיקייט אין אים איז אַזש געווען גאַנץ.

פּאַראַן ווערסיעס, אַז אין געטאָ, אין די יאָרן פון אומקום, האָט ישׂראל שטערן אַ סך געשריבן. קיין באַווייזן דערויף האָבן מיר נישט, ווייל זיינע דעמאָלטיקע שאַפונגען זענען צוזאַמען מיט אים אומגעקומען. ס׳וואָלט אָבער זייער געפּאַסט פאַר שטערנס סתירותדיקער פּערזענלעכקייט, אַז אַזוי זאָל עס האָבן געווען. ס׳לייגט זיך אויפן שׂכל, אַז אַזוי האָט עס באַדאַרפט זיין. דווקא „צווישן פאַלנדיקע ווענט״ האָט געקאָנט געשען, אַז ער זאָל זיך אַרויסווייזן און ס׳זאָל זיך באַווייזן זיין דיכטערישע גבורה.

רחל אויערבאַך דערציילט אין אירע זכרונות וועגן ישׂראל שטערן אין געטאָ (זע: רחל אויערבאַך אַ בוים אין געטאָ, „די גאָלדענע קייט״, נומער 24), אַז זי האָט ביי שטערנען באַשטעלט ביי אַ געלעגנהייט אַ ליד וועגן אַ קאַשטאַנבוים. ישׂראל שטערן, וועלכער האָט ביי זיך אַליין קיין מאָל קיין באַשטעלונג נישט אָנגענומען, האָט די באַשטעלונג נישט נאָר אָנגענומען, נאָר אויך אויסגעפירט.

ער האָט אַלע יאָרן געגלויבט, אָבער קיין גלייביקער איז ער נישט געווען. אין אַ גלייביקן איז פאַראַן רוטין, אין אַ גלייביקן איז פאַראַן עפּעס פון אַ פּראָפּעסיאָנאַליסט (כאָטש פאַרן אויספירן די פּראָפּעסיע באַקומט מען דעם שׂכר בעולם הבא). שטערן האָט אַפילו צווישן די טויטע חסידים צו לאַנג נישט געקאָנט זיין. אָבער אין די יאָרן פון הסתרת פּנים און פאַרלענ־דונג, „בשעתן שוואַרצן רעגן״, גראָד דעמאָלט זאָל ער האָבן אָפּגעהיטן אַלע דינים פון שולחן־ערוך.

אָבער נישט אין דער סתירותדיקייט ליגט די גרויסקייט פון זיין פּער־זענלעכקייט. ער איז דער פּענאָמען פון דיכטערישער עמקות, פון גרייכן צום שורש. דאָס וואָס ער אַנטפלעקט בלייבט אַנטפלעקונג. ווייל ס׳איז גע־נומען פון מקור פון התגלות. זיינע פינף און צוואַנציק לידער בלייבן דער קנין פון דער אויסדערוויילטער פּאָעזיע.

*

זיין עסיי קרוינען צום קאָפּ פון יידישער קריטיק איז אַ גערדאַנקלעכער פּאַנדאַן, תּוספות צו זיינע אייגענע לידער, צו זיין וויסן וועגן קונסט און אויפנעמען קונסט. מיר גלייבט זיך נישט, אַז דער עסיי איז מלכתּחילה אויפגעשריבן געוואָרן דורך שטערנען, בכדי צו געבן זיין אויסדרוק פון

פאַרהערלעכונג פאַר פּרצן און זיין שאַפן. דאָס אַפּאָטעאָזירן פּרצן איז שוין ביי אים אויסגעקומען במילא, נאָך דעם ווי ער איז אַדורכגעגאַנגען אין דער לענג און אין דער ברייט די וועלט פון מחשבות וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פאַר און אַרום קונסט. ער זוכט דאָס תּמציתדיקע. ער איז קיינעם נישט מוחל קיין צופעליקייטן און אַוודאי נישט קיין סתּם איבעריקייטן. און אין פּרצן האָט שטערן געזען נאָר תּמצית, נאָר דעם עקסטראַקט פון קונסט. שטערן האָט אין דעריין דערזען אַן „אָנהייב פון עפּעס מער ווי קונסט״.

די מיינונגען און טראַכטונגען וועגן קונסט, וואָס ווערן אין דעם עסיי אַרויסגעבראַכט, זענען אַ פּועל־יוצא פון שטערנס חקירה, פון זיין פאַרטיפן זיך אין קבלה, פון זיין פאַרשטיין פילאָסאָפיע (נישט נאָר יידישע), פון זיין פאַרליבטקייט אין אַ תּמציתדיקן זאַץ פון שולחן־ערוך, פון זיין קענען אַריינקוקן אין דער עקסטאַטישער נקודה פון אַ חסידישן טאַנץ. דאָס זענען אַלץ זאַכן וואָס מאַכן שווער דעם וועג פון קונסט. מען האָט באַדאַרפט זיין אַזוי פאַרליבט אין קונסט ווי פּרץ איז געווען, אַז מען זאָל פון אַזוי פיל מחשבות וועגן קונסט און פון ווילן צום תּמצית נישט צו פיל געשטרויכלט ווערן. מען האָט באַדאַרפט קאָנען אַזוי אַראָפּנידערן, צי אַרויפנידערן, ביזן סוף פון אַ דערפאַרונג, ווי דאָס האָט געקאָנט ישׂראל שטערן, אַז מען זאָל נאָך קאָנען אויפטויכן צוריק מיט אַ שטערניש ליד.

ישׂראל שטערן האָט אין זיינע עסייען געזען דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זען. ער האָט געזען ביי שלום־עליכמען פאַרנאַכטיקייט, גאַרונג צו ביאת־המשיח, פּונקט ווי ער האָט געזוכט ביי י. מ. ווייסענבערגן שטילקייט. ס׳איז די פּריווילעגיע פון יעדן שעפער צו דערציילן דאָס, וואָס נאָר ער קאָן דערזען.

נישט שייך צו פּאָלעמיזירן מיט אַזעלכע צי אַנדערע מיינונגען פון ישׂראל שטערן. ער איז אין זיינע עסייען שטענדיק און אומעטום שטערניש: טיף, ריין, דער עיקר ריין בתּכלית הריינקייט. זיינע עסייען זענען געשריבן ווי אויסער דער צייט, כאָטש זיי באַרירן קאָנקרעטע טעמעס, באַשטימטע שרייבער און ווערק.

ס׳איז אַ גרויסער שאָד וואָס ער האָט אַזוי ווייניק געשריבן, ס׳איז נאָך אַ גרעסערער שאָד וואָס ער איז אומגעקומען. ס׳איז אַ שאָד פאַר וואָס ער האָט נישט געוואָלט „אַנטלויפן פאַרן גורל״. אַזאַ דיכטער ווי שטערן איז געווען פּרעדיספּאָנירט דווקא אין די עלטערע יאָרן זיך פונאַנדערצוּוואַקסן. דאָס איז אונדז, ווי נאָך אַ סך און אַ סך, נישט באַשערט געווען.

# צמצום און שפע

## (דוד פּינסקי)

ווען איך טראַכט וועגן דוד פּינסקין, זע איך אים, ווי אַ גרויסן, הויכן ייד, אַ מאָדערנעם ל״ו־ניק, וואָס גייט אין פֿאָלק בכדי צונויפֿצוזאַמלען די קינדער פֿון פֿאָלק תּחת כּנפֿי הליטעראַטור.

פּינסקי גלייבט, און זיין גלויבן איז אמת, אַז ליטעראַטור קאָן בעסער מאַכן דעם מענטש און ווייזן אים אַ וועג, אַז ליטעראַטור ווילט־אויס דעם מענטש, און דורך דעם ווערט דער מענטש אויסדערווילט.

מען דאַרף דעם מענטש אַרויסנעמען פֿון דער פּשוטער ווירקלעכקייט און אים אַריבערטראָגן אין דער ליטעראַרישער ווירקלעכקייט, אַז דער מענטש זאָל זיך אַליין דערזען. יענעם קאָן מען זען מיטן בלויזן אויג, זיך צו זען — דאַרף מען האָבן אַ שפּיגל. און דוד פּינסקיס ליטעראַטור איז קודם־כּל פֿאַר די, וואָס ווילן און דאַרפֿן דערזען זיך.

די גרויסע פֿון אונדזער ליטעראַטור פֿון פֿאַר פּינסקי און די פֿון זיין צייט — האָבן קודם־כּל מכוון געווען אַריינצוברענגען די יידישע ליטעראַטור צו די יידן; דוד פּינסקי האָט קודם־כּל מכוון געווען אַריינצוברענגען די יידן אין דער יידישער ליטעראַטור.

נישט אַלע וואָס מען האָט באַדאַרפֿט אַריינברענגען זענען טאַקע אַריינגעבראַכט געוואָרן; און אפשר נישט אַלע וואָס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן וועלן בלייבן. נאָר דוד פּינסקין האָבן געלויכטן די ווערטער: כּל ישׂראל יש להם חלק בעולם הבא, אין דער וועלט פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

✶

דוד פּינסקיס העלדן רעדן קאָנקרעט, זייערע מעשׂים זענען קאָנקרעטע; ער אַליין האָט זיך פֿאַרקאָנקרעטיזירט, זיך צוגעבונדן צו אַ באַשטימטער, קאָנקרעטער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אידייע.

פינסקיס אינקלינאַציע צו דער דראַמאַטישער פאָרעם, האָט אים נישט נאָר געהאָלפן געשטאַלטיקן זיין קינסטלערישע וועלט, נייערט אויך געהאָלפן צום הויכן וווקס פון זיין אידעיִש לעבן. ער האָט פאַרשטאַנען און גוט צוגעאייגנט דעם סוד פון פערספּעקטיוו. ער האָט זיך אויסגעלערנט וואַרטן, האָבן געדולד. ער האָט אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון אַנוווקס און גראַדאַציע. ער האָט מיט עקשנות געשפּאַנט גראַדליניק פאָרויס.

און ער האָט זיך דערוואַרט.

זיין סאָציאַליזם איז אַ הומאַניסטישער, זיין נאַציאָנאַליזם — אַ סאָציאַליסטישער. זיין נאָוועלע איז אַ דראַמאַטישע, און זיינע דראַמעס זענען אַרכיטעקטאָנישע סקיצן פון גרויסע ראָמאַנען. דערביי בלייבט יעדע אידייע און יעדע ליטעראַרישע שאַפונג פון פּינסקין, שטרענג און גאַנץ אין דער פאָרעם, אין וועלכער ער האָט זי געבערענגט אויף דער וועלט.

מיט דוד פינסקין האָט די יונגע יידישע ליטעראַטור באַקומען שטריכן און פאַרבן פון באַזעסנקייט, און ס׳איז פון איר אַוועק דער קאָמפּלעקס פון ציטווייליקייט. פינסקי האָט אַריינגעבראַכט באַטראַכטקייט און רויִקייט. רויִקייט פון אַן איראָפּעיִשן שרייבער.

דוד פינסקיס ליטעראַרישע שפע פאַר זיך ווירקט גוט, ווירקט באַרויִקנדיק. און כאָטש דער סוד פון קונסט איז צמצום, זאָגט אָבער אויס דער סוד — שפע.

אַז מען קוקט זיך צו צו פינסקיס שאַפערישקייט, פאַרלירט מען די מורא פאַר דער צוקונפט און גורל פון דער יידישער ליטעראַטור־שאַפונג. נאָר אין אַ ליטעראַטור פון גרויסע, ווייטע און ברייטע מעגלעכקייטן קאָנען שלאָגן אַזעלכע כסדר שעפערישע קוואַלן.



דערפאַר האָבן די יידישע שרייבער אַזוי ליב און גערן דוד פינסקין, ווייל מיט זיין עלטער דערמאָנט ער די יוגנט, פונקט ווי ער האָט מיט זיין יוגנט דערמאָנט דערוואַקסענע באַטראַכטקייט; מיט זיין טעטיקייט וועקט ער גלויבן, פונקט ווי ער האָט מיט זיין גלויבן געוועקט טעטיקייט; מיט זיין ליבע צו דער יוגנט פאַרשאַפט ער כבוד די עלטער, און זיין שיינע עלטער גיט פיל האָפענונגען דער יוגנט.

## ה. רויזענבלאַט

### אַרייַנפיר

שטענדיק, ווען מיר ווילט זיך עפּעס אָנשרייבן וועגן אַ פּאָעט, באַאומ־רויִקט מיך דער עד־היום נישט־דעפינירטער באַגריף: פּאָעזיע. אויף מיין וועג (און נישט בלויז אויף מיינעם) צום פּאָעט און צו זיינע שאַפונגען, ליגט שטענדיק דער אבן־נגף, די האַרבע קשיא: וואָס איז דאָס אַזוינס פּאָעזיע?

לא כן, נישט אַזוי איז עס, ווען איך וויל שרייבן וועגן ה. רויזענבלאַטן. דאָ, אין דעם פאַל — בין איך אין גאַנצן רויִק. גאָרנישט שטערט מיר דאָ. דאָס איז נישט דערפאַר, ווייל איך האָב אין זיינע פּאָעטישע שאַפונגען געפונען דעם שליסל צום סוד פון פּאָעזיע. דאָס איז נישט דערפאַר, ווייל אין זיין פּאָעזיע ליגט דער ענטפער אויף דער דאָזיקער אויסערגעוויינטלעך קאָמפּליצירטער פראַגע. ניין. דער איגנאָראַמוס (מיר וויסן נישט) שרייט אַרויס פון רויזענבלאַטס שורות און לידער מיט די זעלבע גרויסע אותיות, מיט וועלכע ער שרייט אַרויס פון אַלע פּאָעטישע שאַפונגען זינט זיי האָבן אָנגעהויבן קומען אויף דער וועלט — און וועלן שרייען ביז משיח וועט קומען, ביז ס'וועט אָנקומען דער יום שכולו פּאָעזיע.

נאָר פון רויזענבלאַטס לידער גייט אויף אַזאַ באַטראַכטע און פאַר־טראַכטע רויִקייט, אַז דיר ווילט זיך גאָרנישט פרעגן קיין קשיות. דו וועסט נישט געוואָר פון זיינע לידער, וואָס איז דאָס אַזוינס פּאָעזיע, דו ווייסט ווייטער גאָרנישט וועגן עצם מהות אירן. נאָר, אויב דו ווייסט ווייטער נישט, וואָס איז דאָס אַזוינס פּאָעזיע, ווערט דיר אָבער קלאָר דער ציל פון פּאָעזיע. דו וועסט געוואָר, אַז דער ציל אירער ליגט באַהאַלטן אין איר „ליכטיקער נסיעה", אין איר זיין און אין איר גאַנג איבער דער וועלט. דו וועסט נאָך אַ מאָל געוואָר, אַז מען דאַרף נישט און מען טאָר נישט קיין מאָל פרעגן, צו וואָס שרייבט מען פּאָעזיע. דו פאַרשטייסט און פילסט, אַז פּונקט אַזוי ווי דער עיקרדיקער און ערשטער יסוד אין דער ביאָלאָגישער וועלט איז דאָס אויפהאַלטן דעם מין, אַזוי איז אין דער פּאָעטישער וועלט, קודם־כל און דער עיקר, דאָס אויפהאַלטן דעם פּאָעטישן מין, דעם מין פּאָעזיע.

רויזענבלאַט איז אַ קאָנטעמפּלאַטיווע נאַטור. און נישט בלויז ער. אַלע פון זיין צייט וואָרטשעפער זענען דאָס געווען. וואָס דען האָט געקאָנט פאַר־איינינקן די אַלטע יידישע וועלט (פון אייראָפּע) מיט דער נייער יידישער וועלט (פון אַמעריקע) אויב נישט קאָנטעמפּלאַציע? אָבער ביי אונדזער בעל־היובל קומט עס אַרויס בולטער, שאַרפער, כמעט דאָמינירנדיק. זיין בליק איז אַ רעטראָספּעקטיווער, געווענדט צום עבר, און דער עתיד איז ביי אים „ראָמאַנטיש" פאַרהוילן.

ער פאַרשטייט, אַז די אויפגאַבע פון אַ פּאָעט איז אַלץ איבערצוטראָגן פון איין דימענסיע אין דער צווייטער (פאַר אַ פּאָעט זענען מער ווי צוויי נישט פאַראַן), פון דער ווירקלעכער ווירקלעכקייט אין דער פּאָעטישער, פון דער וועלט פון מעשים, מחשבות, געפילן, אין דער וועלט פון וואָרט, פון פּאָעטישן וואָרט. אָט וואָס ער אַליין זאָגט וועגן דער ראָל פונעם פּאָעט, כאָטש מיט דעם וואָס ער זאָגט האָט ער מכוון געווען צו גאָר עפּעס אַנדערש: „פיר פאַר דיין דמיון פאַרביי אָט די אַלע געשעענישן, וואָס זענען דיר ליב און טייער געווען. פאַרהאַלט זיי. לאָז דיין אויג רוען אויף זיי — אויף איין געשעעניש אַ ביסל לענגער. אויף אַן אַנדערער אַ ביסל ווינציקער. עס ווענדט זיך אין דעם, וואָס פאַר אַ ראָל די געשעענישן האָבן געשפּילט אין דיין פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָבן זיי דיר געגעבן און וואָס האָבן זיי ביי דיר צוגענומען... און ווונדער וועלן געשען!"

(ווונדערלעך וואָרט — אַ מין „אַני מאמין" — פון בוך אין שאָטן פון מיין בוים).

פאַרשטייט זיך, אַז פון נאָך אַ מאָל דורכלעבן דאָס איבערגעלעבטע (ריכטיקער — דאָס געלעבטע), און פון נאָך אַ מאָל פילן דאָס דורכגעפילטע (ריכטיקער — דאָס דערפילן דאָס געפילטע, צי דאָס פאַרויסגעפילטע) גע־שעען ווונדער נאָר ביי אמתע פּאָעטן.

ה. רויזענבלאַט איז געווען און איז דער עיקר אַ ראָמאַנטיקער. אויב איר ווילט — אַ נעאָ־ראָמאַנטיקער. אין דער צייט, ווען ער איז ווי אַ פּאָעט געקומען צו דער וועלט, האָט נאָך דער נעאָ־ראָמאַנטיזם געהאַט פעסטע פּאָזיציעס. כ׳מיין דאָ נישט דווקא ווען איך זאָג — ראָמאַנטיזם: פאַנטאַסטישקייט, באַלאַדישקייט, אויסטערלישקייט. כ׳מיין דאָס גלייבן אין חלום (נישט אין חלומות); כ׳מיין נישט נאָר דאָס גלייבן אין שיינעם, נאָר אויך אין שענערן; כ׳מיין דאָס אָנפאַרטרויען זיך דער בלויזער אידייע (אַפילו ווען מען זעט נישט פאַר איר דערווייל קיין דעקונג); כ׳מיין די

גאַנצע און פֿאַרגאַנצטע אידעאַליסטישע קאָנצעפּציע (אַפילו אין פילאָ־סאָפישן זין), אין וועלכער ס׳איז איינגעוועבט רויזענבלאַטס פּאָעטישע וועלט.

1

עפּעס איז פֿאַראַן אַ ספּעציעלער מין תּמימותדיקייט אין רויזענבלאַטס פּאָעטישע שאַפונגען, (דאָ וויל איך זיך באַוואָרענען, אַז איך רעד דער עיקר וועגן די שאַפונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט די לידער זײַנע פונעם בוך אין שאָטן פון אַ בוים). אויב איך זאָג: תּמימות — מיין איך נישט פּשוטע נאַיִוויטעט. כ׳מיין גאַנצקייט, פעסטקייט און זיכערקייט. און דאָס אַלץ מיין איך אין פּאָעטישן זין. דאָס אַלץ באַציט זיך צו פּאָעזיע. איך באַ־וווּנדער אָפט מאָל מיט וואָס פֿאַר אַ דרייסטקייט רויזענבלאַט נעמט זיך „לייזן״ לידער־פּראָבלעמען, דאָס הייסט פּראָבלעמען פון לידער־פּאַרפיקסי־רונג. עפּעס איז בײַ אים נישט פֿאַראַן דער גאַנצער פּאַרמאַליסטישער קאָמפּלעקס, כאָטש ער האָט אים גוט פֿאַרשטאַנען און געהעריק אָפּגעשאַצט (זע זיין אויבנדערמאָנטן אַני מאמין פון בוך אין שאָטן פון מיין בוים און די עסיי זײַנע אין די גאָלדענע קייט נומער 11, אַלטע און נײַע לאָמפּן). כ׳זאָג נישט, אַז ס׳איז גוט צו זיין פריי פון פּאָרמאַליסטישע קאָמפּלעקסן, אָבער אַן ענין איז עס, און ס׳איז ווערט דערויף זיך צו פֿאַרטראַכטן.

כ׳מיין, אַז בײַ אונדזער דיכטער נעמט זיך עס דערפון, וואָס ער האָט זייער אַ גוט און זיכער „פּאָעטיש הינטערלאַנד״, אויב מען קאָן אַזוי זאָגן. בײַ זיין גאַנצער ראָמאַנטישקייט האָט ער אין זיין פּאָעזיע ערשטקלאַסיקע פּראָזאַיִשע עלעמענטן, וואָס לאָזן זיין ליד זיך נישט אויסגליטשן און שטייען אים בײַ אין יעדער פּאָעטישער עת־צרה. דערפאַר קומט בײַ אים אַזוי געראָטן אַרויס זיין לירישער רעאַליזם (נעמט דעם ערשטן בעסטן משל, דאָס ליד אַזויפיל אומעט פון בוך מיין ליכטיקע נסיעה).

צום מיינסטן און צום אָפטסטן גליטשט זיך אויס אַ ליד דווקא דעמאָלט, ווען עס גייט אויף אַ צו גלייכן וועג. דער „אַספאַלטירטער״, אַזוי פאַלש בײַ אונדז אָנגערופענער „קלאַסישער״ וועג, איז פול מיט געפֿאַרן פֿאַרן פּאָעטישן פּעגאַס פון דער הייַנטיקער (און אַפילו נעכטיקער) צייט. רויזענ־בלאַט מיידט אויס די שטרויכלונגען פון זיין צו שטאַרקער גלאַטיקייט אַ דאַנק זיין רעאַליסטישער בילדערישקייט, אַ דאַנק זיין בילדערישקייט בכלל, אַ דאַנק אַפילו זיין פֿאַנטאַסטישער בילדערישקייט. ער פֿאַרלאָזט זיך נישט קיין מאָל אויפן וואָרט־עלעמענט גופא. ער איז אַ געטרייער שומר פונעם

וואָרט־קאָלעקטיוו, פונעם גאַנצן זאַץ, פונעם גאַנצן בילד, און דאָס פאַר־רעכן איך פאַר איינעם פון די שטאַפּלען צו זיין תּמימות.

דעריבער איז אויך פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס ער, וואָס האָט אַזוי פיל דערציילערישקייט אין זיינע לידער, איז דאָך נישט געוואָרן קיין דערציי־לער (קיין פּראָזאַישער דערציילער). ווייל דאָס, וואָס איז אין דער פּראָזע דאָס וויכטיקסטע, וואָס מאַכט די פּראָזע דיכטעריש, וואָס אָן דעם איז די פּראָזע קיין פּראָזע נישט, נאָר סתּם באַשרייבערייַ, צי דערציילערייַ, אָט טאַקע דאָס דאַרף רוזענבלאָט אַזוי בייטיק האָבן פאַר זיין פּאָעזיע.

ער באַטרעט אויך דעם וועג פון פּאָעטיש־„אָביעקטיווער” באַטראַכ־טונג. מיט „פילאָסאָפישער רוּיִקייט” און מיט פּאָעטישער אומרוּיִקייט קומט ער זיך צו זיינע מסקנות, צו זיינע פּאָעטישע אויספירן.

פאַר אים איז קלאָר, אַז אַלץ אין דער וועלט איז סוֹד. און אויב סוֹד, איז דאָך שוין במילא קלאָר (ס׳איז קלאָר, אַז מיר דרייען זיך אַרום, אַז מיר לעבן אין אַ סודותדיקער וועלט). פאַר אים איז זיכער, אַז אַלץ איז רמז, אַלץ איז נאָר אַן אָנדייטונג אויף עפּעס טיפערס און שענערס. און אויב אַלץ איז רמז, איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז מען מוז אַרומגיין און קלוג (און אַ מאָל אַ ביסעלע כיטרע) זיך איבערווינקען מיט דעם אַלעם וואָס איז רמז. און פאַר אים איז אויך פּשוט, אַז דער עיקר אין דעם פּאָעטישן אויסטייטש פון אָט די אַלע סודות און רמזים אין דער וועלט איז — פּשט. דערפון זיין שטרעבן צו דער קלאָרקייט פון יעדער פּאָעטישער שורה.

צי איז ער געגרעכט? פאַר זיך איז ער זיכער געגרעכט. נאָר ס׳איז שוין די נאַטור אַזאַ פון יעדן פּאָעטישן כּלל, פון יעדן פּאָעטישן געזעץ, אַז אויב מען ווענדט אים אָן נאָר לגבי זיך, איז ער הונדערטפּראָצענטיק פּאָעטיש; נאָר טאָמער ווילסטו דעם זעלבן כּלל אָנווענדן לגבי יעדערן, ווערט דער זעלבער כּלל הונדערטפּראָצענטיק אַנטיפּאָעטיש.

ער איז אין דער יידישער פּאָעזיע נישט קיין נאָכגייער, און אַפילו נישט קיין מיטגייער, ער איז אַ גייער. ער גייט זיך זיין אייגענעם (אויף וויפל דאָס איז בכלל מעגלעך) וועג. ער איז זיך זיין אייגענער פאָרויסגייער, ער איז זיך אַליין פּרעקורסאָר און אַפילו דאָס עפּיגאָנישע וואָס איז פאַראַן אין אים איז אויטאָעפּיגאָניש, ער איז דער עפּיגאָניסט פון זיך אַליין. און דאָס איז אויך אַ מדרגה פון זיין תּמימותדיקייט.

אין זיין טיפער רייפקייט איז ער גאָר שטאַרק אָפּגעהיט. כאָטש ער איז אַ גלייביקער, געטרויט ער זיך קיינעם נישט אָן. זיין רייפקייט פירט אים

**צו קלוגשאַפט. ער אַנטלויפט פון אַלץ און פון אַלע, וואָס זענען נישט קלוג און נישט דורכלויכטנדיק, און אַוודאי אַנטלויפט ער פאַרן נאַר.**

אין מדבר מײַדסטו אויס דעם שמייכלער און דעם נאַר,
וואָס קומט דיך טרייסטן אין דײַן שפּעטער שאָטנדיקער שעה;
דײַן זאַטע רײַפקייט דיר באַוווּנדערן...

**און ווייטער:**

וואָס ווייסט דער נאַר און וואָס באַנעמט דער תּם?
אַ טיף־געקנייטשטער פּנים טראָגט די זאַטקייט פון אַן אויפגעאַקערט פעלד,
אַ שאַרף־געקאַרבטער שטערן — די באַהאַלטענע מחשבות פון אַ
כוואַליענדיקן ים;
סימנים פון פאַרשייטע ווינטן, בלאַנדזשענדיקע שיפן אין טומאַן...
עס זענען אויף דער וועלט אַזוי פיל ווײַטקייטן פאַראַן!
אַזוי פיל רחבותדיקע, ברייטקייטן פאַראַן!

**(סעפטעמבער ליכט, פון בוך „מיין ליכטיקע נסיעה")**

**נישט נאָר דעם נאַר געטרויט ער נישט אָן, נישט נאָר דעם תּם (נאַיוון). ער געטרויט קיינעם נישט. ער געטרויט נאָר דער קלאָרקייט. ער געטרויט נאָר דער קלוגשאַפט. ער האָט זיך זיין בטחון און זיין בטחון איז אַ טייל פון זיין תּמימות, און זיין בטחון זאָגט אים אויף זיכער,** אַז ליכטיקייטן ליגן אויף אַלע וועגן, אויף אַלע אָן אויסנעם וועגן.

2

**רויזענבלאַט האָט אַ טיפן בטחון. ער איז אַ שטאַרק אָפּטימיסטישער פּאָעט. זיין אָפּטימיזם איז נישט קיין קאַזיאָנער. ער גיט אים נישט קיינעם און געניסט אַליין נישט פון אים פון פאָרויס. ער גיט נישט קיינעם קיין אָפּטימיסטישע אַדערויפן. ער איז ביי אים נישט קיין פּראָגראַמאַטישער. ער קומט נישט ביי אים ווי אַ פּועל־יוצא פון גליקלעכע איבערלעבענישן צי געשעענישן.** זיין אָפּטימיזם איז אַ סך־הכלדיקער. **און סך־הכלדיק איז ער ביי רויזענבלאַטן דערפאַר, ווייל ער האָט אים אין זיין בראשית, ווייל מיט אים איז ער געבוירן געוואָרן, ווייל ער האָט אים אין זיין בלוט און פלייש.**

**יחיאל האָפער**

אין זיין איינגעבוירענעם אָפּטימיזם, אין דער סך־הכּלדיקייט פון זיין אָפּטימיזם ליגט דער סוד פון זיין אויפשטייג, פון זיין קרעשטשענדאָ, פון זיין גיין אויף דעם פּאָעטישן באַרג אַרויף דווקא אין די עלטערע יאָרן, ווען בדרך־כּלל ווערט יעדער טריט, אַפילו אויפן גלייכן וועג, וואָס אַ מאָל שווערער. דער סך־הכּלדיקער אָפּטימיזם זיינער מאַכט דאָס, אַז זיין עלטער איז נישט זיקנה, נאָר רייפקייט.

ער האָט זיך זיין מענטשלעכן בטחון:

די רגעס פון פרייד, אַזוי נישטיק און קאַרג —
מע קען אָף די פינגער זיי ציילן.
דאָך זיץ איך און וואַרט: מן־הסתם וועט זיך גאָט
דערמאָנען... וועט מיך נישט פאַרטיילן.

די זון ציט צו מערב. דער אָוונט פאַלט צו;
גאָט וועט נאָך דאָס האַרץ מיר דערפרייען!
וואָס ס׳איז נישט געשען — קאָן געשען נאָך בשעת
די זון האַלט באַם סאַמע פאַרגייען.

(רגעס, פון בוך „מיין ליבטיקע נסיעה")

און ער האָט זיך זיין פּאָעטישן בטחון. ער איז זיכער אַז אַלץ, וואָס איז אויף דער וועלט בנמצא, אַ חוץ רישעות, דאַרף זיין, האָט געמוזט זיין. ער גלייבט, אַז מען קאָן אויף אַלץ, אַחוץ רישעות, אָנווענדן פּאָעטישע קאַטע־גאָריעס, אַז מען קאָן אַלץ, אַחוץ רישעות, איינפלעכטן אינעם פּאָעטישן וואָרט, אין פּאָעטישן גאַנג.

אין טיפן בלויען וואַסער פון מײַן ברונען,
געשפּילט האָט אַ שטערן זיך די גאַנצע לעצטע נאַכט.
פאַר טאָג האָב איך אַן עמער וואַסער אָנגעשעפּט זיך,
און האָב דעם שטערנס ליכט צו זיך אין הויז אַרײַן געבראַכט.

אַ דורשטיקער האָב איך געטרונקען.
דאָס וואַסער איז געווען קלאָר, און בלוי, און קאַלט.
אַ גאַנצן טאָג דערנאָך האָט אומעטום, אין אַלע גאַסן,
באַ מיר פון אויג דאָס שטערנליכט אַרויסגעשטראַלט.

און אומעטום, וווּהין איך בין געקומען,
האָב איך אין מײַנע רייד געבראַכט —
די טונקעלע שטילקייט פון דעם ברונען,
דעם דופטיקן וויספּער פון דער נאַכט.

(„פון טיפן ברונעם", פון בוך „מיין ליכטיקע נסיעה")

און נישט נאָר „די טונקעלע שטילקייט פון דעם ברונען", אַלץ איז ביי אים פּאָעזיע. אַלץ זינגט. „עס זינגען זעגלען אויפן ים, עס זינגען פאָנען אינעם ווינט, אין אָסיען־רעגן זינגט די שטאָט: עס זינגען דעכער, פענצטער, ווענט... עס זינגט דער קוימען אָפן דאַך מיט קנוילן רויך, מיט קודלעס נאַכט"... אאַז"ו אאַז"ו, און צום מחבר פון די שורות שרייבט רויזענבלאַט אין אַ בריוו: „ווען איך שעם זיך נישט פאַר מיינע ווייסע האָר, — וואָלט איך געשריבן אַפילו בריוו אין דער פאָרמע פון לידער".

דאָס איז נישט קיין סתם צעזונגענקייט. רויזענבלאַט האָט זיינע ברייטע אומעטן און זיינע טיפע שרעקן. נאָר זיין איינגעבוירענער אָפּטימיזם, וועל־כער גייט ביי אים איבער אין אַ פּאָעטישן אָפּטימיזם, סובלימירט דאָס אַלץ.

ס'איז גאָר נישט קיין לייכטע זאַך צו זיין אַ לירישע־ראָמאַנטישער פּאָעט און זיין דערביי אַן אָפּטימיסט, ווייל דאָס הייסט אָפּזאָגן זיך פון דעם גאַנצן רייכן פּעסימיסטישן רעקוויזיט מיט וועלכן די ראָמאַנטישע (און דער עיקר די נעאָ־ראָמאַנטישע) פּאָעזיע איז געווען איבערפולט. אָבער אָפּזאָגן זיך איז ביי רויזענבלאַטן נישט קיין גרויסע טראַגעדיע. ער זאָגט זיך לייכט אָפּ פון אַ סך זאַכן, פּונקט ווי ער באַצאָלט לייכט חובות. ער האָט אָפּגעצאָלט זיין חוב דעם סאָציאַלן ליד, ער האָט אָפּגעצאָלט זיין חוב דעם רעאַליזם אין פּאָעזיע (און ער איז דעם רעאַליזם נאָך אַ סך שולדיק געבליבן); איצט איז ער געקומען צו זיין ליריש, אָפּטימיסטיש, סך־הכלדיק ליד.

ער איז אַ גלייביקער, רויזענבלאַט. זיין „איבערדיכטן די וועלט", זיין איבערטראָגן די רעאַלע וועלט אין דער וועלט פון פּאָעזיע האָט אין זיך גאָרנישט פון דעם אָסקאַר ווײַלדישן קאָרעגירן די וועלט. ביי אונדזער דיכטער קומט דאָס אַלץ פון גרויסער אַדאָראַציע. אַפילו אין זיין „אָדמס קינדער" וויל ער נאָר באַשענקען ד ביבלישע מאָטיוון מיט די חנען פון יידישן לשון, מיט דער קלוגשאַפט פון זיין, רויזענבלאַטס, יידישער פּאָעזיע.

ס'זענען פאַראַן אַ ריי ביאָלאָגישע (און מעדיצינישע) דעפיניציעס וועגן אַלטקייט. טייל פון זיי וואָלטן זיך בגוואַלד געלאָזט אָנווענדן לגבי געוויסע פּאָעטן (נישט דווקא יידישע), אָבער צו רויזענבלאַטן לאָזט זיך קיין איינע

פון זיי נישט אָנווענדן. ווייל זיין אַלטקייט איז גאָר רייפקייט. איז דאָס דען דער סוף פון דער פּרי ווען זי פאַלט אַ רייפע אַראָפּ פון בוים? ניין. זי ווערט נאָר דעמאָלט מוכשר צו זיין דער אָביעקט פון אונדזער פולן געניס. רויזענבלאַט איז אונדז אַראָפּגעפאַלן פון הימל אַ רייפער. אַ טאָפּלט רייפער. אַ רייפער אין יאָרן און אַ רייפער אין דיכטערישער גאַנצקייט. מיט זיין ערשטער רייפקייט (די רייפקייט פון יאָרן) פילט ער זיך אַ ביסל זשענירט און פאַרענטפערט זיך רירנדיק:

צי בין איך שולדיק וואָס מײַן ליבשאַפט
צו דיר האָט אויפגעבליט אין האַרבסט?
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
און בין איך שולדיק, וואָס דאָס ליד מײַנס
האָט שפּעט אין אָונט זיך צעשטראַלט?
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —

(אַזוי איז מיר באַשערט, פון בוך „אין שאָטן פון מײַן בוים")

ניין, טייערער רויזענבלאַט, איר זענט נישט שולדיק. פאַרקערט, דאָס איז אייער פאַרדינסט. דאָס זענען מיר אייך גאָר שולדיק. מיר זענען אייך שולדיק אַ יידישן און האַרציקן יישר־כוח!

3

אַ טיפע אמונה, אַ פרומע פאַרגלייבטקייט איז איינגעוואָרצלט אין רויזענבלאַטס פּאָעזיע. ער גלייבט אין יידישן וואָרט, אין יידיש־פּאָעטישן וואָרט. דאָס זעלביקע וואָרט, וואָס קאָן זיין אַ תּפֿיסה, קאָן ווערן „אַ ליכטיקער שלאָס". אַלץ ווענדט זיך אין דעם, וויפל טראָפּנס אמתער פּאָעזיע מען האָט אין דעם וואָרט אַריינגעטאָן. ער גלייבט, און זיין גלויבן איז אמת, אַז מען קאָן יעדע טעמע, אָן אונטערשייד אויפהייבן און מאַכן פון איר פּאָעזיע. מען קאָן יעדע טעמע אויפהייבן — און זי זאָל ווערן פּאָעזיע. נישט אַלע מאָל גיט זיך עס איין. נישט אַלע מאָל איז עס דאָס, וואָס דער פּאָעט האָט געוואָלט, אַז עס זאָל זיין. אָבער אויף דעם איז ער אַ מאמין,

ער זאָל גלייבן באמונה שלמה, אַז דאָס וואָס איז נאָך היינט מיט אַ פּגם, וועט זיך פון דעם פּגם באַפרייען, אָדער וועט פונעם פּגם באַפרייט ווערן.

אמונה אין פּאָעזיע איז היינט אַ זעלטנקייט, ווייל פּאָעזיע מוז מען דאָך גלייבן אויפן וואָרט. מיט קיין מעשׂים קאָן פּאָעזיע נישט איבערצייגן. זי האָט נאָר דאָס וואָרט, צי דעם קאָמפּלעקס ווערטער, דאָס בילד וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון ווערטער. רויזענבלאַטס אמונה אין פּאָעזיע שטעקט אָן, רייסט מיט און דו לאָזט זיך דורך דער אמונה זייער גערן מיטרייסן.

די אמונה זיינע האָט אָפּגעהיטן זיין ראָמאַנטיזם פון דעקאַדענץ. דע־קאַדענץ אין דער קונסט האָב איך ביי אַן אַנדער געלעגנהייט פאָרמולירט ווי אַ שפּאַלטונג צווישן עטישן און עסטעטישן. זיין אמונה אָבער שטאַרקט ביי אים דאָס עטישע, הייבט עס אויף צו גאָר אַ הויכער מדרגה, און דאָס עטישע אין זיין פּאָעזיע איז פאַרפּאַנצערט, כאָטש מאַכט שוין כּלל וכלל נישט דאָגמאַטיש זיין אמונה. דאָס עטישע איז ביי אים נישט אָפּגעטיילט פונעם עסטעטישן, נאָר גייען לעבן זיך ביינאַנד. דערפאַר איז ער באַשירעמט געוואָרן פון דעקאַדענץ, פון יִיאוש און פאַרצווייפלונג. פאַרקערט, אים איז באַשערט געוואָרן פרייד און געהויבנקייט.

אויך איך האָב שיפן — ד ר ײַ !
און זאָרג נישט וועגן וועטער:
קוים קומען זיי נישט היַינט —
איז רעכט באַ מיר אַז שפּעטער...

און טרעפט — זיי קומען אום,
וועל איך נישט רײַסן קריעה:
דער ים, דער ווינט, די שיף —
אין גאָט איז די מניעה!

גאָטס האַנט איז די וואָס גיט,
וואָס היט און פירט בשלום,
די שיפן מײַנע דרײַ —
מײַן לייד, מײַן פרייד, מײַן חלום.

(לחיים, פון בוך „מיין ליכטיקע נסיעה")

זיין אמונה אין פּאָעזיע מאַכט דאָס, אַז ער באַנוצט זיך לגמרי נישט מיט קיין טריקן, מיט קינסטלערישע (צי קינסטלעכע) איינפאַלן און המצ־אות, אין וועלכע נישט איין גוטער דיכטער איז ניכשל געוואָרן. ער דאַרף עס פּשוט נישט. ס׳וואָלט אים נאָר געווען אַ באַלאַסט. עס מאַכט אויך נישט אויס וואָס זיין וואָרט איז נישט אַלע מאָל ניי. ער יאָגט זיך נישט נאָך די „נייע לאָמפּן״. דער עיקר איז, וואָס זיין רגש און זיין מחשבה זענען באַ־נייטע. זיי ווערן דורך זיין אמונה באַנייט.

ווען דער יונגער הירשל רויזענבלאַט האָט נאָך אַלס פּאָעט געדאַוונט ביחידות, האָט ער גאָר דעמאָלט מכוון געווען צום ציבור. איז זיין ליד געווען דאָס ליד פון דער צייט, פון זיין צייט, איז זיין ליד געווען אַ סאָציאַל ליד. נאָר זינט מען האָט רויזענבלאַטן מצרף געווען צום מנין פון די באַ־דייטנדיקע יידישע פּאָעטן, האָט ער אָנגעהויבן דאַוונען ביחידות, איז זיין ליד געוואָרן אַ יחידיש ליד.

אַזעלכער איז דער וועג פון אמונה: פון אוניווערסאַלן צום יחידישן. אַזעלכער איז אויך דער דרך פון דער פּאָעטישער אמונה; פון כלל־מענטש־לעכן צום אינדיווידועלן. ווייל סוף־כל־סוף קאָן דער מענטש (און במילא די מענטשהייט) דערלייזט ווערן נאָר דורך יחידישער אַליין־דערהייבונג.

כ׳וועל זיך נישט אונטערנעמען צו דעפינירן אמונה, אַפילו נישט פּאָע־טישע אמונה. אָבער לאָמיר זען מיט וועמען אמונה חברט זיך, וועלן מיר אפשר געוואָר ווערן עפּעס וועגן איר אַליין. אמונה שטייט נאָנט צו אהבה, צו ליבע, נישטאָ קיין אהבה אָן אמונה. מען קאָן יענעם נישט ליב האָבן אויב מען גלייבט נישט אין יענעם. און ס׳איז נישט פאַראַן קיין אמונה אָן אהבה. ווען דער מענטש קאָן זיך שוין אַפילו אַליין נישט דערטראָגן, נישט פאַרטראָגן, ווען ער ווערט זיך אַליין דערווידער, איז גענוג אַז ער זאָל ליב האָבן — און נישט נאָר ער וועט זיך קאָנען טראָגן, נאָר ער וועט געטראָגן ווערן.

רויזענבלאַט גלייבט און ער האָט ליב. ער גלייבט און ער האָט ליב גאָט, דעם מענטש, די וועלט, דאָס וואָרט, אַלץ, און דער עיקר ער האָט ליב פּאָעזיע. דערפאַר ווערט ער געטראָגן, דערפאַר זענען אים זיינע טריט אין זיינע טיף רייפע יאָרן אַזוי גרינג, עד מאה ועשׂרים.

ווען רויזענבלאַט וואָלט נישט געהאַט די אמונה, וואָלט ער אפשר צו גאָרנישט דערגאַנגען. וואָלט ער נאָך אפשר אין די יונגע יאָרן אַלס פּאָעט פאַרלוירן געגאַנגען.

מען דאַרף אָבער אויף קיין רגע נישט פאַרגעסן, אַז אמונה איז נישט קיין רעצעפּט פאַר פּאָעטן. אים, רויזענבלאַטן, האָט עס געהאָלפן. און פּונקט ווי אים האָט דאָס געהאָלפן קאָן עס אַנדערע פאַרפירן.

4

אין שענצטן טאָג פון האַרבסט איז די קווינטעסענץ פון רויזענבלאַטס ביז איצטיקע פּאָעטישע וואַלאַרן און אויך אַ כּמעט באַפרייען זיך פון זיינע ביז איצטיקע שוואַכקייטן. געוויינטלעך דערמאָנט מען נישט אַ פּאָעט פון אַן עין־הרע פינף־און־זיבעציק יאָר זיינע שוואַכקייטן. מען וויל זיי שוין פאַרליידן און פאַרשווייגן. אָבער דער שענסטער טאָג אין האַרבסט איז נאָך ווייט נישט דער לעצטער. דאָס איז נאָך ווייט נישט קיין סך־הכּל־בוך (כאָטש זיין פּאָעזיע איז אַ סך־הכּלדיקע). ס׳איז נישט קיין שלוס־בילאַנס, ס׳איז אפשר גאָר ווידער אַן עפענונגס־בילאַנס. ווען רויזענבלאַט גיט אַ בלענד מיט אַזאַ ליד ווי: דער קעלמער זאָגט מגידות — זעט מען — וואָס פאַר אַ גרויסע און ברייטע און טיפע מעגלעכקייטן ער האָט נאָך פאַר זיך.

און בכדי קיינער זאָל אַפילו אויף קיין מינוט נישט מיינען, אַז איך מיין דאָ חלילה עפּעס אויסטערלישעס, ווען איך רעד וועגן שוואַכקייטן, וועל איך אייך תיכף זאָגן, וואָס איך מיין. איך האָב שטענדיק געוואָלט, אַז רויזענבלאַט זאָל זיך נאָך אַ ביסעלע דיכטעריש אַ מאַטער טאָן איבער לידער־פּראָבלעמען, כ׳האָב געוואָלט ער זאָל אין גאַנצן אויסמיידן גלאַטי־קייט, כ׳האָב געוואָלט ער זאָל זיך נישט לאָזן פירן אויף די שמאָלע סטעזש־קעלעך פון די געגראַמטע פיר־שורהדיקע לידער, פון וועלכע עלטערע און אַלטע דיכטער לאָזן זיך אַזוי גערן פירן, און כ׳האָב געוואָלט אַזעלכע לידער, ווי ווידערקול, וואָס זיינס גלייכן איז פאַראַן אַ סך אין שענצטן טאָג פון האַרבסט.

בין איך אפשר געווען אַן אַכזר? האָב איך אפשר פאַרלאַנגט צו פיל? און איך זאָג: ניין! הערט זיך גוט צו, וועט איר באַלד מיט מיר מסכּים זיין:

— — — ער איז אַנטרונען און אַראָפּגענידערט צו דעם טאָל
דערפרייט זיך מיט זיין איינזאַמקייט; צעזונגען זיך,
און אָט דערהערט פון זיין געזאַנג דאָס ווידערקול.

אין גרוי־געדיכטן וואַלד פון שטיינערדיקע ווענט
האָט ער זײַן קול פאַרהערט... פאַרגעסן... און ערשט איצט,
אין שטילער שטילקייט, דאָס דערהערט און קוים דערקענט.

יוער איז דאָס דער, וואָס האָט מיט אים בײַנאַנד אין טאָל
גענידערט, ווי דער דינער נעפּל־שפּריי, און האָט
אין שטילסטער שעה פון נאַכט אים אומגעקערט זײַן קול?

ווער איז ער?! און פאַר וואָס האָט ער, ווי גאָט, פאַרדעקט
פאַר אים דאָס פּנים זײַנס, און איצט אין טונקלער שעה
פון איינזאַמקייט — אַ רואה ואינו נראה — זיך אַנטפּלעקט?

גענוג. כ׳וויל נישט מרבה זיין בציטאַטן. זיי זענען פון אויבן דער־מאָנטן ליד ווידערקול. און איך האָב געהאַט אַ טעות. רויזענבלאַט דאַרף זיך נישט מאַטערן בכדי אַוועקצוגיין פון גלאַטיקייט. פאַרקערט, אפשר איז גאָר גלאַטקייט זיין מאַטערניש. ער האָט די פעיִקייט, די איינגעבוירענע פעיִקייט, צו באַלאַנסירן. אָט איז אין דעם געבראַכטן ציטאַט, אין דעם יחידיש־פּאַטעטישן סימבאָליזם פאַראַן אַזוי פיל פּשטות, וויפל אינעם פּשטות פון דער קעלמער זאָגט מגידות (און פון אַ סך אַנדערע לידער) איז פאַראַן יחידיש־פּאַטעטישער סימבאָל.

זיין אמונה אין פּאָעזיע פירט אים נישט צו אַ פאַרליבטקייט אין זיך. פאַרקערט. ער איז ווייט דערפון בתכלית הווייטקייט. ער איז בכלל פריי און ווייט פון יעדן קאָמפּלעקס. ער איז מיט זיין גאַנץ ווען אַן אַנטיטעז צום פּרוידיזם. כ׳האָב נאָך נישט געזען קיין דיכטער, וואָס זאָל זיין אַזוי פריי פון קאָמפּלעקסן ווי ער. דער פּעסימיזם פון ס׳רוב ראָמאַנטישע פּאָעטן, פאַר וועלכע דאָס לעבן אַליין איז אַ שלעכטע בשורה (פאַרגלייך דעם פּרוי־דישן „זעלבסטפאַרניכטונג־טריב״), איז אים פרעמד און דערווידער. ער האָט זיך זיינע פּחדים און זיינע חשבונות. ער וואָלט אויך געוואָלט, אַז אָדם־הראשון זאָל האָבן געגעסן נישט בלויז פון עץ־הדעת, נאָר אויך פון עץ־החיים. אָבער אין זיין סך־הכּל, אין זיין סך־הכּליש ליד, גלייכט זיך אַלץ אויס, און ער שטייט אַ באַפרייטער און שרייט און זינגט יונג און מוטיק:

איז, גוט אַזוי! זאָל שטיין, אַ נאַקעטער, דער בוים דאָרט פאַר דײַן פּלויט.
פאַראַן אַזוי פיל ציטער, צויבער, חלום אין דער בלינדער מורא פאַר
דעם טויט...

אַ יעדע רגע, שעה ווערט טײַער, טײַערער בײַ דיר, און האַרציק האַלט
דער ערשטער שימער־גלימער, אין דעם לעצטן בליאַסק פון האַרבסטיק
גאָלד.

טאַ, פלאַטער נישט אַזוי!... נישט שרעק זיך פאַר דער בשׂורה אַז דו
שטאַרבסט.
הייב אויף דײַן קול און זינג אַ לויב צו גאָט, אין שענצטן טאָג פון האַרבסט.

נאָר יוגנט, נאָר יונגקייט קאָן שטיין אַזוי זיכער, אומדערשראָקן פּנים־אל־פּנים מיטן גרויסן סוד. וויפל מענלעכקייט, אויסגעלויטערטקייט, דורכגעלויכטקייט און קלאָרקייט זענען פאַראַן אין די דאָזיקע, און אין אַ סך אַזוינע, ווערטער זײַנע.

רויזענבלאַט איז צו פיל זעער, צו פיל איז אין זײַנע לידער פאַראַן דאָס וויזועלע, ער זאָל נישט באַמערקן, אַז „זקנים קוקן אויף דער נאַכט ווי קלוגע, מידע סאָוועס מיט רונדע אייגעלעך בורשטינענע — מיושבדיק און אָפן״... ער הערט ווי „אין זקן וויינט דאָס קינד״, רויזענבלאַט דרייט בכלל נישט אַוועק דעם קאָפּ פון דאָס וואָס איז. אָבער דאָס שטערט אים נישט דעם קאָפּ אויפצוהייבן וואָס אַ מאָל העכער... אַד אַסטראַ... ביז צו די שטערן... הלוואי... יהי רצון...

*

אין שענצטן טאָג פון האַרבסט — זענען זיך צונויפגעקומען אַלע אופנים, אַלע מינים פון רויזענבלאַטס בילדערישקייט. עס הייבט זיך אָן מיט געדענקשאַפט, מיט בילדער־רעמיניסצענצן, מיט בילדער פון אַמאָל, און ענדיקט זיך מיט בילדער־חזיונות און מידבר־בילדער.

ער געדענקט זיי אַלע. ער געדענקט זיי געטרײַ. נישט נאָר ער געדענקט זיי, נאָר ער איז מיט זיי, ער איז אין זיי. „עס איז נישט שייך געדענקען דאָס, וואָס דו האָסט נישט פאַרגעסן״, זאָגט ער אין ליד, וואָס הייסט: ציפּרעסן און שניי. זיי זענען בײַ אים אַזוי פריש, מיט אַזאַ רעאַלער פרישקייט, אַז דו זעסט, דו פילסט און ביסט זיכער, אַז בײַ פּאָעזיע איז נישט פאַראַן קיין צײַט, נישט פאַראַן קיין היינט און נישט פאַראַן קיין מאָרגן, נאָר עפּעס אַ פּאָעטיש אייביק זײַן.

יחיאל האָפער

ס׳איז שטיל. עס הערט זיך ווי דער אָקס דער מידער טרינקט,
ווי ס׳וואַסער טריפט ביי אים פון מאָרדע אויפן זאַמד דעם געלן —
געפּלאַצטע סטרונעס פון אַ האַרף — ווי ס׳זיפּצט אין מידן אָקס
דער שלאָף... און ווי עס לאַשטשען זיך צום ברעג די ראָזע וועלן.

דער קילער נאַכטווינט פאַדעט שטיל אַרום דעם וואָגן היי,
און אָטעמט איַין אין זיך דעם ריח, די דעמערונג — אַ זכר
נאָכן טאָג... אין נעפּל־שפּריי גייט אויף אַ דינער אַראָמאַט
פון פריש־געקאָסעטע היי אַריבער דרעמלענדיקע, מידע דעכער.

(„אַ וואָגן פריש-געקאָסעטע היי")

**דאָס דאָזיקע בילד האָט רויזענבלאַט נישט געזען נישט אין ניו־יאָרק און נישט אין לאָס־אַנדזשעלעס. ער האָט עס נאָך אַוודאי געזען אין אוקראַיִ־נע מיט אַ וואָסערע קנאַפּע זיבעציק יאָר צוריק. אָבער אין פּאָעזיע איז נישטאָ קיין צייט נישט פאַראַן, נאָר ס׳איז אויך קיין לאַנד נישט פאַראַן. ס׳איז נישט פאַראַן קיין אַמעריקע־לאַנד און נישט קיין אוקראַיִנע־לאַנד, ס׳איז פאַראַן נאָר איין גרויס פּאָעטן־לאַנד.**

**ס׳איז דאָ אין דעם בוך דאָס קאָנטעמפּלאַטיווע בילד, דאָס בילד, וואָס דינט ווי אַ ראַם צו וועבן דערויף די פאַרשידנסטע מחשבות, למשל:**

אַ פרילינגנאַכט, אַן אויסגעשטערנטע, בטבע לאָזט דיר ס׳האַרץ נישט שלאָפן.
דער ים איז אויך אַ האַרץ, אַ האַרץ פון שטערן דורכגעשפּיגלט,
און ליגט פאַר דיַינע אויגן, ווי אַ ריזיק ספר — אָפן.

(מחשבות — זיצנדיק ביים ברעג פון ים)

**דאָ, אין דעם פאַל, וויסטו נישט, ווער ווען עס דינט. צי דינט דאָס בילד דעם געדאַנק, צי דער געדאַנק — דעם בילד. אָבער דו פילסט, אַז קיינער באַדינט דאָ נישט קיינעם, אַז דאָ ווערט קיינער נישט באַדינט, נאָר איינער פאַרדינט דאָס ביים צווייטן. דער געדאַנק פאַרדינט ביים בילד און דאָס בילד — ביים געדאַנק און ביידע פאַרדינען זיי אַ הויכווערטיקע מטבע, וואָס הייסט: פּאָעזיע.**

**ס׳איז פאַראַן אין בוך דאָס רעאַלע בילד, דאָס רעאַליסטישע, ד״ה אַזעלכעס, וואָס האַלט אויס אַלע דינים פון דער רעאַליסטישער תורה. ס׳איז נישט נאָר רעאַליסטיש אין זינען פון פאַרב און געשטאַלט, נאָר אויך**

**אין זינען פון היינטצייטיקייט, פון דינאַמישער איצטיקייט, פון געוואַלדיקער (און אַפילו געוואַלדזאַמער) איבערצייגערישקייט. נעמט פאַר אַ משל דאָס ליד: מאַנהעטן.**

עס ציטערט איבער מיר אַ טויבן־שטילע איר־לבנה.
און שטערן — זאַנגען גאָלדענע — אין די מיליאָסן!
ווי בינען גלימערן די שויבן... און די נאַכט־פּאַנאַרן,
ווי בײַטשן־פּערל, הענגען אויף די העלדזער פון די גאַסן.

**און ווייטער:**

בראָך־טאָג. אין האַפן וואַיעט זיך אַ פרעמדע שיף פונאַנדער.
בײַם ברעג פון האָדסאָן־טײַך פאַרגייט זיך וואַלפיש אַ סירענע.
דער כּישוף טוט זיך אָפּ. פון אונטער זשאַוועער־ברוינע נעפּלען
טויכט אויף די שטאָט — אַ סילועט פון אַ פאַרהונגערטער היענע...

**פאַרשטייט זיך, אַז מען וואָלט גרינג געקאָנט מוותּר זיין אויף „די מיליאָסן", אויף דער דאָזיקער ציפערישער פאַראַלגעמיינערונג, וואָס זאָגט גאָרנישט און ווייזט גאָרנישט, פונקט אַזוי וואָלט מען געקאָנט מוותּר זיין — אין דעם פריִער געבראַכטן ליד אַ וואָגן פריש־געקאָסעט היי — אויף די אין דער ערשטער סטראָפע ציטירטע ווערטער: „געפּלאַצטע סטרונעס פון אַ האַרף", וואָס זענען דאָרט לגמרי איבעריק, און דערפאַר נאָך מער (צי נאָך ווייניקער) ווי איבעריק. אָבער מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז רויזענבלאַט איז אַ ראָמאַנטיקער און פאָדערן פון אים אין גאַנצן זיך אָפּצוזאָגן פון ראָמאַנטישן רעקוויזיט איז אפשר צו פיל פאַרלאַנגט.**

**ס'איז פאַראַן אינעם בוך דאָס אימפּרעסיאָניסטישע בילד, דאָס געטרויען זיך אַליין, דאָס געטרויען דעם קינסטלער אין זיך, דאָס אַ שפּיל טאָן מיט פאַרב פון אַ צעשפּילטער פּאַליטרע, למשל:**

דאָס גראָז איז געל, דאָס פערד איז ווײַס,
דער וואַלד איז קאַרמעזין,
און ער אַליין איז דעמער־בלוי,
און ווי זײַן שאָטן — דין.

יחיאל האָפּער

אָבער רויזענבלאַט האָט דאָס בעצם נישט ליב. ער האָט זיך זיינע בעסערע און ריכטיקערע אופנים, און דעריבער פאַרענדיקט ער טאַקע דאָס דאָזיקע ליד זיינס אַזוי:

דאָס גראָז איז געל, דער הימל גרוי,
און בראַנזיק־ברוין דער וואַלד,
און נאָר דער ליפּע־בוים אַליין
איז גרין, ווי עמעראַלד.

(„סעפּטעמבער״)

און דאָ איז אינעם בוך דאָס סך־הכּלדיקע בילד, דאָס בילד פון אָנהייב און פון סוף, און דאָס בילד פון אָן אָן אָנהייב און פון אָן אַ סוף.

די אַלע אופנים פון בילדער זענען זיך אין שענצטן טאָג פון האַרבסט צונויפגעקומען, בכדי צו מאַניפעסטירן דעם כּוח פון בילד, פון פּאָעטישן בילד, פון רויזענבלאַטס בילד (דעם כּוח פון פּאָעטישער וויזיע), און בכדי אויסצוזינגען דעם געטרייען גלויבן אין דעם אור הגנוז, אין דעם פאַר־באַהאַלטענעם ליכט, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרבאַהאַלטן.

טרינק אָן דאָס אויג דײַנס ביז צום ראַנד,
מיט אַלע זײַנע פאַרבן.
דער בלינדער מילטאָן זאָגט: ווער ס׳זעט
גאָטס שיינקייט — קאָן נישט שטאַרבן!

און אויב דער זעעוודיקער, דער דערזעעוודיקער רויזענבלאַט זאָגט עס, איז עס אַוודאי און אַוודאי — אמת.

„די גאָלדענע קייט״, נר׳ 16

# נ. ב. מינקאָוו

א.

די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע", מיט וועלכער נ. ב. מינקאָוו גייט אָן אין דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע איבער פינף און דרייסיק יאָר — איז שוין פון לאַנג אַ שם־דבר. זיין עקשנותדיקער, קאָנסערוואַטיווער רעוואָלוציאָניזם — נייט יעדן איינעם, וואָס פאַרטיפט זיך אין די פּראָבלעמען פון דיכטונג און קונסט, זיך צו פאַרטראַכטן. אין דער צייט ווען אַ סך אַנדערע דיכטער אין זיינע יאָרן, צי אַפילו ייִנגערע פאַר אים, האָבן זיך באַקוועם באַזעצט אויף פאָרמאַליסטישע, צי אינהאַלטלעכע, פּאַקטישע צי איינגערעדטע דערגרייכונגען, איז מינקאָוו נאָך אַלץ מקיים די מיצוות עשה פון זוכן. און לאָז מיר דערלויבט זיין זיך צו באַנוצן מיט מיינעם אַן אייגענעם אַפּאָריזם: געפינען איז אַן ענין פון הצלחה, זוכן — אַ קינסטלערישער אימפּעראַטיוו.

די מאָטיוון וואָס באַוועגן מינקאָוון אָנצוגיין מיט זיין „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" זענען שטענדיק די זעלבע און שטענדיק אַנדערע. זיין קאָנסערוואַטיזם איז דאָס נישט־אָפּטרעטן אויף קיין איין רגע פון דעם אין סאַמע אָנהייב פון זיין פּאָעטישן גאַנג, זיך אָנגעצייכנטן וועג פון זוכן. זיין רעוואָלוציאָניזם — איז דאָס זוכן גופא, דאָס כסדרדיקע פאַרברייטערן דאָס פעלד פון דער פּאָעטישער דערקענטעניש און דאָס צונויפפירן וואָס אַ מאָל נייע, ווייטע און ווייטערע אַסאָציאַציעס; (וואָס דאָס איז די אייגנטלעכע אויפגאַבע פון יעדער מין פּאָעזיע, אָן אונטערשייד פון איר ריכטונג און אירע טעאָרעטישע הנחות).

אָנגעהויבן ביי מינקאָוון האָט זיך עס מיט דעם סאַמע היפּער־סוביעקטיוון אידעאַליזם, וואָס אין דער פילאָסאָפיע גופא וואָלט עס געמוזט דערפירן צום סאָליפּסיזם, און אין דער פילאָסאָפיע פון קונסט, וועלכע איז לאין־ערך קאַפּריזנער און סתירותדיקער ווי די פילאָסאָפיע גופא, האָט עס דערפירט צום „אינזיכיזם". צו דעם „אינזיכיזם" פאַר וועלכן אַפילו דער סוביעקטיווער אידעאַליזם פון די „יונגע" איז געוואָרן צו ווינציק סוביעקטיוו און ער איז דעמאָלט אַריבערגעגאַנגען צו אַן אינטענסיווערן סוביעקטי־

וויזם, ווי מינקאָוו באַצייכנט עס: פון „איך" פון די „יונגע" — צו „אין־זיך". דער אינזיכיסט האָט געמאַכט פאַר זיין פּאָעטישן כּלל דעם סוביעקטיוו אידעאַליסטישן וועלטבאַנעם. ער האָט געהאַלטן, אַז די וועלט עקסיסטירט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זי שפּיגלט זיך אין אונדז אָפּ. די וועלט איז אַ ליגן, אַ נישט־עקסיסטירנדיקע קאַטעגאָריע, אויב זי האָט נישט מיט אונדז קיין שייכות. (זע אין־זיך 1920. זייט 2. זע אויך נ. ב. מינקאָוו: טענדענצן און שטרעמונגען אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, „די צוקונפט" נאָוו.־דעצעמבער 1954). אַזוי אַרום האָבן די אינזיכיסטן זיך געשטעלט אויפן סוביעקטיוו אידעאַליסטישן שטאַנדפּונקט, וועלכער קאָן זייער לייכט, דער עיקר ביי פּאָעטן, דערפירן, ווי געזאָגט, צום סאָליפּסיזם (לויט וועלכן עס עקזיסטירט נאָר „איך־אַליין", אָדער „אין מיין באַוווסטזיין" און די גאַנצע רעשט וועלט, און בתוכם אַלע מענטשן, עקסיסטירן פּאַקטיש נישט, נאָר זענען אַ פּראָדוקט פון מיין באַוווסטזיין, פון מיין פאָרשטעלונג).

אָבער דער עיקר איז דאָך נישט אַזאַ צי אַנדערע פילאָסאָפישע הנחה, נאָר דער אופן פונעם פּאָעטישן פאַרפיקסירן די פילונגען און שפּירונגען פון אויף אַזאַ אופן באַנומענער וועלט. די אופנים זענען געווען דער עיקר די סוגעסטיווקייט פון די בילדער און די וויטקייט פון אַסאָציאַציע. שפּעטער אין אַ סך יאָרן אַרום זענען די מאָטיוון און די סיבות פון זיין (דעם מינקאָווישן) אופן פאַרפיקסירן דיכטונג כאָטש די זעלבע, אָבער אויך שוין גאָר אַנדערע. ווייל ער איז קיין מאָל נישט אַנטלאָפן אינעם „אין־זיך" פון זיך, נאָר אינעם „אין־זיך" פון דער וועלט. נישט זיין אייגענער אונטער־באַוווסטזיין איז געווען און איז דער מקור פון שאַפן, נאָר די וועלט וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין אונטערבאַוווסטזיין, דאָס האָט אים אינטריגירט; ווייל ער האָט זיך פון דער וועלט קיין מאָל נישט איזאָלירט און פון דער יידי־שער וועלט אַוודאי און אַוודאי נישט, דעריבער איז זיין אומפאַרשטענדלעכ־קייט נישט זיין אייגענע, נאָר די אומפאַרשטענדלעכקייט פון אונדזער אַלע־מענס פאַרפּלאָנטערטע חשבונות. און דעריבער זענען זיינע אומפאַרשטענד־לעכקייטן שטענדיק געווען אַזוי שאַרף, קלאָר, כאָטש אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרטייטש, און לעצטנס האָבן זיי גאָר באַקומען און אָנגענומען אַ גורלדיקן באַדייט:

דו שרייבסט, אַז קלאָרקייט איז דער עיקר.
מיט ליבשאַפט, דאָך — דיין נישט־דערזאָגטער פאָרוואורף איז צו מיר
געווענדט.

ווי וואָלסט געזאָגט: „עס חושכן אין דיינע לידער אומפאַרשטענדלעכקייטן שטיקער,
און ס׳ווערט אַ לעבן זיניקלאָז פאַרשווענדט״.
— — — — — — — — — — — — — —
דו שרייבסט, אַז קלאָרקייט איז דער עיקר.
מיך מאַטערט אויך דער דאָזיקער געדאַנק — און צייטנווייַז, ביז האַס,
ווייַל מיט וואַנזין און פאַרראַט איז אונדזער צייַט פאַרשיכורט,
ווייַל מיט גרויל איז אונדזער זיסטסטער טרוים פאַרקנסט.

(„ביים ראַנד״, ז״ז 49 - 50)

אומפאַרשטענדלעכקייט, אומקלאָרקייט איז אין דער דיכטונג נישט קיין אידעאַל און אַוודאי און אַוודאי נישט קיין ציל. אָבער אונדז שיינט, איבער־לאָזנדיק אַלע וויכּוחים וועגן דעם פאַרוויקלטן פּראָבלעם לעתיד־לבוא, אויפן יום שכּולו פּאָעזיע, אַז נאָר די אומפאַרשטענדלעכקייט, וואָס ליגט אין עמעצנס שעפערישן בראשית, וואָס איר אָרט איז אין דעם שעפערס קאָנסטיטוציע, אין זיינע כּוחות און מעגלעכקייטן, נאָר אַזאַ אומפאַרשטענד־לעכקייט איז אומבאַהאַלפנקייט, נישט־אויפגעוואַקסענער און נישט־דער־וואַקסענער דיכטערישער אויסדרוק. אָבער די אומפאַרשטענדלעכקייט, וואָס קומט פון אַ טראַגישן סך־הכּל, צי פון טראַגישע סך־הכּלען, וואָס איז די סומע פון אַ מוראדיק פאַרפּלאָנטערטן חשבון, אַזאַ אומפאַרשטענדלעכקייט איז ווי ברענענדיקער תּוהו־ובוהו, פון וועלכער אַ דיכטערישע וועלט און וויזיע קאָנען זיך און ווען זיך אויספורעמען.

אין דעם אַספּעקט זענען אינטערעסאַנט די ווייטערדיקע צווי סטראָ־פעס פון מינקאָווס ליד אומפאַרשטענדלעך:

— — — הויך אין חשכות בליט
אַ וואָלקנדיק־צעשוימטע האַנט,
וואָס צינדט־אָן — בראשיתדיק — אַ שטערן,
וואָס ציטערט, וואַקסט, און בליצט פון ראַנד צו ראַנד.

און ס׳ווערן אומפאַרשטענדלעך: —
לאַנג־פאַרענטפּערטע פאַרוואָסן,
אימהדיקע תּפילות, וויַטע ליכט,
און ווילדע, שטומע חצותן.

דאָס זענען צוויי סטראָפעס פון דעם ערשטן ליד פון זיין בוך ביים ראַנד. אפשר איז עס אויך זיין פּראָגראַם־ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פינף און צוואַנציק יאָר נאָך דעם, ווי ער האָט צוזאַמען מיט א. לעיעלעס און יעקב גלאַטשטיין מחבר געווען דעם מאַניפעסט פון אין זיך.

ווען „ס׳ווערן אומפאַרשטענדלעך לאַנג־פאַרענטפערטע פאַרוואָסן״, ווערן פאַרשטענדלעך לאַנג נישט־פאַרשטאַנענע, אָדער נאָך נישט־פאַרשטאַנענע אומפאַרשטענדלעכקייטן.

ב.

די יידישע דיכטער זענען געווען אין דער „גליקלעכער״ לאַגע, וואָס זיי האָבן נישט געמוזט דעם שוידער, דעם קאָשמאַר, די צעטרייסלונג און די טיפע פאַרצווייפלונג נעמען פון זייער אונטערבאַוווסטזיין, ווי דאָס טוען די פּאָעטן פון אַנדערע פעלקער, וואָס רופן זיך, אָדער וועלכע מען רופט, סורעאַליסטן. אַ סך פון דעם וואָס ליגט פאַר די נישט־יידישע דיכטער פאַרבאָרגן אין זייערע חלומות, אין זייער אונטערבאַוווסטזיין, ליגט פאַר די יידישע דיכטער אָפן (כאָטש נישט דערקלערט). אָפן און נאַקעט אויפן אויבערפלאַך פון זייער באַוווסטזיין, דאָס אַלץ איז אַזוי „גוט״ פאַרלאָדן אויף די ברייטע פּלייצעס פון זייער געשיכטע און דער געשיכטע פון זייער פאָלק, אַז נאָר קום און נעם, שעפּ מיט אַ ברייטער האַנט און מיט גרויסע עמערס. און דאָך? און דאָך, און אפשר טאַקע און גראָד דערפאַר, זענען די יידישע דיכטער און די יידישע דיכטונג, נאָך אַ קורצן בערך קאַמף, אַזוי גערן און מיט אַזוי פיל חשק אַנטלאָפן צום לירישן רעאַליזם, צום לירישן רעאַליזם פון עבר, וועלכן זיי האָבן אידעאַליזירט און פאַרפּאָעטי־זירט. חלום איז ביי זיי זעלטן געווען קאָשמאַר, קאָשמאַר האָבן זיי געהאַט געגנוג אין דער ווירקלעכקייט, חלום איז ביי זיי כּמעט שטענדיק געווען טרוים.

די רעלאַטיווע שוואַכקייט פון דער יידישער, אַזוי צו זאָגן, דירעקטער חורבן־דיכטונג אין אַמעריקע, ליגט נישט אין דער געאָגראַפישער ווייטקייט פונעם אָרט פון חורבן, נאָר אין דער נאָענטקייט, מיט וועלכער די דיכטער האָבן זיך צום חורבן געשטעלט. דער חורבן האָט ביי די דאָרטיקע דיכטער נישט דערפירט צו שבירת הכלים, זיי האָבן זיך געשטעלט צום חורבן פנים־אל־פנים, זיי האָבן געגנומען מן המוכן, און אויף קיין רגע נישט פאַר־לאָזט די ביזאַיצטיקע, אויסגעוואַרעמטע ליריש־רעאַליסטישע פּאָזיציעס.

די אָנערקענטסטע קריטיקער ביי אונדז, וואָס זענען נאָך היינט גרייט צו פֿאַרטיידיקן דעם פּרינציפּ „קונסט פֿאַר קונסט", האָבן זיך גראָד דעמאָלט צעפּשטעוועט מיט פּשטות. אַפֿילו די סאַמע דורכדרינגלעכסטע קריטיקער ביי אונדז האָבן יעדן פּרווו פֿון אַנדערשקייט, פֿון אָפּטרעטן פֿונעם ליריש־רעאַליסטישן קאַנאָן, פֿאַרשריגן מיטן פֿאַרהאַסטן וואָרט „מאָדערניזם", און נישט זיך, נאָר דעם וואָס האָט זיך אויף אַנדערשקייט דערוועגט, צוגעשריבן אומבאַהאָונטקייט אין די דיכטערישע, קינסטלערישע שטרעמונגען פֿון יענער צייט.

דעמאָלט איז אין אַמעריקע געקומען מינקאָוו מיט זיין בוך חורבן־לידער ביים ראַנד, וואָס האָט פֿאַרוווּנדערט טאַקע מיט זיין אַנדערשקייט, מיט זיין זיך שטעלן פֿון דער ווייטנס. אין אַזאַ פֿון דער ווייטנס, וואָס איז דער נאָענט־סטער וועג צו נאָענטקייט. ער איז אין זיין בוך פֿול מיט סימבאָלן, מיט משונהדיקער בילדערישקייט, אויב איר ווילט, מיט וויזיעס אַפֿילו, מיט באַזונדערן קלאַנג. מען דאַרף די לידער נישט אַנאַליזירן (כאָטש מען קאָן דאָס טאָן), זייער כּוח ליגט אין זייער רייסן זיך צו גאַנצקייט.

און אויך אין דער גאַנצער וועלט איז אָנגעגאַנגען און גייט אָן אַ קאַמף פֿאַר אַ ניי צי באַנייט וואָרט, (כאָטש נישט מיט אַזוי פֿיל רעש און געפּיל־דער, ווי נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה). זאָל דאָס, פֿאַר וואָס דער קאַמף גייט אָן, הייסן ווי עס וויל. זאָל עס הייסן אַפֿילו סוררעאַליזם, צי זאָל עס הייסן סתּם פּאָעזיע, אַלץ איינס. די איינמאָליקייט פֿון יעדן פּאָעטישן אַקט און פֿאַקט איז מחייב יעדן דיכטער, אָן אונטערשיד פֿון שול און ריכטונג צו וועלכער ער געהערט. די סוררעאַליסטן האָבן דעם פּרינציפּ פֿון איינמאָ־ליקייט דערפֿירט ביז צו דער סאַמע עקסטרעמער עקסטרעמקייט. זיי זענען ווייט פֿון יעדן מין טראַדיציאָנאַליזם, זיי זאָגן זיך אָפּ פֿון יעדער בשותּ־פֿותדיקייט. זיי ירשנען ביי קיינעם גאָרנישט און לאָזן קיינעם קיין ירושה נישט איבער. זיי לאָזן זיך איינער צום צווייטן נישט פֿאַרגלייכן. זיי קאָן מען מיט קיינעם נישט פֿאַרגלייכן. און וויל מען קאָן זיי נישט פֿאַרגלייכן איז במילא נישט מעגלעך אָנצוווענדן לגבי זיי וועלכע עס איז מאָס, ווייל יעדע מאָס איז דאָך במילא רעלאַטיוו.

אין דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע שטייט מינקאָוו מיט זיין מין פּאָעזיע איינער אַליין. (זאָל קיינער דערפֿון נישט דרינגען אַז כ׳מיין, אַז ער איז אַ סוררעאַליסט). נישט חלילה איינזאַם, נאָר אַליין. קאָן מען אים טאַקע נישט מעסטן מיט קיין שום מאָס, אַחוץ מיט דער מאָס פֿון זיין אַליינקייט. לאָמיר צו אים נישט צוגיין מיט דער מאָס פֿון גרויס און קליין,

צי פון גרויס און נאָך גרעסער. לאָמיר זיך ליבערשט אין אים פאַרטיפן, לאָמיר צוזאַמען מיט אים זוכן:

אין הויכע שוואַרצע פעלדער ציטערן די נײַע שטערן
און יעקבס דורכזיכטיק געשטאַלט גייט אום צווישן זיי
און זוכט —
אַ סימן פונעם טאָג, אַ טרער, אַ ניצוץ פון חרטה.
און זוכט, און זוכט און זוכט...

(פונעם בוך „אַ שטערן בליט")

ג.

ס'איז אינטערעסאַנט: נ. ב. מינקאָוו איז אין זיין פּאָעזיע אַ פּרוש, אָבער נישט קיין מוסרניק. אויף זיין אייגענעם וועג און אופן איז ער מדקדק כחוט השׂערה און בנוגע אַנדערע מינים פּאָעזיע איז ער געוואַלדיק טאָלע־ראַנט, שוין אפשר אַ צו שטאַרקער מקל. ער איז אַ נזיר, אָבער נישט קיין סעקטאַנט. אויף זיין אייגענעם טיש וועט איר קיין וויין נישט געפינען, אָבער ווען ער קומט צו פרעמדע טישן פאַרזוכט ער פון אַלע מינים וויין און איז זיך שטאַרק משׂמח. אפשר איז דאָס דערפאַר ווייל זיין עצבות און מרה־שחורה איז ביי אים מער ווי סתם שטימונג, מער ווי אַ נדר אויף נזירות. „פאַר מיר — שרייבט מינקאָוו אין אַ בריוו צום מחבר פון די שורות — איז די פאַרבאָרגענע טיפע מרה־שחורה אַ מין מעגלעכקייט, אַ מין בענק־שאַפט צו ווערן צאַמען דאָס אונטערבאַוווסטזיניקע, באַנעמען די יסורים, זייער זינען, און אַלע אומפאַרשטענדלעכקייטן, וואָס יעדער פון אונדז איז אין זיי פאַרזונקען". כ'מוז זיך מודה זיין, אַז מיר האָבן די פאָר ווערטער זיינע געגעבן אַ סך צו טראַכטן. מיר איז אויך איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז אפשר איז שוין צייט אַז פּאָעזיע און פּראָזע זאָלן זיך טיילן מיט דער וועלט. פּאָעזיע זאָל בעמען דעם אונטערבאַוווסטזיין און פּראָזע דעם באַוווסטזיין. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָלט אויף קיין האָר נישט פאַרמינערט דעם ווערט און דאָס געפיל וואָס די גרויסע באַוווסטזיניקע, שׂכלדיקע פּאָעזיע האָט מיט איר שיינקייט, פרייד און חכמה אונדז באַשאָנקען. אָבער פון דער צווייטער זייט וואָלט דאָס אפשר געגעבן אַ גרעסערע מעגלעכקייט דער וועלט פון אונטערבאַוווסטזיין, דער וועלט פון ווייטע אַסאָציאַציעס און

טיפסטע סוגעסטיעס אַרויסצובאַקומען זיך פון זייער תּהומיקייט, זיך סובלי־מירן, אויסשטראַלן און אויך ברענגען פרייד (ריינע פרייד).

לאָמיר אָבער איבערלאָזן דעם ווילן זיך צו טיילן מיט דער וועלט די פּאָליטיקער און לאָמיר לאָזן סיי דער פּאָעזיע און סיי דער פּראָזע קעמפן יעדער באַזונדער פאַר אַ גאַנצער, נישט־טיילבאַרער וועלט.



אַ סך מאָל אַרט מיך פאַר וואָס מינקאָוו גיט זיך רעלאַטיוו ווייניק אָפּ מיט דיכטונג און אַזוי פיל מיט קריטיק. מיך אַרט פאַר וואָס ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ היטער פון פרעמדע גערטנער און דעם אייגענעם גאָרטן צו ווייניק געהיט. מינקאָוו איז נישט בלויז פּאָרשער פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, פון אירע אָנהייבן, ער איז נישט בלויז קריטיקער פון די שפּעטערע און היינטצייטיקע יידישע ליטעראַטור־שעפערס און ליטעראַטור־שאַפונג (דער עיקר פּאָעטישער), ער איז אויך דער זעלטענער ביי אונדז קריטיקער פון קריטיקערס (זע זיין בוך: זעקס יידישע קריטיקער, פאַרלאַג יידבוך 1954). ער איז נישט בלויז פּאָרשער און קריטיקער, נאָר, אין אַ געוויסער מאָס, אויך אַ ליטעראַטור־היסטאָריקער. ער איז לעקטאָר און פּראָפעסאָר פון יידישער ליטעראַטור אין פאַרשידענע הויכשולן און לע־רער־סעמינאַרן. ער איז געווען רעדאַקטאָר און מיטרעדאַקטאָר פון אַ צאָל יידיש־ליטעראַרישע (דער עיקר פּאָעטישע) צייטשריפטן. ער איז אויך פאַר־וואַלטונגס - סעקרעטאַר פון דעם עלטסטן ליטעראַריש - געזעלשאַפטלעכן יידישן חודש־זשורנאַל די צוקונפט. עפּעס טוט זיך דאָס אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע מיט און אַרום מינקאָוון.

איך גלייב נישט אין במילאדיקע פּאָעזיע. איך גלייב נישט, אַז אויב עמעצער איז אַ פּאָעט, וועט עס במילא פון אים אַרויסזינגען. די צייט פון זינגען ווי אַ פויגל זינגט, די דאָזיקע צייט איז שוין פאַרביי. אַגב איז היינט זינגען אין דער פּאָעזיע אפשר שוין נישט די הויפּט־אויפגאַבע אירע. פּונקט ווי איר געזאַנג, איז וויכטיק איר געוואָי און געיאָמער. מען טאָר פּאָעזיע נישט רייסן און נישט אָפּרייסן פריצייטיק, אָבער אַרויסהייבן זי פון זיך דאַרף מען (כאָטש מען מוז נישט, ווייל ס׳איז נישט פאַראַן קיין „מוז״ אין דער קונסט). דער וועג פון די פאַרפלאָנטערטע און פאַרפלאָנטערטסטע געפילן, פון די סאַמע תּהומותדיקע טונקלקייטן, פון די סאַמע גרעסטע סתּירות ביז צו דער וועלט פון פּאָעטישער אויסלייזונג און אויסשטראַלונג

— איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַז אַן דעם פּאָעטס מי און אָנשטרענגונג וועט מען דאָ גאָרנישט דערגרייכן. ס׳איז פאַראַן אַזוי פיל אומעטיקע, צי אַפילו מרה־שחורהדיקע פרייד אינעם אַרויסהייבן און במילא אויפהייבן און דער־הייבן אַ טיף פאַרבאָרגן פאַרטונקלט געפיל. אומפאַרגלייכלעך מער ווי אינעם אויסזינגען דאָס, וואָס איז שוין במילא געזאָגט.

כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, דערמיט נישט בדעה צו פאַרמינערן אויף אַ האָר די באַדייטונג און די ווערט פון די פּאָעטן־זינגערס אַפילו פון אונדזער היינטיקן טאָג. פאַרקערט, איך קאָן זיי נאָר זאָגן: אַשריכם שזכיתם לכך! מיר אַליין איז אָבער נענטער, אפשר גאָר נישט נענטער, נאָר אינטערעסאַנ־טער, דער שווערער מין פּאָעזיע, דער מין, וואָס רייסט זיך מיט אַלע מיט־לען און כּוחות צו באַפרייען פון די פאַרפּלאָנטערטע געפילן און אינעווייניק־סטע סתירות. קאָן זיין אַז מיט דעם אויבן געזאָגטן האָב איך נאָר אויסגע־דריקט מיינעם אַן אייגענעם פאַרבאָרגענעם ווונטש, ווייל אין יעדער עסיי־איסטישער קריטיק וועגן יענעם איז שטענדיק פאַראַן עפּעס וועגן זיך.

מען קאָן אָבער צו קיינעם פאַר אַזאַ צי אַנדערן שאַפונגוועג נישט האָבן קיין טענות. און אַוודאי און אַוודאי זענען דאָ איבעריק אַלע, אַזעלכע צי אַנדערע, פאָדערונגען. כ׳מיין דאָ מיינע טענות און פאָדערונגען צו מינקאָוון. אַגב קאָן מען קיין מאָל נישט וויסן, וואָס עס שטייט הינטער די פּלייצעס פון יענעמס (און אויך נישט פונעם אייגענעם) פּאָעטישן מאָרגן...

ד.

נ. ב. מינקאָוו האָט אַ גרויסע ידיעה און אַ טיפע הבנה אין דער וועלט־ליטעראַטור. אַ גאָר גרויסן אינטערעס האָט ער אַרויסגעוויזן, און ווייזט אַרויס, צו דער מאָדערנער ענגליש־אַמעריקאַנער פּאָעזיע. זיין ווילן און רוף צו שאַפן אַ פאָרעם פון מאָדערנעם קלאַסיציזם איז נישט געשען אָן דער באַדייטנדיקער השפּעה פון דער ענגליש־אַמעריקאַנער פּאָעזיע פון פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר. און זאָל דאָס טאַקע מינקאָוון פאַר־שריבן ווערן לשבח. איך האַלט, אַז ספּעציעל אונדזער דיכטונג איז צו ווייניק פאַרבונדן מיט די שטראָמען פון דער וועלט־ליטעראַטור. אונדזער דיכטונג איז, מיט געוויסע אויסנאַמען, שטאַרק פּראָווינציעל. זי דאַרף נישט ווערן, חלילה, ווינציקער יידיש, אויב זי וויל ווערן אַלמענטשלעך. זי דאַרף נאָר ווערן ווייניקער „יידישלעך״, וואָס דאָס איז נישט זעלטן אַ קאַריקאַטור פון יידישקייט.

און זאָל פאַר אַ באַווייז און פאַר אַ באַשטעטיקונג פון דעם אויבן גע־זאָגטן דינען דאָס, וואָס דווקא זיין בוך ביים ראַנד האָט אַזוי אויסגענומען ביי דער קריטיק און מיך אַזוי שטאַרק גענומען און צענומען. דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל אין דעם בוך האָט מינקאָוו אויף זיין אייגנאַרטיקן און איינצייטיק מאָדערנעם אופן אויסגעדריקט דאָס סאַמע יידישסטע, דעם טראַגישן יידישן גורל מיט זיין פאַרצווייפלטן: „פאַר וואָס?" דאָס צעבראָ־כענע וואָס גאַרט ווידער אייביק צו גאַנצקייט, צו שלמות, דאָס סופיקע, וואָס גאַרט אייביק צו בראשית (און ווערט אַזוי אָרום אין־סופיק), דאָס טיף פאַרבאָרגענע, וואָס גאַרט צו התגלות, צו אַנטפּלעקונג:

וואָס האָט אונדז ווי מיט צוואַנגען דאָרט געצויגן?<br>
צום קדמון? צום אור־אור־ערשטן תוהו?<br>
צי האָבן אונדז געצויגן גוואַלד־געהיימע וואָרצלען,<br>
זיך וואָרצלען, ביזן טויט זיך וואָרצלען אין עינויים פונעם פאָלק?<br>
— — — — — — — — — — — — —<br>
און אין דער ווייַטער אומפאַרשטענדלעך־שטומער שׂרפה<br>
גייען לאַנגזאַם אויף, גייען אָן־סוף לאַנגזאַם אויף<br>
לבנהדיקע אָקסן צווײ, געשפּאַנטע אין לבנהדיקן וואָגן.<br>
און אין דעם רעגנבויגן חלומט, חלומט דאָרט אַן אַלטער, אַלטער אָרון.

שטימונג, צי שטימונגען, אַנטשטייען נישט ביי מינקאָוון ווי אַ פּועל־יוצא פון דרויסנדיקע באַווירקונגען און דערשיינונגען. שטימונג איז אויך נישט קיין לאַנג דויערנדיקער אַפעקט, ווי טייל פּסיכאָלאָגן האַלטן. שטימונג גייט נישט באַזונדער, האָבן געהאַלטן די „אינזיכיסטן", נאָר איז געקניפּט און געבונדן מיט אַ גאַנצער ריי פון אַנדערע געפילן און שפּירונגען. שטי־מונג לאָזט זיך נישט אַרויסהייבן באַזונדער און זיך איזאָלירן פון אַנדערע שטימונגען. און לאָמיר צוגעבן: יידישע שטימונג איז שטענדיק איינגעע־הערט אין איר שורש, זי רופט אַרויס נישט נאָר אַ ריי, אַ קאָמפּליצירטע ריי, פון נעבן־שטימונגען, נאָר אויך און דער עיקר, פון די זעלבע, צי ענלעכע. דערפון די טענדענץ און די נויטווענדיקייט אין דער יידישער דיכטונג זיך צו באַנוצן מיט סימבאָל, צי מיט סימבאָלן.

יידישע שטימונג איז ירושה. ירושה פון דור־דורות. מען קאָן זי נישט אָפּפּטרן מיט פּאָעטיש ראָמאַנטישן עקוויוואַלענט. זי וועט זיך נישט לאָזן. זי וועט זיך נישט אויפלייזן. דער פּאָעט מוז דערגרונטעווען די סיבה פון

דער שטימונג, אַנדערש וועט ער זי נישט אויפלייזן (כאָטש אויפלייזן הייסט נאָך נישט דערקלערן), און נישט אויפגעלייזטע שטימונגען זענען ווידער די סיבות פון אַ סך תוהו־ובוהוס אין דער וועלט פון פּאָעזיע. וחוזר חלילה.

די סעמאַנטיק, וואָס האָט געוואָלט פון דער פילאָסאָפיע מאַכן אַ לאָגיק, וועט דאָ גאָרנישט העלפן, ווייל:

געלע שטערן ליגן אין די שוואַרצע בלעטער.
און אַלע דיינע ווערטער, וואָס כ'געדענק נאָר, —
זיי זענען געטלעך קלאָר, נאָר נעפּלדיק ווערט גאָר זייער מיין.

די ווערטער „זענען געטלעך קלאָר". אַפילו די איינצלנע ווערטער מיט זייערע איינצלנע אינהאַלטן זענען געטלעך קלאָר, אָבער מענטשלעך אומ־קלאָר. דער מענטש האָט פון יעדערן פון זיי שוין באַלד געמאַכט אַ בבל־טורעם. און אַריינצוברענגען מענטשלעכע קלאָרקייט אין דער וועלט איז די אויפגאַבע פון די היינטצייטיקע פּאָעטן, פּונקט ווי אַמאָל איז זייער אויפ־גאַבע געווען דאָס אַריינברענגען די געטלעכע קלאָרקייט.

קלאָרקייט הייסט נישט באַשייד. קלאָרקייט הייסט נישט אַלץ פאַרשטיין, אַפילו נישט סתם פאַרשטיין. קלאָרקייט הייסט דורכלייכטן. דורכלייכטן ווי מיט רענטגען־שטראַלן. מען דאַרף אָבער זיין אַ ספּעציאַליסט צו קאָנען דעם רענטגענאָגראַם ריכטיק לייענען.

ווען איך לייען מינקאָווס לידער, האָב איך דעם איינדרוק ווי די סאַמע פאַרפלאָנטערסטע מענטשלעכע געפילן, מחשבות, רעיונות, ווי מענטשלע־כער גורל, זיינע יסורים און מאַטערנישן וואָלטן אַרונטערגעשטעלט געוואָרן אונטער זיין דורכלויכטונג־אַפּאַראַט. אויב נישט אַלע ווערן ריכטיק גע־לייענט, איז עס נישט זיין שולד.

אָבער, צי מען פאַרשטייט יאָ אין גאַנצן זיינע לידער, צי נישט, פילן דאָך אַלע, אַז דאָ געשעט עפּעס. קיינער קאָן זיך נישט באַפרייען פון דער ספּעציעלער און ספּעציפישער שטימונג, וועלכע זיי רופן אַרויס. זיי רופן אַרויס די זעלבע שטימונגען, פון וועלכע זיי אַליין (די לידער אַליין) שטאַ־מען. זיי פירן צוריק דעם לייענער זייערן צו דער שטימונג, וואָס האָט זיי אַליין אויף דער וועלט געבראַכט. דער משפּיע און דער מושפּע ציִען די יניקה פון זייער שטימונג פונעם זעלבן מקור. און דאָס איז נישט נאָר אַ סימן פון זייער התקרבות, נאָר דער עיקר פון דער אמתדיקייט פון דער שטימונג.

מינקאָווס בילדער זענען נישט קיין אימאַזשיניזם, ער באַנוצט זיך זעלטן מיט אַ מעטאַפאָר. זיי זענען נישט סורעאַליסטיש, ער נעמט זיי נישט ווי דער אונטערבאַוווסטזיין דיקטירט אים, ווי ער רוקט זיי אים אונ־טער. ער לאָזט זיך נישט אין גאַנצן באַהערשן פונעם אונטערבאַוווסטזיין. ער פּרובירט אַריינצופירן געאָרדנקייט דאָרט, ווו אַלץ רעוואָלטירט קעגן אָרדענונג. און נישט נאָר דורך דעם ליד, וויל ער אַריינפירן געאָרדנקייט, וואָס דאָס באַמיִען זיך צו טאָן די סאַמע עקסטרעמסטע סורעאַליסטן. מינקאָוו פּרובירט אַריינצופירן אָרדענונג אַפילו אין חומר, אין דער מאַטע־ריע פון וועלכן זיין ליד דאַרף ערשט געשאַפן ווערן, און דאָס איז זיין ספּעציעלע פּריווילעגיע ווי אַ יידישער דיכטער.

מינקאָוו גרייכט נאָך די סאַמע ווייטסטע אַסאָציאַציעס הן אין בילד, הן אין וואָרט, הן אין געדאַנק. ער טראַכט טייל מאָל מיט בילד און מאָלט מיט געדאַנק. זיינע בילדער זענען אַבסטראַקטע, נישט דערפאַר ווייל זיי זענען בעצם אַבסטראַקט, נאָר ווייל דיווירקלעכקייט, מיט וועלכער מינקאָוו באַנוצט זיך, אין וועלכער ער געפינט זיך פּאָעטיש, דיכטעריש, איז אַזוי נאָענט־ווייט און משונהדיק. דעם ווייטן וועג פון די ווייטע אַסאָציאַציעס מאַכט ער דורך אַ דאַנק זיין פּאַטאָס, אַ דאַנק זיין פּאָעטישקייט. נאָר שעפע־רישער פּאַטאָס קאָן דערלויבן צו מאַכן אַזעלכע מיילנדיקע שפּרייזן. הערט זיך צו צום פּאַטאָס פון זיין נאַכטבילד אין זיין בוך אַ שטערן בליט:

די לאַנגע גרויסע נאַכט... דער הימל אָפן... און דער מילכוועג... און די
פייערשטראָזן...
די זילבערנע לבנה שיינט אַראָפּ, מיט רויק־שטראָמענדיקע לייטערס,
מלאכים נידערן און שטייגן, — זייען שטערנדיקע זריעות,
און ס'גאָפּט אַ לויטערע די נאַכט.
— — — — — — — — — — — — — — —

אָדער נעמט דעם פּאַטאָס פון טויט אין זיין ליד ביים טויטן־וואַסער פונעם בוך ביים ראַנד:

אין הויז זענען אַלע טויט. די גאַנצע געגנט טויט.
דער נוסבוים דערטרונקען אין נאַכט. דער שטראָם איז טיף און רויט.
— — — — — — — — — — — — — — —
קיינער האָט דאָרט נישט געזיגט. איך בין בלויז אַראָפּ פון זינען.
כ'האָב דערמאָנט. דערקענט. באַשווירן. נישטאָ, נישטאָ זיין באַגינען.

מינקאָווס ווילן אַריינצופירן געאָרדנקייט אַפילו אין חומר פון זיינע לידער, וועגן וואָס מיר האָבן אויבן דערמאָנט, און דער עיקר דאָס, וואָס אים גיט זיך איין דאָס צו טאָן און אויפצוטאָן, האָט זיין מקור אין זיין יידישקייט, אין זיין יידישן וועלטאויסבליק און איינבליק. דער יידישער מענטש איז אַזוי טיף צונויפגעוואַקסן מיט דעם עיקר פון דעם יידישן וועלט־באַנעם, מיטן געדאַנק פון בחירה, אַז אַפילו אין די צייטן פון די שרעקלעכ־סטע נסיונות פאַרגעסט ער נישט דעריין. און אויב אַ פשוטער יידישער בשׂר־ודם האָט די מעגלעכקייט פון בחירה, על אחת כמה וכמה אַ יידיש־פּאָעטישער בשׂר־ודם. דערפאַר לאָזט ער נישט דעם פּאָעטישן גורל, זיין פּאָעטישן גורל, איבער זיך הערשן, נאָר שטעלט זיך אים קעגן מיטן כּוח פון פּאָעטישער און יידישער בחירה.

דער יידישער מענטש איז בעצם אַ מאמין. ער וואַרפט אָפּ בלינדן פאַטום, ווי אַ פינצטערן כּוח. און ווען אַפילו אים דאַכט זיך, אַז דער שלעכטער און שלעכטסטער גורל האָט געוומען איבער אים די אויבער־האַנט, רעוואָלטירט ער. זיין רעוואָלט איז אָבער נישט צעשטערונג. ער צעשטערט נישט אויף אַלע מאָל דעם בונד צווישן זיך און גאָט, צווישן זיך און דעם לעבן. ער קאָן פאַרצווייפלען, אַריינפאַלן אין אַ יאוש, „און גאָט האָט אַלץ געקלאַפּט, געקלאַפּט און האָט זיך שוין מער נישט אָנט־פּלעקט", זאָגט מינקאָוו אין זיינס אַ ליד. ער זעט, דער דיכטער, אַז אויף אַ צייט איז התגלות אַוועק, ער פילט דעם הסתרת־פּנים, אָבער ער פאַר־לייקנט נישט, נישט זיך און נישט גאָט, און נישט דעם מאָרגן.

מינקאָוו איז פּאַטעטיש און איינצייטיק קאָנטעמפּלאַטיוו, דאָס איז זיין שטענדיקער ויתרוצו. אָן ווידערשפּרוכיקייט קאָן מען אפשר גאָר קיין פּאָעט נישט זיין. שווער איז דער פּאָעטישער וועג, אויף וועלכן ער גייט עקשנותדיק, אָן דעם מינדסטן אָפּנויג, זינט יאָרן און יאָרן. ער האָט זיין פּאָעטישע התבודדות זיך אַליין אויסגעקליבן. זי אַנטשפּרעכט אַפּנים זיין נאַטור. ער איז מיט זיין אופן שרייבן צו זיך און צו דער וועלט ערלעך. און ערלעכקייט איז די רעכטע האַנט פון אמת.

„די גאָלדענע קייט", נר' 22

# דער סוד פון ליריק

## (וועגן יוסף רובינשטיינס דיכטערישע שאַפונגען)

1

ליריק הייסן די לידער, וועלכע ס׳האָט געשאַפן (און שאַפט) דער דיכ־טער יוסף רובינשטיין — און ליריק האָט זיך איר געשיכטע. ווי יעדע גע־שיכטע, איז אויך די געשיכטע פון ליריק געבויט אויף פאַקטן, און וועגן איינעם אַזאַ פאַקט ווילן מיר דאָ טאַקע רעדן.

אַמאָל, דער עיקר אין די צייטן פון ראָמאַנטיזם, איז די ליריק געווען אַבסטראַקט, זי האָט זיך שטיל באַוועגט אויף די פּאָלוסן פון לעבן. זי האָט אָנגערירט נאָר די דינסטע שפּיצן פון די געפילן. זי האָט, זעט אויס, גע־האַלטן, און ריכטיק, אַז וואָס מער זי וועט פון ליד דערווייטערן די אַקסע־סואַרן, וואָס רופן אַרויס די לירישע שטימונג, אַלץ מער וועט איר געלינגען צו דערגרייכן די וואָגיקע קאָנדענסאַציע פון דער לירישער שטימונג גופא. אונטערגעשפּאַרט דורך די גרעסטע דיכטערישע אויטאָריטעטן פון דעם סוף אַכצנטן און דער ערשטער העלפט פון ניינצנטן יאָרהונדערט, אַ גע־חתמעטע דורך די גרעסטע דיכטערישע פּערזענלעכקייטן פון יענער צייט — האָט קיינער נישט געצווייפלט (און נישט געהאַט קיין סיבה צו צווייפלען) אין דער פולווערטיקייט פון אַבסטראַקטן דיכטערישן וואָרט. פאַרקערט, ווען מ׳האָט דאָס אַבסטראַקטע דיכטערישע וואָרט, צי גאָר באַגריף, געפיל־מעסיק פונאַנדערגענומען, האָט מען ערשט דערזען די ברייטע גאַמע פון געפיל, בילד און קלאַנג, וועלכע מ׳האָט געהאַלטן, אַז נאָר דער גרויסער מוזיק זענען זיי געגעבן געוואָרן מיט דער גאַנצער פּראַכט זייערער אַרויס־צוברענגען. ווער ווייסט דען נישט וויפל טייכן טינט די ראָמאַנטישע קרי־טיקער האָבן אויסגעשריבן בלויז אויף אַרויסצובאַקומען דעם ליריזם פון באַגריף: „אומענדלעכקייט”, וועלכן די נעאָ־קלאַסיקער האָבן בשום־אופן אין דער קונסט נישט געקאָנט סובל זיין.

דערנאָך זענען אַנדערע קינסטלערישע אַנטפּלעקונגען געפאַלן אויף דער וועלט. רויע שטיקער לעבן זענען דורך דער קונסט פאַרפיקסירט געוואָרן. נייע, אונטערערדישע, צי איבערהימלישע געפיל־קאַנאַלן זענען

אָפּגעדעקט געוואָרן. און ווען דער נעאָ־ראָמאַנטיזם האָט זיך געוואָלט ראַטע־ווען פון דעקאַדאַנס — איז געשען אַ מאָדנע זאַך. ער האָט דערפילט (דער נעאָ־ראָמאַנטיזם), אַז מ׳גלויבט אים נישט מער. מ׳גלויבט נישט די אַבס־טראַקציעס פון דער אַמאָליקער ראָמאַנטישער ליריק. דער לייענער פאָדערט פאַר זיי ממשותדיקע, לעבעדיקע דעקונג. דער נעאָ־ראָמאַנטיקער האָט גע־לאָזט אָפּדרוקן אין זיינע לידער, די אַבסטראַקציעס פון זיין ליריק, ווי למשל „ליבע״, „אומשטערבלעכקייט״, „ליידן״, „אומענדלעכקייט״ און אַנ־דערע מיט גרויסע אותיות און מיט קורסיוו. ס׳האָט ווייניק־וואָס געהאָלפן. אַפילו זייער אָרעמע פּשטות האָט מען אָנגענומען פאַר פּאָזע.

און ווען די פּאַנטעיִסטישע דעקלאַראַציע פון גרויסן וואָלט וויטמאַן איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער פּאָעזיע פון כּמעט אַלע לשונות — ווען אין דער וועלט פון קונסט האָט געזיגט די דיכטערישע דעמאָקראַטיע, איז עס אויך געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך אַ רעוואָלוציע אין דער ליריק. נאָכן אָפּשוימען פון אַלע „איזמען״ איז די ליריק פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות געווען אַ דאָקומענטאַציע־ליריק (אויב מ׳קאָן זיך אַזוי אויסדרוקן). ס׳איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אין דער ליריק איבערגעקערט דעם גאַנצן ביזאַיצטיקן סדר. אויב ביז דעמאָלט האָט מען פון דעם לירישן ליד באַזייטיקט די אַקסעסואַרן, בכדי אַרויסצוהייבן די ריינע לירישע שטימונג — איז איצט גאָר פאַרקערט. מ׳נעמט אַריין אין לירישן ליד די אַלע אַקסע־סואַרן, וואָס זענען נויטיק, בכדי צו שאַפן די לירישע שטימונג. דאָ, אויפן אָרט, אין ליד גופא קומט פאָר דער ליריש־דיכטערישער פּראָצעס, דער פּראָצעס פון געבורט פון דער ליריק. ווי אַ העפטיקער ענטפער פאַר דעם מיסצוטרוי פון דער נעאָ־ראָמאַנטישער צייט צו דעם אַבסטראַקטן אין דער דיכטונג, איז געקומען דאָס פולשטענדיקע אויפדעקן פון דיכטערישן לירישן פּראָצעס, מ׳האָט אַריינגעפירט דעם לייענער אין דער דיכטונג אַזוי צו זאָגן פון דער זייט, פון דער ליטעראַרישער קיך. נישט איין דיכטער האָט גע־האַלטן אַזאַ אָפּדעקן פון די קינסטלערישע מיטלען פאַר אַ פאַרשווערכונג, פאַר אַ פּראָפאַנאַציע פון דער קונסט. אַלע זענען אָבער מיטגעריסן גע־וואָרן מיט דעם נייעם, וואָס דער אופן פון לירישער אַנטפּלעקונג האָט אין זיך געטראָגן. אַלע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם פּראָטעסט, וואָס האָט געטראָגן מיט זיך די אַזוי אין גרונט אַלץ באַשטימענדיקע ליריק. ס׳איז נישט געווען, ווי טייל האָבן געהאַלטן, אַז מ׳האָט די דיכטונג אַרויסגעפירט אין גאַס; פאַרקערט, מ׳האָט די גאַס אַריינגעפירט אין דער דיכטונג; מ׳האָט איר געוויזן און געזאָגט: נאַ, זע, ווי אַזוי און פון וואָס ליריק ווערט באַשאַפן!

אַזאַ ליריקער־דאָקומענטאַטאָר איז ביי אונדז יידן יוסף רובינשטיין. צו זיין גליק איז ער געקומען אין דער פּאָעזיע דעמאָלט, ווען דער פּראָ־טעסט קעגן דעם אומצוטרוי צו דער אַבסטראַקטער ליריק — האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעקילט. ווען די טראַציקייט, וואָס באַגלייט יעדער רעוואָלוציע, האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעטעמפּט; ווען דער רעוואָלט אין דער ליריק האָט זיך שוין געהאַט איינגעשטילט. יוסף רובינשטיין האָט אַזוי אַרום געקענט אויסמיידן געוויסע שטרויכלונגען, וועלכע זענען בימי רעוואָלוציע שווער אויסצומיידן. ער האָט שוין געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען מיט פּינעזיע דאָס, אויף וואָס אַנדערע האָבן געמוזט טיילווייז מוותּר זיין.

נעמט דאָס ערשטע ליד זיינס פון בוך א. ב. „נאַכט אויף נאַלעווקעס" (ערשטער טייל „מאָדעלן"):

„דער אומעט רעדט צו מיר אויף אַלע שפּראַכן,
אין גלאַנץ פון גאָלד, אין גרויקייט פון דעם שטויב.
כ'פאַרשטיי דעם לשון פון די טויטע זאַכן,
דעם סקריפּ פון טיר, דעם ווונק פון שויב"

און אַזוי ווייטער. דאָס איז נישט בלויז ליריק, דאָס אַרויסהייבן די שטימונג, דאָס איז אויך באַלד דאָס אָנווייזן אויף דעם מקור פון דער לירישער אינספּיראַציע. דער דיכטער האָט אויף זיך גענומען אַזוי אַרום אַ טאָפּלטע אויפגאַבע. מע מוז אָבער צוגעבן, אַז פון דער טאָפּלטער משׂא איז דעם דיכטער גרינגער געוואָרן זיין אויפגאַבע. ער האָט דערפילט, אַז מ'גלויבט אים — און במילא אַליין זיך מער פאַרגלויבט אין זיין שליחות.

כ'וויל נישט מערן קיין ציטאַטן, כ'האַלט, אַז אַפילו דער אַמגעלינגסטן־צוגעקליבענער ציטאַט איז אבער מן החי. טאָ נעמט בעסער דאָס בוך אין האַנט און לייענט דאָס דריטע ליד, דאָס פערטע, דאָס פינפטע און אַזוי כּסדר ביזן סוף — וועט איר זען, אַז צו דער ריינער ליריק איז באַלד צוגעלייגט דער דאָקומענט, די באַשטעטיקונג אויף איר אויטענטישקייט, ס'זענען בייגעלייגט די „מכשירים", מיט וועלכע די ליריק איז באַשאַפן געוואָרן.

ס'האָבן זיך אין דער צייט געמערט אין דער פּאָעזיע פון פאַרשידענע לשונות „פּאָקוסניקעס", וועלכע האָבן געמאַכט פון דעם נייעם אופן דיכטע־רישן שאַפן אַ מין „זשאָנגלעריי". זיי האָבן אונטערגעכאַפּט דעם, אַזוי צו זאָגן, דאָקומענטאַרן מעטאָד פון שאַפן און באַוויזן פאָקוסן. ס'זענען נישט

זייער זעלטן גרויסע דיכטער פון דער צייט געשטרויכלט געוואָרן מיט דיכטערישער זשאָנגלעריי. יוסף רובינשטיין האָט דאָס אַלץ אויסגעמיטן. ער, וואָס פאַרנעמט אין אונדזער יידישער דיכטונג אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע — איז אַ צילבאַוווּסטזיניקער קינסטלער, מיט גרויסן חוש פאַר קינסטלע־רישער פינעזיע, געטאָקטקייט. ער אַרבעט איבער יעדער שורה, ער איז אפשר דעריבער נישט שטאַרק פּראָדוקטיוו, נאָר אַלץ, וואָס ער האָט באַ־שאַפן, טראָגט אויף זיך די חתימה פון קינסטלערישער שלימות.

2

ווען מע קוקט זיך געגעוי צו צו דער ליריק פון רובינשטיינען, צי פון אַנדערע דיכטער פון פאַרשידענע לשונות, נאָר פון זעלבן צייטאָפּשניט, זעען מיר, אַז זייער לירישע דאָקומענטאַציע איז אייגנטלעך די ד׳ אמות פון בירגערלעכן לעבן. די טעמאַטיק פון זייערע לידער איז אויך די זעלבע, שטיקלעך פון דעם, פון וועלכן ס׳שטעלט זיך צונויף דער אַלטעגלעכער טאָג פון פּשוטן בירגער. במילא די לירישע שטימונגען, וואָס שטאַמען פון די אַקסעסואַרן, וועלכע געפינען זיך אין די ד׳ אמות פון בירגערלעכן מענטש, שטימונגען פון אַ בירגערלעכן דיכטער. ס׳איז נישטאָ וואָס צו באַ־האַלטן און לויט מיר איז זיך נישטאָ מיט וואָס צו שעמען. מען מוז אָבער צוגעבן, אַז די דאָזיקע שטימונגען פון די בירגערלעכע דיכטער זענען אָנ־געלאָדן מיט אַזאַ אומעט, אַז זיי רייסן אויף אַלע דאַמבעס פון גלייכגיל־טיקייט. דאָס איז נישט קיין פּאַסיוועער אומעט, מיט וועלכן מען קאָן שלום מאַכן, דאָס איז אַן אַקטיוועער אומעט, וואָס רעוואָלטירט. דאָס ראָד פון דער רעוואָלוציע ווערט נישט באַוועגט מיט דער וויזיע פון פריידיקן מאָרגן, נאָר מיטן כּוח פון אומעט פון נעכטן. כ׳וויל נישט מאַכן דורכויס פון יוסף רובינשטיינען קיין רעוואָלוציאָנערן דיכטער, און אַוודאי שוין נישט אין זין פון סאָציאַלער צי קלאַסן־רעוואָלוציע. ס׳וואָלט אָבער געווען נישט ריכטיק, ווען מיר זאָלן אַדורכלאָזן די געלעגנהייט און נישט אָנווייזן אויף דעם רעוואָלטירנדיקן אין רובינשטיינס ליריק. ס׳איז אַ רעוואָלט קעגן דעם צו ווייניק, קעגן דעם וואָס געדויערט צו קורץ, און קעגן דער נישט־שלימותדיקייט פון אונדזער וועלט פון חומר, ווען אַפילו גאָט האָט זי באַ־שאַפן. נעמט די לעצטע צוויי סטראָפן פון דעם ליד „צימערן״:

„שפּעט אין אָוונט קומען פֿרויען צו די שפּיגלען שעפּן אומעט.
ס׳שײַלן אויס זיך מידע גלידער פֿון די העמדער, פֿון די זאָקן,
אײַנגעשרומפּטע בריסטן בלויען, ס׳געלבן וואַקסיק אַקסלען קרומע,
דאַרע הענט און פֿיס, צעאָדערט, קוקן אָן זיך פֿרעמד צעשראָקן.

שפּיגלען בלויען. הינטער פֿענצטער הענגט אַ קופּערנע לבנה,
שטערן פֿאַלן. ווײַט אויף ימען שווימען פּערלמוטער־נעפּלען.
שיפֿן בלאָנדזשען... אויף די פֿענצטער טרוימען שטויביק קראַנק וואַזאָנען,
און עס וועלקן אויף די טישן בלאָנדע כריזאַנטעמען־קעפּלעך.״

**דערצו דאַרף מען געדענקען, אַז אויב די ליריק וויל נישט זײַן גע־פּעלשט — וועט איר אײביקע טעמע זײַן דער מענטש אין זײַן אוממיטלבאַרן אַרום. אונטער אַלע באַדינגונגען און בײַ יעדער סאָציאַלער אָרדענונג איז דער עיקר פֿון דער ליריק דער חשבון פֿון יחיד, ווען ער מאַכט אים מיט זיך אַליין.**

**בײַ דער געלעגנהייט וואָלט איך געוואָלט אָפּווענדן אַן אַנגענומענע מיינונג וועגן רובינשטײַנען אַלס דיכטער. אַ סך האַלטן רובינשטײנען פֿאַר אַן אורבאַניסט. באשר־בכן, טענהן זיי, איר געפֿינט בײַ אים זייער אַ סך שטאָט־מאָטיוון. די דאָזיקע מיינונג איז אַבסאָלוט אַ פֿאַלשע. דאָס וואָס רובינשטיין האָט זיך אָפּגעקליבן די מאָטיוון פֿון דער וואַרשעווער אַלט־שטאָט פֿאַר זײַנע מכלומרשט אורבאַניסטישע שאַפֿונגען — איז דער בעס־טער סימן ווי ווײַט רובינשטיין איז פֿון אורבאַניסטיק. אַ דיכטער־אורבאַ־ניסט איז דער, וואָס איז פֿאַרליבט אין שטאָלענעם און שטיינערנעם ריטם פֿון דער שטאָט; אַ קינסטלער, וואָס איז פֿאַרכאַפּט פֿון דער גרויסער שטאָטישער אַרכיטעקטאָניק, פֿון אירע אײַזן־בעטאָן־קאָנסטרוקציעס, וואָס איז פֿאַרקוקט און פֿאַרבליפֿט פֿון דער בויגעוודיקייט פֿון אירע אײַזערנע בריקן. אַן אורבאַניסט לאָזט זיך מיטרײַסן מיטן הייסן אָטעם פֿון דער שטאָט, ווען זי איז אַפֿילו געקאָוועט אין אײַז. דער ליריקער רובינשטיין דאַרף אָבער האָבן די „שמאָלע ווינקלען״ ווײַל פֿון איר „קוקט פֿאַרתּפֿילהט אַ מאַדאָנע״... ער דאַרף די קאַרניזן, ווײַל אויף זיי „ווי פֿון אונטער טויבנ־שלאָקן וואָרקען טויבן״. רובינשטיין דאַרף גיכער די שאָטנס פֿון די לאַנגע, אַלטע קאָרידאָרן, ווי די מיט זון־באַגאָסענע פּאַסאַדעס, און אָט, וואָס נאָך ער דאַרף:**

יחיאל האָפּער

„פון די קליינע בוידעם־פענצטער
קוקן דוכט זיך, ווי פאַרוווּנדערט,
לאַנג פאַרגעסענע געשפּענסטער
פון דעם זעכצנטן יאָרהונדערט.“

און ווייל רובינשטיין איז נאָך דעמאָלט יונג, און פריש איז זיין אופן פון זען, און גיריק איז ער אויף אַלץ, וואָס וואַרפט זיך אויף זיין עמפינדלעכער וויזואַליטעט, קומט ביי אים אַרויס אַ ביסל גראָטעסקאַרטיק אָט דער געמיש פון יונגקייט מיט אַלטקייט, פון שאָטן מיט ליכט, פון הכנעהדיקן קלויסטער־קלאַנג מיט חוצפּהדיקן העמערל־שלאָג פון יונגן שוסטער־געזעלן, פון דער יונגער גויע מיט אַ פּנים פון אַ מאַדאָנע און פון דעם ייד, וואָס זעט אויס ווי אַ כּהן־גדול. רעאַל און דאָך עפּעס ווי גראָטעסק איז געווען די גאַנצע פאַרבינדונג צווישן דער אַלטשטאָט מיטן גרויסן מאָדערנעם וואַרשע. אַ שטיק גראָטעסק איז געלעגן אין דער רעאַליטעט פון יידישן און פּוילישן צוזאַמענלעבן און צוזאַמענזיין אויפן אַמאָליקן אַלט־שטאָט. רעאַליטעט געמישט מיט גראָטעסק איז איינער פון די ראַפינירטסטע אופנים פון קינסטלערישן שאַפן.

יוסף רובינשטיין איז פּשוט אַ שטאָטישער דיכטער (נישט קיין אורבאַ־ניסט). ער איז זייער פּילבאַר אויף זיין שטאָטישן אַרום. אָבער אַפילו אין די לידער פון ציקל „וואַרשע“ איז אויך דאָ אַ סך „פאַרשטאָטישס“. יעדנ־פאַלס איז די פּועַנטע פון די דאָזיקע לידער זיינע אַ פאַרשטאָטישע און נישט קיין שטאָטישע. די לידער ענדיקן זיך מיט אַ שטיק גאַס, וואָס אין אַ שורה וויטער, ווערט זי פעלד (למשל אין ליד „לעשנאָ“). אַפילו דאָס סאַמע „אורבאַניסטישע“ ליד „מאַרשאַלקאָווסקע“ האָט אין זיך אויך אַזעלכע שורות ווי:

„אומזיסט —
ס׳וועט נישט אַ גריס טאָן דיר אַנטקעגן מאָנפּאַרנאַס,
ס׳וועט נישט אַ שפּיז טאָן דורך דער נאַכט דער אייפל־טורעם,
דאָס וואָרט מאַקאַטאָוו בלויז און ס׳דרימלט שוין אַכאָטע
מיט געסלעך שמאָלינקע, מיט עיפּוש און מיט בלאָטע“.

דאָס וויזועלע, דאָס בילדערישע, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר רובינשטיינען, און פאַר כּמעט אַלע דיכטער פון פאַרשידענע לשונות, נאָר

פון דעם זעלבן צייטאָפּשניט, איז אין פולשטענדיקער האַרמאָניע מיט דער דאָקומענטאַרער ליריק, מיט דער ליריק פון באַוויזן, דאָס איז אויך אַ הילכיקער עכאָ פון דעם פּראָטעסט קעגן דעם אומגלויבן אין דער אַבסטראַקטער ליריק (נישט נאָר פון די נעאָ־ראָמאַנטיקער, נאָר אַפילו פון די סימבאָליסטן). מע דאַרף אָבער אין דעם וויזועלן נישט זען דאָס סאַמע עיקרדיקסטע פון דיכטערישן עיקר. דאָס בילדערישע דאַרף מען גיכער צושרייבן דעם קינסטלערישן מעטאָד, דעם קינסטלערישן אופן פון שאַפן. סוף־כל־סוף איז דער עיקר ביי די ליריקער טאַקע דאָס אַבסטראַקטע. ס'האָבן טייל דיכטער, נישט וועלנדיק אָפּדעקן דעם קינסטלערישן מעטאָד, דאָס הייסט, נישט וועלנדיק זיך באַנוצן מיט אוממיטלבאַרער בילדערישקייט — פאַרגאַנגען ערגעץ־ווו אויף די אומוועגן פון משונהדיקן מעטאַפאָר. (די אימאַזשיניסטן האָבן זיך געפונען אויפן האַלבן וועג, צווישן די סימבאָליקער און דאָקומענטאַציע־ליריקער).

רובינשטיין, ביי וועמען יעדעס ליד האָט אַ לירישע פּוענטע, פאַרטרעט טייל מאָל מעטאַפאָר מיט גראָטעסק — און דאָס גיט צו זיינע לידער אַ באַזונדערן רייץ.

3

יוסף רובינשטיין איז נישט קיין דיכטער פון רעמינעסצענצן. דאָס איצט דורך אים געזעענע פּירט אים אויף זיי נישט אַרויף — און שוין אַוודאי און אַוודאי ווערט ער דורך רעמינעסצענצן נישט אינספּירירט. דאָס ווערט אים געזאָגט נאָר און אויסשליסלעך לשבח. מע דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז מיר רעדן דאָ אַלץ וועגן רובינשטיינס פאַרמלחמהדיקע לידער. דאָס אויספעלן ביי אים פון רעמינעסצענצן מאַכט אים ביי אונדז פאַר אַן איינאָפּעיִשן פאַר עקסעלאַנס דיכטער. אין דעם ליגט אַ שטיק סוד פון מיין פערזענלעכער נאָענטקייט מיט רובינשטיינס לידער. ס'איז מאָדנע, ווי דער בחור פון קליינעם שטעטל סקידל (נעבן גראָדנע) — האָט צוקומענדיק צו דער וואַרשעווער ראָגאַטקע, אָדער אפשר שוין ביים שוועל פון זיין שטעטל, אָפּגעשאָקלט פון זיך דאָס גאַנצע קליינשטעטלדיקייט, וואָס האָט זיך נישט איין באַגאַבטן ביי אונדז דיכטער נאָכגעשלעפּט דאָס גאַנצע לעבן, ווי צויטן פון אַן אַלטן, אויסגעפּעצטן און צעפּעדעמטן בגד. היינט, נאָכן חורבן, זענען מיר אַלע אַפּאָלאָגעטיקער פון אונדזער אַמאָליק יידיש לעבן אין די קליינע שטעטלעך. מיר באַוויינען די צייט, וואָס איז גע־

וואָרן אַזוי אומברחמנותדיק ענג און נישט דערלויבט כאָטש דער יוגנט זיך פון דאָרט אַרויסצובאַקומען. מיר זענען אַלע אַמאָל אַרויס פון קליינעם שטעטל מיט אַזוי פיל האַס — אַז נאָר דער טיפער האַס האָט זיך געקאָנט אין אונדז סובלימירן אין אַזאַ צאַרטע ליבע, וועלכע מיר אַלע האָבן צום יידישן שטעטל אין זיך געטראָגן. היינט איז אונדזער ליבשאַפט און בענקשאַפט דיקטירט און אויפגעצווונגען דורך טויט און אומקום. אָבער לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז אַמאָל, פאַרן חורבן, האָבן טייל ביי אונדז פאַרטוישט פאָלקסטימלעכקייט אויף קליינשטעטלדיקייט, אייגנאַרט אויף פּראָווינציאַלישקייט. דאָס יידישע וואַרשע איז אָבער געווען אַזוי „פאַרפאָלקסטימלעכט״, אַז אויף יעדער גאַס האָט איר געהאַט אַ שטיק פאָלק מיט אַ שטיק פאָלקישקייט. מען האָט גאָרנישט באַדאַרפט זיין קיין פּראָווינצער, כדי זיך צו קענען זייער גרינג באַהעפטן מיטן פאָלק. אין אַזעלכע גרויסשטאָטישע לידער פון רובינשטיינען ווי „שבת אויף סמאָטשע״, צי „שבת־צו־נאַכט אויף סמאָטשע״, דרעמלט אַ שטיק יידיש פאָלקישקייט, ווי אַ בער אין ווינטער.

איר טרעפט אויך ביי רובינשטיינען אין זיין ציקל „אַלטשטאָט״ יידישע און פּוילישע פאָלקסמאָטיוון צוזאַמענגעהאָפטענע. ווער ס׳האָט נאָר אַפילו בלויז אַן אַנונג וועגן אַמאָליקן צוזאַמענטרעף (כ׳וויל נישט זאָגן צוזאַמענלעבן, ווייל דאָס וואָלט געווען צו פיל) פון דעם יידישן מיטן פּוילישן אויף דער אַלטשטאָט, דער וועט וויסן אָפּצושאַצן דעם יידיש־פּוילישן „סטיל״, וועלכער האָט זיך אַ צייט, לייִדער נאָר שפּינענאַרטיק, צווישן זיי פאַרוועבט — און וועלכן רובינשטיין האָט אַזוי גוט און מייסטעריש אונטערגעכאַפּט.

און וויפל איז דאָ נאַציאָנאַל גורל־געפיל אין בלויז אַזאַ סטראָפע ביי דעם, ווי געזאָגט, דורכויס איירעפּעיִשן דיכטער:

„אַ יעדע גאַס האָט איר באַזונדער פּנים,
אַ יעדע גאַס האָט איר באַזונדער נאַכט,
נאָר ווי־זשע האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ דייַן נאָמען,
וואָס שטאַמט פון הייסן זוניקן תנך?״

(„יערוזאַלימער אַלייען״)

ס׳טוט פון די ווערטער אַ פּראַל דער יידישער גורל. עס קלימפּערט נישט — נאָר עס קלינגט. ס׳קלינגט אויף טרעוואָגע!

ווי געזאָגט איז יוסף רובינשטיין נישט קיין דיכטער פון רעמינעס־צענצן. נאָר צוויי לידער זיינע (אין דעם טייל „מאָדעלן״) זענען געווידמעט דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס זענען דאָס ליד „פרילינג אין שטאָט״ (געווידמעט דעם אָנדענק פון זיין טאַטן) און דאָס ליד „איך וועל זיך אומקערן״. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז אין ערשטן פון די צוויי אויבן־דערמאָנטע לידער, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „ביי מיר אין שטעטעלע איז איצט גרין״, געפינט זיך אַזאַ שורה: „כאָטש איך בין שוין דאָרטן לאַנג, שוין לאַנג נישטאָ״. דער דיכטער באַנוצט נישט דאָס וואָרט „געווען״, למשל, איך בין שוין דאָרט לאַנג, שוין לאַנג נישט געווען, נאָר כ׳בין נישטאָ. דאָס איז אַ רעמינעסצענץ, אַ דערמאָנונג און איינצייטיק אַן אויסמעקן זיך פון דעם אָרט, ווו ער איז אַמאָל געווען, וואָלטן מיר געזאָגט. ווייטער דאָס צווייטע ליד („איך וועל זיך אומקערן״) איז מער אַ בענקשאַפט נאָך אַ קינדער־שטימונג, ווי נאָך אַ באַשטימט אָרט געזען אין דער קינדהייט. דאָס זייער עמפינדלעכע אויג ביי רובינשטיינען אויף דעם אַרום, דאָס ווי־זועלע, וואָס דאָמינירט אין זיין שעפערישן מעטאָד, האָט דאָך סוף־כל־סוף געמוזט פריִער אָפּרייניקן דאָס, וואָס האָט זיך געהאַט אָפּגעדריקט אויף זיין עמפינדלעכקייט אין דער פאָרעם פון געדעכעניש.

יוסף רובינשטיין אַלס דיכטער איז געגאַנגען טריט ביי טריט מיט די בעסטע ליריקער פון זיין צייט. און ווייל זיין קינסטלערישע עמפינדלעכ־קייט איז געווען געוואָרצלט דורך בילדער פון דער פוילישער „לאַנדשאַפט״ — איז ער זייער נאָענט צו די פוילישע ליריקער פון זיין צייט. אַפילו טעמאַ־טיש איז ער זייער ענלעך צום בעסטן פאָרשטייער פון דער פוילישער ליריק פון דער צייט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, כ׳מיין צו דעם פוילישן דיכטער יוליאַן טובים (אַ ייד). מ׳קען אפשר דאָ נישט רעדן וועגן קיין אוממיטלבאַרער השפעה, ווייל די פוילישע מיט די יידישע דיכטער (און פאַרקערט) האָבן נישט געפּראַוועט קיין חברשאַפט, זיי האָבן נישט געהאַט (נישט געוואָלט האָבן) קיין געמיינזאַמע אינטערעסן. זיי האָבן זיך מיט זייערע שאַפונגען קעגנזייטיק נישט פאַראינטערעסירט. די אויבן־דערמאָנטע נאָ־ענטקייט פון רובינשטיין מיט די פוילישע דיכטער פון זיין (רובינשטיינס) פוילישן פעריאָד, זאָגט נאָר עדות וועגן דער בילדערישער ערלעכקייט פון רובינשטיינען און וועגן זיין עכט זען. ווען מיר גיבן נאָך צו דערצו זיין איבערקלייבערישקייט אין ווערטער, די מוזיקאַלישקייט פון זיין פערז, זיין שווער־אויסגעקעמפטע פינעזיע — באַקומען מיר אַ בילד פון אַן אייגנ־אַרטיקער קינסטלערישער פערזענלעכקייט.

4

ווען מיר באַטראַכטן די חומש־לידער, וואָס גייען אַריין אין צווייטן טייל פֿון רובינשטיינס בוך, אין דעם טייל, וואָס הייסט „גורל״, און וועלכער איז אַנטשטאַנען בעת און נאָך די יאָרן פֿון מלחמה און אומקום — זעען מיר, אַז אין די לידער פֿון דעם מלחמה־ און נאָך־מלחמה־פּעריאָד איז ביים דיכטער וויזואַלישקייט איבערגעגאַנגען אין וויזיע, דורך אַרבעט און מי, דורך פֿאַרטיפֿן זיך אין יידישע וועלט־ און מענטש־פּראָבלעמען. דורך ווען דערגרייכן די מדרגה פֿון קינסטלערישן קאָנקרעטן זען („מאָדעלן״), איז רובינשטיין דערגאַנגען צו דער העכער מדרגה פֿון וויזיע, פֿון דערזען. דער דיכטער פֿאַרלאָזט דעם דאָקומענטאַציע־מעטאָד און זיין בילד פֿאַלט פֿון זיין מאָדנע קאָנסטרויִרטן „פּראָיעקציע״־אַפּאַראַט אין דער ריכטונג פֿון היסטאָרישער פֿאַרגאַנגענהייט, אויף דורות צוריק. כ׳קען קיין מאָל נישט לייענען אָן אַן אינערלעכן אויפֿברויז די שורות פֿון זיין ערשט חומש־ליד („דאָס ליד פֿון סדום״), וואָס הייבט זיך אָן:

„און אויף דעם שייטער־קויל ביים אָפּגעאַשטן פּלאַץ,
נאָך בראָטן זיך פֿון נאַכטמאָל שטיקער פֿלייש פֿון לאָם״ אאַז״וו.

ס׳איז שווער צו רעדן וועגן אַ באַזונדערן נוסח, וועגן אַ ספּעציעלן דיכטערישן סטיל אין רובינשטיינס חומש־לידער. דאָך אָן אַ ספּעציפֿיש־רובינשטיינישן צוגאַנג זענען זיי נישט. רובינשטיין נוצט זייער גוט און פֿלינק אויס די ביבלישע פֿאַקטן, בכדי אויפֿצובויען אין ליד זיין דיכטערישע קאָנצעפּציע, וועלכע איז דאָס מאָל אַ ריין הומאַנע און אַ יידישע, פֿאַרוואָרצלט אין אונדזער יידישער היינטצייטיקייט. דערביי שטעלט ער אַזוי געראָטן פֿונאַנדער די ביבלישע פֿאַקטן, ווי אַ גוטער רעזשיסער זיינע פּערסאָנאַזשן און באַקומט אַזוי אַרום בולט אַרויס דאָס לירישע, וואָס ער האָט לכתחילה פֿאַרטראַכט אַרויסצובאַקומען. בכלל פֿאַרמאָגט רובינשטיין, אַפֿילו נישט אַלס דיכטער, אַ געוויסע עמפּינדלעכקייט אויף יעדער אינטערעסאַנטער זאַך, וואָס אים קומט אויס צו הערן אָדער לייענען. דאָס געהערטע, אָדער געלייענטע אינספּירירט אים צו געוויסע קאָנצעפּציעס, וואָס נעמענדיק אין אַכט, אַז זיי זענען אַ פּראָדוקט פֿון ריינער אינטויִציע, פֿאַראינטערעסירן זיי אָפֿט מיט זייער אייגנאַרטיקייט.

פון דרויסנדיקע רייצן דערגייט רובינשטיין אין די חומש־לידער צו אַן אינערלעכער עמפינדלעכקייט, וואָס רירט שוין אָן דעם קלאַוויש פון יידישן גורל, אַ דערזעענעם דורך דיכטערישער וויזיע:

„און איך, וואָס טראָג אין בלוט אַרום דעם אוראַלטן געווין,
דעם גורל־קרעכץ פון דורות, וואָס האָט אײַנגעוויגט מײַן וויגל,
כ׳האָב וואַרהאַפטיק געזען דעם וווּנדער־לייטער שטיין,
און כ׳האָב אַליין זיך אָנגעטאָן די פלאַטערנדיקע פליגל״.

(„יעקבס חלום״)



פון די דריי פּאָעמעס, וואָס רובינשטיין האָט פאַרפאַסט: „דער באָבעס ברוגז־טאַנץ״, „אַ פיבער־חלום אויף נאַלעווקעס״, „נאַכט אויף נאַלעווקעס״, דאַרף מען קודם־כל אויסטיילן די ערשטע. דאָס איז אַ פראַכטפול געמעל פון אַלטן יידישן שטייגער. ס׳איז אַ גאָבעלין־אַרטיק געוועב אויסגעפירט דורך זייער אַ געניטער האַנט. יעדע באַוועגונג איז קאָנטראָלירט. יעדער שטייגער־מאָטיוו — אינדיווידועל איבערגעלעבט. דערביי זענען אַלע מאָמענטן אין דער פּאָעמע געוואויגן און געמאָסטן.

ביי אונדז יידן איז שטייגער נישט דאָס וואָס ביי די אומות־העולם. ביי זיי איז שטייגער אָן אייגנאַרט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ גע־וויסן שיכט, צי קלאַס. מיר וואָלטן געקענט ריזיקירן אַ טעזע, אַז מיט גע־וויסע עקסטרעמע אויסנאַמען איז דער מזרח־איראָפּעיִשער שטייגער געווען דער אָנגענומענער נוסח פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. דערביי איז דער קאָמ־פלעקס פון יידישע שטייגער־מאָטיוון (פון איין מין) אַזוי גרויס און ברייט, אַז מ׳האָט געקענט זייער אַ סך אין אים אַדורכלאָזן און דערביי נישט אָנ־רירן דעם הויפּט־יסוד זיינעם. פונקט ווי דער חילוק צווישן נוסח אַשכּנז און ספרד אין די תּפילות — רירן נישט אָן דעם הויפּט־יסוד פון די תּפי־לות גופא.

דער חילוק איז נאָר געלעגן אין דעם, ווער האָט דעם שטייגער שלימות־דיקער, צום בולטסטן אויסגעדריקט. דער גורל איז נישט דווקא שטענדיק געפאַלן אויף די, וואָס האָבן געהאַט מאַטעריעלע מעגלעכקייטן אַרויסצו־ברענגען דעם שטייגער אין זיין גאַנצער פראַכט.

נעמט אַזאַ בילד: אויף יידישע חתונות האָבן זיך די מחותנים בכלל ליב געהאַט צו ברוגזן. דערביי איז נישט געווען קיין חילוק צי דאָס אַמ־פערניש איז געגאַנגען וועגן אַ פינפאונצוואַנציקער, צי וועגן אַ טויזנטער. אַבי זיך געאַמפּערט. אַזוי האָט אויסגעזען דער יידישער „קלאַסנקאַמף״ אויף די חתונות, וואָס נישט ווייניק כלה־טרערן זענען צוליב אים פאַרגאָסן געוואָרן. רובינשטיין האָט גוט אונטערגעכאַפּט דעם גראָטעסק פון דעם משונהדיקן קאַמף, ווען ער סטראַשעט דעם שטאַרקן צד מיט דעם... באַס. כ׳קען זיך נישט אָפּהאַלטן פון ציטירן דאָ אַ ביסל שורות:

„דער באַס איז אַ צעברומטער אויף אַ ווײַל געבליבן שטיין,
דערנאָכדעם לײַכט אַ וויג געטאָן אויף לינקס זיך און אויף רעכטס,
און פון דער כלהס שטום־פאַרהוילענעם געוויין
אַרויסגעפּאַנגען צאַרט דעם סאַמע שטילסטן קרעכץ,
דעם סאַמע דינסטן כליפּ.
דערנאָכדעם מיט אַ גראָבן, שטיוולדיקן טראָט
און מיט אַ האַרבן, הייזעריקן סקריפּ
געלאָזט זיך האַסטיק גיין
צום טיר,
וואָס גלאָצט מכלומרשט פרום
מיט מצוות,
גאָט
און סוד —
און מיט אַ כריפּעדיקן, הייזעריקן ברום
אַרויסגעריפּעט אונטער איר
אַן אויפגעהילכטע, דראָענדיקע שפּאָט,
אויף סאַמע גרעבסטער סטרונע
אַזוי גראָב,
ווי ס׳וואָלט דער בויגן הינטער טיר
געגעבן זיך אַ גראָב
און אויפגעוועקט דעם זאָטן שוועל פון שטויביק־זיסן שלאָף
מיט אַנזאָג פון אַ נאָענטער, קומענדיקער שטראָף״.

די פּאָעמע איז אָנגעלאָדן מיט דראַמאַטישקייט, אָבער נישט איבערגע־לאָדן אין די איינצלהייטן. די פאַנטאַמימע פון די וויבער און די קאַרגע

ווערטער, וואָס פֿאַלן פֿון די מענערישע מײַלער, ווערן נאָך שטאַרקער און אויסדרוקספֿולער, ווען זייערע אַלע פֿאַרשטומטע ווערטער הייבן אָן צו רעדן מיט דעם לשון פֿון דער מוזיק.

אין די צוויי אַנדערע פּאָעמעס — פֿאַרמעסט זיך רובינשטיין אויף סך־הכּלען. ער מאַכט היסטאָרישע קפֿיצות־הדרכן, מאַכט קווערשניטן. אַלע זיינע לידער זענען אין אַ געוויסן זין דראַמאַטיזירטע לידער, מיט האַנד־לונג, מיט דיאַלאָג. די צוויי פּאָעמעס: „אַ פֿיבער־חלום אויף די נאַלעווקעס" און „נאַכט אויף נאַלעווקעס" — זענען דראַמאַטיזירטע פּאָעמעס. איין בילד יאָגט דאָס צווייטע. דער דיאַלאָג גייט אָן צווישן די בילדער און נישט צווישן די מענטשן. ס'איז יידישער אימפּעט. ס'איז פֿון איין זייט דאָס געיעג פֿון לאַנגע פֿאַרגאַנגענע דורות, וואָס לעבן אין אונדז, און ס'איז פֿון דער צווייטער זייט — די מורא פֿאַרן באַלדיקן אומקום. אין די צוויי פּאָע־מעס האָט רובינשטיין אַריינגעבראַכט אַ שלל מיט יידיש געמיט — און אויב זיין ציל איז געווען אונדז צו צעטרייסלען — האָט ער זיין ציל דערגרייכט.

*

ס'איז זייער שווער און נישט דאַנקבאַר זיך צו באַשעפֿטיקן מיט שטעלן פֿראַגנאָזן. וועלכער איז דער וויטערדיקער וועג פֿון רובינשטיינען אַלס דיכטער? שווער צו ענטפֿערן. זאָל ער אַגב אויף דעם אַליין ענטפֿערן. מיר, וואָס נעמען אָפּט אין האַנט רובינשטיינס דיכטערישע שאַפֿונגען, זעען אין זיי אַ פּראָדוקט פֿון אַן אייגנאַרטיקן טאַלאַנט; מיר זעען אין זיי אַ פּילפּאַרביקייט און אַ גרויסע צאָל פֿון קינסטלערישע פֿלאַכן. מיר זעען אין זיי מי און מאַטער און גוטע, צילבאַוווּסטזיניקע אַרבעט איבער יעדן וואָרט. מיר הערן זייער ספּעציפֿישע מוזיקאַלישקייט; מיר זעען אין זיי עפּעס אַזוינס וואָס שרייט קעגן מאָנאָטאָניע. מיר פֿילן אין זיי אַן אמת דיכטעריש געמיט, און מיר מוזן און זענען מחויב צו זאָגן, אַז יוסף רובינשטיינס ביז איצטיקע דיכטערישע שאַפֿונגען פֿאַרשאַפֿן כּבוד דער יידישער ליטעראַטור.

# יעקב פרידמאַן —
# דער הצנע־לכתדיקער דיכטער

ווען מען האָט דעם וווּנדערלעכן פּוילישן פּאָעט באָלעסלאַוו לעשמיאַן אָנגענומען אין דער פּוילישער אַקאַדעמיע פֿאַר ליטעראַטור, האָט ער זיין „טראַן"־רעדע אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „ניטשע האָט אין איינעם פֿון זיינע ווערק געזאָגט אַן אַפֿאָריזם: — וואָס מען זאָל נישט זאָגן וועגן אַ פּרוי איז עס אמת. מיר וועלן פּאַראַפֿראַזירן דעם דאָזיקן אַפֿאָריזם און זאָגן — אַלץ וואָס מען זאָגט וועגן פּאָעזיע איז אַ טעות".

און אַזוי איז עס. נישט פֿאַראַן קיין שום נאָרמעס פֿאַר פּאָעזיע. נישטאָ דער אַפּאַראַט, וואָס זאָל קאָנען באַשטימען, אַז דאָס איז פּאָעזיע און עפּעס אַנדערש איז עס נישט. נישט פֿאַראַן קיין געזעצן, וואָס זאָלן גילטיק זיין אין פּאָעזיע. נישט פֿאַראַן קיין פּרובירשטיין פֿאַר איר, אַלץ וואָס וויל זיין נאָרמע פֿאַר פּאָעזיע, צי געזעץ — איז סם־המוות פֿאַר איר.

פֿון דעסטוועגן? פֿון דעסטוועגן, כאָטש ס'זענען נישט פֿאַראַן קיין נאָר־מאַטיוון, קיין געזעצן פֿאַר פּאָעזיע, כאָטש מען קאָן נישט גענוי פֿאָרמולירן פֿאַר וואָס די לידער זענען גוטע און אַנדערע טויגן נישט, מוז איך זאָגן, אַז ווען ס'וואָלט היינט צו טאָג פֿאַראַן געווען אַן אינסטיטוציע פֿון באַ־שווירענע קריטיקער, ווי ס'איז אַ מאָל פֿאַראַן געווען אַן אינסטיטוציע פֿון באַשווירענע ריכטער (אַ סך פֿריִער פֿאַר די געשווירענע ריכטער), וואָלט איך זיך אַוועקגעשטעלט און לפֿני כּל עם ועדה געשווירן, אַז יעקב פֿרידמאַן איז אַן עכטער דיכטער.

פֿאַראַן היינט אַ קריזיס אין דער פּאָעזיע. דער קריזיס איז אין דער גאַנצער וועלט. מען שרייבט צו פֿיל פּאָעזיע. ביי אונדז יידן, איז פֿאַראַן ביים היינטיקן טאָג אַן שום גוזמא, מער פּאָעזיע־שרייבער ווי פּאָעזיע־לייע־נער. מען גיט אַרויס גרויסע, דיקע בענדער פּאָעזיע, אַ סך דיקערע, ווי די אַמאָליקע פּעטלייביקע ראָמאַנען, מען איז אין גאַנצן אַוועק פֿון דער אַמאָליקער באַשיידענער פֿאָרם פֿון קליינע ביכלעך לידער, וועלכע מען האָט אַרומגעטראָגן אין די בוזעם־קעשענעס, נאָענט ביים האַרץ. און מען האָט אין זיי אַריינגעבליקט, מען האָט אין זיי מעיין געווען, ווען און ווו מען האָט

געוואָלט, צי ווען מען איז געזעסן אויף אַ באַנק אין גאָרטן, צי ווען מען איז געפאָרן אין טראַמוויי.

די היינטיקע ביכער פּאָעזיע זענען פאַרשייט מיט זייער גרויס־פּאָרמאַ־טיקייט, פאַרשווענדעריש אין זייער אויסערלעכקייט. נישטאָ די באַשיידנ־קייט, די פּשטות, די אינטימיטעט, וועלכע פּאָעזיע פאַרלאַנגט.

נישט אַזוי איז עס מיט יעקב פרידמאַנען. זייט ער האָט אַרויסגעגעבן זיינע „פּאַסטוכער אין ישׂראל" זענען אַדורך זיבן יאָר און ערשט איצט האָט ער צונויפגענומען עפּעס מער ווי פערציק לידער און דער „אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס" אין ניו־יאָרק האָט זיי אַרויסגעגעבן אין אַ שוין צו באַשיידענער פאָרם. (נישט פאַראַן אין בוך אַפילו קיין אינהאַלט־פאַרצייכן!).

אַ שאָד וואָס פרידמאַן האָט זיך פריִער נישט מיישב געווען מיטן מחבר פון די שורות. איך וואָלט אים געראָטן ער זאָל אַרויסגעבן נאָר זעקס און דרייסיק לידער. ווייל עס פּאַסט זיך זייער פאַר דעם הצנע־לכתדיקן, באַ־שיידענעם, שטילן יידישן דיכטער, יעקב פרידמאַן, ער זאָל אַרויסגעבן אַ בוך וואָס זאָל הייסן „ל״ו לידער".

אַנדערע לידער קאָנען זיין אינטערעסאַנט (וועגן נישט קיין אינטערע־סאַנטע רעד איך איבערהויפּט נישט). אַנדערע קאָנען געפעלן ווערן, אָבער יעקב פרידמאַנס לידער האָט מען ליב. און לידער זענען ווי פרויען, אַז מען האָט זיי ליב — זענען זיי שיין.

פרידמאַנס לידער זענען אויך געבענטשט מיט חן. דער חן פון זיינע לידער נעמט זיך פון דעם צונויפמיש פון צוויי אַנטקעגנגעזעצטע עלעמענטן אין זיי, פון רעאַליטעט און פאַנטאַזיע, פון עמאָציע און מחשבה, וואָס צו־זאַמען שאַפן זיי דאָס גראָטעסקאַרטיקע, וואָס איז איינע פון די שענסטע און באַחנטסטע פאָרמען פון קינסטלערישער שאַפונג. די דאָזיקע פאָרם ווערט קיין מאָל נישט באַנאַל. פאַרקערט, שטענדיק טראָגט זי אין זיך עפּעס אומ־דערוואַרטנדיקס, עפּעס נייעס, אויפפרישנדיקס, נאָך וועלכן ס׳לעכצן אַזוי די נאָך געטרייע פּאָעזיע־לייענער.

מיט דעם האָט פרידמאַן אָנגעבונדן אין דער טראַדיציע פון דעם טראַ־דיציעלאָזן גרויסן משה לייב האַלפּערן, אין דעם צעזונגענעם אומעט פון איציק מאַנגער, אין דער חכמה פון משה קולבאַקס פּראָזע, וועלכע האָט געצויגן איר יניקה אויך פון איינער פון די גרעסטע דיכטערינס־פּראָזאַיִקער אין דער וועלט, כ׳מיין, פון סעלמאַ לאַגערלעף. (דער דאָזיקער וויכטיקער פּרט אין שייכות צו קולבאַקן איז מיר געווען באַקאַנט).

ס'וואָלט זיך געוואָלט אויף דעם אָרט ברענגען עטלעכע ציטאַטן פון פרידמאַנס לידער, אָבער איך האַלט זיך אָפּ דערפון. ציטאַטן זענען אבר מן החי, אָפּגעשניטענע לעבעדיקע שטיקער פון לעבעדיקע באַשעפענישן. דאָס איז אַפילו פאַר מתּן־תּורה געווען אָסור. אַ חוץ דעם איז פרידמאַן נישט קיין דיכטער פון שורות, ווען אַפילו גוטע, נאָר פון גוטע לידער. איז אויב ציטירן, דאַרף מען ציטירן גאַנצע לידער. אויף דעם איז דאָ נישטאָ קיין אָרט. מוזט איר, חשובע לייענער, זיך אַליין מטריח זיין און לייענען זיינע לידער.

פרידמאַן האָט דעם גוטן פּאָעטישן אינסטינקט זיך נישט צו שטעלן צו גרויסע פּראָבלעמען פּנים־אל־פּנים. ער גייט צו צום סאַמע טיפסטן גע־דאַנק מן־הצד, פון דער זייט. פאַר אים איז דער אויסגאַנגס־פּונקט פאַר אַ גאָרלדיקער פראַגע דווקא עפּעס אַ קליניקייט, אַ קליינע זאַך, פון די פּכים־קטנים פאַר וועלכע יעקב אָבינו האָט זיך געראַנגלט מיט אַ מלאך.

און נאָך אַ מעלה האָט יעקב פרידמאַן ווי אַ פּאָעט. ער יאָגט זיך נישט נאָך קיין גראַמען. קומט אים אונטער אַ גוטער גראַם, נעמט ער אים אויף ווי אַ בכּבודיקן גאַסט און איז מכבּד מיט אַ פּאַסיקן פּאַר אים אָרט. ער איז נישט קראַנק אויף קיין גראַמען־זוכט, אויף וועלכער אַפילו גוטע דיכ־טער זענען קראַנק, און וואָס מאַכט אָפּט אַ תּל פון זייערע בעסטע לידער און מאַכט זיי אַליין פאַר גראַמען־קלייבער. פרידמאַן יאָגט זיך נישט נאָך די גראַמען, נאָך די קלינגענדיקע גראַשנס, וואָס זענען אָפּט מאָל קיין גראָשן נישט ווערט. ער לאָזט זיך נישט פון זיי פאַרפירן. און פאַרפירן קאָנען זיי אין שאול־תּחתּיה אַריין.

וואָס איך האָב זייער נישט גערן אין דער יידישער פּאָעזיע — איז די דימינוּאַציע, דאָס פאַרקלענערן מענטשן, צי זאַכן, דאָס שרייבן: הייזעלע, שטיבעלע, זיידעלע, באָבעלע. כ'האָב פיינט דעם דאָזיקן גאַנצן אינפאַנטילן באַגאַזש, וואָס שלעפּט זיך נאָך נאָך דער יידישער פּאָעזיע, און נישט זעלטן אויך נאָך דער פּראָזע, וואָס מאַכט אויף מיר אַ דערדריקנדיקן איינדרוק, כאָטש אַנדערע געפעלט עס גאָר.

צו מיין פרייד קאָן איך קאָנסטאַטירן, אַז יעקב פרידמאַן באַפרייַט זיך פון דער דאָזיקער טענדענץ וואָס אַ מאָל מער. אויב איר געפינט נאָך ביי אים די דאָזיקע פאָרם, איז עס נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זיין גראַ־טעסקאַרטיק שרייבן פאַרלאַנגט דאָס. אָבער ער קאָן זיך גריילעך אַפילו אָן דעם ביסל אויך באַגיין.

צוויי סכנות לויערן אויף יעקב פרידמאַנען, דאָס איז מאַניעריזם און נאָנשאַלאַנץ. היינע, למשל, איז געווען אַ גרויסע דערשיינונג אין דער פּאָעזיע, אָבער הייניזם איז אַ צרה, צוליב וועלכער נישט איין גוטער פּאָעט איז נכשל געוואָרן, אַראָפּ פון וועג און ווי אַ דיכטער אומגעקומען. נישט פאַראַן קיין גרעסערע געפאַר ווי אַריינצופאַלן אין אַ מאַניער. אַפילו ווען מען הייבט אָן נאָכצומאַכן זיך אַליין, קאָן מען אויך, חלילה, זיין אַ פאַרפאַלענער.

מען דאַרף געניי אונטערשיידן מאַניער פון אייגנאַרטיקייט. אייגנאַרטיקייט הייסט, אַז שטענדיק שרייב איך. מאַניערע הייסט, אַז דער איך שרייבט שוין פאַר מיר. וועגן די וואָס מאַכן נאָך אַנדערע, וויל איך אַפילו נישט רעדן.

לעת עתּה שרייבט נאָך יעקב פרידמאַן נאָר אַליין. אָבער יעקב פרידמאַן דאַרף זיך אויסהיטן, אַז יעקב פרידמאַן זאָל אָנהייבן שרייבן פאַר יעקב פרידמאַנען. זאָל, חלילה, דער אופן נישט גיין ביי אים פאַרן תּוכן, און זאָל יעקב פרידמאַן נישט אַזוי פיל מאָל איבערחזרן דעם: וואַרהאַפטיק און פאַרוואָר.

נאָנשאַלאַנץ איז נישט קיין סימן פון וויסן, ס׳איז גיכער אַן אָנשטעל, אַז מען ווייסט, נישט וויסנדיק גאָרנישט, אָדער זייער קנאַפּ. יעקב פריד־מאַן דאַרף נישט די נאָנשאַלאַנץ. ער האָט זיך זיין וועג, דורך וועלכן ער קאָן דערגיין צו אַ גרויס פּאָעטיש וויסן, צו פּאָעטישע התגלותן.

אַ דיכטער אויף וועלכן ס׳לויערן נישט קיין סכנות, איז אַ סימן, אַז ער איז עס נישט ווערט. וואָס גרעסער דער מענטש, אַלץ גרעסער זיין יצר־הרע. וואָס עכטער אַ דיכטער, אַלץ שטאַרקער דער שׂטן וואָס וויל אים פאַרפירן.

אָבער איך גלייב באמונה שלמה אין דעם געזונטן פּאָעטישן אינסטינקט פון יעקב פרידמאַנען, וואָס וועט אים העלפן גיין, ווי ביז איצט, מחיל אֶל חיל.

„לעצטע נייעס״

# ג

# א. מ. פוקס

1

ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געלייענט די דערציילונגען פון א. מ. פוקס — בין איך געווען נאָך גאָר אַ יונגער בחור און זיך געהאַט אַן עסטעטישע וועלט־אַנשויונג. כ׳האָב דעמאָלט געהאַלטן, אַז ווער ס׳פילט נישט, פאַרשטייט נישט, דערשאַצט נישט די אַבסטראַקטע שיינקייט פון למשל פאָל וואַלעריס דיכטונג, דער האָט נישט קיין זכות־הקיום. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז מ׳קאָן זיך אויסלעבן אינטעלעקטועל, גייסטיק, כ׳האָב אָבער בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז מען קאָן זיך אויסלעבן ביאָלאָגיש, אין די ד׳ אמות פון זינלעכקייט.

אָט דעמאָלט, ביי אַזאַ גייסטיקן מצב מיינעם, אין אַזאַ צייט, איז מיר אויסגעקומען צו לייענען דאָס ערשטע מאָל א. מ. פוקסן.

זיינע העלדן האָבן מיך געשראָקן און ס׳האָט מיך איינצייטיק צו זיי געצויגן. זיי האָבן מיך אָפּגעשטויסן — און דאָך געלאָקט. דאָס גאַנצע מיליע פון זיינע העלדן איז מיר געווען גענוואַלטיק פרעמד. כ׳האָב אָבער געפילט, אַז דאָס מיליע איז דאָ, אַז ערגעץ זענען די פּערסאָנאַזשן זיינע פאַראַן, אַז אַלץ אַרום זיי און זיי אַליין זענען אמתדיק.

יאָ, כ׳האָב שוין פאַר דעם געהאַט געלייענט י. מ. ווייסענבערגן, אָבער וואָס איז דער חילוק צווישן ווייסענבערגן און פוקסן? דאָ פאָדערט זיך אַ שטיקל הקדמה.

מיר אַלע ווייסן, אַז דער מענטש פאַרמאָגט פינף חושים: חוש הראיה, חוש השמיעה, חוש הריח, חוש הטעם און חוש המימוש. אָבער דאָס איז נישט אַלץ. דער מענטש פאַרמאָגט נאָך אַ זעקסטן חוש. דער זעקסטער חוש — איז דער חוש פון אַלגעמיינע שפּירונגען (אָדער פילונגען). דער דאָזיקער חוש איז זייער אַ פּאַראַדאָקסאַלער, ער מאַכט, אַז מיר קאָנען למשל הערן מיט דער הויט, אַז מיר קאָנען הערן מיט אַ בלינד אבר, אַז מיר קאָנען הערן אַ פאַרב אאַז״וו. דער זעקסטער חוש איז נאָך פּאַראַדאָקסאַל מיט דעם, וואָס מיט אים באַנוצן זיך נאָר פּרימיטיווע און גאָר ראַפינירטע. ער איז דאָס אָרט ווו פּרימיטיוויטעט און ראַפינירטקייט טרעפן זיך צונויף.

דער זעקסטער חוש ליגט אויף דער גרענעץ פון בלינדן אינסטינקט און היפּערעמפּינדלעכקייט.

איצט קאָנען מיר זאָגן אַזוי: ווייסענבערג האָט פאַרמאָגט פינף גע־זונטע חושים; אַ געזונט אויג, אַ געזונט אויער, אַ געזונטע נאָז אאַז״וו. פוקס פאַרמאָגט אַ געוואַלטיק שאַרף אַנטוויקלטן זעקסטן חוש, וועלכער קאָמפּענסירט אים אַלע איבעריקע פינף חושים און פירט אַריין אײנציײטיק אין זיינע שילדערונגען דעם עלעמענט פון פּאַראַדאָקסאַלע פילונגען, וועלכע אימיטירן אַזוי גוט פּסיכאָלאָגיע. כ׳זאָג „אימיטירן״, ווייל דער מעכאַניזם, וועלכער באַוועגט די „אינערלעכקייט״ פון פוקסנס העלדן איז נישט פּסי־כאָלאָגיע, נאָר אפשר נאָך מער, דאָס איז דער אורשטאָף, פון וועלכן ס׳פאָרמירן זיך ערשט פּסיכישע איבערלעבונגען.

י. מ. ווייסענבערג איז געקומען נישט נאָר מיט פינף געזונטע חושים, נאָר אויך מיט יונגע חושים. ער האָט געבערענגט מיט זיך די רייפונגס־יאָרן פון נאַטוראַליזם. ער האָט זיינע בילדער נישט באַדאַרפט באַשטעטיקן מיט פאַרגלייכן, ער האָט זיי נישט באַדאַרפט אונטערשפּאַרן מיט מעטאַ־פאָרן. דאָס, וואָס ער האָט אונדז געוויזן, איז געווען עכט און האָט נישט געפאָדערט קיין באַשטעטיקונג, ווייל דאָס איז אַליין געווען באַשטעטיקט.

א. מ. פוקס איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור שפּעטער. ער איז דער בן־זקונים פון יידישן נאַטוראַליזם (וועלכער האָט ווי אַלע שולעס אין דער יידישער ליטעראַטור נישט קיין באַשטימטן צייטאָפּשניט און נישט קיין ריכטיקע קאָנטינויטעט). ער איז געקומען מיטן זעקסטן חוש, וועלכער האָט אים פון דער ערשטער מינוט אָן געמאַכט קודם־כל פאַר אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן פּראָזאַיקער.

א. מ. פוקס האָט שוין נישט געקאָנט קומען אין אונדזער ליטעראַטור מיט בלויזע אויטענטישקייט. אויף דעם איז שוין געווען צו שפּעט (און אפשר גאָר פרי). ער מוז יעדע זיין שילדערונג באַשטעטיקן מיט אַ פאַר־גלייך, ער מוז יעדעס בילד זיינס אונטערשפּאַרן מיט אַ מעטאַפאָר.

2

א. מ. פוקס איז נישט קיין רעאַליסט; צו זיין אַ רעאַליסט פעלט אים די קפיצת־הדרכדיקייט, דער קווערשניט. ער גייט מיט אַ שווערן, פּאַמע־לעכן טריט לענג־אויס דעם גאַנצן וועג; ער גייט אויס יעדעס בילד פון סאַמען אָנהויב ביזן סאַמען סוף, נישט אַדורכלאָזנדיק גאָרנישט. ס׳וואָלט

אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז פוקס איז אַ פשוטער נאַטוראַליסט. אַזעלכע פּאַרגלייכן וואָס מ'טרעפט ביי פוקסן אויף יעדן טריט, זענען בכלל נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נאַטוראַליסטישער שולע. לאָמיר פאַר אַ משל נעמען עטלעכע פון זיי: „די גרויע דינע הערעלעך אויפן שוואַרצן פּנים האָבן אויסגעזען ווי אַש־פּעדימלעך אויף טויטע קוילן". (אונטער דער בריק); „דאָס שטיקל שווערע גראָע הימל, וואָס שניידט זיך איין אין דער הויך צווישן די מויערן, זעט אויס ווי אַ ליגנדיקער שטיוול" (צוויי זייגערס). „זיין גרויס שמוישן היטל, וואָס דאָס פוטער ביי די ברעגעס איז אָפּגעקראָכן, שטייט אים האָפּערדיק מיט אַ שפּיץ, שאַרף אויפן גרויען קאָפּ און זיין בערדל איז ווייך און פוכקע, ווי אָנגעשוימטע מידלינעס פון זייף און ס'הענגט ביי אים אונטער דער גאָמבע, פריילאָזנדיק, דאָס איינגעשרומ־פּענע געלע שפּיציקע מאָרדעלע, וואָס דערמאָנט אָן דעם נאַקעטן גאָרגל פון אַ טרפהנעם האָן" (צווישן ביימער). אַזעלכע פּאַרגלייכן געפינען זיך ביי פוקסן אויף יעדן טריט און שריט.

די סוררעאַליסטן האָבן זיך אין זייערע שאַפונגען באַנוצט מיטן פּאָלגנ־דיקן מעטאָד: זיי פלעגן אַלץ וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונטערבאַ־ווּסטזיין, אַלץ וואָס איז אַרויפגעשווומען אויפן אויבערפלאַך פון מוח, אַפילו אין דער סאַמער פּאַרנעפּלסטער פּאָרעם, אַלץ פלעגן זיי איבערגיסן אויפן פּאַפּיר אָדער לייוונט. זיי האָבן קיין מאָל נישט קאָנטראָלירט זייערע שאַ־פונגען בשעת דעם שאַפונג־פּראָצעס גופא, פאַרקערט, זיי פלעגן אַנטלויפן פון יעדער קאָנטראָל.

ווען כ'זאָל וועלן א. מ. פוקס' שאַפונגען דווקא אָנרופן מיט אַ נאָמען, וואָלט איך פאַר זיי געשאַפן אַ נייע שולע און געזאָגט, אַז זיי זענען סור־נאַטוראַליסטישע שאַפונגען. אַרויפלייגנדיק דאָס אויג, צולייגנדיק דאָס אויער אָדער ריכטיקער דעם זעקסטן חוש זיינעם, מאַכט פוקס אויפּיורן דאָס בילד. זיין זעקסטער חוש איז ווי היווּן, ער מאַכט דאָס בילד זיך צעוואַקסן, ער דערמעגלעכט עס אַרויסצוהויבן זיך מיט אַלע איינצלהייטן, מיט אַלע דע־טאַלן. אַזוי ווי די סוררעאַליסטן קאָנטראָלירן נישט זייערע שאַפונגען בשעת דעם שאַפונג־פּראָצעס גופא, העמען זיי מיט גאָרנישט, פאַרקערט — שאַפן אָפּ אַלע שאַפונג־העמונגען, אַזוי טוט פוקס נישט קאָנטראָלירן די פאַקטן בשעת זיין שאַפונג־פּראָצעס, ער העמט נישט דאָס בילד, די שילדערונג, די איבערלעבונג, פאַרקערט ער נעמט פון זיי אַוועק אַלע העמונגען און שטע־רונגען.

ווען כ׳האָב געלייענט די דערציילונג „די לאַסט״ (אפשר די שטאַרקסטע פון די, וועלכע איך האָב ביי פוקסן געלייענט), האָב איך מיט באַוווּנדערונג געטראַכט, ווי אַזוי נעמט דאָס פוקס אַרום אַלע דעטאַלן פונעם בילד און דער עיקר, ווי אַזוי געפינט ער פאַר יעדן פון זיי אַן אַדעקוואַטן פאַרגלייך. אָבער דאָ, אין דעם פאַל, קומט יעדן אמתן קינסטלער צו הילף דער פאַלעאָנ־טאָלאָגישער מעטאָד, ווי מיר ווועלן דאָס אָנרופן. (פאַלעאָנטאָלאָגיע איז אַ וויסנשאַפט, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט פאָרשן דעם געבוי און אויסזען פון אוראַלטע באַשעפענישן, וועלכע זענען שוין לאַנג אויף דער וועלט נישט בנימצא). אויפן סמך פון אַ געפונענעם ביינערטייל פון אַ אור־חיה, אַפילו פון איין ביין — רעקאָנסטרויִרט דער פאַלעאָנטאָלאָג דעם גאַנצן געבוי פון דעם אור־באַשעפעניש. אַזוי איז אויך ביים קינסטלער. ס׳איז גענוג אַז ער זאָל באַמערקן נאָר איין קליינעם טייל פון אַ בילד, זאַך, פאַרלויף, געשעע־ניש, בכדי אויפצובויען דאָס גאַנצע פון וועלכן ס׳ווערט שפּעטער אַ פאַר־ענדיקטע קינסטלערישע דערציילונג אָדער שילדערונג.

3

די זינלעכקייט פון פוקס׳ העלדן, זייער ביאָלאָגישקייט, זייער וועגע־טאַטיווקייט איז אַזש אומהיימלעך עכט. איר קאָנט דאָס נישט קענען, אָבער עס איז אַזוי איבערצייגנדיק, ווי דאָס לעבן גופא. זיינע העלדן זויגן דעם וואָרצל פון לעבן, וועלכער איז נישט אַלע מאָל אין גאַנצן ריין. נישט בלויז די פּרימיטיווע לעבן ביי פוקסן מיט אינסטינקט, נאָר אַפילו די אינטעלי־גענטע טיפּן פון זיינע העלדן, זענען באַשאַנקען אָדער פאַרשאָלטן מיט איבערזינלעכקייט. נישט נאָר די פאַרוואָרצלטע אין דער מזרח־גאַליצישער, צי רומענישער ערד, די וואָס זענען אַליין ווי שווערע קלעצער באַוואַקסענע מיט זאַפטיקע צווייגן, נאָר אַפילו די שטאָטישע אַנעמישע העלדן ביי פוקסן קלאַמערן זיך אין לעבן, זי טויכן אַראָפּ אין אינסטינקט ווען זייער לעבן, צי זייער עקסיסטענץ, דראָט אַ געפאַר, פונקט אַזוי ווי די פיש טויכן אַראָפּ אין דער טיפעניש פון וואַסער, ווען ס׳דראָט זיי דעמאַסקירט און געכאַפּט צו ווערן. אין דער דערציילונג „די שטוב״ האָבן מיר אַזאַ פינאַל. ווען נפתלי, דער העלד פון דער דערציילונג, האָט פאַרלוירן דעם גאַנצן אינטערעס צו זיין ווייב און זיין צו אים, איז איר אַ מאָל צופעליק נאָכגע־גאַנגען עפּעס אַ שלימזלדיקער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך צו איר צוגע־טשעפּעט, זי ערגעץ אַריינגעפירט און זי באַזיצט. ווען נפתלי ווערט דאָס

געוואָר פון זיין ווייבס מויל (זי באַהאַלט פאַר אים גאָרנישט אויס), רייסט ער מיט איר נישט איבער די לעצטע פעדים, וואָס פאַרבינדן זיי שוין אין פלוג לגמרי נישט. הערט ווי אַזוי פוקס פאַרענדיקט זיין דערציילונג: „נפתלי, פאַרלעש נאָך נישט די לאָמפּ... האָט זי געזאָגט מיט דער גאַנצער, הייס־ווייכער נאַכט־מידקייט אין די גראָבלעך ווייסע פיס. אָבער נפתלי האָט זיך צוגעאיילט. ער האָט גיך פאַרלאָשן די לאָמפּ מיט איין בלאָז: פו־ו־ו־ו. גיך, גיך צוגערוקט זיך צו זייער פולער ציִענדיקער הייסקייט, מיט דער־וואַכטן איילנדיקן באַגער, וואָס האָט נישט דערלויבט זיך היינט צוצוהערן ווי אויבן, דורך דער סטעליע, קריגט זיך דער היטלמאַכער מיט זיין ווייב".

צי איז דאָס אַנטלויפן אין אינסטינקט שטענדיק באַרעכטיקט? צי האָט דאָס קלאַמערן זיך אין לעבן שטענדיק אַ ציל? אויף די פראַגן וועט איר ביי פוקסן קיין באַשייד נישט געפינען. דאָס ענטפערן אויף די פראַגן געהער אַגב נישט דעם נאַטוראַליסט (אַפילו נישט דעם סורנאַטוראַליסט). אַזוי איז עס און גענוג! פוקס האַלט אַז דער מענטש איז אויף דער וועלט אַליין. דעריבער קומט אפשר לויט אים אויס, אַז אויב דער מענטש פאַרלאָזט זיך אויף עפּעס, איז עס נאָר אויפן אינסטינקט. דאָך געפינט זיך אין אַ סך זיינע דערציילונגען אפשר נישט קיין האַרמאָנישע גערעכטיקייט נאָר עפּעס אַזוינס וואָס איך וואָלט אָנגערופן: ריטם פון גערעכטיקייט. נעמט אַזאַ דערציילונג ווי „ביי נאַכט": אַ גנב ברענגט אין דער שפּעטער נאַכט צו עמעצן אין דער שטוב אַ גניבה צו פאַרקויפן. דער עמעצער דינגט זיך לאַנג מיטן גנב און לסוף נאַרט ער ביי אים אויס די גניבה אַרויסשטעלנדיק דעם גנב הינטער דער טיר. אָבער ווען דער גנב גייט אַרויס אָן אָפּגענאַר־טער פון יענעמס שטוב, נעמט ער אין דער פינצטערניש עפּעס מיט. די פרישע גניבה טראָגט ער ווידער אַוועק צו איינעם, וואָס נאַרט זי פריש אים אויס און ווערט ביים גנבס אַוועקגיין ווידער דורך אים באַגנבעט. אַזוי גייט אַ גאַנצע נאַכט אַ משונהדיקער חד־גדיא. אין דער דאָזיקער דערציילונג ליגט אַ שטיק פון דעם גרויסן זין, וואָס הייסט: זינד און שטראָף. דער גנב אַליין ווערט עפּעס אַ פאַראַדאָקסאַל באַשעפעניש, און פוקס פאַרענדיקט זיין דערציילונג כּמעט סימבאָליסטיש: דער גנב ווערט אויפגעהאַנגען דורך דער מכשפה, וועלכע באַווייזט זיך אויפן אַלטן זאַכ־בוידעם פון דער ציגעלניע־חורבה רייטנדיק אויף אַ קראָקווע.

לאָמיר נעמען אַזאַ דערציילונג ווי „ביי טאָג". אַ גאַסן־מיידל באַמערקט ווי דער בויך ווערט ביי איר וואָס אַ טאָג גרעסער. אַ פאַרציטערטע רופט זי אַריין די „בעל־הביתטע" פון שאַנדהייזל. יענע קנעט אַריין איר גראָבן

פינגער אין מיידלס בויך און זאָגט: „עס איז גאָרנישט... דו טראָגסט״...
אויף די שטיינערנע שטיגן פון שאַנדהויז ווערט געבוירן אַ קינד. די גאַס, דער רינשטאָק, די מיסטקאַסטנס דערציִען דאָס קינד, האַלטן עס ביים לעבן. און דאָס קינד (אַ מיידל) וואַקסט. ס׳וואַקסט שנעלער און פולער, ווי אין נאָרמאַלע באַדינגונגען. אין אַ געוויסן טאָג באַמערקט אַ מאַנספּערשוין די שיינע און פון נויט אַזוי פרי רייף געוואָרענע פיס פון היימלאָזן מיידל. גיך קומט זי אָן אינעם שאַנדהויז, ווו זי איז געבוירן געוואָרן. און דאָ חזרט זיך גענוי אַלץ איבער וואָס איז געווען מיט איר מאַמען. מיט שרעק באַמערקט זי ווי דער בויך אירער ווערט יעדן טאָג העכער. אַ פאַרציטערטע רופט זי אַריין די זעלבע „בעל־הביתטע״ פון שאַנדהייזל, וואָס איר מאַמע האָט אַריינגערופן. יענע גראַבט ווידער איין איר גראָבן פינגער אין מיידלס בויך און זאָגט: „עס איז גאָרנישט... דו טראָגסט״...

אָט אַפילו דאָ, ווו לײַב און נשמה זענען כולו הפקר, ווו ס׳הערשט נישט קיין שום געזעץ אַ חוץ סאַנקציאָנירטע רעכטלאָזיקייט, אַפילו דאָ אינעם סאַמען תהום פון מענטשלעכער דערנידערונג, איז פאַראַן אַ גורל־געמיינשאַפט צווישן מאַמע און טאָכטער. זאָל זיין, אַז דאָס איז אַ ביאָלאָגישע, ירושהדיקע בשותפותדיקייט, אָבער ס׳איז פאָרט געזעצמעסיקייט. ווען שמואל־יאָסי („אויפן בערגל״) נאָרט אויס ביי דער שיקסע פאַר אַ פּאָר גרייצער דאָס טאָרבעלע מיטן געגנבעטן גערשטן, נעמט ער דאָך אַ מאָל די לאָפּאַטע אין דער האַנט און באַאַרבעט זיין גערטנדל, ווו ס׳וואַקסן און צעוואַקסן זיך די גרינע קרייטעכצער, וועלכע ער האָט אייגנהענטיק פאַרזייט. עפּעס פילט זיך אין דער אַרבעט אַ פאַרגעבונג, אַ כפרה פאַר די געקויפטע גניבות, פאַר דעם גאַנצן מיאוסן גראָשעדיקן מסחר פון שמאַטעס מיט ביינער און פאַר דער כּסדרדיקער אָפּנאַרעריי. עס מוז זיין אין דער קונסט (ווי אין דער וועלט בכלל), עפּעס אַזוינס אין וועלכן ס׳זאָל זיך פילן אָן אָטעם (אַפילו דער סאַמער קורצסטער) פון אייביקייט, פון האַרמאָניע, און דאָס גיבן די עלעמענטן פון גורל, כפרה, דער ריטם פון געזעצמעסיקייט, פון שטראָף. און ווען אַפילו דער גורל איז אַ דעצידירנדיק שלעכטער, ווען די כפרה איז ווייט נישט אין דער ריכטיקער פּראָפּאָרץ צום באַגאַנגענעם פאַרברעכן, ווען די געזעצמעסיקייט איז אַ ריין ביאָלאָגישע און פאַרבעסערט מיט גאָרנישט די לאַגע פון איינצלנעם מענטש אין דער געזעלשאַפט, זענען אָבער דאָס אַלץ יסודות אויף וועלכע מ׳קאָן בויען. ריכטיקער געזאָגט, דאָס זענען יסודות, וואָס דערלויבן צו צעשטערן בכדי שפּעטער צו בויען עפּעס שענערס און בעסערס. ווען אָבער אַלץ אין דער

דערציילונג זינקט אין צופעליקייטן, יאוש, האָפּענונגסלאָזיקייט, מעג די דערציילונג האָבן אין זיך אָן אַ שיעור קינסטלערישע עלעמענטן, אָבער פאַר דער גאַנצער זאַך (און קונסט איז קודם־כּל גאַנצקייט) גענוגנט עס נישט.

פוקס׳ גרויסע און דווקא שטאַרק פּאָפּולערע דערציילונג „אונטער דער בריק" בלייבט לויט אונדזער מיינונג הענגען אין דער לופט. אַנשטאָט אונדז אויפצוהייבן מיט בונטאַרישקייט דריקט זי מיט אַ שווערע לאַסט פון אויס־זיכטלאָזיקייט. ס׳ראַטעווען נישט די דערציילונג די „אַנעמישע" בילדער פון מלוכה־איבערקערעניש און רעוואָלוציע (אין ווין, עסטרייך־אונגאַרן). פון דער דערציילונג ווייעט מיט אויסזיכטלאָזיקייט, מיט נישט אַרטיקולירטן וויי, ס׳שלאָגט דער זויערער ריח פון אַלע אָרעמקייטן אין דער וועלט. אפשר איז טאַקע דער אופן פון שילדערן די וועלט פון די „באַליידיקטע און דערנידעריקטע" דער סאָציאַלער פּראָטעסט פון פוקסן, אפשר ליגט אין דעם אופן זיין שאַרפע טראַציקייט, באַ! אַזוי איז עס! אַזוי זעט עס אויס! און נעם נישט אַוועק דיינע אויסגעצערטלטע אויגן, נעם נישט אַוועק דיין אויסגעאיידלטע נאָז! קען זיין. אָבער דער אופן פון פּראָטעסט זעט אונדז נישט אויס צו זיין דער סאַמע גליקלעכסטער און פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט טוט דאָס אַ שרייבער פון אַזאַ מדרגה ווי א. מ. פוקס, נישט קיין טובה.

4

פוקס׳ העלדן זענען מיינסטנטייל אַמאָראַליש. איין טייל צוליב זייער שלעכטער מאַטעריעלער און סאָציאַלער לאַגע, און די אַנדערע טייל צוליב זייער פּריווילעגירטער לאַגע. טייל מאָל דאַכט זיך אויס, אַז די מענטשן ווייסן גאָרנישט, אָדער אַפילו גאָרנישט, אַז זיי באַגייען אַ פאַרברעכן. זיי ווייסן שוין נישט, אַז מ׳טאָר נישט (מאָראַל אינסאַניטי). ווען ר׳ ליפּע („צווישן ביימער") שטעקט אַריין ר׳ שמואל־יאָסין די האַנט אין כאַלעווע און ציט ביי אים אַרויס דעם בייטל מיט געלט, דערציילט ער אים בשעת־מעשה ווייטער בנעימותדיק די געשיכטע מיטן רבין. ווען ר׳ שמואל־יאָסי כאַפּט זיך, אַז דאָס האָט אים ר׳ ליפּע אַרויסגעצויגן דעם בייטל און ער כאַפּט אים טאַקע ווי ער זיצט און ציילט דאָס גענבעטע געלט — נעמט אים ר׳ שמואל־יאָסי אַרויס דעם בייטל פון דער האַנט און לייגט אים אַריין צוריק צו זיך אין קעשענע. מער גאָרנישט.ביידע, סיי דער באַגנבעטער

סיי דער גנב, רעדן נישט וועגן דעם קיין איין וואָרט, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. דאָס וואָס ר׳ ליפּע האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ גנב, דאָס דיסטאַנסירט אים נישט אין די אויגן פֿון ר׳ שמואל־יאָסין. ר׳ ליפּע ווערט נאָך דערמיט אין זיינע אויגן נישט דיסטאַנסירט, ווייל דער בייטל מיט געלט געפֿינט זיך ווידער ביי ר׳ שמואל־יאָסי אין קעשענע.

צי איז פּוקס אַ סאָציאַלער שרייבער? שווער צו זאָגן. וואָלט פּוקס געווען אַן אָרטאָדאָקסאַלער נאַטוראַליסט, וואָלט די פֿראַגע בכלל נישט עקזיסטירט. דער נאַטוראַליסט (אַפילו דער סורנאַטוראַליסט) לאָזט דעם פֿאַקט אַליין רעדן פֿאַר זיך, ער גיט אים אין דער רויער נאַקעטער פֿאָרעם. ער לאָזט אויפֿגיין דאָס בילד מיט אַלע פֿאַרבן און ריחות מיט וועלכע עס איז געוואָרן באַפֿאַרבט און וועלכע עס האָט אין זיך איינגעזאַפּט אין אַלע רגעס (און אומצאָליק זענען זיי) פֿון לעבן. אָבער ווי געזאָגט איז פּוקס נישט אָרטאָדאָקסאַל, און דערפֿאַר איז ער אין טייל זיינע זאַכן יאָ סאָציאַל (למשל: אין „די לאַסט״, „ביי נאַכט״, „ביי טאָג״ א.אַ.), אין די דערציילונגען אין וועלכע ס׳איז פֿאַראַן אַפילו בלויז אַ שמץ פֿון אינערלעכן ריטם, פֿון געזעצמעסיקייט, פֿון גורל, מיסיע. אין אַנדערע (למשל: אין „אונטער דער בריק״, „אויפֿן בערגל״), כאָטש ער בליצט דאָרט כסדר מיט באמת גרויסן מאָלערישן טאַלאַנט, בלייבט ער אין זיי נישט מער ווי אַ נאַטוראַליסט (צי אַפילו אַ סורנאַטוראַליסט) און איז נישט סאָציאַל. דער נאַטוראַליזם, וועלכער האָט אין אַנבליק פֿון שווערע און קאָמפּליצירטע לעבנס־באַדינגונגען פֿון זיין צייט, פֿאַרטוישט דעם ראָמאַנטישן יום שכּולו טוב אויף אַ יום שכּולו חול, האָט אַזוי אַרום פֿאַר זיך צוגעגרייט נישט נאָר, אין אַ געוויסן זין, די קינסטלערישע קאַפּיטולאַציע, נאָר דער עיקר, זיין אייגענעם סאָציאַלן דורכפֿאַל.

פּוקס איז שפּראַכלעך אַ רעגיאָנאַלער שרייבער. אָבער נאָר שפּראַכלעך. ס׳איז בכלל שווער צו זאָגן, אַז אַ ייד איז רעגיאָנאַל, ד.ה. אַז ער איז דאָס, וואָס ער האָט גענומען פֿון דער ערד אין וועלכער ער איז פֿאַרוואָרצלט, פֿון איר אויסזען, פֿון איר פֿלאָרע, פֿון אירע פֿאַרבן, פֿון דער גאַנצער אַט־מאָספֿערע פֿונעם אַרום, פֿונעם אַרט דענקען פֿון אַרום, פֿון זיינע מינהגים, אאַז״וו. אַ ייד וועט קיין מאָל נישט זיין קיין רעגיאָנאַל ווען אין פֿולן זין פֿונעם וואָרט. אַ מאָל קאָן דער ייד עפּעס נעמען פֿונעם אַרום, פֿון דער אַרומיקער פֿאַרביקייט און זאַפֿטיקייט בכדי זיך צו באַרייכערן. ר׳ שלמה נגיד פֿון שלום אַש האָט אין זיך פֿון דער קויאַווער ברייטקייט און קאָליר־פֿולקייט, זיי באַרייכערן זיין יידישע רחבות און קרעפֿטיקייט. אָבער פּוקס׳

אָרעמע העלדן זענען נישט קיין רעגיאָנאַלע טיפּן. אַנשטאָט רעגיאָנאַלקייט וואָלט גלייכער געווען צו באַנוצן דאָס וואָרט „מימיקרי". זיי באַנוצן זיך מיטן געזעץ פון מימיקרי. ווען דער וואָרעם ליגט אויפן בלאַט פון אַ בוים און ציטערט, אַז דער פויגל זאָל אים נישט באַמערקן און אויפפרעסן, ווען זיין גאַנצער אינסטינקט איז געווענדט צום זעלבסטאויפהאַלט, קומט די נאַטור צו הילף דעם וואָרעם און באַשענקט זיין הויט מיט אַ גרינער פאַרב, וועלכע מאַכט אים אין גאַנצן ענלעך צום גרינעם בלאַט און אַזוי אַרום נישט באַמערקבאַר פאַרן שפּיציקן אויג פון פויגל (מימיקרי). די אָרעמע העלדן פון פוקס' דערציילונגען, די יידן וואָס זעען אויס ווי די קלעצער מיט סענקעס, מיט פּנימער ווי די בולבעס, נעמען נישט אָן דעם אויסזען פונעם אַרום, בכדי זיך אויסצוטיילן מיט רעגיאָנאַלער אייגנאַרטיקייט, נאָר פאַר־קערט בכדי מ'זאָל זיי נישט אַרויסזען פונעם אַרום (מימיקרי).

א. מ. פוקס איז אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע אין אונדזער יידישער פּראָזע. זיינע שילדערונגען זענען בולט, זיין מאָראַלישקייט פאַרכאַפּט. די פּסיכיק פון זיינע העלדן איז פון סאַמע אינגעווייד אַרויס, זי האָט אין זיך די שאַרפע העלזעעוודיקייט פון סכנה, פון אַ לעבן וואָס גייט כסדר אויפן ראַנד.

כ'האָב אין „די גאָלדענע קייט" געלייענט אַ דערציילונג פון פוקסן א. ב. „דער שׂטן". ס'האַנדלט זיך דאָרט אין דעם, וואָס אַ סוביעקטיווע שרעק פּאַראַליזירט אַלע געזונטע מיטגלידער פון אַ געזונטער משפּחה און צע־ברעכט זי. עפּעס עקזיסטענציאַליסטישעס זעט זיך אַרויס פון דער דערציי־לונג. כ'וויס נישט אויף וויפל אַלגעמיינע ציל־באַוווסטזיניקייט וואָלט גע־טויגט פאַר פוקסנס וועג. מ'דאַרף באַמערקן, אַז בילדערישע ציל־באַוווסט־זיניקייט איז ביי פוקסן פאַראַן איבערגענוג. דאָך האַלטן מיר, אַז אַ גאַנצע שרייבערישע קאָנצעפּציע וואָלט שטאַרק געקרעפּטיקט דעם אַזוי אויך קרעפּ־טיקן און שטאַרקן פּראָזאַיִשן טאַלאַנט פון א. מ. פוקס.

5

א. מ. פוקס איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור אַ באַוואָפנטער מיט אַלע זיינע פינף גוט אָנגעשפּיצטע חושים. נאָך מער. ער פאַרמאָגט אַ געוואַלטיק שאַרף אַנטוויקלטן זעקסטן חוש *, דעם חוש פון כוללדיקער

* ווי איך האָב עס שוין פריִער באַצייכנט.

שפּירונג, וואָס מאַכט אַז מען קאָן זען מיט דער הויט, הערן מיט די אויגן, זען און דיפערענצירן די פאַרשידענע פאַרבן און קלאַנגען. דער זעקסטער חוש מאַכט ביי אים דאָס, אַז זיינע פּרימיטיווע העלדן קאָנען זיין ביז גאָר ראַפינירט, און במילא קאָנען זיינע פּרימיטיווע העלדן אויפגענומען, פאַר־שטאַנען און אָפּגעפּילט ווערן דורך סאַמע ראַפינירטסטע לייענער.

דער הויפּט־יסוד פון פוקס׳ פּראָזע איז עכטקייט, קינסטלערישע עכט־קייט, וואָס אָן איר איז מען בכלל קיין קינסטלער נישט. אַפילו זיינע פאַר־גלייכן, זיינע מעטאַפאָרן ליגן נישט ערגעץ וויים, נאָר גאָר, גאָר נאָענט לעבן דעם געשילדערטן בילד גופא. ער קריכט נישט אין די הימלען, נאָר גייט מיט אַ פּאָר געזונטע פיס אויף דער ערד. אַפילו די וואָלקנס אין זיינע הימלען זענען אַזוי אָנגעדראָלן, צונויפגעקנאָטן, אַז זיי זעען אויס ווי ערדישע שטיקער וויספּעס.

ווער ס׳זעט פוקסן נאָר אין זיין בוך „די נאַכט און דער טאָג” און מיידט אויס זיינע שאַפונגען פון דער ווינער צייט, דער זעט אים נישט קיין גאַנצן. פוקסנס שאַפן איז אַ שטיק זיין, אַ שטיק עקזיסטענץ. זיינע העלדן זענען נישט אָנגעטאָן, נאָר באַוואַקסן מיט טולופּס און טיזליקעס, ווי אַלטע ביימער אין אַ געדיכטן אורוואַלד זענען באַוואַקסן מיט אַ דיקער קאָרע. די אָרעמע יידן זיינע, וואָס וווינען צווישן גויים און זעען אויס ווי קלעצער מיט סענ־קעס, פּנימער ווי בולבעס, זענען באַשאָנקען מיט דער מימיקרי־פעיִקייט, וועגן וועלכער כ׳האָב שוין גערעדט.

וואָס מאַכט זיי ענלעך צו דער נאַטור וואָס רינגלט זיי אַרום. ווען דער וואָרעם ליגט אויף אַ בלאַט פון אַ בוים און ציטערט, אַז דער פויגל זאָל אים נישט באַמערקן און אויפפרעסן, ווען זיין גאַנצער אינסטינקט איז גע־ווענדט צום זעלבסטאויפהאַלט, קומט די נאַטור צו הילף דעם וואָרעם און באַשענקט זיין הויט מיט אַ גרינער פאַרב. מאַכט אים אין גאַנצן ענלעך צום גרינעם בלאַט אויף וועלכן ער ליגט און אַזוי אַרום ווערט ער נישט־באַמערקבאַר פאַרן שפּיציקן אויג פונעם פויגל. דאָס הייסט מימיקרי.

פוקסנס העלדן קומט נישט צו הילף די נאַטור. פאַרקערט, די נאַטור ווי ער שילדערט זי, איז שטענדיק אָן אַכזריותדיקע. זיינע העלדן קומט צו הילף זייער געזונטער אינסטינקט, זייער חשק צו לעבן. אָבער אויך אין די סאַמע אומגליקלעכסטע באַדינגונגען קעמפן זיי פאַר זייער כבוד אַפילו פאַרן פּרייז פון מקריב זיין דאָס אייגענע לעבן.

ווען מען זאָל וועלן א. מ. פוקסן מעסטן מיט די נייע מאָסן, וואָס הערשן היינט צו טאָג אין דער וועלט־ליטעראַטור, מוז מען זאָגן, אַז ער איז

איינער פון די סאַמע מאָדערנסטע שרייבער. ער איז עקזיסטענציאַליסטיש אין זיין אויפנעמען די וועלט און אירע געשעענישן. כ׳זאָג, אין זיין אויפנעמען, ווייל טעאָרעטיש וואָלט עס אים זיכער שווער געווען צו באַגרינדן. אַ קינסטלער מוז עס אויך נישט און דאַרף עס נישט. זיינע העלדן זענען איינזאַמע מענטשן אַריינגעוואָרפענע אין אַ פיינלעכער סביבה, ווו אויב אַפילו איינער וויל דעם צווייטן נישט אויפפרעסן, איז לכל־הפחות באַגנבעגען. ס׳איז פאַראַן ביי אים די פּאַראַדאָקסאַלישקייט פון גורל. דער גורל, וואָס כאָטש ער איז בלינד איז ער דאָך שטענדיק צו־להכעיסדיק.

אָבער איין זאַך איז ביי אים נישט פאַראַן, איין זאַך מיט וועלכע די איצטיקע וועלט־ליטעראַטור איז איבערפולט. נישט פאַראַן ביי אים דער פּחד פאַרן טויט, מיט וועלכן אַלע שרייבער פון דער וועלט סטראַשען די אַזוי גערופענע מענטשהייט. פאַרקערט, ווי שווער, ווי תּהומידיק שווער ס׳זאָל נישט זיין דאָס לעבן פון פוקסנס העלדן, ווילן זיי לעבן, ווילן פילן דעם טעם פון לעבן, זאָל זיין אַפילו דער טעם פון דעם לעבן ביטער, איז עס אויך אַ טעם, אַ טעם געמיינט : אַ געשמאַק און אַ זין.

דאָס איז דאָס אייגנאַרטיק יידישע ביי פוקסן. דער יידישער „וחי בהם״. דאָס איז אויך זיין סאָציאַלער פּראָטעסט. ער רופט נישט צו קיין רעוואָלוציעס, צו איבערקערענישן. ער ווייזט דיר דאָס לעבן אין זיין גאַנצער גרויליקער בולטקייט, און נייט דיך אַזוי אַרום זיך אַליין צו פרעגן : געפעלט עס דיר? פּאַסט עס דיר? אָדער דו ווילסט אַז די וועלט זאָל זיין שענער און בעסער?

6

פוקסנס סורנאַטוראַליסטישער אופן פון שרייבן מאַכט, אַז מען ווערט פאַרכאַפּט פון זיין בילדערישקייט. ער איז שטענדיק אַנטפּלעקעריש. ער פאַרמאָגט די גרויסע חכמה פון קאָנען דעם לייענער איבערראַשן. כ׳האָב עס שוין געזאָגט ביי אַ צווייטער געלעגנהייט, אַז אַ דיכטער קאָן זיך דערלויבן זיין אַ נאַר, אָבער ווי תּמימותדיקע מענטשן, וועלן זאָגן : תּמימותדיק. אַ פּראָזאַיִקער מוז שטענדיק זיין אַ קלוגער. אַ נאַר קאָן גאָר קיין פּראָזאַיִקער נישט זיין. מענטשן וואָס האָבן נישט דאָס ביסל חכמה און אַ ביסל הומאָר, קאָנען קיין פּראָזאַיִקער נישט זיין. זייער טירחה איז אַן אַרויסגעוואָרפענע. זיי מאַטערן זיך און פאַרמאַטערן דעם לייענער.

פוקסנס שרייבערישע חכמה שטייט אים בײַ אַפילו ביי זיינע ביז גאָר קאָמפּליצירטע שילדערונגען. דאָ וויל איך נאָך אַ מאָל אונטערשטרייכן, אַז רעדנדיק וועגן פוקסן מיין איך נישט בלויז זיין בוך „די נאַכט און דער טאָג״, נאָר אַלע זיינע שאַפונגען אָנהויבנדיק פון „הינטערן בערגל״, וואָס האָט אים באַלד געמאַכט וועלט־באַרימט.

ביי אַלע פוקסנס העלדן, אַפילו ביי די סאַמע געפאַלנסטע, פילט זיך גורל־שותּפותדיקייט. אָן גורל־געמיינשאַפט איז נישט פאַראַן קיין אמתע גרויסע ליטעראַטור. דער גורל פון אַ יחיד, ווי אינטערעסאַנט ער זאָל נישט זיין, איז פאַרט נישט מער ווי צופאַל. און צופאַל איז נישט קיין טעמע פאַר אמתער ליטעראַטור. כיבע פאַר פאַראַ־פּסיכאָלאָגן, וואָס האַלטן אַז ס׳איז נישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי צופאַל. אָבער דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער געביט.

א. מ. פוקס איז איינער פון די הויפּטזיילן פון דער יידישער פּראָזע.

„די צוקונפט״

# אפרים קאַגאַנאָווסקי

(אַ פראַגמענט פון אַ גרעסערער סטודיע)

ווען אַ שעפער, אַ קינסטלער ברענגט אַריין אין דער ליטעראַטור, אָדער אין אַן אַנדערער צווייג פון קונסט, עפּעס אָריגינעלעס, אייגנאַרטיקס, ווען ער באַווייזט אַ נייעם אופן פון זען, עפנט אויף אַ נייעם קאַנאַל פאַר עמפינדונגען, טרעט אויס נייע וועגן פון באַטראַכטונגען — ברענגט ער אַריין אין דער קונסט נישט בלויז די פּירות, די פרוכט פון זיין טאַלאַנט, נאָר ער ברענגט אויך מיט זיך מיט, ברענגט אויף דער וועלט אַ נייע דעפי־ניציע פון קונסט. נישט אויסשליסלעך פון זיין קונסט, נאָר פון קונסט בכלל.

דערנאָך, ווען מען פאַרטראַכט זיך גוט איבער דער נייער דעפיניציע, ווען מען פּרוּווט זי אויס, זעט מען און מען פאַרשטייט, אַז אייגנטלעך איז זי אַ וואַריאַנט פון דער באַצייכענונג, וואָס עס האָט באַקומען און באַקומט ביז איצט די גרויסע קאָמפּאָזיציע, וואָס האָט זיך נאָך אָנגעהויבן ביים אורמענטש, ווען ער האָט דערפילט די גרויסע פרייד פון באַוועגונג און שפּעטער, ווען דער מענטש האָט אַנטדעקט דעם סוד פון דער ליניע און אַזוי ציט זי זיך ביז די סאַמע ראַפינירטסטע פאָרמען פון היינטיקן טאָג — און הייסט מיטן זעלבן נאָמען: קונסט.

מיט דער נייער דעפיניציע איז ווי מיט דעם שטערן, וואָס ווערט אַנטדעקט דורך דעם אַסטראָנאָם. ביי דעם אַסטראָנאָם איז דער שטערן אַ ניי־געבוירענער, ער שרייבט אים איין אין זיין בוך, ער גיט אים אַ נאָמען, אָבער דער שטערן פאַרנעמט שוין לאַנג זיין אָרט אין דער קאָנ־סטעלאַציע, נאָר ערשט איצט, ביי גינסטיקע אָפּטישע באַדינגונגען, איז ער געבוירן פאַרן אַסטראָנאָמס אויג.

דער קינסטלער איז אַ מענטש, וואָס וואַרפט אָפּ די וועלט, די ווירק־לעכקייט. דאָס הייסט נישט, אַז ער נעגירט זי, אַז ער פאַרלייקנט זי. ניין, ער קאָן זיין פון איר אַנטציקט, באַצויבערט, ער קאָן זיין, און איז סיי ווי סיי, איר מיטבויער. ער מוז זי סוף־כּל־סוף באַשטעטיקן, אָבער ער וויל זי נישט נעמען, אַזוי ווי זי איז, אַ פאַרטיקע. און קודם־כּל האָט ער פיינט, ווען מען

דערלאַנגט זי אים, ער וויל זי נעמען, ווי אַ קאַפּריזנע קינד, מיט די אייגענע הענט. ווען די וועלט, די אויסערלעכע, אירע פאַרבן, אירע פאָרמען, אירע קלאַנגען, איר זיין — וואַרפן זיך אויפן קינסטלערס עמפּינדונג־אָרגאַנען, ווייזט ער זי צוריק, שטופּט זיי אָפּ פון זיך. ערשט שפּעטער, ווען ער האָט שוין אַלץ צוריקגעוויזן, אָפּגעוואָרפן, נעמט ער פאָרזיכטיק די עלעמענטן, לאָזט זיי דורך דורכן פילטער פון זיין טאַלאַנט און בויט זיך אויף זיין אייגענע קינסטלערישע וועלט.

ווי אַזוי ער טוט דאָס, צי דורך דעם נאַטוראַליסטישן אופן פון אונטער־קוקן און אונטערכאַפּן די ווירקלעכקייט, צי דורך אַ פאַרקירצטן, קפיצת־הדרכדיקן קווערשניט, צי דורך באַוווּסטזיניקער דעפאָרמאַציע, דאָס איז אַלץ איינס. נאָר אויף וויפל עס געלינגט דעם קינסטלער זיין אייגענע קאָמפּאָ־זיציע, זיין אייגענער וועלטאויפבוי, אויף אַזוי פיל באַשטימט עס זיין אָרט אין דער קונסט און גיט זיינע ווערק אַן אָרט צווישן די אייביקע ווערטן.



ווי אַזוי האָט אפרים קאַגאַנאָווסקי אויפגעבויט זיין אייגענע וועלט, דעם בנין פון זיין קונסט?

קאַגאַנאָווסקי פּאַסט אויף זיין וועלט קודם־כל אָפּטיש, וויזועל — און פאַרפיקסירט זי, באַשרייבט זי — מאָלעריש. זיין מאָלערישע שול איז די אימפּרעסיאָניסטישע. אמת, קאַגאַנאָווסקי גיט טייל מאָל אַ נאַטוראַליסטישע שילדערונג, אָבער דעם אויספיר, דעם סך־הכּל, מאַכט ער אַ פאַרקירצטן, אַן אַבסטראַקטן. אין אַלגעמיין קאָן מען דעפינירן אַזוי: קוקן קוקט ער אויף דער וועלט ווי אַ נאַטוראַליסט, אָבער, ווען ער ברעכט זי אין זיך דורך, פאַרפיקסירט ער זי ווי אַן אימפּרעסיאָניסט.

נעמט למשל אַזאַ בילדל אין איינער פון זיינע פריִע שאַפונגען („סטאַווקע־געסל"): „אַ שוואַרצע יידענע, ווי אַ ציגיינעריך, מיט אַ ראָז קופּקעלע, רעדט אַריבער צו אַ שכנטע מיט גרינע נאַקעטע הענט". מאַכט זיך אַ קלאָר בילד דערפון: אַ שוואַרצע (יידענע), אַ ראָז (קופּקעלע), גרינע (הענט). אַן אימפּרעסיאָניסטיש בילד פון דעם סאַמע רעוואָלוציאָנערסטן פּעריאָד.

שפּעטער, אין די רייפערע יאָרן, קומען בילדער, ווו ס'איז שוין דאָ דער גוטער שׂכל פון אויסנוצן דעם טונקעלן האַלב־רעמבראַנדטישן טאָן, למשל: „און אַרום איז עפּעס אַן אומעטיק ליכט, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען באַלויכטן פון עפּעס אַ פאַררויכערטן לאַמטערן" („ניי מעבל" פון בוך

„פיגורן״). ער באַנוצט זיך אויך מיט שטרענג אַקאַדעמישע אימפּרעסיאָ־ניסטישע פאַרבן (ווי למשל אין דער נאָוועלע „אַ לעבעדיקן גרוס״ פון בוך „פיגורן״).

קאַגאַנאָווסקי מאָלט נישט קיין ברייטע לייוונטן. ער שרייבט נישט קיין ראָמאַנען, נאָר נאָוועלן. און דאָס איז נישט קיין פּועל־יוצא, ווי טייל מיינען, פון אַ באַשטימטן טאַלאַנט, נאָר אויסשליסלעך פון קינסטלערישן טעמפּעראַמענט.

וואָס איז דאָס אַזוינס אַ נאָוועלע? כ׳וועל זיך דערלויבן אויף אַ מכלו־מרשטן פּאַראַדאָקס. נאָוועלע איז אויך אַ ראָמאַן, ד. ה. ס׳איז די זעלבע סומע, ווי אַ ראָמאַן, נאָר געגעבן אין אַ גאָלדענער, הויכווערטיקער מטבע. אַ ראָמאַן הייבט זיך געוויינלעך אָן מיט שטאַם, מיט סדר־היוחסין, ס׳גייען אין אים אַדורך דורות מיט באַשטימטע גורלות. אין אַ נאָוועלע, אַז איר וועט זיך גוט איינקוקן אין איר, וועט איר אויך געפינען דאָס זעלבע: נאָר אין די סך־הכלען, נישט אין לויף פון דער שילדערונג, וועט איר דאָס געפינען. נאָוועלע איז ווי אַ פאַרבאָטענע ליבע, וווּ אַלץ מוז אַדורכגעלעבט ווערן אין איין נאַכט. דעריבער איז די דאָזיקע פאָרם, ווי כ׳האָב שוין אויבן געזאָגט, אַ פּועל־יוצא פון קינסטלערישן טעמפּעראַמענט, וואָס קאָן שאַפן אַזאַ אַטמאָספערן־דרוק, אַזאַ הייסן קלימאַט אין וועלכן אַלץ זאָל אַזוי שנעל רייף ווערן.

דער באמת גוטער נאָוועליסט שניידט אויס זיינע געשטאַלטן פון איידל־שטיינער, נאָר אויסשניידנדיק די געשטאַלטן וואַרפט ער דאָס איבערגע־בליבענע נישט אַוועק, נאָר ס׳בלייבט ביי אים, ער פאַראייגנט עס זיך צוריק. דעריבער איז דער טאַלאַנטירטער נאָוועליסט שטענדיק גייסטרייך.

קאַגאַנאָווסקיס גייסטרייכקייט איז אַ שם־דבר. די, וואָס האָבן דעם פאַרגעניגן מיט אים צו פאַרברענגען, ווייסן דאָס גוט. און נאָך איידער ער עפנט דאָס מויל עפּעס צו זאָגן, גיט מען אים אָן אַדערויף אַ שמייכל. קאַגאַ־נאָווסקיס וויץ איז נישט קיין אַנעקדאָטישער, נאָר אַ קורצשלוס, אַ סומע פון אַ קאָליזיע־אַרטיקער דערפאַרונג.

די שפּראַך ביי קאַגאַנאָווסקין איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. כ׳וואָלט גע־זאָגט, אַז זיין שפּראַך איז אַ ביאָלאָגישע. יעדעס וואָרט פאַר זיך געפינט זיך נאָך אין עמבריאָנאַלן צושטאַנד (אַפילו גאַנצע זאַצן זענען ביי אים טייל מאָל עמבריאָנאַלע), קערנער, וואָס גייען ערשט אויף אין דער שוואַרץ־ערד פון געפאָרעמטן בילד. טייל מאָל קאָנטראַסטירט ער ווערטער, בכדי אַרויסצורופן, אַרויסצוהויבן דעם געפיל־צושטאַנד. למשל: „איבער זיין

פּנים האָט זיך איבערגעגליטשט אַ האַרטע, ווייכע, קאַלטע, וואַרעמע זאַך, דאָס איז געווען אַ גלעט פון אַ שטאַרבנדיקן טאַטן" („גאָדל ווערט אַ יתום" פון „סטאַוקע־געסל"). קאַגאַנאָווסקי איז דאָ אַליין נישט געווען זיכער אין זיין וואָרטמיטל, און דעריבער צוגעגעבן אַ קאָמענטאַר („דאָס איז געווען אַ גלעט פון אַ שטאַרבנדיקן טאַטן"). די קאָנדענסירטע שפּראַך ביי קאַגאַנאָווסקין, די געפּרעסטקייט אירע, שטעלט ווידער אַוועק דאָס אַלטע פּראָבלעם, די אַלטע פראַגע: וואָס איז אייגנטלעך אינעם געשריבע־נעם ווערק דאָס וויכטיקסטע: דאָס געזאָגטע, צי דאָס נישט דערזאָגטע?



ביי קאַגאַנאָווסקין איז נישט דער עיקר די פּוענטע, ווי למשל, ביי טשעכאָוון, אונטער וועמענס איינפלוס מען האַלט, אַז קאַגאַנאָווסקי געפינט זיך. פּוענטע איז אָפט מאָל אַן איבערראַשונג, אַ פּלוצלונג געשעעניש, וואָס קערט אום אונדזערע ביז איצטיקע פאָרויסזעונגען וועגן דעם לויף אין סוף פון דער געשעעניש, צי אין אונדזער מיינונג און אין דער אָפּשאַצונג פונעם העלד. קאַגאַנאָווסקי יאָגט זיך נישט נאָך דער פּוענטע. ער איז דער דיכטער פון סך־הכּלען. די סך־הכּלען, וואָס פירן אַוועק אין טרויעריקן אומבאַקאַנטן, אומבאַוווּסטן. סך־הכּל — דאָס איז ביי קאַגאַנאָווסקין דאָס גורל־פּראָבלעם.

פאַר וואָס איז פוליע, דער געזונטער, ברייט־בייניקער יונג, וועמען עס גייט גוט, און נעמט די שענסטע מויד פון „פאַרן אייזערנעם טויער" פאַר אַ ווייב, פאַר וואָס, פרעגט איר, ווערט ער בלינד? („דער בלינדער פוליע"). פאַר וואָס גייט דעם ערלעכן בערישן אונטער זיין וועלט, זיין לעבן? („ביי מעבל"). פאַר וואָס דערזעט נישט די קוזינע דאָס גרויסע געפיל, וואָס דער יונגערמאַן האָט פאַר איר? („אַ קרובה"), פאַר וואָס מוז מען דאָס אַדורכלעבן אַזאַ שיינע נאַכט, זי זאָל זיך שוין מער קיין מאָל נישט איבער־חזרן? („אַ לעבעדיקן גרוס"). דאָס זענען טראַגישע פראַגן, וואָס בינדן אָן אין דער גרויסער ליטעראַטור מיט איר אייביקן גורל־פּראָבלעם, וואָס הייבט זיך אָן אין גליקלעכן, האַרמאָנישן גריכנלאַנד, ווו געטער מיט מענ־טשן זענען זיך נאָענט, אָבער, ווו דער גורל פונעם איינצלנעם מענטש, זיין שיקזאַל איז אַן אומפאַרענדערלעכער, אויף אייביק אַ געחתמעטער. דאָס איז דער גרויסער הומאַניזם, וואָס פאַרשטייט, אַז אין אוצר פון פעלקער און קלאַסן איז פאַרט דער עיקר דער גורל פונעם יחיד.

קאַגאַנאָווסקי איז נישט קיין פּעסימיסט, ווי טייל מיינען. פּעסימיזם באַדייט: ס׳איז נישט ווערט, ס׳לוינט נישט. קאַגאַנאָווסקי, פאַרקערט, האַלט, אַז עס לוינט. עס לוינט שטאַרק, ס׳איז בפּירוש ווערט. מ׳קאָן נישט זיין קיין הומאַניסט און איינצייטיק אַ פּעסימיסט. קאַגאַנאָווסקי האָט ליב דעם מענטש, איז פּשוט אין אים פאַרליבט און וויל אים גערן אַוועקשענקען זיין חכמה, זיין פּקחות, אַז דער מענטש זאָל זיך ווי עס איז אַרויסבאַקומען פון די הענט פון זיין גורל.

✶

טשעכאָוו זוכט די פּוענטע. אין אַ בריוו צו שטשעדרין־סאַלטיקאָוון קלאָגט ער זיך, ער זאָגט: „ניע דאַיוטסיאַ פּאַדליע קאָנצי״. טשעכאָוו זוכט די פּוענטע, ווייל ער איז אַ פּאַטעטיקער. און אַ פּאַטעטיקער איז ער נישט דערפאַר, ווייל אַזוי איז ער בעצם, אַזאַ איז זיין טאַלאַנט, נאָר ווייל ער איז דורכגעדרונגען, אָנגעשטעקט מיט מאָראַלישן פּאַטאָס פון דער רוסי־שער נשמה. קאַגאַנאָווסקי איז ווייט פון פּאַטאָס. זיינע האַלבע טענער זענען אָנגעזאַפּט מיט מיטגעפיל צו די צערונענע מענטשלעכע אילוזיעס. ער איז דער גרויסער מיטפּילער. טשעכאָוו אין זיינע קלענערע זאַכן כאַפּט אויף דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר אַ גאַנצן קלאַס, פאַר אַ שיכט און באַווייזט זיי מיט עטלעכע שטריכן אין זייער גאַנצער לעכערלעכער נאַקעטקייט. קאַגאַנאָווסקי כאַפּט אויף דאָס אייגנאַרטיקע פאַר די יחידים פון אַ קלאַס, שיכט, צי פאָלק — און פילט מיט זיי מיט. אַפילו אין אַזאַ נאָוועלע ווי „אַ שיקסע״, גייט אים נישט אַזוי אינעם אָפּחוזקן פון דעם סנאָביזם פון געוויסע יידישע האַלב־אינטעליגענטן, ווי אין דער צעשטערטער אילוזיע וועגן מענטשן און פעלקער־פריינדשאַפט. חוזק האָט קאַגאַנאָווסקי נאָר פאַר בולטע סימנים פון נאַציאָנאַלער דעגענעראַציע.

קאַגאַנאָווסקי וועט אין זיינע גרויסע זאַכן, וואָס ער פאַרטראַכט איצט און וואָס געפינען זיך שוין אויף זיין קינסטלערישן וואַרשטאַט, מוזן, טראַץ דעם ווי ער מיינט, אַז עס וועט אים געלינגען ווייטער צוצוגיין צו די גרויסע געשעענישן פון דער זייט, פון אַ קליינעם אָפּשניט, **פון אַ פּערי־פּעריע**, וועט ער מוזן, חזר איך איבער, אָנשלאָגן אינעם פּאַטאָס, ווייל ער וועט מוזן געבן אַ מאָראַלישן סינטעז פון זיין אומגעבראַכט פאָלק.

✶

קאַגאַנאָווסקי איז נישט בלויז שרייבער, נאָר אויך מאָלער (כאָטש נישט פּראָפעסיאָנעל) און מסתּמא איז ער בלויז פון פאַרנאַכלעסיקונג נישט קיין מוזיקער. אינטערעסאַנט זענען זיינע ביאָלאָגישע פאַראינטערעסירונגען. אַ טייל זיינע צייכענונגען (דער עיקר: די פּנימער) וואָלט איך אויך באַצייכנט אַלס ביאָלאָגישע. זיין ביאָלאָגיש וויסן און זיינע אַרויסזאָגונגען זענען ריין אינטואיִטיווע. זיי זענען פונעם זעלבן מקור, פון כּסדרדיקן זוכן די סך־הכּלען, פון זוכן דעם סוד, דעם פאַרקירצטן וועג, וואָס וועט דערלויבן אויפ־לייזן אַ סך נישט רייף געוואָרענע, נישט אַנטוויקלטע פּאָרמען.

ווען קאַגאַנאָווסקי וואָלט פאַרצייכנט אַלע זיינע אַרויסזאָגונגען און דע־פיניציעס וועגן קונסט, אַלע זיינע דערטראַכטונגען אין די און אין אַנדערע וועלט־ און מענטש־פּראָבלעמען, וואָלטן מיר געהאַט אַ ביז גאָר אינטע־רעסאַנט ווערק, וואָס וואָלט אונדז דערלויבט מיט מער ליכט זיך אַרומ־בלאָנקען אין דעם קינסטלערס נשמה־לאַבירינט. קאַגאַנאָווסקי איז אַ קינסט־לער בעצם, ער הערט קיין איין מינוט עס נישט אויף צו זיין. ער איז פון דער ערשטער מינוט פון זיין שאַפן מיט דער קונסט פאַרבונדן אויף אייביק און, ווי ביי אַן אמתן קינסטלער, וואָלט אים דאָס לעבן אָן דעם נישט ניחא געווען.



קאַגאַנאָווסקי מאָלט דעם מיטלשטאַנד, דעם גרויס־שטאָטישן. נישט אַלע שיכטן זיינע, נאָר געוויסע. רייכערע שטובן מיט אַ שימער פון קולטור, אָפּגעקומענע גבירישע הייזער, סוחרים, געוועלבער. ער מאָלט אויך דאָס פּראָסטע פאָלק, עמך, און דערגייט צו די פּעריפעריעס פון דער אונטער־וועלט. אָבער אַפילו די העלדן זיינע פון דער אונטערוועלט כאַפּן נישט איבער די מאָס, האָבן אַלע גוטע רעפלעקסן. ס׳ציט זיי צו אַ מאָראַלישער ריינקייט.

מ׳דאַרף געדענקען, אַז מיטלשטאַנד הייסט נישט ביי יידן קלאַס, נאָר פאָלק, נאַציע. דעריבער, אַז אַ שרייבער דרינגט אַריין און שילדערט די פּסיכיק פון יידישן מיטלשטאַנד, פון זיינע עיקרדיקע פאָרשטייער, גיט ער במילא אַ שטיק סינטעז פונעם יידישן פאָלק.

קאַגאַנאָווסקי האָט וועגן חורבן פון זיין וועלט, פון זיין פאָלק, ווייניק פאַרעפנטלעכט. ער זאָגט אין אַ געשפּרעך מיט מיר אָן ערך אַזוי: פאַר וואָס דאַרף מיין פּנים רויט ווערן פאַר חרפּה, ווען כ׳הער דעם שטאָמלדיקן גע־

פילדער, דאָס גרילצנדיקע געשריי אין נאָמען פון אומגעבראַכטן פאָלק. דאָס פאָלק אַליין שווייגט פאַרשעמט, ווי אַ געשענדעטע פרוי. דאָס פאָלק האָט נאָך גאָרנישט וועגן דעם געשעענעם געזאָגט און ווער וואָגט אַזוי אין זיין נאָמען צו רעדן. דאָ זעען מיר דאָס גרויסע אַחריות־געפיל פונעם אמתן קינסטלער. ער וועט קיין מאָל נישט רעדן פריִער, איידער דאָס פאָלק רעדט. ער וועט קיין מאָל נישט רעדן העכער און דער עיקר קיין מאָל נישט רעדן מער.

קאַגאַנאָווסקי האָט זיך אין זיינע לעצטע אַרבעטן, אין זיינע אַרטיקלען איבער ליטעראַטור־ און טעאַטער־פּראָבלעמען געשטעלט — אין קאַמף פאַר אַ געהויבענערן קלאַס — פאַר אַ מער געלייטערטער ספערע אין אונדזער יידישער וועלט פון קונסט. ער האַלט, אַז מיר וואָלטן אפשר באַדאַרפן אויס־נוצן די טרויעריק־גרויזאַמע אַמפּוטאַציע פון אונדזערע גייסטיקע פּאַטענצן און אָפּשוימען דאָס, וואָס איז אונדז נישט עלול צו פירן העכער. פאַרשטייט זיך, אַז ווען מ׳האַלט אונטער די בלוטיקע צויטן פון דעם נאַר־וואָס אָפּגע־האַקטן קערפּערטייל, זעען אַזעלכע ווערטער אויס צו זיין ברוטאַל. אָבער ווער ס׳ווייסט וויפל גוטסקייט, הומאַנישקייט ס׳ליגט אינעם מעסער פון אַן ערלעכן כירורג, דער וועט אויך פאַרשטיין און פילן די זאָרג פון אַ קינסט־לער פאַר אַן אָפּגערייניקטן וועג, וואָס דאַרף אונדז אַלעמען פירן העכער — און דער עיקר אים, ווען ער שטעלט זיינע סאַמע רייפסטע טריט אויף זיין באַרג־אַרויף.

„קיום“

# די עלעגיע פון פֿאַרגענגלעכקייט

אפרים קאַגאַנאָווסקי, „שריפטן". יובליי־אויסגאַבע.
הילע און צייכענונגען: אפרים קאַגאַנאָווסקי,
פּאַריז, 1951.

אָפּט, אַפילו גאַנץ אָפּט, טרעפט מען אין קאַגאַנאָווסקיס נאָוועלן דאָס וואָרט „אַמאָל". „אַמאָל אין יענע יאָרן אין דעם אַמאָליקן יידישן וואַרשע"... „אַמאָל אין יענע צייטן"... דאָס איז אָבער נישט דער „אַמאָל", צו וועלכן מיר האָבן זיך די לעצטע צייטן שוין ווי צוגעוווינט. דאָס מיינט נישט דאָס שאַרפע מעסער, וואָס האָט מיט אַ מאָל פאַרשניטן דאָס לעבן פון זעקס מיליאָן נפשות מיט זייערע פֿאַרשידענע און אייגנאַרטיקע לעבן־שטייגערס און זיי איבערגעטראָגן אין „אַמאָל". דאָס איז נישט דער „אַמאָל" וואָס איז מיט אַ מאָל געוואָרן פונעם שטויב און אַש פון היינט. קאַגאַנאָווסקיס „אַמאָל" איז פון אומעטום, פון שטענדיק און פון אייביק. דאָס איז אַ טאָן פון אַ גרויסער עלעגיע, די עלעגיע פון פֿאַרגענגלעכקייט, וואָס איר שאַרפסטער (אָבער נישט העכסטער) אַקאָרד איז גורל, בלינדער פאַטאַליזם.

נישט אין אויסטערלישע סיטואַציעס, נאָר אויפן ברייטן, פֿאַרביקן און עכטן פאָן פון אַמאָליקן יידישן וואַרשע מיט די פעריפעריעס, האָט דער מחבר געשפונען די עלעגיע פון מענטשלעכער פֿאַרגענגלעכקייט און די פֿאַרגענגלעכקייט פון מענטשלעכע זאַכן. זאַכן וואָס זענען געוואָרן טיילן פון מענטש, פון זיין זיין, פון זיין לעבן. אַלץ פאַרגייט, אַלץ דערנענטערט זיך צום פאַרגיין. אַ מאָל איז עס אַ פאַמעלעך פאַרגיין, דאָס דערנענטערן זיך מיט דריבנע, מידע און אַלטע טריט צו אַ לאַנגן און פול מיט שרעקן וועג, (ווי למשל, אין די נאָוועלן: אַלטע יידן, די באָבעשי פון פראַגע א"אַנד). אַ מאָל איז עס ווידער אַ ראַש פאַרגיין, דאָס פאַרגיין פון אַ מענטש וועמענס בייזער גורל, אין דער פאָרעם פון אַ שווערער קרענק, וואָס פירט אומפאַרמיידלעך צום אונטערגאַנג, האָט זיך געשטעלט צוקאָפּנס, (למשל, ווי אין די נאָוועלן: מאַניעק און פעסעלע; אסתר ליבע; די ווייסע לאה). אַ

מאָל הייבט גאָר קאַגאַנאָווסקי אָן אַ נאָוועלע מיטן אַוועקגיין פון העלדס אַ נאָענטן מענטש, אַ טאַטע צי אַ מאַמע. אַזוי הייבט זיך אָן גאָדל בעקערס באַוווּסטזיניק לעבן ווי אַ יחיד — מיטן טויט פון זיין טאַטן (גאָדל בעקער). ראַשקעס הפקרדיקע יתומישקייט, פון וועלכער ס׳געניסט דאָס גאַנצע געסל, הייבט זיך אָן מיטן טויט פון איר מאַמען (ראַשקע). ביי קאַגאַנאָווסקין זענען כּמעט נישט פאַראַן קיין „גליקלעכע העלדן״. ס׳זענען ביי אים דאָ גליקלעכע צופאַלן, צופאַלן אין וועלכע דער העלד פילט זיך צייטנווייז גליקלעך. ווייל בלויז דער צופאַל, וואָס איז נישט איינגעקלאַמערט אין סיסטעם פון גורל, בלויז דער צופאַל איז פריי, און נאָר פרייהייט ברענגט פרייד, ברענגט אַ מאָל גליק (כאָטש אילוזאָריש). יעדע אָרגאַניזירטע גאַנצ־קייט, איטלעכע משפּחה, למשל, זעט דער מחבר אַריינגעפּרעסט אין אַ ראַם פון אַן אייגענעם גורל, וואָס איז אפשר דער גורל פון אַ סך, אָבער ווערט אין יעדן פאַל דאָמינירט פון אָן אַ שיעור אייגענע ביי־מאָטיוון. דאַקעגן, אַלץ וואָס איז צופאַל האָט פאַר אים אין זיך דעם רייץ, אויב נישט פון קעגנשטעלן זיך דעם גורל, איז כאָטש פון אויסמיידן דעם גורל. נעמט, למשל, די נאָוועלע אַ קלאַפּ אין דער וואַנט. צוליב אַ טעות קלאַפּט אַ בחור אָן אין אַ פרעמדער וואַנט, ווערט אַריינגעלאָזט אין אַ פרעמדער שטוב, וואַרט אויף אַ פרעמד מיידל, וואָס טראָגט על־פּי צופאַל דעם זעלביקן נאָמען, ווי דאָס מיידל צו וועלכער ער האָט זיך, נאָך אירס אַ לענגערער אָפּוועזנהייט, געקליבן. דער מחבר זעט נישט אין דעם פאַל קיין סיבה פאַר קאָנסטערנאַציע, לויט אים פאָדערט זיך דאָ גאָרנישט קיין שום אויפ־קלערונג, פאַרקערט, זיין העלד פילט זיך, אין דער משונהדיקער סיטואַציע, אויסגעצייכנט, ער פילט זיך אַפילו גליקלעך, ער בלייבט שוין אַ סטאַלער אַרויפגייער צו דעם מיידל. דער מחבר לאָזט זיין העלד גערן געניסן פון צופאַל, ווייל ער זעט אין דעם — „קאַמף״ מיטן גורל.

אַ וווּנדערלעכע קאַנווע האָט דעם מחבר געדינט אויף אויסצוּוועבן אויף איר זיין קינסטלעריש געמיט. דער אַמאָליקער יידיש־פּוילישער מיטלשטאַנד מיט זיין קרוכעקייט, ווו אַפילו ווילשטאַנד האָט נאָר ווי אַ בליץ באַלויכטן דאָס שוין אויף אַ לאַנגן „שפּעטער״ גראָ געוואָרענע לעבן — איז געווען אויסערגעוויינטלעך גוט צוגעפּאַסט צו דער עלעגיע פון פאַרגענגלעכקייט. ווייל טאַקע פון אים, פון דעם יידישן לעבן, פון דער נאָענטקייט מיט אים, פון דער אינטימקייט מיט אים, איז געגאַנגען אַ ווידערקלאַנג און אפשר גאָר אַן איבערקלאַנג פון דער עלעגיע, וועלכע דער קינסטלער טראָגט אין זיך.

קאַגאַנאָווסקי מאָלט נישט דעם אַבסאָלוטן אָרעמאַן (דעם בעטלער, שנאָרער, שלעפּער), דעם וואָס האָט שוין גאָרנישט. זיינע אָרעמע מענטשן האָבן שטענדיק עפּעס. זיי האָבן זאַכן, מעג זיין אַלטע, צעבראָכענע, אָבער דאָך זאַכן, צו וועלכע זיי זענען צוגעבונדן מיט אַן אינסטינקטיווער צוגע־בונדנקייט. זיינע אָרעמע מענטשן זענען באַהערשט פון אַ געוואַלדיקן ווילן צו פאַרמאָגן עפּעס אייגנס. אין דער גורל־קאָנסטעלאַציע, אין וועלכער דער קינסטלער האָט איינגערעמט זיינע העלדן, קאָן דער מענטש נישט זיין אַליין. דער מענטש מוז זיין פון עמעצן אָדער פון עפּעס אָפּהענגיק, ווייל גורל איז — אָפּהענגיקייט. דער מענטש מוז צו עמעצן, אָדער פון עמעצן, אָדער גאָר פון עפּעס, צי צו עפּעס באַלאַנגען. אויב דער מענטש האָט שוין טאַקע ממש גאָרנישט (ווי למשל, גאָדל בעקער, צי ראַשקע די יתומה), דעמאָלט געהערט ער אַליין צו עמעצן, ווערט ער אַליין עמעצנס; גאָדל בעקער געהערט דער בעקעריי און ראַשקע די יתומה ווערט דאָס „אייגנטום" פון גאַנצן געסל.

די טרעגערס, פורמאַנעס, פּאַסערס, וועלכע דער מחבר שילדערט און אין וועמענס ברייטקייט ס׳פּילט זיך אַ האַלב פאַרבאָרגן געניסן פון הפקר — פאַלן סוף־כל־סוף אונטער דער שווערער משׂא פון זייער גורל. אַ מאָל איז עס אַ גורל אַ פּלוצעמדיקער, אַ צעשטערערישער (דער בלינדער פּוליע) און טייל מאָל איז עס עפּעס ווי אַ הייליקייט, וואָס האָט אין די מענטשן געדרימלט און פּלוצעם אָנגעהויבן אין זיי קרייזן און פאַר וועלכן זיי שרעקן זיך, ווייל זיי ווייסן נישט פון וואַנען דאָס נעמט זיך צו זיי און פאַר וואָס געשעט עס אַזוי מיט זיי (למשל, מיילעכל קילקע).

דאָס גורל־פּראָבלעם, וואָס איז דער גרונטמאָטיוו און הויפּטמאָטאָר פון קאַגאַנאָווסקיס שאַפן, זיין פאַרשטיין און פילן גורל, זיין קענען דאָס פּראָבלעם קינסטלעריש פאַרפּיקסירן — שטעלט אים אַוועק אין די רייען פון די גרויסע, נישט נאָר יידישע מייסטערס פון וואָרט. זייענדיק דורך און דורך אַ יידישער שרייבער, פאַרמאָגנדיק, אַלס מענטש, אַן אייגן, פאַר אים נאָר כאַראַקטעריסטיש קינסטלעריש געמיט, איז ער דערביי איינער פון דער גרויסער פּלעיאַדע עכטע און אמתע קינסטלער, וואָס זייער בשותּפותדיקער וועג איז נאָך אָנגעצייכנט געוואָרן אין די ששת ימי בראשית. דער וועג איז פאַרמירן פון תוהו ובוהו, פון פאַקטן און געשעענישן, פון איבערלע־בונגען און פילונגען אַ וועלט אַן אייגענע (כאָטש זי זעט אַזוי אויס צו זיין יעדן איינעמס), שאַפן אַ וועלט אַ קינסטלעריש באַגרונטיקטע, כאָטש זי זעט אויס צו זיין געבויט פון בלויזע צופעליקייטן, שאַפן אַ וועלט אַ קינסט־

לעריש־דויערנדיקע, כאָטש אין איר הערן זיך די טריט און די ווערבל־קלאַנגען פון דער עלעגיע פון פאַרגענגלעכקייט.

קאַגאַנאָווסקי איז אין זיין פאַרפיקסירן קונסט אַ רעאַליסט, כאָטש אין זיינע שטימונגען איז ער אָפט אַן אימפּרעסיאָניסט. זיין אַ רעאַליסט הייסט: מאָלן אַ זאַך פון אַזאַ זייט, פון וועלכער זי זאָל צום בעסטן און צום גענויסטן געזען ווערן, נישט באַנוצנדיק זיך דערביי מיט אַ נאַטוראַליסטישן מעטאָד פון גענויקייט. זיין אַ רעאַליסט הייסט אייגנטלעך זיין אַ נאַטוראַליסט אויף אַ סימבאָליסטישן אופן. נישט בחינם איז ערשט דעם רעאַליזם באַשערט געווען אויסצוגלייכן די מערכה פון פּאָעזיע און פּראָזע.

קאַגאַנאָווסקיס רעאַליזם איז אַ לירישער. עפּעס אַ שטילע, יידישע גוטסקייט גייט ביי קאַגאַנאָווסקין אויף. ער קען גוט זיינע מענטשן, ער ווייס זייער גורל, ער פילט זיי און ער פילט מיט זיי מיט. זיינע אָרעמע מענטשן זענען שטאָלץ. זיי וועקן נישט קיין רחמנות, ד. ה. דער מחבר טוט גאָרנישט בכדי אַרויסצורופן אונדזער מיטגעפיל צו זיי. אָבער די אַטמאָספער, וואָס ער שאַפט אַרום זיי איז אַזאַ, אַז מיר פילן מיט זיי במילא מיט.

ווען מיר טרעפן זיך ווידער צונויף מיט דער קינסטלערישער פּרעציז־קייט פון, למשל, קאַגאַנאָווסקיס נאָוועלעס סטאַווקע־געסל, קאָנען מיר נישט אויפהערן צו באַוווּנדערן זיין מאָלעריש אויג. מיט איין קליינעם, קוים־מערקעוודיקן שטריך קאָן ער אַרויסהייבן אַ שטומע שטימונג וואָס זאָל פאַרכאַפּן דעם אָטעם. און דאָ מוזן מיר ווידער קומען צו דער אַלטער מסקנה, אַז עכטקייט איז דער יסוד פון קונסט. עכטקייט הייסט נישט קאָפּירן גענוי דאָס געזעענע. גענוי איז נישט עכט, נאָר פּינקטלעך, — און פּינקט־לעכקייט איז נישט עכטקייט. פּונקט ווי פּעדאַנטעריע איז נישט דאָס זעלבע וואָס ערלעכקייט. עכטקייט מיינט, אין אָ דעם פאַל, דערזען דאָס, וואָס מוז אומבאַדינגט דערזען ווערן (דאָס איז די דורכויסיקע פּריווילעגיע פון קינסט־לער), פּונקט ווי עכטקייט (אין געוויינטלעכן זינען) הייסט טאָן דאָס, וואָס מוז אומבאַדינגט געטאָן ווערן, האַנדלען אַזוי ווי עס מוז געהאַנדלט ווערן (דאָס איז דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו פון אַן עטישן מענטש). דער פרומער ייד גלייבט, אַז פון מענטש בלייבט אַביינדל, און פון אים וועט ער לעתיד לבוא אויפשטיין תּחית־המתים. דער קינסטלער ווייס דעם סוד פון דעם ביינדל, ער ווייס וואָס איבערצולאָזן פון דעם איצט לעבעדיקן, פון דעם איצט געזעענעם, אַז נישט נאָר דאָס בילד צי די שטימונג זאָל

קאָנען אויפשטיין תּחית־המתים, נאָר אַז עס זאָל באַלד נישט שטאַרבן, עס זאָל זיין אייביק.

קאַגאַנאָווסקי ווייס דעם סוד פון פאָרמירן קונסט. די וועלט פון קונסט איז אייגנטלעך די זעלביקע וואָס די אַזוי גערופענע פשוטע וועלט. נאָר אין איר (אין דער וועלט פון קונסט), אין דעם וואָס האָט אַפילו נאָר אַ דריסת־הרגל אין דער וועלט פון קונסט — איז עפּעס פאַראַן אַן אומבאַדינגטקייט. ווער עס גלייבט נישט אין דער אומבאַדינגטקייט, דער גלייבט נישט אין קונסט, פאַר דעם איז קונסט אַן איבעריקע זאַך, אין בעסטן פאַל, אַ נעבן זאַך. פאַר אַן אמתן קינסטלער האָט נאָר דאָס אין דער פשוטער וועלט אַ זינען, וואָס אין דער וועלט פון קונסט איז אומבאַדינגט. פון דעם דאָ־זיקן באַוווסטזיין פון אומבאַדינגטקייט נעמט זיך דעם קינסטלערס קאַרג־שאַפט, וואָס איז איינצייטיק דער קונסטס רייכקייט.



ווען קאַגאַנאָווסקי מאָלט אַ סינטעטיש בילד פון אַ יידישן הויף (אַ יידישער הויף), ווען ער גיט אַ בילד פון אַ יידיש הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ גאַס ווו „אַלע הייזער... געהערן צום אַלטן וואַרשעווער, חסידישן ייחוס, און אַלע דירות זענען פאַרדונגען געוואָרן נאָך ביים ׳אַלטן רבין׳, ווו אין די געשעפטן, אין די ׳קאַנטאָרן׳ זיצן יידן אין די יאַרמלקעס און עס גייט אַרום דער ריח פון ציגאַרן, פון איידעלע יידישע בשׂמים און ספרים״, דעמאָלט צעגייט ער זיך אין ריינעם ליריזם. כאָטש דער הויף איז אויך אַ יורד, מען פראַוועט שוין נישט קיין גרויסע חתונות, אין די קיכן זיצן גוייִשע דינסטן, דער אַלטער רבי איז שוין נישטאָ, די טעכטער פירן ליבעס אויף פויליש, לייענען גוייִשע ביכלעך, איז עס אָבער נישט קיין פערזענ־לעכע ירידה, נאָר אַ ירידה פון אַ סטיל, פון אַ לעבנס־שטייגער. אַלע באַ־וויינען דעם צעבראָכענעם סטיל, דעם פאַרוואָרפענעם שטייגער. אַפילו דער אַלטער סטרוזש, יוזעף, באַוויינט די אַוועקגעגאַנגענע צייטן, „אַנדערע צייטן... אַנדערע חסידים... — זאָגט דער אַלטער יוזעף. — אָ יעזו... יעזו...״ אַלע באַוויינען דעם אַלטן שטייגער, ווייל די ירידה פון דעם אַלטן סטיל האָט נישט אָנגעזאָגט קיינעמס אויפשטייג, ווייל דער נייער שטייגער האָט נישט געפירט צו זיך, נאָר אין דער פרעמד, און פרעמדער גורל איז צו מאָל קיין גורל נישט, ער איז כאַאָס, ער איז תּהום.

פון צוויי טיילן באַשטייט דאָס בוך שריפטן פון אפרים קאַגאַנאָווסקי. דער ערשטער טייל הייסט: וואַרשע און דער צווייטער: סטאַווקע־געסל, ובכן ווידער וואַרשע נאָר גאָר אַן אַנדערע. היינט זענען שוין בײדע וואַר־שעס גלייך, ביידע זענען גלייך נישטאָ.

און דאָך וועלן ביידע וואַרשעס בלייבן צוויי באַזונדערע ישן. אַזוי האָט זיי געזען דער קינסטלער, אַזוי האָט ער זיי געמאָלן — און אויף ווי לאַנג זיין בילד, זיין באַשרייבונג וועט בלייבן, אַזוי לאַנג וועלן ביידע וואַרשעס לעבן אין דער קונסט מיט צוויי באַזונדערע לעבנס.

דער טייל וואַרשע פון קאַגאַנאָווסקיס בוך איז דאָס רוב געווידמעט דעם יידישן מיטלשטאַנד. זייער ווילשטאַנד איז שוין דעמאָלט געהאַט אַוועק, דאָס דרויסנדיקע „באַפּוצעכץ״ פון זייער לעבן און פון זייער אַרום האָט שוין געהאַט אָפּגעבליאַקעוועט. ס׳איז געבליבן אַלטקייט, אָפּהענטיקייט און דאָס פּאַמעלעכע, אָבער אומפאַרמיידלעכע דערנעענטערן זיך צו אַ סוף.

און ווייל אַלע און אַלץ האָבן שוין דעמאָלט, ווען דער מחבר האָט זיינע געשטאַלטן און זאַכן געמאָלן, געלעבט מיט זכרונות פון אַמאָל, האָבן אַלע מענטשן און זאַכן פון אַמאָל געהאַט אין זיך און אויף זיך דעם חן פון אַלטמאָדישקייט. און ווייל אַלע און אַלץ האָבן שוין דעמאָלט, ווען דער מחבר האָט זיינע געשטאַלטן און זאַכן געמאָלן, געלעבט מיט זכרונות פון אַמאָל, איז דער „אַמאָל״ אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פון אַל דאָס שענסטע און בעסטע, כאָטש אין קאַגאַנאָווסקיס „אַמאָל״ (נישט אין דעם היינטיקן „אַמאָל״ פון נאָכן חורבן) איז אפשר דאָס שענסטע און דאָס בעסטע געווען נישט מער (און נישט ווייניקער) ווי יוגנט, יונגע יאָרן.

די שווערסטע פּראָבלעם איז פאַר קאַגאַנאָווסקין דער היינט (וועגן מאָרגן רעדט ער אין גאַנצן נישט, ס׳געהערט אפשר נישט צו דעם טיפ קינסטלער ווי ק. צו רעדן וועגן מאָרגן). דער „היינט״ איז די עקזעקוטיווע פון גורל, ער נעמט ביים האַלדז, ער פאָדערט און מען מוז אים שוין געבן אַ תּשובה. דערפאַר איז אַזוי גוט און ליב דער אַדורכגעקומענער היינט — דער נעכטן, וואָס איז „פריי״ פון היינט, „פריי״ פון שטעלן זיך פּנים־אל־פּנים מיטן גורל. מיט דער דאָזיקער שטעלונג זיינער איז קאַגאַנאָווסקי אַזוי ענלעך צו טשעכאָוון און אַזוי ווייט און גאָר להיפּוכדיק פון די עקזיס־טענציאַליסטן, וואָס האַלטן אַז פרייהייט באַשטייט אין פרייען באַוווסטזי־ניקן אויסקלייב און דער פרייער מענטש איז איינגעשטעלט נאָר אויפן עתיד.

אַנדערש ווי דער ערשטער טייל פון בוך (וואַרשע) איז דער צווייטער טייל זיינס (סטאַווקע־געסל). אויך דאָ טרעפט מען צוויי אַלטע, זיבעציק־

יאָריקע יידן, חברים פון די קינדער־יאָרן, זיצן און רעדן אַזוי: „דאָס איז געווען שוין גאָר לאַנג אין אַן אַנדער וואָרשע און אין אַן אַנדער געסל. גרויסע העלדן האָבן דעמאָלט דאָס געסל באַוווינט, גערימטע ׳שטאַרקע׳ און ׳ווילדע יונגען׳ האָבן דאָס געסל געפירט, און ווען דאָס געסל האָט זיך געשלאָגן מיטן ׳מקום׳, האָט די רוסישע פּאָליציי זיך קיין עצה נישט גע־קאָנט געבן״. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, זענען זיינע „געסל״־מענטשן פּולבלוטיק און פילפאַרביק געמאָלן. פון זיינע עמך־מענטשן, בעלי־מלא־כות, גאַסן־הענדלער, פורמאַנעס, וואָס האָבן געהאַט אייגענע פערד און וועגן, און שמייסערס, וואָס האָבן געטריבן פרעמדע פערד; פון זיינע פּאַסערס, גנבים, ווילדע יונגען, מענטשן, וואָס פלעגן נישט זעלטן „איבערהיפּערן״ גאָר „בכּבודיקע״ פּאַראַגראַפן פון שטראָפקאָדעקס, — פּילט זיך כּוח און זיכערקייט. זיי זענען באַשאַנקען מיטליידנשאַפטן און מיט אַן עקסקלוזיוו „אייגנאַרטיק״ געפיל פאַר יושר. דער קינסטלער באַצירט מיט גאָרנישט זיינע העלדן. פאַרקערט — ער טוט זיי אויס פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט געהאַלטן פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט פאַר איבעריק. ער האָט זיי נישט געגעבן קיין ספּעציעלע שליחותן אויסצופירן. אויב זיינע מענטשן זענען אָרעם, מאַכט ער נישט פון זייער נויט קיין טוגנט. זייער אָרעמקייט איז אַ געזונטע אָרעמקייט. נישט קיין אָפּגעקומענקייט פּילט זיך אין זיי, נאָר אַ „יוסטע״ אָרעמקייט. נישט קיין אָרעמקייט צוליב פאַרלירן, נאָר צוליב נישט־האָבן (אָבער קיין מאָל נישט — גאָרנישט האָבן, נישט אֶביוֹנישקייט). דערפאַר פילט זיך נישט אין קאַגאַנאָווסקיס אָרעמע מענטשן קיין אָפּהענ־טיקייט, קיין אָפּגעלאָזנקייט. זיינע אָרעמע מענטשן, און דער עיקר אָרעמ־קייט, ווערט נישט אידעאַליזירט, זיינע אָרעמע מענטשן זענען, אַזוי ווי זיי זענען געווען, לעבעדיק און פאַרביק. און אַפילו זייער גראָע פאַרב פון אָרעמקייט שטויסט נישט אָפּ, ווייל זי איז געמאָלן מיט געזונטע הענט, מיט אַ שטאַרקן שמיר. אַפילו זייער „אָרעמקייט־ריח״ איז דאָ נישט פריקרע. זיי זענען געווען, די דאָזיקע אַלע מענטשן, און דאָס איז גענוג. זיי זענען געווען, זיי האָבן געהאַט אַ שאַרפן שטריך, זיי האָבן געהאַט אַ פאַרב און דאָס איז גענוג, אַז זיי זאָלן מוזן בלייבן. דאָס איז גענוג, אַז דער קינסטלער זאָל זיי האָבן באַשאַנקען מיט אויסדערוויילטקייט, ער זאָל זיי האָבן אויס־געוויילט פאַר זיך, פאַר זיין קונסט. ווייל קיין שטריך און קיין פאַרב קאָנען נישט פאַרלוירן גיין, פּונקט ווי ביים באַשאַפן די וועלט יעדן טאָג פון דאָס ניי, קאָנען נישט פאַרפאַלן גיין די עלעמענטן פון דער ביז איצטיקער יצירה.

אַזוי באַנעמט קאַגאַנאָווסקי קונסט. אַזוי מאָלט ער זיינע העלדן, אַזוי

שילדערט ער זייערע איבערלעבונגען. און אַזוי ווערט אַ יידישע, פאַרשניטענע וועלט פאַרבלייבן אייביק. די קומענדיקע דורות וועלן דעם מחבר און זיינע העלדן פאַרשטיין. פאַרשטיין און פילן. ווייל קונסט שאַפט אָפּ די גרענעץ צווישן עבר און עתיד, צווישן די וואָס זענען געווען און די וואָס וועלן קומען; צווישן דעם, וואָס איז אומגעקומען און דעם, וואָס קומט און וועט אויפקומען.

„די גאָלדענע קייט“, נר׳ 12

# אפרים קאַגאַנאָווסקי

## (צו זיין ערשטער יאָרצייט)

נישט דערפאַר ווייל ער האָט געוואָלט זיין אַ קינסטלער, נישט פון פּער־זענלעכער אַמביציע, נישט דערפאַר ווייל ער האָט זיך איינגעעקשנט, אַז ער מוז זיין אַ קינסטלער — נאָר ווייל אַזוינער איז ער געבוירן געוואָרן, דערפאַר איז אפרים קאַגאַנאָווסקי געווען אַ קינסטלער.

ער איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ שאַרף קינסטלעריש אויג, מיט דער פעיִקייט פון אויפנעמען — קודם־כּל — פאָרמען, קאָלירן, גע־שטאַלטן. מיט אים איז געבוירן געוואָרן אַ מענטש, וואָס האָט געקוקט אויף דער וועלט מיט באַוווּנדערונג און פאַרוווּנדערונג.

עס וועט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן אַ פאַל, וועלכן קאַגאַנאָווסקיס פאָטער, אַליין אַ קינסטלערישע נאַטור, אַ וווּנדערבאַרער דערציילער און שמועסער, האָט איבערגעגעבן וועגן זיין זון, אפרים, ווען ער איז געווען גאָר אַ קינד, אַלט געווען דעמאָלט בסך־הכּל דריי יאָר און געווען אַ פּוליג־קער מיט אַ קיילעכיק פּנימל:

— אָט איין מאָל בין איך אַהיימגעקומען פון גאַס און געטראָפן דעם קליינעם פראָימל שטיין אַליין אין טויער מיט ברייט צעעפנטע אויגן און זייער אַ פאַרטראַכטן.

— פראָימל, האָב איך אים געפרעגט, פאַר וואָס שטייסטו אַליין און וואָס ביסטו דאָס אַזוי פאַרטראַכט?

— טאַטישי — האָט דער קליינער, דריי־יאָריקער פראָימל געענט־פערט, — סרוליק האָט אַף מאָ געזוגט, אַז כאָב אַ פּנים ווי אַ טעלאָ. (מיט אַ ווייכער למד — י. ה.)

און נאָך פערציק יאָר האָט דער אַלטער קאַגאַנאָווסקי נישט נאָר גע־דענקט צו דערציילן דעם עפּיזאָד, נאָר געוווּסט צוצוגעבן, אַז „אין קינדס פּנימל איז נישט געווען קענטיק קיין פאַרשעמונג. עס איז נישט געווען פאַרטרויערט, זיין קול איז נישט געווען פון אַ באַליידיקט קינד, עס איז נאָר געווען פול מיט פאַרוווּנדערונג, אַז אַ פּנים קאָן אויסזען „ווי אַ טעלאָ“.

דאָס איז געווען קאַגאַנאָווסקיס ערשטע אומבאַוווסטזיניק אויפגענומענע מעטאַפֿאָרע. עס איז אין אים פֿאַרזייט געוואָרן אַן אַנען וועגן די וווּנדערלעכע פֿאָרעם־פֿאַרבינדונגען, מיט וועלכע ער האָט אין יאָרן שפּעטער געשאַפֿן זיינע געשטאַלטן און די שטימונגען און די אַטמאָספֿער אַרום זיי.

✶

קאַגאַנאָווסקי האָט זיין טאַלאַנט נישט אויסגעווײנט, נישט אויסגעבעטלט. ער האָט זיין טאַלאַנט נישט באַקומען בנדבה. ער האָט אים באַקומען במתנה.

ער איז געווען אַ קינסטלער מבטן ומלידה, אַן אויסדערוויילטער פֿון דער קינסטלערישער השגחה.

און ווייל ער איז געווען אַן אויסדערוויילטער פֿון דער קינסטלערישער השגחה, האָט ער דאָרט, ווו אַנדערע האָבן געזען בלויז אָרעמקייט, אָפּגעלאָזנקייט, פֿאַרלוירנקייט, מיאוסקייט — דאָרט האָט ער געזען די זונענפֿלעקן וואָס האָבן זיך דורך די גרויע ווענט און טונקעלע שטובן אַריינגעריסן. ער האָט דאָרט, אין דעם אָרעמסטן פֿון די אָרעמע געסלעך, געזען דעם פֿאַרבן־שפּיל, די נישט אויסקאָמבינירטע קאָמבינאַציע פֿון שטריכן, וואָס דאָס איז דאָך דאָס עיקרדיקסטע אינעם קינסטלערישן עיקר.

ווי ביי יעדן אמתן קינסטלער, איז קאַגאַנאָווסקיס שאַפֿונג פֿול מיט עלעגיע. ער האָט באַשריבן דאָס לעבן פֿון „אַמאָל". ווען אַפֿילו דער „אַמאָל" איז ערשט געווען נעכטן.

ווי יעדער אמתער קינסטלער, האָט ער געזען די וועלט אַ פֿולע מיט נישט אויסגעלעבטע געפֿילן, מיט נישט פֿאַרווירקלעכטע האָפֿענונגען, מיט חלומות, וואָס זענען אַפֿילו נישט דערחלומט געוואָרן ביזן סוף.

אַפֿילו אין זיינע רייפֿסטע, לויט דער עלטער, יאָרן, אין פּאַריז, ווען ער בענטשט די פּראָנצויזישע אַרבעטער וואָס בויען אַ ניי הויז, ווען ער בענטשט די פּראַנצויזן „וואָס האָבן געאַרבעט פֿריילעך און די געשיקטקייט פֿון טויזנטער יאָרן האָט געשפּילט אין זייערע גלידער", אַפֿילו דעמאָלט, זענען זיינע סימפּאַטיעס מיט דער חורבה וואָס איז געשטאַנען אויף דעם אָרט, ווו מען האָט איצט אויפֿגעשטעלט דאָס נייע הויז. מיט דער חורבה אין וועלכער שיכּורע קלאָשאַרן זענען „אויסגעשלאָפֿן זייער לאַנגן הפֿקר־שלאָף", און נישט מיט דעם נייעם הויז, ווו „עס זיצן ביי ביוראָ־טישן הערן מיט גלאַנציקע פּליכן. אויסגעפּוצטע מענער און פֿרויען שווימען אין

דער נייקייט פון די ווענט ווי אין אַ טאַנץ, קונציק פאַרקעמטע מיידלקעפּ טראָגן זיך. פינגער מיט רויט־מאַניקירטע נעגל פּיקן אין די שרייב־מאַשי־נען. און נאָר אין אָוונט ווערט לײדיק און אַ טויטלעכער גלאַנץ אָן לעבן ווערט פאַרגליווערט ווי אַ רײכע מצבה״. און עס קומט דער אויספיר: „עס איז מיר פרעמד געוואָרן דאָס נייע הויז, (זע א. ק. „אַ נײַ הויז״).

אַזאַ איז דער גורל פון קינסטלער. דווקא דאָס נייע ביי אים אויסזען ווי אַ מצבה און דאָס „אַמאָליקע״ לעבט ביי אים מיט אַלע קאָלירן און זאַפּטן אַ דאַנק דעם קינסטלערישן אָטעם, וואָס ווערט דורכן קינסטלער אַריינגעהויכט אין זיין בילד. ווייל, מאָלט דער קינסטלער אַ בילד פון אַמאָל איז ער מחיה מתים (און דער וואָס קאָן נישט מחיה מתים זיין — דער איז קיין קינסטלער נישט). נאָך מער, דער קינסטלער מאַטערט זיך צו באַשאַפן די וועלט נאָך אַ מאָל, מיט זיינע אייגענע מיטלען, מיט זיינע אייגענע אופנים. ווען ער הייבט אויף און לעבט אויס אין זיין ווערק אַ נישט־אויס־געלעבט אין דער ווירקלעכקייט געפיל, איז ער אַ שותף צו גאָט, צו זיינע מעשׂי־בראשית. דאַקעגן די אַלע, וואָס רייסן זיך צו פּראָבלעמען און אַפילו צו בילדער פונעם היינטיקן טאָג, כאָטש זיי קאָנען זיין אינטערעסאַנט און שפּאַנענדיק, זענען אָבער די אַרט שאַפונגען שברי־כּלים, שטיקלעך פון אַ קיין מאָל נישט גאַנץ געוועזענער „גאַנצקייט״.



ער איז געווען, קאַגאַנאָווסקי, שפּילעוודיק, קאַפּריז. געצייכנט מיט דינע, נערוועזע שטריכן, געשפּונען זיינע שטימונגען מיט די סאַמע דינסטע פעדים. זיינע פאַרגלייכן זענען שטענדיק איבערצייגעוודיק. זיין הומאָר איז געווען אַ סובטעלער, כאָטש אַ שניידנדיקער.

ער איז געווען אַ שרייבער אַ חכם. געקענט גענוי דעם מעכאַניזם פון מענטשן און זאַכן. געבוירן אין אַן אָרעמער סביבה, כאָטש גאָרנישט ביי קיין אָרעמען טאַטן (דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך), האָט ער גאָרנישט גע־האַט אין זיך פון דער אָרעמער זשעדנעקייט. פאַרקערט, ער איז געווען אַ פּזרן. מיט אַ ברייטער האַנט האָט ער פונאַנדערגעוואָרפן זיינע אַלע מאָל אָריגינעלע, רייך אינטויִטיווע געדאַנקען וועגן קונסט. יעדע דורך אים דערציילטע ביים טיש געשיכטע — איז געווען אַ פאַרטיקער סיוזשעט פון אַ נאָוועלע, וועלכע ער האָט שוין קיין מאָל נישט אויפגעשריבן.

אין דער האַלב־בטלנישער, יידישער ליטעראַרישער סביבה, האָט מען זיין שפּילעוודיקייט, זיין קאַפּריזנעקייט אָנגענומען פאַר לייכטקייט, פאַר

עפּעס פון וואָס מען האָט הנאה, אָבער מען נעמט עס נישט ערנסט. מען האָט אים נישט נאָר קיין מאָל נישט דערשאָצט, נאָר מען האָט אים פּשוט נישט געשאָצט.

אין דער אמתן האָט זעלטן ווער פון די יידישע שרייבער זיך באַצויגן מיט אַזאַ שטרענגקייט צום קינסטלערישן וואָרט ווי קאַגאַנאָווסקי. זעלטן ווער האָט זיך באַצויגן מיט אַזוי פיל כּבוד (אָבער נישט מיט נאַרישער גרויסהאַלטעריי) צום שרייבערישן באַרוף, ווי ער.

ער איז געווען אַ פּאַר עקסעלאַנס אייראָפּעיִשער שרייבער. כאָטש ער האָט געשילדערט יידיש לעבן און יידישע מענטשן, זענען זיינע מיטלען געווען מאָדערנע, אָפט מאָל אימפּרעסיאָניסטישע.

זיין צוגאַנג צום שרייבן איז געווען אַ ריין קינסטלערישער. אַפילו זיין רעדן וועגן קונסט, זיינע געדאַנקען זענען געווען פול מיט גרויס־וועלטישן עספּרי, ווייט פון בטלנישער פּאָמפּעזקייט. ער האָט געשניטן מיט זיין שאַרפּ־זין, פאַרבליפט מיט זיין וויציקייט. ער האָט געהאַט אין זיך די לייכטקייט, וואָס אַ דאַנק איר קאָן מען פליִען הויך. און אָט די דאָזיקע לייכטקייט האָט מען אים פאָרגעוואָרפן, זי נישט פאַרשטאַנען, צי פּשוט נישט פאַרגונען.

זיין שטרענגע באַציִונג צום קינסטלערישן וואָרט האָט אים אָפט גע־שטעלט אין קאָנפליקט מיט מענטשן פון דער ליטעראַרישער סביבה. ווען קאַגאַנאָווסקי האָט דערגרייכט שרייבערישע גרויס־מייסטערשאַפט, איז גראָד געווען אַ צייט, ווען דורך פאַרשידענע הינטערטירן האָבן זיך אין דער יידישער ליטעראַטור אַריינבאַקומען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ קנאַפּן שייכות צו קונסט. די מערסטע פון זיי האָבן אויפגעשטעלט זייערע גע־צעלטן אויפן הפקר־שטח פון ליטעראַטור־קריטיק. קאַגאַנאָווסקי האָט זיינע שאַרפסטע וויצן, זיינע בייסיקע זאָגעכצן געצילט אין זייער ריכטונג. און די דאָזיקע האָבן אים דאָס קיין מאָל נישט מוחל געווען. מען האָט אים פּשוט פאַרשוויגן.

ער האָט אָבער געקענט זיין ווערט. ער איז געווען זיכער מיט זיך. האָט ער איבער די אַלע קליינלעכקייטן איבערגעשפּרייזט. זיי מבטל געווען. אָבער אַ ביטערניש איז פאַרבליבן.

איבער אַלע די קעפּ פון די קריטיקער, האָט ער געהאַט זיין גרויסע לייענערשאַפט אין דער גאַנצער יידישער וועלט, און דער עיקר אין פּוילן. ער איז געווען דער באַליבסטער און איינער פון די פּאָפּולערסטע שרייבער ביי אונדז, פּוילישע יידן. און ווען די פּוילישע יידן זענען אומגעקומען, איז ער געבליבן איינזאַם.

און דאָ ליגט די הויפּט־סיבה פון זיין פעלערהאַפטן טריט, וואָס ער איז לעצטנס געגאַנגען דאָרט, ווו מען האָט אים אַרויסגעוויזן וואַרעמקייט, ווו מען האָט אים געדרוקט, דאָרט, ווו עס איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען (צום באַדויערן) די גרעסטע צאָל יידישע לייענער.

גראָד איצט, צו קאַגאַנאָווסקיס ערשטער יאָרצייט, ווערט פּופציק יאָר זייט ער האָט פאַרעפנטלעכט זיינע ערשטע דערציילונגען. עס איז דעמאָלט געווען די בלי־צייט פון דער יידישער ליטעראַטור, כ׳וואָלט געזאָגט, אין סאַמע מיטן פרילינג אירן, ווען עס וואָלט שוין נישט געווען אַזוי באַנאַל.

דער ליטעראַרישער קאַלענדאַר איז נישט אַזוי ווי דער אַטמאָספע־רישער. אינעם ליטעראַרישן קאַלענדאַר איז דער זומער פאַרן פרילינג, אַזוי ביי אונדז יידן, ווי אין דער גאַנצער גרויסער נישט־יידישער וועלט. פריִער איז געווען דער רייפער קלאַסיציזם און ערשט דערנאָך דער ראָמאַנ־טישער פרילינג; פריִער דער איבערגערייפטער נאַטוראַליזם און ערשט דערנאָך דער פאַר־פרילינג פון נעאָ־ראָמאַנטיזם. פריִער זענען ביי אונדז געווען די קלוגע, רייפע מענדעלע מוכר־ספרים, שלום עליכם און העלפט פון י. ל. פּרצן. און ערשט דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די ראָמאַנטישע תקופה מיט פּרצס העכערע העלפט פון זיין שאַפונג.

כאָטש קאַגאַנאָווסקי האָט דעם „פרילינג״ מיטגעמאַכט בסך־הכל עטלע־כע יאָר, (די דאָזיקע תקופה האָט בכלל קורץ געדויערט), ווייל באַלד איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, באַלד נאָך דעם איז פּרץ אַוועק פון דער וועלט, און קאַגאַנאָווסקי איז דעמאָלט גענומען געוואָרן אין דער רוסי־שער אַרמיי און אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט, איז ער פון דעסטוועגן פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן אַ קינסטלער פון דעם דאָזיקן פרילינג. דאָס באַהעמישע וואָס דער נעאָ־ראָמאַנטיזם האָט געבראַכט מיט זיך, האָט אַפּנים אַנטשפּראָכן זיין כאַראַקטער און געמיט.

פון זיין היים האָט ער, אַ חוץ זיין טאַטנס באַהעמיש־קינסטלערישע נאַטור און דער שיינער מאַמעס נערוועזיטעט, גאָרנישט נישט אַרויסגע־טראָגן. די מינדעסטע דיסציפּלין נישט, וואָס זאָל אים באַוואָפענען אין האַרטן אומברחמנותדיקן לעבנסקאַמף. און ווען עס האָט אָפּגעשטורעמט „די כאַליאַסטרע״ און אַלע אַנדערע ליטעראַריש־מאָדערניסטישע קאַטעגאָריעס, און דער עולם שרייבער האָט גענומען יעדער באַזונדער, זיך איינגראָבן אין די פּאָזיציעס פון דער טאָג־טעגלעכער ליטעראַרישער אַרבעט און בכבודיקע פאַרדינסטן, איז ער געבליבן אַ דרויסיקער, אַ פרעמדער צו דעם אַלעם. נישט נאָר האָט אים קיינער אין דעם נישט צוגעהאָלפן, נישט נאָר האָט

אים קיינער צו דעם נישט סטימולירט, נאָר פאַרקערט, מען האָט אים אָפּ־געראַדט, מען האָט געזאָגט: „קאַגאַנאָווסקי, עס איז נישט פאַר אייך" און אים גוטברודעריש צוגעווונקען. מען האָט אים איינגערעדט, אַז ער דאַרף בלייבן דער פרייער קינסטלער, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אים ער זאָל רעדן וועגן געלט, וועגן אַ בכּבֿודיקער גאַזשע, וועגן רעצענזיעס אַוודאי נישט, און אים דאַרף נישט אַרן וואָס די פּרעמיע פאַר אַ וואַרשעווער שרייבער באַ־קומט נישט ער, דער בעסטער וואַרשעווער שרייבער וועגן וואַרשע.

ער האָט טאַקע נישט גערעדט. אָבער נישט דערפאַר ווייל ער האָט גע־גלויבט אַז אַזוי דאַרף עס זיין. ביי זיין גאַנצער אָפּט מאָל קינדישער אומ־באַהאָלפנקייט, איז ער געווען שאַרף און דורכדרינגלעך און געקענט אויס־בינדן דעם מעכאַניזם פון מענטשלעכע און קליינמענטשלעכע האַנדלונגען. נאָר ער האָט געשוויגן, ווייל זיין קינסטלערישער אַריסטאָקראַטיזם האָט אים נישט דערלויבט וועגן דעם צו רעדן, ווייל ער האָט זיך געעקלט דערפון.

ער איז קינסטלעריש געוואַקסן. עס זענען דעמאָלט געשאַפן געוואָרן (נאָך די ביכער „מיידלעך" און „טיר און פענצטער") זיינע ביכער „ליי־ב און לעבן" און זיין „סטאַווקע געסל" און דאָס אַלץ, די ווונדערלעכע זאַכן זיינע וואָס זענען אַריין אין זיין לעצטן בוך פון פאַר דער מלחמה: „פיגורן".

אָבער ס'איז אויסגעקומען, אַז ער, וואָס איז געווען דער סאַמע באַ־ליבטסטער יידישער שרייבער, איינער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע, האָט זיך געפילט עלנט. טראָץ זיין נעמען, ווי טייל האָבן געמיינט, אַלץ לייכט, איז ער געווען פאַרביטערט.

אָט זענען עטלעכע שורות פון זיינע באַטראַכטונגען אין זיינס אַ בריוו צו מיר פון זיינע לעצטע יאָרן, פון פּאַריז (28.5.1955): „מיר, וואָס האָבן אַזוי פיל אַוועקגעגעבן אויף צו דערהאַלטן די שוועל פון אונדזער פאַר־שווונדענער וועלט, אָנשטאָט זיך צו האַלטן נאָענט און צוזאַמען קעגן דעם וואָס לויערט אויף אונדז, אַנטלויפן מיר איינער פון אַנדערן, מאַכן לויז די רייען, ווי פון שרעק וואָלט יעדער געוואָלט שטאַרבן באַזונדער, ווי מען וואָלט זיך געשעמט, נישט געוואָלט איינער דעם אַנדערן ווייזן דעם קאָמ־פּראָמיס, די אוממעכטיקייט פון אונדזער אונטערגעבן זיך.

עס איז אפשר דערפאַר, וואָס מיר האָבן נישט באַוויזן צו ווערן קיין געשלאָסענע קאַסטע. ווייל געאייניקט און געשלאָסן קאָנען נאָר זיין מענטשן פאַרבונדענע מיט איין אָפּקלייב, ווי אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן באַוויזן צו שאַפן מיט זיך אַן אייגענע פולקאָמהייט. אָדער אַ שיכט פון טיפן פאָלקס־פרימיטיוו, אַ געקרעפטיקטן אין איר בלינדקייט.

מיר, זעט אויס, זענען אַ צווישן־שיכט, וואָס האָט נישט באַוויזן צו לעבן און שטאַרבן געבונדענע מיט עפּעס איינציקס, וואָס זאָל זיין דער גרונט פון אונדזער שליחות.

מיר אַנטלויפן פון זיך, כאָטש אַזוי פיל בינדט אונדז. מיר האָבן נישט קיין דרייסט צוצולעבן ביזן לעצטן אָטעם. מיר שטאַרבן אויס שרעק פאַרן טויט".

זיינע איבערגעבליבענע אין ביכער זאַכן, זענען אַן אוצר אין דער יידישער ליטעראַטור. זיין ליטעראַרישע ירושה פאָדערט נאָך אַ גואל. ווען אַ מאָל זיין ביי אונדז אַן אמתע ליטעראַטור־קריטיק, וועט מען אַריינפירן אַ מאָל אַ סדר אין די אַלע גרויסע און קליינע פאַקטן, וואָס הייסן היינט צו טאָג: יידישע ליטעראַטור, וועלן די שאַפונגען פון אפרים קאַגאַנאָווסקי באַלוינט ווערן אויך פון דער יידישער קריטיק, ווי זיי זענען באַלוינט געוואָרן פונעם יידישן לייענער...

„לעצטע נייעס"

# אפרים קאַגאַנאָווסקי

## (צו זיין צווייטער יאָרצייט)

אָט איז דער אָנהויב פון זיינס אַ בריוו:

פּאַריז, דעם 23.10.1951
שימחת תורה.

ליבער יחיאל האָפער.

אַ דאַנק אייך פאַר די גוטע ווערטער ביי דער קבלה פון מיין בוך.

עס איז זייער ריכטיק אייער געדאַנק, אַז צוקונפט מוז אויך גענומען ווערן ווי פאַרגאַנגענהייט. דאָס איז אַן אַנטפּלעקונג פון אונדזער דור, ווע־מען עס איז קלאָר געוואָרן אַזאַ פאַרוואַנדלונג.

מער ווי פאַר אַנדערע, גלויב איך, וועט מיין בוך זיין פאַר די, וואָס ווילן פאַרשנעלערן זייער אָפּגאַנג פון דעם אַזוי גערופענעם „גלות". און אויב „די ביינער וועלן אויפלעבן", וועלן עס זיין די זעלבע ביינער פון די, וועגן וועלכע איך האָב געשריבן".

(ס'גייט דאָ וועגן קאַגאַנאָווסקיס בוך „שריפטן", יובילײ־אויסגאַבע, אַרויסגעגעבן אין פּאַריז, 1951).

קאַגאַנאָווסקיס געשילדערטע מענטשן, און זיי זענען אַלע מאָל נאָר יידן, זענען נישט קיין גלות־טיפּן, כאָטש זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אין גלות. מען זעט נישט, אַז זיי זאָלן טראָגן אויף זיך דעם עול הגלות. מען פילט נישט אין זיי קיין גלות־מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס. פאַר־קערט, זיינע העלדן רייסן זיך צום פולן אויסלעבן זיך. צי דאָס זענען די שטאַרקע פון סטאַווקע־געסל, צי דאָס זענען מענטשן פון מיטלשטאַנד און פון מאַטעריעלן ווילשטאַנד, צי דאָס זענען אַפילו אָרעמעלייט, לעבן זיי אַלע אַ לעבן אַ געשמאַקס, אַ פולס. זיינע העלדן זענען אָנגעלאָדן מיט לע־בנס־חשק, מיט געזונטע חושים, מיט שטאַרקע אינסטינקטן, מיט לעבנס־חכמה, צי דאָס איז דער נגידישער ייד פון בשׂמים־געוועלב („דאָס בשׂמים־געוועלב"), צי דאָס איז דער אָרעמער ייד, וואָס מאַכט אַ לעבן אין שפּיטאָל,

ווו ער ווערט געהאַלטן און געפּלעגט, ווייל ער באַקומט אַזעלכע „נאַפּאַדן״ (אַנפאַלן), וואָס די דאָקטוירים ווייסן נישט זייער סיבה, („שפּיטאָלניקעס מיוחסים״).

קאָן זיין, אַז דערפאַר פילט מען נישט אין קאַגאַנאָווסקיס העלדן דעם גלות, ווייל ער, זייער שעפער, איז געווען אַן אמתער קינסטלער. און קונסט, אויב זי איז נאָר אמת, איז זי אַנטי־גלותדיק. קונסט איז דער היפוך פון גלות. קונסט באַפרייט. קונסט לייזט אויס מענטשן, געפילן, איבערלעבונ־גען און געשעענישן פון גלות, פון גלות פון שיכחה. און נישט פאַראַן קיין גרעסערער גלות, ווי דער דאָזיקער. קונסט רופט אַלץ צוריק צום לעבן. זי איז מחיה מתים, זי לעבט אויף די טרוקענעביינער און גיט זיי בלוט און פלייש און אויך אַ זכות הקיום.

דערפאַר, ווייל קאַגאַנאָווסקי איז געווען אַזאַ קינסטלער, ווייל ער האָט אַזעלכע לעבנס־גיריקע יידן געשילדערט, האָט ער געגלויבט, אַז אויב די ביינער וועלן אויפלעבן, וועט דאָס זיין פון די יידן וועגן וועלכע ער האָט געשריבן.

און נאָך עפּעס. קאַגאַנאָווסקי האָט נישט באַקומען קיין יידיש־רעלי־גיעזע דערציִונג, זיינע עלטערן זענען געווען אין גאַנצן פרייע מענטשן. (מיך פלעגט דער אַלטער קאַגאַנאָווסקי גוטמוטיק רופן: „סטאַראָווירעץ״, ווייל כ׳האָב נישט געגרויכערט קיין פּאַפּיראָסן אין שבת). אפרים קאַגאַנאָוו־סקי איז נישט געגאַנגען אין קיין חדר. זיין יידישקייט, ווי ער האָט זי גע־קענט און געשילדערט, איז געווען אַ שטייגער־יידישקייט. אַ יידישקייט פון אַ לעבנס־סטיל, אַ יידישקייט וועלכע ער האָט געזען (און נישט געלערנט) מיט זיין קינסטלעריש אויג. אויב ער האָט זיך אַ מאָל דערשלאָגן צו אַ סינטעטישן בליק אויף ייד און יידישקייט, ווי למשל אין זיין סקיץ „פּוילישע יאָרן״, האָט ער דאָס דערגרייכט מיטן כּוח פון זיין ריינער קינסטלערישער אינטואיִציע.

זיינע געשילדערטע יידן און זיין געשילדערטע יידישקייט, האָט גאָר־נישט געהאַט אין זיך פון פּראַגראַמאַטישקייט. קיין פּראָגראַמען האָט ער נישט געקענט, ווייל ער האָט זיי נישט געלערנט. און איך גיי דאָ נישט פּסקענען צי עס איז גוט וואָס ער האָט נישט געלערנט, צי שלעכט. איך שטעל נאָר פעסט אַ פאַקט. אויך קאַגאַנאָווסקיס שילדערן די העלדן פון סטאַווקע־געסל איז נישט געווען, ווי ביי אַפּאַטאַשו, אין זיין „ראָמאַן פון אַ פערד־גנב״ (און אין אַנדערע זאַכן פון ענלעכן זשאַנער), אַ פּראָגראַמאַ־טישער פּראָטעסט קעגן דער באָרד־ און פּיאות־יידישקייט. ניין! נישט קיין

פּראָגראַם און נישט קיין פּראָטעסט איז דאָס ביי קאַגאַנאָווסקין געווען. דאָס געסל איז געווען ביי אים זיין מיליע, זיין סביבה, דאָרט איז ער געבוירן גע־וואָרן און דאָרט האָט ער פאַרבראַכט זיינע גאָר יונגע יאָרן. דאָס דאָרטיקע לעבן האָט ער געקענט מיט זיין גאַנץ נגלה און נסתר (און נסתר איז אין דעם לעבן געווען מער ווי נגלה...).

אויך זיינע אַנדערע יידן, די יידן פון מיטלשטאַנד, פון די שיינע יידישע הייזער, זענען ביי קאַגאַנאָווסקין נישט קיין פּראָגראַם־יידן, נישט קיין סכע־מע־יידן, נאָר אַזעלכע ווי ער האָט זיי געזען מיט זייערע רמ״ח אברים, מיט אַלע זייערע יצרים, מיט זייער ווילן צו לעבן, צו געניסן. יידן וואָס האָבן זיך אומעטום אַן עצה געגעבן, יידן וואָס מיט זייער עצם עקזיסטענץ אין גלות האָבן זיי פאַרלייקנט דעם גלות, וואָס נאָר אַן אַפּאַראַט אַ וויסטער, פון אַ פאָלק וואָס האָט צווישן זיך הונדערטער טויזנטער פאַרברעכער, האָט זיי געקאָנט אומברענגען.



ס׳איז אָבער פאַראַן אַ גלות, וועלכן איר טרעפט אָפט ביי קאַגאַנאָווסקין. אַ גלות וואָס שפּרייט אויס זיין מאַכט איבער אַלע מענטשן פון אַלע פעל־קער, אונטער אַלע געאָגראַפישע ברייטן פון אונדזער בידנער וועלט. דער גלות אין וועמענס הענט אַלע מענטשן צוזאַמען און יעדער מענטש באַזונ־דער געפינט זיך, הייסט: גורל.

דאָס דאָזיקע גורל־פּראָבלעם, וואָס גייט אַדורך ווי אַ רויטער פאָדעם פון דער גריכישער אַנטיקישער דראַמע אָן ביז איבער העמינגוויס „דער זקן און דער ים״ און ווייטער, איז דער הויפּט־יסוד פון יעדן אמתדיקן שאַפן. אָן דעם גורל־פּראָבלעם איז יעדע געשעעניש נישט מער ווי אַ צופאַל, אַ פּאַסירונג, אַ זאַך אַ פאַראיינצלטע. און אין דער קונסט האָט נאָר דאָס אַ ווערט וואָס איז ללמד על הכלל כולה יצא, ווו דער פאַראיינצלטער פאַל איז אַ מרמז אויף אַ סך אַנדערע אַזעלכע פאַלן, וואָס מיטן גאַלן אויג וועט איר נישט דערקענען זייער ענלעכקייט, און נאָר דער קינסטלער וועט עס אייך ווייזן און אויפווייזן.

דער ווילן צו לעבן, דאָס רייסן זיך דערצו, דאָס וועלן אויסלעבן גאַנצע געפילן, אָט דאָס אַלץ פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — דער בלינדער גורל, די צייט וואָס עסט אַלץ און אַלע אויף, די אומפאַרמיידלעכע ירידה פון יעדן יחיד (צוליב פאַרשידענע סיבות: סאָציאַלע און ביאָלאָ־

גישע), דאָס אַלץ צוזאַמען, דאָס עלעגישע און דאָס לירישע אין דעם, דאָס איז דער יסוד פון קאַגאַנאָווסקיס שאַפן. דאָס איז זיין קינסטלערישע וועלט וואָס איז איינצייטיק דורך און דורךווירקלעכקייט, געוועזענע ווירקלעכקייט. אין קונסט איז נישט פאַראַן דער באַגריף פון צייט, און געוועזענע ווירק־לעכקייט איז דעריבער אין דער קונסט געגנוי דאָס זעלבע ווי די איצטיקע, הווהדיקע ווירקלעכקייט.

דער אונטערגרונט פון קאַגאַנאָווסקיס שאַפן איז אייגנטלעך אַן אַל־מענטשלעכער, אַן אוניווערסאַלער. נאָר ווייל קאַגאַנאָווסקי איז געווען אַ ייד, איז זיין ווירקלעכקייט אַ יידישע. זיין וועלט איז אַ יידישע, זיינע מענטשן יידישע, זיין גורל אַ יידישער. אָבער אַ חוץ זייער יידישער גורל, האָבן נאָך זיינע העלדן אַ מענטשלעכן גורל, אַ גורל פון אַ מענטש, סיי צי ער איז אַ ייד, צי אַ פראַנצויז, אָדער גריך.

פאַר וואָס ווערט פוליע, דער שיינער, רייכער פוליע („דער בלינדער פוליע"), וואָס האָט די שענסטע פרוי פון זיין געגנט פאַר אַ ווייב, פאַר וואָס ווערט ער בלינד, אָרעם און פאַרלאָזן פון זיין ווייב? פאַר וואָס? אויף דעם איז נישטאָ קיין ענטפער, ווי ס'איז נישטאָ קיין ענטפער פאַר דער ירידה פון די גאָלדשטראָמס („די גאָלדשטראָמס"), ווי ס'איז נישטאָ קיין תירוץ אויף מאָניעקס טויט („מאָניעק און פעסעלע"), פונקט ווי עס איז נישטאָ דערויף קיין ענטפער אין דער גאַנצער גרויסער ליטעראַטור וואָס באַשעפ־טיקט זיך מיט דעם פּראָבלעם גורל, פונקט ווי עס איז נישטאָ דערויף קיין ענטפער אין די צוויי גרויסע ווערק וואָס הייסן: מענטש און וועלט.

איך האָב נישט קיין שום ספק, אַז קאַגאַנאָווסקיס שאַפונגען געהערן צו דעם זעלטענעם ביי אונדז מין: גרויסע שאַפונגען. כאָטש עס הערשט ביי אונדז, ווי אויף דער גאַנצער וועלט, אין דעם געביט אַ כאַאָס, און ס'געהער היינט צו די סאַמע פּשוטסטע זאַכן צוצוקלעפּן דעם באַגריף „גרויס" און „קינסטלער" אַזעלכע שרייבער, וועלכע מען קאָן בדוחק גדול קוים אָנרופן ליטעראַטן, געהער איך אָבער צו די, ביי וועלכע גרויסקייט האָט נאָך נישט פאַרלוירן איר אמתע גרויסקייט.

ס'איז אפשר כדאַי ביי דער געלעגנהייט צו ברענגען אַ קורצן אויסצוג פון נאָך אַ בריוו פון קאַגאַנאָווסקין, (פון 11.7.1957):

„די גאַנצע יידישע וועלט דאָ אַרום מיר, איז צעטיילט אויף אַ טייל וואָס האָט געלט און קאָן פאַרן ווו זיי ווילן, — אַנדערע וואָס יאָגן זיך נאָך מיראַזשן, מאַטערן זיך, און מיט אַ מאָל הערט מען, אַז זיי זענען געשטאָרבן, אָדער גאָר באַרימט געוואָרן דורך אַ נאָטיץ פון דריי שורות, אָבער אויף

פראַנצויזיש. און די איידעלע פראַנצויזישע שפּראַך זשאַלעוועט נישט קיין לויב, און אַלץ הויבט זיך אָן מיט איין וואָרט: גראַנד. אין ערגעץ זעט מען נישט אַזוי דעם גרויסן חוזק פון „גרויסקייט", ווי דאָ אין דעם קלוגן פּאַריז, וואָס האָט אַנטווערטיקט אַלע באַגריפן פון גרויסקייט".

קאַגאַנאָווסקי האָט אַ חוץ זיין יידישן גורל, געהאַט אויך זיין שרייבע־רישן גורל. און זיין שרייבערישער גורל איז געווען אַ דורכויס שלעכטער.

פאַר וואָס? ווייל ער האָט געהערט צו דער קליינער משפחה פון שריי־בער־קינסטלער. ער האָט אָבער נישט געהערט צו דער משפחה שרייבער־אויסטויגערס. ער האָט פון ליטעראַטור נישט געמאַכט קיין ענין פון קאָמי־וואָיאַזש. ער האָט כמעט קיין מאָל נישט פאַרלאָזט וואַרשע. צוויי מאָל איז נאָר דאָס געשען: ווען מען האָט אים בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה מאָבילייזירט אין דער רוסישער אַרמיי און נאָכן אויסברוך פון דער צוויי־טער וועלט־מלחמה און יידן־שחיטה.

אויסער דעם האָט ער קיין מאָל וואַרשע נישט פאַרלאָזט. אַפילו נישט אויף קיין קורצער צייט. ער איז געווען אַזוי געקניפּט און פאַרבונדן מיט זיין געבוירן־שטאָט, מיט דער שטאָט פון זיין לעבן און שאַפן, אַז ער האָט פּשוט מורא געהאַט זי צו פאַרלאָזן, זיך מורא געהאַט אויף אַ רגע מיט איר שיידן, ווי אַ קליין קינד מיט דער מאַמען.

ווען ער האָט פאַרלאָזט וואַרשע, בעת ס'האָט דאָרט געהאָגלט מיט דייטשע באָמבעס, ווען מען האָט גערופן אַלע מענער צו פאַרלאָזן די שטאָט, איז ער באַלד געווען אַ פאַרלוירענער. אַזאַ פאַרלוירענעם האָב איך אים געזען עטלעכע מאָל אויפן וועג פון וואַרשע אויף יענער זייט בוג, געזען אים אין בריסק און שפּעטער אין ביאַליסטאָק.

אין משך פון די זיבן יאָר, וועלכע ער איז געווען אין ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער נישט געשריבן, כאָטש פאַרשלאָגן האָט ער געהאַט גאָר גוטע, כאָטש מען האָט אים נישט איין מאָל מרמז געווען, אַז זיין שווייגן געפעלט נישט.

ער האָט פאַר דער גאַנצער דאָזיקער צייט אויפגעשריבן בלויז דעם איינעם וווּנדערלעכן עסיי וועגן דעם איידעלן שרייבער שלמה גילבערט. אויף דעם עסיי האָט ער אָפּגעדרוקט נאָך דעם ווי ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן, אין אַלמאַנאַך „יידישע שריפטן", וועלכן ס'האָט אַרויסגעגעבן דער יידישער שרייבער־פאַראיין אין לאָדזש.

אויסער וואַרשע איז ער געווען אַ פאַרלוירענער. ער איז געווען אַ פאַר־לוירענער און אַ פאַרבלאָנדזשעטער שפּעטער אין פאַריז, וווּ ער האָט דווקא

יחיאל האָפער

אַ סך געשריבן. געשריבן אַלץ וועגן אַמאָל, וועגן זיין וואַרשע, וועגן זיין „טונקעלער דירה", וועגן שרייבער, וועלכע ער האָט געקענט און אַנדערע זאַכן.

ער האָט אין לעבן געבלאָנדזשעט און געפּלאָנטערט, אָבער זיין שאַפן איז קלאָר ווי קרישטאָל. זיינע שאַפונגען זענען אָנגעזאַפּט מיט לעבנס־לוסט, חכמה, הומאָר און עראָטיזם, אָבער ער האָט קיין מאָל נישט איבער־געשריטן אויף קיין האָר די גרענעץ. ער האָט אַפילו אין פּריוואַטע שמועסן קיין מאָל נישט באַנוצט קיין גראָבן וויץ. ער האָט פאַרמאָגט איידלקייט, וואָס נאָר די, וואָס האָבן אים גוט געקענט, ווייסן וועגן דעם.

ער איז געווען זייער אַ קאָמפּליצירטע פּערזענלעכקייט. ס'פאָדערט זיך אַ פאַרטיפטע און דורכדרינגלעכע מאָנאָגראַפיע וועגן אים. אָבער קודם פאָדערט זיך, אַז זיין ליטעראַרישע ירושה זאָל אַרויסגעגעבן ווערן, זאָל געבראַנגט ווערן צו דער עפנטלעכקייט, צו זיינע לייענער, וועלכע ער האָט נאָך געהאַט אַ סך.

דאָס דערמאָן איך שוין צום צווייטן מאָל איצט, צו זיין צווייטער יאָרצייט.

„לעצטע נייעס"

# מנחם באַריישאַ

## (זיין וועג צום מענטש)

„צווישן מעשה און מחשבה"

„זאַוול רימער"

די דאָזיקע אַרבעט וועגן „זאַוול רימער" איז אונדז אויסגעקומען צו שרייבן נאָך דעם, ווי מיר האָבן שוין געהאַט פאַרטיק און טיילווייז פאַר־עפנטלעכט אונדזער אַרבעט וועגן „גייער". אין מוקדם ומאוחר בקריטיק, אַזוי איז עס געשען. די קריטיק מעג זיך אויך האָבן אירע קאַפּריזן, בפרט די עסייאיסטישע.

זאָל דעריבער קיינעם נישט אויסקוקן מאָדנע, ווען מיר וועלן זיך, בעתן באַהאַנדלען „זאַוול רימער", פאַררופן און אים אַ מאָל פאַרגלייכן מיט אַ ווערק, וואָס איז געבוירן געוואָרן גאַנצע צוואַנציק יאָר שפּעטער („דער גייער"). קודם־כּל, ווי געזאָגט, באַהאַנדלען מיר נישט די ווערק פון מנחמען לויט זייער כראָנאָלאָגישן סדר, צווייטנס, קוקן מיר שוין איצט בכלל אויף מנחם באַריישאַס שאַפונג פון אַ געוויסער פּערספּעקטיוו — און דער מחבר אַליין קוקט, ליידער אַזוי פּריצייטיק, אויף זיינע ווערק און אויף זיינע קריטיקער מיט די אויגן פון אַ מליץ־יושר פון עולם־האמת.

מיר וועלן זיך נישט באַנוצן, ביים באַהאַנדלען מנחמס ווערק, מיט קיין ביאָגראַפישן מאַטעריאַל און נישט זוכן אין זיי קיין אויטאָביאָגראַפישע מאָמענטן (וואָס זענען אין יעדנס ווערק במילא פאַראַן). מיר וועלן נישט פאָלגן דעם אַלטן געטע און נישט גיין אין דיכטערס לאַנד, בכדי צו פאַר־שטיין דעם דיכטער. מיר וועלן גיכער פּרוּוון אַריינפירן דעם דיכטער אין קריטיקערס לאַנד, כאָטש אַ קריטיקער איז נישט קיין פּוסק־אַחרון און זיין קריטיק איז נישט קיין הלכה־פּסוקא, ווייל דיכטונג און קונסט זענען גיכער אַ הלכתא למשיחא. מיר וועלן פּרוּוון אָנווענדן אין אונדזער אָפּהאַנדלונג דאָס, וואָס רופט זיך אין דער וויסנשאַפט: אַרבעט־היפּאָטעזע. און ווען אַפילו אונדזער היפּאָטעזע וועט זיך אַרויסווייזן פאַר פאַלש, וועט אָבער דער מעטאָד, מיט וועלכן מיר באַנוצן זיך, געבן אונדז אַ נייעם אַריינבליק,

אַ נייעם אָנלען — אַ נייעם ווינקל דורך וועלכן מיר וועלן אפשר קאָנען זען דאָס ווערק פון אַזאַ זײַט, פון וועלכער מיר האָבן עס נאָך ביז איצט נישט געזען; עס וועט אונדז אפשר געלינגען צו באַלויכטן דאָס ווערק מיט אַזאַ ליכט, מיט וועלכן ס׳איז נאָך ביז איצט נישט באַלויכטן געוואָרן. ווען דער אַנאַליטיקער נעמט דעם פּרעפּאַראַט אונטערן מיקראָסקאָפּ, באַ־פאַרבט ער פריִער דעם פּרעפּאַראַט. ער טוט דאָס דערפאַר, בכדי אַלץ צו קאָנען זען, בכדי ס׳זאָל זיך עפּעס־וואָס נישט קאָנען אויסבאַהאַלטן און אַנטרונען ווערן פון אַנאַליטיקערס אויג און בכדי דער פּרעפּאַראַט זאָל קאָנען דורך אים געזען ווערן אין דער פאָרעם און אין דעם צושטאַנד אין וועלכן ער געפינט זיך פאַקטיש. נאָך די עטלעכע ווערטער הקדמה וועלן מיר צוטרעטן צום עצם הענין.

1

„זאַוול רימער״ איז אַ גולמיש געשטאַלט. נישט קיין גולם ממש, נאָר אַ גולמיש וועזן. ווען דער מהר״ל פון פּראָג האָט באַשאַפן זיין גולם, האָט אים אין פּראָצעס פון יצירה אינטריגירט דער חומר, דער גוף. נשמה האָט דער מהר״ל גוט געקענט, נשמה איז פאַר אים נישט געווען קיין סוד. ער האָט זי געפילט און געוווּסט. אָבער דער סוד פון גוף, דער סוד פון חומר — דאָס האָט דעם מהר״ל געלאָקט. ווי אַזוי ווערט פון גוף — נשמה, אָדער, ווי אַזוי פאַרבינדט זיך גוף מיט נשמה? — דאָס האָט דעם מהר״ל געמאַ־טערט. נשמה איז פריי, אָדער קאָן זיין פריי. ווי אַזוי באַפרייט מען דעם גוף? אָט דאָ ליגט דער שווערפּונקט פון יעדן באַפרייונג־פּראָבלעם, ווייל דאָ, אין גוף אַליין, ליגט דער אבן־נגף פון אַלע גאולות, פון אַלע באַפרייונ־גען. פּראָמעטעוס איז נישט באַשטראָפט געוואָרן דערפאַר, ווייל ער האָט אַרויסגעגנבעט פייער ביי גאָט, נאָר ווייל ער האָט דאָס פייער געבראַכט צו מענטשן. דער יחיד פון בלוט און פלייש, צי דאָס פאָלק פון בשר־ודמס, איז דאָס שווערסטע פּראָבלעם פאַר גאולה.

ווען מנחם באַריישאַ האָט זיך נאָך זיינע מיסטישע לידער דערנענטערט צום קאָנקרעטן מענטש, האָט אים קודם־כל אינטריגירט דאָס חומרישע, ס׳האָט אים קודם־כל געלאָקט דער גוף. ביי נשמה האָט ער נאָך נישט גע־האַלטן. נישט פאַרטיפנדיק זיך דערוויל אין די פּראָבלעמען פון נשמה, נישט פרווונדיק דערוויל אַריינצודרינגען אין דעם כוח, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער אינטעלעקט, מוח, נשמה און נשמה שבמוח — איז פאַר

מנחמען געשטאַנען די האַרבע פראַגע: וואָס איז דאָס אַזוינס גוף און וואָס איז זיין באַשטימונג אויף דער וועלט? ווי אַזוי מאַכט מען, און צי קאָן מען בכלל מאַכן, פון גוף — נשמה? אָדער, ווי אַזוי באַהעפט מען גוף מיט נשמה? — דאָס האָט מנחמען געמאַטערט.

דער „גייער" איז בבחינת הולך און זאַוול רימער — בבחינת עומד. און אַז מען איז אַן עומד קאָן מען במילא נישט גיין פון מדרגה צו מדרגה. זאַוול איז ווי די האַרטע, שטייענדיקע ערד און נישט ווי דאָס ווייכע, פליסנדיקע וואַסער. אין דער דאָזיקער האַרטער ערד פון זאַוול רימער האָט מנחם אויסגעבויערט צוויי אַרטיזיאַנישע ברונעמס, צוויי ליכטפּונקטן פון זיין גייסט. אַזוי ווי מנחם האָט מצמצם געווען דעם גוף פון „גייער" צו אַ „דאַר און קליין" יידעלע, אַזוי האָט ער מצמצם געווען די נשמה פון זאַוול רימער צו די צוויי ליכטפּונקטן. דאָס איז די האַרציקע נגינה פון זיין אָרעם אויער, דאָס שפּילן אויף דער געקויפטער פידל, וואָס ער האָט געלערנט „פאַר פערציק קאָפּיקעס אַ שעה ביים בעסטן קלעזמער", און די נאַיווע ליריק פון זיין כּמעט שטומען מויל.

בכדי אונדזער קאָנצעפּציע וועגן דער גולמישקייט פון זאַוול רימער זאָל נישט זיין אַבסטראַקט, זאָל נישט הענגען אין דער לופטן, וועלן מיר ברענגען עטלעכע ציטאַטן, ווי אַזוי מנחם מאָלט זיין העלד:

„ער איז געווען ברייט און נידריק, אויף שווערע פיס
און האָט געהאַט אַ קאָפּ געדיכטע קרויזן, ווי אַ נעגער".

און ווייטער זענען צעוואָרפן אין בוך דעטיילן פון זאַוול רימערס גוף: „קורצע פינגער", „שווערע האַנט". דאָס וואָרט „אומגעלומפּערט", וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר גולמישע באַוועגונגען, חזרט זיך איבער אין בוך אומצאָליקע מאָל. די כּמעט הערמעטישע פאַרשלאָסנקייט, די גולמישע שטומקייט פון זאַוול רימער שילדערט מנחם אַזוי: „נישט אַזוי די אומגעלומפּערטקייט פון אים, דעם נידריקן און שוואַרצן, נאָר זיין פינצטער שווייגן האָט פון אים געטריבן". ערשט נעמט זיין שווערקייט צו באַנעמען עפּעס נייעס. לייענט איבער אויף די זייטן 20 - 22 זאַוולס ערשטע לעקציע פון רוסיש ביי דער שיינער בעקאַ. מיר וועלן אייך נאָר ברענגען עטלעכע קורצע אויסצוגן פון דאָרט:

— — — — — — — — — — „אַט זיצט ער דאָ,
אַ יונג פון פינף און צוואַנציק יאָר און מאַטערט זיך
אַרײַנקלאַפּן אין קאָפּ די פרעמדע ווערטער, שוויצט
זיי אויסצושרײַבן ריין און ווייסט, אַז ס׳איז אומזיסט״.

**און ווייטער:**

„איז שפּעטער, ווען ער דאַרף עס אויסרעדן, ווערט אים די צונג
ווי בלײַ אין מויל און ס׳קלינגט אַזוי משונה־אומגעלומפּערט,
אַז צײַטנווײַז פון שאַנד הויבט ער אַליין אָן לאַכן״.

**און נאָך ווייטער:**

— — — — — — — — — — — — — „און אַט
שוין זיצט ער אַנטקעגנאיבער בעקאַן, זאָגט מעכאַניש נאָך
דאָס אײַנגעחזרטע און — דאַכט זיך — עס איז גוט.
באַדאַי וואָלט זי אים גאָרנישט נישט געפרעגט! נאָר ניין —
און ער בלײַבט זיצן ווי אַ ג ו ל ם (**אונטערגעשטראָכן דורך אונדז — י.ה.**)
שטיל און שטום״.

**נאָר נאָך נישט דאָס איז דער עיקר. בכדי צו באַשטעטיקן די טעזע וועגן דער גולמישקייט פון זאַוול רימער איז קודם־כל נויטיק זיך צו באַקענען מיט עטלעכע זײַנע האַנדלונגען. די סצענעס אין רעסטאָראַן מיט דער טענצערין און מירקינען זענען הונדערט־פּראָצענטיקע גולמישע סצע־נעס (זע די זייטן: 97 ־ 100), אַגב האָט מנחם זיין זאַוול מיט דעם נאָמען גולם אַליין באַצייכנט.**

**אָט איז ווידער אַ קליינער ציטאַט:**

„מיט ציין און ליפּן אײַנגעביסן אין איר לײַב און מיט הענט
זי אײַנגעקלאַמערט ווי אין צוואַנגען — האַלט ער זי
און ס׳רײַסט זיך פון איר האַלדז אַ קוויטש, דער אָפּיצער
און מירקין — ביידע כאַפּן אים בײַם קאַרק, מען שלאָגט,
און דאַן — אַ גאַס מיט קאַלטן וואַסער אויפן קאָפּ, אַ קלאַפּ
און אָפּגעריסן. עפנט ער די אויגן „ג ו ל מ ד י ק״ (**פון אונדז אונטערגעשטראָכן — י. ה.**)

דערנאָך קומט ווייטער די גולמישע סצענע מיט מירקינען.

אויב די אויבן־דערמאָנטע סצענעס זענען גולמישע, איז דאָס בילד פון זאַוול רימער (אויף זייט 169 ־ 170), ווען די פּאָגראָמשטשיקעס רייסן זיך אַריין אין שפּיטאָלזאַל, ווו זאַוול אַרבעט, אַ בילד פון אַ בפירושן גולם. אָט הערט:

„פון דרויסן שטאַרקט זיך דער געשריי — שוין פּײַן־געשריי
און ער — אין קרײַז פון טויטשרעק — רירט זיך נישט.
דער הילך קומט נענטער, האַסטיק הערן זיך שוין טריט
אויף שטיינערטרעפּ, צעלויפן זיך די קראַנקע אין די בעטן
און ליגן האַסטיק־אָטעמדיק. אַליין בלײַבט ער,
דאָס פּנים צו דער טיר פאַרשטיינערט, קוקט און וואַרט.
פראַלט אויף די טיר, עס יאָגן צווייען זיך אַרײַן
און לויפן אָן ווי אויף אַ סלופּ אויף אַ מין מאָדנעם מענטש,
אַ נידריקן, אַ שוואַרצן, הענט אַראָפּ און שוואַרצע אויגן,
וואָס שטייט און גלאָצט אויף זיי מיט אַ פאַרשטאַרטן בליק —
זיי דריגען אויף, דערזען די בעטן, קראַנקע אויף די בעטן,
און נאָך אַ בליק אַ וואָרף געטאָן אויף דעם פאַרשטיינערטן,
וואָס גלאָצט מיט שוואַרצע אויגן, דורכן טיר אַרויס
און ס׳הערט זיך דער געלויף איבער די טרעפּ אַרונטער”.

דאָ פעלט נאָר אַ האַק אין זאַוולס הענט — און מיר וואָלטן געהאַט אַ וואָר בילד פון גולם. פאַר דעם „גולם” זאַוול האָבן זיך די פּאָגראָמשטשיקעס דערשראָקן — און די קראַנקע זענען ניצול געוואָרן פון די מערדערישע הענט.

נעמט די סצענעס, ווען זאַוול האָט זיך צוריקגעקערט, נאָך דעם ווי דאָס פרעמדע מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן, אין זיין אַלטער חרובער היים. זיין אופן פון אַרבעטן, זיין פאַרטאָן־זיין איז אַ גולמישער. לאָמיר ווייטער אויף אַ מינוט לאָזן מנחמען אים שילדערן:

— — — — — — — „איז אַוועק אַזוי דער זומער,
אַוועק דער ווינטער. פון די אַלע, וואָס זענען גלײַך מיט אים
אַהיים געקומען, האָט שוין קיינער נישט גענעכטיקט אין בית־מדרש,

אַוועק אין הײַזער, האַלב־פֿאַרריכטע, אין באַראַקן און געלאַזט
דעם פּלאַץ פֿאַר אַנדערע, וואָס האָבן שוין אַליין צו ביסלעך
גענומען זיך אַרויסרוקן, און ווידער אַנדערע אַרײַנלאָזן.
דער איינציקער זיך נישט צו רירן איז געווען זאַוול,
און צי די שכנים האָבן זיך געביטן, צי דאָס ווײַב אַפּילו
האָט זיך באַזעצט אין קיך אַלס קעכין — ער איז אַלץ געבליבן,
און ס׳איז נישט אים, נישט קיינעם אײַנגעפֿאַלן אַנדערש.
ווײַל זאַוול, דער, וואָס האָט אַ טאַטן שלום און אַ מאַמע ראַשע
און נאָך אַ ווײַב דערצו, אַ חיה־ריווע — יענער איז פֿאַרשוווּנדן,
און ס׳איז געבליבן זאַוול מיט די הענט און פֿיס און טעג,
וואָס זענען קיינעמס נישט און אַלעמענס, דער זאַוול פֿון דער שטאָט,
וואָס איז איר אייגנס ווי אַן ערוב און דער פּלומפּ אין מאַרק אַמאָל
און גרייט פֿאַר אַלעמען, ווער ס׳דאַרף אים האָבן״.

**זאַוולס אַרבעטן אין שפּיטאָל, זאַוולס דערנענטערן זיך צו חיה־ריוועס דווקא דעמאָלט, ווען אַלע האָבן זי פֿון זיך אָפּגעשטויסן, אַפּילו זיין חתונה־האָבן מיט איר — דאָס אַלץ איז גולמיש (וועגן זיין באַציִונג צו בעקאַן און ליזען וועלן מיר שפּעטער רעדן). מע דאַרף פֿאַרשטיין, אַז די גוטסקייט פֿון גולם איז נישט קיין פּאָזיטיווע, אַ גוטסקייט, וואָס קומט פֿון באַוווּסטזיניקן ווילן צו טאָן גוטס, נאָר אַ צולהכעיסדיקע גוטסקייט, בכדי זיך אַנטקעגנצו־שטעלן דאָס שלעכטס.**

2

**אָבער דער ענין איז שוין גאָרנישט אַזוי פּשוט. דער גולם, וואָס הייסט זאַוול רימער — איז נישט באַשאַפֿן געוואָרן דורך קיין מהר״ל. פֿון די פּשוטע טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן אים געבראַכט אויף דער וועלט, האָט זיך זאַוול אָפּגעשניטן. דאָס בייזע ברומען פֿון זיין טאַטן, צי אַפּילו די פּאַר פּעטש, וואָס ער דערלאַנגט אַ מאָל זאַוולען, און דאָס פֿרומע וויינען פֿון דער מאַמען — זענען זאַוולען צו גאָרנישט מחייב.** זאַוול רימער איז איינצייטיק אי דער גולם, אי דער מהר״ל פֿון זיך אַליין. **פֿון דאַנען נעמט זיך זיין צווייאיקייט, זיין צוויי־פּרצופֿימדיקייט, זיין צעשפּאַלטנקייט.**

**דעם „גייער״ גיט אונדז מנחם פֿון ערשטן געבוירן־טאָג אָן, אָבער זאַוול רימער האָט ער פֿאַר אונדז אַוועקגעשטעלט אויף די שווערע קורצע פֿיס**

באַלד אַ פינף־און־צוואַנציק־יאָריקן. ווען דער מהר״ל וואָלט באַשאַפן זיין גולם — אַ קינד, וואָס מע דאַרף עס צושטעלן צו אַ מאַמעס ברוסט, וואָלט אפשר דער גורל פון גולם געווען אין גאַנצן אַן אַנדערער. ווען מיר וואָלטן עפּעס געוווּסט וועגן דער קינדהייט פון זאַוולען, וואָלט מנחם אונדז אָנגעהויבן שילדערן זיין העלד, אַזוי ווי דעם „גייער״ — פון די ערשטע טעג פון זיין (דעם העלדס) קומען אויף דער וועלט — וואָלט אפשר זאַוול רימערס גורל אויך אויסגעפאַלן אַן אַנדערער. אָבער סיי דער גולם, סיי זאַוול זענען געבוירן געוואָרן נישט פאַר זיך, נאָר פאַר יענעמען, נישט בכדי זיך צו העלפן, נאָר בכדי יענעם צו העלפן; זיי זענען געבוירן געוואָרן פאַר שליחותן. דעריבער ווערן זיי אונדז ביידע געוויזן באַלד רייפע, פאַרטיקע, גרייטע דערצו. און ווייל זיי האָבן אויסצופירן שליחותן, ווערן זיי שטרענג נאָכגעפאָרשט און קאָנטראָלירט. דער גולם — דורכן מהר״ל, זאַוול רימער — דורך זיין אינערלעכן מהר״ל, וואָס זיצט אין אים גופא און וועלכער איז דער מקור פון זיינע אומצאָליקע העמונגען. ווייל זאַוול איז נישט געבוירן געוואָרן פאַר זיך, האָט ער נישט קיין ווילן. ער האָט, אָנשטאָט ווילן העמונגען — דאָס איז זיין נעגאַטיוועד „ווילן״. זיין פּאָזיטיווער „ווילן״ איז אָפּהענגיק פון דעם, וויפל יענער, דער צווייטער, וויל פון אים, אויף וויפל דער צווייטער באַזיצט די אַטריבוטן פון מאַכט איבער אים, אויף וויפל דער צווייטער איז מוכשר צו געניסן פון אים. כאַראַקטעריסטיש זענען די פאַר שורות, אין וועלכע מנחם שילדערט זאַוולס „ווילן״־צושטאַנד:

— — — — — — — „און אָפט האָט אים
אַזאַ געפיל אַרומגעכאַפּט, אַז וואָס ער דאַרף
איז נאָר זיך אומקערן און ס׳וועט אים עמעצער אַ פרעמדער
אַנטקעגנקומען, אָננעמען ביים האַנט און זאָגן:
— קומט, זאַוול, לאָמיר גיין. און ער וועט גיין
און עפּעס וועט זיך אָנהייבן״.

איידער מיר גייען איבער צו דער ווייטערדיקער באַהאַנדלונג פון זאַוולס באַציִונגען צו בעקאַן, ליזען, צו חיה־ריוועןן און צו דער אויסערלעכער וועלט, ווילן מיר לשם קלאָרקייט אין קורצן איבערגעבן דעם סיפּור־המעשׂה פון „זאַוול רימער״, די כראָניק אין זעכצן קאַפּיטלען, ווי ס׳האָט זיין ווערק אָנגערופן מנחם באָריישאָ.

זאַוול רימער איז אַ פינף־און־צוואַנציק־יאָריקער, ברייטער, שוואַרצער, נידעריקער בחור. (וועגן זיין אויסערלעכקייט האָבן מיר שוין אויבן גע־רעדט). ער אַרבעט ביי זיין טאַטן אין דער רימעריי. ער פאַרדינט, אַ חוץ עסן און אַן אָרט אין שטוב צו שלאָפן, פיר רובל אַ וואָך מזומן געלט (דאָס איז געווען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה). פאַר דעם געלט קליידט זיך זאַוול אין „אַ שוואַרצן הוט און ראָק, אַ קאַלנער אַ פאַפּירענעם און אַ רויטן שניפּס". עס סטייעט אים אויך זיך צו קויפן אַ פידל, אויף וועלכער ער טוט „גרעמפּלען אַ מאָל געכאַפּטע פרעמדע שטיקלעך און אַ מאָל אויך אייגענע". דערנאָך האָט ער זיך „פאַר פערציק קאָפּיקעס אַ שעה ביים בעסטן קלעזמער אויסגעלערנט נאָטן". ער שרייבט אויך לירישע לידער, וועלכע ער לייגט אונטער ווי טעקסטן צו זיינע מעלאָדיעס. זאַוול פלעגט זיך טרעפן מיט בחורים און מיידלעך אין אַ קרייזל, ווו מ'האָט געלייענט געהיימע ביכלעך. אָבער נאָענט איז ער מיט קיינעם נישט געווען. פאַרקערט, אין עמעצנס אַנוועזנהייט האָט ער זיך נישט גוט געפילט. ער איז געווען אַן אומגעלומ־פּערטער שוויגער. אַפילו דאָס געהיימע, וואָס ער האָט געהערט פון די ביכלעך, האָט אים נישט געלאָקט. צו דער געהיימער אַטמאָספער, ווו ס'האָט געשמעקט מיט טורמע און סיביר — איז ער פאַרבליבן קאַלט. ער „איז געווען זיכער, אַז דאָס מיינט נישט אים" (ווי ס'דריקט זיך אויס וועגן אים באַריישאַ).

פּסיכיאַטערן וואָלטן געזאָגט, אַז זאַוול רימער האָט געליטן פון אַ פּאַטאָלאָגישער שעמעוודיקייט. ער האָט דאָס געקענט ירשענען פון זיין טאַטן, וואָס איז געווען „אַ באַוואַקסענער ביז אין די אויגן" און מער גע־ברומט ווי גערעדט, אָדער פון זיין קליינער מאַמען, וואָס האָט מער גע־וויינט, ווי גערעדט. די פּרווידיאַנער וואָלטן געזאָגט, אַז זאַוול טראָגט אין זיך עפּעס אַ שולדגעפיל. וואָס דען באַדייטן די ווערטער פון דער צווייטער סטראָפע אין זיין צווייט ליד (זייט 9):

„דו נאַר איינער, דו זאָלסט וויסן,
ווי די טרערן מיינע פליסן,
און דו ווייסט מיר אַלץ פאַרגעבן, —
ווייל כ'האָב קיינעם נישט אין לעבן".

יחיאל האָפּער

**און באָריישאַ זאָגט דערבײַ אַזוי:**

— — — — — — — — „און ווען ס׳וואָלט עמעצער
פאַרטראַכט זיך וועגן ליד, וואָלט אַ געלעכטער אָנגעכאַפּט
שוין בײַם געדאַנק אַליין, וואָס קאָן דאָס זײַן אַזוינס,
וואָס אָט דער זאַוול דאַרף מען זאָל עס אים פאַרגעבן״.

**אָבער נישט די ערשטע און נישט די צווייטע טעזע קאָנען מיר נישט באַשטעטיקן און דאָס דערפאַר, ווייל מיר ווייסן גאָרנישט וועגן זאַוולס קינדעריאָרן. גיכער זענען זאַוולס שעמעוודיקייט, אומגעלומפּערטקייט, זיין „פינצטער שווייגן״ — שטרויכלונגען, וואָס ליגן אין זיין גוף. מנחם האָט אין זאַוולען געעפנט בלויז צווי קאַנאַלן, דורך וועלכע די בענקענישן פון זיין גוף (און אפשר זענען די בענקענישן פון גוף אויך נשמה?) ווערן אויס־געאיידלט, סובלימירט. דאָס איז זיין נאַיִוו ליד און זיין נישט־ווייניקער נאַיִווע מוזיק. אַלץ איבעריק, וואָס רייסט זיך אַרויס פון אים דורך אַנדערע וועגן, איז — גולמיש. די סיבה פון זאַוולס בלייבן פרעמד און קאַלט צו דער וועלט פון די „געהיימע ביכלעך״ ליגט אויך אין זיין פרימיטיווקייט. שטייענדיק אויף אַ פּאָר שווערע קורצע פיס, ווי אויף קלעצער, איז זאַוול ווי איינגעזונקען אין דער דאָיִקייט. ער איז געווען און געבליבן אַ ווערן, אַ באַשעפעניש פון זיין מיליע, פון זיין שטעטל, צי אַפילו פון זיין שטיקל ערד. אָט הערט, וואָס ס׳זאָגט וועגן דעם מנחם:**

— — — — — — — „און אויב עס האָט זיך יאָ
געחלומט פון אַן אַנדער לאַנד, איז עס געווען
נישט ווייט און גליווערדיק, נאָר נאָענט ערגעץ דאָ,
מיט הימלען היימישע און אַלץ אַזוי באַקאַנט״.

**דער גולם פון מהר״ל האָט געקאָנט אין זיך טראָגן, אָדער מ׳האָט אים געקאָנט צושרייבן, אוניווערסאַלע אידייען (ווי למשל ביי ה. לייוויקן) אָבער צוליב זיין פרימיטיווקייט, סטיכישקייט איז ער פאָרט פאַרבליבן דער גולם פון זיין מיליע, דער גולם פון פּראַג, פון מהר״ל פון פּראַג.**

**נאָר לאָמיר דערווייל מיטן סיפור־המעשה גיין ווייטער.**

**צווישן די בחורים, וואָס האָבן געלייענט צוזאַמען אין קרייזל געהיימע ביכער, איז אויך געווען איינער מיטן נאָמען מישאַ. אַ סטודענט, אַ זון פון**

אַ רייכן שטאָט־בעל־הבית. מישאַ פֿלעגט אויף די וואַקאַציעס קומען צו די עלטערן און מיטברענגען מיט זיך די ביכער פֿאַרן קרייזל. אָט דעם מישאַן האָט עס זייער שטאַרק געצויגן צו זאַוולען. ער האָט געהערט פֿון זאַוולען לידער און זיין שפּילן. אָבער נישט דאָס איז געווען דער עיקר, וואָס האָט מישאַן ממש געשלעפּט צו זאַוולען. אים האָט פֿאַרפֿאַלגט אַ משונהדיק געפֿיל פֿון נאָענטקייט צו דעם מאָדנעם פֿאַרשוין, וואָס הייסט זאַוול. ער האָט אַלץ געטאָן, בכדי זיך דערנענטערן צו זאַוולען. ס׳איז מישאַן מעגלעך געלונגען איבערצוצייגן זאַוולען, אַז ער זאָל קומען צו מישאָס עלטערן אין הויז, ווו מען אָרדנט איין אַן אָוונט, אויף וועלכן ס׳וועלן זיין נאָך בחורים און מיידלעך. נאָך שווערע ראַנגלענישן מיט זיך, איז זאַוול געקומען אין גבירס הויז. מ׳האָט אים אויפגענומען ווי אַ גלייכן. ער האָט געשפּילט פֿידל. פֿאַרן אַוועקגיין האָט מישאָס שוועסטער, בעקאַ, געזאָגט זאַוולען, ער זאָל אַריינקומען צוויי מאָל אַ וואָך צו זיי, וועט זי מיט אים לערנען.

אָן אַ וויטיקדיקן גרילץ איז דער אָוונט פֿאַר זאַוולען נישט דורכגעגאַנגען. ביי מישאָס עלטערן האָט געדינט אַן עלטער מיידל, זאַוולס אַ קרובה. זי פֿלעגט זאַוולס מאַמע רופֿן: מומע. דעם אָוונט, ווען זאַוול איז דאָס ערשטע מאָל געווען ביים גביר אין הויז, האָט חיה־ריווע (אַזוי האָט זי געהייסן, די קרובה זיינע) דערלאַנגענדיק זאַוולען אַ גלאָז טיי ביים טיש, הויך אַ פֿרעג געטאָן, אַז אַלע זאָלן הערן: „וואָס מאַכט די מאַמע, זאַוול?" אונטערשטרייכנדיק איר, דער דינסטמוידס, קרובהשאַפֿט מיט זאַוולען.

זאַוול האָט אָנגעהויבן אַריינקומען צו בעקאַן זיך לערנען. דאָס לערנען איז אים אָנגעקומען גאָר שווער. וועגן דעם האָבן מיר שוין אויבן געבראַכט עטלעכע ציטאַטן. פֿאַר אונדזער אַנאַליז פֿון דעם העלד, וואָס הייסט זאַוול רימער איז צום מערסטן אינטערעסאַנט דאָס, אַז זאַוול האָט זיך פֿאַרליבט אין בעקאַן.

3

אייגנטלעך איז עס אַ סענטימענטאַלע געשיכטע לויט אַ באַקאַנטן נוסח. ער, אַן עטלעכע־און־צוואַנציק־יאָריקער אומגעלומפּערטער בחור, אַ קורץ־צער, מיט שווערע פֿיס און האַרטן קאַרק, אַ רימער מיט מאַזאָליעס אויף די הענט און מיט שוואַרצע נעגל פֿון דער אַרבעט, שטענדיק געלעבט אין אָרעמקייט. זי, דעם שטאָט־גבירס טאָכטער, וואָס האָט אויסגעזען, לויט דעם

ווי מנחם באַשרייבט זי, אַזוי: „זון אין אירע קאַשטאַן־האָר, די ברוינע אויגן ליכטנדיקע און פון דער ווייסער בלוזע — אַ ווייסער האַלדז, און ווייסע ציין אין העלן שמייכל״. זי האָט אים ליב געהאַט, ווי מ'האָט ליב אַ בער, וועלכן מענטשלעכע צערטלעכקייטן האָבן געמאַכט מילד. איר ציט צו אים זיין אַנדערשקייט. אָבער איר לעבן שליסט זיך זייער גוט און הונדערט־פּראָצענטיק אויסער אים. אין איר קאָנסטעלאַציע פאַרנעמט ער נישט דאָס מינדסטע אָרט. אין דער אַטמאָספערע, וואָס אַרום איר קאָנסטעלאַציע, האָבן געשוועבט די קלאַנגען פון זיין שפּילן, די ווערטער פון זיינע לידער, אַפילו זיינע ציטערדיקע קושן אויף אירע אויסגעצערטלטע הענט. אָבער אין איר לעבן — איז ער נישט אַריין. דאָרט איז פאַר אים קיין אָרט נישט געווען. ער האָט אויך מער ליב אַלץ, וואָס איז אַרום איר, ווי זי אַליין. ער האָט ליב איר ליכטיקע שטוב און די ווייסע פאָרהאַנגען און די גרינע ביימער, וואָס שיינען אַריין דורך די פענצטער. ער האָט ליב געהאַט שותפות מאַכן מיט איר מאַמען און צוזאַמען מיט איר טראַכטן וועגן „אונדזער בעקאַ״. ער וואָלט אַפילו ליב געהאַט איר חתן, ווען נישט דער פיינלעכער אינצי־דענט מיט אים (זע זייט 49). דער מהר״ל, וואָס איז געזעסן אין זאַוול דעם גולם — האָט אים אונטערגעזאָגט, וואָס ער דאַרף טאָן און ביז וואַנען ער דאַרף גיין. דער גולם זאַוול האָט געמוזט אויסטראָגן און איבערטראָגן די לירישקייט פון די לידער, וואָס זיין מהר״ל האָט אין אים אַריינגעזונגען, אָבער נישט מער.

קיינעם פון איר משפּחה איז נישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן, אַז אפשר ליידט זאַוול פון זיין ליבע צו בעקאַן. אַפילו דעם סטודענט מישאַן, בעקאַס ברודער, זאַוולס גוטער פריינד, אַן אויפגעקלערטער, רעוואָלוציאָ־נערער בחור — אַפילו אים איז אויך דאָס נישט איינגעפאַלן. נישט דערפאַר האָבן זיי וועגן דעם קיין טראַכט נישט געטאָן, ווייל דער קלאַסן־עגאָיזם האָט זיי בלינד געמאַכט, ווייל דער קלאַסן־חילוק צווישן זאַוול דעם רימער און בעקאַן, דעם שטאָט־גבירס טאָכטער, איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין און פילן, וואָס ס'טוט זיך אין זאַוולס נשמה. ניין! בעקאַ האָט גוט געוווּסט און גוט געפילט, וואָס מיט זאַוולען טוט זיך. אַפילו מישאַ האָט אַרויסגעפילט, אַז עפּעס איז געשען צווישן בעקאַן און זאַוולען. אָבער געטראַכט וועגן דעם האָבן זיי נישט. דאָס, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אין זאַוולען, האָט זיי גאָרנישט געשטערט אין זייערע פּלענער. זאַוולס גולמישקייט האָט דאָס געמאַכט, אַז מ'האָט אויף אים גערעכנט, אָבער אים נישט גערעכנט. אין זיין גוף איז געלעגן די האַמעטנעקייט, די שווער־

קייט, אויף וועלכער מען שפּאַרט זיך גערן אָן, אָבער וועלכע מען וויל נישט און ס'איז שווער אונטערצושפּאַרן. זיינע ברייטע פּלייצעס האָבן אָנגעוויזן דערויף, אַז ער קאָן אַ סך אויסטראָגן, מען קאָן אויף זיי אַ סך אָנלאָדענען, אָבער קיינער וויל נישט מיט זיי מיטטראָגן. זאַוול האָט צו בעקאָן אין שטוב און צו איר אַליין געטראָגן אַלץ, וואָס האָט זיך פון אים געפּאַסט פאַר איר שטוב און פאַר איר: זיין ליד, זיין געזאַנג, זיין גוטסקייט, זיין דינסט־גרייטקייט, זיין הכנעה, זיין בענקשאַפט נאָך וואַרעמקייט, נאָך שיינקייט. — געגומען, אָדער ריכטיקער געזאָגט, באַקומען האָט ער גאָרנישט, ווייל ס'געהער נישט צו די רעכט פון גולם צו באַקומען באַצאָלט.

די גאַנצע מאָדנע ליבעשפּיל צווישן זאַוולען און בעקאָן וואָלט זיך זיכער געענדיקט מיט דורכגעווייינטע נעכט און אויסגעזונגענע האַרציקע לידער, ווען נישט דאָס, וואָס זאַוולס „ליבע" צו בעקאָן האָט דעטערמינירט זיין (זאַוולס) באַציִונג צו זיין שפּעטערדיק ווייב, חיה־ריווען.

חיה־ריווע, זאַוולס קרובה, די מויד, וואָס האָט געדינט ביי בעקאָס עלטערן, האָט זיך אָנגעהויבן שדכנען צו זאַוולען. דאָס איז געשען גראָד דעמאָלט, ווען זאַוול איז שוין אַריינגעקומען צו בעקאָן און שוין געהאַט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דעם „טשאַד", פון דעם אַרום איר. קאָן זיין, אַז דאָס, וואָס חיה־ריווע האָט דערזען זאַוולען ביי בעקאָס עלטערן אין שטוב, זיצן מיט זיי ביים טיש, פאַרברענגען מיט זיי — קאָן זיין, אַז דאָס, וואָס זי האָט דערזען זאַוולען אין בעקאָס געזעלשאַפט, דאָס האָט איר גערייצט און איר אַ שטויס געגעבן צו אים. און קאָן זיין, אַז דווקא דאָס, וואָס חיה־ריווע האָט גראָד דעמאָלט, ווען פאַר אים האָט אַ שימער געטאָן דאָס שיינע הויז מיטן שיינעם מיידל, אויסגעקליבן צו שדכנען זיך צו אים, קאָן זיין, אַז דאָס טאָקע, דער קאָנטראַסט צווישן טרוים אוןווירקלעכקייט, צווישן אומדערגרייכבאַרקייט און צווישן דעם, וואָס האָט זיך אַליין אָנגעוואָרפן — דאָס האָט געוועקט זאַוולס האָס צו חיה־ריווען.

ס'איז אינטערעסאַנט וואָס זאַוול האָט נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגע־הויבן אַריינקומען אין גבירס סאַלאָנען, נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגעהויבן דאָרט פאַרברענגען, האָט ער דאָך נישט פיינט געקריגן זיין פאַרוואָרלאָזטע היים. פאַרקערט, די צערטלעכקייט, וואָס האָט אין אים געוועקט בעקאָס מאַמע, האָט ער געוואָלט איבערגיסן אויף זיין אָרעמער, פאַרהאָרעוועטער מאַמע, דער געבויגענער פון לאַסט. נאָר ער האָט זיך געשעמט. אָרעמקייט מאַכט האַרט דעם מענטש, און עפּעס האָבן לויט אים נישט געפּאַסט קיין צערטלעכקייטן צו זיין מאַמעס פאַרדאַרטער, אויסגעטריקנטער האַנט.

זאַוול פלעגט צוריקגיין פון רייכן, ווייסן, באַלויכטעטעם הויז צו זיין אֶביונישער היים אָן פּראָטעסט. ער פלעגט אָן דעם מינדסטן געמורמל טיילן די אָרעמע שלאָפּבאַנק און אויסגעריבענעם שעניק מיט זיין ברודער משה. אַפילו שפּעטער, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה (אין יאָר 1914), ווען זאַוול האָט זייער גוט פאַרדינט — האָט ער אויך נישט געטראַכט צו פאַר־לאָזן זיין היים, בכדי זיך איינצואָרדענען באַזונדער, אין באַקוועמערע און בעסערע באַדינגונגען. זאַוול פלעגט צוריקקומען פון דעם רייכן הויז אין זיין אֶביונישער שטוב, אַזוי ווי דער גולם פלעגט קומען פון שליחותן צוריק אין געטאָ, זיך פאַרנעמען אין אויבערשטן שטיבל פון מהר״לס בית־מדרש און זיך לייגן צווישן אַלטע זעק מיט שימות. ביי דער גאַנצער גוטסקייט זיינער איז דאָך געלעגן עפּעס גולמדיקס אין זאַוולס צוריקגיין אַהיים אָן פּראָטעסט און אין זיין אונטערשטעלן דעם קאָרק אונטער דער לאַסט פון שווערער האָרעוואַניע און אָרעם לעבן, אין דער צייט, ווען ער האָט דאָס געקאָנט אויסמיידן. איין פּונקט פון האַס האָט זאַוול יאָ געהאַט און דאָס איז געווען, ווי שוין אויבן געזאָגט — חיה־ריווע.

4

זאַוולס געשלעכט־לעבן איז אַ האַרב קאַפּיטל פאַר זיך. פאַר בעקאַן איז ער זיך מודה (שוין אַלט־זייענדיק כמעט דרייסיק יאָר), אַז ער האָט נאָך קיין מאָל קיין מיידל נישט ליב געהאַט (זע זייט 41). זאַוולס אויסגעשריי צום טאַטן זיינעם, ווען חיה־ריווע איז אַוועקגעגאַנגען פון זייער שטוב, נאָך איר נישט־געלונגענעם פּרווו זיך צו שדכנען צו אים, זיין געשריי:

„איך וויל נישט הערן, טאַטע! רעד נישט מער
פון חתונות מיט מיר... אַזוי... איך וויל עס נישט!״

קלינגט ווי אַ ווילדער פּראָטעסט פון אַ מענטש, אַ שווער־געשלאָגענעם פון אַן „אָרגאַנען־מינדערווערטיקייט״ (לויט דער טערמינאָלאָגיע פון אַדלערן, דער שאַפער פון דער אינדיווידואַל־פּסיכאָלאָגיע). צו כמעט דרייסיק יאָר הייבן זיך זאַוולען אָן חלומען עראָטישע חלומות, אין וועלכע ער שלעפּט אַריין די טענצערין פון רעסטאָראַן און אַפילו חיה־ריוועס געהרגעטן מאַן. ביי זאַוולען הייבן זיך אָן די עראָטישע חלומות דעמאָלט, ווען ביי אַ נאָרמאַלן מאַנצפּאַרשוין הערן זיי, לויט דער מעדיצין, אויף. (דער גאַנצער עראָטישער

פלאָנטער זאַוולס, וואָס איז מיט גרויס פּסיכאָלאָגישן אמת און דורכדרינג־לעכקייט אויסגעלייגט אויף די זייטלעך 90 ־ 106, בעט זיך אין אַ פּסיכישן אַנאַליז על־פּי נוסח פרויד). דאָך קאָן מען נישט זאָגן, אַז זאַוול איז געווען אָרגאַניש אימפּאָטענט. זאַוול האָט דאָך געהאַט אַ נאָרמאַלע באַציִונג מיט חיה־ריוועץ נאָך דעם, ווי ער האָט מיט איר חתונה געהאַט און זי איז אַפילו טראָגן געוואָרן פון אים. זאָגן, אַז זאַוול איז געווען געשלעכטלעך נאָרמאַל, קאָן מען אויך נישט. באַלד נאָך זיין חתונה מיט חיה־ריוועץ גענענט ער נישט צו איר, און ווען זי ווערט צודרינגלעך — קומט צווישן זיי צו אַ סצענע, וואָס דערמאָנט אין גאַנצן אין דער סצענע צווישן זאַוולען און דער טענצערין אין רעסטאָראַן (וואָס מיר האָבן שוין אויבן ציטירט). די סצענע איז ווידער אַן אַבסאָלוט גולמישע. הערט:

— — — „האַלב דרימלענדיק אויפן געלעגער
דערפילט ער אָרעמס נאַקעטע, און איידער נאָך
ער קען די אויגן עפענען, איז אים דאָס מויל פאַרמאַכט
פון פרעמדן אָטעם. און די הענט, וואָס רייסן זיך
דאָס פרעמדע אָפּצושטויסן, טרעפן אָן אויף פרעמדן לייַב
אין דינעם וועב, און שטאָט עס אָפּשטויסן פון זיך
בייַסט ער זיך איַין אין אירע ליפּן און זיך יאָגנדיק
נאָך איר, פון סאָפּקע גליטשט ער זיך אַראָפּ און פאַלט
און הערט ווי ס׳קלאַפּט זיך אָן איר קאָפּ אָן דיל
און רייַסט דאָס לייַב פון איר מיט ציין און נעגל.
זי פרוּווט זיך ראַנגלען אַ דערשראָקענע פון ווייטאָג,
נאָר מיט זיין ווילדקייט וועקט זיך באַלד אין איר
די קלוגשאַפט פון דער „זי״ און אַ געפּייַניקטע, שטיל זוכט זי
אַרויסצונאַרן אים פון ווילדקייט, אָבער ווילדער נאָך
צערעוועט זיך אין אים די ווילדע לעכצעניש,
ער פּייַניקט זי, ווי ס׳פּייַניקט עס געפאַנגענע אַ חיה,
וואָס קאָן נישט אייַנשלינגען, און דאָך נישט אייַנשטילן אין זיך
דעם דורשט נאָך בלוט — און ווען זי ראַטעוועט זיך אָפּ
קוים לעבעדיק פון זייַנע הענט, איז זי דאָך נישט זייַן ווייַב״.

מען וואָלט גיכער געקאָנט זאָגן, אַז זאַוול איז פּסיכיש נישט געווען צוגעפּאַסט, צוגעאייגנט צו אַ נאָרמאַל סעקסועל לעבן. צווישן זיין פּסיכישן

און פיזישן „איך" האָט עפּעס נישט געשטימט. און פון דעם האָט געשטאַמט זיין סעקסועלע געהעמטקייט. ער איז געווען פיזיש איבערגעלאָדן און דע־ריבער נישט געקאָנט זיך אויסלאָדן אין די ראַמען פון בלויז איין געפיל (דאָס מאָל אין עראָטישן), פּונקט ווי דער ים קאָן זיך נישט מיט אַ מאָל איינפּאַסן אין אַ שמאָלן קאַנאַל. דער מהר״ל, וואָס איז געזעסן אין זאַוולען דעם גולם, האָט דאָס אים אונטערגעזאָגט און אים דערמיט געהעמט. קאָן דעריבער זיין, אַז זאַוולס דערנענטערן זיך צו בעקאַן, וואָלט פאַרביידע געווען אַ קאַטאַסטראָפע. דער מהר״ל האָט אים אויך נישט צוגעלאָזט צו חיה־ריווען. ער האָט נישט געוואָלט (דער מהר״ל), אַז זאַוול זאָל פאַרשווינדן ווערן אין דער חיה־ריוועשער ווירקלעכקייט, ער זאָל נישט צעברעכן אייגנ־הענטיק זיין אויסגעטרוימטע וועלט. זאַוול איז, פּונקט ווי דער גולם, סוף־כּל־סוף צוריקגערופן געוואָרן צו זיין מקור. די גולמישע חומרישקייט פון ביידע (דעם מהר״לס גולם און דעם גולם־זאַוול) האָט דערפירט דערצו, אַז דאָס צוליב וואָס זיי זענען אייגנטלעך באַשאַפן געוואָרן, דאָס האָט מען זיי נישט געטאָרט אָנטרויען, — און זיי אַליין, פאַר זיך, זענען געווען צו ווייניק, אַז זיי זאָלן קענען זעלבשטענדיק עקזיסטירן.

לאָמיר אָבער דערוויל נישט פאַרלירן דעם פאַדעם פון דעם סיפּור־המעשׂה: בעקאַ האָט חתונה. זי פאָרט אַריבער אין אַ צווייטער שטאָט. זי האָט געבוירן אַ קינד. קומט מיטן קינד צו די עלטערן אויף אַ באַזוך. זאַוול קומט צו איר צו־גאַסט. זי וועקסלט קלוג און פלינק איבער זאַוולס ליבע צו איר אויף זיין ליבע צו איר קליין שוועסטערל ליזע.

נאָך נישט־געלונגענע פּרוּוון זיך צו דערשדכנען צו זאַוולען האָט חיה־ריווע חתונה. איר מאַן ווייזט זיך אַרויס פאַר אַ גנב. ער פאַלט עטלעכע מאָל אַריין אין אָסטראָג. אין צווישנצייט ווערט חיה־ריווע טראָגן און געבוירט אַ קינד. חיה־ריווע גיט אָפּ דאָס קינד צו פרעמדע מענטשן און ווערט צו ערשט אַם און שפּעטער צוריק אַ דינסט.

דערוויל ברעכט אויס די מלחמה (אין 1914) און חיה־ריוועס מאַן ווערט פון אָסטראָג געשיקט אויפן שלאַכטפעלד.

זאַוול אַרבעט שווער. זיין פאָטער האָט באַקומען פון אַ פּאָדריאַטשיק, מירקין, אַ גרויסע באַשטעלונג אויף זאָטלען. מ׳אַרבעט פון פאַר טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. זאַוול פאַרוואַרפט כּמעט אין גאַנצן זיין שפּילן אויף דער פידל און זיינע לידער. אָבער גראָד דעמאָלט וועקן זיך אין אים עראָ־טישע בענקשאַפטן. קאָן זיין, אַז דאָס וואָס זאַוולס פיזישע אָנגעלאָדנקייט האָט זיך לעצטנס אויסגעלאָדן אין שווערער אַרבעט — האָט דערמעגלעכט

דאָס אַנטפּלעקן זיך ביי אים פון אַן איינצל־געפיל, פון אַן איינצל־באַגער, פון עראָטישן באַגער. ס׳ציט אים אין גאַס. ער שטייט אָפּ שעהען און קוקט אַריין אין רעסטאָראַן, ווו ס׳טאַנצט אַ האַלב־נאַקעטע טענצערין. דאָרט טרעפט אים אַ מאָל דער פּאָדריאַטשיק מירקין און שלעפּט אים אַריין אין רעסטאָראַן, ווו ס׳קומט פאָר די גולמישע סצענע מיט דער טענצערין (וואָס מיר האָבן אויבן ציטירט).

דערווייל קומט אָן אַ ידיעה, אַז חיה־ריוועס מאַן איז דערהרגעט געוואָרן אויפן פראָנט. „באַלד ווי חיה־ריווע איז אַריין, האָט פון דער בשורה עפּעס אָפּגעריסן זיך ביי אים” (ביי זאַוולען). ער ענדערט זיין באַציִונג צו חיה־ריוועןֹ. ער שפּילט זיך מיט איר קינד, ווען חיה־ריווע ברענגט עס צו זיי צו גאַסט. ער טראָגט עס שפּעטער אַוועק אויף די הענט מיט גרויס צערטלעכקייט צו דער פרוי, ווו דאָס קינד איז אַוועקגעגעבן געוואָרן אויף דערציִונג. ער באַגלייט חיה־ריוועןֹ צו דעם אָרט ווו זי דינט. ווידער דערשיינט ביי זאַוולען אַ שולדגעפיל. „דאָס קויפט ער אויס אַ זינד, וואָס ער איז קעגן מוטער און קינד באַגאַנגען”, זאָגט באָריישאַ.

אין וואָס באַשטייט ווידער זאַוולס זינד קעגן מוטער און קינד? צי אין דעם, וואָס ער האָט אַריינגעשלעפּט זייער געהרגעטן מאַן און פאָטער אין זיינע עראָטישע חלומות (און האַלוצינאַציעס)? נישט בלויז דאָס. אין דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פונעם דרייסיק־יאָריקן זאַוול, שפּילט חיה־ריווע אַ גרויסע ראָל. זאַוול האָסט אייגנטלעך אין חיה־ריוועןֹ זיך אַליין; זיין אומגעלומפּערטקייט, זיין גולמדיקייט, זיין האַמעטנעקייט — וואָס ער האָט דאָך פאָרט ערגעץ־ווו גענומען בירושה; אַזוי אַרום איז חיה־ריווע נאָר אַ קרבן פון זאַוולס האַס צו זיך אַליין. וואָס מער ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז חיה־ריווע איז אומגליקלעך מיט איר מאַן, אַלץ טיפער פאַרוואָרצלט זיך אין זאַוולס אונטערבאַוווּסטזיין זיין שולדגעפיל לגבי איר (און במילא וואַקסט פון דער צווייטער זייט טיפער דער האַס צו איר). ווען חיה־ריוועס מאַן קומט אום, ווערט זאַוולען אויף אַ מינוט בעסער, פרייער. ער הייסט דעם טויטן אַוועקרוימען — דעם אָביעקט פון זיינע עראָטישע חלומות (די טענצערין). אָבער, ווי געזאָגט, נאָר אויף אַ מינוט, ווייל באַלד ווערט אים אַ רחמנות צו זיך אַליין, צו זיין אויסגעבענקטן פרימיטיוון עראָטיזם, אַפילו צו זיין אייגן חרטה־געפיל, צו זיין געפיל פון באַגאַנגענע זינד, פון וועלכע ער וויל זיך שוין נישט באַפרייען.

זאַוולס געענדערטע באַציִונג צו חיה־ריוועןֹ איז אַן אַקט פון עקספּיִאַציע, זעלבסט־באַשטראָפונג. זאָלן אַלע זען, ווי ער טראָגט אויף דער האַנט

אַ קינד פאַרוויקלט אין אַ פּאַטשיילע; זאָלן אַלע זען, ווי ער פירט אַ דינסט איבער דער גאַס. ווען חיה־ריווע זיצט ביי זיי אין שטוב און רעדט מיט זיין מאַמען, ווילט זיך אים אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער. נאָר ניין!

„איצט מוז ער בלייַבן, דווקא בלייַבן דאָ,
זיך צוהערן צו יעדן וואָרט אירן, וואָס ראַצט אין אויער,
און גיין אין גאַס מיט איר און אַלץ וואָס זי פאַרלאַנגט —
און לערנען בלק מיט דעם זאַוולען.״

מיט זאַוולס געענדערטער באַציִונג צו חיה־ריווען פאַרשווינדט נישט זיין פיינטשאַפט צו איר, ווייל עס פאַרשווינדט נישט זיין פיינטשאַפט צו זיך אַליין. ער האָט רחמנות אויף איר — ווייל ער האָט רחמנות אויף זיך. זיין עקספּיאַציע, זיין זעלבסט־באַשטראָפונג עפנט אים אויף פרישע מעג־לעכקייטן פון זינד. ווי שוין געזאָגט, שלעפּט זאַוול אַריין חיה־ריוועס גע־הרגעטן מאַן אין זיינע עראָטישע חלומות און האַלוצינאַציעס — און ער צאָלט דערפאַר. חיה־ריוועס לייב הויבט אים אויף אָן בלענדן פאַר די אויגן — און ער צאָלט דערפאַר. ער צאָלט, נישט־ווילנדיק באַצאָלן, ווייל אייגנט־לעך איז עס דאָך נישט חיה־ריוועס לייב, נאָר ווייבעריש לייב בכלל.

זאַוול צאָלט. ער צאָלט פאַר אַלעם. און ווען ס׳דערנענטערן זיך די חיילות פון שונא און אַלע נעמען זיך גרייטן צו אַנטלויפן פון דער שטאָט — רוקט זיך זאַוולס משפחה אָפּ פון חיה־ריווען. נאָר ער איינער, זאַוול, ער פאַרלאָזט זי נישט. ער לאַדעוועט אַרויף אירע פּעק אויף זייער פור (די פור פון זאַוולס משפחה). ער מאַכט אַן אָרט אין וואַגאָן פאַר איר מיטן קינד. ער באַזאָרגט זיי מיט אַלעם נויטיקן. ער צעקריגט זיך אַפילו מיט זיין טאַטן און באַקומט פון אים אַרויס געלט איינצוקויפן עסן פאַר חיה־ריווען מיטן קינד.

ער לויפט, ער טראָגט, ער שלעפּט, ער ברענגט. ער איז אַריינגעטאָן אין זיין גולמישער סטיכיע. עס באַפאַלט אים, זאַוולען, אַ פריידיקע אויפ־געבונדנקייט. אים איז גוט, וואָס פּלוצעם האָט זיך דער נעכטן אָפּגעשניטן פון מאָרגן. אים איז גוט, וואָס זיין שטיקל ערד, אויף וועלכן ער איז אַזוי פיל יאָרן געשטאַנען, איז פּלוצעם אַנטלאָפן אונטער די רעדער פון וואַגאָן. ווען די מאַסע מענטשן — אין די טויזנטער — זענען געלעגן אַרום אים אין הויף — דערשיטערטע פון דעם פּלוצעם־געשעענעם; ווען אַלע האָבן געהאַט פולע אויגן מיט פחד פאַר דעם אָנקומענדיקן מאָרגן; ווען אַלע

זענען געווען אָנגעשראָקן פונעם שטומען נישט־וויסנדיקן וווהין — איז אים, זאַוולען, געווען גוט. זאַוול, וואָס איז געווען איינגעוואָקסן אין זיין שטיקל ערד, צונויפגעוואָקסן מיט זיין שטעטל, צוגענעגלט צו זיין שטיקל דיל, דער זאַוול, וואָס איז זיכער קיין איין מאָל אין זיין לעבן נישט אַרויס־געפאָרן פון זיין שטאָט, זאַוול, דער עומד, דער אייביקער „שטייער״ — אָט דער זאַוול, דער גולם, האָט אין דער ערשטער הימלאָזער נאַכט — אין אָנבליק פון אַ גרויסן אומגליק, וואָס האָט פאַרטריבן פון די היימען צענד־ליקער טויזנטער — אין אָט דער נאַכט האָט זאַוול דערפילט די וואָג און דעם גורל פון אַ „גייער״. און זאָל דאָס זיין אַ גייער, וואָס ווערט געטריבן מיט אַ קאָזאַצקער נאַגייקע, אַ גייער אָן אַ ציל, אָן אַ וווהין און אָן אַ פאַר־וואָס — אָבער פאָרט אַ גייער.

געווען איז דאָס די ערשטע היימלאָזע נאַכט פאַר טויזנטער און די ערשטע דערהויבענע נאַכט — פאַר זאַוולען. אין דער דאָזיקער נאַכט האָט זיך זאַוולס גולמישקייט אַ וואַקל־געטאָן; אין אָט דער נאַכט האָט ער (צום ערשטן און צום לעצטן מאָל אין זיין לעבן) געקענט אפשר האָבן אַ שליטה איבער זיין אייגענעם גורל.

ווען ס׳איז אויפגעגאַנגען דער טאָג איז פאַרפאָרן אַ באַן. און זאַוול האָט ווידער געשלעפּט די פּעק, ווידער אַלץ באַזאָרגט, געזאָרגט פאַר חיה־ריוועזן מיט איר קינד. און ווען מ׳האָט זיך באַזעצט אויפן נייעם אָרט, אין אַ בלאָטיק קליין שטעטל, האָט מען אים, זאַוולען, אויך פאַרזאָרגט — מ׳האָט אים חתונה־געמאַכט מיט חיה־ריוועזן.

פאַר וואָס האָט זאַוול חתונה מיט חיה־ריוועזן? צי האָט ער זי ליב באַ־קומען? צי האָט ער זי איצטער כאָטש ווייניקער פיינט ווי פריִער?

זאַוול האָט מאָטעריעל אויסגעהאַלטן חיה־ריוועזן. ער פלעגט איר צאָלן וואָכנגעלט, פּונקט ווי זיין טאַטע פלעגט עס טאָן צו זיין מאַמען. פאַר וואָס האָט דאָס דווקא זאַוול געטאָן? מיט וואָס איז ער געווען מער מחויב פון אַן אַנדערן לגבי חיה־ריוועזן? אַזוי איז עס. ווייל קיינער וואָלט חיה־ריוועזן גאָרנישט געגעבן — און שוין זיכער נישט אויף קיין אויסקום — וואָכנ־געלט — האָט דאָס זאַוול געטאָן. ווי דען? אויף דעם איז דאָך זאַוול אַ גולם (צי גאָר אַ מלאך?), ער זאָל טאָן דאָס וואָס קיינער וועט נישט טאָן. האָבן טאַקע מענטשן געהאַלטן, אַז ער טוט נאָך צו ווייניק פאַר איר, אַז ער דאַרף נאָך מיט חיה־ריוועזן חתונה־האָבן אויך. מילא, אויף מענטשן, אַפילו אויפן אייגענעם טאַטן, האָט ער זיך נישט אומגעקוקט. אָבער, אַז די קליינע מאַמע זיינע האָט דאָס זאַוולען געזאָגט — האָט ער חתונה געהאַט.

ער איז געשטאַנען אונטער דער חופּה, שפּעטער אָפּגעגעסן אַ שטילע חתונה־וועטשערע און דערנאָך געגאַנגען מיט חיה־ריוועז, וואָס האָט גע־טראָגן איר שלאָפּעדיק קינד אויף די הענט, אַהיים — אין געדונגענעם קאַמער. אָבער מער גאָרנישט. אין זיין לייב איז פאַרבליבן אַ גרויסער פּראָ־טעסט, זיין לייב האָט געהאַסט חיה־ריוועז (כאָטש ס׳האָט אים געצויגן צו איר, און אפשר טאַקע דערפאַר האָט ער זי געהאַסט). זאָל האָט נישט געטרויט זיין לייב, ער האָט זיין לייב געהאַסט (און אין זיין אייגן לייב האָט ער געהאַסט חיה־ריוועס לייב). ער האָט זיך דערמיט געעקלט, ווייל דער מהר״ל, וואָס איז געזעסן אין אים, האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז זיין לייב איז נאָך תּוהו־ובוהו, אַז זיין לייב איז נישט קיין אַרטיקולירטער (אויב מ׳קאָן זיך אַזוי אויסדריקן) חומר.

זאָולס גורל איז ווי דער גורל פון מהר״לס גולם. ער איז אַ באַשע־פעניש פון די ששת ימי בראשית, פון די טעג פון יצירה, ווען גוף און נשמה העמערן זיך ערשט אויס אַ וועג אין (זיין) וועזן (אין דער אידייע — לויט פּלאַטאָנען). זאָל איז אַ געמיש (אַן פּראַפּאָרצן) פון גוטס און שלעכטס, פון צערטלעכקייט און ברוטאַלקייט, פון היפּער־עמפּינדלעכקייט און חיהש־קייט. מנחם האָט, אַזוי צו זאָגן, אויף אונדזערע אויגן אין זאָולען געוואָלט באַהעפטן גוף און נשמה. געוואָלט טאָן דאָס זעלבע וואָס דער מהר״ל. ער האָט געמיינט, אַז מיט דער פעדער וועט דאָס אים גיכער געלינגען, ווי מיטן שם־המפורש. — און טאַקע אויך מער נישט באַשאַפן ווי אַ גולם.

אין זאָוולען, דעם גולם, אין אים גופא איז אָבער געזעסן דער מהר״ל. זאָול געטרויט זיך אַליין נישט, ער געטרויט נישט זיין גוף — און ער איז גליקלעך, ווען ער ווערט געוואָר, אַז חיה־ריווע האָט ענדלעך געמפּילט די „צופעליקע״ פּרוכט פון זיין איינמאַליקער פאַרבינדונג מיט איר.

5

אין דער נישט־אַרטיקולירטקייט פון זאָולס וועזן ליגט די פּאָעטישקייט פון מנחם באַריישאַס ווערק, וואָס הייסט: „זאָול רימער״. ווען מען זאָל מעגן מאַכן כאָטש אַ קינסטלעכן פונאַנדערטייל (ווייל פּאַקטיש עקזיסטירט נישט אַזוינס) צווישן דיכטונג און פּאָעזיע, וואָלט מיר געקענט זאָגן אַזוי: דיכטונג איז דאָס אויסקריסטאַליזירטע, דאָס אויסגעלייטערטע, דאָס דע־מאַטעריאַליזירטע פון דער פּאָעזיע, און פּאָעזיע — דאָס פּערמענטירנדיקע, דאָס נישט־באַשטימטע, דאָס מאַטעריעלע, דאָס תּוהו־ובוהודיקע פון דער

דיכטונג. קורץ: דיכטונג איז דאָס שוין באַשאַפֿענע און פּאָעזיע איז דאָס וואָס ס׳דאַרף ערשט באַשאַפֿן ווערן. דעמאָלט וואָלטן מיר אויך געזאָגט, אַז „זאַוול רימער״ איז אַ הונדערט־פּראָצענטיק פּאָעטיש ווערק און דער „גייער״ — אַ הונדערט־פּראָצענטיק דיכטעריש ווערק. כאָטש דער גורל פֿון נחן דעם „הולך״ איז דער זעלבער, ווי פֿון זאַוולען דעם „עומד״ — איז אָבער זאַוול רימער — דער וועג פֿון מעשׂה צו מחשבה אין דער צייט, ווען דער „גייער״ איז דער וועג פֿון מחשבה צו מעשׂה.

צום מיינסטן פּאָעטיש פֿון אַלע אומצאָליקע פּאָעטישע שטעלן אין „זאַוול רימער״ איז די טייל אין אַכטן קאַפּיטל, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווער־טער: „שטערן צינדן זיך אָן״ און דערגייען ביזן סוף פֿון קאַפּיטל. אין דעם ברייטן, ווייסן, עפּישן פּערז איז פֿאַראַן אַן אויפֿגעפּראַלטקייט, גלייך ווי ס׳וואָלטן זיך מיט אַ מאָל אויפֿגעעפֿנט אַלע פֿיר טירן פֿון אברהם־אָבינוס הויז אויף אַלע פֿיר זייטן צו דער וועלט. זאַוול איז ערשט זיכער איצט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געפֿאָרן מיט אַ באַן. ער האָט דערזען די וועלט אין דרויסן, די וועלט, פֿון וועלכער ער האָט אינערלעך קוים געאָנט, און ער הערט אינעם געקלאַפּ פֿון די רעדער אין וואָרט: „הייליק, הייליק, הייליק...״ זאַוול — דאָס וועזן פֿון די טעג פֿון יצירה — האָט זיך דאָ ווי צונויפֿגעשפּילט (סינכראָניזירט) מיט די כּסדר זיך ענדערנדיקע (לויט זיין באַגריף און געפֿיל: זיך שאַפֿנדיקע) בילדער. זאַוול, דער „עומד״ איז טאַקע נישט געגאַנגען פֿון מדרגה צו מדרגה, אָבער מדרגות זענען דורכגעגאַנגען דורך אים, זיך אַדורכגעקייקלט, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט לאַנג זיך אין אים אויפֿצוהאַלטן.

אין דעם העלד, זאַוול רימער, באַזינגט באַריישאַ אַ שטייענדיק וואַ־סער. זיינע צופֿלוסן און אָפּפֿלוסן זענען אָפּהענגיק נאָר און אויסשליסלעך פֿון דרויסנדיקע באַדינגונגען: פֿון דער שאַרפֿקייט פֿון דער זון, וואָס טריקנט עס אויס און פֿון די רעגלמעסיקייטן פֿון די רעגנס, וואָס טרינקען עס אָן. זאַוול איז נישט קיין פֿאַרטראַכטע, קיין קאָנטעמפּלאַטיווע נאַטור, ווי ס׳קאָן זיך אויסדאַכטן. ער איז נאָר אַן אויסערגעוויינלעך־פֿילבאַרער אינסטרומענט אויף וועלכן ס׳שפּילט אַזוי גוט דער פּאָעט מנחם באַריישאַ. זאַוול איז ווי אַ סייסמאָגראַף, וואָס איז זייער פֿילבאַר אויף דרויסנדיקע ענדערונגען — אָבער ער אַליין ענדערט זיך נישט. פֿאַרקערט, וואָס מער דער סייסמאָגראַף איז פֿילבאַר אויף דער מינדסטער אויסערלעכער ענדערונג, אַלץ מער דאַרף ער זיין געמאַכט פֿון אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס ער אַליין בעצם זאָל נישט אונטערליגן קיין שום אינערלעכע ענדערונגען. זאַוולס אינערלעכקייט,

זאַוולס גוטסקייט איז, ווי געזאָגט — אַ שטייענדיק וואַסער. מע קאָן דערפון שעפּן, אויב מ׳האָט מיט וואָס. אָבער אַליין גיין אויף אַ וועג און אָנטריבּ־קען עפּעס, צי בלויז פּיכט מאַכן די ראַנדן פונעם וועג — דאָס איז עס נישט בכּוח.

זאַוול האָט חתונה מיט חיה־ריוועז. אָבער זי איז נישט זיין ווייב. זי קאָן, אַ פּנים, זיין ליבע נישט וועקן צו זיך. ער געטרויט נישט איר ליבּ, וויל ער געטרויט נישט זיין אייגענעם גוף. ער איז צו איר גוט, ער וואָלט געוועז צו איר נאָך בעסער — ווען זי איז נישט צודרינגלעך און וויל נישט דורכויס זיין אים אַ ווייב. דעמאָלט, ווען זי ווערט צודרינגלעך, באַקומט ער זי פיינט, האָסט ער זי. אין דער אומברחמנותדיקער גלייכגילטיקייט פון זאַוול דעם „ער״ צו חיה־ריוועז די „זי״ — ליגט אַ שטיק פון זאַוולס גולמישקייט. דער גולם קאָן טאָן גוטס, אָבער ער קאָן נישט זיין גוט, פּונקט ווי ער קאָן טאָן שלעכטס נישט־זייענדיק שלעכט. דער גולם איז בעצם גאָרנישט, ער איז נאָר דאָס וואָס ער טוט. דער גורל פון דעם גולם — איז ווי דער גורל פון מלאך. דער מלאך איז אייגנטלעך אויך אַ גולם, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס ער ווערט באַשאַפן דורך גאָט. (פון דאַזיקן שטאַנדפּונקט אויס איז די עקזיסטענציאַליסטישע וועלט־אַנשויונג געבויט אויף אַ מלאך־גולם־קאָמפּלעקס, וואָס נעמט זיך פון אונדזער אומבאַוווסטזיניקן קומען אויף דער וועלט, פון דעם „על כרחך אתה נולד״).

זאַוולס גלייכגילטיקייט צו חיה־ריוועס פּרויעשן גורל — איז גולמיש. אים אַרט נישט, וואָס זי „שלעפּט״ זיך אַרום מיט זעלנער, וואָס זי פאַרקויפט איר לייב פאַר אַ פּעקל שאָקאָלאַד, פאַר אַ ביסל צוקער. אַפילו דעמאָלט קאָן ער איר טאָן גוטס — אָבער זיין גוט — קאָן ער נישט. הערט אַן אויסצוג פון אַ שמועס צווישן זאַוולען און חיה־ריוועזן נאָך אַ שווערן שטורעם צווישן זיי:

„פאַר וואָס האָסטו געמאַכט פון מיר אַזוינס, איך זאָל די גאַס
נישט קאָנען דורכגיין. זאָג! — וואָס אַרט עס דיר?
זיי רעדן — זאָלן זיי! — און דו? דיר אַרט עס גאָרנישט?
דיר אַרט נישט, וואָס דיין ווייב... מען דאַרף נישט וועגן דעם.
דערמאָן נישט מער און שוין.״

און ווען זי ווערט אַן אויפגעטייעטע, פרעגט זי אים פאַרשנדיק — צי ער וועט לעבן מיט איר, ענטפערט ער אַזוי:

„אַט זעסטו חיה־ריווע, מיינסט איך האָב דיך פֿײַנט?
נישט אמת. כ׳האָב דיר אַלע מאָל געוואָלט דאָס זאָגן.
דו דאַרפֿסט נישט זײַן אין כּעס אויף מיר, פֿאַרקערט.
איך וויל, אַז דיר זאָל גוט זײַן. בין איך גרייט פֿאַר דיר
גיין אַרבעטן, פֿאַרדינען — אַלץ, דו הערסט? און מיינסט —
איך בין אין כּעס אויף דיר דערפֿאַר — דו ווייסט — נישט אמת.
כ׳וועל אַלע מאָל זײַן גוט צו דיר, נאָר — דאָס — מען דאַרף עס
נישט.״

ער קושט זי, ער גלעט זי, „נאָר — דאָס — מען דאַרף עס נישט״ — הערט זי פֿון זיין מויל, ווי אַ שווערן פּסק־דין. זי פֿאַרשטייט אים נישט, ווייל זי קאָן נישט טראַכטן (זי קאָן קלערן, נאָר נישט טראַכטן).

נאָך יאָרן פֿון אַרבעט, פֿון אַרומוואַלגערן זיך, פֿון מאַטערניש און נויט, פֿון דעם שרעקלעכן קאָשמאַר פֿון ווינען מיטן „ווייב״ חיה־ריווען צוזאַמען — קומט זאַוול צוריק אַן אין זיין חרוב שטעטל נאָך דעם ווי די פֿרעמדע חיילות זענען פֿון דאָרט אָפּגעטראָטן.

און ווידער באַפֿאַלט אים — ביים אָנבליק פֿון דער חרוב־געוואָרענער שטאָט — אַן אויפֿגעבונדנקייט, אַ פֿאַרפּלייצעניש — ער וויל אויסברעכן אין אַ געיאָמער, אָבער נעבן אים יאָמערט שוין חיה־ריווע.

זאַוול וואַרפֿט זיך אַריין אין דער אַרבעט. ער העלפֿט יעדן איינעם בויען, מויערן, פֿאַרריכטן, אויפֿשטעלן. פֿאַר זיך טוט ער גאָרנישט. מיר האָבן שוין אויבן געבראַכט אַ ציטאַטע פֿון זאַוולס גולמדיק פֿאַרהאַלטן זיך אין דער דאָזיקער צייט. ער ווערט דער גולם פֿון זיין שטעטל, וואָס בויט זיך צוריק אויף אויף ס׳ניי.

שפּעטער קומט מישאַ, בעקאָס ברודער, דער דאָקטאָר. דאָס הויז פֿון זיינע עלטערן איז געבליבן שטיין גאַנץ, נאָר קיינער איז נאָך נישט געקומען צוריק, נישט טאַטע־מאַמע און נישט ליזע. מישאַ פֿאַרטראַכט איינצוארדענען אין זייער הויז אַ צייטווייליק שפּיטאָל. זאַוול שטעלט זיך אַרבעטן מיט אים. זאַוול דערנענטערט זיך שטאַרק צו מישאַן. ס׳געדויערט נישט לאַנג און זאַוול קלאַפּט זיך אויף אַ טאַפּטשאַן, שטעלט אים אַריין צו מישאַן אין קאַבינעט און ביידע זענען זיי צוזאַמען סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט.

ס׳איז אָן שום ספק, אַז זאַוול האָט געבענקט נאָכן ווייסן הויז, וווּ בעקאָס עלטערן האָבן אַ מאָל געהאַט געוווינט, און איצט איז דאָרט פֿאַראַן דער שפּיטאָל, מישאַ און ער, זאַוול. ס׳איז שווער צו זאָגן צו ווען און צו

וואָס זאַוול האָט געבענקט. צי נאָך די ווייסע וועגט פון די גרויסע שטובן? צי נאָך די ביימער וואָס האָבן אַריינגעקוקט דורך די פענצטער? צי נאָך בעקאָס גאַנצער משפּחה? צי נאָך עמעצן פון זיי? צי נאָך דער וואַרעמקייט פון דער ווייסער היים? צי נאָך דער גאַנצער יום־טובדיקער אַטמאָספער פון דער רייכער שטוב? גיכער פון אַלץ האָט ער געבענקט נאָך עפּעס, וואָס האָט אין זיך כּולל געווען דאָס אַלץ, וואָס איז געווען אַן עמאַנאַציע פון דעם אַלעמען. קיין באַשטימטע, קאָנצענטרירטע (אויף איין פּערזאָן, אָדער קעגנשטאַנד) בענקשאַפט האָט ער נישט געהאַט. אין אים האָט זיך עפּעס געבענקט. אין אים, דעם עומד, דעם שטייענדיקן וואַסער — האָט זיך עפּעס געטאָן. ער האָט געהאַלטן, אַז ער האָט געפונען אַ ציל אין זיין לעבן. ס׳איז אים אפשר דאָס ערשטע מאָל אין לעבן גוט געווען, ווייל ער האָט נאָך קיין מאָל אַזוי אומבאַשטימט נישט געבענקט ווי דאָס מאָל. מנחם זאָגט, אַז „זאַוול האָט זיך אויסגעהיט דערמאָנען מיט אַ וואָרט פון די, וואָס פעלן אין דעם הויז". ער האָט עס נישט געטאָן אויס דעליקאַטקייט, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געוואָלט צעשטערן מיט קיינעמס, אַפילו אויסאימאַזשינירטער, אַנוועזנקייט — די אומבאַשטימטקייט פון נאָ־מענלאָזער בענקשאַפט.

זאַוול שטעקט זיך אָן אין שפּיטאָל מיט אַ שווערער קלעפּיקער קראַנק־הייט. ווען ער כאַפּט זיך אויף נאָכן קריזיס, זעט ער אַרום זיין בעט אַ סך נאָענטע; חיה־ריוועס מאַמע, דעם טאַטן, אָבער קודם־כּל דערזעט ער ליזען. אויף חיה־ריוועס קוקט זיך זאַוול אַפילו נישט אום. ער ענטפערט איר כּמעט נישט אויף אירע פראַגן. אָבער מיט ליזען רעדט ער אַ סך, יעדן טאָג זיצט זי אָפּ שעהען לאַנג נעבן זיין בעט.

און ווען זאַוול ווערט געזונט זענען שוין אַלע דאָ צוריק אין ווייסן הויז. אין דער שטוב איז שוין מער קיין רחבות נישטאָ. אָבער דאָך ווילט זיך אַריינברענגען אַ ביסל שטימונג, אַ ביסל פריילעכקייט אין הויז. בעט מען ווידער זאַוולען, ער זאָל ברענגען די פידל און שפּילן אין אַ מוצאי־יום־טוב.

זאַוול גנבעט אַרויס די פידל פון אונטער חיה־ריוועס בעט. דאָרט האָט זי געהאַט באַהאַלטן די פידל. זי האָט געפילט, אַז ווען די פידל וועט זיך ווידער לאָזן הערן אין דער ווייסער שטוב — וועט שוין פאַר איר אַלץ זיין פאַרפאַלן. אָט הערט:

„עס איז געווען אַ גנבה — דאָס אַרויסשלעפּן די פּידל
פון אונטער חיה־ריוועס בעט, ווו ס'איז געשטאַנען ווי אַ משכּון,
און לויפנדיק אין גאַס מיט דעם ביַי נאַכט האָט ער געפילט,
אַז עפּעס גרעסער פון דעם שאַכטל האָט ער ביַי איר צוגעגנבעט,
און מיט דעם ערשטן ציטער פון די סטרונעס דאָרט אין הויז,
וועט אַלץ, וואָס איז נאָך צווישן זיי געהאַנגען ווי אַ פאָדעם,
צעשניטן ווערן, ווי אַ שער זאָל עס צעשניַידן"...

פאַר וואָס טוען זיי דאָס? פאַר וואָס ציִען זיי — פריידע, חיים־לייב און מישאַ — ווידער אַריין זאַוולען אין זייער קרייז? זיי זעען דאָך ווי דאָס דערוויטערט זאַוולען פון זיין אייגן ווייב און זיי זעען דאָך ווי דאָס דער־נענטערט אים צו ליזען. זיי אַרט דאָס נישט, ווי ס'האָט זיי נישט געאַרט, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין בעקאַן. זיי ווילן נאָר נעמען פון זאַוולען — און האָבן אים (דעם גולם) גאָרנישט בדעה צו געבן. זאַוול אַליין מיינט אויך גאָרנישט און וויל אויך גאָרנישט. ער שפּילט און זינגט און זיין גע־זאַנג הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אָט זענען מיר דאָך אַלע ווידער דאָ" — און זינגט זיך צו מיט אַ רעפריין: „אַבי מיר זענען אַלע ווידער דאָ". ער מיינט ווידער אַלע.

ליזע אַליין פאַרשטייט נישט זיין גולמישקייט. זי איז נאָך צו יונג דערצו. און ווען זאַוול דערציילט איר די מעשה מיטן בער, כאַפּט זי זיך עפּעס, אָבער נישט אויף לאַנג.

אָט אין וואָס עס גייט אין דער מעשה: זאַוול דערציילט, אַז ווען מ'האָט זיי אָנגעהויבן יאָגן פון דער היים, האָבן זיי נישט געהאַט וואָס צו עסן און ווו צו שלאָפן און ס'איז געווען שלעכט. איז ער איין מאָל אַריינגעגאַנגען אין דערבייאיקן וואַלד און פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן. פּלוצעם האָט זיך באַ־וויזן אַ בער. אין אָנהויב האָט ער זיך פאַרן בער געשראָקן. ער האָט גע־נומען לויפן — איז אים דער בער נאָכגעלאָפן. זאַוול איז אַזוי לאַנג געלאָפן ביז ער איז אומגעפאַלן. דער בער איז געשטאַנען נעבן אים. געמיינט, דער בער וועט אים אויפעסן. אָבער ניין. דער בער איז גאָר געווען אומעטיק און גענומען זאַוולען קושן, לעקן מיט דער צונג. זאַוול איז געבליבן מיטן בער אין וואַלד. דער בער איז זייער גוט געווען צו זאַוולען. אָבער זאַוול האָט געפילט, אַז אויב ער וועט זיך נישט באַפרייען פונעם בער, וועט ער שוין מוזן אויף שטענדיק מיט אים בלייבן. און זאַוול האָט גאָר שטאַרק געבענקט אַהיים. זאַוול האָט מורא געהאַט, אַז דער בער זאָל אים נישט דערשטיקן

פון ליבשאַפט. איין מאָל האָט זאַוול געכאַפּט אַ גרויסע שטשאַפּע האָלץ און דעם בער דערלאַנגט איבערן קאָפּ. דער בער איז אַוועקגעפאַלן פריטש־מעליעט. און דעמאָלט איז זאַוול אַנטלאָפן צוריק אַהיים.

און ליזע פרעגט: — „און ער, דער בער? לעבט ער?" ענטפערט זאַוול: — „מסתמא לעבט ער, יאָ, ער לעבט אַוודאי". זאָגט ליזע:

— „איז בענקט ער דאָך נאָך אייַך. נישט גוט געווען אַזוי צו טאָן.
ער האָט אייַך ליב געהאַט — און איר האָט אים מיט אַ האָלץ איבערן קאָפּ
און זענט אַנטלאָפן, פע, נישט שיין!" —

ליזע ווייסט נישט וועגן זאַוולס גולמישקייט. זי ווייסט נישט, אַז ער קאָן טאָן גוטס, אָבער ער קאָן נישט זיין גוט. און זאַוול, וואָס דערציילט ליזען וועגן דעם בער (חיה־ריוועץ) — זעט נישט, פילט נישט, אַז דער בער איז אייגנטלעך — ער אַליין — און אַז דאָס וועט ער גאָר גיך באַקומען מיט אַ האָלץ איבערן קאָפּ.

אין שטאָט קומט פאָר אַ פּאָגראָם. די פּאָגראָמשטשיקעס רייסן זיך אויך אַריין צו די קראַנקע אין שפּיטאָל. דאָ קומט פאָר די גולמישע סצענע (ציטירט פריִער), אין וועלכער די פּאָגראָמשטשיקעס דערשרעקן זיך פאַר זאַוולען, פאַר זיין פאַרשטיינערט געשטאַלט און — זיי ציִען זיך צוריק. אָבער אונטן, אונטערן שפּיטאָל, איז דאָ אַ בית־יתומים, אונטן איז דאָ חיה־ריוועץ. און ווען דאָ אין שפּיטאָל שטעלט ער איין זיין לעבן פאַר די קראַנקע — טוט ער זיך קיין ריר נישט, בכדי צו קומען צו הילף די באַפאַלענע קינדער און חיה־ריוועץ.

„פון אונטן שרייַט מען שוין. דער גאַנצער בית־יתומים שרייַט.
און אין דער מיט קומט אויף אַ קוויטש, דערנאָך אַ רוף נאָך הילף.
די טיר איז אָפן. זאַוול קען דאָס קול און הערט,
ווי ס'לאָזט זיך אויס דער רוף. ער הערט און רירט זיך נישט
און ווייסט פאַר וואָס ער רירט זיך נישט און פילט,
ווי שטייענדיק אַזוי ווערט ער פאַרפלייצט פון אַ גזלנות,
וואָס פאַרבט זייַן בלוט מיט פינצטערניש, און שוואַרץ ווי טינט
איז דאָס, וואָס רינט אין אים פון נאָגל ביזן קאָפּ. ער ווייסט,
אַז ער וועט אייביק מוזן אומטראָגן אין זיך דעם שוואַרצן סם
פון זייַן פאַרברעכן איצט און צאָלן, צאָלן לעבנלאַנג,

נאָר מיט דעם שוואַרצן וויסן גראָבט זיך טיפער איַין
די מערדערלעכע האַרטקייט און ער שטייט און וואַרט
ביז אונטן וועט עס שטום ווערן.״ —

קדושה און טמאה, הייליקייט און פאַרברעכן געפינען זיך אין זאַוולען, שטייען נעבן זיך, נישט אַנרירנדיק איינע די צווייטע. פון איין זייט — זיך איינשטעלן דאָס לעבן פאַר די קראַנקע, פון דער צווייטער זייט — גאָרנישט טאָן, בכדי צו פאַרשטעלן חיה־ריוועץ פון די רוצחישע הענט. ער האָט זיך צוגעהערט צו דעם וואָס טוט זיך אונטן, ווו חיה־ריווע איז געווען, אָבער קיין טריט נישט געטאָן, בכדי זיך איינצושטעלן פאַר איר. ער האָט גע־וואָלט, מ׳זאָל זי מטמא זיין, און אפשר האָט ער גאָר געוואַרט מיט אַ פאַרטייעטער חיהשער האָפענונג, אַז מ׳זאָל זי, חיה־ריוועץ אומברענגען? ס׳קאָן זיין.

זי איז נישט אומגעקומען. אַ פאַרפייניקטע האָט זי זיך שפּעטער אַרויפגעדראָפּעט אויף די שטיגן צו אים אין שפּיטאָל אַריין. זי וואַרפט אים אין פּנים זיין פאַרברעכן און פאַלט פון דערשעפּטקייט ביי זיינע פיס. ער נעמט זי אויף די הענט און לייגט זי אַוועק אויף אַ בעט. זיין גולמדיקע אומדערבאַרעמקייט גייט אָבער אַזוי וייט, אַז ווען ער דערמאָנט זיך אַ מינוט שפּעטער, אַז ער האָט זי געטראָגן אויף די הענט — נעמט ער און וואַשט זיי אָפּ.

דערווייל געשעט אין וייסן הויז דאָס זעלבע מיט ליזען, וואָס ס׳איז געשען אין בית־יתומים מיט חיה־ריוועץ. זאַוולען איז אַפילו נישט איינ־געפאַלן, אַז דעם וייסן הויז קאָן בכלל עפּעס געשען. אין זיין מחשבה האָט זיך אָט וואָס געטאָן:

„דאָרט ווייַט אין מוח, ערגעץ זייער ווייַט האָט זיך געראַיעט אַ געדאַנק
פון נאָך אַ הויז, וואָס שטייט, ווי דאָס, אַליין און פינצטער,
נאָר מיט אַ בלינדן אָפּוועד האָט ער עס געטריבן ווייַטער,
און ס׳איז פון אָנהויב נישט געווען קיין שרעק אַפילו —
אַזוי משוגע־ווילד איז אויסגעקומען צו פאַרבינדן
די פינצטערניש פון דאָ מיט יענעם הויז.״

אָבער דער גורל האָט געוואָלט אַנדערש. דער גורל האָט נקמה גענומען אין זאַוולען פאַר זיין גלייכגילטיקייט צו חיה־ריוועץ. דאָס וואָס אים האָט

אויסגעזען צו זיין אומבאַרירבאַר, האָט נישט אויסגעמיטן די אומצוכט, די אומריינקייט. נאָר אַזוי אומבּרחמנותדיק, גוֹלמיש שלעכט, ווי ער איז געווען צו חיה־ריוועז, וואַשגדיק זיך די הענט מיט וועלכע ער האָט זי באַרירט, אַזוי גוֹלמיש גוט גייט אויף, ביי ליזעס בעט, זיין געבעט צו גאָט מיט די דאָזיקע ווערטער:

„מיין גאָט, איצט ווייס איך און פאַרשטיי,
ווי וואָלט איך דען געקומען צו דער ריינקייט,
ווען ס'וואָלט אויף איר קיין אומצוכט נישט געפאַלן,
און ווי וואָלט איך זיך אויפגעהויבן אין דער הויך,
ווען כ'וואָלט זיך אויף דער ערד נישט אויסגעוואַלגערט?"

ווען זאַוול קומט אָן צו מישאָס עלטערן אין הויז — ליגט ליזע אין אַ שווערן שאָק. זי רעאַגירט נישט אויף קיין שום זאַך, אָבער זאַוולס אַנוועזנהייט פילט זי אויס. זי ענטפערט נישט אויף קיינעמס רייד — אַחוץ אויף זאַוולס. קיינער קאָן ביי איר נישט פּועלן, אַז זי זאָל עפּעס טרינקען, צי עסן — אַחוץ זאַוול; מיט קיינעם וויל זי נישט בלייבן אין איין שטוב — אַחוץ מיט זאַוולען; אין קיינעמס אַנוועזנהייט דרעמלט זי נישט רויִק איין — אַחוץ אין זאַוולס.

זאַוול בלייבט אַ גאַנצן טאָג ביי ליזעס בעט, ער בלייבט אויך אויף ביינאַכט. זי בעט אים ער זאָל זי קושן — און ער קושט זי. אין אַנהויב צאַרט, און דערנאָך שטאַרק, ווי שטאַרק ס'איז די פּאָר אַלע צייטן אָנגעזאַמלטע בענקשאַפט. „דאָס ערשטע מאָל, דאָס ערשטע אמתדיקע מאָל אין גאַנצן לעבן קושט ער". זי שלאָפט איין „און דער טשאַד פון זיסער שיכּרות הייבט אָן ברענען ווי אַ זינד". ער מוסרט זיך אַליין און טראַכט זיך:

„האָט ער דען דערויף די צאַרטקייט פון איר הויט געפּילט
אויף זיינע ליפּן, ער זאָל נאָך דעם קאָנען זינקען אין באַרוישונג
פון אייגן בלוט? איז נישט פון אירעטוועגן אַלץ געווען,
נישט איינצושלעפן זי אויף רו נאָך ווייטיקן,
נאָר פון זיין אייגן בענקשאַפט וועגן? זאַוול איינער, דו!
מע דאַרף דאָך עס דערוואָרגן." —

„נאָר וואָרגן לאָזט זיך עס נישט". „פּלוצעם" דערזעט ער אַ בעט (אין וועלכן ס'שלאָפט ליזע), אַ טיש און ביי דער זייט אַ קושעטקע, און אַ קישן גרייט אויף דער קושעטקע (פאַר אים) — און ס'דערמאָנט זיך אים, אַז אַזוי האָט עס אויסגעזען דאָרט, ביי חיה־ריווען „די ערשטע נאַכט נאָך זיין חתונה מיט איר, און אויך ווי דאָרט אַליין צום ערשטן מאָל אַ גאַנצע נאַכט". — ער טרייבט פון זיך די געדאַנקען, אָבער ווי די שפּינען וויקלען זיי זיך אַרום זיין מוח מיט אַ נעץ פון עראָטישע און סאַדיסטישע סצענעס. דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אַ מאָל אַדורכגעלעבט — מיט דער טענצערקע, מיט מירקינען, מיטן אָפּיציר, מיט חיה־ריווען, אַפילו זיין לעצטער מער־דערישער טאָט פון לאָזן זי פּייניקן — דאָס אַלץ שווימט אויף בולט אין אַ פאַרשאַרפטער פאָרעם, באַגלייט מיט סאַדיסטישע סצענעס. און אין דער דאָזיקער גרינטלעכער אויפגעברויזטקייט זיינער דערפילט אָבער זאַוול אויך אַ טיפע באַרויִקונג, ווייל ערשט איצט דערזעט ער און דערפילט זיין גול־מישקייט, ערשט איצט אַנט ער, אַז זיין גורל, דער גורל פון זאַוול דעם גולם, איז ווי דער גורל פון אַלע אַנדערע גולמס:

„צו טראָגן אין זיך אייביק דאָס געדיכטע בלוט,
צו טראָגן אָט די שווערע הענט און פיס, דאָס פליישיקע לייַב
און קיין מאָל זיך נישט אויסטאָן, נישט באַפרייַען זיך דערפון,
נישט אויפשוועבן אין ריינער לויטערקייט... אַ חומר, אייביק חומר".

זאַוול האָט דערפילט זיין אייגענעם דורכפאַל. ער האָט דערקענט און ס'איז אים קלאָר געוואָרן זיין אייגן וועזן; ער האָט זיך דערוווּסט פון זיך דאָס, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געוווּסט. און דעמאָלט האָט זיך זאַוול אויך געקענט דערהייבן.

ער דערזעט ווי פון ליזען האָט זיך אַראָפּגערוקט די קאָלדרע (צי אין אומרויִקן שלאָף האָט זי אַליין פון זיך די קאָלדרע אַראָפּגעוואָרפן) און זי ליגט אין דער גאַנצער קינדיש־ווייבלעכער נאַקעטקייט. זאַוול זעט אירע דינע שמאָלע אָרעמס, די גלאַטקייט פון איר הויט, איר גאַנץ צאַרט לייַב. ער פילט דעם נשמהדיקן הויך פון איר גוף, און ער פרעגט זיך פאַר־קלעמט: „איז דאָס דער הויך פון קויטיקן און אומציכטיקן לייב?" און ס'פאַלט אים אָן אַ גרויסע בענקשאַפט, ווידער אַ נישט־אַרטיקולירטע — אָבער אַזאַ, וואָס טראָגט אין זיך דעם באַשייד פון דעם ביז איצט נישט באַגריפענעם.

„און מיט אַ מאָל — ווי ס׳וואָלט אים עפּעס אונטערזאָגן, אַז ער מוז
דעם נס דערווייטערן, צו קריגן דעם באַשייד פון אים —
פאַרגנבעט ער זיך שנעל, אַ הויב געטאָן די קאָלדרע
און לאָזט זי פאַלן דער שלאָפנדיקער ביז צום האַלדז.״

און ווי דעמאָלט, ווען מ׳האָט חיה־ריווען געפּייניקט איז ער געשטאַנען און געלאָזט אין זיך זידן די אַכזריותדיקייט, ריזלען דאָס טונקעלע בלוט וואָס אין אים, אַזוי איז ער איצט געשטאַנען נעבן ליזעס בעט און זיך צוגעהערט „ווי ס׳כוואַליעוועט זיך די לויטערקייט און ס׳ברויזט מיט שפּרינקלדיקן שוים, און פון דעם שוים ווערט פול דאָס האַרץ מיט רייד, מיט נישט־באַגריפענע״. ליזעס גורל, דאָס וואָס ס׳איז געשען מיט איר, דאָס וואָס זאַוול האָט אַזוי שטאַרק נישט געוואָלט, איז איצט, אין דער רגע, געווען ענלעך צו חיה־ריוועס גורל, צו דעם, וואָס איז מיט חיה־ריווען געשען, וואָס ער, זאַוול, האָט שוין דווקא יאָ אַזוי שטאַרק געוואָלט. דאָס וואָס זאַוול האָט פאַרהייליקט (ליזען) און דאָס וואָס ער האָט פּראָפאַנירט (חיה־ריווען) — האָבן איצט געטיילט דעם געמיינזאַמען גורל. און כאָטש זאַוול האָט אַזוי אָפּגעשטויסן פון זיך דעם געדאַנק פון אַ גורל־געמיינשאַפט צווישן ליזען און חיה־ריווען — האָט ער אָבער איצט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נישטאָ פאַראַן קיין אַבסאָלוטע ריינקייט. ער זאָגט: „ווי וואָלט איך דען געקומען צו דער ריינקייט, ווען ס׳וואָלט אויף איר קיין אומצוכט נישט געפאַלן״ (און אפשר טראַכט ער זיך, ווי וואָלט ער געקומען צו דער אומריינקייט, ווען קיין ריינקייט וואָלט אויף איר נישט געפאַלן!). גוטסקייט און שלעכטקייט, צאַרטקייט און אַכזריות, ליבשאַפט און האַס, וואָס זענען ביז איצט געשטאַנען (מ׳קאָן זיך אַזוי אויסדריקן) אין זאַוולען נעבן זיך, פאַרשטייפט, זענען זיך איצט ווי צונייפגעגאַנגען, צונויפגעשמאָלצן, פאַראייניקט. אין דעם עומד זאַוול האָט זיך עפּעס אַ באַוועג געטאָן. זיינע שלעכטע און גוטע מידות האָבן אָנגעהויבן וויברירן, זיי זענען געוואָרן אַ קרייז — און דער קרייז האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן. זאַוול האָט דעמאָלט אויסגעזונגען דאָס ערשטע מאָל זיין גרויס און שטאַרק ליד, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „מיין גאָט, איצט וויים איך און פאַרשטיי״ (די ערשטע סטראָפע שוין אויבן ציטירט) און ענדיקט זיך:

„דער טאָג איז דאָ — געלויבט ביסטו דערפֿאַר,
פֿאַר גאָר דער פּײַן, וואָס דו האָסט מיר געשיקט,
פֿאַר אַלט טרערן און דעם האָס צו זיך אַליין
און פֿאַר דער שרעק און פֿאַר דער לויטערקייט אַצינד —
געלויבט ביסטו אין אויפֿקומענדיקן טאָג."

מנחם באַריישאַ האָט אפֿשר אין דער רגע געוואָלט פֿון זיין זאַוולען, פֿון זיין גולם מאַכן — אַ מלאך. ער האָט אפֿשר געהאַלטן, אַז דער דיכטער איז מער ווי דער מקובל (דער מהר"ל) ראוי דערצו. מיר ווייסן נישט אויף וויפֿל דאָס איז ריכטיק פֿאַר מנחמס געדאַנקען־גאַנג — אָבער: צי ער האָט עס יאָ געוואָלט, אָדער צי נישט — אין דרייצנטן קאַפּיטל איז עס יעדנפֿאַלס טיילווייז געשען.

דאָס דרייצנטע קאַפּיטל איז אַ מייסטערווערק פֿון פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז אינעם טיפֿסטן און דינסטן זין פֿון וואָרט. אויף איין נאַכט האָט דער גולם שותּפֿות געמאַכט מיטן מהר"ל, צי גאָר דער מהר"ל מיטן גולם. דער מהר"ל האָט שוין דעם גולם גאָרנישט אונטערגעזאָגט. דאָס האָט שוין דער גולם אַליין גערעדט. און אפֿשר האָט דאָס מאָל דער מהר"ל געוואָלט רעדן מיט די ווערטער פֿון גולם. אפֿשר האָט גאָר דער מהר"ל מקנא געווען זיין גולם אין דער מינוט פֿון חומרישער דערהויבונג...

6

ער ווייסט (זאַוול), ער פֿילט, אַז:

„סײַדן עס וועט אָנקומען מײַן שעה,
און אָן אויסגעלייזטע אין דער לעצטער שעה —
וועסטו דאָן אָוועקפֿליִען פֿון מיר."

ער ווייסט דאָס, ער ווייסט, אַז דאָס קאָן געשען, אָבער ווי יעדער גולם (צי מלאך) האָט ער נישט קיין געפֿיל פֿאַר צייט. די צייט ביי אים שטייט, זי באַוועגט זיך נישט. איר וועט נישט געפֿינען אויף די גאַנצע 224 זייטן פֿון „זאַוול רימער" קיין איין אָנדייטונג פֿון דעם, אַז די צייט, די גייענדיקע צייט, באַאומרויִקט אים. דאָס סטאַטישע, דאָס אומבאַוועגלעכע, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן גולם איז אויך כאַראַקטעריסטיש פֿאַר זאַוולען.

די גייענדיקע צייט, די פאַרשווינדנדיקע צייט, וואָס באַאומרויִקט אַזוי אַנ־דערע, וואָס ברויזט אויף יעדן דענקענדיקן מענטש — עקזיסטירט נישט פאַרן גולם. זי עקזיסטירט אויך נישט פאַר זאַוול רימער. ער קאָן פּונקט אַזוי אַלט זיין 18 יאָר, ווי 33, צי גאָר 53 יאָר. ס'איז אַלץ איינס. יעדנפאַלס — פאַר אים איז עס אַלץ איינס.

טייל מאָל האָט אויף דער גולם די פּאַראַנונג, אַז ס'וועט קומען אַ „שעה". ס'איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז וועגן דער שעה טראַכט ער שטענדיק ווי וועגן דער לעצטער שעה. אויב ס'איז פאַראַן ביים גולם (זאַוולען) אַ באַ־גריף פון צייט, איז עס דער באַגריף פון: סוף.

און ס'קומט דער סוף. פריידע — ליזעס מאַמע — קוקט זיי נאָך. זי זעט אַ מאָל ווי ליזע געזעגנט זיך מיט זאַוולען. צו מאָרגנס רופט פריידע אַוועק זאַוולען אין אַ זייט און זאָגט אים, אַז ס'וואָלט גלייכער געווען, ער זאָל דערוויילע צו זיי מער נישט קומען. דערווייל, אויף אַ שטיקל צייט נאָר. זאַוול ווייסט אָבער נישט פון קיין דערווייל. ער האָט נישט דעם באַגריף פון צייט. ער גייט אַוועק — און קומט נישט מער צוריק.

דער גולם גייט פאַרויס, פאָרויס הייסט ביי אים: פאַר זיך. אָבער צוריקגיין — גייט ער נישט. האָט זיך עפּעס ביי אים איבערגעבראָכן, וואַקסט עס זיך נישט צוריק צונויף. דער גולם קאָן פאַרמאָגן אַ סך כּוח — אָבער קיין רעגענעראַציע־כּוחות פאַרמאָגט ער אין גאַנצן נישט. ווערט עפּעס ביי אים קאַליע — איז עס נישט צו פאַרריכטן. אַזאַ איז דער גורל פון גולם: ער קאָן אַלץ פאַרריכטן — נאָר נישט זיך.

צוזאַמען מיט ליזעס ליכט, וואָס איז פאַר אים בגוואַלט פאַרשטעלט געוואָרן, וויל ער אויך אַן עק מאַכן צו דער פינצטערניש פון חיה־ריוועץ. עפּעס וועקט זיך אין אים אַ בייזער ווילן צו גיין ביי נאַכט פאַרגנבענען זיך און דערשטיקן חיה־ריוועץ. פון דער צייט, וועלכע ער איז נישט תּופס, פון זיין לעבן, וואָס ער פאַרשטייט נישט — וויל ער מאַכן דאָס אַלץ, וויל ער פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסן סוף, אין אַן אומענדלעכן פינאַל, ווו ליכט מיט פינצטערניש וועלן זיך צונויפגיסן און דעמאָלט וועט ער זיך, זאַוולען, אַליין אָפּגעפינען.

אַ טרוים פון אַ גולם. אַ דיכטערישער טרוים וועגן אַ גולם. און ווען דער טרוים פאַלט פון אים אָפּ, וויל ער גיין איבער שטעט און שטעטלעך, וויל ער זיך שטעלן בויען, פאַרריכטן, שלעפּן קלעצער, טינקעווען ווענט, אַלץ פאַר יענעמען. אַליין וויל ער נעכטיקן אין אַ הקדש, צי אין אַ בית־מדרש אויף אַ האַרטער באַנק. און ווען מ'וועט אים פרעגן: „פון וואַנען

און וווהין ?״ וועט ער זיי ענטפערן פשוט : „צו אייך געקומען, אייך אַרויס־העלפן, פאַר אייך בויען״.

זאַוול קומט צו דער איבערצייגונג, צו דעם באַוווסטזיין, אַז אין אַלעם וואָס איז מיט אים געשען, מיט בעקאַן, ליזען, חיה־ריווען, אַז אין דעם אַלעם איז שולדיק זיין גולמישער גורל. דער גורל וואָס האָט אים באַשאַפן אַזעלכן ווי ער איז : אַ שוואַרצער, אַ קורצפּיסיקער, מיט חשק צו אַ פידל און מיט אַ צונג וואָס קאָן נישט רעדן. אַ גולם.

און עס זינגט זאַוול דער גולם :

„דו זאָלסט נישט גיין אַהין צוריק,
ווו ס׳איז געוועזן פרייד און גליק,
נאָר אין דער בענקעניש זיך קערן,
ווו ס׳איז געוואָרן לייַד און טרערן.״

דער גולם ווערט צוריקגערופן צו זיין מקור.

*

„זאַוול רימער״ איז דער עפּאָס פון חומר. אָבער נישט דער הײדנישער עפּאָס, נאָר אַ יידישער. זאַוול איז נישט קיין אַפּאָלאָן, נאָר אַ רימער ; ער איז נישט דער טרעגער פון דער גריכישער קערפּערלעכער שיינקייט, נאָר פון יידישער קערפּערלעכער געשלאָגנקייט, וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון לאַנגע דורות אָרעמקייט און שווערער אַרבעט.

„זאַוול רימער״ איז דערפאַר אַן עפּאָס, ווייל אין דעם פּרימיטיוון גוף, וואָס הייסט זאַוול, שפּילן זיך אָפּ געשעענישן, וואָס זענען פול מיט העלדישקייטן (פּונקט ווי ביים מהר״לס גולם). אָבער ער אַליין, זאַוול, איז נישט קיין העלד. ער האָט נישט קיין ווילן. עפּעס טוט זיך מיט אים — נאָר נישט ער טוט דאָס.

זאַוול (ווי דער גולם פון מהר״ל) האָט נישט קיין בחירה. ער אונטער־ליגט נישט די געזעצן פון בחירה, און דערפאַר שטעלט זיך ביי אונדז די פראַגע : צי איז זאַוול רימער אַ דורכויס יידישער העלד ? צי איז דאָס אַ דורך און דורך יידיש ווערק ? (ווי דאָס איז אָן שום ספק „דער גייער״).

חומר איז אוניווערסאַל. נשמה איז אינדיווידועל. פון דעם זעלבן שטיק חומר, פון וועלכן ס׳ווערט אויסגעקנאָטן דער יידישער מענטש, ווערן אויס־

געקנאָטן אַלע מענטשן. אָבער נשמה — איז פאַר יעדן מענטש פאַראַן אַ באַזונדערע, וואָס ווערט אַרויסגענומען פון אוצר הנשמות. — אויף וויפל חומר בכלל איז אוניווערסאַל, אויף אַזוי פיל איז „זאַוול רימער" אַן אוני־ווערסאַל ווערק. נאָר אויף וויפל דער חומר פון זאַוול רימער איז געקומען אויף דער וועלט ביי יידישע (און נאָך וואָסערע יידישע!) טאַטע־מאַמע, אויף וויפל ער איז פון דורות איינגעטונקען אין יידישן צער — אויף וויפל ער טראָגט אין זיך דעם יידישן עול — אויף אַזוי פיל איז „זאַוול רימער" אַן אַבסאָלוט יידיש ווערק.

אַזוי ווי נוח, „דער גייער", איז צוריקגעקומען פון דאָרט פון וואַנען ער איז אַרויסגעגאַנגען, אַזוי איז זאַוול, דער עומד, געבליבן צוריק שטיין דאָרטן, ווו ער איז די ערשטע רגע פון זיין אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז געשטאַנען. סיי „זאַוול רימער" און סיי „דער גייער" זענען ווערק פון גרויסע דורכפאַלן, ווייל זיי זענען ביידע ווערק פון גרויסע נסיונות.

זאָל זיך קיינעם נישט אויסדאַכטן, אַז „זאַוול רימער" איז אין געביט פון געדאַנק שוואַכער פון „דעם גייער". זאָל זיך קיינער נישט לאָזן פאַרפירן דורך דער מכלומרשטער פרימיטיווקייט פונעם העלד (זאַוול), צי דורך דער נאַיִווער פאַבולע פון ווערק; זאָל קיינער זיך נישט לאָזן פאַרפירן מיט פאַר־גלייכן פון אַנדערע ליטעראַטורן, ווו די איבערראַפינירטקייט האָט דער־פירט צו דער מאַניע זיך צו באַשעפטיקן און אַריינפירן אין דער ליטעראַ־טור (ווי אין דער קונסט בכלל און אַפילו אין פּריוואַטן לעבן, למשל, די „לודאָמאַניע" אין פוילן) קינדער פון פאָלק. זאַוול רימער האָט מיט דעם אַלעם גאָרנישט צו טאָן. „זאַוול רימער" — דאָס זענען סודות פון קבלה איבערגעגעבן אין אַ פּאָעטישן עברי־טייטש. „זאַוול רימער" איז ווייניק צו לייענען, זאַוול רימער דאַרף מען לערנען.

אין „זאַוול רימער" האָט מנחם באָריישאָ אַרויסגעוויזן זיין גרויסע שפּראַך־מייסטערשאַפט. יעדער געדאַנק איז ניואַנסירט, יעדעס געפיל איז אויסגעפילט מיט ווערטער (און פאַרקערט). אינעם גאַנצן ווערק איז נישטאָ קיין איין לער אָרט, ווו די ווערטער זענען זיך סתם אַזוי. צי דאָס רעדט בעקאַ, צי ליזאַ, צי מישאַ, צי חיה־ריווע, צי פריידע, צי גאָר זאַוול אַליין — איז זייער שפּראַך זייערע, נישט קיין געבאָרגטע. די שפּראַך איז קלאָר, לויטער, דורכזיכטיק. די שפּראַך איז אַן אינעווייניקסטע; זי איז נישט קיין אַרויסגערעדטע, נאָר, אויב מ'קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אַן אַריינגערעדטע.

מנחם באָריישאָ האָט מיט נשמה געמאַכט אַ טיפע און ברייטע עקסקור־סיע אין שטח פון גוף. און כאָטש זיין העלד איז דורכגעפאַלן, האָט עס

מנחמען קינסטעלריש אָנגעגורט. „זאַוול רימער״ איז געווען מנחמס גרויסער קינסטלערישער טרענינג, בכדי זיך גרייט צו מאַכן צום וועג, אויף וועלכן ס׳האָט מיט יאָרן שפּעטער געגומען שפּרייזן זיין „גייער״.

מנחם באַניצט זיך אין „זאַוול רימער״ מיטן ברייטן און ווייסן פּערז. אָבער דווקא דאָ, אין דעם ווערק, איז ער דערגאַנגגען צו אַ געוואַגטן צמצום־הלשון. דאָס עפּישע פּונעם ברייטן פּערז — דאָס איז אַלץ, וואָס ס׳לעבט איבער, טוט און רעדט זאַוול רימער, דער גולם, און דאָס לירישע פון די שמאָלע, פיר־שורהדיקע פּערזן, איז דאָס, וואָס ס׳טראַכט און ס׳זינגט אין אים אַריין דער מהר״ל זיינער (מנחם). אָבער זאָגן דאַרף מען, אַז מנחמס עפּאָס איז ליריק — ווי זיין ליריק איז עפּאָס. און ביידע צוזאַמען זענען זיי דאָס געזאַנג פון אַ יידישן גוף, וואָס דורך פינצטערע און לויכטנדיקע וועגן רייסט עס זיך צו דער לויטערקייט פון דער נשמה.

# צווישן מחשבה און מעשה

## (וועגן מנחם באָריישאַ און זיין „גייער")

„דער גייער" להיפּוך צו „זאָוול רימער" איז אַ כראַניק פון דער יידי־שער נשמה. נישט דווקא פון נוחס (דער העלד פון מנחמס „דער גייער") נשמה, נאָר פון דער יידישער נשמה בכלל. נוח איז נאָר אַ סימבאָל און במילא אַ דורכשניט — סיי אַ ווערטיקאַלער, סיי אַ האָריזאָנטאַלער — פון דער יידישער גייסטיקייט פאַר אַ משך פון כמעט טויזנט יאָר.

ס'זענען געווען גרויסע דיכטער, אין וועמענס שאַפונגען ס'האָבן זיך געניי אָפּגעשפּיגלט דער געדאַנקען־געראַנגל און געדאַנקען־אַנטוויקלונג פון זייער דור, אָדער פון גאַנצע דורות. למשל אויף איבסענס דראַמאַטישע שאַפונגען האָט געהאַט אין אַנהויב אַ געוואַלטיקע השפּעה דער וועג און די וואָג פון דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע. דערנאָך איז ער אַרונטערגע־פאַלן אונטערן איינפלוס פון פּאָזיטיוויסטישן געדאַנק און לסוף צוריקגע־קומען צום אידעאַליזם (נעאָ־קאַנטיניזם). פרידריך שילער האָט ממש גע־שאַפן אונטערן גייסטיקן דרוק פון קאַנטס פילאָסאָפיע. מען קאָן אויסרעכע־נען אַ גאַנצע ריי גרויסע שרייבער און קינסטלער, וואָס האָבן זיך געפונען און געשאַפן אונטערן איינפלוס פון פאַרשידענע גייסטיקע און אינטעלעק־טועלע שטרעמונגען פון זייער צייט.

אָבער מנחם באָריישאַ איז געווען אַ ייד. אַ ייד, אַ תורה־לשמהניק. און תורה־לשמה איז אַ־געשיכטלעך. אין נייַנצנטן (און אין צוואַנציקסטן) יאָר־הונדערט האָבן יידן געטראָגן אין זיך און לגמרי אויסגעלעבט זיך אין געדאַנקען, אידייען, וועלט־אַנשויונגען פון פאַר טויזנט יאָר צוריק, און אפשר גאָר פון פאַר טויזנט יאָר פאָרויס. זינט דעם חורבן בית־שני האָבן די יידן בכלל איבערגעריסן מיט געשיכטע. זיי האָבן געלעבט למעלה מן הזמן. דאָס האָבן נאָר די גוים, די גויִישע וועלט געניית די יידן צו מאַכן געשיכטע. דאָס האָט נאָר די גויִישע וועלט זיי געניית און אַריינגעצויגן דורך בלוטיקע וועגן פון פּאָגראָמען, רדיפות און גזירות אין דעם, וואָס האָט געהייסן און הייסט אויך היינט — וועלט־געשיכטע (מיאוסע וועלט־געשיכטע).

דער יידישער געדאַנק האָט זיך באַפרייט פון נאָך איין דימענסיע — פון צייט־אויסמעסט. דעריבער איז ער געוואָרן אַבסטראַקט, געוואָרן אַ סימבאָל. און ווייל ער איז געוואָרן אַ סימבאָל, טראָגט ער אין זיך אַזוי פיל אַטריבוטן פון אייביקייט. און ווייל ער טראָגט אין זיך אַזוי פיל אַטריבוטן פון אייבי־קייט, איז ער געווען און איז אַזוי לאָקנדיק, אַז אַלע יידן זענען געווען און זענען איצט אויך גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר אים.

מנחם איז געווען אַ סימבאָליקער. ער האָט זיך באַפרייט פונעם צייט־אויסמעסט. כאָטש ס'דאַכט זיך אויס, אַז ער האָט אַזוי ליב געהאַט כראָנאָ־לאָגישן סדר, כאָטש ער האָט אַזוי ליב געהאַט די ברייטע היסטאָרישע קאַנווע. דאָס איז אָבער מער נישט ווי אַן איינדרוק, אַן אילוזאָרישער. סוף־כל־סוף פאַרפליכטן דאָך די געזעצן פון קינסטלערישן חומר, סוף־כל־סוף פאַרלאַנגט אַפילו דאָס סימבאָלישע — אויסגעלייגט צו ווערן אין לאָגי־שע כללים און פאַרטייטשט צו ווערן מיט קלאָרע ווערטער. מנחם האָט זיך נישט געוואָלט אַרויסדרייען פון זיינע פליכטן אַלס קינסטלער. קיינער איז אים אין דעם אַפילו נישט חושד. אָבער מנחם האָט נישט געמיינט דעם נוח, דעם מלמד, צי דעם פלעטער. ער האָט געמיינט טאַקע דעם נוח פון דער תּיבה, וואָס כאָטש ער איז געווען אַ שליח פון גאָט אין דער צייט פון מבול, איז אים, ווי מיר זעען איצט, נישט באַשערט געווען צו ראַטעווען די וועלט פון רישעות און פאַרדאָרבנקייט.



נוח דאַרף עס זיין דער יידישער פאַוסט. ער זוכט אָבער נישט די ערדישע יונגקייט, נאָר די אייביקע. די אייביקע וועלט פון יושר, שיינקייט און טיפן זין. נוח איז דער „גייער" נאָכן טיפן זין פון לעבן און פון דער וועלט, ער טראָגט אין זיך די בענקשאַפט צו שלימות, צו אינערלעכער פרייהייט. נוח איז נישט קיין דאָקטאָר — ווי פאַוסט. ער וויל ווערן אַ תּלמיד אין ראַבינער־שול און אויך דאָס געלינגט אים נישט. ער איז נישט, ווי פאַוסט, קיין אַלמעכטיקער, ער איז אַ יתום. ער איז דער אייביקער יידישער יתום פון דעם, שוין לייַדער נישט אייביקן, קליינעם, יידישן שטעטל.

זאָל מיר דערלויבט זיין אויף אַ דיגרעסיע. כ'האָב היינט — נאָכן חורבן — אַזוי שטאַרק ליב דאָס יידישע שטעטל (ווען ס'איז שוין נישטאָ), ווי איך האָב עס אַמאָל (פאַרן חורבן) פיינט געהאַט. כ'ווייס נישט פאַר וואָס

דאַרף עס ביי אונדז דער טרעגער פון אַלע הויכע און טיפע געדאַנקען, פון אַלע עטישע ווערטן — זיין דווקא דער יתום, דער אָרעמאַן? פאַר וואָס איז עס דער גביר ר׳ מרדכי נישט געשטעלט געוואָרן פאַרן נסיון און נישט געניים געוועזן צו פאַרלאָזן די היים און משפחה און צו ווערן אַ „גייער״? צי איז טאַקע דער עושר נישט מסוגל צו עפּעס העכערס? צי פּרעדיספּאָנירט טאַקע רחבות צו גאָרנישט?

דאָס צושרייבן דווקא דעם אָרעמאַן די מעגלעכקייט פון דערהייבונג איז אַ שטריך אַ כאַראַקטעריסטישער פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. ס׳איז אַ שטריך פון יידישן פאָלקס־כאַראַקטער, פון זיין פאַרשטעלונג־קראַפט און פון זיינע אַנגעווייטיקטע געפילן. לאָמיר צוליב דעם נישט האָבן קיין טענות צו באַריישאַן.

און אפשר איז דער יידישער אַבסטראַקטער געדאַנק נישט נאָר אַ־היסטאָריש, נאָר אויך אַ־עקאָנאָמיש. דווקא די יידן, וואָס האָבן זיך געמאַטערט פאַר אַ שאָטן און אָפּשיין פון עולם־הזה, די האָבן זיך אויך געמאַטערט פאַר אַ שאָטן פון עולם־הבא. אפשר זענען טאַקע אונדזערע גבירים נאָר פּעיִק פון אונדז אַוועקצוגיין, און אין בעסטן פאַל, זענען זיי טראָגן אַלע ספקות און מאַטערנישן, וואָס נאָגן זיי — פּעיִק בלויז צו בלייבן, אָבער קיין מאָל נישט צו גיין. ווי זאָגט עס נוח צו ר׳ מרדכין:

— „איך זענט אַ ייד אַ גביר,\
איר האָט גרויסע עסקים צו פירן און מוזט, נעמען אייער אמונה\
ווי זי גייט, צי ווי איַיך איז גרינגער.\
איך בין אַן אֶביון, איך דאַרף נישט מער\
ווי דאָס ברויט פאַר מיַין וויַיב און קינדער און ביַי מיר\
איז אמונה דאָס לעבן.״ (זיַיט 115)

וואָלט ר׳ מרדכי איינגעהאַלטן די גאַנצקייט פון זיין שטוב, פון זיין לעבנסטיל, פון זיין דרך; וואָלט ביי אים אין הויז געהערשט דער סינטעז פון רעליגיעזער התנהגות, פון לומדות און עשירות און וואָלט דאָס געווען דער פונדאַמענט פאַר זיינע ווייטערדיקע דורות — וואָלט עס אפשר מנחמען געלאָקט. מנחם וואָלט דעמאָלט אַרויסבאַקומען פון ר׳ מרדכין עפּעס שלי־מותדיקס, אפשר נישט אין זין פון פולקאָמענקייט, אָבער לכל־הפּחות אין זין פון גאַנצקייט. (גאַנצקייט איז נישט אַלע מאָל פולקאָם, פונקט ווי פולקאָמענקייט איז נישט שטענדיק גאַנצקייט). אָבער ביי ר׳ מרדכיס טיש איז

געזעסן זיין זון, דאָס גימנאַזיסטל, דער אײדעם, וואָס האָט געשטעקט ראשו ורובו אין ספרים חצונים, זיי זענען שוין ווייט געווען פון דעם אַלעם. וואָס איז פאַר ר׳ מרדכין געווען טייער און וואָס ער וואָלט געוואָלט פאַר יעדן פרייז איינהאַלטן. אַזאַ ר׳ מרדכי, וואָס האָט מער נישט געהאַט ווי פאַר זיך, ווענעמס גייסטיקער קנין האָט מער נישט אויסגעשטראַלט, איראַדירט; אַזאַ ר׳ מרדכי האָט מנחמען נישט געקענט באַגנוגענען. ער האָט אים נישט געקענט מאַכן פאַר קיין „גייער". ער האָט אים נישט געקאָנט אָנ־פאַרטרויען קיין שליחות.

נוח איז גאָר עפּעס אַנדערש. נוח האָט געמוזט קומען אויף דער וועלט אַ „באַפרייטער" פון אַלעם, בכדי זיך קענען פאַרקנסן צו דער וועלט; ער האָט געמוזט זיין אַפילו פריי פון טאַטע־מאַמע־ליבע, בכדי גאָרנישט צו האָבן אין זיך פון אייגן־ליבע; ער האָט געמוזט זיין פון אַלעם אויסגעטאָן, בכדי קאָנען אויף זיך אַלץ אָנטאָן; ער האָט געמוזט אָפּט זיין אַליין, בכדי קאָנען זיין מיט אַ סך; ער האָט נישט געקאָנט זיין אין „ערגעץ", בכדי קאָנען זיין אומעטום; ער האָט געמוזט זיין אָרעם, בכדי צו פאַרשטיין די קנעכטשאַפט פון גבירים. די אַלע מענטשלעכע קנינים האָט מנחם ביי נוחן צוגענומען, ווען ער האָט אים געשיקט אין דער וועלט אַריין אַלס „גייער". נאָר איין קנין האָט ער אים איבערגעלאָזט: זיין גאָט. מנחם האָט נוחן קיין מאָל נישט צעשיידט, נישט צעקריגט מיט גאָט. וואָלט עס מנחם יאָ געווען געטאָן, וואָלט נוח במילא אַרויסגעפאַלן פון דער קאָנסטעלאַציע פון געזעצן, וואָס פאַרפליכטן דעם מענטש צו באַשטימען זיין באַציִונג צו דער וועלט און זענען דער יסוד פאַרן זין פון מענטשלעכן לעבן אויף דער ערד. וואָלט נוח אַרויסגעפאַלן, אַזוי צו זאָגן, פון דער קאָנסטעלאַציע, פון זיין באַציִונג צו גאָט, וואָלט זיין גאַנץ „גיין" נישט געווען מער ווי איין לאַנג בלאָנדזשעניש צווישן תּוהו־ובוהו. מנחם האָט דאָס נישט נאָר תּופס געווען מיט זיין געדאַנק, נאָר אויך און דער עיקר מיט זיין קאָמפּאָזיציאָ־נעלן חוש, און אַזוי אַרום געראַטעוועט דאָס ווערק פון אַ גרויסער סכּנה.

אַפילו אין אַקאָרד־אַקט, ווען נוח קומט צוריק און וויל נישט מער גיין אין דער וועלט אַריין, און אַנטלויפט פאַר זיין שליחות ווי יונה־הנביא — בלייבט ער אויך מיט גאָט. יונה־הנביא האָט געקענט אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן פון גאָט, אָבער ער האָט זיין גאָט קיין מאָל נישט פאַרלייקנט.

דער „גייער" דאַרף עס זיין דער יידישער „פאַוסט". ווי פאַוסט זוכט נוח כּסדר און געפינט נישט. אָבער זיין נישט געפינען איז נישט קיין קאַטאַסטראָפע, ווייל ער פאַרלירט זיך קיין מאָל נישט אין גאַנצן. ער גיט

נישט איבער אויף קיין איין רגע זיין נשמה דעם טייוול. ס׳איז אין אים גאָרנישט פאַראַן פונעם נישט־יידישן דואַליזם (כ׳שטרייך אונטער אין אים, ווייל אויסער אים איז שוין דווקא יאָ דאָ גוטס און שלעכטס). עפּעס אַ גוטע יידישע מאָניסטישע רויִקייט ליגט אויף אים, אויף נוחן. ער האָט אַפילו נישט קיין יצר־הרע, וואָלט איך געזאָגט. זיינע אַלע ערדישע גלוסטונגען ווערן פריִער אַדורכגעברענט אין קאַלכאויוון פון חקירה.

צי קלינגען נישט פּאָוסטיש די ווערטער:

„וויסן וואַקסט און נייַע קלאָרקייט ווישט די אַלטע אָפּ, נאָר ס׳זענען דאָ אַזעלכע קלאָרקייטן, וואָס זענען זיך מיט אויגן פון דורות״ (זייַט 196).

ווער זאָגט עס? נוח דער פלעטער, דער וועכטער? ניין. דאָס זאָגט נוח דער אייביקער ייד, וואָס לעבט איבער מבולען, דער ייד, וועלכן, וואָס מער מע זאָגט אים אָפּ די וועלט, אַלץ טיפער זוכט ער זי אין זיך.

✶

נוחן זעט מען נישט, מען הערט אים נאָר. ער איז נישט געמאָלן. אין פאַרשידענע סיטואַציעס זעט זיך אַ מאָל זיינס „אַ באָרד״, „אַ ווייכע האַנט״, „פאַרשטייפטע ברעמען״. געמאָלן אין גאַנצן איז ער נישט, נאָר איינצלנע שטריכן קוים אָנגעצייכנט. ניין, צו מאָל נישט קיין שטריכן, נאָר פלוצעם אָפּגעדעקטע שטיקלעך פון דעם, וואָס געהער זיך אָן זיין קערפּער. אַפילו דוואָשע, זיין שפּעטערדיק ווייב, שילדערט אים אָט אַזוי, ווען זי איז צוריק־געקומען פון „זעעכץ״ אין מאָלטש:

—„צוויי זענען זיי דאָרטן געווען, מאַמע!
איז איינער אַ שיינער ווי אַ רויטער עפּל
און כסדר געקוקט, זיך נישט אָפּצוטשעפּען,
דער צווייטער — אַ קוק געטאָן איין מאָל און פּטור
און איז דאַר און קליין!״ (זייַט 25).

דער דאַרער און קליינער — דאָס איז נוח. פאַרשטייט זיך, אַז זי קלייבט שוין דווקא אים אויס פאַר אַ מאַן. אָבער נישט אין דעם גייט עס. ס׳גייט אין דעם, אַז נוח איז נישט געמאָלן, נישט געשילדערט פּלאַסטיש, ווייל איר

ווערט סיי ווי סיי גאַרנישט אַראָפּלערנען, אָדער אַראָפּלייענען. פון זיין פּנים, צי פון זיין גוף קאָן מען נאָר עפּעס אַראָפּוויקלען. דאָס איז דער סוד פון דער סימבאָליסטישער טעכניק. דער סימבאָליקער פאַרוויקלט, בכדי צו קאָנען פונאַנדערוויקלען. ביי יעדן פונאַנדערוויקלען אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַלע מאָל עפּעס אַנדערש פון דער ברילע, פונעם חומר. דער סימבאָליזם, מער ווי אַלע אַנדערע ריכטונגען, פאַרשטייט קונסט ווי אַן אַנטפּלעקונג נישט נאָר פון זיך אַליין (פון דער קונסט גופא), נאָר פון די טיפענישן פון דער וועלט און פון דעם אַלעם וואָס רינגלט אונדז און די וועלט אַרום מיט סוד. דער סימבאָליקער פאַרוויקלט, פאַרדעקט, בכדי צו קאָנען אַנטפּלעקן, ווייל מיט זיין יעדער נייער אַנטפּלעקונג דעקט דער קינסטלער אַלע מאָל מער אָפּ (זאָל זיין מיט איין טפח, צי אַפילו מיט איין צענטימעטער), ווי ער האָט פאַרדעקט, פאַרוויקלט. דאָס איז אויך דער ענין פון נפילה ביים צדיק. נאָך יעדן נייעם פאַלן הייבט ער זיך אויף צו וואָס אַ מאָל אַ העכערער מדרגה.

נוח איז אין אָנהייב געגאַנגען נאָר דערפאַר, ווייל ער איז געטריבן געוואָרן פון אַן אייגענעם, אינערלעכן, גערלדיקן כּוח, נישט מער. דערין ליגט אויך דער טיפער זין פון זיין יתומדיקייט. דערפאַר מוז נוח זיין אַ יתום, בכדי ער זאָל נישט האָבן אין וואָס אָנצובינדן, אָדער צו ווענען צושטיין נאָך אַ באַרעכטיקונג פאַר זיין זיין אויף דער וועלט — אויסער צו זיך אַליין. נאָר מיטן מאָמענט, ווען נוח האָט געמוזט אַנטלויפן אין מיטן וועג, ווייל פּלוצעם לייגט אויף אים אַ גרויסער זעלנער אַרויף אַ שווערע האַנט און זאָגט: „מען דאַרף דיך", ער וויל אים נעמען אין די סאָלדאַטן, דעמאָלט דערפילט נוח די נאַקעטע ברוטאַלקייט פון דער פרעמדער וועלט. נוח דרייט זיך אַרויס פון זעלנערס הענט מיט חכמה, מיט ערמה. ער לויפט צו צום ערשטן אָנגעטראָפענעם זקן און פרעגט אים: — „רבי, וואָס זאָל איך טאָן?" און דער זקן ענטפערט אים:

— „ווער עס קען מקבל זיין באהבה,
נעמט אָן דעם עול און דורך רציחה און אַכזריות
צו זיך און יענעם גייט ער אַלץ דעם גאַנג צום יחיד.
נאָר ווען ס'וואָלט יעדער פשוטער בשׂר־ודם געקענט זיין לייב
פון פּחד אויסלייזן און גיין מיט פרייד מקדש זיין דעם נאָמען,

וואָלט די אַכזריות פון דער וועלט און אונדזער קדושה
שוין לאַנג די רעשט פון אונדז פאַרטיליקט, וואָלט דער פּחד
געבוירן דאָס געגאָד צו קענען די אַכזריות איבערקליגן
ווי דו — דעם זעלנער. לויף און ראַטעווע דײַן לײַב.״ (זײַט 24)

פון דעמאָלט אָן טרייבט נוחן שוין נישט בלויז זיין אייגענער כּוח, נישט בלויז דאָס, וואָס איז אין אים, נאָר אויך דאָס פרעמדע, וואָס איז אויסער אים. ער ווערט אַ „גייער״ נישט בלויז אין זיין וועג, נאָר אויף אַלע וועגן, סיי גוטע סיי שלעכטע, סיי הייליקע און סיי פאַרדאָרבענע, אויף אַלע וועגן אויף וועלכע אַ יידיש נפש האָט נאָר געקענט צי געמוזט טרעטן.



אונדזער יידישע ליטעראַטור־קריטיק איז כּמעט אויסשליסלעך אײַנ־געשטעלט אויף אידעיִשן אַנאַליז פון ליטעראַרישע ווערק און ווייניק נאָך אויף פאָרמעלן אַנאַליז. די קריטיקער אונדזערע פאָלגן און פאָרשן קודם־כּל די אידייע פון ווערק און נישט זייער קאָנסטרוקציע. עס קומט דעריבער אויס, אַז די קריטיק איז אַ ליטעראַריש־פּובליציסטישע און נישט קיין פאָרמעל־עסטעטישע. וועגן די סיבות פון אַזאַ צושטאַנד אין אונדזער ליטע־ראַטור־קריטיק איז נישט דאָ דאָס אָרט צו רעדן. די קריטיקער פאָלגן נאָך דעם שרייבערס אידייע, איר אַנטוויקלונג, איר קאָנסעקווענטע דורכפירונג אין ווערק, אָדער איר נישט פולקאָמענקייט. לויט זיי קומט אויס, אַז די גאַנצקייט פון אַ קינסטלעריש ווערק איז אָפּהענגיק דערפון, צי און אויף וויפל דעם שרייבער איז געלונגען צו ברענגען צום אויסדרוק אין זיין ווערק די אידייע, וואָס איז געוואָרן דורך אים פאַרטראַכט, אָדער צוגע־שריבן אים דורך די קריטיקער.

וואָסערע איז די קאָנסטרוקציע גופא פונעם ווערק? צי איז זי גליקלעך געוואָרן צוגעקליבן פאַר דער אידייע? צי איז זי (די קאָנסטרוקציע) בכּוח אויסצוטראָגן אויף זיך די אידייע וועלכע זי וויל, אָדער וועלכע דער מחבר וויל פּרעזענטירן? צי איז דאָס ווערק געגנוג שטאַרק קינסטלעריש, אַז די אידייע זאָל קאָנען, אָדער זאָל וועלן זיך באַהעפטן מיט דער קאָנסטרוקציע? די אַלע פראַגן מאַטערן ווייניק־וואָס אונדזערע קריטיקער.

מען דאַרף זאָגן אָפן. אַ קינסטלעריש, צי בכלל אַ ליטעראַריש ווערק, איז נישט קיין פילאָסאָפישע, צי היסטאָריאָסאָפישע אָפּהאַנדלונג, און איז

גאָרנישט מחויב צו לייזן קיין וועלט־ און מענטש־פּראָבלעמען. דער מחבר האָט דאָס אויסשליסלעכע רעכט צו דיספּאָנירן מיט זיין טאַלאַנט און אויס־קלייבן די טעמע, וועלכע ער וויל. דאָס איז זיין אומבאַשטרייטבאַרע רעכט. דאָס מעסטן די גרויסקייט פון אַ ווערק מיט דער וויכטיקייט פון אַוועקגע־שטעלטן פּראָבלעם איז אַ קוואַל פון אַן אַ שיעור מיספאַרשטייענישן. ס׳זענען פאַראַן מחברים, וואָס שטעלן אַוועק אַזעלכע האַרבע פּראָבלעמען, אַז ס׳וואָלט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז זיי ווען ווערלטן אונטערצינדן און לסוף זענען די ווערק זייערע נישט מסוגל אַפילו קיין שוועבעלע אָנצוצינדן. און פאַר־קערט, זענען פאַראַן מחברים, וואָס אַפילו זייערע קליינע ווערק זענען בכוח עוקר־הרים צו זיין (כאָטש מען דאַרף נישט איבערשאַצן די גרויס פון דער השפּעה פון קינסטלערישע ווערק אויפן לעבן פון מענטשלעכן כּלל).

אמת, דער קינסטלער, דער שרייבער האָט דאָס רעכט אויסצוקלייבן זיך אַ טעמע, צי אַן אידייע, וואָס פאַראַ ער וויל. ס׳זענען אָבער פאַראַן אידייען, וואָס מאַטערן אַזוי דעם קינסטלער, לאָזן אים נישט צו רו. אָט זיי ווערן זיין גורל. אַן אמתער קינסטלער זוכט קיין מאָל נישט קיין תּוך פאַר זיינע קינסטלערישע קאָנסטרוקציעס און זוכט קיין מאָל נישט קיין קינסט־לערישע קאָנסטרוקציעס פאַר זיין תּוכן. זיי ווערן ביי אים געבוירן בנשימה אחת. מיטן קינסטלערישן פּראָצעס איז פּונקט אַזוי ווי מיטן כעמישן פּראָ־צעס. דאָס אַריינפירן יעדן נייעם עלעמענט אין דער קונסט ענדערט נישט נאָר די גאַנצע קוואַליטעט פון ווערק, נאָר אויך די קוואַליטאַטיווע באַציִונג פון איין עלעמענט צום צווייטן. אַזוי אַרום, קאָן מען זאָגן, אַז יעדעס באמת קינסטלערישע ווערק איז אייגנטלעך אַ נייע קאָנסטרוקציע פאַר זיך. ס׳זע־נען נאָר פאַראַן קאָמפּלעקסן פון קינסטלערישע קאָנסטרוקציעס, למשל, דער קלאַסישער קאָמפּלעקס, דער ראָמאַנטישער קאָמפּלעקס, רעאַליסטי־שער קאָמפּלעקס אאַז״וו.

מנחמס „דער גייער״ איז אויך אַ באַזונדערע קאָנסטרוקציע, וואָס גע־הער צום סימבאָליסטישן קאָמפּלעקס. מען קאָן קיין מאָל נישט זאָגן, אַז אַ ווערק איז אידעיִש נישט פולקאָם, נישט אויסגעהאַלטן, נישט צום דאָ־זיקן צוועק ווערט אַ קינסטלעריש ווערק בכלל געבוירן. מען קאָן נאָר זאָגן, אַז אַ ליטעראַריש ווערק איז קינסטלעריש יאָ אָדער נישט אויסגע־האַלטן. טאָמער איז עס נישט קינסטלעריש אויסגעהאַלטן, פאַלט במילא צוזאַמען מיטן ווערק אויך זיין אידייע. פאַרקערט, איז דאָס ווערק קינסט־לעריש גאַנץ — מעג די אידייע נישט זיין קאָנסעקווענט דורכגעפירט — איז דאָס ווערק גאַנץ, ווייל די וועלט פון מחשבה וועט קיין מאָל נישט זיין

פּולקאָם און אין דער וועלט פון קונסט זענען שוין נישט איין מאָל געווען שלימותדיקע ווערק. די וועלט פון מחשבה ווייסט נישט פון קיין נאָרמע, אין דער צייט, ווען קונסט איז נאָר און אויסשליסלעך: נאָרמע. די וועלט פון מחשבה ווייסט נישט פון קיין צוים, אין דער צייט, ווען קונסט איז געבוירן געוואָרן דורך צמצום. דערפאַר איז די וועלט אָפט אַזוי שיין און אַזוי זעלטן גוט.

ס׳מאַכט נישט אויס, וואָס דער „גייער״ קומט צוריק, ס׳מאַכט נישט אויס וואָס ער אַליין איז נישט פריי פון שאָטן־זייטן. דער „גייער״ דאַרף נישט זיין גאַנץ אין זיין מהות, ער דאַרף נאָר זיין גאַנץ אין זיין גיין. און אויב זיין ערדיש גיין האָט זיך געענדיקט, איז דאָ, איז געווען און גע־בליבן דאָס נשמהדיקע, דאָס גייסטיקע גיין. דער „גייער״ האָט נישט בלויז אַן עטישע, נאָר אויך אַ גייסטיקע, פילאָסאָפישע שליחות.

ווען ס׳רעדט זיך וועגן עטישער שליחות, דאַרף מען אויך זאָגן, אַז דער סימבאָליזם האָט אָפּגעהיטן אַ גרויסע טייל פון דער ליטעראַטור פון אַריינצופאַלן אין דעקאַדאַנס.

דעקאַדאַנס דאַרף מען דעפינירן, ווי אַ ברוך, אַ ריס, אַ שפּאַלט צווישן דעם עטישן און עסטעטישן אין דער קונסט. דער נאַטוראַליזם, וואָס האָט אויפגעדעקט פּלוצעם פאַר דער וועלט די אייטערדיקע ווונדן אירע, האָט געמוזט פירן די קונסט צו דעקאַדאַנס. דאַקעגן דער סימבאָליזם, וואָס האָט זיך אָפּגעקערט פון דער אויסערלעכער וועלט און זיך געוואָנדן בלויז צו דער אינערלעכער, האָט ווייטער געקענט אָנהאַלטן און אַפילו פאַרשטאַרקן דעם בונד צווישן דער עטיק און עסטעטיק און זיך ראַטעווען פון דע־קאַדאַנס.

דער יידישער סימבאָליזם האָט זיך זיין אייגענעם וועג. דער נישט־יידישער סימבאָליזם האָט געהאַט אַ פאַרזיכערטע אויסערלעכע וועלט און זיך געקאָנט אָן געפאַר פון איר אָפּרייסן. דער יידישער סימבאָליקער האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין זיכערע אויסערלעכע וועלט און דערפאַר נישט געקאָנט איר גאַנצן אין איר פאַרגעסן, נישט ווייל ער האָט נישט געוואָלט פאַרגעסן, נאָר ווי שוין אויבן געזאָגט, ווייל די גוייִשע וועלט האָט אים כּסדר אין איר דערמאָנט. דאָס דאָזיקע בילד, דעם מאָדנעם בונד צווישן רעאַליזם (צי אַפילו נאַטוראַליזם) מיט סימבאָליזם, זעען מיר טאַקע אין מנחמס „דער גייער״.

אויב ס׳קומט שוין אין „גייער״ פאָר אַ געראַנגל צווישן עטישן און עסטעטישן, איז דער רעזולטאַט לטובת דעם עטישן (און נישט ווי אין דער

דעקאַדאַנס לטובת דעם עסטעטישן). דערמאָנט אייך דאָס בילד (זייטן 245—246):

„אַרײַנגעקומען אסתּר־תּענית נאָכן האַלבן טאָג,
האָט נוח אויפֿן טראָגעדיקן ווײַב דערזען אַ זײַדן קאַפּטל,
בײַם בעט האָט פֿון דער וואַנט אַראָפּ געמיניעט אַ ראַטאַנדע
פֿון ברוינעם פּליוש, און אויך די יינגלעך־מאַנטלעך
פֿון פרעמדע פּלייצעס."

ער האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין טענות מיט דער טראָגעדיקער פרוי זיינער. אָבער ביי קאָרנפעלדן, ביים סוחר, ביי ר' מרדכיס איידעם, מיט וועמען ער איז זיך געקומען אָפרעכענען פון די פלעטן, האָט ער זיך דער־ווּוּסט, אַז זיין ווייב פלעגט דאָרטן נעמען געלט. ער וויל צוריקגעבן דאָס געלט, אָבער יענער ווייסט נישט וויפל ס'קומט, ווייל ער האָט עס געגעבן בתּורת מתּנה צי נדבה, און נישט פאַרשריבן. נוח צעשרייט זיך און באַ־צאָלט מיט געוואַלד אַ קיילעכדיקן פינפער. ווען ער קומט אַהיים, פאַרגעסט ער:

„די שוואַנגערשאַפט פון ווײַב: — וואָס קריכסטו דאָרט צו זיי?
וואָס דאַרפסטו זייערע זײַדנס מיט די פּליושן? און וואָס לערנסטו
די קינדער אויך צו קליידן זיך פון פרעמדע פּלייצעס?

...זינט מ'איז מאַן און ווײַב
האָט ער אויף איר קיין קול אַזוי נישט אויפגעהויבן.
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — ...ער האָט אויף דער נאַכט
פאַר איר געלייענט די מגילה און דערנאָך אַוועקגעזעצט
און שטיל מיט רייד פון מוסר־ספרים איינגעטענהט
ווי ליב ס'איז דעם אייבערשטן די אָרעמקייט, ווי פּוסט
דער פּוץ פון שיינע בגדים און ווי זייער אָפּגעהיט
אַ מענטש דאַרף זײַן מיט נעמען פון אַ צווייטן. ווער עס נעמט
צום לעבן בלויז — דינט גאָט מיט אויפהאַלטן דאָס לעבן,

נאָר נעמען לוקסוס־זאַכן, מיינט — זיך אונטערגעבן
דעם יצר־הרע... האָט זי זיך צעוויינט און גרייט געווען
די זאַכן אָפּטראָגן. — דאָס טוט מען נישט. נאָר נוץ זיי נישט,
די זאַכן. זאָלן זיי דאָ הענגען — וועסטו זיך דערמאָנען —
מען דאַרף נישט אָנקומען צו מענטשן נאָך אַזוינס.״

זי פאַרשטייט אים, זי פילט, אַז ער איז גערעכט: מען טאָר גאָרנישט מוותּר זיין פון עטישן צוליב דעם עסטעטישן.

*

לאָמיר זיך איצטער גענויער צוקוקן צו דער קאָנסטרוקציע פון „גייער״. דאָס רעאַליסטישע מיטן סימבאָליש־מיסטישן זענען דאָ כסדר רעגלמעסיק און קאָנסעקווענט אַדורכגעפלאָכטן. הייבן הייבט זיך דער „גייער״ אָן רעאַליסטיש, דאָך באַלד קאַטאַסטראָפיש, גורלדיק. אַ בחור פון שניפּישאָק האָט פאַרבלאָנדזשעט אין מאַלטשער ישיבה, דאָ געגעסן „טעג״ ביי אַ ייד ר׳ שלמה. ביי דעם ייד איז געווען אַ שוועסטער, אַ יתומה, פלעגט זי טראָגן דעם בחור טעפּלעך קאַרטאָפל און הירזש. ס׳איז געוואָרן אַ שידוך. צום יאָר האָט דאָס ווייבל געבוירן אַ זון און געשטאָרבן אין קימפּעט (דאָס קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן, איז דער שפּעטערדיקער „גייער״). די געשיכטע גייט ווייטער. דער אַלמן נעמט זיין קינד, ווי נאָר מ׳האָט עס אַנטוויינט, לייגט עס אַריין אין אַ זאַק אַריין, פאַרלייגט זיך דעם זאַק אויפן האַלדז און גייט צו אייגענער משפּחה.

„אַזוי אויפן פאָטערס קאַרק אין אַ זאַק
איז נוח אַוועק מיטן ערשטן טראַקט.״ (זײַט 10)

נוחס פאָטער האָט חתונה מיט אַן אַלמנה. זי גיט נישט אַכטונג אויפן יתום, זי האָט אים נישט אין זינען. דער פאָטער האָט דערפון פאַרדראָס און שטאַרק חרטה, פאַר וואָס ער האָט נוחן צוגענומען פון זיין מאַמעס משפּחה. לסוף שיקט ער אים צו זיי צוריק. נוח איז ביי זיין פעטער ביז נאָך דער בר־מיצווה. „פלוצעם״ איז ער זיך מיישב און וויל אין דער וועלט לערנען תּורה. ער פאָרט צו ערשט נאָך סלאָנים. דאָ הייבן זיך אָן די ערשטע טריט פון זיין אייגענעם „גיין״.

דאָס אַלץ ווערט דורכן מחבר געשילדערט קורץ, טייל מאָל כמעט מיט איינצלנע ווערטער. יעדעס וואָרט איז אַזוי ווי געחתמעט. די קאַרגשאַפט פון אַן אויסדרוק שפּיגלט אין זיך אָפּ די אומברחמנותדיקייט פון גורל. אַזוי איז דאָס! איר וועט גאָרנישט אָפּבעטן, נישט אָפּשרייען פונעם גורל וואָס איז נוחן באַשערט. די שאַרפקייט און האַרבקייט פון געשילדערטן גורל האָט אין זיך מער פונעם גריכישן, אַנטיקישן פאַטאַליזם (פון סאָפאָקלעס למשל), ווי פון דעם וויכן, סובטעלן, פראַנצייזישן, סימבאָליסטישן פאַטאַ־ליזם (פון מעטערלינקן למשל). אָבער דאָס איז נאָר אין קינסטלערישן זין, ווייל אין עטיש־פילאָזאָפישן זין איז דאָך נוח אַ ייד, און אַ ייד איז אַ בעל־בחירה. נוח שטייט טאַקע ביי אַ סך פון זיינע נסיונות, און ווען ער קומט צוריק און ברענגט צוריק זיין טעכטערל שפרה צום לעבן, בלייבט אים אויף די ליפּן הענגען אַ פּסוק: „האָסט געשריטן מיט גאָט און מענטש און ביסט זיי ביי געקומען".

דער גריכישער („קעניג עדיפוס"), צי אַפילו דער שעקספּירישער פאַטאַליזם („ליידי מאַקבעט") האָט זיין יסוד אין פאַרברעכן, אין נאָכגעבן און בלינד נאָכגיין פינצטערע פאַרהוילענע כוחות — אין דער צייט, ווען נוחס גורל איז, פאַרקערט, אַן אַדורכלויכטנדיקער, אַ הונגער צו ווערלן אַלץ וויסן און גיט זיך קיין מאָל בלינד נישט אונטער קיין שום אומבאַוווסטן כוח. דער גריכישער גורל, ווען אַפילו ער שטראָפט פאַר עבירות, איז ער אויך אַמאָראַליש, ווייל ער שטראָפט אַ יחיד פאַר די עבירות, וואָס ער האָט געטאָן צוליב זיין גורל — אין דער צייט, ווען דער יידישער גורל שטראָפט אַפילו אַ צדיק, איז ער אויך מאָראַליש, ווייל ער גלייכט אַזוי אָרום אויס דעם געשטערטן עטישן באַלאַנס אין דער גאַנצער יידישער וועלט.

יאָ, בסך־הכל אויף פיר זייטלעך פון בוך (פון זייט 9 ביז 13) שילדערט דער מחבר די ערשטע דרייצן יאָר פון נוחס לעבן. און אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר דער צו רעאַליסטישער שילדערונג, הייבט ער אָן די פינפטע זייט מיט אַן אַריינגעהאַפטן ליד, וואָס דאַרף זיין דער לייטמאָטיוו פון ישיבה־בחורישן לעבן, פון טעג־עסנדיקן לעבן:

„עסערל גאָלד־פּאהדיקער!
דו אין דיינע אויגן
ביסט אַן אָרעם בחורל, אַ שלעפּערל,
נאָר ביי די, וואָס נעמען דיך צו זייער טיש,
דאַרפסטו ווי די אורחים זיין ביי אַברהם־אָבינו."

דאָס ליד „גאָט״ איז געהאַלטן אין אַ האַלבער גראָטעסק־פאָרעם. די קינסטלערישע כּוונה פון דעם איז — אָפּצורייסן זיך פון דעם רעאַליסטישן אופן, און נישט לאָזן פאַרגליווערט ווערן די פאָרעם. באַלד אויף דער וויטערדיקער זייט האָבן מיר ווידער אַ ליד (זייט 14). אַ ליד פאַר זיך, אַ געענדיקטס, הערמעטיש פאַרמאַכט, און דאָך גוט אַריינגעפלאָכטן אין שטראָם פון דער שילדערונג. דאָס ליד גיט איבער אין גע׳דיכטע, טונקל־טאָניקע פאַרבן די מיסטישע אַטמאָספער אַרום דעם קלויז און קלויזניק. שוואַרץ ברויט און אין טונקעלן לייוונט איינגעבונדענע מוסר־ספרים; עלנט, הכנעה און דאָס רייסן זיך צו נביאישקייט, סוד פון גאָט און נאַגנדיקע תּאווה; מאַרק־יידן און מלאכים, וואָס גייען צוזאַמען אויף יעקבס לייטער. מנחם, וואָס שרייבט אַזוי שווער און פאַמעלעך, איז זייער אַ געשיקטער און פליני־קער מייסטער פון קאָמפּאָזיציע.

און ווידער שילדערט דער מחבר אין אַ רעאַליסטישן אופן צוויי זמנים פון נוחס לעבן אין דער ישיבה. ער גייט ווייטער. ער גייט אין שטאָט, ווו ס׳זענען פאַראַן די לייט מיט אַלמערס פולע מיט חקירה־ספרים. ס׳געשעט מיט אים אויפן וועג אַ קאַטאַסטראָפע. ער ווערט קוים געזונט. ער האָט שוין אונטער זיך 16 יאָר לעבן. מען מאַכט אים שיר נישט חתונה. ער לויפט אָבער ווייטער.

און בכדי די רעאַליסטישע שילדערונג זאָל נישט אָנהאַלטן צו לאַנג, פלעכט דער מחבר אַריין אויף דעם אָרט אַ ליד וועגן איליער מתמיד. דאָס איז אייגנטלעך אַ באַלאַדע, וואָס איז נאָר לויז צוזאַמענגעהאַפטן מיטן ווערק גופא. די באַלאַדע, ווי יעדע באַלאַדע, האָט זיך איר באַזונדערן מוסר־השׂכּל. זי דאַרף אָנווייזן אויף דער „אייביקער״ יידישער הכנעהדיקייט און אויף דער „אייביקער״ גוייִשער נשמה, וואָס וועט קיין מאָל נישט זיין ריין פון שׂנאה. מיטן ווערק גופא האָט די באַלאַדע נישט קיין סך געמיינזאַמס, זי איז ווידער נאָר צוליב דער קינסטלערישער קאָמפּאָזיציע אַריינגעפירט געוואָרן.

די קינסטלערישע מיטלען, וואָס זענען אַריינגעפירט בכדי אויפצוהאַלטן די קאָמפּאָזיציאָנעלע גאַנצקייט פונעם ווערק אין די ראַמען פון „סימבאָ־לישן קאָמפּלעקס״, זענען זייער גוט צוגעקליבן און גוט דורכגעטראַכט. זיי אַנטשפּרעכן די אינערלעכע גאַנצקייט אין נוחס גייסטיק, אינטעלעקטועל לעבן. ווען נוח איז געגאַנגען פון חקירה צו קבלה איז עס ביי אים נישט געווען קיין סתּירה, פונקט ווי ער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם האַס פון די משׂכּילים צום חסידיזם. ער האָט אין ביידע שטרעמונגען נישט געזען

קיין שום סתירה. נוח, ווי מנחם באַריישאַ, געהערן צו די, וואָס זאַפּן אין זיך אַלץ איין און פֿאַרלירן נישט קיין איין טראָפּן. אַזוי זעט ער זיין וועג אין יידישקייט — אַלץ צונויפקלייבן, אַלץ צוזאַמענעמען, אַלץ צוזאַמענ־בינדן, צוזאַמענהעפטן אין איין גרויסער טיפזיניקער פילפאַרביקייט. כ׳וויל נישט ברענגען קיין סך ציטאַטן, זייט אַזוי גוט און לייענט איבער אויף זייט 29 די ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן אַזוי:

„איז מעג ער דאָך איבערשפּאַנען
און זען וואָס זאָגן יענע״ אאַז״וו.

ווי שוין געזאָגט, וויל איך נישט מרבה זיין קיין ציטאַטן. כ׳וואָלט אייך געקאָנט ברענגען נאָך צענדליקער, וואָס זאָלן באַשטעטיקן דעם, דורך אונדז דאָ אָנגעוויזענעם, קאָמפּאָזיציאָנעלן אופן פון פאַרווישן די גרענעץ צווישן רעאַליזם און סימבאָליזם. כ׳וויל אייך נאָר אָנווייזן אויף נאָך עטלעכע אַזעלכע שטעלן, כאָטש זיי חזרן זיך סיסטעמאַטיש איבער אויף כמעט יעדן פערטן, פינפטן, צי זעקסטן זייטל.

נעמט למשל זייט 21. ר׳ שניאור־זלמן פון ליאַדי רעדט פון תפיסה־צעלע צום גאון, וואָס איז שוין אויפן עולם־האמת. נעמט די באַלאַדע (אויף זייט 46) ווי די צוויי חומש־מלמדים גייען זוכן גערעכטיקייט. אָדער (אויף זייט 50) דאָס ליד, וואָס הייבט זיך אָן כמעט מאָנומענטאַל:

„ר׳ יחיאל ראַטעוועט זיך פון מחשבות זרות
אין די ווענט פון בית־המקדש.
נאַכט, און די כהנים האַלטן וואַך
אין די הייזער ביי די טויערן פון דער עזרה.״

אָדער (אויף זייט 56) די אימפּראָוויזאַציע פון נוחן, ווען ער שרייט און טענהט זיינע טענות, וואָס הייבן זיך אָן מיט די ווערטער:

„וואָס האָסטו אַלע שטעגן מיר פאַרשטעלט
מיט בייזע וועכטער — דיינע יאושדיקע נישטן?״

מישט אויף די זייט 197, ווען נוח גייט שבת פאַר נאַכט אַרויס אַ ביסל זיך דורכגיין. עס פאַרשווינדט ביי אים די גרענעץ פון צייט, ער

דערזעט, אַז דער גאַנצער חשבון מיט „געווען" און „איז" איז אויסגע־טראַכט. ער שפּירט, אַז ער איז שוין אָפּגעגאַנגען אַ תּחום־שבת. ווער האָט עס געזאָגט די זעלבע ווערטער? ער דערמאָנט זיך, ס'טויכט אויף אַ בילד פון אַ מאַרק אין טבריה שבת פאַר נאַכט און ס'קומט דער ווונדערבאַרער דיאַלאָג צווישן ר' מאירן און אלישען. טייל מאָל דאַכט זיך אויס, אַז אין אלישעס ווערטער איז דאָ אַ סך, וואָס איז נאָענט נוחן. קאָן זיין, נוח ווייסט נישט אייגנטלעך פון קיין סתירות. אים איז אַלץ נאָענט, וואָס פירט נאָר דעם ייד אין דער הויך.

ס'איז אויך דאָ אין בוך אַ ריי ריין לירישע פּאַרטיעס, וואָס דערשיטערן מיט זייער עכטקייט. נעמט למשל, אויף זייט 72, די פּאַרטיע, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„אין איינעם פון די טעג האָט מען צוגענומען
ביי דוואָשען דעם ערשטן מת."

אָדער אויף זייט 195, וואָס הייבט זיך אָן:

— „דו האָסט זיך אַ נדר געגעבן, מיין מאַן,
אַז כל־זמן אין שטוב איז קיין ברויט נישט פאַראַן,
זאָלסטו צו מיר נישט גענענען."

ס'איז דאָ נאָך און נאָך אַזעלכע לירישע שטעלן, וואָס מאַכן דאָס מיס־טישע, צי נאָך מער, דאָס אַבסטראַקטע אַזוי מענטשלעך נאָענט, ווי נאָענט ס'איז גאָט, ווען דער מענטש איז מענטש.

*

ס'וועלן זיין אַזעלכע, וואָס וועלן זאָגן, אַז בכדי צו באַשטימען די קינסט־לערישע ווערט פון מנחמס ווערק, דאַרף מען האָבן אַ נייע קריטעריע פאַר קונסט. ס'וועלן זיך געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן פּרווון זאָגן, אַז מנחמס ווערק „דער גייער" פאַלט בכלל נישט אַרונטער אונטער דער קאַטעגאָריע פון קונסטווערק. זיי וועלן טענהן, אַז „דער גייער" איז צו אַבסטראַקט, צו רעזאָנעריש, צו ראַציאָנאַליסטיש, און אפשר גאָר פאַרשפּעטיקט, פאַרעל־טערט. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער פון זיי וועט נישט אָפּפרעגן די אידעיִשע און אינטעלעקטועלע ווערט פון מנחמס ווערק.

אמת, „דער גייער" קאָן דערשיטערן געוויסע ביז איצטיקע קונסט־קריטעריעס. „דער גייער" געהער צו די ווערק, וואָס צווינגען אונדז ווידער אַוועקצושטעלן די אייביק נישט־פאַרענטפערטע פראַגע: וואָס איז דאָס אַזוינס קונסט? אָבער נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין קיין דעפיניציעס, דאַרפן מיר אויפקלערן אָט וואָס: פאַר די וואָס האַלטן, אַז די יידישע קונסט דאַרף גיין אויפן וועג פון „ככל הגויים", פאַר די איז מנחמס „דער גייער" צו אַבסטראַקט, פאַר די איז זיין רעאַליזם צו סימבאָליסטיש און זיין סימבאָליזם צו רעאַליסטיש. זיי, די פאָרשטייער פון „ככל־הגויים"־קונסט, וועלן פאַר־דערן פאַר מנחמס ווערק לכל־הפחות אַ נייע קריטעריע. די אָבער וואָס האַלטן, אַז דער וועג פון דער יידישער קונסט, ווי דער וועג פון יידישן פאָלק, איז נישט ככל הגוים — וועלן פאַרשטיין, אַז אַ יידיש קונסטווערק — אויב ס'געהער נישט אין גאַנצן צו די ספרי־קודש — געהער עס אָבער אויך נישט צו די ספרי־חול. זיי וועלן פאַרשטיין, אַז דער וועג פון יידישן געדאַנק און לעבנס־באַנעם הייבט זיך נישט אָן פון היינט, אַז אין יידישן רעאַליזם איז דאָ אַ סך פון אייביקן יידישן סימבאָל. זיי וועלן פאַרשטיין, אַז אַ יידישער מענטש איז נישט דער וואָס האָט געלעבט, נאָר דער וואָס האָט אַדורכגעלעבט; נישט דער וואָס האָט געטראַכט, נאָר דער וואָס האָט אַדורכגעטראַכט. דעריבער דערשיטערט אַזוי „דער גייער". ער איז מאָנו־מענטאַל נישט אין זיין אויסערלעכער פאָרעם, נאָר אין זיין אינערלעכער. זיין פאָרעם קומט פון „אינעווייניק". „דער גייער" איז אַ קאָנדענסירונג פון פאַרשידענע יידישע פאָרמען אין איין גרויסער פאָרעם פון יידישקייט.

אויב טייל וועלן זאָגן, אַז דאָס, וואָס מיר האָבן אויבן געבראַכט, באַ־ציט זיך נאָר צו דער אידייע, צום אינהאַלט פון ווערק און נישט צו זיין פאָרעם, וועלן זיי מאַכן אַ טעות. אין לעצטן סך־הכל גייט עס אין „גייער" און נישט אין אינהאַלט. „דער גייער" פאַרענטפערט דאָך נישט קיין איין גרונטפראַגע, צוליב וועלכער ער איז אייגנטלעך געוואָרן אַ „גייער". נוחס, ווי מנחמס שליחות אויף דער וועלט, איז געווען אַ קינסטלעריש שליחות. נישט ענטפערן, נאָר אָנווייזן, אַנטפלעקן; נישט איבערצייגן — נאָר דער־שיטערן; נישט דינען גאָט, וואָס איז אויסער אונדז, און נישט דינען דער קונסט, וואָס איז נישט קיין חלק פון אונדזער אייגענער אינערלעכער שיינקייט. און ווייל מנחם האָט אַזוי אַוועקגעשטעלט דעם פּראָבלעם פון „גייער", ווייל ער האָט געגעבן נוחן דעם כוח פון פאָדערן, פון דערשיטערן, און נישט געגעבן די שוואַכקייט פון ענטפערן (ווייל יעדער ענטפער וואָלט סיי ווי געבליבן נישט פאַרענטפערט), האָט ער זיך געשטעלט אַ קינסטלע־

רישע אויפגאַבע. עס שפּירט זיך אַזוי שטאַרק אַרויס פון ווערק — גורל, יידישער גורל, און ווייל ס׳איז יידישער גורל, איז עס עטישער גורל. עטיק, וואָס קומט נישט פון חקירה, נאָר פון אינערלעכער שיינקייט און האַרמאָניע. און ווייל נוח דער גייער קומט צוריק (אייגנטלעך קומט ער צוריק דאָרט פון וואַנען ער איז אַרויסגעגאַנגען), איז דאָס ווערק אַזוי קאָמפּאָזיציאָנעל, שטאַרק, שלימותדיק, פאַרקיילעכיקט, איז דאָס ווערק אַזוי דינאַמיש. עפּעס טוט זיך אין אים אָפּ, דאָס, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין משך פון דורות. דער מענטש ווערט צוריק דער נאָפּל פון דער וועלט, און אַלץ דרייט זיך אַרום אים, ווי די ערד אַרום איר אייגענער אַקס.

מיר זענען זייער ווייט פון האַלטן, אַז די וואָס שאַפן יידישע קונסט „ככל הגויים״, טוען אַ מינדערוווערטיקע אַרבעט. פאַרקערט, טוען זיי זייער זאַך בשלימות, איז זייער שאַפונג אַזוי גרויס, ווי אַלץ וואָס איז גרויס. און אפשר האָט דאָס מנחם דערפאַר אין „גייער״ אָנגעטאָן אין חומר פון קונסט אַזוי פיל יידישע דורות פון געדאַנק, אידייע, מחשבה, בכדי דער יידישער שרייבער זאָל האָבן פאַר זיך אַ מער פרייען וועג, אָן אָפּגערייניקטן פון דער ירושה פון פאַרגאַנגענע דורות. אויב דאָס זאָל אַזוי זיין, אויב דאָס איז אויך געווען אַ טייל פון מנחמס שליחות, איז עס געווען אַ הויך־קינסטלערישע מיסיע.

טייל קאָנען האָבן טענות, אַז „דער גייער״ איז צו פיל ראַציאָנאַליסטיש, צו פיל מוח איז אין אים פאַראַן, ער איז כמעט ליטוויש־טרוקן, בכלל צו דורכזיכטיק, אַז ר׳זאָל קאָנען פאַררעכנט ווערן פאַר אַ סימבאָליסטיש ווערק. וועלן זיי ווידער מאַכן אַ טעות. סימבאָליזם, אַפילו דער נישט־יידישער, באַשטייט דאָך נישט בלויז אין אַריינפירן אין ווערק סימבאָלישע, אַלעגאָרישע פיגורן (דאָס האָבן דאָך אַגב אויך געטאָן די ראָמאַנטיקער), סימבאָליזם איז דאָך אויך נישט דאָס צודעקן מיט אַ טונקעלער פאַרב דאָס, וואָס האָט געקאָנט זיין אַזוי העל, קלאָר. סימבאָליזם איז דער וועג פון אַלע „דרויסנס״ — צו זיך, פון אַלע אויסערלעכע „צעבראָכנקייטן״ צו אינערלעכער גאַנצקייט. דאָס איז אויך דער וועג פון „גייער״, דער וועג פון יידישן סימבאָליזם, און זאָל עס טייל אויסזען ווי רעזיגנאַציע, ווי אָפּזאָגן זיך פון קאַמף, אָבער סוף־כל־סוף איז דאָך דער גרעסטער קאַמף דער וואָס ווערט געפירט מיט זיך.

ס׳איז אינטערעסאַנט, וואָס דער סימבאָליזם און דער נאַטוראַליזם — דער וועג צו זיך און דער וועג פון זיך — זענען געקומען אויף דער וועלט איינצייטיק. צווישן זיי איז געלעגן אַ צעשמעטערטער דער דעקאַדאַנס.

מנחם באַריישאַ האָט ביידע ריכטונגען אין זיך פֿאַראייניקט און אַרויס קינסטלעריש גאַנץ און געשטאַרקט. די וועלט פֿון מחשבה און די אויסער־לעכע וועלט פֿון מעשׂה האָט מנחם נישט געקאָנט פֿאַראייניקן. דאָס איז נישט זיין דורכפֿאַל. ס׳איז דער וועלטס דורכפֿאַל. אָבער די וועלט פֿון מחשבה מיט אינערלעכער מעשׂה האָט ער יאָ פֿאַראייניקט. — ווייל אינער־לעך איז יעדע מחשבה כּמעשׂה. נוחס שאָטנזייטן, זיינע שוואַכקייטן, זיין נישט־ברוטאַלע, נאָר דאָך בלינדע באַציִונג צו די נאָענטסטע, דאַרף פֿאַר־שריבן ווערן אויפֿן חשבון פֿון די שטרויכלונגען פֿון נוחס גורל — אָבער נוח און זיין אינערלעכע וועלט, פּונקט ווי באַריישאַ און זיין קינסטלערישע וועלט — זענען שטאַרק, גרויס און גאַנץ.

„צוקונפֿט“

# אליעזר שטיינמאַן – מעשה ברבי וחסיד

כתבי רבי נחמן מברסלב, מנוסחים וערוכים בידי **אליעזר שטיינמאַן**, הוצאת כנסת, תל-אביב, תשי"א.

1

ס'איז אַ מעשׂה מיט אַ רבין, וואָס האָט געלעבט מיט אַן ערך הונדערט און פופציק יאָר צוריק און מרעיש געווען די חסידישע וועלט מיט זיינע תּורות, שמועסן און גאַנצן התנהגות זיינעם, און מיט אַ העברעיִש־יידישן שריפטשטעלער, וואָס איז געוואָרן אַ פאַרברענטער חסיד פון דעם אויבן דערמאָנטן רבין.

מיר מיינען דאָ דעם רבין ר' נחמן פון בראַסלאַוו און דעם שריפט־שטעלער אליעזר שטיינמאַן.

די פרייע וועלט, די וועלט פון חפשים, נישט די שמאַל־וועלטלעכע, די וואָס האָט באַגרענעצט די יידישקייט, זיך אָפּגעגאַרט און פאַרטוישט די יידישע וועלט אויף אַ יידישיסטישע, נאָר די ברייטע, פרייע יידישע וועלט, וואָס האָט אַלץ געוואָלט וויסן, הערן, זען און אַ מאָל אויך עפּעס טועם זיין, אָבער זיך נישט פאַרבינדן און זיך נישט פאַרפּליכטן, די וועלט, די מענטשן פון דער וועלט, האָט שטאַרק געצויגן צום חסידיזם. זיי האָבן געזוכט אין חסידות אַ רעוואָלט. אַפילו אַ רעוואָלט קעגן הימל. זיי האָט געלאָקט קאָצק. די לעגענדע וועגן די אויסגעלאָשענע ליכט אין שבת. דער לית דין ולית דיין, וואָס זאָל מכּלומרשט האָבן אַרויסגעגאַנגען פון קאָצקערס מויל. זיי האָט געצויגן דער סוד פון ר' מענדלס יאָרן־לאַנגער אָפּגעזונדערטקייט. די בגידה פון ר' מרדכי יוסף איזשביצער. זיי האָט אויך (אפשר אין אַ קלענערער מאָס) אינטערעסירט דער פענאָמען: ר' נחמן בראַסלאַווער. זיינע ספּורי מעשׂיות, זיין פּחד־פּחדימדיקע נסיעה קיין ארץ־ישׂראל, און דער עיקר דער פּאַטאָס וואָס ער האָט אַריינגעהויכט אין דער נשמה פון זיינע חסידים, דער פּאַטאָס, וואָס האָט זיין מקור אין התבודדות דווקא — און וועלכער סטייעט נאָך פאַר טייל חסידים זיינע עד היום הזה.

חסידות איז טאַקע געווען רעוואָלט, אָבער נישט קיין רעוואָלט קעגן גאָט פאַר זיין באַציִונג צום מענטש, נאָר פאַרקערט, אַ רעוואָלט קעגן זיך אַליין, אַ רעוואָלט קעגן מענטש פאַר זיין באַציִונג צו גאָט. כביכול האָט מצמצם געווען זיך, בכדי צו מאַכן אַן אָרט פאַר דער וועלט, און די חסידים האָבן געוואָלט מצמצם זיין זיך, די וועלט, בכדי צו מאַכן וואָס מער אָרט פאַר כביכול, פאַר דער געטלעכקייט. די מתנגדים האָבן געוואָלט רעגולירן זייער באַציִונג צו גאָט (דורך דינים, גדרים, סייגים), די חסידים האָבן געשטרעבט צו רעגולירן זייער באַציִונג מיט גאָט (דורך התחברות, התקשרות, דורך האַרץ, מוח און נשמה שבמוח). די חסידים האָבן מבטל געווען זיך, זייער רצון, זייערע מחשבות לגבי רצון און מחשבות פון זייער רבין. זייערע נויטן און הצטרכותן האָבן זיי געמאַכט צו גאָרנישט. דער צדיק אַליין האָט זיך געפייניקט, געבראָכן זיינע גלוסטונגען און רגילותן, ווייל אַלץ קאָן בטל ווערן במציאות קעגן דער איינציקער רעאַליטעט: דער געטלעכ־קייט. דעם קאָצקער איז נישט געווען אַלץ צו ווינציק, נאָר פאַרקערט, וויפל ער זאָל זיך נישט פילן ווינציק, ווי שטאַרק ער זאָל זיך נישט וועלן פאַר־באָרגן, פאַרשטעקן, מ׳זאָל אים נישט אַרויסזען, איז ער נאָך אַלץ זיך אַליין געווען צו גרויס אין די אייגענע אויגן. זיין תקיפות איז געקומען פון גרויס בענקשאַפט, פון בענקשאַפט צו דביקות. ווייל נאָר דורך דביקות קאָן מען קומען צו ביטול היש. ביטול היש (אַפילו במציאות) הייסט נישט מהרס זיין גאָטס מעשים, ווייל ביטול היש איז נישט קעגן גאָט, נאָר פאַר גאָט.

ר׳ נחמן בראַסלאַווער האָט נישט געשטרעבט צו צדיקישער אַליינ־הערשאַפט, נאָר אין זיין משתוקק זיין מצמצם צו זיין די וועלט האָט ער באמת נישט געזען מער אָרט אויף איין דרגא, אויף איין מדרגה, ווי פאַר איין צדיק, און מער נישט קיין אָרט אויף דער וועלט, ווי פאַר איין צדיק אויף אַ דור.

2

אליעזר שטיינמאַן איז אַ חסיד. ער איז אַ חסיד בעצם. פאַר אַ חסיד איז דער צדיק דער יסוד פון דער וועלט, „דער בעל־הבית פון דער וועלט״ (ווי ס׳דריקט זיך אויס ר׳ נחמן בראַסלאַווער). דער צדיק קאָן משנה זיין דעם סדר פון מעשה בראשית. קאָן ענדערן דעם דרך פון דער טבע. קאָן דוחק זיין דעם קץ. אַן אמתער חסיד, וואָס האָט אמונת צדיקים, ווערט נישט נתפעל פון די גבורות פון זיין רבין. ער ווייס, אַז די וועלט ליגט אין די

הענט פון צדיק און ער קאָן מיט איר טאָן וואָס ער וויל. דער חסיד ווערט גיכער נתפּעל פון רבינס איינגעהאַלטנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט, פון דעם וואָס דער צדיק איז נישט משנה די וועלט אויף דעם אופן, ווי ער וויל אַז זי זאָל זיין, און אויף דעם אופן ווי ער פאַרשטייט, אַז זי דאַרף זיין, נאָר איז זיך מכניע אונטערן העכערן רצון (פון בורא). ס׳האָט גע־קאָנט זיין אין גאַנצן אַנדערש, ווייל „הצדיק גוזר והקב״ה מקיים״. די פּסיכאָלאָגן וואָלטן געוועז געזאָגט, אַז די חסידים האָבן געהאַט אַ קאַטאַס־טראָפישן וועלטבאַנעם. די וועלט איז, לויט זיי (די חסידים), ווי נאָך נישט קיין פאַרמירטע. זיי האָבן געלייקנט יעדן מינדסטן צושטייער, יעדן צוגאָב פון עמפּיריזם צום שׂכל. זיי האָבן די וועלט און זייער לעבן באַזירט נאָר און דורכויס אויף אמונה. אין דער וועלט פון מעשׂה איז שוין אַ סך געטאָן און גאָרנישט אָפּגעטאָן.

אליעזר שטיינמאַן האַלט, לויט דעם ווי מיר האָבן אים תּופס געוועזן, אַז אין דער וועלט פון מחשבה איז שוין אַ סך געטראַכט געוואָרן און גאָרנישט אָפּגעטראַכט. אַ מחשבה הייבט זיך אייגנטלעך קיין מאָל נישט אָן און ענדיקט זיך קיין מאָל נישט. זי איז און קאָן שטענדיק איבערגעטראַכט ווערן אויף דאָס ניי. אויב דער רגש האָט עפּעס קעגן וועלכער דאָס זאָל נישט זיין מחשבה, האָט די לעצטע נישט קיין שום זכות הקיום, ווען אַפילו די גאַנצע ראַציאָנאַליסטישע און עמפּירישע וועלט שטעלט זיך פאַר איר (פאַר דער מחשבה) איין. א. שטיינמאַן דערטראַכט זיך אַ מאָל צו אַן אַנטי־פילאָסאָפישן געדאַנק. אים אַרט נישט, אויב דאָס וואָס ער זאָגט, איז שוין אַ מאָל פאָרמולירט געוואָרן. ער האַלט יעדע פאָרמולירונג, אויב נישט פאַר באַגרענעצט איז, על־כל־פּנים, פאַר אָפּגעגרענעצט, און יעדע אָפּ־גרענעצונג איז במילא קעגן רגש. אַזוי ווי די חסידים באַזירן מעשׂה אויף אמונה, אַזוי באַזירט שטיינמאַן מחשבה אויף רגש. אָן רגש האָט מחשבה נישט קיין אינהאַלט און נישט קיין אָנהאַלט אין דער וועלט.

דאָס מיינען מיר, ווען מיר זאָגן, אַז א. שטיינמאַן איז אַ חסיד. די אוממיטלבאַרקייט איז דער איינציקער אופן פון צוגאַנג צו דער וועלט און דער איינציקער אופן פון זיך „באַוועגן״ אין דער וועלט. התחברות, הת־קרבות און התדבקות בד׳, דאָס באַהעפטן זיך מיט גאָט, דאָס נישט לאָזן הערשן און נישט לאָזן זיך באַהערשן פון גאָרנישט, וואָס קאָן ווערן אַ מחיצה צווישן זיך און גאָט, מבטל זיין אַלץ (און זיך) וואָס קאָן ווערן אַ שטערונג צו דער באַהעפטונג מיט גאָט, דאָס איז דער יסוד פון חסידישער השתוקקות, פון חסידישער בענקשאַפט, פון חסידישן שטרעבן. די באַהעפ־

טונג פון געפיל מיט געדאַנק, זייער קעגנזייטיקע און פּילזייטיקע השפּעה, דאָס באַזייטיקן פון דער וועלט און אַפילו פון געפיל און געדאַנק אַלץ וואָס קאָן שאַפן אַ מחיצה צווישן געפיל און געדאַנק — דאָס איז דער חסידי־שער דרך פון אליעזר שטיינמאַנס ליטעראַרישן שאַפן.

ווען מיר האָבן געלייענט שטיינמאַנס התנצלות אין דעם אַריינפיר צום ספר וועגן וועלכן מיר רעדן, ווען מיר האָבן געלייענט די ווערטער מיט וועלכע ער בענטשט דעם, וואָס דרייט דאָס ראָד פון אַלע סיבות און האָט אים געבראַכט צו די כתבים פון רבי ר׳ נחמן בראַסלאַווער, בכדי זיך מיט זיי מתחבר זיין — האָבן מיר געפילט, אַז דער בעל־התנצלות וואָלט זיכער באַשטאַנען מצמצם צו זיין די היינטיקע וועלט, בכדי צו מאַכן מער אָרט פאַר עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל קומען אויף דער וועלט דורך אַ באַהעפטי־קונג פון רגש מיט מחשבה און זאָל האָבן אין זיך דעם טעם און ריח פון אַן עקסקלוסיוון, אייגנאַרטיקן און שאַרפן אמת.

3

דעם רוב פון זיין אַריינפיר (פתיחה) צום ספר און אַ גרויסן טייל פון ספר גופא, האָט שטיינמאַן אָוועקגעשענקט פאַר ר׳ נחמנס ספּורי מעשׂיות. ער זעט אין זיי, מיט רעכט, אַלע עלעמענטן פון מעשׂיות־קונסט. ער איז אויסער זיך פון דער בלינדקייט פון די ביז איצטיקע פאָרשערס פון ר׳ נחמנען, וואָס האָבן נישט נאָר נישט דערשאַצט נאָר, אין מערסטע פאַלן, גאָר נישט אָפּגעשאַצט און אַפילו נישט געשאַצט די דערציילערישע גרויס־קייט פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער. ער איז טיף פאַרוואונדערט, וואָס אין קיין שום העברעיִשער (און יידישער? — י. ה.) אַנטאָלאָגיע ווערט גאָר דער נאָמען ר׳ נחמן בראַסלאַווער נישט דערמאָנט. שטיינמאַן האַלט ר׳ נחמנען פאַר דעם פאָטער פון דער מאָדערנער העברעיִשער דערציילונג[1]. ער זאָגט, אַז ווען מ׳זאָל שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַנטעאָן פאַר די גרויסע מעשׂיות־דערציילער (למספרי אגדות הגדולות) וואָלט, דוכט זיך אים, ר׳ נחמן ראוי געווען צו זיין דאָרט אונדזער פאָרשטייער. שטיינמאַן זוכט נישט קיין אַנאַלאָגיעס צווישן ר׳ נחמנס ספּורי מעשׂיות און די געשיכטע פון טויזנט און איין נאַכט, צי די מעשׂיות פון די ברידער גרים, אָדער די

[1] זהו (ר׳ נחמן, י. ה.) שראוי מכל הבחינות, שפרשה ראשונה בתולדות סיפורנו החדש תיקרא על שמו, לא נזכר ולא נפקד כלל בין אבות הסיפור העברי.

גרויסע איראָפּעיִשע (און נישט־איראָפּעיִשע) משלים־שרייבער. ער זוכט אויך נישט קיין אַנאַלאָגיעס צווישן די ספּורי מעשׂיות און פאַרשידענע פאָלקס־לעגענדעס. דאַקעגן זעט ער אַ שייכות (אויב נישט קיין דירעקטע השפּעה) צווישן די ספּורי מעשׂיות און די דערציילונגען פון פראַנץ קאַפקאַ. שטיינמאַן האַלט דעם בראַסלאַווער פאַר אַן אַבסאָלוטן רעאַליסט. (און וואָס איז דען פאַנטאַזיע? פאַנטאַזיע איז דאָך אויך נישט מער און נישט ווינציקער, ווי אַ דורכשניט און אַ באַהעפטונג פון פאַרשידענע רעאַליטעטן — י. ה.).

ס'איז שווער פון אַזאַ טעמפּעראַמענטפולן שריפטשטעלער, מיט אַזאַ רייכער שפּראַך־פּאַלעטע, ווי אליעזר שטיינמאַן, צו פאָדערן אַ שטרענגע דעפיניציע פון ר' נחמן בראַסלאַווערס דערציילערישער גרויסקייט (שטיינמאַן האָט בכלל גאָרנישט בדעה צו געבן דעפיניציעס). אָבער ער טוט גוט וואָס ער רופט נישט אָן ר' נחמנען אמן (קינסטלער), כאָטש ער האַלט זיין דערציילן פאַר קינסטלעריש דערציילן. ער רופט אים (ר' נחמנען) אָן: קוֹסם (כּישוף־מאַכער, אפשר דאַרף מען דאָס וואָרט אַנדערש פאַרטייטשן?). „הסיפור הוא הגביע שלו, בו ינחש, בו יקסום", זאָגט שטיינמאַן וועגן ר' נחמנס ספּורים. דירעקט „קונסט" רופט ער זיי נישט אָן. און ער טוט ריכטיק, ווייל אַ געשריבענע, צי אויפגעשריבענע זאַך קאָן פאַרמאָגן אַלע עלעמענטן פון קונסט, אַלע אַטריבוטן פון קונסט און דאָך קיין קונסט נישט זיין. קונסט איז נאָר דאָס, וואָס איז לכתחילה מוקדש געוואָרן צו זיין קונסט. ס'זענען טאַקע פאַראַן זאַכן, וואָס זענען לכתחילה יאָ מוקדש געוואָרן צו זיין קונסט און זענען דאָך נישט קיין קונסט, אָבער דאָס, וואָס איז לכתחילה נישט מוקדש געוואָרן צו זיין קונסט, קאָן קיין מאָל קיין קונסט נישט ווערן. אַפילו די דימענסיעס פון גייסט קאָן מען גאָרנישט איבערטראָגן פון איין דימענסיע אין אַ צווייטער. אויב ר' נחמנס ספּורי מעשׂיות זענען נישט קיין קונסט, זענען נישט פאַררעכנט געוואָרן פאַר קונסט, און ער איז נישט פאַררעכנט פאַר קיין קינסטלער — איז דאָס נישט די שולד פון די ליטעראַטור־קריטיקער, ווי שטיינמאַן מיינט, נאָר פון ר' נחמנען אַליין, ווייל ער האָט מיט זיינע שאַפונגען מכוון געווען צו גאָר עפּעס אַנדערש, ווי קונסט. אויב ס'זאָלן חל זיין אויף קונסט דינים, איז דער דין: כוונה עושׂה קונסט.

א. שטיינמאַנס כוונה איז געווען צו דערנענטערן צו אונדז און אונדזערע דורות דעם נאָמען: רבי ר' נחמן פון בראַסלאַוו, וואַיזן אונדז זיין גרויסקייט אין די געביטן פון גייסט, אינטעלעקט, געפיל, כאַראַקטער,

מאָראַל, פֿאַנטאַזיע, שעפֿערישקייט און נשמה־שטייגערונג. ר׳ נחמן איז געווען אַן אָדם גדול מיט דורכבליצן פֿון גאונות. שטיינמאַן באַמערקט און שטרייכט אונטער, אַז אין זיינע באַטראַכטונגען וועגן צייט, האָט ר׳ נחמן דערגרייכט הויכע טיפֿקייטן און פֿאַרויסגעלאָפֿן אין געוויסע פּרטים די פֿאַרשונגען און דערגרייכונגען פֿון היינטצייטיקע פֿילאָסאָפֿן אויף דעם געביט. ער זעט אויך אין בראַסלאַווערס ספּורי מעשׂיות (אין געוויסע) אַ פֿאָרויספּילונג פֿון דעם, וואָס איז מיט אַזוי פֿיל צייט שפּעטער געוואָרן די אַטמאָספֿער, אַזוי צו זאָגן, פֿון פֿראַנץ קאַפֿקאַס שאַפֿן (פֿ. קאַפֿקאַ ווערט איצט באַטראַכט פֿאַר דעם פֿאָטער פֿון ליטעראַרישן עקסיסטענציאַליזם). פֿאַר אונדזער געפֿיל אָבער, ליגן ר׳ נחמנס כּוח און גרויסקייט מער אין זיין עקסקלוזיווקייט ווי אין זיין אוניווערסאַלישקייט. דערנענטערן הייסט נישט בלויז געפֿינען עפּעס אַ בשותּפֿותדיקן פּונקט צווישן אַ גרויסן מענטש למשל און אונדז (און דעריבער זוכן און געפֿינען די אוניווערסאַלישקייט פֿון דעם אָדם גדול), דערנענטערן הייסט אַ מאָל — אימפּאָנירן, דערנענטערן הייסט אַפֿילו נייטן צו שטיין פֿון דער ווייטנס. נאָענטקייט הייסט אַ מאָל — פֿאַרערונג, נאָענטקייט נעמט זיך אַ מאָל פֿון דעם נישט־דערוועגן זיך צוצוגיין נאָענט. ר׳ נחמן איז געווען אַ גייסטיקער ריז, אַ פֿענאָמענאַלער בעל־רגש. גאָט איז ביי אים געווען אַזאַ רעאַליטעט, ווי ביי אונדז די רעאַלע וועלט. יראת־שמים איז געווען דאָס בלוט, וואָס האָט געקרייזט אין זיינע אָדערן. מיט עבֿודת־הבורא האָט ער געאָטעמט, ווי מיר אָטעמען מיט לופֿט. ער האָט העלדיש געקעמפֿט מיט די פֿאַרשידענע קליפּות (קאָמפּלעקסן בלע״ז) וואָס האָבן אים געמאַטערט, מיט וועלכע ער איז געווען פֿול אָבער פֿון וועלכע ער האָט זיך נישט געלאָזט באַהערשן. ער האָט זיך געשראָקן (און דאָס איז ביי אים שיר נישט דערגאַנגען צו אַ צוואַנג־אידייע) פֿאַר נאַטירלעכע ביאָלאָגישע פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאַר אין איטלעכן בשׂר־ודם. וועגן אַ סך זאַכן האָט אונדז שטיינמאַן, מער־ווינציקער, דערציילט, אויב נישט אין דער כאַראַקטעריסטיק פֿון ר׳ נחמנען איז אין ר׳ נחמנס געבראַכטע אוממיטלבאַרע אַרויסזאָגונגען (פֿאַרפֿיקסירט אין שריפֿט דורך זיין תּלמיד ר׳ נתן). שטיינמאַן האָט אונדז געגעבן פֿון אַלץ, וואָס ר׳ נחמן האָט געטראַכט, געזאָגט, צי דערציילט (און ר׳ נתן האָט פֿאַרשריבן), אָבער אונדז דוכט זיך, אַז ער האָט אַ ביסל צו ווינציק געגעבן פֿון גאַנצן. אַ קליינער ויתרוצצו איז, לויט אונדז, אין ספֿר פֿאַראַן. אויף צוויי הונדערט זעקס און אַכציק תּורות בלויז פֿון לקוטי מוהר״ן (אַחוץ פֿון לקוטי מוהר״ן תּנינא, תּליתאה און אַחוץ פֿון אַנדערע ר׳ נחמנס ספֿרים) האָט שטיינמאַן אין זיין

באַאַרבעטונג און אין זיין איבערדיכטונג געבראַכט נאָר פּופּצן, אָבער די ספּורי מעשׂיות האָט ער געבראַכט אַלע. צי איז דער דורכדרינגלעכער שטיינמאַן נישט אַ מאָל נכשל געוואָרן אין ליטעראַטור? ס'איז אָבער גוט, וואָס ער האָט געגעבן פון אַלץ, וואָס ר' נחמן האָט געטראַכט און צו וואָס ער האָט זיך דערטראַכט, אַפּילו זיינע מיינונגען וועגן דאָקטוירים, רפואות, מקווה, פילאָסאָפיע, וואָס קאָנען אַ היינטיקן, און נישט אין גאַנצן אין חסי־דות באַהאַוונט מענטש אויסקוקן „ווילד”. יעדער וואָס וויל וויסן, לערנען און תּופס זיין די עמקות פון ר' נחמנען, ווער ס'וויל מיטפילן מיט זיין גרויס פילן, דער מוז אים נעמען אַזוי ווי ער איז געווען און נישט אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט ער זאָל האָבן געווען. עפּעס אָראָפּנעמען, צי עפּעס פאַרבאָרגן פון ר' נחמנס פּערזענלעכקייט לשם פּשרה מיט היינטצייטיקייט, הייסט געבן אַ מעגלעכקייט אַנצוּוואַקסן ווילדפלייש דאָרט, ווו אויב אַפּילו נישט אַלץ איז פאַרשטענדלעך, איז אָבער אַלץ עכט און ערלעך.

4

סוף־כּל־סוף איז דאָס ערשטיקע חסידות געווען און פאַרבליבן אַ תּורה שבעל־פּה, נישט געקוקט אויף אַלע ביזאיצטיקע פאָרשונגען [1]. און נישט נאָר דאָס היסטאָריש־ערשטיקע חסידות איז פאַרבליבן אַ תּורה שבעל־פּה, נאָר אַלץ וואָס איז אין חסידות געווען ערשטיק (אַפּילו ביז די לעצטע דורות), אַלץ וואָס האָט געהאַט אין זיך פון אַ נייער שיטה, נייעם דרך, צי נייעם געדאַנק בלויז איז, אין אַ געוויסן זינען, פאַרבליבן תּורה שבעל־פּה. דער רמז, דאָס איינטייטשן אַ וואָרט, דער קנייטש פון אַ וואָרט, אַפּילו דאָס נישט־אַרטיקולירטע, די חסידישע אָנאָמאַטאָפּעע, די חסידישע מימיק, דער ברום, דאָס נישט־דערזאָגטע, ערשט די אומצאָליקע חסידישע מעשׂיות אין די פאַרשידענע וואַריאַנטן, וואָס זענען, ווי מסורה, איבערגעגאַנגען

[1] ד"ר א. י. העשל שרייבט אין סוף פון זיין אַרבעט: ר' פּנחס קאָריצער, „ייוואָ־בלעטער”, באַנד 33: „די דאָזיקע אַרבעט און אויך אַ מאמר וועגן ר' גרשון קיטעווער, דעם בעש"טס אַ שוואָגער, וואָס וועט בקרוב אַרויסקומען אין „היבריו איוניאָן קאָלעדזש אַנועל” — זענען בעיקר געבויט אויף כּתבי־יד וועלכע כ'האָב זוכה געווען צו אַנטדעקן אין די לעצטע עטלעכע יאָר און וועלכע זענען פון געוואַלדיקער חשיבות פאַר דער פאָרשונג פון חסי־דות אין די ערשטע צוויי דורות”, דאָס איז באמת אַ בשורה טובה. אַגב, ר' נחמן געהער צום פערטן דור חסידות. (י. ה.)

פון מויל צו מויל — דאָס וועט קיין שום וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג נישט איבערגעבן, אַפילו זיך נישט צורירן דערצו (און מיט רעכט). ס׳וועלן דאָ נישט העלפן די חסידישע ספרים, וואָס די רביים אַליין האָבן געשריבן און אַוודאי און אַוודאי נישט די ספרים־מאַניע וואָס האָט געהערשט צווישן די רביים און רבילעך פון די לעצטע עטלעכע דורות. אַפילו די פאָרשטייער פון חב״ד, ווועמענס גרונטלייגער ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדי, דער בעל התניא, איז געווען אַ זעלטענער בעל־לשון און סטיליסט, אַפילו זיי, וואָס האָבן אַלץ פאַרשריבן וואָס זיי האָבן געטראַכט און געזאָגט, האָבן אָבער נישט אַלץ פאַרשריבן וואָס זיי האָבן געטאָן, און דערמיט אַנדערע אינספּי־רירט צו טאָן — און „גדול המעשׂה יותר מן העוֹשׂה״. אַפילו ר׳ נתן (דער תּלמיד פון ר׳ נחמנען, וואָס האָט אויפגעשריבן יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט געהערט פון זיין רבין. דאָס אַלץ וואָס ר׳ נתן האָט אויפגעשריבן ביי ר׳ נחמנס לעבן, האָט ר׳ נחמן דורכגעקוקט און, ווי מען רופט דאָס היינט, קאָרעגירט), וואָס איז געווען פאַר ר׳ נחמנען מער ווי עקערמאַן פאַר געטען, מער ווי ענגעלס פאַר מאַרקסן — האָט אויך נישט געקאָנט אַלץ איבערגעבן וועגן זיין רבין. די חסידישע מסורה, די חסידישע תּורה שבעל־פּה האָט נאָך מער געוווּסט וועגן ר׳ נחמנען, ווי ר׳ נתן האָט געוווּסט און אַפילו מער געוווּסט וועגן ר׳ נחמנען, ווי ר׳ נחמן אַליין האָט וועגן זיך געוווּסט, כאָטש ער איז געווען באַשאַנקען מיט אַ טיף אַנטוויקלטן זעלבסט־באַוווּסט־זיין. אַגב, ר׳ נתן אַליין זאָגט, אַז נישט אַלע תּורות פון ר׳ נחמנען איז ער געווען פעיִק צו פאַרהאַלטן אין מוח צי גאָר זיי צו באַנעמען. אויך האָט מען תּיכף נאָך ר׳ נחמנס פּטירה, געגנוי לויט זיין צוואה, פאַרברענט די כּתבים זיינע, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן אין אַ שופלאָד.

דאָס קאַפּיטל, למשל, וועגן דער הסתּלקות פון ר׳ נחמנען (הסתלקותו) איז אַ „רעלאַציע״ פון ר׳ נתנען פאַר דער צייט פון ר׳ נחמנס פאַרלאָזן בראַסלאַוו ביז זיין פּטירה אין אומאַן. די „רעלאַציע״ פאַרמאָגט אַ סך איני־טערעסאַנטע ביאָגראַפישע מאָמענטן, זאָגט עדות וועגן דער געוואַלדיקער צוגעבונדנקייט פון ר׳ נתנען צו זיין רבין און וועגן זייער קעגנזייטיקער התקשרות. ס׳זאָגט אָבער נישט, וואָס ר׳ נחמן האָט געטראַכט וועגן טויט, צו וועלכן ער האָט זיך געגרייט איבער דריי יאָר צייט, זינט ער איז קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז. ר׳ נתן גיט נאָר איבער, אַז ר׳ נחמן האָט גע־רעדט וועגן זיין הסתּלקות, אַז אין דער צייט ווען ער איז אַריין קיין אומאַן איז ער געווען פאַרטאָן אין דעם ענין, אַז ער האָט זיך פאַר דעם טויט נישט דערשראָקן, אַז זיין פּטירה איז געווען אַ הייליקע און אַ פאַרכטיקע. אָבער

וואָס ר׳ נחמן האָט געזאָגט וועגן טויט ברענגט נישט ר׳ נתן. אין זיין תורה וועגן הסתּלקות פון צדיק, אויף וועלכער ס׳ווייזט אָן ר׳ נתן אין זיין קאַפּיטל הסתּלקותו, רעדט ר׳ נחמן נאָר וועגן דער באַדייטונג פון צדיק, אַז דער צדיק איז די קרוין, די שיינקייט און דער חן פון דער וועלט, אַז די צדיקים זענען די אויגן פון דער עדה. דעריבער, אַז דער צדיק גייט אַוועק ווערט צוגענומען די קרוין פון דער וועלט. דער צדיק אַליין פּאַרלירט גאָרנישט דערפון וואָס ער ווערט פאַרשווּונדן פון דער וועלט, ווייל ווען ער פאַר־שווינדט פון דאַנען שווימט ער אויף ערגעץ אַנדערש (אויף יענער־וועלט), אָבער אויף דער עדה יידן וואָס ווערט פאַריתומט איז אַ גרויס רחמנות[1]. וועגן טויט גופא געפינען מיר נישט, אַז ר׳ נחמן זאָל האָבן עפּעס געזאָגט. דעם טויטן גיט ער גרויסע רעכט, אַפילו דאָס רעכט זיך קעגנצושטעלן, נאָך אַ מאָל מגולגל צו ווערן אויף דער וועלט (וואָס דאָס איז אייגנטלעך קעגן דער יידישער רעליגיעזער השקפה און קעגן דער יידישער מסורה), אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס טויט, צי בכלל וועגן טויט, זאָגט ר׳ נחמן גאָרנישט. ער, וואָס האָט אַזוי טיפּזיניק, ממש געניאַל, גערעדט וועגן צייט האָט זיכער אַ סך געטראַכט און געהאַט וואָס צו זאָגן וועגן טויט, צו וועלכן ער האָט זיך באַוווסטזיניק געגרייט איבער דריי יאָר. קאָן זיין, אַז אויב מ׳גלויבט אין ביטול היש ווערן דאָך במילא פאַרריבן די גרענעצן צווישן לעבן און טויט, טאָ וואָס איז שוין דאָ וועגן טויט צו רעדן? קאָן זיין, אַז ר׳ נחמן איז געווען צו יונג — ער איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון ניין און דרייסיק יאָר — אַז טויט זאָל בכלל ביי אים זיין אַ יש. ער האָט איגנאָרירט דעם טויט ווי נאָר יונגע מענטשן קאָנען אים איגנאָרירן אַפילו ווען זיי זענען קראַנק מסוכן. אָבער דער עיקר זעט אונדז אויס האָט צוליב דעם ר׳ נחמן נישט גערעדט וועגן טויט, ווייל ער האָט כמעט נאָר גערעדט וועגן דעם צו וואָס מ׳האָט אים אינספּירירט. ער האָט ליב געהאַט מ׳זאָל אים אינספּירירן. און צו רעדן וועגן זיין הסתּלקות האָט אים נישט נאָר קיינער נישט אינספּירירט, נאָר ר׳ נתן, למשל, האָט בפירוש נישט געלאָזט אים וועגן דעם רעדן. קיינער האָט נישט געוואָלט וויסן, אַז ר׳ נחמן האַלט

[1] די דאָזיקע תורה האָט ר׳ נחמן געזאָגט שבת בראשית, אַ וואָך פאַרן פאַר־לאָזן אויף שטענדיק בראַסלאַוו, און ער האָט זי איבערגעחזרט פאַר ר׳ נתנען אויפן וועג קיין אומאַן וווּהין ר׳ נחמן איז געפאָרן מיט דער דעה דאָרט נסתּלק צו ווערן. דער שמועס איז אויפן ערשטן וואָרט און אויף די לעצטע דריי ווערטער פון דער תורה, בראשית — לעיני כל ישראל. זע **לקוטי מוהר״ן תנינא**, סימן סז. שטיינמאַן ברענגט נישט די תורה.

ביים נסתלק ווערן, ווייל קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס קאָן געשען[1].

שטיינמאַן איז גערעכט ווען ער זאָגט, אַז דער עיקר־מחלוקת אויף ר׳ נחמנען האָט זיך גענומען פון זיין „טעאָריע״, אַז צוויי צדיקים קאָנען זיך נישט געפינען אויף איין מדרגה. אָבער די מחלוקת אויף זיינע חסידים לאחר פטירתו האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די חסידים האַלטן, אַז ס׳דאַרף זיין: „והיו עיניך רואות את מוריך״ (ישעיה, ל׳). דערלאַנגען שלום אַ לעבעדיקן צדיק איז מער ווי פאַרן הונדערט מאָל אויפן ציון פון אַ טויטן צדיק. „טויטע חסידים״ האָט מען גערופן די אומאַנער חסידים. קאָן שוין זיין אַ מער סאַרקאַסטישער פאַרגלייך? טויט און חסידות, וואָס קאָן שוין זיין מער משונהדיק? דאָס איז געווען אַ נקמה פון די אַנדערע חסידים פאַר דעם מזלזל זיין אין דעם „והיו עיניך רואות את מוריך״[2].

5

ענטפערנדיק זיך אַליין אויף אַ פראַגע: פון וואַנען קומט צו אַ חסי־דישן רבין ער זאָל דערציילן מעשׂיות, זאָגט שטיינמאַן, אַז פאַר אים איז דאָס פשוט. „ווענעמס אינעווייניקסטן אויער ס׳איז געוואָנדן צום מקור, דער מוז זאָגן אַ ליד אָדער אַ דערציילונג... וואָס איז דען דאָס אַ דערציילונג? דאָס איז דאָס אָרגאַניזירן דעם כאַאָס... פאַרריכטן דאָס צעבראָכענע״... אַזוי אַרום האָט שטיינמאַן געגעבן ר׳ נחמנען אַ קינסטלערישע שליחות, אַ ליטעראַרישע שליחות. ביים זאָגן דאָס האָט שטיינמאַן זיכער געוווסט, אַז געדאַנק, למשל, איז אויך אַן ענין פון אָרגאַניזירן דעם כאַאָס, אַז וויסנ־שאַפט האָט אויך מיט דעם צו טאָן, אַז לאָגיק איז אויך נישט אַוועקצומאַכן

---

[1] ...נתחזקתי ואמרתי בלבי, שכך דרכו שהוא מכין עצמו להסתלק. אבל השם יתברך לא יעשה זאת ובודאי יחיה, כי לא היה יכול לעלות על דעתנו, שהשם יתברך יקח מהעולם את אור האורות, אחרי שעדיין לא זכינו ליהנות מאורו הנפלא והנורא, אשר כולנו צריכים לקבל ממנו. בעוונותינו הרבים על ידי מחשבות אלו אבדנו מה שאבדנו, כי לו היינו מאמינים לו בפשטות שיסתלק, כאשר אמר לנו בפירוש וברמז פעמים אין מספר, בודאי היינו יכולים לשמוע ממנו דברים נוראים. כי רצונו היה שתהיה לנו אתערותא דלתתא, שאנחנו נעורר אותו. שיאמר איזה דברים, אבל אנחנו לא שמנו לב לזה והיינו מצפים רק שישוב לאיתנו. לא רצינו לחשוב כלל והוא לא אמר לנו מעצמו בלי שום אתערותא דלתתא. (זייט 334).

[2] זע וואָס ס׳זאָגט וועגן דעם ר׳ נחמן אַליין אין **ליקוטי מוהר״ן תנינא**, סימן סו.

מיט דער האַנט, אָבער ער האָט עס געזאָגט, און דאָס וועט בלייבן איינע פון שטיינמאַנס אינטערעסאַנטע אַרויסזאָגונגען, וועלכע קאָנען געפעלן אָבער מיט וועלכע מען מוז נישט דורכויס מסכים זיין.

אָבער שטיינמאַן וויס אויך אויפן ריכטיקן אָרט צו זאָגן, אַז ר׳ נחמנען פאַרפּליכטן נישט די אַלע געזעצן און גרענעצן, וועלכע בינדן יאָ די וועלט־לעכע דערציילער (המספרים החיצוניים). ער טוט אויך גוט וואָס צו דער לערע און דער כאַראַקטעריסטיק פון ר׳ נחמנען ברענגט ער נישט, אַחוץ איין אויסנאַם, קיין שום מקורות, אַחוץ דעם הויפּט־מקור אַליין (ר׳ נחמנס ספרים) [1].

ר׳ נחמן בראָסלאָווער האָט נישט געשאַפן קיין שיטה אין חסידיזם, ווי למשל דער בעש״ט, דער רבי ר׳ אלימלך פון ליאָזענסק, דער גרויסער מגיד פון מעזריטש, דער בעל־התניא, צי ר׳ מענדל קאָצקער. ער איז גיכער געווען אַן עקלעקטיקער. ער האָט אָבער אומפאַרגלייכלעך מער ווי אַנדערע חסידישע גדולים פון זיין צייט באַרייכערט דאָס חסידות מיט אַ שלל פון טיפע געדאַנקען, באַטראַכטונגען; ער האָט אַריינגעבראַכט אין חסידות אַ געוואַלטיקע דינאַמיק. ער האָט איבערראַשט מיט זיין פאַנטאַזיע און דרייסט־קייט. ער האָט נישט געשאַפן קיין שיטה אין חסידיזם, ער האָט געשאַפן אַ שיטה, וואָס הייסט: חסיד. ער האָט אויספאַרמירט דעם ריכטיקן טיפּ פון אַ חסיד. ער האָט נישט אַלץ אויסגעזאָגט, נישט אַלץ דערזאָגט, ער האָט איבערגעלאָזט אָרט פאַרן חסיד אים צו אינטערפּרעטירן, אים מפרש צו זיין, קאָמענטירן. ווער ס׳האָט געהערט די מפרשים, די עגזעגעטיקער פון ר׳ נחמנס תורות, צי פון זיינע מעשיות אַפילו שוין אין די לעצטע

[1] מיר באַנוצן זיך מיט ר׳ נחמנס ספרים דער עיקר מיט **ליקוטי מוהר״ן** און **שבחי הר״ן**, וואָס נעמט אויך אַריין די **שיחות הר״ן**, זיין נסיעה קיין א״י, און אַנדערע. די ספרים זענען אין יאָר התש״ז, אַזוי נאָענט נאָכן חורבן, אַרויס־געגעבן געוואָרן דורך יידן פון דער שארית הפליטה אין רעגענסבורג און לאַנדסבערג צום פאַראייביקן די נעמען פון זייערע קדושים, וואָס זענען אומ־געקומען אין די גאַזאָוויונס פון טרעבלינקע און בעלזשעץ. זאָל דאָס דינען פאַר אַ סימן פון דער גרויסער צוגעבונדנקייט פון ר׳ נחמנס חסידים צו אים, וואָס דויערט נאָך עד היום הזה.

יאָרן, צי אַפילו אין די לעצטע טעג פאַרן חורבן פון פוילישן יידנטום (געוויס זענען אַזעלכע אינטערפּרעטאַטאָרן פון ר׳ נחמנס כּתבים היינט אויך פאַראַן), די פאַרשטייען און פילן, אַז אין זיין וואָרט איז פאַראַן עפּעס אַ ספּעציעלער כּוח וואָס בעט, וואָס נייט מ׳זאָל עס איבערזאָגן, איבער־חזרן, פונאַנדערוויקלען, באַפרייען פּשוט פון דער משׂא פון געדאַנק און כּוונות, וועלכע ר׳ נחמן האָט אין זיי אַריינגעלייגט. ר׳ נחמן האָט אַרויפּ־געלייגט אויף זיינעם אַ חסיד די אַלע עולן וועלכע ער אַליין האָט גענומען אויף זיך. דעריבער האָט ער אַזוי דערנענטערט צו זיך די חסידים און זיי פאַרבונדן מיט זיך אויף אייביק. אין דעם ליכט איז קלאָר, אַז שטיינמאַן האָט ריכטיק געטאָן, וואָס ער האָט נישט געשאַפן קיין שיטה פון ר׳ נחמנס רייכער ירושה (ווען ער וואָלט זיך דווקא איינגעעקשנט, וואָלט ער דאָס געקאָנט באַווייזן), נאָר אָנגעוויזן אויף די הויפּט־געדאַנקען פון ר׳ נחמנען און דער עיקר גערעדט וועגן זיין פּערזענלעכקייט.

ווער ס׳וועט זיך געבן די מי צו פאַרגלייכן דאָס, וואָס שטיינמאַן האָט איבערגעחסידעט פון ר׳ נחמנס חסידישע כּתבים (און זיי כּולל געווען אין ספר: כּתבי רבי נחמן מברסלב) מיט די „אָריגינאַלן” פון ר׳ נחמנס ספרים, דער וועט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ גרויסע און וויכטיקע אַרבעט אַ. שטיינמאַן האָט אָפּגעטאָן. און נאָך מער דאַרף געזאָגט ווערן צום שבח פון שטיינמאַ־נען, אַז נישט געקוקט אויף די גרויסע שנויים, וועלכע ער האָט אין זיין אויסגאַבע אַריינגעפירט, האָט ער דאָך נישט געענדערט דעם חסידישן סיגנון פון ר׳ נחמנען צי פון ר׳ נתנען. דער סוד ליגט אין דעם, וואָס שטיינמאַן אַליין האָט ליב סטיליסטישן באַראָק. אים ווילט זיך קיין מאָל נישט זאָגן „יתר כּנטול דמי”, ווייל אין יעדער זיין איבערחזרונג איז שטענדיק דאָ עפּעס מער ווי ס׳איז אין דעם געווען ביז איצט, עפּעס אַנדערשדיקס ווי ס׳איז אין דעם געווען ביז איצט. זיין סטיליסטישער באַראָק איז אפשר נאָר פאַר יודעי־חן אָבער ווער ס׳האָט פאַרזוכט דעם טעם פון אים, וויל פון אים געניסן, וויל אים ווידער זען און לייענען. שטיינמאַנס באַראָק איז נישט לשם נוי, נאָר לשם קלאָרקייט. מען קאָן האָבן די אַדער אַנדערע באַוואָרענישן לגבי דעם אופן פון מקצר זיין אַ תורה צי אַ סיפור, מ׳קאָן האָבן באַוואָרענישן פון שטאַנדפּונקט פון ספּעציפיש חסידיש־העברעיִשן סיגנון אויס, אָבער די גרויסע פּיעטעט, דער יראת הכּבוד, די ליבשאַפט מיט וועלכער שטיינמאַן איז צוגעגאַנגען צו ר׳ נחמנס

ספרים זענען מכפּר אויף די קליינע פּגמים פון דעם זעלטענעם הדר [1].

דער וווּנדערלעכער און פּילפאַרביקער חסידישער סיגנון אין יידיש איז פאַרפאַלן געגאַנגען. י. ל. פּרץ האָט אין זיין חסידיש נאָר מרמז געווען אויף עפּעס. ער האָט מרמז געווען אויף דער נשמה פון חסידות, וועמענס גוף ער האָט געהאַלטן שוין פאַר יענע־וועלטיק. דאָ איז געלעגן דער מיכשול. דעם חסידישן סיגנון אין יידיש האָט קיינער נישט פּרובירט אויפצוהויבן (נישט דאָ איז דאָס אָרט אָנצווייזן ווער ס׳איז שולדיק דערין). מען האָט פון אים נישט געמאַכט קיין תּורה שבכּתב. מיטן פאַרשווינדן פון מיזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום איז דער חסידישער סיגנון אין יידיש פאַרשוווּנדן אויף אייביק.

מיט העברעיִש איז אין גאַנצן אַנדערש. דער חסידישער העברעיִש איז, מיט געוויסע אויסנאַמען, שטאַרק פאַרוואָרלאָזט. מ׳דאַרף אים צוהעלפן זיך אָפּרייניקן, אָבער חלילה נישט אויסריייניקן, די חנען פון יידישן לשון דאַרפן אין אים בלייבן. מ׳דאַרף אים פּיעלען, אָבער נישט אונטערהאַקן די וואָרצלען. אין דעם חסידישן העברעיִש, וואָס איז נישט העברעיִש און נישט יידיש, וואָס איז אַזאַ מין תּרגום־לשון, אַ מין עספּעראַנטאָ, ווי שטיינמאַן דריקט זיך אויס, קלינגט אַ קרישטאָל ריינער טאָן פון חסידישער צעבראָכנקייט, וואָס האָט זיך געריסן צו שלימות.

אליעזר שטיינמאַן האָט מיט זיין ר׳ נחמנס ספר מצליח געווען. זאָלן אויך זיינע ווייטערדיקע אַרבעטן אויף דעם געביט (און אויף אַלע געביטן צו וועלכע ער גייט צו) זיין געבענטשט מיט הצלחה.

---

[1] פאַר אונדז איז נישט קלאָר פאַר וואָס האָט שטיינמאַן אין דער ערשטער, למשל, תורה, אשרי תמימי דרך ההולכים בתורת ה׳, צווישן אַנדערע אַרויסגעלאָזט די ווערטער: להתקרב להשי״ת ע״י אותו הדבר. ביי שטיינמאַנען קלינגט עס אַזוי: איש ישראל צריך תמיד להסתכל בשכל של כל דבר ולקשר עצמו אל השכל והחכמה של כל דבר, כדי שיאיר לו השכל. כי השכל הוא אור גדול. כמו שנאמר: חכמת אדם תאיר פניו. אין לקוטי מוהר״ן שטייט אַזוי: „כי איש ישראלי צריך תמיד שיסתכל בהשכל של כל דבר ולקשר עצמו אל החכמה והשכל שיש בכל דבר. להתקרב להשי״ת ע״י אותו הדבר. כי השכל הוא אור גדול ומאיר לו בכל דרכיו. כמו שכתוב (קהלת ח׳) חכמת אדם תאיר פניו״. אין די ווערטער: להתקרב להשי״ת ע״י אותו הדבר, ליגט דער יסוד פון חסידיש־פּאַנטעיִסטישן, צי פּאַנטעיִסטישן וועלטבאַנעם.

# ד

# נאַציאָנאַלע אינטימיטעט

נאַציאָנאַלע אינטימיטעט מיינט דאָס אינדיווידועלע, דאָס פערזענלעכע אינעם לעבן פון אַ פאָלק. נישט דאָס פּאָליטישע, מיליטערישע צי ווירט־שאַפטלעכע און אַפילו נישט דאָס קולטורעלע לעבן פון אַ פאָלק, נייערט זיינע נטיות, זיינע גוטע און שלעכטע געוווינהייטן, די מעלות און חסרונות פון זיין כאַראַקטער, זיינע גוטע און שלעכטע מידות, זיינע עליות און אַפילו זיינע ירידות.

די קולטור ביי אַ פאָלק ווערט קודם־כּל געמיינט זיין אויסערלעכע צורה. די פאָרעם, צי פאָרעמס אין וועלכער דאָס קולטור־לעבן פון אַ פאָלק אויסערט זיך. דאָס איז די נאַציאָנאַלע פאָרעם זיינע. דאָס אינטימע איז די פּנימיותדיקע נקודה, אין וועלכער דאָס לעבן פון אַ פאָלק אינערט זיך. דאָס איז דאָס נאַציאָנאַל־אינטימע אין דער קולטור פון אַ פאָלק.

דאָס נאַציאָנאַל־אינטימע איז נישט דער רשות־הרבים, נאָר דער רשות־היחיד פון אַ פאָלק, זיינע ד׳ אמות. דאָס זענען נישט זיינע אַרויס־טרעטונגען אויפן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום, נאָר די דערשיינונגען פון זיין אינערלעכן לעבן. נישט דער גלאַנץ פון דעם פאָלקס ימים־טובים, נאָר דאָס פייער פון זיין טאָג־טעגלעכקייט.

✶

פונקט ווי אַ מענטשלעכער יחיד קאָן נישט אָפּהיטן זיין אינטים לעבן ביי אָפענע טירן, אַזוי קאָן אַ פאָלק נישט אָפּהיטן און אויפהיטן זיין נאַציאָ־נאַלע אינטימיטעט, נישט האָבנדיק קיין פאַרמאַכטע גרענעצן. דאָס הייסט — נישט האָבנדיק קיין אייגענע טעריטאָריע מיט געשלאָסענע גרענעצן. ליידער, זענען מיר נאָך היינט זייער ווייט פון דער מדרגה, אַז אַ פאָלק וואָס היט זיינע אייגענע גרענעצן, זאָל דאָס זעלבע טאָן לגבי אַ שכנותדיק פאָלק (צי פעלקער). מיר לעבן אין אַ צייט, ווען ביים רוב פעלקער זענען די אייגענע גרענעצן הייליק און דעם צווייטנס — הפקר. דערפאַר מוז מען

אַוועקשטעלן מיליטער, פּאַרפּעסטיקן די גרענעצן. דאָס הייסט, מיטן סאַמע אויסערלעכסטן פון אַ פאָלק אָפּהיטן דאָס סאַמע אינטימסטע ביי אים.

*

אונדזער געשיכטע אין גלות האָט אַ חוץ אַ ריי אַנדערע חסרונות אויך דעם חסרון, וואָס זי איז אַ שפּאָר ביסל צו רעשיק. דווקא די רעליגיעזע יידן זענען געווען די הצנע־לכתדיקע, די אינטימע, די שטילע. זיי זענען געווען אַזוי נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבן מלכתחילה באַרעכטיקט גאָטס יעדן מישפּט און גזר איבער זיך, נישט ווייל זיי האָבן מיט זיך אַליין באַ־שטעטיקט דעם „חייב אדם לברך על הרעה כשם שמברך על הטובה״, אַ מענטש איז מחויב צו דאַנקען פאַרן שלעכטן פּונקט ווי ער דאַנקט פאַרן גוטן, (אַגב, דאָס וואָס איז מחויב אַ יחיד איז נאָך נישט מחויב אַ גאַנץ פאָלק), נאָר דערפאַר, ווייל זייער רעליגיעזיטעט איז געווען אַ נאַציאָנאַלע. אַ נאַציאָנאַלע און אַן אינטימע. זי איז געווען אַדורכגעוועבט און אַדורכגע־נומען מיט דער בענקשאַפט צו שיבת־ציון, וואָס אייגנטלעך איז עס אַ בענקשאַפט צו נאַציאָנאַלער אינטימיטעט.

אַפילו דער יידישער גאָט, דער נאַציאָנאַלער יידישער גאָט, האָט אויך געזוכט פאַר זיך אַן אינטים ווינקל, אַן אָרט פאַר זיך אין דער וועלט. ער האָט געזאָגט „ועשו מקדש ושכנתי בתוכם״, און זיי זאָלן מאַכן מיר אַ גע־צעלט און איך זאָל רוען צווישן זיי, (שמות, כ״ה, ח׳). דער גאָט פון די נביאים האָט געזאָגט: „השמים כסאי והארץ הדם רגלי, אי־זה בית אשר תבנו לי ואי־זה מקום מנוחתי״, דער הימל איז מיין טראָן, און די ערד מיין פוסבענקל, וואָס פאַרא איז דאָס הויז, וואָס איר וועט מיר בויען? און ווו דאָס אָרט פון מיין רוונג? (ישעיהו, ס״ו, א׳). אָבער דער גאָט פון די נביאים איז שוין אויך געווען אַן אוניווערסאַלער גאָט, און יעדע אוניווער־סאַלישקייט קאָן זיין במילא אינטים.

די חיבת־ציון־באַוועגונג, אַפילו ביל״ו, איז געווען דער וועג צו ריינער און דורך ריינער נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. הערצלס פּאָליטישער ציוניזם איז שוין געווען דאָס שטרעבן צום נאַציאָנאַל־אינטימען דורך אויסערלעכע וועגן: קאָנגרעסן, אָרגאַניזאַציע, פּאָליטישע אַקציעס א״אַ.

פון בלויזער אויסערלעכקייט, אָדער אַפילו פון צו פיל אויסערלעכקייט, אַן דעם ציל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, אָדער אַפילו ווען דער ציל וואָלט נישט ווי געהעריק דערשאַצט געוואָרן, וואָלט דאָס לאַנד ישראל

נישט אויפגעריכט געוואָרן און זיכער וואָלט עס קיין מאָל קיין זעלבשטענ־דיקייט נישט דערגרייכט. אַזוי זעען מיר, אַז אַלע אידעישע שטרעמונגען, סיי רעליגיעזע, סיי סאָציאַלע, סיי נאַציאָנאַלע, זענען פון צו פיל אויסער־לעכקייט און פון צו פיל קאַמף, מיט דער צייט, פריִער אָדער שפּעטער, אַראָפּ פון וועג. אַזוי איז געווען אָנהייבנדיק פון קריסטנטום און ענדיקנדיק מיטן קאָמוניזם, וועלכער האָט זיך פּשוט דעגענערירט. אַזוי איז געווען מיט אשור, בבל, גריכנלאַנד, רוים און אַנדערע לענדער און פעלקער, וואָס זענען אונטערגעגאַנגען.

*

אָפּהיטן און אויפהיטן די נאַציאָנאַלע אינטימיטעט אין גלות־באַדינגונ־גען האָבן געקאָנט נאָר די יידן, וואָס האָבן זיך אַליין און גוטוויליק אָפּגע־שלאָסן מיט זייער רעליגיע, מינהגים און נטיות אין געטאָס (שוין נאָך דעם ווי מען האָט זיי פון די אויפגעצוווּנגענע געטאָס באַפרייט). אָבער דאָס פרייוויליקע אָפּשליסן זיך האָט דאָך סוף־כּל־סוף זיי דערפירט צום אויס־שליסן זיך (פונעם אַרום), און יעדעס אויסשליסן זיך, ווי יעדע אויסשליס־לעכקייט בכלל, איז אַן ענין פון חיצוניות און נישט פון פּנימיות. במילא האָט ביי דעם מין יידן דאָס נאַציאָנאַל אינטימע אין גלות אויך געמוזט מיט דער צייט עפּעס ווי קאַליע ווערן.

ביי די וועלטלעכע יידן איז נאָר דעמאָלט געווען נאַציאָנאַלע אינטימי־טעט, ווען זיי האָבן פאַרבונדן זייער וועלטלעכקייט מיטן געדאַנק און דער עיקר מיט דער בענקשאַפט צו שיבת־ציון. ביי די נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיסטן מכּל המינים איז נאָר געווען אַ „במקום" נאַציאָנאַלע אינטימיטעט. ווייל די לעצטע האָבן זייערע פאָדערונגען אויף נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן באַזירט נאָר אויף רעכט, אָבער נישט אויף בענקשאַפט.

צוליב דער זעלבער סיבה האָט אויך אוגאַנדע — און אַלע אַנדערע מינים טעריטאָריאַליזמען — נישט געהאַט און נישט געקאָנט האָבן ביי אונדז קיין קיום. נאָר דער ציוניסטישער אידעאַל, באַזירט אויף בענקשאַפט צו נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, אונטערגעהאַלטן דורכן רעליגיעזן שטרעבן און בענקשאַפט צו שיבת־ציון, נאָר דער אידעאַל האָט געקאָנט האָבן, האָט און וועט האָבן אַ קיום.

*

די טיפסטע אויסדרוקן פון בענקשאַפט צו נאַציאָנאַלער אינטימיטעט געפינען מיר אין די באַשרייבונגען (סיי אין דער תּורה גופא, סיי אין תּלמוד, אין מדרשים און אין אַנדערע ספרים) פון קבלת־תּורה, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער מידבר מידבר דווקא. מידבר סיני איז געווען דער פּנים־אל־פּנים נישט נאָר מיט דער דערקענטעניש, נאָר מיטן דערקענען, מיטן פּראָצעס פון הכּרה. נישט נאָר מיטן זיין, נאָר דער עיקר מיטן ווערן. נישט נאָר מיט דער נאַציאָנאַלער אינטימיטעט גופא, נאָר ראשית מיט איר אַנטפּלעקן זיך.

צו נאַציאָנאַלער אינטימיטעט דאַרף און מוז אַ פאָלק זיך פילן אויסדערוויילט, (אָן אויסדערוויילטקייט קאָן בכלל נישט מעגלעך זיין קיין אינטימיטעט). דער אָפּגעהוזקעטער „אתּה בחרתּנו“, אין וועלכן די משׂכּילים און די וועלטלעכע האָבן געזען די צווייטע זייט פון אַ יידישן מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס, איז באמת געווען נישט מער, און נישט ווייניקער, ווי אַ בענקשאַפט צו נאַציאָנאַלער אינטימיטעט.

פילן זיך אויסדערוויילט, הייסט שוין במילא זיין אויסדערוויילט. אָבער נאָר דעמאָלט איז עס אַזוי, ווען דאָס געפיל האָט אונטער זיך אַ רעאַלע באַזע. אָן אַן אַחיזה אין דער ווירקלעכקייט, צעוואַקסט זיך אַזאַ געפיל צו אַ פּאַטאָלאָגיש געפיל.

פון דעם היפּערטראָפירטן געפיל פון אויסדערוויילטקייט, וואָס האָט נישט געהאַט אונטער זיך קיין שום (אָדער נישט קיין גענוגנדיקע) רעאַלע באַזע, זענען אויסגעוואַקסן אַלע משיחי־השקר, וואָס האָבן געבראַכט אַ קאַטאַסטראָפע אויף זייער פאָלק און אויף זיך.

די מעשׂה־עגל איז געווען די ערשטע בגידה אין דער נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. נישט בחינם באַמיִען זיך אַלע מפרשים אויפצווייזן, אַז שולדיק דערין זענען נישט געווען די בני־ישׂראל, נאָר דער ערב־רב, וואָס איז מיט זיי פון מצרים מיטגעגאַנגען.

*

אין נאַציאָנאַלער אינטימיטעט וואַקסט ביים פאָלק די ליבע צום אייגענעם לאַנד, און די ליבע צום אייגענעם לאַנד — פאַרשטאַרקט די נאַציאָנאַלע אינטימיטעט ביים פאָלק.

אין נאַציאָנאַלער אינטימיטעט קאָן געשען אַזאַ ניסימדיקער פּראָצעס, אַז נישט נאָר דאָס פאָלק זאָל ליב באַקומען זיין לאַנד, נאָר אויך אַז דאָס לאַנד זאָל ליב באַקומען זיין פאָלק.

אַנדערש, אַן אַזאַ קעגנזייטיקער ליבע צווישן פאָלק און לאַנד, און פאַר־קערט, קאָן מען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן אַזאַ פענאָמען, ווי די צוויי־טויזנט־יאָריקע יידישע בענקשאַפט נאָך שיבת־ציון.

ווי קאָן דאָס מעגלעך זיין, וועלן אַ סך פרעגן, אַז אַ לאַנד, וואָס איז: ערד, פעלד, וואַלד, וואַסערן און הימל, זאָל קאָנען ליב האָבן זיין פאָלק? צי איז דאָס בכלל מעגלעך, אַז נישט נאָר אַ פאָלק זאָל ליב האָבן זיין לאַנד, נאָר אויך, אַז דאָס לאַנד זאָל ליב האָבן זיין פאָלק?

כ׳מיין, אַז ווער ס׳גלייבט נישט דעריין, אַז דאָס איז מעגלעך, דער גלייבט נישט אין סאַמע עיקרדיקן, וואָס פאַרבינדט פאָלק מיט לאַנד און לאַנד מיט פאָלק.

דאָס אויבן געזאָגטע, די דאָזיקע דערפאַרונג, איז חל נישט נאָר אויף צייטן פון נאַציאָנאַלן אויפשוווּנג, פון נאַציאָנאַלער געהויבנקייט, נאָר אויך אויף צייטן פון נאַציאָנאַלער געפאַלנקייט.

ס׳איז קלאָר, אַז קיין שום שונא, וואָס אָקופּירט אַ לאַנד, האָט נישט פון דעם לאַנד אַזוי פיל, אַפילו ווען ער באַרויבט און עקספּלואַטירט עס, וויפל ס׳האָט פון דעם לאַנד דאָס אייגענע פאָלק ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען, אָן רויב און אָן עקספּלואַטאַציע.

דעריבער דעצידירט נישט די צאָל אָקופּירטע לענדער וועגן גינסטיקן אויסגאַנג פון דער מלחמה פאַרן שונא. גיכער זענען די אָקופּירטע לענדער אין אַזאַ פאַל אַ שטערונג.

אַזוי איז עס נישט נאָר דערפאַר, ווייל דאָס פאָלק פונעם אָקופּירטן לאַנד איז קעגן דעם שונא, נאָר ווייל דאָס לאַנד גופא איז קעגן אים.

„ולא תתן ארצכם את יבולה״, און אייער ערד וועט נישט געבן איר גערעטעניש (ויקרא, כ״ו, כ׳), איז נישט סתם קיין קללה פון דער תּוכחה, וואָס גאָט האָט צוגעזאָגט וואַרפן אויף דער ערד פאַרן פאַרפרעמדט ווערן צו אים, צו זיין תורה און זיינע געזעצן, און נעמען דינען פרעמדע געטער. בייערט דאָס איז אַ קללה וואָס ליגט אין דער ערד גופא, ווען דאָס פאָלק, צו וועלכן די ערד געהערט, ווערט פרעמד צו זיך, הייבט אָן גיין אויף פרעמדע וועגן, נעמט איבער פרעמדע מינהגים און אַ פרעמדן לעבנס־אופן. און אַוודאי איז עס אַ קללה, וואָס ליגט אין דער ערד גופא, ווען זי, די ערד, פאַלט אַריין אין פרעמדע הענט.

הונדערטער יאָרן האָט דאָס יידישע לאַנד געוואַרט, אונטער אַ פאַנצער פון שטיינער, אויף הענט פון יידישע חלוצים, וואָס זענען מיטן פאַרטייעטן פייער פון בענקשאַפט צו נאַציאָנאַלער אינטימיטעט געקומען זי אויפלעבן און באַפרוכפּערן.



נאַציאָנאַלע אינטימיטעט איז נישט פּאַטריאָטיזם, וואָס טויכט אויף אין מאָמענטן פון נאַציאָנאַלער סכּנה, און אַוודאי איז עס נישט קיין הוראַ־פּאַטריאָטיזם. נאַציאָנאַלע אינטימיטעט איז נישט קיין נאַציאָנאַליזם, כ'וואָלט אַפילו געזאָגט, אַז ס'איז אַ היפּוך פון נאַציאָנאַליזם. נאַציאָנאַליזם איז נאַציאָנאַלע פאַרריסנקייט, נאַציאָנאַלע פּריצות, פאַרשייטקייט. נאַציאָנאַלע אינטימיטעט איז דער היפּוך דערפון, ס'איז נאַציאָנאַלע צניעות, באַשיידנקייט, נאַציאָנאַלע צוריקגעהאַלטנקייט.

נאַציאָנאַליזם מיינט גיין אויף נאַציאָנאַלע שטאָלצן. נאַציאָנאַלע אינטימיטעט איז טיפער נאַציאָנאַלער שטאָלץ.

נאַציאָנאַלע אינטימיטעט מיינט נישט דירעקט די מדינה, נישט אַפילו די מלוכהשע זעלבשטענדיקייט, נישט די זעלבשטענדיקע פּאָליטיק, וואָס די מדינה פירט (אויב אַזוינס איז מעגלעך). נאַציאָנאַלע אינטימיטעט מיינט קודם־כל: היים. די נאַציאָנאַלע היים.

דער כּוח־המושך פון באַזעלער פּראָגראַם איז געלעגן אין זיין פאַרקלאַמירן דאָס שאַפן אין ארץ־ישׂראל אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים.

נאַציאָנאַלע היים הייסט נישט אָפּזאָגן זיך פון אַ נאַציאָנאַלער מלוכה, פון אַ זעלבשטענדיקער מדינה. דאָס הייסט נאָר שטעלן דעם דגש אויף דער — היים. דער מקור און ענדציל פון ציוניזם איז געלעגן און ליגט אין דער שטרעבונג צו פאַרזיכערן דעם יידישן פאָלק אַ נאַציאָנאַלע היים. די יידישע מדינה איז דער וועג וואָס פירט פון דער אידייע פון אַ נאַציאָנאַלער היים ביז צו דער פאַרווירקלעכונג און זיכערונג פון דער נאַציאָנאַלער היים. און דאָרט, ווו דער מקור און ענדציל קומען זיך צונויף, זענען אַדעקוואַט — נאָר דאָרט און נאָר דעמאָלט דערגייט מען און מען דערגרייכט האַרמאָניע, און האַרמאָניע מיינט — אינטימיטעט.

די פעלקער, ריכטיקער געזאָגט: די מלוכה־מענער (מיינסטנס באַציט זיך דאָס צו דיקטאַטורן), וואָס פירן אַן אַנעקסיע־פּאָליטיק, רויבן אַוועק ביי זייערע אייגענע פעלקער דאָס טיפע, גוטע געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, נעמען ביי זיי צו די פילונג און דערפילונג פון האָבן אַן אייגענע היים. דאָס צערייצט די פאַרכאַפּערישע פעלקער, רופט אַרויס ביי זיי אַ קרענקלעכן הונגער (ווי דער דייטשער הונגער נאָך „לעבנסרוים״), און שטופּט זיי צו כּסדרדיקע אַנעקסיע־אַקטן, וואָס זייער באַגלייט־דערשיינונג איז פאַרברעכערישקייט און זייער סוף — מפּלה.

דאַקעגן די רעגירונגען פון די פעלקער, וואָס האָבן נישט קיין פאַר־כאַפּערישע צילן, וואָס זייער שטרעבן איז לעבן בשלום מיט שכנותדיקע לענדער, די רעגירונגען פאַרטיפן ביי זייערע פעלקער דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, זיי באַהויכן דעם באַגריף היים מיט דער וואַרעמקייט פון די סאַמע בעסטע און ריינסטע עמאָציעס. ביי די דאָזיקע פעלקער צעוואַקסט זיך נישט דער באַגריף מדינה צו עפּעס וואָס איז איראַציאָנעל, פאַטאַל, ווי ביי די פאַרכאַפּערישע פעלקער, וואָס ווערן געשלאָגן מיט בלינדקייט, געטריבן פון אַ בייזן גורל. פאַרקערט, ביי זיי איז מדינה דער גוטער זיווג פון שׂכל און געפיל.

דעריבער זענען די שלום־דערקלערונגען פון די הויפּטמענער פון אונדזער מדינה נישט קיין סימן פון שוואַכקייט, ווי דאָס ווילן די ישׂראל־עקסטרעמיסטן, נאָר אַ סימן פון שטאַרקייט. פון שטאַרקער פאַרוואָרצלט־קייט. פון אַ פאַרוואָרצלט געפיל, אַ געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, נאָך וועלכן די יידן האָבן דורות לאַנג געבענקט און וואָס האָט געבראַכט אין אונדזער דור די אתחלתא דגאולה.



די חבלי־קליטה זענען נישט נאָר אָפּהענגיק פון די שוועריקייטן, אויף וועלכע דער עולה טרעפט זיך אָן ביים איינאָרדענען זיך אין לאַנד (כאָטש מען דאַרף די שוועריקייטן נישט גרינגשעצן), נאָר קודם־כל פון דעם, וויפל בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט דער עולה האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון גלות.

וואָס מער בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט — אַלץ קלענער די חבלי־קליטה. וואָס ווינציקער בענקשאַפט, אַלץ גרעסער די קליטה־ליידן.

אַ יורד איז נישט נאָר דער וואָס פאַרלאָזט ישׂראל. אַ יורד איז אויך דער, וואָס זיצט אין ישׂראל נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט נישט וווּהין צו פאָרן, אָדער האָט זיך אַזוי גוט דאָ איינגעאָרדנט, אַז ער וויל נישט ריזיקירן צו פאָרן ערגעץ אַנדערשוווּ, אָבער ביי אים זענען שוין אויסגעלאָשן אַלע בענקשאַפטן נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט.

פון דעסטוועגן איז פאַראַן אַ חילוק צווישן די אויבן דערמאָנטע צוויי מינים יורדים. דער חילוק צווישן זיי ליגט אין עצם פּראָצעס פון ירידה. דער צווייטער מין יורד, וואָס פאַרלאָזט נישט דאָס לאַנד, איז כאָטש ער איז אַ יורד, מאַכט ער אָבער נישט דורך דעם פּראָצעס פון ירידה. ער איז

ווי איינער וואָס איז באַלד געבוירן געוואָרן אַ בלינדער. ער איז געבוירן געוואָרן אָן בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. און דורכמאַכן דעם פּראָצעס פון ירידה איז אַ סך ערגער ווי דאָס זיין אַ יורד.

*

אינטימיטעט איז דער טייטש פאַרבאָרגנקייט, אָפּגעהיטנקייט, צניעות־דיקייט. און דאָס וואָס באַציט זיך צו אַ יחיד, באַציט זיך אויך צו אַ גאַנץ פאָלק. נאַציאָנאַלע אינטימיטעט איז דער טייטש: נאַציאָנאַלע פאַרבאָרגנ־קייט, נאַציאָנאַלע צניעות. מיר דאַרפן פאַרבאָרגן נישט נאָר אונדזערע פאָלקס־חסרונות, נאָר אויך אונדזערע פאָלקס־מעלות. מיר דאַרפן זיך נישט לאָזן דערשיטערן פון אונדזערע דורכפאַלן, אָבער מיר דאַרפן אויך נישט שאַלן מיט אונדזערע ניצחונות. מען דאַרף פאַרטיפן ביי אונדזער פאָלק דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. וואָס טיפער דאָס געפיל וועט זיין, אַלץ העכער וועלן מיר גרייכן.

דער טעות פון חוזה פון פּאָליטישן ציוניזם איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געזען די שטויסקראַפט צו ארץ־ישראל און צום ציוניזם אין דער מאַטעריעלער פאַראָרעמקייט פון מיזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום, און נישט אין זייער געפיל־רייכקייט, נישט אין דער גרויס פון זייער בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט.

און וואָס האָבן מיר געזען: די אָרעמע מיזרח־אייראָפּעיִשע יידישע מאַסן האָבן עמיגרירט אין אַלע אַמעריקעס, און די קינדער פון רייכע און באַמיטלטע היימען האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

די באַדייטונג פון די „קאַטאַסטראָפע־עליות" איז אַ גרויסע קודם־כל פאַר די יידן, וואָס ווערן געראַטעוועט פון פולשטענדיקן נאַציאָנאַלן אומקום. אָבער זייער באַדייטונג פאַר זייער לאַנד און פאָלק ווענדט זיך דערין, אויף וויפל זיי ברענגען מיט זיך מיט, אויף וויפל זיי פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט.

אויף וויפל זיי פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, אויף אַזוי פיל זענען דאָס עליות. אויב זיי פאַרשטאַרקן נישט דאָס דאָזיקע געפיל — זענען דאָס פשוטע אימיגראַציעס.

*

מיר טאָרן נישט איבערשאַצן די באַדייטונג פון דער מדינה ווי אַזעלכע. מיר מוזן אָבער געדענקען, אַז יעדעס געפיל (אין דעם פאַל דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט), וואָס האָט נישט קיין אָנשפּאַר אין דער ווירקלעכקייט, מוז דעגענערירן.

און יעדער דעגענעראַציע־פּראָצעס איז נישט נאָר אַ טויטגעפאַר פאַרן געפיל, וואָס הייבט אָן דעגענערירן, נאָר פאַרן גאַנצן געפילס־לעבן בכלל.

די גרויסע אַסימילאַציע און שמד־באַוועגונגען ביי אונדז, זענען שטענדיק געווען אַ פּועל־יוצא פון אַ דעגענעראַציע־פּראָצעס פונעם געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, סיי אין זיין צושטאַנד פון אַטראָפיע, סיי אין זיין מצב פון היפּערטראָפיע.

מיטן איבערשאַצן די באַדייטונג פון דער מדינה ווי אַזעלכע, פאַרשטאַרקן מיר נאָר דאָס חיצוניותדיקע פונעם פאָלק.

און דאָס היצוניותדיקע שפּרייט זיך שטענדיק אויס אויפן חשבון פונעם פנימיותדיקן. קיין מאָל נישט פאַרקערט.

די אַסימילאַציע־פּראָצעסן פון די יידן אין די פאַרשידענע גלותן, זענען אַ מאָל אַ פּועל־יוצא פון אַ שלעכט געלענקטן עקוויוואַלענט פונעם געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, וואָס קאָן אין די גלות־באַדינגונגען נישט געפינען קיין באַפרידיקונג. דער ייד קאָן ווערן אַזוי אויסגעבענקט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, אַז ער זאָל וועלן באַדיי אַריינדרינגען אין אינטימען לעבן פון אַ פרעמד פאָלק, פונעם פאָלק צווישן וועלכן ער לעבט, אָבי שטילן די דאָזיקע בענקשאַפט זיינע.

אָבער אָפט איז אַסימילאַציע פּשוט אַ מימיקרי־פּראָצעס. דער ייד איז גרייט זיך אָפּצוזאָגן פון אַלץ אייגנס, פון זיינע נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייטן, אָבי נישט אויסצוטיילן זיך פון זיין אַרום.

אינעם יידישן לאַנד קאָן די אויפלייזונג און אויסלייזונג פונעם פאַרדרענגטן געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט דערפירן צו נאַציאָנאַלן עקסהיביציאָניזם. און נאַקעטקייט (אַפילו נאַציאָנאַלע) איז אַזוי זעלטן שיין און אַלע מאָל זשענירנדיק.

דעריבער דאַרף מען אין דער דערציִונג פון דער ישׂראל־יוגנט שטעלן דעם דגש אויפן געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. אינטימיטעט (אַפילו נאַציאָנאַלע) איז שטענדיק שיין און אַלע מאָל בכּבודיק.

אין נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, ווי שוין געזאָגט, וואַקסט די ליבע צום לאַנד און צום פאָלק. אין אונדזער פאַל, צום גאַנצן פאָלק, אַפילו צו די טיילן, וואָס זענען נאָך נישט אין ציון. אין נאַציאָנאַלער פאַרריסנקייט

וואַקסט דער ביטול צו די יידן פון די תּפוצות. און ביטול־באַציִונג איז אַ סימן־מובהק פון נאָך ווייט נישט זיין זיכער מיט זיך און ביי זיך.

אַחוץ אַלעם איז ביטול אַ באַציל, וואָס צעפּרעסט אַלע גוטע געפילן: דאָס גוטע געפיל צום לאַנד, צו זיך, צו דער אייגענער ווערדע. אַזאַ מצב קאָן דערפירן צום אינדיווידועלן און נאַציאָנאַלן ניהיליזם.

און ס׳בלייבט נאָר דעמאָלט דער גלויבן (בעסער געזאָגט, דער אָבער־גלויבן) אין פיזישן כּוח. און אין דער וועלט פון דעם דאָזיקן כּוח זענען מיר זייער אַ שוואַכער כּוח.

העלדישקייט אויפן שלאַכטפעלד איז אַ מאָל אויך אַ סימן פון ייאוש, פון פאַרצווייפלונג, פון אין ברירה.

העלדישקייט אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, אין בויען און שאַפן, העל־דישקייט אינעם געפילס־לעבן, העלדישקייטביים שטרעבן זיך איינצו־וואָרצלען אין לאַנד, אינעם ריטם פון זיין לעבן, איז שטענדיק אַ סימן פון אַ טיפן גלויבן אין זיך, אין פאָלק און אינעם עתיד פון פאָלק.

און ס׳וואַקסט די נאַציאָנאַלע אינטימיטעט פון פאָלק, וואָס קיין שום כּוח אין דער וועלט קאָן זי נישט צעשטערן.



יידן, ווי אַ וועלטפאָלק — איז נישט מער ווי אַן אינטעלעקטועלע קאָנצעפּציע. און קיין שום פאָלק קאָן נישט לעבן און עקסיסטירן אין זכות פון אַן אינטעלעקטועלער קאָנצעפּציע. ווער רעדט נאָך וועגן לעבן אין אַזעלכע מוֹראדיק שווערע באַדינגונגען, ווי אונדזער פאָלק האָט געלעבט.

פאָלק איז נישט ראַסע. פעלקער קאָנען זיין דם־שונאים אַן אַנדער פאָלק, כאָטש דאָס פאָלק געהער צו דער זעלבער ראַסע וואָס זיי (קיין משל דערצו דאַרפן מיר נישט ווייט זוכן). פאָלק איז נישט בלוט־קרובישאַפט. פאָלקס־בלוט־קרובישאַפט איז אַ פראַזע. דאָס איז נישט בנימצא. (בלוט איז בכלל אַן איראַציאָנעלער ענין, איז גלייכער דערצו זיך נישט צוצורירן). פאָלק איז נישט קיין עטנישע איינהייט. ס׳קאָנען יחידים און אַפילו גרויסצאָליקע גרופּעס עטניש כּמעט אין גאַנצן זיין ענלעך צו דעם פאָלק צווישן וועלכן זיי לעבן און דאָך זיין הונדערט־פּראָצענטיק צוגעבונדן צום פאָלק פון וועלכן זיי שטאַמען (ווי מיר זעען דאָס, למשל, ביי אונדזערע מיזרח־עדות, ביי די קאַווקאַזער, צי ביי די קאָצינער יידן). פאָלק איז נישט קיין בשותּפות־דיקע אמונה. פעלקער וואָס געהערן צו דער זעלבער אמונה וואָלטן מיט

גרויס הנאה אויפגעפרעסן איינס דאָס צווייטע (און זיי טוען דאָס ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט).

פֿאָלק — איז געפֿיל. ס'איז די נטיה און דאָס אומטעותדיקע געפֿיל פֿון אָנגעהעריקייט צו איין און דעם זעלבן אינהאַלט פֿון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. נאָר דאָס געפֿיל דעצידירט וועגן דער אָנגעהעריקייט פֿון יחידים צו דעם קיבוץ וואָס הייסט: — פֿאָלק.

דער שורש־האומה ליגט אין דער בענקשאַפֿט צו געהערן צו דער אומה, צו לעבן און זיך אויסלעבן מיט איר געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. די נאַציאָנאַלע אינטימיטעט איז אויך די אַטמאָספֿער, אין וועלכער ס'פֿאַרמירט זיך אויס די פּנימיותדיקע נקודה פֿון פֿאָלק.

אַ פֿאָלק וואָס פֿאַרלירט זיין מלוכישע זעלבשטענדיקייט, אַ פֿאָלק וואָס ווערט אַפֿילו פֿאַרטריבן פֿון זיין טעריטאָריע, הערט נאָך אַלץ נישט אויף צו זיין אַ פֿאָלק. ווען אַ פֿאָלק פֿאַרלירט אָבער דאָס געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, ערשט דעמאָלט הערט עס אויף צו זיין אַ פֿאָלק.

ווען גייסט וואָלט געהאַט אינסטינקט, וואָלטן מיר געזאָגט, אַז נאַציאָנאַלע אינטימיטעט איז דער גייסטיקער אינסטינקט פֿון אַ פֿאָלק. אָבער גייסט האָט נישט קיין אינסטינקט. גייסט האָט נאָר בענקשאַפֿט. בענקשאַפֿט נאָך התדבקות. אַזוי ווי דער חומר בענקט נאָך אַ צורה, אַזוי בענקט יעדער מענטשלעכער יחיד צו זיין אָנגעהעריק צו אַ פֿאָלק. צו זיין נאָענט צו אַ פֿאָלק. צו זיין מיטן פֿאָלק אינטים. דער יחיד בענקט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. און נישט נאָר דער יחיד בענקט, נאָר דאָס גאַנצע פֿאָלק בענקט נאָך דעם. און אויב די בענקשאַפֿט פֿון אַ יחיד נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט קאָן זיין גרויס, על אחת־כמה־וכמה די בענקשאַפֿט פֿון אַ גאַנץ פֿאָלק.

דאָס יידישע פֿאָלק איז ספּעציעל שפּירעוודיק, האָט אַ גוואַלדיקע תּשוקה צו נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. דאָס איז דערפֿאַר, ווייל מיר זענען קינדער פֿון יעקבן, וועלכער איז געווען אַ יושב־אוהל, אַ געצעלט־זיצער (ויעקב איש תּם ישב אהלים, בראשית, כ"ה, כ"ח). דאָס איז דערפֿאַר, ווייל מיר זענען געוואָרן אַ פֿאָלק, ווייל מיר האָבן געהאַט די גרעסטע עליות און ירידות ווי אַ פֿאָלק, אין דער מידבר, ווייט פֿון יעדעס מענטשלעך אויג.

אין די צייטן פֿון די שופטים און מלכים, האָט אונדזער פֿאָלק נישט געהאַט קיין גינסטיקע באַדינגונגען צו קאָנען קולטיווירן און אַנטוויקלען דאָס געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט (נישט דאָ איז דאָס אָרט אָפּצו־

שטעלן זיך אויף די סיבות דערפון). ס׳איז נאָר געבליבן די בענקשאַפט נאָך דעם אַ געפיל.

דער גלות האָט די בענקשאַפט פאַרשאַרפט. געשאַפן און אַרויסגע־בראַכט די משיח־אידייע (וועלכע האָט איר אָנהייב אין דער צייט פון די נביאים, פון די נביאים אחרונים). די משיח־אידייע, דער משיח־חזיון, האָט אויפגעהאַלטן די בענקשאַפט צו שיבת־ציון, און דורך פאַרשידענע גילגו־לים געבראַכט אין אונדזער דור דעם ווידעראויפקום פון דער יידישער מדינה. די מדינה איז דער חומר, די כּלי אין וועלכער דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט קאָן זיך אויסלעבן, קאָן זיך רעאַליזירן.

*

קידוש־השם איז נישט בלויז דאָס לאָזן זיך אומברענגען, אָבי נישט מוזן פאַרלייקענען דעם יידישן גאָט, די יידישע אמונה; דאָס איז נישט בלויז דאָס לאָזן זיך אומברענגען, אָבי נישט דאַרפן אָפּזאָגן זיך פון צו זיין אַ ייד. קידוש־השם איז דער ווילן, די תשוקה איבערצוגעבן די וויטערדיקע דורות דאָס איינגעוואָרצלטע אין דעם ייד געפיל פאַר נאַציאָנאַלער אינטי־מיטעט, ווען אַפילו דאָס זאָל געשען דורך אומגעבראַכט ווערן.

ווען אַ טייל פון פאָלק קומט אום, ירשנט דער געבליבענער טייל יע־נעמס חלק געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. ווער ס׳זעט נישט קיין פאַרבינדונג צווישן דעם אומקום פון אַ דריטל פון יידישן פאָלק מיטן אויפקום פון מדינת־ישׂראל, דער זעט נישט די היסטאָרישע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר נישט איבערן פאָלק נאָר אינעם פאָלק.

*

צען יאָר מדינת ישׂראל*, דאָס זענען צען יאָר בלוטיקע, סכּנותפולע קאַמפן, הייליקע קרבנות, אָנגעשטרענגטע וואַכזאַמקייט און איבערמענטש־לעכע אַרבעט, בכדי צו שאַפן, רעדנדיק מיטן לשון פון דער קבלה, די כּלים און די צינורות, דורך וועלכע און אין וועלכע דאָס אויסגעבענקטע געפיל, אין משך פון לאַנגע דורות פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, זאָל זיך האָבן ווו צו רעאַליזירן, ווו צו ווערן אַ יש.

צען יאָר מדינת ישׂראל, דאָס איז צען יאָר יידישע היים, ווו דער יידישער יחיד און דאָס יידישע פאָלק, וואָס זיצט אין ציון — געפינען זיך פנים־אל־פנים מיט זיך.

---

* דער עסיי איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1958.

אין נאַציאָנאַלער אינטימיטעט זענען נישט נאָר די מעלות און די עליות פון יידישן פאָלק — אייגענע, יידישע, נאָר אויך די חסרונות און די ירידות זענען יידישע, און נישט קיין פועל־יוצא פון אַ קאָליזיע (צי קאָליזיעס), מיטן נישט־יידישן אַרום.

דאָרט ווו פרעמדע, ווו דער פרעמדער אַרום, צי אַפילו בלויז פרעמדע באַגריפן, פרעמדע מינהגים און מידות זענען משפיע, פאַרמירן די יידישע נשמה, מעג דאָס אַפילו זיין אין דער יידישער מדינה, דאָרט איז שכינתא בגלותא, איז די שכינה אין גלות. און דאָרט, ווו די שכינה איז נישטאָ, דאָרט איז נישט פאַראַן קיין אמתע אינטימיטעט. דאָרט איז אינטימיטעט פשוטע איזאָלאַציע, ווי דאָס זיצן אין תפיסה.

הונדערטער יאָרן און דורות האָט דאָס יידישע פאָלק אַרומגעוואַנדערט, אָפּגעריסן פון יעדער מעגלעכקייט צו קאָנען רעאַליזירן זיין נאַציאָנאַלע אינטימיטעט. דאָס פערזענלעכע לעבן פונעם יידישן יחיד און דאָס פער־זענלעכע לעבן פון יידישן פאָלק איז געווען אויסגעשטעלט אויף אַלעמענס בייזע בליקן. נאָר די גרויסע און טיפע בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינ־טימיטעט, די בענקשאַפט וואָס האָט אין משך פון דער לאַנגער צייט אָנגע־נומען פאַרשידענע פאָרמען, האָט אָפּגעהיטן דעם יידישן יחיד און דאָס יידישע פאָלק נישט נאָר פון אונטערגיין, נאָר אויך פון אויסגיין, פון אויס־הויכן די יידישע נשמה.

*

נאַציאָנאַלע אינטימיטעט מיינט די פנימיותדיקע נקודה פון פאָלק, ווען אַפילו זי איז מיט פגמים. אין גלות האָט דאָס פאָלק די פגמים נישט געקאָנט מתקן זיין, ווייל דאָס פאָלק האָט נישט געהאַט קיין אָרט אויף התבודדות. און אָן התבודדות איז נישט מעגלעך קיין תיקון. סיידן זיך אין גאַנצן אָפּשניידן פונעם אַרום. אָבער אָפּשניידן זיך איז ווידער נישט קיין אינטימיטעט, נאָר איזאָלאַציע. אויף וויפל אין נאַציאָנאַלער אינטימי־טעט וואַקסט דער שעפערישער קוואַל פון פאָלק, אויף אַזוי פיל טוט זיך עס אין איזאָלאַציע אויסטריקענען, ווערט סטעריל.

*

ווייל נאָר אַ קליינע צאָל פון די יידן אין די תפוצות וועלן קאָנען צו־נויפגענומען ווערן אין ישׂראל, מוז די נאַציאָנאַלע אינטימיטעט פון ישׂראל זיין פון אַזאַ הויכער שפּאַנונג, אַז זי זאָל סטייען סיי פאַר די יידן פון

ישׂראל, סיי פאַר די יידן פון די תּפוצות. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר די יידן, וואָס ווילן פון איר נאַציאָנאַלער אינטימיטעט געניסן.

אינטימיטעט, אַפילו ביי איר הויכער שפּאַנונג־קראַפט, קאָן אָבער נישט איראַדירן, אויסשטראַלן. דאָס איז איר שטאַרקייט און איר שוואַכקייט. אינטימיטעט איז אַ קאָנצענטרירטער כּוח, וואָס איז געווענדט צו זיך. זי איז פון זיך צו זיך לשם זיך. געניסן פון איר קאָנען נאָר די, וואָס געפינען זיך אין איר אָרביטע, אין קרייז פון איר באַשטראַלונג (ווייל אינטימיטעט באַשטראַלט און שטראַלט נישט אויס).

ס׳איז דעריבער קלאָר, אַז נאָר די יידן, וואָס זענען צוריקגעקומען אין זייער לאַנד ישׂראל, נאָר זיי קאָנען דירעקט געניסן פון איר נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. פאַר די יידן אין די תּפוצות — בלייבט ווידער נאָר די בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט. איין זאַך מוז אָבער קלאָר ווערן, אַז להיפוך צו אַלע אַנדערע געפילן איז ביים געפיל פון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט די בענקשאַפט נאָך דער רעאַליטעט (אין אונדזער פאַל — צום לאַנד ישׂראל) אַ סך וואָרהאַפטיקער ווי די בענקשאַפט נאָך דעם טרוים, נאָך דער אידייע (אין אונדזער פאַל, נאָכן ציוניזם). דעריבער איז פאַרשטענדלעך די גרויסע צוגעבונדנקייט פון די יידן אין די פאַרשידענע גלותן צו ישׂראל, ווי צו אַ יידישער מדינה. ס׳איז אויך פאַרשטענדלעך די גרויסע סכּנה פון אַסימילאַציע וועלכע דראָט די יידן, וואָס ווייזן די צוגעבונדנקייט נישט אַרויס, כאָטש דאָס געפיל צום לאַנד און צו דער יידישער מדינה קאָן זיין ביי זיי לאַטענט.

ס׳איז דעריבער אויך זייער וויכטיק פאַר די יידן פון גלות עולה־רגל צו זיין קיין ישׂראל. צו געפינען זיך כאָטש צייטווייליק אויף דעם אָרט וווּ די נאַציאָנאַלע אינטימיטעט רעאַליזירט זיך, אָדער קאָן זיך, לכל־הפּחות, רעאַליזירן. פונקט ווי דאָס אַמאָליקע עולה־רגל זיין קיין ירושלים, צום בית־המקדש, וווּ די אינטימיטעט פון דער שכינה האָט זיך רעאַליזירט.



צי האָט שוין דאָס יידישע פאָלק אין ישׂראל אָנגעהויבן רעאַליזירן זיין בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט?

שווער צו געבן אַ תּשובה. בענקשאַפט קאָן אָננעמען די פאַרשידנסטע פאָרמען, די סאַמע פאַרבאָרגנסטע. בענקשאַפט קאָן גיין דורך די פאַרשידנ־

סטע וועגן, וואָס זעען אויס צו פירן אין אַ לגמרי היפּוכדיקער ריכטונג ווי די, צו וועלכער זי האָט געצילט.

דער עיקר פאַר אונדזער פאָלק, ווי פאַר יעדן אונדזערן יחיד, איז נישט וועלן זיין דווקא אָריגינעל, נאָר וועלן זיין שטענדיק און דורכויס עכט.

צוליב אָריגינאַליטעט קאָן מען וועלן אַוועקגיין פון זיך און צוריקגיין אויף טויזנטער יאָרן צוריק (צו די צייטן פון תּנ״ך, צו די צייטן פון די כּנענים).

געשיכטע, אַפילו קולטור־געשיכטע, ווייס נישט פון קיין צוריקגיין. ס׳איז ביי איר אַ מאָל פאַראַן אַ צוריקקער, בּכדי מיטנעמען דאָס, וואָס מען האָט אויפן וועג פאַרגעסן.

ציוניזם — איז נישט קיין צוריקגיין אין יידישן לאַנד. ציוניזם איז דער באַווייז, דער לעבעדיקער עדות, אַז מיר זענען קיין מאָל פון אונדזער לאַנד נישט אַוועקגעגאַנגען (כאָטש מען האָט אונדז פון דאַנען פאַרטריבן). מיר זענען בּלב ונפש געווען אויף אייביק מיט דעם לאַנד פאַרבונדן. דאָ אַהער איז געווען געווענדט אונדזער משיח־טרוים און אונדזער בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט.

צוליב עכטקייט גייט מען שטענדיק מיט זיך און מען פאַרגעסט קיין מאָל גאָרנישט. עכטקייט איז דער אַבסאָלוטער זכּרון. ס׳איז דער אַבסאָלוטער זכּרון וועגן אַלעם און אַלץ וואָס איז פאַרן יחיד ווי פאַרן פאָלק, פאַר זיין קולטור און פאַר זיין אינטימיטעט נויטווענדיק, צי אַפילו בלויז וויכטיק.

עכטקייט איז אויך דער אַבסאָלוטער זכּרון וועגן לאַנד ישׂראל, וואָס די יידן האָבן קיין מאָל נישט פאַרלאָזט, כאָטש זיי זענען דאָ נישט געווען, און צו וועלכן זיי קומען צוריק, כאָטש זיי זענען קיין מאָל פון דאַנען נישט אַוועקגעגאַנגען.

עכטקייט — איז אינטימיטעט. נאָר ווען מען איז עכט, קאָן מען זיין אינטים. נאָר ווען מען איז נאַציאָנאַל עכט, קאָן מען זיין נאַציאָנאַל אינטים.

און פּונקט ווי נאָר אין עכטקייט קאָן מען זיין אינטים, אַזוי קאָן מען נאָר אין אינטימיטעט זיין עכט. אין נאַציאָנאַלער אינטימיטעט — נאַציאָנאַל עכט.

דאָס איז געווען דער טרוים וועגן דער יידישער מדינה און דער ציל פון דער יידישער מדינה. דאָס דאַרף אויך זיין איר טרוים און בענקשאַפט אויף להבא.

„די גאָלדענע קייט״, נר׳ 40

# מדינת ישראל און כלל־ישראל

**א**

זינט דער ווידעראַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה האָבן זיך געז־יאָוועט ביי אונדז „טעאָרעטיקער״ פון מלוכהשער אכזריות. זיי טענהן, אַז די מדינה קען זיך נישט רעכענען מיט קיין שום סענטימענטן, אַז זי מוז גיין איר וועג, נישט אומקוקנדיק זיך אויפן יחיד, אויף זיינע געוווינהייטן און נטיות, אַז שטרעבנדיק צו איר ציל קען זי זיך נישט אַלע מאָל רעכענען מיט די מיטלען, אַז בכלל איז מדינה אַן אכזריותדיקע זאַך.

ווילט זיך מיר זאָגן די דאָזיקע „טעאָרעטיקער״, אַז אכזריות האָבן מיר געהאַט גענוג אין גלות, אַז מיר זענען געקומען קיין ישׂראל אפשר גאָר נאָך אַ קאַפּעלע רחמים.

קיינער זאָגט נישט צו אַ יידן: — ר׳ ייד, באַגייט איבער זיך אַן אכזריות און פאָרט קיין ישׂראל. פאַרקערט, מען זאָגט: — האָט אויף זיך רחמנות און פאָרט קיין ישׂראל.

צוליב דער „טעאָריע״ פון מלוכהשער אכזריותדיקייט האָבן אַפילו פאַרברענטע ישׂראליסטן אָנגעהויבן קוקן אויף די „יורדים״, אויף די, וואָס פאַרלאָזן דאָס לאַנד — מיט אַ לייטזעליק אויג. אויב מדינה איז גאָר אַן ענין פון אכזריות, איז דאָך נישט שייך, ווי קען מען עפּעס פאַרלאַנגען פון אַ פּשוטן יידישן בשׂר־ודם, אַז ער זאָל מסכּים זיין מען זאָל באַגיין איבער אים אכזריותן, און ווער? יידן גאָר!

מיינט נישט, אַז איך וויל זיך דאָ שפּילן אין פּאַראַדאָקסן, אַז איך וויל דערפירן דעם ענין אַד אַבסורדום, איך ווייס און כ׳פאַרשטיי, וואָס דאָס איז אַזוינס מלוכהשע דיסציפּלין, כ׳ווייס און פאַרשטיי, וואָס אין אַ מדינה מעג מען יאָ און וואָס מען טאָר נישט. כ׳ווייס און פאַרשטיי די געפאַרן, וואָס לויערן אויף אַ מדינה (בפרט אויף אַזאַ קליינער, ווי אונדזערע), און כ׳פאַרשטיי, ווי שטרענג ס׳דאַרפן און מוזן זיין אָפט מאָל די מיטלען, וואָס ווערן אָנגענומען בכדי די מדינה צו פאַרהיטן.

אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז מען דאַרף מאַכן פון דער נויט אַ טוגנט. דער חומר־הדין דאַרף אויסגעפירט ווערן מיט צעבראָכנקייט און

נישט מתוך שׂמחה. מתוך שׂמחה קען נאָר אויסגעפירט ווערן אַן אַקט של רחמים.

איך שטויך אָפּט, מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן די טעאָרעטיקער און די פּראַקטיקער פון מלוכהשער אכזריות זאָגן דעם ניין, און מיט וואָס פאַר אַן אומצופרידנקייט זיי שטאַמלען אַרויס דעם יאָ.

די „טעאָרעטיקער" פון מלוכהשער אכזריות לייגן אָפּ די שולד אויף דער געשיכטע. דאָס פאַרטראָגט זי נישט קיין סענטימענטן. די געשיכטע איז אַן אכזריותדיקע, זאָגן זיי, דאָס שאַפט זי דעם מענטשן־ און פעלקער־אַנטאַגאָניזם, דאָס פירט זי אַרויס מיליאָנען מענטשן אויף בלוטיקע מלחמות, דאָס איז זי (די געשיכטע), אין וועמענס האַנט עס ליגט דער גורל און די צוקונפט פון דער מענטשהייט.

זיי מאַכן זיך נישט וויסנדיק, די טעאָרעטיקער פון מלוכהשער אכזריות, אַז געשיכטע איז דער עיקר אַ וויסנשאַפט, וואָס באַטירט און סומירט די ביזאיצטיקע פאַרלויפונגען און געשעענישן. צושרייבן דער געשיכטע אַן אומבאַגרענעצטע, מיסטישע מאַכט, איז לכל־הפחות — אַ געפערלעכע היפּאָטעזע.

די „טעאָרעטיקער" פון געשיכטלעכער אכזריות וויסן נישט, צי מאַכן זיך נישט וויסן, אַז נישט די געשיכטע איז אכזריותדיק, נאָר אַז זי איז אַ קייט פון אכזריותדיקע מענטשלעכע האַנדלונגען. דאָס, וואָס זיי רופן אַן אכזריותדיקע געשיכטע, איז באמת די געשיכטע פון אכזריותן.

## ב

די אַלטע טעזע פון דער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע, די טעזע וואָס זאָגט, אַז מאַסע איז אַזאַ אָדער אַנדערע סומע פון יחידים, פּלוס עפּעס אַזוינס, וואָס יעדער באַזונדערער יחיד איז עס נישט, נאָר אַלע צוזאַמען זענען עס יאָ, אָט די טעזע דאַרף אָפּגעוואָרפן ווערן. זי דאַרף פאַרטראַטן ווערן פון דער טעזע, לויט וועלכער מאַסע איז אַזאַ אָדער אַנדערע סומע פון יחידים, מינוס עפּעס אַזוינס, וואָס יעדער יחיד באַזונדער איז עס יאָ, נאָר אַלע צוזאַמען זענען דאָס נישט.

נעמט אַזאַ משל: עס שטייט פאַר אַ ביוראָ אָדער מאַגאַזין אַ דיסציפּלינירטע, געאָרדנטע ריי מיט מענטשן. יעדער מענטש, וואָס שטייט אין דער ריי פאַרלירט עפּעס. ער פאַרלירט צייט (זיין צייט), ער פאַרלירט אַ טייל פון זיין באַוועגונגס־פרייהייט, בכלל פון זיינע מעגלעכקייטן פריי מיט

זיך צו דיספּאָנירן. דער מענטש, וואָס שטייט אין דער ריי פאַרלירט עפּעס, ד״ה ער האָט נישט דאָס, וואָס דער מענטש, וועלכער שטייט נישט אין דער ריי (בלויז דערפאַר, וואָס ער שטייט נישט אין דער ריי) — פאַרלירט נישט, ד״ה האָט יאָ.

פון דעם, וואָס דער מענטש, וועלכער שטייט אין דער ריי פאַרלירט, האָבן נישט גאָרנישט די אַנדערע מענטשן, וועלכע שטייען אין דער זעל־בער ריי. ס׳האָבן נישט גאָרנישט נישט די, וואָס שטייען פאַר דעם מענטש (פאַר יעדן מענטש) און נישט די, וואָס שטייען נאָך דעם מענטש. פון דעם, וואָס דער מענטש פאַרלירט, געווינט אין דעם פאַל „די אָרדענונג״, אַזוי צו זאָגן, און אין ברייטערן זין דער רעזשים, וואָס האָט גורם געווען, אַז אין באַשטימטע פאַלן דאַרפן מענטשן, אָפטער אָדער זעלטענער, שטיין אין אַ ריי.

וואָס גרעסער ס׳איז די צאָל מענטשן, וועלכע פאַרלירן — לטובת דעם רעזשים, וועלכן זיי גיבן זיך אונטער (אויפגעצוווּנגענערהייט) — אַ טייל פון זייער פרייהייט, אַלץ שטאַרקער — דער רעזשים, וואָס צווינגט זיי אויף אים זיך אונטערצואָרדענען. אין דעם פאַל איז די פאַרהעלטעניש צווישן די יחידים און דעם רעזשים אַ גלייך־פּראָפּאָרציאָנעלער. וואָס מער מענטשן פאַרלירן פון זייער פרייהייט — אַלץ שטאַרקער דער רעזשים, וואָס קלענער די צאָל פון אַזוינע מענטשן, אַלץ שוואַכער דער רעזשים. דאָס איז אַ פּשוטער מאַטעמאַטישער חשבון.

מיר זעען טאַקע אין דער פּראַקטיק, אַז די דיקטאַטורן פון די גרויסע מלוכות זענען אָן אַן ערך שטאַנדהאַפטיקער, ווי די דיקטאַטורן פון די קליינע מלוכות. נעמט, למשל, די דיקטאַטור פון אַ דרום־אַמעריקאַנער לאַנד, צי אַפילו פון אַ מיטל־אַזיאַטיש לאַנד (נישט ברענגענדיק פאַר קיין משל עקסטרעמערע פאַלן).

דאָ דעצידירט בשום אופן נישט דער חילוק אין די מהותן פון די פאַרשידענע דיקטאַטורן, נישט די חילוקים אין זייערע פּראָגראַמען, און אַפילו נישט די שטופּע פונעם פּאָליטיש־פּאָליצייאישן דרוק, צי טעראָר, וואָס די אָדער אַנדערע דיקטאַטור איבט אויס. ס׳איז נאָך נישט געווען אין דער געשיכטע אַזאַ בלוטיקע דיקטאַטור, וואָס זאָל נישט קענען מיט נאָך מער בלוט דערשטיקט ווערן. דאָס איז נאָר און אויסשליסלעך אַ פראַגע פון כמות.

די דיקטאַטור פילט זיך אַ סך זיכערער פּנים־אל־פּנים מיט דער מאַסע, ד. ה. מיטן מקור אויף וועלכן זי שטיצט איר קראַפט, ווי פּנים־אל־פּנים

מיטן יחיד, ד. ה. מיט דעם, ביי וועלכן זי רויבט אָוועק זיין קראַפט. דער־פּאַר רעדט נישט די דיקטאַטור דירעקט צום יחיד, נאָר דורך דער פּאַר־מיטלונג פון דער פּאַרטיי.

**און ווידער דאָס זעלבע. נישט די דיקטאַטור איז אכזריותדיק (פונקט ווי געשיכטע איז נישט אכזריותדיק).** דיקטאַטור איז נישט עפּעס אַ גרויס, מיסטיש אכזריות, **ווי טייל שטעלן זיך דאָס פאָר,** וואָס ווערט באַגאַנגען איבער אַ מאַסע. די מאַסע פילט נישט די דיקטאַטאָרישע אכזריותדיקייט, ווייל מאַסע איז שוין בעצם אַ באַרויבט וועזן, דאָס איז אַ קייט פון אכז־ריותן, באַגאַנגענע איבער יחידים, אָט דאָס איז עס, וואָס מען רופט גע־ווינלעך אָן: אכזריותדיקע דיקטאַטור.

## ג

**אונדזער לאַנד איז ביים היינטיקן טאָג באַוווינט פון אַ באַפעלקערונג פון אַנדערטהאַלבן מיליאָן (יידן און נישט־יידן) *. דעריבער קען ביי אונדז נישט זיין קיין רייד וועגן וועלכער דאָס זאָל נישט זיין דיקטאַטור, נישט פון קיין יחיד און נישט פון קיין פּאַרטיי. פאַרקערט, אַ פּאַרטיי מיט דיק־טאַטאָרישע, טאָטאַליטאַרע טענדענצן האָט נישט ביי אונדז קיין שום שאַנסן אויף אַנטוויקלונג, גיכער אויף אַראָפּפאַלונג און צעפאַלונג.**

**דאָס איז נישט דערפאַר, וואָס אין אונדזער לאַנד הערשט אַן אתה־בחרתנו־דעמאָקראַטיע, נישט דערפאַר, וואָס אונדזער לאַנד איז אַן איידל, אויסגעזוכט דעמאָקראַטיש וועזן. דאָס איז פּשוט דערפאַר,** וואָס אונדזער כּמות אין ישׂראל דערלויבט נישט דערויף. **מיר זענען דאָ פּשוט צו ווי־ניק, אַז פונעם באַרויבן אונדז פון פרייהייט, ד. ה. אַז פון אונדזער אַנמאַכט זאָל קענען אויסוואַקסן אַ מאַכט. אפשר אַז ס'וועט פאַרווירקלעכט ווערן די האָפענונג פון קיבוץ־גלויות, אפשר דעמאָלט...**

אָבער אויף דעמאָלט האָבן מיר אונדזער חזיון פון משיח און פון גאולה שלמה.

**קומט אַלזאָ אויס, אַז אונדזער מלוכה־אָרדענונג, ווייל זי איז נישט קיין דיקטאַטאָרישע, איז זי נישט אָנגעשפּאַרט אויף דער פאַרשקלאַפונג פון דער מאַסע, נאָר אויף דער פרייהייט פונעם יחיד. וואָלט דאָך דערפון באַ־דאַרפט זיין געדרונגען, אַז צווישן אונדזער יידישער מדינה, צי איר עקזע־קוטיוו — די רעגירונג, און צווישן דעם יידישן יחיד דאַרף נישט שטיין קיין פּאַרטיי.** די יידישע רעגירונג דאַרף רעדן מיטן יידישן יחיד פּנים־אל־פּנים.

**ווי אַזוי זעט דאָס אָבער אויס פּאַקטיש און פּראַקטיש?**

פּאַקטיש און פּראַקטיש שטייט ביי אונדז צווישן דער יידישער רעגי־רונג און איר יידישן בירגער ווידער די פּאַרטיי. נאָר אַזוי ווי ביי אונדז איז נישט פאַראַן (און ס'וועט נישט פאַראַן זיין) קיין איין־פּאַרטיי־הערשאַפט, שטייען צווישן אונדזער רעגירונג און אירע בירגער נישט איין פּאַרטיי, נאָר אַ צענדליק פּאַרטייען.

די דאָזיקע דערשיינונג (פּאַרטייאישקייט) איז בפירוש אַ גלותדיקע. דווקא די פאַרלייקענער פון די גלות־אינהאַלטן ווייזן זיך אַרויס אין דעם פּרט גרויסע אָנהענגער פון גלות־פאָרמען. אין גלות איז די פּאַרטיי געווען דער איינציקער אופן און פאָרעם, ווו אַ ייד האָט זיך געקענט פּאָליטיש אויסלעבן אין דער אָדער אַנדערער ריכטונג. אין ישׂראל גופא קען דער ייד זיך זייער גוט אויסלעבן, צי לכל־הפחות מיטלעבן פּאָליטיש, נישט געהערנדיק צו קיין שום פּאַרטיי. און אויב ער געהערט שוין יאָ, דאַרף זי ביי אים נישט זיין דער עיקר. נישט די פּאַרטיי־אינטערעסן דאַרפן דעצי־דירן וועגן זיין באַציִונג צום לאַנד, נאָר זיין ליבע צום לאַנד, זיין גלויבן אין דער צוקונפט פון לאַנד. זיין מיטלעבן און מיטפילן מיט אַלעם, וואָס אין לאַנד קומט פאָר. דער סתם־בירגער — און דאָס איז דער בעסטער עלעמענט אין אַלע מדינות און לענדער — קוקט סיי ווי סיי שטענדיק אויף אַ רעגירונג ווי אויף אַן איבערפּאַרטייאיש וועזן, ווען אַפילו אין דער רע־גירונג זיצן נאָר פאָרשטייער פון פּאַרטייען. דער סתם־בירגער זעט אין דער רעגירונג נישט נאָר אַ פאָרשטייער פון אַ סומע יחידים, נאָר אַ פאָר־שטייער פון אַ יעדן יחיד באַזונדער.

און דאָ ליגט דער שווערפּונקט פונעם גאַנצן פּראָבלעם. ס'איז נאָך ביז איצט אין ערגעץ נישט געפונען געוואָרן אַ געהעריקע פאָרעם, וועלכע זאָל דירעקט פאַרבינדן דעם בירגער מיטן לאַנד, גענויער: מיט דער מדינה. אַפילו אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, ווו דאָס פּאַרטיי־לעבן איז נישט שטאַרק אַנטוויקלט, אַפילו דאָרט מוז מען אין גורלדיקע מאָמענטן פאַרן לאַנד אַפּעלירן צום בירגער דורך דער פּאַרטיי, קומען מיטן בירגער אין קאָנטאַקט דורך דער פּאַרטיי, אַרויסשטעלן דעם פּאַרטיי־פּראָ־גראַם ווי דעם צוקונפט־פּראָגראַם פאַר דער מדינה.

פאַר וואָס קענען עקזיסטירן געזעלשאַפטן פאַר פריינדשאַפט צווישן מדינות, למשל, אַ געזעלשאַפט פון פריינדשאַפט צווישן ישׂראל און פ.ס.ס.ר., אָדער ישׂראל־אַמעריקע, ישׂראל־פראַנקרייך און אַנדערע, פאַר וואָס זאָל נישט עקזיסטירן אַ געזעלשאַפט פון פריינדשאַפט צו דער אייגענער מדינה,

צום אייגענעם לאַנד (אַלס דעם אינהאַלט פון דער מדינה)? פאַר וואָס זאָל אין ישׂראל נישט עקזיסטירן אַ געזעלשאַפט פאַר פריינדשאַפט מיט ישׂראל. אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל נישט זיין באַזירט אויף אינטערעסן, אויף „נאַ דיר דאָס — און גיב מיר דאָס", נאָר וואָס זאָל זיין באַזירט אויף ריינער עמאַ־ציע, אויפן געפיל פון ליבע, פון צוגעבונדנקייט צו דער יונגער מדינה, צו דער יונגער אַרמיי, דער יונגער לאַנדווירטשאַפט און יונגער אינדוס־טריע? פאַר וואָס זענען מיר, דאָס פאָלק פון טרוימער — געוואָרן פלוצלונג אַזוי מוראדיק ניכטער? זענען די געפילן פון דורות טרוימער פון שיבת־ציון נישט מער ווערט געווען ווי פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ „טעאָריע" פון מלוכהשער אכזריות?

פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז פאַראַן אַ חילוק צווישן דער עקזיסטענץ פון איין פאַרטיי (ווי אַ פאַרמיטלערין צווישן דער דיקטאַטור און דעם יחיד) און צווישן דער עקזיסטענץ פון אַ סך פאַרטייען. ביי איין־הערשאַפט פאָ־דערט די פאַרטיי אַ פולשטענדיקע אונטערשטיצונג פאַר איר פּראָגראַם, נישט נאָר פון אירע מיטגלידער, נאָר פונעם גאַנצן פאָלק, אין דער צייט ווען בעת עס עקזיסטירן אַ סך פאַרטייען, פאָדערט יעדע פאַרטיי, און דאָס נאָר פון אירע מיטגלידער, אַ דיסציפּלינירט אונטעראָרדענען זיך אירע באַשלוסן, איבערלאָזנדיק אירע מיטגלידער אינערהאַלב דער פאַרטיי דאָס רעכט צו קריטיקירן די שטעלונג, אין געוויסע פּראָבלעמען, פון דער אייגענער פאַרטיי.

אָבער אַפילו דאָרט, ווו עס עקזיסטירן אַ סך פאַרטייען, נעמט צו יעדע פאַרטיי ביי אירע מיטגלידער אַ טייל פון זייער יחידיש געוויסן, פון זייער יחידישער פרייהייט ביים דעצידירן וועגן לאַנד־ און מלוכה־ענינים. ביי טייל נעמט די פאַרטיי צו, אַנדערע ווידער באַשענקט זי צו פיל, דערפירנ־דיק אַזוי אַרום צו גייסטיקער און נישט זעלטן מאַטעריעלער קאָרופּציע.

אַפילו דער פּשוטער, דער אומפּאַרטייאישער בירגער, ווען ער גיט אָפּ זיין שטים־צעטל, בעת די וואַלן פון כּנסת, צי צו מוניציפּאַלע אָרגאַ־נען, אַ באַשטימטער דורך אים אַליין פּריווילעגיע אויסגעקליבענער פאַרטיי, גייט ער דעמאָלט אויך אויף קאָמפּראָמיסן. טאַקע זיין אומפּאַרטייאישקייט איז דאָך דער בעסטער סימן, אַז קיין איינע פון די עקזיסטירנדיקע פאַרטייען אַנטשפּרעכט אים נישט הונדערט־פּראָצענטיק, נאָר בלית־ברירה קלייבט ער אויס די פאַרטיי, וועלכע ער האָט אַמווינציקסטן פאַרצוואָרפן.

דאָס הייסט נישט, אַז איך בין קעגן פאַרטייען בכלל. איך בין נאָר קעגן פאַרטייאישקייט. כ'בין קעגן דעם, אַז די פאַרטיי זאָל נעמען ביים

יחיד זיין רעכט, בכדי זיך צו פאַרשטאַרקן. כ׳האַלט, אַז די פּאַרטיי דאַרף נעמען ביים יחיד נאָר אַזוי פיל, וויפל זי מוז. אַזוי פיל, אויף וויפל די פּאַרטיי קען דורכן נעמען צוהעלפן צו פאַרברייטערן און פאַרפעסטיקן די פּאָזיציע און דאָס רעכט פונעם יחיד.

כ׳האַלט, אַז כאָטש די עקזיסטענץ פון אַזוי פיל פּאַרטייען ווי ביי אונדז אין ישׂראל, איז שוין גאָרנישט קיין פּאָזיטיווע דערשיינונג, איז אָבער די מעגלעכקייט, אַז עס זאָלן עקזיסטירן איינציַיטיק און נעבן זיך אַ ריי בירגערלעכע פּאַרטייען, צי אַ ריי אַרבעטער־פּאַרטייען, אַ סימן, אַז אינעם יסוד פון אונדזער פּאַרטיי־לעבן ליגט נישט בלויז דער קלאַסן־אינ־טערעס, נאָר אַ ריי עמאָציאָנעלע מאָמענטן, וועלכע שטאַמען דער עיקר פון מקור פון טראַדיציע.

די דאָזיקע עמאָציאָנעלע מאָמענטן דאַרפן אויסגענוצט ווערן סיי דורך דער מדינה, סיי דורך די בירגער פאַר דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט, וואָס וועט שטעלן די מדינה און דעם יחיד פּנים־אל־פּנים. פאַר דער גע־זעלשאַפט, וועלכע וועט נישט וואַקסן אויפן חשבון פון די יחידים, נאָר לטובת זיי. פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס וועט זיך נישט פאַרשטעלן מיט „אַכזריותדיקער געשיכטע״, נאָר פאַרקערט — וועט אויסראָטן אַט די אַלע קליינע אכזריותן אין די באַציִונגען פון מענטש צו מענטש און אַנשטאָט מידת־הדין איינפירן מידת־הרחמים.

ד

אויב דאָס פּראָבלעם פון מדינה און יחיד אינטערעסירט מיך גראָד איצט אַזוי שטאַרק, איז עס צוליב דעם ענין מיט די „יורדים״. ס׳איז גלוי וידוע, אַז יעדן חודש פאַרלאָזן דאָס לאַנד אויף שטענדיק אַן ערך ביי טויזנט יידישע נפשות. די רעגירונג פון ישׂראל באַציט זיך צו די „יורדים״ גרויסמוטיק. זי מאַכט זיי נישט קיין פאָרמעלע שוועריקייטן. אָבער אין דער גרויסמוטיקייט פון דער רעגירונג (צי פון דער סוכנות, אָדער פון אַנדערע ציוניסטישע אינסטאַנצן, אויף וויפל דער ענין איז אָפּהענגיק פון זיי) — ליגט גאווה און אַפילו אכזריות. ווייל דאָס אַרויסלאָזן איז אַ סך מאָל אכזריותדיקער ווי דאָס נישט אַריינלאָזן. ממה נפשך: האַלטן די ציוניסטן, אַז דער איינציקער אופן פון לייזן דעם פאַרפלאָנטערטן און טראַגישן פּראָ־בלעם פון די יידן אין גלות — איז שיבת־ציון (און אַנדערש קען קיין ציוניסט נישט טראַכטן), טאָ ווי אַזוי קען אַ יידישע רעגירונג, אַ רעגירונג

פון יידן, אַ סוכנות און אַנדערע ציוניסטישע אינסטאַנצן זיך גלייכגילטיק צוקוקן, ווי טויזנטער יידן, וואָס זענען שוין געווען אין לאַנד, און טייל זיך אַפילו גאָרנישט שלעכט דאָ איינגעאָרדנט, פאַרלאָזן דאָס לאַנד, בכדי מיט פרויען און קינדער (קינדער!) אָנהייבן ווידער פירן אַ גלות־לעבן, וואָס ביי אונדז ישׂראל־יידן הייסט עס אַ וואַנדער־לעבן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ גייט נישט אין אָנווענדן געוואַלט, ס׳גייט נישט וועגן צוהאַלטן דעם „יורד" מיט כּוח ער זאָל נישט פאָלן, ער זאָל נישט אַראָפּנידערן פון דער מדרגה פון אַ ישׂראל־בירגער — צו דער מדרגה פון אַ פרעמד־בירגער. דאָ גייט נאָר אין דעם, אַז מען זאָל זיך מיט דעם קאַנדידאַט אויף אַ „יורד" פאַראינטערעסירן, מען זאָל אים אויסהערן, דער־נענטערן צו זיך, דערוואַרעמען. ס׳גייט אין דעם, מען זאָל אים אַרויספירן פון דעם טעות, אַז מדינה איז אַן אכזריותדיקע וועזן, וואָס וויל אים באַרויבן פון זיינע רעכט, אַפילו פון די רעכט פריי צו עמיגרירן. מען דאַרף אים אויפקלערן, אַז פרייהייט איז נאָך נישט דער טייטש — הפקר, אַז פרייהייט הייסט נאָך נישט מפקיר זיין זיך און די אייגענע קינדער צום פרעמדן ווילקיר, אונטעראָרדענען זיך פרעמד־פעלקישע אינטערעסן, זיין זייער שׂעיר־לעזאָזל אין זייערע אינערלעכע רייבונגען און קאַמפן און אין בעסטן פאַל זיין דאָס שטיק אייזן (מישטיינסגעזאָגט), וואָס ליגט שטענדיק צווישן פרעמדן האַמער און פרעמדער קאָוואַדלע.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז נישט עקאָנאָמישע באַדינגונגען זענען די הויפּט־גורמים ביים פאַרבלייבן אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. נישט דאָס, צי דער ניי־געקומענער האָט זיך גוט איינגעאָרדנט אין לאַנד, אָדער ס׳איז אים נישט געלונגען זיך גוט איינצואָרדענען ווירקט דערויף, אַז ער זאָל בלייבן אַן עולה צי ווערן אַ יורד. דאָ ווירקן דורכויס עמאָציאָנעלע מאָמענטן. אויף וויפל דער עולה פילט זיך היימיש און גוט אינעם לאַנד — אויף אַזוי פיל איז זיכער, אַז ער וועט ביי די שווערסטע באַדינגונגען דאָס לאַנד נישט פאַרלאָזן, פילט ער זיך אָבער פרעמד, פילט ער זיך פאַרלעצט אין זיינע געפילן אַלס יחיד, וועלן קיין שום גוטע באַדינגונגען נישט העלפן, וועט גאָרנישט זיין ביי אים קיין שטערונג אויף צו פאַרלאָזן אויף שטענ־דיק דאָס לאַנד.

אָט די „טעאָרעטיקער" פון מלוכהשער אכזריות זענען דאָס די, וואָס מאַכן, אַז אַ ייד, אַ געראָדפטער ייד, זאָל זיך פילן פרעמד אין זיין אייגן לאַנד. פילנדיק די פּלייצעס פון דער פּאַרטיי, וואָס שטיצט זיי, שטעלן זיי זיך צווישן בירגער און לאַנד און דערלאָזן נישט, אַז ייד און יידיש לאַנד

זאָלן זיך טרעפן פּנים־אל־פּנים. זיי ווייסן נישט, אָדער מאַכן זיך נישט ווייסן, אַז דאָס צונויפשמעלצן זיך פון די גלויותן איז נישט קיין ענין פון הוילע פּראָגראַמען, נאָר פאָדערט התקרבות, פאָדערט אַ הויכן גראַד פון האַרציקייט און אַ הויכע טעמפּעראַטור פון פריינדשאַפט. דאָס פאָדערט אויך, אויב נישט אהבת־ישׂראל (וואָס איז היינט אַזוי נישט מאָדערן), איז כאָטש אהבת אזרחי־ישׂראל. זיי ווייסן נישט די „טעאָרעטיקער" פון מלוכהשער אכזריות אָדער מאַכן זיך נישט ווייסן, אַז שאַפן אַן איינהייטלעכע קולטור הייסט נישט באַרויבן די פאַרשידענע יידישע שבטים פון זייער באַזונדער־קייט און אייגנאַרטיקייט, נאָר אויסנוצן, פאַרברויכן זייער אייגנאַרטיקייט לטובת אַן איינהייטלעכער כּלל־ישׂראל־קולטור. פּונקט אַזוי מאַכן זיך די זעלבע „טעאָרעטיקער" נישט ווייסן, אַז שאַפן אַ מדינה, הייסט נישט צו־נעמען ביים יחיד זיינע אינדיווידועלע פרייהייטן, נאָר באַרייכערן אים, באַשענקען אים מיט שטאָלץ, מיט אַ גוט זעלבסטגעפיל, מיט כּבוד, מיט זעלבסטווירדע, מיט אהבת האומה און אהבת הארץ.

די מלוכה־אָרגאַנען קוקן אויפן „יורד" פון אויבן אַראָפּ. זיי גיבן זיך נישט אָפּ קיין חשבון, אַז מחזיר־למוטב־זיין איין ייד, ער זאָל נישט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, איז אפשר פון גרעסערע אַספּעקטן מער, ווי דאָס אַריינברענגען אין לאַנד צען עולים חדשים.

פאַרשטייט זיך, אַז איך מיין נישט דאָ די אַבסאָלוט דעמאָראַליזירטע יחידים פון צווישן די עולים חדשים און אַוודאי נישט צווישן די ותיקים, וואָס בענקען נאָך דער צייט פונעם אָקופּאַנט און פאַרלאָזן איצט, נאָך לאַנגע יאָרן, דאָס לאַנד, בכדי צו זוכן בעסערע שאַנסן אין דער פרעמד. זיי וועט שוין גאָרנישט העלפן, נישט קיין רחמנות און נישט קיין אכזריות.

אָבער אַ גוט געפיל, גוטע באַציִונג וועט העלפן די אַלע, וואָס דאַרפן הילף, מאָראַלישע הילף, חברישע הילף, יידישע הילף, וואָס דאַרפן אַ גוט וואָרט און אַ וואַרעמען בליק. ס'וועט העלפן די אַלע, וואָס ווייסן דעם טעם פון אכזריות און זענען געקומען אין לאַנד אַריין נאָך אַ ביסעלע רחמים. ס'וועט העלפן די אַלע, וואָס פילן און זעען, אַז זייער גורל ליגט נישט אין די הענט פון אַ „געשיכטע", וועלכע זיי קענען נישט און פאַרשטייען נישט, נאָר אין די הענט פון די מענטשן, וועלכע דעצידירן וועגן זייערע ערשטע טריט אין לאַנד, פון די, וואָס לייגן דעם חותם אויף די ערשטע יאָרן פרייהייט, וואָס זענען געקומען נאָך יאָרטויזנטער פאַרשקלאַפונג. ס'וועט העלפן די, וואָס גלייבן, אַז משיח איז שוין געקומען, ס'וועט העלפן די, וואָס גלייבן, אַז משיח דאַרף ערשט קומען און אַפילו די, וואָס גלייבן בכלל

נישט אין משיחן. ס׳וועט העלפן קודם־כּל דעם לאַנד גופא זיך צו באַ־פרייען פונעם פלעק, וואָס קליינע מענטשן פון קליינער מאַכט האָבן אויף אונדז אַרויפגעלייגט, אַז מלוכה איז אכזריותדיק, אַז מלוכה רעכנט זיך נישט מיטן סענטימענט פונעם יחיד.

סענטימענטן האָבן דאָס לאַנד האָלוביעט הונדערטער יאָרן, ווען דאָס לאַנד איז געשלאָפן אַ האַרטן שלאָף אונטערן דעק פון שווערע שטיינער, און סענטימענטן האָבן דאָס לאַנד אויפגעוועקט צו אַ ניי לעבן און סענ־טימענטן וועלן זיין דער מקור פון דער נייער געזעלשאַפט, וואָס וועט פאַרבינדן דירעקט דעם ייד מיט זיין לאַנד און במילא פאַרבינדן דאָס גאַנצע פאָלק ישראל מיטן לאַנד ישראל.

„שריפטן“

---

* געשריבן אין אָנהויב פופציקער יאָרן.

# די נשמה פון מדינת ישראל

געשיכטע איז די נשמה פון יעדן פאָלק.

יידישע געשיכטע — איז די נשמה פון יעדן ייד באַזונדער.

אַ נאָרמאַל פאָלק, אַ פאָלק מיט אַ לאַנד און אין זיין לאַנד — טראָגט די אחריות פאַר יעדן יחיד אירן, פאַר איר יעדן בירגער. אַ יחיד פון אַ פאָלק, וואָס האָט נישט קיין לאַנד, אָדער וואָס איז נאָך נישט אין זיין לאַנד — אַזאַ יחיד טראָגט אויף זיך די אחריות פאַרן גאַנצן פאָלק צו וועלכן ער געהערט. יעדער ייד פאַר זיך איז אַזוי אַרום אַן „עם־קטן".

וואָס איז דאָס אַזוינס גאולה?

דאָס איז דאָס באַפרייען זיך פון יחיד פון צו טראָגן אויף זיך די אחריות, דעם עול פון גאַנצן פאָלק און דאָס אַריבערוואַרפן דעם עול אויפן פאָלק גופא.

פאַר אַזאַ באַפרייונג איז מען גרייט זיך אַפילו מוסר־נפש צו זיין, אַוועקצוגעבן דאָס לעבן. דאָס איז דער סוד און יסוד פון יעדן פאַטריאָטיזם. אין דעם ליגט דער סוד פון דעם אויסטערלישן פענאָמען, וואָס הייסט: יידישע העלדישקייט. אין דער ווונדערלעכער טראַנספאָרמאַציע פון יידישע קרעמער אין מלחמה־העלדן, ליגט דער אימפעט פון וועלן זיך באַפרייען פון צוויי טויזנט־יאָריקן עול, צוויי טויזנט־יאָריקער אחריות לגבי דעם אייגענעם פאָלק.

דער עול פון גלות ליגט נישט נאָר אין דעם טראָגן אויף זיך די לאַסט פון פרעמדער הערשאַפט, נאָר דער עיקר אין דעם טראָגן אויף זיך די משׂא פון אייגענעם, אָנגעשטרענגטן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און דעם אומדערשיטערלעכן „מוז" פון אייגענער באַפרייונג.

ס׳געהערט נישט צו די לייכטע זאַכן פאַר אַ פשוטן יידן צו מאַכן כסדר געשיכטע, ווי דאָס האָבן אומאויפהערלעך געמאַכט יידן פון נאַלעווקעס, פראַנצישקאַנער און גענשע, און די יידן פון אַנדערע לענדער מיט ענלעכע יידישע גאַסן.

אַ פאָלק אין זיין אייגן לאַנד קאָן אַ מאָל, אין אַ מאָמענט פון שיכּרות, פאַרלירן דאָס נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין, ס׳ליגט נישט דערין קיין שום גע־

פֿאַר. מיר יידן האָבן אָבער געמוזט זיין כּסדר ניכטער, אונדזער נאַציאָ־נאַלער באַוווסטזיין האָט געמוזט זיין כּסדר וואַך. מיר זענען געוואָרן, און געמוזט ווערן, אַ פֿאָלק פֿון ראַציאָנאַליסטן, כאָטש בעצם, אַלס מיזרח־פֿאָלק זענען מיר געווען (און מיר זענען) ראָמאַנטיקער, איראַציאָנאַליסטן.

איז גאולה, באַפֿרייונג — ווילן זיך באַפֿרייען? ווילן אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם עול, דעם איבערראַפּינירטן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין? ווילן אָפּ־זאָגן זיך פֿון אחריות פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק? איז גאולה — עגאָיִזם?! — זיכער עגאָיִזם, נאָר פֿון אַ גאָר הויכער מדרגה, ווייל אָפֿט מוז מען טייער פֿאַר אים צאָלן. דער עגאָיִזם הייסט: פּאַטריאָטיזם.

פּאַטריאָטיזם איז אַן ענין פֿון אינסטינקט.

נישט נאָר דאָס רייסן זיך צום לעבן, נאָר אַפֿילו דאָס לאָזן זיך פֿאַר־ניכטן בכדי צו דערהאַלטן די מעגלעכקייטן פֿון לעבן — איז אויך אינ־סטינקט. ווען אַ מענטש קומט אום, למשל, ביים פֿאַרטיידיקן זיין פּריוואַט פֿאַרמעגן, איז עס אויך דאָס זעלבע (אינסטינקט).

קידוש־השם איז אויך געווען אַן ענין פֿון אינסטינקט. דער ייד האָט זיך געלאָזט פֿאַרברענען, אָבי נישט אָפּצוזאָגן זיך פֿון זיין גייסטיקן פֿאַר־מעגן אָן וועלכן דאָס לעבן האָט פֿאַר אים קיין שום ווערט נישט געהאַט.

די אַקטן פֿון קידוש־השם האָבן נישט נאָר אויפֿגעהאַלטן דעם נאַציאָ־נאַלן באַוווסטזיין ביי יידן, נאָר נאָך מער האָבן זיי געשטאַרקט דעם נאַ־ציאָנאַלן יידישן אינסטינקט.

סוף־כּל־סוף איז נאַציאָנאַלער אינסטינקט — מער ווי נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין.

ס׳זענען פֿאַראַן יידן, וואָס מ׳קאָן זיי נישט אָפּזאָגן דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און דאָך ווילן זיי נישט קיין שיבת־ציון. ד.ה. אַז זיי האָבן אַ נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין — האָבן אָבער פֿאַרלוירן דעם נאַציאָנאַלן אינ־סטינקט.

דאַקעגן די יידן וואָס טראָגן אין זיך, פֿילן בפּועל־ממש, וואָס דאָס איז אַזוינס קידוש־השם, פֿילן נאָך היינט צו טאָג די סמאַלינעס פֿון די שייטער־הויפֿנס, די יידן האָבן זיך קיין מאָל פֿון שיבת־ציון נישט אָפּגעזאָגט.

ס׳איז נאָר געווען צווישן זיי אַ טענה וועגן דער צייט. טייל האָבן גע־האַלטן אַז מען דאַרף וואַרטן אויף ביאת־המשיח, מען דאַרף וואַרטן אויף דער גאולה — אַנדערע האָבן געהאַלטן אַז מען דאַרף אַנטקעגנגיין דער גאולה.

*

ווייל עס איז נאָך נישט פאַראַן ביי אונדז קיין קיבוץ־גלויות, טראָגט נאָך יעדער ייִד די אחריות פאַרן גאַנצן פאָלק און עס איז נאָך נישט קיין גאולה שלימה.

מען דאַרף אויך געדענקען, אַז כּל־זמן עס איז נישטאָ קיין קיבוץ־גלויות, טאָרן מיר אויף קיין האָר נישט פאַרמינערן די באַדייטונג פון קידוש־השם.

ווער ווייסט ווער עס וועט נאָך דאַרפן צו אים אָנקומען, בכדי צו דער־האַלטן זיין נאַציאָנאַלן אינסטינקט.

מיר האָבן אַ גרויסן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און אַ קליינעם נאַציאָנאַלן אינסטינקט, דעריבער האָבן מיר אַ גרויס אָן עין־הרע פאָלק (כאָטש מיר זענען אַזוי ביטער אַמפּוטירט געוואָרן) און אַ קליין לאַנד.

וועט וואַקסן אונדזער נאַציאָנאַלער אינסטינקט (מיר זענען זיכער אַז ער וועט וואַקסן), וועט אויך וואַקסן אונדזער לאַנד, אויב נישט אין דער לענג און אין דער ברייט, איז לכל־הפּחות אין דער הויך.

עליה הייסט נישט נאָר עולה זיין קיין ישׂראל, ווערן זיין בירגער, זיין איינוווינער און פאַרטיידיקער. עליה הייסט: פאַרגרעסערן די אחריות פון לאַנד ישׂראל לגבי דעם פאָלק ישׂראל.

וואָס פאַראַ דאַרף זיין די נשמה פון מדינת ישׂראל?

די נשמה פון מדינת ישׂראל איז נישט איר געשיכטע, וואָרעם כּל־זמן עס זענען דאָ ייִדן אין גלות — טראָגן נאָך די ייִדן אין זיך שטיקער ייִדי־שע געשיכטע.

די נשמה פון מדינת ישׂראל איז אַפילו נישט דאָס לאַנד ישׂראל.

די נשמה פון מדינת ישׂראל איז נאָר און אויסשליסלעך דער ייִד.

מדינת ישׂראל איז דאָך סוף־כּל־סוף עפּעס שולדיק דעם ייִד, וואָס האָט אין די מוראדיקסטע באַדינגונגען, אין משך פון אַזוי פיל דורות אָפּ־געהיטן דעם נאַציאָנאַלן אינסטינקט.

צי קאָן אַ לאַנד זיין אין גייסטיקן זין עפּעס שולדיק? אפשר נישט. אָבער צאָלן דאַרף עס.

ס'האָט קיינער מיט דער מדינה אונדזערער נישט געמאַכט קיין אָפּמאַך געחתמעט מיט בלוט, אַז פאַר איר באַנייונג, פאַר איר ווידערגעבורט איז זי מחויב אָוועקצוגעבן איר נשמה דעם ייִד. קיינער וועט דער נשמה נישט קומען עקזעקווירן.

אָבער אָוועקגעבן דאַרף מען. זאָל זיך מדינת ישׂראל נישט מאַכן צו פּשוט און לייכט איר קולטורוועג, איר גייסטיקן וועג, זאָל זי נישט מאַכן

קיין סימפּליפיקאַציעס. זי האָט אַ צו רייכע ירושה און ס׳איז נישט לייכט מיט אַזאַ ירושה צו ווירטשאַפטן, מען קאָן זי אויך נישט באַהאַלטן.

ס׳וויל קיינער נישט באַשווערן דאָס לעבן פון דער יונגער מדינה, און אירע איינוווינער, אָבער דער עול תורה, דער עול פון קולטור, פון סטיל איז דווקא פון דעם מין, אַז וואָס שווערער ער איז, מאַכט ער אַלץ לייכטער דאָס לעבן (שוין אָפּגערעדט פון מאַכן שענער).

וואָס וועלן זאָגן די יידן פון בבל, פון שפּאַניען, פון פּאָרטוגאַל, פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און פּוילן, מיט אַזוי פיל לעבנס־אופנים, מינהגים, יידן פון שייטער־הויפנס און מיידאַנעקס — אַז זיי וועלן קומען קיין ישׂראל און זען אַז מען האָט אין זיי פאַרגעסן?

וואָס? איר גלויבט נישט אין תּחית־המתים? אַ נאַרישקייט! אין זין פון קולטור איז בכלל קיין טויט נישטאָ.

*

אַ ייד קאָן נאָר דעמאָלט זיין אַ מענטש, ווען ער איז און בלייבט אַ ייד. דאָס איז אַן אַקסיאָמע, נישט אָפּצופרעגן.

ס׳קאָן אַנדערש נישט זיין. די יידן וואָס האַלטן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז נישט מער ווי אַ ברוכשטייל פון דעם וואָס הייסט מענטשהייט, אַז די יידן זענען נישט מער ווי נאָך אַ ביסעלע ענערגיע אין די פּראָצעסן וואָס געוועלטיקן אין דער וועלט — מאַכן אַ פאַטאַלן טעות, זיי מאַכן דעם חשבון אָן דעם בעל־הבית.

דאָס וואָס מיר זאָגן איז נישט קיין ענין פון אתּה־בחרתּנו. ס׳איז אַ פּשוטער חשבון. כּל־זמן יעדער ייד טראָגט אויף זיך די אחריות פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק (און ער טראָגט אים אומעטום), כּל־זמן די יידישע געשיכטע איז די נשמה פון יעדן ייד באַזונדער, אַזוי לאַנג וועט קיין ייד נישט אַוועקגעבן דעם פּקדון, וועלכן ער האָט באַקומען מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ער וועט אים נישט אַוועקגעבן פאַר קיין שום וועלט־אידייע, אויסער דער נאַציאָנאַל־יידישער אידייע.

נאָר דער מדינת ישׂראל וועלן די יידן דעם פּקדון יאָ אָנפאַרטרויען.

ווייל די נשמה פון מדינת ישׂראל וועט זיין ער — דער ייד. דעריבער, וועט ערשט דורך קיבוץ־גלויות, ווען די יידן וועלן זיך באַפרייען פון טראָגן אויף זיך דעם עול, די אחריות פון גאַנצן יידישן פאָלק, וועלן ערשט דעמאָלט די יידן מסוגל ווערן אָנטייל צו נעמען אין די אַלגעמיינע פּראָצעסן פון פעלקער און לענדער.

יחיאל האָפּער

כּל־זמן עס איז נישטאָ קיין קיבוץ־גלויות זענען די יידן איבער דעם אַלעם.

הייסט מדינת ישׂראל אין נאַציאָנאַלן זין דעגראַדאַציע?

ניין! — הייסט גראַדאַציע. אין די ספירות, פון וועלכע עס איז באַשאַפן געוואָרן יידיש פאָלק און יידיש לאַנד, וועט זיבן נישט זיין פאַר פיר און ניַין וועט נישט זיין פאַר דריַי.

ס׳וועט אַריינגעפירט ווערן האַרמאָניע, שלווה, אָן וועלכער דאָס לעבן פון יחידים און פעלקער האָט קיין שום זין נישט.

„קיום״

# וועגן אַ ביסל יידישקייט־עקסהיביציע

ווער איז אַ ייד? ווער ס׳האָט נישט מורא צו זיין אַ ייד.

ווער איז אַ ייד? ווער ס׳שעמט זיך נישט צו זיין אַ ייד.

מען איז עקסהיביציאָניסטיש דורך און דורך. מען דעקט אָפּ אַלץ וואָס מען פאַרמאָגט, סיי פון גוף און סיי פון דער נשמה. דאָס סאַמע פאַרבאָרגנ־סטע. דאָס וואָס איז ערשט נישט לאַנג צוריק געווען טאַבו.

אָבער דווקא מיט יידישקייט שעמט מען זיך.

ביישנות איז אַ יידישע מידה. פון די שענסטע מידות. אָבער ווען מען נוצט זי בלויז צו יידישקייט, ווערט אַזאַ ביישנות — פאַרשייטקייט.

אין דעם פּרט פון נישט שעמען זיך מיט יידישקייט אין דער נישט־יידישער וועלט, וואָלט מען זיך געמעגט לערנען פון די אַמאָליקע אָרטאָ־דאָקסישע דייטשע יידן. אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

אין מיזרח־אייראָפּע האָבן די וועלטלעכע קרייזן זיך איינגערעדט, אַז שיינע ליטעראַטור קאָן פאַרטרעטן יידישקייט. דאָס איז געווען אַ טעות און פון דעם טעות נעמט זיך די היינטיקע מבוכה, דאָס גרויסע צעטומלעניש דווקא צווישן די וועלטלעכע יידן.

קאָן זיין אַז יידישקייט אָן אמונה איז גאָרנישט מעגלעך. אמונה מיין איך — אמונה אין גאָט.

אָבער אמונה איז רגש, אמונה איז געפיל. איז ווי קאָן מען איינפלאַנצן אמונה ביי דעם, וואָס פאַרמאָגט זי נישט?

כ׳גלויב אָבער נישט, אַז עס איז פאַראַן אַ מענטש אויף דער וועלט אָן דעם געפיל פון אמונה. נאָר דאָס געפיל איז ביי אַ סך אַטראָפירט.

אַזוי ווי אַ ביסל שוועדישע גימנאַסטיק נאַקעט, צי האַלב־נאַקעט, ביי אַן אָפן פענצטער האַרטעוועט אָפּ דעם גוף, אַזוי קאָן אַ ביסל יידישקייט־עקסהיביציע אָפּהאַרטעווען די יידישע נשמה.

די צייט פון הצנע לכת אין יידישקייט איז פאַרביי.

אַ ייד וואָס וועט זיך אַוועקשטעלן דאַווענען אַפילו אַ תפילה קצרה אין אַ באַן, אויף אַ שיף, צי אין אַן עראָפּלאַן צווישן נישט־יידן, אַזאַ ייד וועט זיך שוין קיין מאָל נישט פילן פאַרלוירן.

און פאַרלוירנקייט איז די גרעסטע מכה פון אונדזערע היינטיקע דורות.

*

דאָס אָרט פון דער שיינער ליטעראַטור אינעם לעבן פון אַ ייד?

שיינע ליטעראַטור איז — כ׳מיין, דאַרף זיין — ווי אַן אילוסטראַציע צו אַן אָריגינעלן טעקסט. דער טעקסט דאָס איז דאָס מקורותדיקע יידישקייט. דאָס לעבן ווי אַ ייד.

נישט בחינם רייסן זיך היינט די יידיש־ענגלישע שרייבערס צו יידישע טעמעס, צו יידן. זיי גייען אָבער דערצו מיט קרומע וועגן. דאָס איז אַ שאָד און אַ ווייטיק.

די צייט און דער שטח פון מצוות מעשׂיות זענען היינט צו טאָג באַגרענעצטע. אָבער די צייט און דער שטח פאַר יידישער מחשבה איז פריי און אומבאַגרענעצט. דאָ איז דאָס אָרט פאַרן יידישן שרייבער. דאָ קאָן ער זיין קאָמפּראָמיסלאָז, אַפילו אַ קנאי. וואָס עקסטרעמער ער וועט זיין, אַלץ מער וועט ער דערגרייכן. דערגרייכן, מיין איך, קינסטלעריש דערגרייכן. אַזאַ איז שוין דער וועג פון קאָמפּראָמיסלאָזיקייט אין דער קונסט.

*

ווער איז אַ ייד? ווער עס שעמט זיך נישט צו זיין אַ ייד.

ווער איז אַ ייד? דער וואָס האָט נישט מורא צו זיין אַ ייד.

ער האָט מורא און איז פאָרט אַ ייד? איז ער געגליכן צו אַן אתרוג אָן אַ פּיטום, אַן אתרוג איז ער טאַקע, אָבער קיין ברכה קאָן מען איבער אים נישט מאַכן...

אַזעלכע יידן אויף וועלכע מען קאָן קיין ברכה נישט מאַכן, דרייען זיך היינט אַרום אין דער וועלט גאַנצע לעגיאָנען. זיי דרייען זיך אַרום אין דער וועלט, ווי אין אַן עולם־התוהו.

די פאַרלוירנקייט פונעם היינטיקן מענטש, פונעם מענטש בכלל, קומט נישט, ווי אַ סך מיינען, פון דער מורא פאַר טאָטאַלער פאַרניכטונג. וואָרום מורא איז אַ פּועל־יוצא פון פאַרלוירנקייט און נישט איר סיבה.

די פאַרלוירנקייט נעמט זיך פון דעם געפיל פון אָפּגעריסנקייט. מען האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם שורש. פון שורש פון דער רעליגיע, פון שורש פון דער אייגענער קולטור, פון שורש פון אייגענעם פאָלק.

ס'איז אַן איינרעדעניש אַז נאָר ביי אונדז, יידן, גייט אָן אַן אַסימי־לאַציע־פּראָצעס. אַזעלכע, צי ענלעכע, אַסימילאַציע־פּראָצעסן קומען איצט פאָר אין יעדן פאָלק. מען וויל זיך דורכויס אויסמישן מיט פרעמדע קול־טורן, צי דערוויל בלויז מיט פרעמדע קולטור־עלעמענטן, אַפילו יידישע. אומעטום איז איצט אַזוי, אויף דער גאַנצער וועלט. אַפילו אין דעם באַנייטן ישׂראל איז טיילווייז אויך אַזוי.

נאָר אין סאָציאַליסטישן רוסלאַנד, דאָרט איז דער נאַציאָנאַליזם שטאַרק. דאָרט זיצט ער פעסט אין זאָטל. דאָרט ווערט יעדער פרעמדער קולטור־עלעמענט באַקעמפט און אויסגעראָטן. דאָרט, אין סאָציאַליסטישן רוסלאַנד און אין קאָמוניסטישן כינע.

אָבער ווען די וועלט וועט זיך באַפרייען פון פאַרלוירנקייט, פון אָפּ־געריסנקייט, ווען זי וועט אַרויס פון איצטיקן גייסטיקן קריזיס, וועלן ערשט די צוויי אויבן־דערמאָנטע לענדער אין דעם קריזיס אַריין.

און אַז די וועלט וועט אַרויס פון דעם קריזיס — בין איך זיכער בתּכלית הזיכערקייט. מען קאָן זיך אָפּגעפינען אין פאַרלוירנקייט, ווי מען קאָן גאַנץ ווערן אין צעבראָכנקייט.

ווער ווייסט דאָס אַזוי גוט ווי מיר, יידן.

און ווייל מיר ווייסן דאָס, וועלן מיר זיין די ערשטע, וואָס וועלן פון דער איצטיקער גייסטיקער פאַרלוירנקייט אַרויס.

מיר וועלן צוריקקומען צום שורש. דער וועג איז דער זעלבער: דורך אַ ביסל יידישקייט־עקסהיביציע, אַ ביסל דרייסטקייט, דורך נישט שעמען זיך און נישט מורא האָבן צו זיין אַ ייד.

דער וועג איז דער זעלבער פאַר אַלע יידן. פאַר די יידן פון ישׂראל איז ער אַ ביסל נעענטער, פאַר די יידן פון די תּפוצות — אַ ביסל ווייטער.

אָבער ווען די צייט צייטיקט — פאַלט שטח אָפּ און אַלע יידן זענען דעמאָלט גלייך.

## באַפרייונג

הסייף והספר ירדו כרוכים.

די שווערד און דאָס בוך האָבן אַראָפּגענידערט צוזאַמענגעהאָפטן.

ווען מ׳האָט אונדז, מיט קרוב צוויי טויזנט יאָר צוריק, אַרויסגעשטויסן די שווערד פון דער האַנט, איז אונדז געבליבן דער ספר, דאָס בוך.

ווען איצט, מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר שפּעטער, האָט מען אונדז מיט געוואַלד צוריק אַריינגעשטופּט די שווערד אין האַנט, לייגן מיר דעם ספר, דאָס בוך נישט אַוועק.

בר־כּוכבא האָט געוואָלט ראַטעווען דעם גוף פון פאָלק, זיין עקזיסטענץ און פרייהייט אויף דער אייגענער ערד און לסוף געראַטעוועט בלויז דעם כּבוד, די נשמה פון פאָלק. (כּבוד איז די נשמה פון יעדן פאָלק).

רב יוחנן בן זכּאי האָט געוואָלט ראַטעווען די נשמה, דעם גייסט פון פאָלק — און לסוף געראַטעוועט דעם גוף פון פאָלק, זיין מאַטעריעלן וועזן, די מעגלעכקייט פון זיין ביאָלאָגישער קאָנטינואַציע, דעם פיזישן קיום פון דער יידישער אומה.

אַזאַ איז דער כּוח פון ספר, פון בוך, פון געשריבענעם וואָרט. דאָס דאַרפן מיר, שרייבער, געדענקען. הייַנט, אין די היסטאָרישע טעג, דאַרף ביי אונדז פאַלן דאָס גרויסע וואָרט, אָדער מיר דאַרפן אפשר גאָר אין גאַנצן שווייגן.

*

אין יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי און פערציק איז געשטאַנען אַ ייד אין ארץ־ישׂראל אויף אַ פעלד פון אַ קבוצה און געטראַכט וועגן טרע־בלינקע. אין דער זעלבער צייט, אין דער זעלבער רגע, איז געשטאַנען אַ ייד אין טרעבלינקע און געטראַכט וועגן ארץ־ישׂראל.

ביידע האָבן אין דער זעלבער רגע געטראַכט וועגן דעם זעלבן. זיי האָבן געטראַכט נישט וועגן עפּעס אַנדערש, נאָר וועגן דעם ייד, אָבער אין וואָס פאַר אַן אויסטערליש פאַרשידענע באַדינגונגען.

און דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער גאולה. ווייל — ווען אַפילו בלויז צוויי יידן, נאָר אין די זעלבע, משונהדיק פאַרשידענע באַדינגונגען, קאָנען אין איין און דער זעלבער רגע טראַכטן וועגן איין זאַך, קאָנען מכוון זיין זייער דעה צו דעם זעלבן — מוז קומען די גאולה. מוז זייער פאָלק, צו וועלכן זיי געהערן, באַפרייט ווערן.

אַזוי פאַרשטייען מיר, מענטשן פון גייסט, דעם געדאַנק, די אידייע פון קיבוץ־גלויות. אַזוי פאַרשטייען מיר, מענטשן פון גייסט, דעם טיפן זין פון גאולה, פון באַפרייונג.

גאולה, באַפרייונג, איז אַ גליקלעכער סינטעז, די גליקלעכע שעה, ווען די פאַרשידנסטע נסיונות פון אַ פאָלק שמעלצן זיך צונויף אין איין ווילן, אין איין געפיל.

סיי אָן בר־כוכבא, סיי אָן רב יוחנן בן זכאי, סיי אָן ביתּר, סיי אָן יבנה — וואָלטן מיר נישט נאָר קיין לאַנד נישט געהאַט, נאָר נאָך ערגער, מיר וואָלטן קיין פאָלק נישט געהאַט.

און גלות איז אויך געווען אַ גרויסע דערשיינונג אין לעבן פון אונ־דזער באַזיגט פאָלק.

גלות האָט געשאַפן די פּערספּעקטיוו פאַר בענקשאַפט. בענקשאַפט איז דער סאַמער גרעסטער אַנטידאָטום קעגן דעגענעראַציע, סיי פון אַ יחיד, סיי פון אַ פאָלק. אַ לעבן אָן בענקשאַפט — איז וועגעטאַציע, און וועגע־טאַציע איז די פאַרפוילטע שוועל, וואָס פירט צום אונטערגאַנג, צום טויט.

וואָס הייסט דאָס ליב האָבן אַ פאָלק? — דאָס הייסט, אָפּזאָגן זיך פון אייגענעם, אינדיווידועלן זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט, לטבות דעם נאַציאָנאַלן, לטובת דעם זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט פון פאָלק. און אפשר נישט נאָר דאָס אָפּזאָגן זיך פון אייגענעם זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט, ווי דאָס אויספילן און דאָס אונטערגעבן זיך, דאָס מאַכן זיך אונטערטעניק דעם זעלבסט־דערהאַלטונגס־אינסטינקט פון פאָלק. דעמאָלט, ביי אַזאַ אופן פון פילן, ווערט דער גרעסטער קרבן אַ זעלבסט־פאַרשטענד־לעכקייט. וועל איך נישט זיין — וועסט דו זיין, וועלן מיר ביידע נישט זיין — וועט זיין אַ דריטער. דאָס איז די זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט מיט וועלכער אַ יונגער בחור, צי בחורה פאַרלאָזט די וואַרעמע היים, געזעגנט זיך צו מאָל נישט מיט טאַטע־מאַמע, זאָגט זיך אָפּ פון אַלע צוזאָגן און רייצן פון יונגן לעבן און שטעלט אויס דעם יונגן געזונטן קערפּער צעריסן צו ווערן פון דעם טעמפּן געוועער פון אַ ווילדן אַראַבער, אַבי מיט זיך צו פאַר־שטעלן דעם וועג וואָס פירט אין אַ יידיש דאָרף, אָדער שטאָט.

דער עכסטער העראָיזם ליגט נישט אין דעם גרעסטן קרבן, וואָס איז שוין במילא אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער. דער העראָיזם ליגט אין אויס־קעמפן זיך די מדרגה פון קאָנען אויסשליסלעך טראַכטן און פילן אין די קאַטעגאָריעס פון פאָלק, אין די קאַטעגאָריעס פון נאַציע.

און דאָס דאַרפן מיר, יידישע שרייבער פון גלות, אויך געדענקען.

✶

מיר זענען אַ צו אַלט, אַ צו דערפאַרן פאָלק, מיר זאָלן אַריינפאַלן אין פּאַטאָס, מיר זאָלן זיך לאָזן פאַרפירן פון פלאַטער פון פענער, אויף וועלכע ס׳שטייט גאָרנישט, אָדער קנאַפּ וואָס אויפגעשריבן. אָבער אויף דער יידי־שער פאָן, אויף דער ארץ־ישׂראל־פאָן, שטייט אויפגעשריבן ביל״ו (בית יעקב לכן ונלכא), אויף איר זענען אויסגעהאַפטן די נעמען פון די יידישע נאַראָדניקעס, חלוצים און שומרים. זיי זענען געקומען אין לאַנד פון שטיי־נער און זומפּן, זיי זענען געקומען צו צווי טויזנט יאָריקער פאַרוויסטונג. אויך דער אָקופּאַנט האָט אונדז גאָרנישט געגעבן, פאַרקערט, כּסדר ביי אונדז גערויבט.

מיר זענען אַ צו אַלט פאָלק און אַ צו דערפאַרן פאָלק. און ווען ס׳וועט קומען די גליקלעכע שעה, ווען ס׳וועלן פאַרשווינדן די גרענעצן צווישן לענדער און פעלקער, וועלן מיר די ערשטע אַוועקטראָגן די פענער פון אונדזערע קעמפנדיקע פולקן אין היכל פון מענטשן־ליבע. אָבער דאָס וועט קיין מאָל נישט פאַרמינערן אויף קיין האָר אונדזער שטאָלץ און דאַנק־באַרקייט פאַר די יונגע העלדן, וואָס פאַרטיידיקן יעדן שטיין פון אַ וועג אין יידישן לאַנד.

אין קאַמף צווישן צדוקים און פּרושים וועלן מיר שטענדיק זיין אויף דער זייט פון די פּרושים. די מלחמה איז אונדזער פאָלק אָנגעוואָרפן גע־וואָרן. מיט פאַרקריצטע ציין און מיט עקל צום רויבערישן שׂונא — וועט די מלחמה געפירט ווערן ביז צום ענדגילטיקן נצחון.

✶

אַ קינסטלער ווערט נישט. דאָס איז זיין פּריווילעגיע. ער דאַרף נישט ווערן בכדי ער זאָל זיין, אַלץ וואָס ער איז, איז ער במילא. זיין אַ קינסטלער הייסט נישט באַזיצן קינסטלערישע אַטריבוטן, אייגנשאַפטן. זיין אַ קינסט־לער — הייסט זיין אים בעצם. פון דער סובסטאַנץ אויס.

ווי געוויסע לעבעדיקע סובסטאַנצן, אונטערליגט אויך די קינסטלע־רישע סובסטאַנץ דעם געזעץ פון העליאָטראָפּיזם. מ׳דאַרף זיך נאָר צובייגן צו דער זון, אין דער זייט פון דער אידייע און במילא וואַקסט מען.

דאָס איז מיין עצה צו די יידישע שרייבער אין די גלות־לענדער אין די דאָזיקע היסטאָרישע טעג.

דער גלות האָט באַקומען אַ דאָפּלטע באַדייטונג, אַ דאָפּלטע אויפגאַבע. ער דאַרף לעבן פאַר זיך און פאַר ארץ־ישׂראל, ער דאַרף טראַכטן פאַר זיך און פאַר ארץ־ישׂראל.

ארץ־ישׂראל האָט שטענדיק די דאָפּלטע באַדייטונג, די דאָפּלטע אויפ־גאַבע געהאַט.

מיין יידיש לשון — רעדט היינט העברעיִש. זייערס, די קעמפּערס העברעיִש לשון — רעדט היינט יידיש.

אונדזערע ירושלימס און יבנהס פון אונדזער לאַנגן גלות־וועג, די קול־טור־אוצרות וואָס ס׳האָבן אָנגעזאַמלט און געשאַפן די חכמי ספרד, חכמי אַשכּנז און צרפת, די חכמי פּוילן און ליטע, טשערנאָוויץ און אונדזער וועלטלעכע ליטעראַטור, וועט שאַפן צוזאַמען מיטן הר־הצופים דעם סינטעז, דעם מאָדעל פון דעם נייעם יידישן קולטורטיפּ.

„הגנה״ שטייט מיטביידע פיס אין אונדזער בלוטנדיקער ווירקלעכקייט און האָט שוין באַוויזן צו ווערן לעגענדע. אונדזער שטרעבן דאַרף זיין, אַז „הגנה״ זאָל ווערן בלויז לעגענדע. ווייל דער ווונטש און חזיון פון נביא „לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוחי״, נישט מיט מיליטער און נישט מיט קראַפט נייערט מיט גייסט — דאַרף ווערן דער דעוויז, דאַרף ליגן אין עצם פון קיום פון אונדזער פאָלק, פון אונדזער לאַנד.

הסייף והספר ירדו כּרוכים.

די שווערד און דאָס בוך האָט אַראָפּגענידערט צוזאַמענגעבונדן.

און ווען מיר וועלן אַריינלייגן די זיגרייכע שווערד צוריק אין דער שייד אַריין, וועלן מיר אין ביידע הענט נעמען צוויי ביכער, איין בוך פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט, דאָס צווייטע פון אונדזער צוקונפט. מיר וועלן זען, וואָס דאַרפן מיר פון איין בוך אַרויסנעמען און אין דעם צווייטן אַריינ־שטעלן.

מיין ווונטש איז, אַז ביידע ביכער, סיי דאָס בוך פון אונדזער פאַרגאַנ־גענהייט, סיי דאָס בוך פון אונדזער צוקונפט, זאָלן בלייבן און אַריינוואָרצלען אין אונדזער לעבן ברייט, טיף און מעכטיק, ווי גרויס און מעכטיק און שווער ס׳זענען געווען אונדזערע נסיונות, אונדזערע דערהויבונגען און אונ־דזערע אַראָפּפאַלן אין גלות און ווי גרויס און מעכטיק ס׳איז אונדזער קליינע מדינה: ישׂראל.

„קיום״

# די חיה־שעה

חיי־שעה איז ביי יידן שטענדיק געווען אַ טיפער וועלט־אויסבליק, כמעט אַ פילאָסאָפישע שיטה, מיט גאָר אַן אַנדערן באַדייט, ווי דער פשוטער פשט פון די ווערטער.

זינט חורבן בית־ראשון, זינט אונדזער ערשטן גלות, זינט אונדזער צע־שפּרייטונג איבער דער וועלט — האָט חיי־שעה ביי אונדז און פאַר אונדז באַקומען אַ מיין, גאָר אַן אַנדערן, ווי ביז דעמאָלט, און אָנגעהויבן פאַר־נעמען אַ באַזונדערן פּלאַץ אין אונדזער קוק אויף וועלט און לעבן.

דווקא ווייל אונדזער עקזיסטענץ איז געוואָרן אַזוי אומזיכער, דווקא ווייל מיר האָבן פון דער ערשטער מינוט געפילט אונדזער נישט־סטאַבי־ליטעט אין די לענדער פון די תּפוצות — דווקא דערפאַר האָבן מיר זיך אַזוי צוגעבונדן צו חיי־שעה, צו דעם גשמיותדיקן, צו דעם ערדישן. די גייסטיקע פירער פונעם פאָלק האָבן פאַרשטאַנען, אַז דורכן געבן וואָס אַ גרעסערן באַדייט דעם ערדישן לעבן, דורכן מאַכן פונעם ערדישן לעבן אַ קדושה — וועט מען קאָנען דערגיין צו חיי־עולם, צו אַ רוחניותדיק לעבן, אַ גייסטיק לעבן אין קאַטעגאָריעס פון אייביקייט.

דווקא ווייל אונדזערע פּערספּעקטיוון אין גלות זענען געשטאַנען כסדר אונטער אַ פראַגעצייכן — האָט מען דאָס לויפנדיקע, דאָס צאַפּלדיקע לעבן, אָט די איצטיקע שעה געשטעלט אונטערן אויסרוף־צייכן: — לעבן! די מצווה צו לעבן אַפילו איין שעה, די מצווה צו לעבן פאַר יעדן פּרייז — איז געוואָרן אַ געבאָט פאַר דעם פאָלקס־קיום. אין חיי־שעה האָט מען גע־זען די איינציקע מעגלעכקייט צו טרוימען וועגן חיי־עולם. כּדי צו פאַר־ווירקלעכן די אידייע פון חיי־עולם, האָט מען נישט געטאָרט מוותּר זיין אויף גאָרנישט, אַפילו נישט אויף דעם מינדסטן, וואָס עס האָט אין זיך געטראָגן חיי־שעה.

אָבער ווען פון חיי־שעה ווערט „די חיה־שעה״, ווען חיי־שעה ווערט פון אַ וועלט־אויסבליק פאַרוואַנדלט אין דער חיה־שעה, אין אַ שעה פון גע־ניסן, פון אַריינכאַפּן, פון זיך פאַרזאָרגן און באַזאָרגן, פון זיך איינאָרדענען וואָס באַקוועמער, אָן חילוק אויף וועמענס חשבון דאָס זאָל נישט זיין, פאַלט

במילא איין דער יסוד פאַר חיי־עולם און פון חיי־שעה ווערט אַ חיה, וואָס פרעסט אויף אַלץ אַרום זיך און לסוף זיך אַליין אויך.



די חלוצים וואָס זענען געגאַנגען טריקענען מאַלאַרישע זומפּן, באַפרייען די ערד פון איר שטיינערנעם פּאַנצער, וויסטעס פאַרוואַנדלען אין בליִענדיקער ערד — האָבן מוותּר געווען אויף חיי־שעה. זיי זענען געגאַנגען פון גלות צו גאולה. פאַר זיי איז שוין חיי־שעה נישט געווען קיין מיטל צו דערגרייכן חיי־עולם, נאָר זיי האָבן באַלד געוואָלט דערלאַנגען צו חיי־עולם, אָוועקמאַכנדיק חיי־שעה מיט דער האַנט.

ווען יידן זענען געגאַנגען פון מלכות אין גלות אַריין, ווען חיי־עולם איז געבליבן אין חרובן לאַנד — האָט מען זיך געמוזט קלאַמערן אין חיי־שעה. די אָבער, וואָס זענען צוריקגעגאַנגען פון גלות צו גאולה, האָבן די צוגעבונדנקייט צו חיי־שעה איבערגעלאָזט אין גלות און געגאַנגען אין לאַנד אַריין מיט דער אידייע פון חיי־עולם.

מוותּר זיין אויף חיי־שעה הייסט נישט גרינגשעצן דאָס לעבן, פאַרלייקענען דאָס ערדישע. פאַרקערט, ס׳האָט קיינער נישט אַזוי ווי די חלוצים פאַרשטאַנען, אָפּגעשאַצט און געפילט די ברכה פון דער ערד. ס׳האָט קיינער נישט ווי זיי פאַרשטאַנען, ווי אַזוי צו פאַרקערפּערן אַן אידייע, מאַכן פון אַ זעונג בלוט און פלייש, מאַכן אַ שטרעבונג, וואַקסן, ווי די גרעאַטנסטע פלאַנצן. מוותּר זיין אויף חיי־שעה הייסט נישט פאַרלייקענען זי, נאָר בלויז נישט שטעלן זי פון אויבן אָן; נישט מאַכן פון איר דעם אלף און תּיו פונעם זיין פון מענטשלעכן לעבן אויף דער וועלט, נאָר אונטעראָרדענען זי העכערע צוועקן. נישט לאָזן, אַז חיי־שעה זאָל פאַרנעמען מער ווי שעה, נישט לאָזן זי פאַרנעמען צו פיל אָרט אין לעבנס־פּראָגראַם, נאָר אָנווייזן איר איר באַשיידן אָרט. מוותּר זיין אויף חיי־שעה הייסט מוותּר זיין אויף דעם מיט וואָס חיי־שעה לאָקט, מוותּר זיין אויף דעם, וואָס זי זאָגט צו, אויף די גליקן וועלכע זי מאָלט פאַר די קיין־מאָל־נישט־זאַטע אויגן, מוותּר זיין אויף חיי־שעה הייסט נישט נאָר קרבנות־גרייטקייט אין מאָמענטן פון אַ פאָלקס־געפאַר, נאָר קרבנות־גרייטקייט יעדן טאָג, אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן. מוותּר זיין אויף חיי־שעה הייסט קודם־כּל אונטערגעבן זיך דעם פּאַטאָס פון און צו קרבנות־גרייטקייט; הייסט אָפּזאָגן זיך פון קליינלעכקייט, פון אויסגערעכנטקייט, פון עגאָאיזם און זעלבסטליבע לטובת דער ליבע

פון פאָלק, פון דער געזעלשאַפט, פון דער סביבה, פון יעדן איינעם יחיד, וואָס פאַרדינט דערויף. מוותר זיין אויף חיי־שעה מיינט אויך די קליינע טאָג־טעגלעכע קרבנות, וואָס זענען ביי יעדן ערלעכן מענטש אַזוי גרויס און אָנגעלייגט ווי דער גרעסטער קרבן.

*

און געשען איז אַזוי, אַז נישט לאַנג נאָך דעם ווידעראויפקום פון דער מדינה אונדזערער און נאָך דער באַפרייונגס־מלחמה, האָט חיי־שעה ביי אונדז אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דווקא דעמאָלט, ווען מען האָט זיך געקאָנט אָנהויבן באַגיין פון צו מאַכן פון חיי־שעה דעם הויפּט־מאָטאָר פאַר חיי־עולם, גראָד דעמאָלט האָט חיי־שעה אָנגעהויבן ווייזן, וואָס זי קאָן. זי איז שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „חיה־רעה״, וואָס האָט שוין אַ סך פאַרניכטעט און אויפגעפרעסן און שטשירעט די ציינער אויף אַלץ, וואָס איז נאָך ערלעך, ריין און ווייט פון יעדן ענגהאַרציקן עגאָיזם.

די מגפה פון „לעשׂות חיים״, פון „מאַכן אַ לעבן״, די שטרעבונג זיך לוקסוס־אַרטיק איינצואָרדענען, דאָס נישט איבערקלייבן אין די מיטלען כדי אַזאַ לעבנס־ניוואָ צו דערגרייכן, האָט אַרומגעכאַפּט אויך אַ טייל פון די, בנוגע וועלכע מען האָט געמעגט על־כל־פּנים גלויבן, אַז זיי זענען אימו־ניזירט, ד. ה., אַז זיי האָבן אין זיך אויסגעאיבט אַ ווידערשטאַנד־כּוח קעגן דער דאָזיקער אומהיימלעכער מחלה.

מען זאָגט, אַז דאָס סכּנותפולע לעבן, די שווערע, אָנגעשטרענגטע יאָרן, דאָס כסדרדיקע אָפּזאָגן זיך פון דעם סאַמע וויכטיקסטן — רעוואַלטירט איצט און פאָדערט אָנטשפּאַנונג. מען זאָגט, אַז דאָס שטרעבן פאַר יעדן פּרייז צו אַ לייכטערער פאָרעם פון לעבן איז אַ קאָמפּענסאַציע (צי איבער־קאָמפּענסאַציע) פאַר די יאָרן פון שווערער מי און האָרעוואַניע. די וואָס זאָגן אַזוי — מאַכן אַ טעות.

אונדז איז אויסגעקומען צו רעדן מיט אַ ריי יונגע־לייט, וואָס זענען אַרויס פון קיבוצים (אַ געוויסער טייל פון זיי האָבן דאָס געטאָן צוליב די פּרויען, וועלכע האָבן נישט געוואָלט בלייבן אין קיבוץ, צי גאָר באַלד לכתחילה נישט געוואָלט אַהין גיין). זיי זענען אַרויס פון קיבוצים כּדי פּרוּוון גליק אויף אייגענער האַנט. נו, וואָלט איר געדאַרפט זיין בעלנים און אַ קוק טאָן אויף די „גליקלעכע״ יונגעלייטלעך. זייערע פּנימער זענען פאַרחושכט, זייער הילוך אָפּגעלאָזן, זייער פאַרשמייעטקייט דערמאָנט מנחם־

מענדלס, נאָר אין תל־אביבער סטיל. זיי רעדן טאַקע וועגן דיוואַנעס, וועגן מעבל, וועגן פרידזשידערס, אָבער דאָס איז געוואָרן טרוים, דאָס איז זייער עולם־הבא, דאָס איז זייער שטרעבן צו חיי־עולם, און זייער אמתעווירק־לעכקייט, זייער עולם־הזה, זייער חיי־שעה — איז זיך אַראָפּכאַפּן אויף אַ טאָג אין קיבוץ און פאַרברענגען מיט די אַלטע חברים און אַריינאָטעמען אַ ביסל פון דער אַטמאָספער, אין וועלכער מען האָט געאַרבעט, געטרוימט און אויף אַן אמת געלעבט. דאָס איז דער פּאַראַדאָקס פון דער לאַגע, וועל־כע זיי אַליין האָבן געשאַפן.

נישט זיי אַליין זענען אין גאַנצן שולדיק אין דעם, וואָס איז מיט זיי געשען. די שטאָט לאָקט, דער לוקסוס מאַניעט, די מעגלעכקייטן עפּעס אַריינצוכאַפּן „מן הצד" פאַרפירן. דער גאַנצער לעבנס־סטיל, וועלכער האָט זיך ביי אונדז איינגעשטעלט, איז עלול וואָס אַ מאָל מער און אונדז אַלע איבערצוגעבן אין די הענט פון דער „חיה־שעה".

מיר מוזן ענדערן דעם גאַנצן לעבנס־אופן אונדזערן. מיר מוזן צוריק באַקומען אונדזער ערלעך פּנים און אונדזער מאָראַלישע האַרטנאַקנדיקע שטעלונג צו וועלט און לעבן. מען דאַרף זוכן אַנטשפּאַנונג פון יאָרן אַרבעט און אָנשטרענגונג — אין איר פאַרווירקלעכונג און נישט אין איר צע־שטערונג.

באַפרייען זיך פון דער חיה שעה, דורכלויפן דורך די חיי־שעה און גרייכן צום אידעאַל פון חיי־עולם — איז דער געבאָט פון אונדזערע גורל־דיקע טעג.

# וועגן יידישער וועלטלעכער קולטור,
# וועגן לשון־קודש און לשון־יידיש

1

כ׳בין לעצטנס אַנוועזנדיק געווען אויף אַ ריי קאָנפערענצן, זיצונגען, שמועסן מכּוח דער יידישער וועלטלעכער קולטור. כ׳האָב זיך צוגעהערט צו די באַריכטן, אַרויסזאָגונגען, מיינונגען. כ׳האָב אויסגעהערט דיאַגנאָזן און פּראָגנאָזן, טייל פון זיי זענען אָפּטימיסטישע, טייל פּעסימיסטישע, טייל אָנגעטאָן אין אַ שיינעם ווערטער־לבוש און טייל אין אַן אַלטן אויסגעריבענעם בגד.

כ׳האָב זיך דערמאָנט אין די אַלטע דורות. אין די דורות פון מיין טאַטן און פון מיין זיידן. דאָס זענען געווען מענטשן פון אַ הויכער קולטור, כאָטש זיי האָבן נישט אָנגעהערט צו קיין שום קולטור־געזעלשאַפט און זיך נישט געהאַט אָנגעשלאָסן אין קיין שום קולטור־קאָנגרעס. כ׳האָב זיך אַליין געפרעגט פון וואַנען האָט זיך גענומען צו זיי, צו אונדזערע טאַטעס און זיידעס די בייסיקע שינאה צו דעם עם־הארץ? פון וואַנען דער ביטול צו די, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אָפּצוהיטן די גאַנצקייט פון יידישן סטיל מיט זיין גדרים־ און סייגים־אָרנאַמענטיק? וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ כּוח, האָב איך זיך געטראַכט, וואָס האָט זיי געשטיצט אין קאַמף קעגן עם־הארצות און סטיללאָזיקייט? קלאַסנקאַמף — וועט איר ענטפערן. דאָס האָבן, וועט איר זאָגן, די תּקיפים זיך פאַראייניקט מיט די לומדים און כּלי־קודש, בכדי זיך אָנצוזעצן מיט דער טאַקסע אויף די געבויגענע פּלייצעס פון דעם אָרעמאַן. דאָס האָבן זיי, די הערשנדיקע קלאַסן, אויך די תּורה איינגעשפּאַנט אין זייער שווערן וואָגן, בכדי אויך מאָראַליש דערדריקן דעם אָרעמאַן, ער זאָל אַפילו נישט וואַגן פאָדערן גערעכטיקייט על־פּי תּורה.

נישט ריכטיק. ווייל דאָס זענען דאָך טאַקע די אָרעמעלייט, די בני־עניים געווען איינצייטיק די בני־תּורה. די, וואָס האָבן „געגעסן טעג און געשלינגען טרערן" — די האָבן אויך געשלינגען דאָס פייערדיקע וואָרט פון הלכה און קבלה. נישט נאָר זיי האָט מען עקספּלואַטירט נאָר אויך זייער תּורה. מ׳האָט זיי טייל מאָל גענומען פאַר איידעמס אין רייכע עם־הארצישע

הייזער, זיי זאָלן מיט זייער לומדות מכפּר זיין און פאַרדעקן די עם־הארצות פון זייער שווער. נישט איין מאָל האָט מען דערפאַר דעם בחור, דעם למדן געגעבן פאַר אַ ווייב אַ טאָכטער אַ קאַליקע.

עקספּלואַטירט האָט מען זיי טאַקע, די לומדים עניים, אָבער דרך־ארץ האָט מען פאַר זיי געהאַט. ס'האָט זיך דער רייכער אַרענדאַר געביקט ביז דער ערד פאַר דעם וואַנדערנדיקן איבער די דערפער דרדקי מלמד. ס'איז געווען געוווג דעם תּקיף צו דערמאָנען זיין „יחוס" אין תּורה, ער זאָל זיך קאָרטשען, איינדרייען און ווערן נידעריקער ווי גראָז. נישט זעלטן זענען אומבּרחמנותדיקע האַנדלונגען פון אַ תּקיף, אַן עם־הארץ, געווען אַ קאָמ־פּענסאַציע, אַ פּראָטעסט קעגן זיין גייסטיקער דערנידעריקונג.

ניין, דער יידישער קלאַסנקאַמף האָט נישט דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג, וואָס דער נישט־יידישער, און יידיש־וויסן האָט אין די פּראָצעסן, אין די קאַמפן צווישן די קלאַסן, נישט געשפּילט די ראָל, וואָס דאָס נישט־יידישן וויסן (וועגן די סיבות פון זייער פאַרשידנקייט וועלן מיר דאָ נישט רעדן).

איז ווייטער די זעלבע פראַגע: פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ קאָנ־סעקווענטע ליניע, אַזאַ קאָמפּראָמיסלאָז נעגאַטיווע באַציִונג צום עם־האר־צות ביי די עלטערע דורות, און פון וואַנען און פאַר וואָס אַזאַ נאָכגיביקייט, כּמעט אונטערטעניקייט פון היינטיקן דור לגבי דעם היינטצייטיקן עם־הארצות? (אונטער דער באַצייכענונג עם־הארצות פאַרשטייען מיר איגנאָ־ראַנץ אין יידישער קולטור און אין יידישן וויסן, אַן אונטערשיד צו וועלכן סאָציאַלן און קולטורעלן קלאַס דער איגנאָראַנט, דער עם־הארץ געהערט).

מ'קאָן פאַרטיידיקן, מ'קאָן ממליץ־טוב זיין, מ'קאָן דאָך סוף־כּל־סוף זאָגן, אַז די יידן האָבן פּשוט נישט קיין מעגלעכקייט, האָבן נישט קיין גייסטיקע כּוחות צו טראָגן אויף זיך אַזוי לאַנג דעם עול פון צוויי קולטורן. זיי זענען נישט מער ביכולת צו פירן אַזוי לאַנג אַ דאָפּלטע קולטור־בוכ־האַלטעריע (פון דער קולטור פון דעם לאַנד אין וועלכן זיי לעבן און פון דער אייגענער געירשנטער קולטור). דערפאַר נעמען זיי פון איינער אַ ברעקל און פון דער צווייטער עפּעס, אַבי יוצא צו זיין. ס'קאָן גאָר זיין, אַז אין דער סומע, אין סך־הכּל האָט אַ פּשוטער ייד אין זיך אַ סך מער קולטור און סטיל, ווי אַ דורכשניטלעכער נישט־ייד. אלא וואָס, די סומע איז אַן אַמאַלגאַמאַט, עפּעס אַ צונויפפאָרונג פון פאַרשידענע טייל מאָל זיך פרעמדע און אַפילו אַנטאַגאָניסטישע קולטור־עלעמענטן, דאָס איז שוין נישט אין גאַנצן דעם יידס שולד.

כל־זמן, קאָן זיך אויסדאַכטן, דער ייד האָט געהאַט נאָר איין קולטור, זיין אייגענע, וועלכע ער האָט פאַרשטעלט און פאַרטיידיקט פאַר השפעה פון פרעמדע קולטורן, וועלכע ער האָט אַפילו נישט געטאָרט קענען, איז ער געווען שטאַרק, פעלדזנפעסט און פול מיט פאַנאַטישן אייפער. אָבער ווען דער ייד מוז האַלטן און פלעגן זיין קולטור, און איינצײַטיק טאָר ער זיך נישט אָפּזאָגן, טאָר זיך נישט דערווייטערן פון דער קולטור פון פאָלק צווישן וועלכן ער לעבט, געוואוגן אים פשוט נישט די גייסטיקע כוחות זיינע (וועלכע זענען דאָך סוף־כל־סוף נישט אומבאַגרענעצט).

דאָ דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז אויב די יידן זענען בכוח צו טראָגן אויף זיך דעם עול פון גלות, דאַרפן זיי אויך זיין בכוח צו טראָגן דעם עול פון צוויי קולטורן. ס׳דאַרף אָבער אויפגעקלערט ווערן דאָס טראַגישע מיספאַרשטייעניש, וואָס געשעט מיט דער דאָפּלט־קולטור. דער וועלטלעכער ייד דאַרף נעמען פון דער פרעמדער קולטור נאָר אַזוי פיל, אַז עס זאָל אים געוואוגן בלויז פאַר זיך, און פון דער אייגענער קולטור דאַרף ער נעמען אַזוי פיל, אַז עס זאָל געוואוגן אויך פאַר זיינע צוקונפטיקע דורות. באמת געשעט עס פאַרקערט, דער וועלטלעכער מענטש נעמט פון דער אייגענער קולטור נישט מער ווי אַזוי פיל, אַז עס זאָל אים געוואוגן פאַר זיך (אויסבאַהאַלטנדיק דאָס נישט זעלטן פון זיינע אייגענע קינדער), און פון דער פרעמדער קולטור נעמט ער אַזוי פיל, אַז עס געוואוגנט אויף לאַנגע דורות זיינע, אַזוי אַרום באַגייט ער אַ פאַרברעכן לגבי זיינע קינדער, אָפּ־שניידנדיק זיי דעם וועג צוריק צום שורש, צו דער יידישער קולטור און צום יידישן פאָלק.

אויב ס׳איז טאַקע אַזוי, אויב די יידן דאַרפן צוזאַמען מיטן עול פון גלות אויך טראָגן אויף זיך דעם עול פון צוויי קולטורן, טאָ פאַר וואָס איז די השפעה פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור אַזאַ שוואַכע? פאַר וואָס גייט מען אַזוי אָפּט און אַזוי שנעל פון איר אַוועק? פאַר וואָס דאַרף מען דאָס כסדר צו איר צוריקרופן? און פאַר וואָס האָבן די רופער אַזעלכע שוואַכע נישט איבערצייגנדיקע שטימען?

די ערשטע סיבה: די יידישע וועלטלעכע קולטור האָט אַ דאַנק איר אַמאָליקער און אפשר אין אַ געוויסער מאָס אויך איצטיקער שטעלונג צו דער אַלטער יידישער קולטור, דערפירט דערצו, אַז דער ייד דאַרף זיך אייגנטלעך באַשעפטיקן מיט דריי קולטורן: די אַלטע יידישע, די וועלט־לעך יידישע און די פון לאַנד אין וועלכן דער ייד וווינט. (נישט זעלטן פאָרט אַ ייד איבער פון איין לאַנד אין אַן אַנדערן). פאַרשטייט זיך, אַז

איידער דריי קולטורן, בעסער געזאָגט ברעקלעך פון דריי קולטורן, איז שוין אפשר בעסער בכלל אָן קולטורן! דער ייד הייבט אָן צו טראַכטן, וועלכע קולטור אַוועקצוּוואַרפן. איז אָדער ער וואַרפט אַוועק איינע פון די יידישע קולטורן, אָדער גאָר ביידע און בלייבט ביי דער פרעמדער, אָדער ער לאָזט גאָרנישט צו דאָס פרעמדע און ווו ער זאָל נישט קומען פירט ער מיט זיך מיט זיין „קאַסרילעווקע". דאָס וואָס דער וועלטלעכער קולטור איז נישט געלונגען, (אָדער אפשר האָט זי זיך גאָרנישט באַמיט) צו שאַפן פון ביידע יידישע קולטורן איינס, האָט סוף־כל־סוף דעצידירט, אויב נישט וועגן איר גורל (און אפשר טאַקע אויך וועגן איר גורל), איז על־כל־פנים וועגן איר שוואַכן כאַראַקטער און קנאַפּער השפעה. דאָס אַפּיקורסות, וואָס איז געוואָרן ווי אַ באַשטאַנדטייל פון יידישן וועלטלעכן קולטורקאַמף און אַריינגעברענגט אין יידישן קולטור־לעבן אַ שפּאָר ביסל פּראָווינציאַליזם, האָט געשפּאָלטן און אָפּגעשטויסן פון זיך ביידע יידישע קולטורן. די וועלט־לעכע קולטור איז אַזוי אַרום באַגאַנגען דעם זעלבן שרעקלעכן פעלער, וואָס די השׂכּלה בשעתה.

די צווייטע סיבּה: נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען וואָס איז מיט אונדז אין גלות געשען, איז נאָך פאַר אַ סך יידן גלות אַן אַבסטראַקטע זאַך. זיי פילן נישט דעם גלות אַזוי לאַנג, ביז וואַנען זיי דערפילן אים נישט. און ווייל קולטור איז אַן ענין פון פילן און נישט פון דערפילן, פילן זיי פשוט נישט קיין יידישע קולטור.

ס׳זענען אויך דאָ טייל, וואָס פילן נישט די יידישע קולטור, נאָר פילן זיך פאַרבונדן מיט דער יידישער קולטור, פּונקט ווי זיי פילן נישט דאָס יידישע פאָלק, נאָר זיי פילן זיך פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלק. צווישן זיי און פאָלק איז מער גאָרנישט דאָ ווי בונד, ווי גורל. גאָרנישט פון אייגענעם ווילן, צי געפיל, נאָר אַלץ פון פאַטום. דעריבער איז דער בונד זייערער מיטן יידישן פאָלק און מיט זיין קולטור אַן עול אַ שווערער, פון וועלכן מ׳וויל אין בעסטן פאַל פאַרגעסן.

און ווייל דער גלות איז פאַר אַ טייל יידן אַן אַבסטראַקטע זאַך, איז אויך די יידישע קולטור פאַר זיי אַבסטראַקט. מ׳קאָן זיך אָן איר אויך באַ־גיין. מ׳קאָן האָבן צו איר אַ פאָרמאַליסטישן צוגאַנג: מ׳קאָן זי אַפילו קענען און נישט אָנערקענען (אַזוי איז די באַציִונג פון אַ טייל פון די וועלטלעכע יידישע קולטורעלע צו דער אַלטער יידישער קולטור); מ׳קאָן זי פּרעדיקן און נישט קאָנטיניוּיִרן. מ׳קאָן זי האָבן גאַנץ אַ סך פאַר זיך און פאַר אַנדערע און גאָרנישט פאַר די אייגענע צוקונפטיקע דורות. דע־

ריבער האָט די יידישע מאָדערנע ליטעראַטור למשל נישט קיין נאַציאָנאַלן אינסטינקט. זי האָט אויף קיין האָר נישט פאַרגעפּילט דעם אָנקומענדיקן חורבן. זי האָט אַ מאָל פאָלקס־אינסטינקט. אָבער אַפילו די „נח פאַנדרעס" האָבן מיט נאַציאָנאַלן אינסטינקט גאָרנישט וואָס צו טאָן.

די דריטע סיבה: מיר האָבן נישט עד־היום קיין דעפיניציע, וואָס איז דאָס אַזוינס יידישע וועלטלעכע קולטור. פאַרשטייט זיך, אַז ווען מיר רעדן וועגן יידישער וועלטלעכער קולטור רעדן מיר וועגן יידישער גלות־קולטור. (מיר באַנוצן די באַצייכנונג גלות־קולטור נישט חלילה לגנאי נאָר לשבח). מיר יידן געפינען זיך אין דעם פּרט אויך אין אַן אויסנאַם־לאַגע. דאָס וואָס איז פאַר אַנדערע פעלקער אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, מוז דורך אונדז ערשט און כסדר דעפינירט ווערן. ס׳געשעט אַזוי אַז סוף־כל־סוף ווערט דאָך אַ גרויסע טייל פון אונדזער אַלטעגלעכקייט אַריינגענומען אין פרעמדע פאַרמען. דאָס „זעלבסט־פאַרשטענדלעכע" גייט אַוועק פון אונדז אין דער פרעמד, זינקט איין אין דער פרעמדער סביבה, און דאָס וואָס בלייבט אונדז (דאָס שבת־יומטובדיקע) מוז דעפינירט ווערן. (כאָטש ס׳איז נישט און טאָר נישט ווערן קיין אַבסטראַקטער ענין). אַלזאָ, כל־זמן די יידישע וועלטלעכע קולטור וועט זיך נישט צוזאַמענהעפטן מיט דער אַלטער יידישער קולטור, ווי לאַנג דער גלות און במילא די גלות־קולטור וועט נאָך בלייבן אַבס־טראַקט (און במילא וועט איר ליטעראַטור קיין נאַציאָנאַלן אינסטינקט נישט האָבן), אַזוי לאַנג ווי ס׳וועט נישט זיין קיין קלאָרע דעפיניציע, וואָס איז דאָס אַזוינס יידישע וועלטלעכע קולטור — וועלן אירע פאַרטיידיקער און פרעדיקער זיין אָן דעם איבערצייגעוודיקן לשון, און אויב זייער שטימע וועט נישט זיין קיין קול קורא במדבר, וועט זי אָבער זיין ווי אַ צעשפּליטערטער קול אויף אַ רוישיקער ניו־יאָרקער, צי פאַריזער גאַס.

— יאָ, יידישע שולן, צוגאָב־שולן, ביבליאָטעקן, כאָרן, אָרקעסטערס — דאָס זענען זייער וויכטיקע קולטור־דערגרייכונגען. אָבער וועלכע און אַ וואָס פאַראַ איז די נשמה זייערע? וואָס איז זייער אינהאַלט? וואָס פאַר אַ „מודה אני" דאַרף אַ ייד זאָגן ווען ער שטייט אויף אין דער פרי צי גאָר אין מיטן דער נאַכט, וואָס פאַר אַ קולטור־פירונגען דאַרף אַ ייד האָבן, דאָס זענען די וויכטיקסטע פראַגן, אַן וועלכע מיר קאָנען מאַכן אַ סך טריט פאָרויס, נאָר קיין מאָל נישט דעם וויכטיקסטן.

2

אין אַן ענלעכן אַספּעקט קאָן מען אויך רעדן וועגן אונדזערע צוויי שפּראַכן, וועגן לשון־קודש און וועגן לשון־יידיש.

ס׳איז געווען אַ טיפע חכמה, אַ פשוט אינסטינקטיווע קלוגשאַפט פון אונדזערע אַלטע דורות, וואָס זיי האָבן געלערנט מיט די קינדער זייערע דעם תנ״ך און אַנדערע ספרי־קודש, אַזוי ווי זיי האָבן עס געטאָן. מען איז געזעסן ביים רבין און ער האָט פאַרטייטשט דעם טעקסט וואָרט ביי וואָרט: וידבר... און האָט גערעדט א׳... גאָט, אֶל... צו, משה... משה, לאמור... אַזוי צו זאָגן... ס׳איז קיינעם פון די מלמדים נישט איינגעפאַלן זיך צו באַנוצן ביים לערנען מיט די קינדער דעם עברי־טייטש, וועלכער איז געווען געדרוקט אין אַ סך אויפלאַגעס פון חומש. כ׳גלויב, אַז אַפילו היינט, וואָלט אויך קיינעם נישט איינגעפאַלן צו לערנען דעם תנ״ך (נישט לייענען, נאָר לערנען) אין יהואשעס איבערזעצונג. דער רבי האָט זיך קיין מאָל נישט דערווייטערט פונעם טעקסט מער, ווי אויף אַ מהלך פון איין וואָרט. די צוגעבונדנקייט צום טעקסט שטאַמט פון דעם, וואָס הייסט: תורה לשמה. נישט בכדי צו דערלערנען די שפּראַך האָט מען געלערנט תנ״ך נאָר בכדי זיין נאָענט דעם טעקסט, און נאָך מער, ווי דעם טעקסט, בכדי צו זיין נאָענט מיטן אינהאַלט. מ׳האָט אין שולע אויך אַנדערע שפּראַכן געלערנט דורך מקורים, טעקסטן, אָבער ביי אַנדערע שפּראַכן איז דער טעקסט נויטיק געווען בכדי צו דערלערנען די שפּראַך, און אין דעם פאַל איז די שפּראַך נויטיק געווען בכדי צו דערלערנען דעם טעקסט.

אַזוי אַרום איז לשון־קודש מיטגעגאַנגען מיטן ייד אומעטום און זיך קיין מאָל פון דעם ייד נישט דערווייטערט. נישט צוליב דעם איז עס געשען, ווי טייל מיינען, ווייל די יידישע תפילות זענען געשאַפן און געשריבן אויף לשון־קודש. ס׳דאַווענען דאָך צענדליקער טויזנטער קאַטאָליקן אויף לאַטיין און וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי צו דער לאַטיינישער שפּראַך און צו די ווערק, וואָס זענען אין דער שפּראַך געשריבן? דאַקעגן איז יעדער ייד מיט לשון־קודשדיקע טעקסטן דורכגעפלאָכטן און דורכגעבונדן, מער ווי די יידן אַליין ווייסן דאָס.

דאָ קומען מיר צו דעם עיקר פונעם פּראָבלעם: ווען לשון־יידיש אַזוי צובינדן דעם ייד צו זיינע ווערק, צו זיינע טעקסטן, ווי דאָס איז געשען מיט די אַלטע לשון־קודשדיקע ווערק. ווען מען די יידישע טעקסטן אַזוי פאַרטייטשן דעם העברעיִש רעדנדיקן קינד, ווי מען האָט פאַרטייטשט דעם

לשון־קודשדיקן טעקסט דעם יידיש רעדנדיקן קינד, דאַן וועט יידיש בלייבן אַן אייביקע שפּראַך, ווי דאָס איז געווען און געבליבן העברעיִש. וועט זיך אָבער אַרויסווייזן, אַז יידיש איז נישט געגאַנגען אויף דעם וועג פון באַ־העפטן זיך אין זיינע ווערק אויף אייביק מיטן ייד, וועט מען יידיש אַזוי איבערזעצן אויף העברעיִש, ווי מ'זעצט איבער פראַנצייזיש, צי ענגליש אין יידיש, וועט זי דעמאָלט אַלס שפּראַך פאַרשווינדן. נישט נאָר אין ארץ־ישראל נאָר אַפילו אין די גלות־לענדער.

איצט איז די פראַגע, צי זענען פאַראַן ווערק געשריבענע אין יידיש, וואָס האָבן זוכה געווען צו דער מדרגה, צו וועלכער ס'זענען דערגאַנגען די ווערק, וואָס זענען געשריבן אין לשון־קודש? צי זענען פאַראַן אַזעלכע ווערק אין יידיש אַן וועלכע דער קיום פון דער יידישער אומה קאָן זיין באַדראָט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט אַ סך ווערק געשריבענע אין העברעיִש? ווייל אויב אַזעלכע ווערק זענען אין יידיש פאַראַן, איז אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, אַז יידיש וועט נאָך לאַנג זיין די יידישע נאַציאָנאַלע שפּראַך און אַפילו נאָך קיבוץ־גלויות וועט זי שפּילן די ראָל, ווי ס'האָט אַ מאָל געשפּילט העברעיִש (כאָטש אָן דער פּערספּעקטיוו אויף אַ רענעסאַנס). זענען אָבער אין יידיש נישטאָ אַזעלכע ווערק, וועט יידיש אַזוי איבערגע־זעצט ווערן אויף העברעיִש, ווי פראַנצייזיש צי ענגליש — און אָן די אַטריבוטן פון אייביקייט, וועט זיך יידיש קלאַמערן אין אַ קולטור־נאַציאָ־נאַלע אידייע, וואָס איז אַבסטראַקט, און זעט אויס, ווי זי וואָלט זיך שטענדיק געוואָלט אַרויסגליטשן פון דער האַנט.

אָבער ווערק, וועט איר זאָגן, וואָס דעצידירן וועגן קיום פון פאָלק טרעפן זיך נאָר איין מאָל אין לעבן פון אַ פאָלק, און זיי רעדן נאָר שטענ־דיק אויף איין שפּראַך. דאָס גליק האָט געהאַט נאָר לשון־קודש, נאָר אין דער שפּראַך זענען אַזעלכע ווערק געשאַפן געוואָרן.

ריכטיק, אַבסאָלוט ריכטיק. נאָר האָט אַפילו יידיש נישט קיין קיום־באַדייטונג, איז אַפילו פון אים נישט אָפּהענגיק געווען דער קיום פון יידישן פאָלק, קאָן אָבער פון יידיש און פון די ווערק געשריבן אין יידיש זיין אָפּהענגיק די גאַנצקייט פון יידישן מענטש. און דאָס איז פונקט אַזוי וויכ־טיק, ווי דער קיום פון פאָלק און דערפאַר קאָן יידיש פונקט זיין אַזוי וויכ־טיק, ווי וויכטיק ס'איז געווען העברעיִש.

צי טראָגט אין זיך אונדזער וועלטלעכע קולטור אַזעלכע ווערטן אָן וועלכע די גאַנצקייט פון יידישן מענטש קאָן זיין באַדראָט? צי פאַרמאָגט אונדזער ליטעראַטור אין יידיש אַזעלכע ווערק, אָן וועלכע דעם המשך פון

יידישן מענטש קאָן עפּעס אויספּעלן? זיכער יאָ. זיכער פאַרמאָגט אונדזער וועלטלעכע קולטור אייביקע ווערטן, זיכער פאַרמאָגט אונדזער יידישע ליטעראַטור ווערק, וואָס זייער גיין אין פאַרגעסנקייט קאָן שאַדן דער יידישער גייסטיקער גאַנצקייט. כ׳וועל דאָ בכיוון נישט אָנרופן זייערע נעמען. מען דאַרף געדענקען, אַז טראָץ דעם, וואָס דער יידישער ליטעראַטור־שאַפונג פעלט אויס נאַציאָנאַלער אינסטינקט, פאַרמאָגט זי אָבער אַ הויך אַנטוויקלטן יידישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. דער וועג פון דער יידישער ליטעראַטור איז אינהאַלטלעך נישט געווען דער זעלבער, ווי דער וועג פון אַנדערע, נישט־יידישע ליטעראַטורן. אין דער רוסישער צי אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור ווערן די העלדן (דער „פּאָמיעשטשיק״, דער „טשינאָווניק״ צי דער פויער, דער בורזשואַ צי דער אַרבעטער) געשילדערט קודם־כל לויט זייער קלאַסן־כאַראַקטעריסטיק, זייערע מענטשלעכע אייגנשאַפטן זענען קודם־כל קלאַסן־אייגנשאַפטן און זייער גורל איז אַ קלאַסן־גורל. דער קלאַסן־אונטערשיד איז אין רוסלאַנד געווען אין אַלע פּרטים שטאַרקער און טיפער ווי אין פראַנקרייך למשל, דעריבער ווען גאָגאָל, צי סאַלטיקאָוו־שטשעדרין שילדערן אַ פאָרשטייער פון אַ רוסישן קלאַס, קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון דעם העלד זענען נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן פון רוסישן פאָלק. די קלאַסן־אונטערשידן זענען אַזוי טיף, אַז זיי רירן אָן די סאַמע עיקרדיקסטע געזעצן און ממש די גרענעצן פון פאָלקס „איך״ בכלל. זיי בלייבן אָבער שטענדיק נאָר קלאַס־אונטערשידן, כאָטש די מחברים האָבן זיך אַליין דערפון גאַנץ געווי קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן. נאָך מער ווערט דער איינדרוק פאַרשטאַרקט צוליב דעם, וואָס די אויבן דערמאָנטע רוסישע שרייבער זענען סאַטיריקער. און אַלס סאַטיריקער איז זייער קינסטלערישע טענדענץ אונטערצושטרייכן, בולטער צו מאַכן, אַפילו דערפירן ביז קאַריקאַטור געוויסע אין לעבן אַזוי אויך גענוג שאַרפע כאַראַקטער־שטריכן. (מאָליער למשל פלעגט דעם עפעקט דערגרייכן דורכן אַרויסהייבן כאַראַקטער־שטריכן פון זיינע העלדן און זיי דערפירן צו אַן אַבסטראַקטער אידייע. נעמט צום ביישפּיל דעם „קאַרגן״).

באמת זענען אָבער די גורלס פון דער גרעסטער טייל העלדן פון דער רוסישער ליטעראַטור קלאַסן־גורלס. צום נאַציאָנאַלן גורל דערגייט עס דאָך נישט, ווייל דער נאַציאָנאַלער גורל פון רוסישן פאָלק איז כמעט קיין מאָל נישט געווען באַדראָט. (אפשר נאָר אין דער צייט פון דער טאָטערן־אינוואַזיע). אַנדערש איז אין אונדזער ליטעראַטור. ווען מענדעלע מוכר ספרים, צי שלום־עליכם שילדערן אַ יידישן העלד מיט אַ קלאַסן־פּרצוף אָדער מיט

אַ דעקלאַסירטן פּרצוף, זענען זיינע שטריכן מער ווי קלאַסן־שטריכן — זענען זיי באַלד נאַציאָנאַלע שטריכן. ווייל צוזאַמען מיטן יידישן קלאַסן־געראַנגל, ווי שוואַך ער זאָל נישט זיין, טרייסלען זיך די פּילאַרן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, וואָס איז שטענדיק באַדראָט (דעריבער איז אפשר געווען „קלוג״ אונדזער קלאַסנקאַמף, וואָס ער האָט נישט אָנגענומען קיין שאַרפע פאָרמען). דער גורל פון יעדן יידישן קלאַסנהעלד איז געווען אַ נאַציאָנאַלער גורל. און אויף וויפל די כאַראַקטער־שטריכן פון געשילדערטן העלד זענען פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע, אויף אַזוי פיל הייבן זיי, אָדער דערנידעריקן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. (אַזוי אַרום איז ריכטיק, אַז מיר האָבן גוטוויליק גענומען אויף זיך די קאָלעקטיווע אחריות).

די ליטעראַטור אין יידיש פאַרמאָגט בכן, אין אירע געוויסע ווערק, אַ טיף פאַרוואָרצלטן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. דעריבער, וועלן זיי מוזן אַזוי באַהאַנדלט ווערן, ווי אַ מאָל די ספרי־קודש אין לשון־קודש.

ווען עמעצער וועט זאָגן, אַז מען קאָן נישט פאַרגלייכן די ספרי־קודש כאָטש בלויז צוליב זייער אינהאַלט, אַפילו מיט די אויסגעזוכטסטע און פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט בעסטע ווערק געשריבן אין יידיש — וועט דער עמעצער מאַכן אַ טעות. סוף־כל־סוף גייט עס אין דעם פאַל נישט אין אינהאַלט, נאָר אין דער השפעה וואָס אַזאַ אָדער אַנדער ווערק האָט געקאָנט האָבן, אָדער האָט נאָך היינט. קולטור איז אַ פּראָדוקט פון השפעות און נישט קיין נאָכמאַכונג פון אינהאַלטן. ס׳האָבן זיך אַ סך יידן אָפּגעזאָגט פון אַלטן יידישן אינהאַלט גופא. זיי קענען נישט, אָדער זיי ווילן גאָרנישט, זיך באַפרייען פון דער השפעה, וואָס דער אַלטער אינהאַלט האָט אויף זיי געהאַט, צי האָט נאָך איצט. דער קאַמף צווישן מתנגדות און חסידות איז אויך געווען אַ קאַמף צווישן אינהאַלט און השפעה. די מתנגדים האָבן געהאַלטן, אַז קודם־כל מוז מען זיין מוכשר אויפצונעמען דעם אינהאַלט, און די חסידים האָבן געהאַלטן, אַז קודם־כל מוז מען זיין מוכשר אויפצונעמען די השפעה. ווייל, האָבן די חסידים געטענהט, השפעה קאָן רעפּראָדוצירן אינהאַלט און אינהאַלט אָן דער גרייטקייט אויף השפעה איז נישט פּראָדוקטיוו. די מתנגדישע קינדער זענען טאַקע שנעל אַוועקגעגאַנגען פון יידישקייט אין דער צייט ווען די חסידים איז געלונגען אויפצוהאַלטן אין זייערע הייזער דאָס יידישקייט אויף עטלעכע דורות.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע ווערק פון אונדזער יידישער ליטעראַטור וועלן קענען און דאַרפן אויף דעם אופן געלערנט ווערן אויף העברעיִש ווי די טייל ספרי־קודש אויף יידיש. די יידישע שרייבער, וואָס האָבן באַ־

ווסטזיניק אָדער אומבאַוווּסטזיניק אויסגעקליבן, צי געגאַנגען אין דער יידישער ליטעראַטור אויף דעם וועג פון ככל הגויִם, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דער וועג פון דער יידישער ליטעראַטור דאַרף זיין ווי דער וועג פון די ליטעראַטורן פון אַנדערע פעלקער, וועלן זיך מוזן באַגנוגענען מיט ווערן איבערגעזעצט אויף העברעיִש, אַזוי ווי מען זעצט איבער אויף העברעיִש ווערק פון פראַנצויזיש, רוסיש, צי פון אַנדערע שפּראַכן. די, אָבער, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, געוווּסט און געפילט, אַז דער וועג פון דער יידישער ליטעראַטור איז נאָר דער יידישער וועג, אַז אַ חוץ שפּראַך און מיליע איז פאַראַן אַ יידישער אינהאַלט, אָן וועלכן ס׳קאָן קיין יידישע נאַציאָנאַלע ליטע־ראַטור נישט זיין, די וועלן געלערנט ווערן אויף העברעיִש מיט אַ ניגון און מיט פּיעטעט און מיט אַ ברכה ביים אָנהויב און ביים סוף.

*

אַ חוץ דעם האָט יידיש נאָך ווייט נישט געזאָגט איר לעצט וואָרט און אפשר אויך נאָך נישט דאָס סאַמע גרעסטע. זעקס מיט אַ האַלב מיליאָן אומ־געקומענע יידן, וועלן נאָך זיכער אויסקלייבן זייער שליח צווישן די לעבע־דיקע און אים הייסן רעדן דווקא אין יידיש. ס׳קאָן נאָך אין יידיש קומען דאָס גרויסע ווערק, ס׳קאָן זיך גאָר נאָך אַ מאָל עפענען אַ יידיש רעדנדיקע עפּאָכע מיט אַ גאָלדענעם שליסל. אויף פרייהייט, יידישע פרייהייט, מלוכהשאַפט. עפנט אויף פאַרן יידישן מענטש אַזעלכע פּערספּעקטיוון פאַר בענקשאַפט, וועגן וועלכע אָן אונטערדריקטער ייד קאָן קוים אָנען. און מיר זענען זיכער, אַז די גרויסע בענקשאַפט צו אַ טיפזיניקער יידישקייט וועט אויסגעזונגען ווערן אין יידיש.

3

מיר לעבן אין אַ צייט פון השפּעות. פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, גוטע און שלעכטע, זענען געוואָרפן געוואָרן אין קאַמף פאַר השפּעה. ס׳זענען נאָך קיין מאָל אין דער געשיכטע מאַסן מענטשן אַזוי שנעל נישט אַרונטער־געפאַלן אונטער עמעצנס השפּעה ווי איצט. יעדער זוכט זיך אַ בעל־הבית, עמעצן, וואָס זאָל אויף אים משפּיע זיין.

די שוואַכקייט פון מענטשלעכן גייסט באַשטייט אין דעם, וואָס דער מענטש קומט אויף דער וועלט נאָר מיט אַ ביאָלאָגישער ירושה און נישט מיט קיין אינטעלעקטועלער. ער מוז אַליין אין זיין געדאַנק אַריינגעמען די

גייסטיקע ירושה פון אַזוי פיל דורות. ביי דער גייסטיקער קולטור קאָן מען נישט נעמען בלויז די סך־הכּלען, די לעצטע סומע פון די דערגרייכונגען, ווי דאָס געשעט ביי דער טעכנישער קולטור. מיט אייגענער מי, טריט ביי טריט, מוז מען גיין דעם שווערן באַרג אַרויף, בכדי צו עפּעס דערגיין. האָבן דעריבער מענטשן אויסגעטוישט וויסן אויף דאָקטרין, אינהאַלט אויף דיס־ציפּלין, די פעיִקייט פון השפּעה אויף לאָזן זיך משפּיע זיין, דאָס זוכן דעם אמת, אויף געפינען „אַן אמת".

די גייסטיקע קולטור האָט זיך געלאָזט דיסטאַנסירן פון דער טעכני־שער. אויסנוצנדיק די גייסטיקע פעיִקייט פון מענטשן האָט די טעכנישע קולטור זיך עמאַנציפּירט. איצט שטייט דער מענטש אַ דערשראָקענער, אַ נישט זיכערער מיט זיין מאָרגן, אַ פאַרזאָרגטער פאַרן גורל פון זיינע קינ־דער, וואָס ליגן נאָך אין די וויגן.

דער סוף פון דער לעצטער בלוטיקער מלחמה האָט דעריבער נישט געבערענגט מיט זיך קיין שום אויפשוווּנג אויפן געביט פון קולטור און קונסט. ווען מען פאַרגלייכט דעם איצטיקן מצב אין די געביטן מיט דעם שוווּנג, און מיט דער צאָל פון די ריכטונגען און קונסט־טעאָריעס פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זעען מיר בולט, אַז עפּעס פעלט אַ סך אונדזער צייט. די רעשטלעך געראַטעוועטע האָבן נאָך מורא אַרויסצוגיין פון דער תּיבה. די שלום־טויב איז נאָך נישט צוריקגעקומען פון איר געפערלעכער מיסיע. אַ מבול פון שרעק גייט איבער דער וועלט.

וואָס זאָלן די מענטשן טאָן? וואָס זאָלן טאָן די יידן, די אַממיינסטן דערשראָקענע און אַממיינסטן געליטענע? צי איז נישט ביי אונדז די גלייכ־גילטיקייט צו גייסטיקע פּראָבלעמען אַ סימן פון אַ טיפן נישט־זיכערקייטס געפיל, וואָס האָט באַהערשט אונדזער פאָלק? צי איז דאָס נישט קיין אויס־דרוק פון אומצוטרוי צו די גייסטיקע כּוחות פאַר זייער קנאַפּער השפּעה אויפן מענטשלעכן מין? צי איז נישט פאַרגעקומען אַ דעגראַדאַציע פון מענטשלעכן פרייען שׂכל לטובת אַ באַשטימטן, פּאָליטישן צי עקאָנאָמישן „שׂכל"?

יאָ, דאָס וואָס דער מענטש מוז אָנהייבן פון אַלץ, ביים באַהערשן די גייסטיקע קנינים פון דער וועלט — איז אַ שווער קאַפּיטל. ווער איז היינט בכּוח אַריינצודרינגען אין אַלע ווינקעלעך און טיפענישן פון מענטשלעכן גייסט? פאַרטראַכט מען זיך ווייניק וועגן סך־הכּל פון דער וועלט, פון מענטש און פון זיינע מעשׂים. דאָס פירט צו אומפרוכטבאַרקייט, צו אויסגע־טריקנטקייט, דער גייסט ווערט סטעריל און זיין בוים דאַרט אָפּ.

האָט מען טאַקע אין טרוקענעם מידבר געגעבן די יידן די תּורה. און אונטערן באַרג סיני זענען געשטאַנען אַלע אָן אויסנאַם יידן, ווייל סיני איז געווען נאָר און אויסשליסלעך אָן ענין פון השפעה. די זעלבע השפעה וואָס האָט דערפירט די יידן ביזן הימל, האָט אויך געקאָנט ווערן זייער ברודער־קבר. אַזוי איז מיט יעדער השפעה, און אַזוי איז עס ביי יעדן פאָלק. איצט, אין איצטיקן מידבר, דאַרפן מיר ווידער סיני. נישט אַלע יידן דאַרפן שטיין אונטערן באַרג סיני נאָך אַלע „יידישקייטן״, נישט די יידן דאַרפן מקבל זיין די תּורה, נאָר די תּורה דאַרף מקבל זיין די יידן, נישט צו די יידן דאַרף מען זאָגן, אויב איר וועט מקבל זיין די תּורה איז גוט, ווי באַלד אָבער נישט, וועט דאָ זיין אייער קבר. נאָר צו די יידישקייטן דאַרף מען דאָס זאָגן. ווען יידישקייט קאָנען מקבל זיין ,ממשיך און משפיע זיין אויף די יידן איז גוט, ווי באַלד נישט, איז דאָ (איצט) וועט זיין איר קבר.

לאָמיר איצט נישט טראַכטן וועגן אינהאַלטן. ווי פּאַראַדאָקסאַל דער געדאַנק זאָל נישט זיין, איז אינהאַלט אָן פאָרעם אַ פּוסטע זאַך. פאָרעם אָן אינהאַלט קאָן עקזיסטירן דורות לאַנג, אינהאַלט אָן פאָרעם — איין רגע נישט. ס׳איז נישטאָ קיין אַלטע יידישע קולטור און נישט קיין וועלטלעכע יידישע קולטור, ס׳איז נאָר דאָ איין יידישע וועלט־קולטור. די קולטור פון דער יידישער וועלט פון אַלע צייטן — פאַר אַלע צייטן.

וועט די יידישע קולטור זיין איינס, וועט די וועלטלעכע קולטור זיין איינס, אַ המשך פון דער אַלטער — וועט זי באַקומען אינסטינקט. צוליב דעם, וואָס די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור האָט זיך אָפּגעשניטן פון דער אַלטער ליטעראַטור, האָט זי אויך נישט געקאָנט האָבן קיין יידישן אינ־סטינקט. ס׳איז ממש אַ חרפה פאַר אונדז, פאַרן עם־הספר, וואָס דווקא דער פּאָליטישער ציוניזם האָט נביאיש פאָרויסגעזען אונדזער טראַגישן גורל — און די גייסטיקע שטרעמונג פון ציוניזם איז געבליבן אַבסטראַקט און גאָרנישט נישט פאָרויסזאָגנדיק.

וועלן מיר קומען צו אַ הסכם, אַז אַלץ וואָס איז יידיש, וואָס איז פאַר־טראַכט פאַרן ייד, איז טאַקע יידיש. וועלן די וועלטלעכע קולטור־עם־האר־צים (אַזעלכע זענען אויך פאַראַן) זיך שעמען, וואָס זיי קענען נישט די אַלטע קולטור, און די קאָנסערוואַטיווע קולטור־עם־הארצים (אַזעלכע זענען אויך פאַראַן), וועלן זיך שעמען, וואָס זיי קענען נישט די נייע קולטור. און אַז מען וועט זיך שעמען, וועט מען פריִער נישט גיין צו קיין קאָנגרעס, ביז וואַנען מען וועט וויסן, וואָס איז דאָס אַזוינס יידישע קולטור.

# ליטעראַטור און ליטעראַטור אין יידיש

1

איך הייב אָן מיט אַ וואָרט, וואָס האָט אין אונדזערע צייטן געמאַכט אַ קאָפּ־שווינדלענדיקע קאַריערע, ליידער אַ טרויעריק־באַרימטע. איך הייב אָן מיטן וואָרט: מבוכה, צעטומלונג, אָדער צעטומלעניש, וואָס קאָן דערגייין און דערגייט טאַקע אַ מאָל ביז פאַרווירטקייט.

די מבוכה הערשט אין אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער מחשבה, אויסער אין צוויי. אַ חוץ אין דער טעכנאָלאָגיע און אין דער טעאָלאָגיע, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען.ביידע שטיצן זיי זיך אויף זיכערקייט, די ערשטע אויף עמפּירישער, די צווייטע אויף מעטאַפיזישער. די ערשטע מיידט אויס אמונה און שטיצט זיך נאָר אויף נסיון, די צווייטע מיידט אויס נסיון און שטיצט זיך נאָר אויף אמונה.

כ׳ווייס נישט, צי ס׳איז פאַראַן אַ היסטאָרישער עקסטרעמיזם, נאָר ס׳איז אַ פאַקט, אַז אין דער אַזוי געררופענער פרייער וועלט, גייט איצט דער מענטשלעכער געדאַנק אין די דאָזיקע צוויי עקסטרעמע ריכטונגען: טעכנאָלאָגישער און טעאָלאָגישער. די פילאָסאָפיע טרעט אָפּ איר אָרט דער טעאָלאָגיע. אַפילו אין פראַנקרייך באַשעפטיקן זיך איצט די אינטעלעקטועלע קרייזן מער מיט סימאָנאַ ווייל, ווי מיט זשאַן פּאָל סאַרטר, נישט געקוקט אויף די טומלענישן, וועלכע ער רופט אַרויס אַרום זיך, אָדער וועלכע אַנדערע רופן אַרויס אַרום אים.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען די לענדער פון מאַרקסיזם. כ׳מיין דער עיקר רוסלאַנד (כינע קען איך נישט). זייער כּוח האָט זיך גענומען דערפון, וואָס זיי האָבן באַקעמפט ביי זיך יעדן שפור פון אַגנאָסטיציזם. היינט ווייסן מיר טאַקע נישט, אָבער דערפאַר מאַרגן וועלן מיר וויסן, אַזוי האָט געטענהט יעדער מאַרקסיסטישער געלערנטער. דאָס האָט געוואַלטיק אימפּאָנירט דער דאָרטיקער יוגנט אין דער צייט, ווען די מערב־אייראָפּעיִשע יוגנט און אויך די יונגע אינטעלעקטועלע קרייזן אין צפון־אַמעריקע, האָבן געצויגן אַ מאַזאָכיסטישע הנאה פון אָנרופן זיך „דער פאַרלוירענער דור״ און געוועזן, און דער עיקר געלאָזט זיך אַדורכפּרעסן פון יאוש.

נישט געקוקט אויף אַלע גרויסע טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען איז די אמונה, אַז מאָרגן וועט מען אַלץ וויסן, ביי דער רוסישער יוגנט אַ ביסל, אַ שפּאָר ביסל, אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מען זעט דאָס בולט אויפן געביט פון דער ביאָלאָגיע. דערפון אפשר נעמט זיך די איצטיקע יוירונג און ברוי־זונג ביי דער רוסישער יוגנט.

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו אונדזער טעמע. בשעתו האָט בערל קאַצע־נעלסאָן גערעדט בזכות המבוכה, ווען דער רעכט אויף צעטומלונג. היינט איז די מבוכה אַזוי גרויס, אַז די מבוכה איז פון זיך אַליין אין אַ מבוכה. מען מוז ביי איר צונעמען אַלע רעכט, בכדי קאָנען דערגיין צו כאָטש אַ שפּור פון קלאָרקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז איך קאָן זיך נישט פאַרנעמען מיט אַלע מבוכות וואָס הערשן כמעט אויף אַלע געביטן, אָנהייבנדיק פון דער פּאָליטיק און ענדיקנדיק אויף פּאַראַפּסיכאָלאָגיע. איך וועל זיך פאַרנעמען מיט מיין גע־ביט. מיט דער מבוכה אין דער שיינער ליטעראַטור. צי דאַרף מען נאָך באַדלערן זיך באַנוצן מיט דער באַצייכענונג „שיינע ליטעראַטור"? אפשר איז גלייכער זיך צו באַנוצן מיט דער באַצייכענונג „קינסטלערישע ליטע־ראַטור"? (כאָטש קלאָרער וועט דערפון נישט ווערן), די דאָזיקע פראַגע לאָז איך דערווייל אָפן, לייג זי אָפּ אויף אַ צווייטער געלעגנהייט.

אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָט מען געמיינט, אַז די סעמאַנטיק וועט אַריינברענגען אַ ביסל קלאָרקייט נישט נאָר אין דער פילאָסאָפיע, נאָר אויך אין געביט פון ליטעראַטור. סאַרטר האָט געוואָלט שאַפן אַ בעלעטריזירטע פילאָסאָפיע און געשאַפן אַ פאַרפילאָסאָפירטע בעלעטריסטיק, וואָס האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם פּלאָנטער. נעמט די קריטיק. געאָרג לוקאַש באַ־צייכנט דזשוימס דזשויסעס „יוליסעס", ווי אַ נאַטוראַליסטישן ראָמאַן. די אָנהענגער פון אַזוי גערופענעם „נייעם ראָמאַן", מיט דער באַקאַנטער פראַנ־צויזישער שריפטשטעלערין נאַטאַלי סאַראָט בראש, באַצייכענען דעם טראַ־דיציאָנעלן ראָמאַן ווי אַ פאָרמאַליסטישן, ווייל ער האָט פון פאָרויס זיין באַשטימטע אויסערלעכע פאָרעם, זיין סטיל און בוי. זיך דאַקעגן באַציי־כענען טייל פון זיי פאַר רעאַליסטן, ווייל זיי וואַרפן אָפּ אַלץ וואָס איז אויי־סערלעך, און נעמען נאָר דעם אמת פון לעבן, נאָר דאָס, וואָס זעט זיי אויס צו זייןווירקלעכקייט. כ'האָב נאָר געבראַכט עטלעכעביישפּילן מיני אלף, בכדי צו באַווייזן ווי גרויס עס איז אין דעם געביט די מבוכה.

אין די אַלע אַרויסזאָגונגען און טעאָריעס איז נישט פאַראַן קיין רעוו־לאַציע, יעדנפאַלס קיין אַנטפּלעקונגען זיכער נישט. אָבער אַזאַ איז שוין

דער מענטשלעכער געדאַנק. קיין יש־מאין באַשאַפט ער נישט. ער קייטלט זיך דער געדאַנק. אַ מאָל פאַרגלוסט זיך אים מאַכן עקווילליבריסטישע שטיק. אָבער בדרך־כּלל קומט ער צוריק צום מקור פון וואַנען ער שטאַמט. אַ חוץ אַלעם איז גיי זוך אַנטפּלעקונגען אין אַ וועלט וואָס איז כּולו אַנטדעקונגען, אַפילו די וועלט פון קונסט.

דאָ ליגט, מיין איך, דער שורש פון דער מבוכה. דערפאַר וואָס אונדזער צייט איז אַ צייט פון אַנטדעקונגען און נישט פון אַנטפּלעקונגען, דערפאַר פילט זיך ביי איר גאַנצער אינטעלעקטועלער שטאַרקייט, איר גייסטיקע שוואַכקייט.

לאָמיר זיך צוקוקן צו דער לאַגע פון דער וועלט־ליטעראַטור. מען בלאָנדזשעט אין איר ווי אין אַ וואַלד. דער חילוק איז, וואָס אין אַ וואַלד בלאָנדזשעט מען צוליב דער ענלעכקייט פון איין בוים צום צווייטן, און אין דער ליטעראַטור, אין דער מאָדערנער, פאַרקערט, צוליב דער פאַרשידנקייט אירער. אייגנטלעך עקסיסטירן גאָרנישט קיין ליטעראַרישע ריכטונגען. און אויב שוין יאָ, צעפאַלן זיי זיך זייער גיך. ווי לאַנג, למשל, האָבן עקסיסטירט אין ענגלאַנד די „יונגע־צאָרנדיקע״? ווי לאַנג האָט עקסיסטירט דער „גל החדש״, די נייע כוואַליע אין פראַנקרייך, צי אין איטאַליע, אויף יעדן גע־ביט פון קונסט?

יעדער איינער שרייבער באַמיט זיך אַרויפצוצווינגען אויף זיך אַנדערש־קייט מיט כּוח, מיט געוואַלד, כאָטש ער איז עס לגמרי נישט. וועלנדיק גע־לייענט ווערן, באַמיִען זיך די שרייבער צו בלייבן נאָן־קאָמוניקאַטיוו. מען רעדט וועגן איינזאַמקייט און מען קאָן נישט בלייבן קיין מינוט מיט זיך. מען וויל זיין פּאָפּולער און מען באַמיט זיך, אין דער דיכטונג דער עיקר, צו זיין אומפאַרשטענדלעך. מען רעדט זייער אַ סך אין דער פּאָעזיע וועגן שווייגן. אַלץ איז פּאַראַדאָקסאַל, אַלץ איז מבוכה.

וויל איך פרעגן, וואָס איז דאָס? אַ קריזיס פון אינהאַלטן? וואָס איז שייך צו רעדן וועגן אינהאַלטן למשל ביי אַ סוררעאַליסט? וואָס איז דען ביי אים נישט אינהאַלט? אַלץ איז, אָדער קאָן ביי אים זיין אינהאַלט. אַפילו די קלאַסיקער און ראָמאַנטיקער האָבן זיך זייער פריי באַצויגן צו אינ־האַלטן. שעקספּיר האָט געזוכט אינהאַלטן? ער האָט זיי גענומען פון וואַנען ס׳האָט זיך געלאָזט. און מאָליער? געטע האָט אין איינעם פון זיינע שמועסן מיט עקערמאַנען געזאָגט, אַז סוזשעטן דאַרף מען נישט שאַפן קיין נייע, אַ שאָד די טירחה. מען קאָן זיי נעמען פאַרטיקע. וואָרעם דער עיקר איז

דאָך דער ווי אַזוי און נישט וואָס. קומט אויס, אַז אויב מען וויל, קאָן מען די אַלע אויבן אויסגערעכנטע שעפער אָנרופן פאָרמאַליסטן.

וויל איך זאָגן, אַז נישט קיין קריזיס פון אינהאַלטן איז עס, נאָר אַ קריזיס פון פאָרמען. ס'האָבן זיך אָנגעזאַמלט צו פיל קינסטלערישע פאָרמען אויף דער וועלט, און בתוכם שרייבערישע. אויב די וועלט פון אינהאַלטן איז נישט אומבאַגרענעצט, איז עס אַוודאי נישט די וועלט פון פאָרמען. די וועלט בכלל איז איבערפולט מיט פאָרשערישע כּלים, וועלכע די טעכנישע וויסנשאַפטן דער עיקר האַלטן אין איין פאָרמערן. אַפילו די פּלאַסטישע קונסט באַנוצט זיך מיט כּלים. די גרויסע צאָל ליטעראַרישע פאָרמען, פאַרגרעסערן אויך די צאָל כּלים אויף דער וועלט.

פון דעם אַלעם ווערט אַן ענגשאַפט. דער מענטש פילט זיך באַדרענגט, און באַדרענגונג וואַרפט אַן אויפן מענטשן פּחד. פון דער באַדרענגונג, פון דעם פּחד, אַנטלויפט דער מענטש אַמליבסטן דאָרט ווו עס איז פריי, כ'מיין ווו עס הערשט ליידיקייט און פוסטקייט.

אויב איך האָב אָנגעצייכנט אין מיינע טעזן „שבירת הכּלים", האָב איך נישט געמיינט, אַז דער תּוכן רייסט אויף די כּלים פון צו פיל. איך האָב געמיינט, אַז פון צו פיל כּלים, ווערן זיי פּשוט צעבראָכן. מיר דרייען זיך אַרום אין אַ וועלט ווו אויף אַלע געביטן: פּאָליטיק, מאָראַל, קונסט, ליגן גאַנצע בערג מיט שברי־כּלים.

דעריבער געשעט, אַז מען האָט קיין מאָל אַזוי פיל נישט גערעדט ווי איצט, מען האַלט אין איין קאָנפערירן, און מען האָט זיך נאָך קיין מאָל אַזוי ווייניק נישט דערערעדט ווי איצט. מען האָט קיין מאָל אַזוי פיל נישט געשריבן ווי איצט, און מען האָט זיך קיין מאָל אַזוי ווייניק נישט דערשריבן צום תּוך, ווי איצט. מען האָט קיין מאָל אַזוי נישט געשטורעמט אויף די טעאַטער־בינעס, קיין מאָל אַזוי פיל פּראָבלעמען נישט באַהאַנדלט אויף זיי, ווי איצט — און דער עולם איז קיין מאָל נישט געבליבן אַזוי גלייכגילטיק צו דעם אַלעם, ווי איצט. נישט קיין חילוק, צי ער אַפּלאָדירט די אַקטיאָרן, אָדער נישט.

שרייבער האָבן זיך קיין מאָל אַזוי פיל נישט צונויפגעטראָפן ווי איצט, און זיי זענען זיך קיין מאָל נישט געווען אַזוי פרעמד, ווי איצט. ס'זענען נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי פיל מיטלען זיך צו קאָמוניקירן ווי איצט, און מען האָט זיך נאָך קיין מאָל אַזוי ווייניק קעגנזייטיק נישט פאַרשטאַנען ווי איצט.

דער פּועל־יוצא פון דעם אַלעם איז, אַז ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן פון דער וועלט דער כּוח פון השפּעה. היינט צו טאָג, אַז מען וויל אויף עמעצן משפּיע זיין, דאַרף מען אים מאַכן אַ שטיפּת־המוח, מען דאַרף אים אַדורכ־שווענקען דעם מוח. אויך די קונסט, איך מיין די שרייבערישע, פון די אַנדערע מינים איז שוין אָפּגערעדט, פאַרלירט בהדרגהדיק איר השפּעה אויפן לייענער.

2

פון וואַנען נעמט זיך דאָס דאָזיקע שלעכטס? פאַר וואָס איז עס אַזוי געשען?

אין מיין רעפעראַט, וועלכן כ׳האָב געהאַלטן מיט אַכט יאָר צוריק, אויף אַזאַ קאָנגרעס ווי היינט, און געהאַט פאַר זיין טעמע: „צי האָט די יידישע ליטעראַטור איר אייגענעם וועג״ (זע יחיאל האָפּער: „מיט יענעם און מיט זיך״. ליטעראַרישע עסייען). האָב איך אַרויסגערוקט אַ געדאַנק, אַז בענקשאַפט איז דער מקור פון אַלע געביטן פון קונסט, פאַר אַלע צייטן און פאַר אַלע פעלקער וואָס קולטיווירן קונסט. אין אָנהייב איז געווען די בענקשאַפט. יעדנפאַלס אַזוי איז עס געווען פאַרן קינסטלער. פאַרן קינסט־לער איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן פון דער בענקשאַפט באַשאַפן צו ווערן.

דער דאָזיקער געדאַנק לאָזט מיך נישט אָפּ. נישט איך האַלט אים, נאָר ער האַלט מיך. כ׳וואָלט געזאָגט, ער זוכט מיין שוץ, פאָדערט ביי מיר ווידער אים צו באַשטעטיקן.

זייט דעמאָלט האָט זיך אָבער אַ סך געענדערט. נישט נאָר פאַקטיש, נישט נאָר אין דער וועלט פון מעשים, נאָר אויך אין דער וועלט פון מחשבה, לאָמיר עס אָנרופן קאָנקרעטער — אין מענטשלעכן באַוווסטזיין.

שוין אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און נאָך פריִער, האָט זיך געשאַפן אַ דיספּראָפּאָרץ צווישן קינסטלערישער שאַפונג און וויסנשאַפט־לעכער פאָרשונג, לטובת דער צווייטער. אין אונדזערע יאָרן האָט די דאָזיקע דיספּראָפּאָרץ אָנגענומען משונהדיק גרויסע, אומנאַטירלעך גרויסע אויס־מעסטן.

און נישט נאָר די עקזאַקטע וויסנשאַפטן האָבן זיך שטאַרק אַנטוויקלט, נאָר אַפילו אין דער ליטעראַטור, אַפילו אין דער יידישער, מיין איך, איז היינט פאַראַן מער פּראָפעסאָרן, דאָצענטן און אַסיסטענטן, ווי שרייבערס.

ד. ה. פֿאַראַן מער פֿאַרשערס ווי שעפֿערס. כ׳מיין אמתע שעפֿערס, פֿאַלשע זענען שטענדיק פֿאַראַן צו פֿיל.

דאָ הייבט זיך שוין אָן דער גרויסער פּלאָנטער, וועלכער שטעלט מיט זיך פֿאַר די קינסטלערישע מחשבה, מען וואָלט אַפֿילו געקאָנט זאָגן — מחשבה בכלל, נאָר מיר ווילט זיך נישט אַריינגיין אין נישט מיין רשות.

וואָרעם אויב דער מקור פֿון קינסטלערישן שאַפֿן איז בענקשאַפֿט, איז דער מקור פֿון וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג — נייגיר. דער פּועל־יוצא דער־פֿון איז אַ פּשוטער, און שוין גאָרנישט קיין פּשוטערער. בענקשאַפֿט דער־גייט אָדער קאָן לפּחות דערגיין דורך קינסטלערישער שאַפֿונג צו אַנטפּלע־קונגען, אין דער צייט ווען נייגיר דערגייט דורך פֿאָרשונג נאָר צו אַנט־דעקונגען.

דאָ ליגט, ווי איך האָב שוין געזאָגט, ביי איר אינטעלעקטועלער שטאַר־קייט, די גייסטיקע שוואַכקייט פֿון אונדזער צייט, וועלכע איז אַ צייט פֿון אַנטדעקונגען און נישט פֿון אַנטפּלעקונגען.

לאָמיר לשם קלאָרקייט נאָך אַ מאָל אָנצייכענען די צוויי ליניעס וואָס פֿירן: איינע — צו דער קינסטלערישער שאַפֿונג, און די צווייטע — צו דער וויסנשאַפֿטלעכער. די ערשטע פֿירט פֿון בענקשאַפֿט דורך שאַפֿונג — צו אַנטפּלעקונג, די צווייטע פֿון נייגיר — דורך פֿאָרשונג — צו אַנטדעקונג.

קינסטלערישע שאַפֿונג אַליין איז נאָך נישט קיין אַנטפּלעקונג. זי ווערט עס ערשט, ווען זי ווערט אָפּגעפּילט, צי אָנגענומען ווי אַזעלכע. די תּורה, למשל, איז יצירה, גאָטס יצירה, אָבער התגלות איז זי געוואָרן נאָר אַ דאַנק דעם מעמד הר־סיני.

די קונסט פֿילט זיך דיסטאַנסירט דורך דער וויסנשאַפֿט. די לעצטע פֿאַרכאַפּט דעם מענטשנס געדאַנק און פֿאַנטאַזיע. די וויסנשאַפֿט שרעקט אפֿשר דעם מענטש מיט דער קאָלאָסאַלקייט פֿון אירע דערגרייכונגען, אָבער זי באַהערשט אים. מעגלעך, אַז די עקסטרעמע ריכטונגען, אין דער פּלאַס־טישער קונסט דער עיקר, די אַזוי גערופֿענע קינעטישע, וואָס פּראָקלאַמירן דערביי זייער אַבסאָלוטע אָפּגעריסנקייט פֿון דעם עבֿר, און בכלל זייער גאַנצע עקסטראַוואַגאַנץ, איז אַ פֿאַרצווייפֿלטער פּרווו אָפּצוגעווינען צוריק אַ ביסל פֿון דער מענטשלעכער אויפֿמערקזאַמקייט.

די קונסט איז אפֿשר ווערט אַ פּסק. אין ניינצנטן יאָרהונדערט דער עיקר, איז זי געווען געוואַלטיק פֿאַרריסן. די קינסטלער, דער עיקר די שרייבער, האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר די פֿאָרשטייער פֿון גייסט. אין אַ געווי־סער מאָס איז עס טאַקע אַזוי געווען. אָבער זיי האָבן דאָך אפֿשר איבערגע־טריבן אין זייער באַדייטונג.

אמת, זיי האָבן געהאַט השפעה. כ׳וועל זיך נישט אַריינלאָזן אין מעסטן די טיף פון זייער השפעה, אָבער מודה זיין מוז מען, אַז שוין דאָס אַליין איז אַ גרויסע מדרגה. אַפילו נאַטור־וויסנשאַפטלער, פיזיקער, אַסטראָנאָמען, ווי דאַרווין, העקעל, בעלשע, פלאַמאַריאָן און אַ סך אַנדערע, האָבן ווונ־דערלעך שיין געשריבן, און דער עיקר, זיך באַמיט צו שרייבן שיין. שוין נישט רעדנדיק וועגן פילאָסאָפן און טעאָלאָגן. דאָס איז זיכער געווען אונטער דער השפעה פון דער שיינער ליטעראַטור פון יענער צייט, וועלכע האָט פאַרנומען אַזאַ גרויס און הויך אָרט.

דערנאָך איז געקומען אַ רעאַקציע קעגן דעם. מען האָט אָנגעהויבן קוקן מיט חשד אויף אַ וויסנשאַפטלעך ווערק, וואָס איז שיין געשריבן. אַפילו וועגן אַזאַ היסטאָריקער ווי שמעון אַשכּנזי, האָט מען געמורמלט וועגן זיין וויסנשאַפטלעכער פּינקטלעכקייט, נאָר צוליב זיין ערשט־ראַנגיקן שרייבע־רישן טאַלאַנט. היינט צו טאָג קאָן מען זעלטן געפינען אין אַ ווערק פון אַ ספּעציאַליסט אַ ביסל שרייבערישן חן.

וואָלט איך נישט געזען קיין גרויס אומגליק אין דעם, וואָס די קונסט, און די שרייבערישע בתוכה, מוז זיך איצט, דווקא אין אונדזער צייט, אַ ביסל אָפּרוקן אין אַ זייט און זיך פאַרהאַלטן באַשיידענער, ווי אין פריִער־דיקע יאָרן. אָבער דאָ הייבט זיך אָן דאָס פּראָבלעם צו קאָמפּליצירן.

אויב פריִער איז די וויסנשאַפט מושפּע געוואָרן פון דער קונסט, האָט שפּעטער די קונסט אָנגעהויבן מושפּע צו ווערן פון דער וויסנשאַפט. וואָרעם וואָס איז דען דזשיימס דזשויסעס „יוליסעס״, אויב נישט אַ פאָרשונג, אַן אַנאַליז, אַן אויטאָאַנאַליז, אַ וויוועסעקציע (אויב מען קאָן אַזוי זאָגן) פון אייגענעם איך, פון די אייגענע איבערלעבונגען? אָט דאָס, וואָס מען האָט אַזוי שיין אָנגערופן „אינערלעכער דיאַלאָג״. און האָט דען סאַרטר נישט אָפן דערקלערט, אַז ער איז מושפּע געוואָרן פון מאַרטין היידעגערס עקזיס־טענציאַליסטישער שיטה אין דער פילאָסאָפיע?

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דער ליטעראַטור קאָן זיין אַ ברכה אָט דאָס מושפּע ווערן פון די פאַרשידענע ריכטונגען אין דער פילאָסאָפיע, פּסיכאָ־לאָגיע, צי אַפילו פון אַנדערע מער עקזאַקטע וויסנשאַפטן. אַ קלאַסישער ביישפּיל ווי אַזוי די פילאָסאָפיע האָט באַווירקט אַ שרייבער איז הענריק איבסען.

ווילהעלם פעלדמאַן האָט אָנגעוויזן אין זיין אַרבעט וועגן איבסענען, אַז ער האָט זיך כּסדר געפונען אונטער דער השפעה פון פילאָסאָפישע שולעס. אין אָנהויב פון זיין שאַפן איז עס געווען קאַנטס אידעאַליסטישע

שיטה, וועלכע האָט כּמעט געהערשט אין דער וועלט פון פילאָסאָפישן געדאַנק אין אָנהויב פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט. די אָפּשפּיגלונג פון דער שיטה זעט זיך אָן אין איבסענס „בראַנדט", „פּער גינט" א"אַ ווערק. דער־נאָך איז ער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון דער פּאָזיטיוויסטי־שער שולע, ווי מיר זעען דאָס אין „דער שׂונא פון פאָלק", „נאָראַ", „ראָס־מערסהאָלם" און אַנדערע. לסוף, ווען ס'האָט זיך געשאַפן די נעאָ־קאַנטיאַ־נישע שולע, איז ער אַרונטערגעפאַלן אונטער איר השפּעה, ווי מיר זעען דאָס אין „אין די טעג פון תּחית־המתים".

און דאָ ליגט דער סוד פון השפּעה. פאַר איבסענען איז עס געווען אַ ברכה, ווייל ער איז מושפּע געוואָרן פון פילאָסאָפישן געדאַנק. אָבער די שרייבער פון אונדזערע צייטן ווערן קודם־כּל מושפּע פון דער מעטאָדע.

מען נעמט נישט נאָר פּרוידס, צי יונגס, צי אַדלערס געדאַנקען, מען נעמט קודם־כּל זייער מעטאָדע, זייער אופן פון פאָרשן. שוין נישט רעדנדיק וועגן די פענאָמענאָלאָגישע און עקזיסטענציאַליסטישע שיטות.

נישט נאָר באַהערשט די טעכנאָלאָגיע די וועלט, נאָר די שרייבער אַליין, די דיכטער און פּראָזאַיִקער זענען געוואָרן טעכנאָלאָגן. זיי קוקן אונטער דעם מעכאַניזם פון פאָרשן און טראַכטן פון דער פּסיכאָלאָגיע, פילאָסאָפיע און אַנדערע וויסנשאַפטלעכע געביטן, און טראָגן זיי דירעקט איבער צו זיך, אין די ליטעראַרישע ווערק.

ביי אַזאַ טעכנישן אופן פון צוגיין צו שרייבערישע ווערק, איז נישט קיין וווּנדער וואָס די פּערזענלעכקייט פון שרייבער איז אָוועקגערוקט גע־וואָרן אין אַ זייט. ווער רעדט היינט צו טאָג וועגן שרייבערישע פּערזענ־לעכקייטן ? אַלץ איז געוואָרן מעטאָדע, אַלץ טעכנאָלאָגיע.

זאָגט מיר, כ'בעט אייך, אפשר קען עמעצער פון אייך אַ שרייבער, וועלכער האָט געשריבן אַלאַ דאָסטאָיעווסקי ? כ'בין זיכער, אַז ס'איז נישט געווען קיין איינער אַזאַ. דאַקעגן איז פאַראַן אַ שפּאָרע צאָל שרייבער, וואָס האָבן זיך באַמיט צו שרייבן אַלאַ דזשויסעס „יוליסעס". מן־הסתּם זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע ביזן היינטיקן טאָג.

פון וואַנען נעמט זיך דאָס ? דאָס נעמט זיך, מיין איך, דערפון, וואָס דאָסטאָיעווסקי איז געווען אַנטפּלעקונג און דזשויסעס „יוליסעס" איז נאָר אַנטדעקונג. און גערעכט איז געאָרג לוקאַטש, אַז „יוליסעס" איז אַ נאַטו־ראַליסטישער ראָמאַן. מען דאַרף נאָר זאָגן, אַ פּסיכאָלאָגיש־נאַטוראַליסטי־שער. דזשויס האָט אין אים אויסגעלייגט אָן אַ שיעור פּסיכאָלאָגישע פאַקטן

און אַקטן און נישט נאָר זיי נישט אויסגעטייטשט, צי בלויז אויפגעקלערט, נאָר אַפילו נישט געפּרוווט זיי צו פאַרבינדן צווישן זיך.

לאָמיר איצט מאַכן אַ שטיקל סך־הכּל פון דעם ביז איצט געזאָגטן: פון אויספעלן פון שרייבערישער פּערזענלעכקייט קומט דאָס אויספעלן פון השפּעה. ביים היינטיקן טאָג איז די השפּעה פון דער ליטעראַטור אויף די מענטשן, אַפילו אויף די וואָס לייענען זי, אַ מינימאַלע. אָן השפּעה פילט זיך סיי דער שרייבער און סיי דער לייענער פאַראייניזאַמט. אייניזאַמקייט וואַרפט אָן אַ פּחד, און הייבט זיך אָן מיט צעטומלונג, מיט מבוכה.

אַן אַגב־אורחאדיקע באַמערקונג. פאַר אַ קולטור־היסטאָריקער וועט זיין אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן, אַפילו בלויז אויפן געביט פון ליטעראַ־טור, דעם איצטיקן מצב אין מערב־איראָפּע און אין צפון־אַמעריקע, ווע־מענס ליטעראַטור־וועג איז, זייט דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויך אַ מערב־איראָפּעיִשער, מיט דער תּקופה פון רוים אין ערשטן יאָרהונדערט פון דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, ד. ה. נאָכן טויט פון קיסר אויגוסטוס. כ׳וויל זיך נישט אַריינלאָזן אין קיין פּרטים, כ׳וויל נישט מאַכן קיין אַנאַ־לאָגיעס און אַוודאי נישט קיין אויספירן. דאָס געהערט נישט צו מיין געביט. כ׳וויל נאָר אָנווייזן דערויף, אויף דער ענלעכקייט פון די צוויי תּקופות, און זאָגן, אַז ס׳איז כּדאי וועגן דעם זיך צו פאַרטראַכטן.

3

אַזוי, פיל־ווייניק, זעט אויס דער מצב אין דער וועלט־ליטעראַטור. אַנדערש, לגמרי אַנדערש, זעט עס אויס אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי אַנדערש ס׳איז בכלל דער וועג פון דער יידישער ליטעראַטור פון דעם פון די אומות העולם (ווי איך האָב דאָס אויפגעוויזן אין מיין רעפעראַט „צי האָט די יידישע ליטעראַטור איר אייגענעם וועג?”).

זייט די „יונגע” און די „אינזיכיסטן” אין אַמעריקע און די „כאַליאַס־טרע” אין פּוילן, וועלכע האָבן אויך נישט געשאַפן קיין טעאָריעס, נאָר כאָטש פאַרעפנטלעכט דעקלאַראַציעס, האָט די יידישע ליטעראַטור כּמעט נישט געלאָזט הערן פון זיך קיין וואָרט פון באַגרינדונג: פאַר וואָס אַזוי? פאַר וואָס נישט אַנדערש? ווהין און דורך וואַנען פירט דער וועג?

מען קאָן זען דערין אַ רעזולטאַט פון דער שואה. די יידישע ליטעראַ־טור איז נאָך פאַרנומען מיט דעם צונויפקלייבן די רעשטלעך נאָך דער מוראדיקער שׂריפה, זי האַלט נאָך אין פאַרבינדן די שווערע ווונדן און קאָן

זיך נישט באַשעפטיקן מיט פראַגעס: פאַר וואָס אַזוי? פאַר וואָס נישט אַנדערש? און צענדליקער און הונדערטער אַנדערע פראַגעס.

וואָלט מען די דאָזיקע דערקלערונג געקאָנט אָננעמען פאַר אַ טרויעריקן אמת, ווען נישט דאָס, וואָס שוין צוואַנציק יאָר פאַר דער שואה האָט אויך די יידישע ליטעראַטור געשוויגן וועגן זיך, נישט געזאָגט וואָס זי וויל און פאַר וואָס אַזוי.

איך פּערזענלעך וויל ווידער זען דערין אַן אויסדרוק פון אַנדערשקייט. די יידישע ליטעראַטור, וועמעס אַנהויב איז געווען אין גלות, איז אַ ליטעראַטור פון אַן „עם לבדד ישכון". די העברעיִשע ליטעראַטור פון נאָך דער אַנטשטייונג פון דער מדינה, דער עיקר איר פּאָעזיע, וויל זיין מיט גויִים גלייך, זי רייסט זיך צו די גויִים. מאַכט זי נאָך. (פאַרשטייט זיך, אַז איך מיין נישט אַלע) *.

איך וועל איצט נישט איבערחזרן די אַלע אַנדערשקייטן פון דער יידישער ליטעראַטור, וועגן וועלכע איך האָב שוין אין מיין אויבן דערמאָנטן רעפעראַט גערעדט. כ׳וויל נאָר צוגעבן עטלעכע, לויט מיין מיינונג חשובע, וועלכע מאַכן נאָך בולטער דעם יידישן וועג פון דער יידישער ליטעראַטור.

די וועלט־פּאָעזיע, און אין אַ גרויסער מאָס אויך די פּראָזע, איז פול מיטן געפיל פון פּחד, פון פּחד פאַרן טויט. זייט דעם חטא־הקדמון שטאַרבן מענטשן און מען האָט קיין מאָל אַזוי נישט מורא געהאַט פאַרן טויט, ווי אין אונדזער יאָרהונדערט. סיבות זענען פאַראַן אַ סך. איך וועל נאָר אויסרעכענען עטלעכע: די אַנטוויקלונג פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע. זי האָט אָפּגעריסן דעם מענטש פון דער נאַטור און געבראַכט דערצו, אַז מען זעט נישט מער דעם טויט ווי אַ נאַטירלעכן פּראָצעס, נאָר ווי אַ קאַטאַסטראָפע; די גרויסע שאַנסן, וועלכע דער יחיד האָט באַקומען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט און איר אינדוסטריע און במילא דער פּחד אַז מען וועט דאָס אַלץ מוזן איבערלאָזן און אַוועקגיין; דאָס געשטייגערטע

---

* איך וויל נישט זען די העברעיִשע און יידישע ליטעראַטור, ווי צוויי באַזונדערע ווירקלעכקייטן. פאַרקערט. כ׳וויל זיי שוין זען זייער זען ווי איין גאַנצקייט. אָבער צייט דער ווידער־אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, האָבן זיך די צוויי ליטעראַטן גענומען נאָך מער פאַנאַנדערגיין. דווקא די שוללי הגלות, די פאַרלייקענער פון גלות, די וואָס שטרעבן זיך אין גאַנצן אָפּצורייסן פון די יידן פון די תפוצות, דווקא די גייען בדרך כל הגויים, כ׳מיין איצט אויפן געביט פון ליטעראַטור (דער עיקר פון דער פּאָעזיע), כאָטש ס׳וואָלט באַדאַרפט זיין פאַרקערט. זיי וואָלטן לפּחות באַדאַרפט אונטערשטרייכן זייער אייגנאַרטיקע ישראלדיקייט.

געפּיל ביים מענטש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן איינצורעדן, אַז „כּוחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה" און במילא די אָפּגעריסנקייט פון גאָט. יעדע אָפּגעריסנקייט ברענגט אין רעזולטאַט פּחד.

דער דאָזיקער ויתרוצצו צווישן מאַכט און אָנמאַכט, צווישן כּוח און הילפלאָזיקייט, צווישן פאַרריסנקייט און פּחד, האָט געפירט דירעקט צום אַבסורדאַליזם, צו זען די וועלט ווי אַן אַבסורדאַלע יצירה און דעם מענטש, ווי אַ שפּילצייג אין די הענט פון טייוול.

צו דעם אַלעם איז נאָך אין אונדזערע צייטן צוגעקומען דער פּחד פאַר טאָטאַלער פאַרניכטונג. ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז אויב צרת רבים איז חצי נחמה, איז מיתת רבים שוין אין גאַנצן קיין נחמה נישט.

די ליריק, וועלכע האָט, דאַכט זיך, ביי באָדלערן זיך דאָס ערשטע מאָל אָנגערופן „מאָדערנע", די ליריק האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער וועלט. אַריין אין אַן עלפאַנטביין־טורעם. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די תּקופה פון „קונסט פאַר קונסט", (נישט פאַרן מענטש). ביי באָדלערן האָט זיך אָנגעהויבן די דעפּערסאָנאַליזאַציע, אויב מען קאָן אַזוי זאָגן, וועלכע איז ביי רעמבאָ דערגאַנגען צו דעהומאַניזאַציע. דער מענטש, הומאַנע אידייען, האָבן אויפגעהערט פאַר דער ליטעראַטור צו עקזיסטירן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די דעגראַדאַציע פונעם האַרץ לטובת דעם אינטעלעקט, די דעגראַדאַציע פון געפיל לטובת דער פאַנטאַזיע.

אַלץ וואָס איז געשען און געשעט אין דער וועלט־פּאָעזיע, ווי אין דער וועלט־ליטעראַטור בכלל, נאָך דער דאָזיקער תּקופה און ביזן היינטיקן טאָג, זענען נאָר ווי פאַרשידענע שטעגלעך וואָס פירן צו דעם זעלבן וועג. (קאַטאַסטראָפע).

די יידישע פּאָעזיע, און דווקא די פון נאָך דער שואה, די פון די שארית־הפּליטה, פון די וואָס האָבן איבערגעלעבט די שואה, און פון די וואָס האָבן געזען פון דער נאָענט די רעזולטאַטן פונעם חורבן, דווקא די פּאָעזיע איז פריי פון דעם געפיל פון פּחד פאַרן טויט, פאַרן טויט וואָס דערוואַרט יעדן מענטש, און אויך פריי פון מורא פאַרן טאָטאַלן אומקום.

וועגן אומקום, וועגן דער שואה, האָט אַ סך געשריבן אברהם סוצקע־ווער. אויב מיר וועלן אָננעמען מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז ער האָט די שואה איבערגעלעבט ווי אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, איז עס מערק־ווירדיק וואָס אין זיינע לידער איז נישטאָ פאַראַן קיין פּחד. פאַרקערט, פאַראַן אין זיי אַ שפאַרער גראַד פון אָפּטימיזם. ער האָט אַפילו זיך גע־

פּרוווט רייצן מיטן טויט, און געזאָגט אין אַ ליד געשריבן בעת דער שואה „דער טויט אַליין דערשרעקט זיך פֿאַר דער שיינקייט".

וועט עמעצער וועלן פֿאַרענטפֿערן די דאָזיקע דערשיינונג מיט דעם גרויסן געשעעניש, מיט דעם נס פֿון דער אַנטשטייונג פֿון דער יידישער מדינה?

איז וואָס טוט מען, ווי אַזוי פֿאַרענטפֿערט מען די דאָזיקע דערשיינונג אין די לידער וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן פֿון שואה און באַלד נאָך איר, פֿאַר דער אַנטשטייונג פֿון מדינת ישראל? שנית, איז דאָך די העברעיִשע פּאָעזיע פֿון נאָך דער מדינה־אַנטשטייונג פֿול מיט פּחד און יאוש־שטימונגען.

זאָל איך ווידער זאָגן, אַז דערפֿאַר איז די יידישע פּאָעזיע פֿריי פֿון פּחד־שטימונגען, ווייל אויף אירע שפּעטער און לייענער איז שוין פֿון פֿריִער אויסגעגאָסן געוואָרן דער גזר פֿון אומקום?

איז ווידער די פֿראַגע, צי קאָן אומקום „אימוניזירן" דאָס האַרץ און דעם מוח קעגן פּחד פֿאַר אומקום? לויט אַלע כּללים פֿון דער פּסיכאָלאָגיע, דאַרף עס זיין גראָד פֿאַרקערט.

דאָ וויל איך אונטערשטרייכן דעם יידישן כאַראַקטער פֿון דער יידי־שער פּאָעזיע, ווי פֿון איר ליטעראַטור בכלל, איר „וחי בהם ולא שימות בהם". נישט נאָר האָט די יידישע דיכטונג ווי די יידישע ליטעראַטור בכלל, זיך נישט אָפּגעזאָגט פֿון מענטש, פֿון זיין האַרץ און פֿון די הומאַנע אידייען, נישט נאָר האָט זי נישט דורכגעמאַכט דעם דעהומאַניזאַציע־פּראָצעס, ווי מיר זעען עס אין דער וועלט־ליטעראַטור (פֿאַרשטייט זיך, אַז אויסנאַמען זענען אומעטום פֿאַראַן), פֿאַרקערט, די אַנטראָפּאָצענטרישקייט האָט זיך צייט דער שואה גאָר פֿאַרשטאַרקט אין דער יידישער ליטעראַטור. אַ יידי־שער דיכטער וועט זיך גיכער אָפּזאָגן פֿון גאָט, ווי פֿון מענטש. כ'וויל נאָר ברענגען איין משל, איציק מאַנגערס ליד „די אוהבֿי ישׂראל ביים טויט־לאַגער בעלזשעץ". און דעם דאָזיקן הויכפּונקט האָט די יידישע פּאָעזיע דער־גרייכט אין די לידער פֿון ה. לייוויק, פֿון חיים גראַדע. דער מענטש און נאָר דער מענטש, איז דער יסוד פֿון אַלע מאַנגערס שאַפֿונגען. אַזוי איז עס אין דער גאַנצער יידישער דיכטונג און אויך אין דער פּראָזע.

מיט דעם דאָזיקן „וחי בהם" פֿון דער יידישער ליטעראַטור איז פֿאַר־בונדן נאָך עפּעס. די וועלט־ליטעראַטור איז בדרך־כּלל אַ פּסיכאָלאָגישע, כ'וואָלט געזאָגט: אַ פּסיכאָאַנאַליטישע, די יידישע — אַ שטייגערישע, כ'וואָלט געזאָגט: אַ ביהעוויעריסטישע. זי גיט זיך אָפּ דער עיקר מיטן

באַשרייבן ווי אַזוי די מענטשן פירן זיך אויף, ווי אַזוי זיי פאַרהאַלטן זיך, נישט אָנגעבנדיק אַלע מאָל די מאָטאָרן פון אַזאַ אָדער אַנדער האַנדלונג. די יידישע ליטעראַטור האָט ליב, וואָלט איך געזאָגט, שטייגער, ווייל שטייגער איז באַזעסנקייט, צי עס גיט דאָס געפיל פון באַזעסנקייט, צי פון אַלטגעזעסנקייט, ווי דער רבי אין חדר האָט געטייטשט דאָס וואָרט „תּושב״. די יידישע פּראָזע, און אויך די פּראָזע אין אַמעריקע, האָט געצויגן איר יניקה פון דעם געפיל פון אַלטגעזעסנקייט, וועלכע ס׳האָט געהאַט דער עיקר דער פּוילישער ייד. דער ייד פון אַלע גלותן און דער ייד פון דער איצטיקער צעטרייסלטער וועלט, האָט דווקא אַ נטיה, אַ פּרעדילעקציע צו באַזעסנקייט צום שטייגער פון אַמאָל.

און אויב מיר זענען שוין געקומען צום אַמאָל, וויל איך אָנווייזן אויף אַ גרונט־טעות. מען האַלט, אַז די מאָדערנע וועלט־ליטעראַטור איז אַ הווה־דיקע, די יידישע איז אַ ליטעראַטור פון עבר, פון אַמאָל. מען זאָגט דאָס ווי אַ פאָרוואורף, ווי אַ טענה.

מוז מען וועלן פאַרשטיין, אַז קיין הווה עקסיסטירט כמעט בכלל נישט. וואָרעם דאָס, וואָס מיר האָבן געטאָן מיט אַ מינוט פריִער — איז עבר, און דאָס וואָס מיר וועלן טאָן מיט אַ מינוט שפּעטער — איז עתיד. דער הווה איז ווי אַ שמאָליטשקער שטריך אויפן האָריזאָנט, וועלכער טיילט אָפּ דעם הימל פון דער ערד. דאָס איז עס און מער נישט.

נאָר וואָס דען? די צייט פון עבר איז נישט די זעלבע וואָס אין עתיד. כ׳וועל געבן זייער אַ פּשוטן משל. ווען איך זאָג, אַז כ׳בין געווען די פאַר־גאַנגענע וואָך אין תּל־אביב, איז אויב איך דאַרף נישט אין דער פּאָליציי פעסטשטעלן מיין אַליבי, איז קיינעם נישט קיין גרויסער חילוק און מיר אויך נישט, און כ׳מוז נישט געדענקען, צי איז עס געווען דינסטיק, צי מיטוואָך. אָבער, אַז איך זאָג אַז איך וועל זיין די צווייטע וואָך אין תּל־אביב, ווילן אַנדערע און איך אַליין וויל וויסן גענוי ווען דאָס וועט זיין, ווייל איך מוז צופּאַסן מיין צייט צו דער צייט פון די מענטשן, וועלכע כ׳דאַרף טרעפן, און דאָס טרעפן זיך מיט זיי קאָן האָבן פאַר מיר, אָדער פאַר זיי, אַ גורלדיקע באַדייטונג.

פון דעם איז געדרונגען, אַז מען קאָן איינטיילן די צייט אויף אַן אַקטי־ווע, דאָס איז די צייט פון עתיד, און אויף אַ פּאַסיווע, דאָס איז די צייט פון עבר. די פונעם עתיד וויל אונדז נעמען ביים האַלדז, זי וויל מיט אונדז טאָן, וואָס זי וויל, און די פּאַסיווע ליגט אין אונדזערע הענט, מיר קאָנען טאָן מיט איר וואָס מיר ווילן. מיר קאָנען זי איינשרומפּן, צונויפקלייבן און

פּאַרוויקלען, מיר קאָנען צונויפפירן פאַרשידענע צייט־אַפּשניטן פונעם עבר. היות יעדער קינסטלער וויל זיין פריי, וויל נישט זיין געבונדן, וויל קאָנען טאָן וואָס זיין פאַנטאַזיע, צי זיין טאַלאַנט זאָגט אים אונטער, איז במילא זיין צייט די צייט פון עבר.

אַזוי אַרום איז דער גאַנצער פּראָבלעם פון עבר און הווה (עתיד געהערט צו נביאים און נישט צו קיין קינסטלער) פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט לגמרי נישט וועזנטלעך, כ׳וואָלט געזאָגט, עקסיסטירט אין גאַנצן נישט.

די אַקטיווע צייט, דער עתיד געהערט צו נביאים און נישט צו קיין קינסטלער, בלייבט פאַר דעם לעצטן נאָר דער עבר. עבר, מיינט מען די ירושה פון עבר. די אַלע וואָס פאַרלייקענען זייער פאַרבונדנקייט מיטן עבר, צי אין געשיכטלעכן זין, צי אין זין פון מסורה, צי אין קינסטלערישן, פאַרלייקענען זיך אַליין.

עבר מיינט מען ירושה פון עבר. וואָס רייכער די ירושה אַלץ שטאַרקער דער אינסטינקט וואָס היט אָפּ די ירושה. אינסטינקט ווערט דאָ געמיינט: קולטור־אינסטינקט.

ס׳איז דעריבער נישט פאַראַן קיין אַנטלויפן אין עבר, ווי טייל טייטשן זיך אויס דאָס באַשעפטיקן זיך מיט אים, נאָר אַן אָרגאַנישע פאַרבונדנקייט מיט דעם עבר.

און נאָך עפּעס. ווען מען קוקט זיך גוט צו צו דער וועלט־ליטעראַטור, צו אַלע אירע אַמפּערנישן און מאַטערנישן, זעט מען אַז אַלץ דרייט זיך אַרום איין פּראָבלעם: פאָרעם און אינהאַלט, אַלץ רעדוצירט זיך צו דעם דאָזיקן איינעם פּראָבלעם.

די יידישע ליטעראַטור און איר קריטיק, צוליב דער יידישער מאָניס־טישער טענדענץ, פּסקנט אָפּט אָפּ, אַז פאָרעם און אינהאַלט זענען איינס און דאָס זעלבע. אַז אינהאַלט ווערט פאָרעם און פאָרעם קאָן ווערן אינ־האַלט, אינעם זין אַז „זכור ושמור בדבור אחד נאמרו״. דאָס דאַרף אויס־געפאָרשט ווערן, ווייל אינעם ליכט פון דער סטרוקטוראַלער, צי געשטאַלט־פּסיכאָלאָגיע, קאָן זיך אַרויסווייזן גאָר עפּעס אַנדערש.

פאַרשטייט זיך, מען קאָן זאָגן, אַז די יידישע ליטעראַטור און איר קריטיק שטייען נישט אויף דער אינטעלעקטועלער הויך, וואָס די מערב־אייראָפּעיִשע. דאָס איז אמת. איך בין ווייט נישט צופרידן פון דעם אינטע־לעקטועלן ניוואָ פון דער יידישער ליטעראַטור און איר קריטיק. די אַקאַ־דעמישע, די פון די יידיש־קאַטעדרעס ביי די פאַרשידענע אוניווערסיטעטן, איז אַ פילאָלאָגישע. די פּאַרטיזאַנישע, פון די פרייע קריטיקער, איז אַ

רעצענזיאָניסטישע. יעדער איינער אַזאַ קריטיקער טראָגט אַרום אין קעשענע אַן אייגענע וואָג און מאָס און פּראָווועט זעלבשטענדיקע קונסט־קריטיק.

אָבער פון דער צווייטער זייט, איז די מערב־איראָפּעיִשע ליטעראַטור־קריטיק אינטעלעקטועל פאַרספּעקולירט. זי האָט זיך צו פיל אַריינגעלאָזט אין פילאָסאָפישע ספּעקולאַציעס. פון יעדער שיטה נעמט זי עפּעס, און קודם די מעטאָדע, די טעכנאָלאָגיע, ווי כ׳האָב שוין פריִער אָנגעוויזן.

די „מאָדערנע" שרייבער האַלטן דעם רעאַליסטישן ראָמאַן, וואָס זיי רופן אים אָן דעם „קאָנווענציאָנעלן", פאַר אַ פיקציע, און די שעפערס פאַר פאַנגלאָסעס, פאַר אַלץ־וויסערס. פאַר וואָס פאַר אַ פיקציע? ווייל דער שרייבער ווייסט דאָך שוין פאָרויס וואָס עס טראַכטן זיינע העלדן, ווי אַזוי וועלן זיי האַנדלען און זיי ווייסן פון פאָרויס דעם גורל פונעם העלד.

מוז איך קודם־כל זאָגן, אַז ס׳איז נישט אין גאַנצן אַזוי. אָפט מאָל טרעפט, אַז היד כותבת. אָבער וואָס שייך פיקציע, האַלט איך אַז קונסט, און דער עיקר די שרייבערישע, איז טאַקע נישט מער און נישט ווייניקער ווי פיקציע. ס׳איז אַ צווייטע ווירקלעכקייט אין וועלכער עס שפּילט זיך אויס דער גורל פון די בענקשאַפטן, וועלכע האָבן זיך אין דער ווירקלעכער ווירקלעכקייט נישט געקאָנט אויסשפּילן. ווער ס׳טראַכט אַנדערש, דער יאָגט, לויט מיין מיינונג, אַ כימערע.

צום שלוס עטלעכע אני מאמינס.

איך גלויב, אַז דער איצטיקער גייסטיקער קריזיס אין דער וועלט, און ביי אונדז, די גרויסע מבוכה וועלכע הערשט אויף אַלע געביטן, און אַפילו דאָס, וואָס געשעט איצט ביי אונדז אין לאַנד, איז אַ פּועל־יוצא פון דעם, וואָס אין אונדזערע צייטן האָט דאָס אָרט פון בענקשאַפט פאַרנומען דער נייגיר, ס׳אָרט פון אַנטפּלעקונגען האָבן פאַרנומען די אַנטדעקונגען.

כ׳גלויב אָבער איינציִיטיק, אַז די צוויי עקסטרעמע ריכטונגען פון דער מענטשלעכער מחשבה, די טעכנאָלאָגישע און טעאָלאָגישע, כאָטש זיי וועלן זיך אויף זייער וועג נישט צונויפטרעפן, ווי די צוויי פּאַראַלעלע ליניעס וואָס לויפן לעבן זיך אין דער אומענדלעכקייט, וועלן זיי געפינענדיק זיך פּנים־אל־פּנים אויפהאַלטן די גלייכגעוויכט פון דער וועלט. דער נייגיר וועט זוכן רו און באַרויִקונג אין בענקשאַפט, און בענקשאַפט וועט נישט זען קיין סתירה צו זיך אינעם נייגיר.

כ׳גלויב נישט, אַז ס׳זענען פאַראַן צייטן ווען ווערטן ווערן אַנטווערט, אָדער אין וועלכע ס׳קומט פאָר אַן איבערוווערטונג פון ווערטן. ווערטן פאַר־לירן קיין מאָל נישט זייער ווערט, אויב זיי זענען אמתע. ס׳זענען אָבער

פֿאַראַן צייטן אין וועלכע דער מענטש, אַ מידער פֿון דער מבוכה, דערקלערט זיך פֿאַר באַנקראָט, פֿאַר נישט־צאָלונגס־פֿעיִק, און זוכט זיך פֿאַרשידענע תּירוצים צו באַרעכטיקן זיין טאָט.

נישטאָ קיין גרינגערער וועג, ווי דער דאָזיקער באַרג־אַראָפּ. נישטאָ עפּעס גרינגערס ווי צו זיין אַן אָרעמאַן, אַן אָרעמאַן אין גייסט. ס׳איז אָבער אומווירדיק אַפֿילו בלויז צו זיין אַ שׂמח בחלקו אין געביט פֿון אינטעלעקט.

איך גלויב אין דער צוקונפֿט פֿון די ליטעראַטורן פֿון די קליינע פֿעלקער דווקא. זיי זענען נישט פֿאַרפּלפּוליזירט מיט די פֿאַרשידענע טעאָריעס און איזמען. זייער יסוד איז — עכטקייט, נאַציאָנאַלער שטייגער, און זייערע אוניווערסאַלע אידייען דרינגען אַרויס פֿון זייער נאַציאָנאַלער פֿאַרוואָרצלטקייט, ווי מיר זעען דאָס אין ניי־גריכנלאַנד (ניקאָ קאַזאַנצאַקיס, און נישט דווקא אין זיין „זורבאַ דער גריך״) און אין יוגאָסלאַוויע, וווּ אַזאַ וווּנדערלעכער שרייבער ווי איוואָ אַנדריץ שרייבט דעם עפּאָס פֿון זיין קליין פֿאָלק און קליין לאַנד (באָסניע), און פֿאַראַן נאָך אמתע שרייבער ביי קליינע פֿעלקער.

כ׳גלויב אינעם עבר, אַז דער עבר איז דער קוואַל פֿון יעדער אמתער קינסטלערישער שאַפֿונג, ווייל נאָר דאָס וואָס איז באַשטימט צו בלייבן פֿון עבר, האָט דעם זכות זיך צו אַנטוויקלען אין עתיד.

רעפֿעראַט געהאַלטן אויפֿן אַלוועלטלעכן קאָנגרעס
פֿאַר יידישע וויסנשאַפֿטן, ירושלים, 1965.

„צוקונפֿט״

# דאָס זעלבסט־פאַרשטענדלעכע יידישקייט

ס'איז נישט פאַראַן קיין אינטעגראַלע, רעקאָנסטרוקציאָניסטישע, רע־ליגיעזע, וועלטלעכע, רעפאָרמירטע, צי ווי עס הייסט דאָרט, יידישקייט.

ס'איז פאַראַן נאָר איין מין יידישקייט: אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכע יידישקייט.

איז עס נישט זעלבסט־פאַרשטענדלעך — איז עס אַפילו נישט פאַר־שטענדלעך, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז עס איז נישט עכט, נישט געקוקט אויף אַלע פשטלעך, דריידלעך און פּילפּולים.

טעם־המיצוות איז נאָר געגעבן געוואָרן פאַר טיפּע מאמינים, פאַר די, וואָס גלויבן נישט נאָר אין מיצוות, נאָר אויך אין טעם־המיצוות.

אַ קינד פון יידישער טאַטע־מאַמע דאַרף, ווי נאָר עס הייבט אָן עפּעס צו פאַרשטיין, וויסן, אַז עס איז אַ ייד. סוף־כל־סוף איז דאָס וויסן אַ סך לייכטער און וויניקער פּיינלעך ווי דאָס זיך דערוויסן.

אַ ייד דאַרף אויף זיך מקבל זיין די גאַנצע תורה, מיט אַלע דינים, גדרים און סייגים.

מקבל זיין הייסט נאָך נישט — מקיים זיין.

ווייל דעם מענטש איז געגעבן געוואָרן די פּריווילעגיע פון זינדיקן, און נישט נאָר פון זינדיקן, נאָר אַפילו פון וועלן באַקומען שטראָף, פון וועלן מקבל זיין אויף זיך שטראָף. אַפילו די מאַזאָכיסטישע טענדענץ פון וועלן באַקומען אַ האַרבע שטראָף.

און נאָך אַ גרעסערע פּריווילעגיע האָט מען געגעבן דעם מענטש. דאָס איז די פּריווילעגיע פון קאָנען תשובה טאָן.

אַ לעבן אָן תשובה — איז ווי עסן אַ גאַנץ לעבן נישט האָבנדיק קיין איין מאָל געפילט דעם טעם פון הונגער.

ווען אַ מענטש הייבט זיך אויף אין דער פרי און טאַפּט זיך דעם דופק, צי ער לעבט — איז ער פּסיכיש נישט נאָרמאַל.

ווען ס'טאַפּן זיך דעם דופק די, וואָס וואַרטן אויף יציאה פון זייער יידישער נשמה, פאַרשטייען מיר דאָס. (כאָטש ס'איז משונה־אָפּשטויסנדיק). אָבער וואָס טאַפּן זיך כסדר דעם דופק די, וואָס האַלטן זיך און ווילן טאַקע בלייבן הונדערט־פּראָצענטיקע יידן?

מיר ווייסן נישט, וועלכע שרעק ס׳איז אין דער יידישער וועלט גרע־סער: די שרעק פאַר דעם, וואָס מען איז נאָך אַלץ נישט געוואָרן אין גאַנצן אויס ייד, צי די שרעק וואָס מען האַלט וואָס אַ מאָל מער ביי ווערן אויס ייד.

איינס איז זיכער, די שרעק פאַר דעם, וואָס מען איז נאָך אַלץ נישט אויס ייד, קאָסט פסיכיש די, וואָס לעבן די שרעק איבער, אַ סך מער, ווי זיי וואָלטן גענומען אויף זיך דעם נסיון אַדורכצוגיין די פיפט־עוועניו אַנגעטאָן אין טלית און תפילין.

און די שרעק פון די, וואָס האָבן מורא, אַז זיי ווערן אויס יידן, קאָסט די דאָזיקע מענטשן פסיכיש אַ סך טייערער, ווי זיי וואָלטן אַריינגעגאַנגען צו אַ גלח און זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּגעשמדט.

סוף־כל־סוף ווערן סיי די ערשטע און סיי די צווייטע נישט מער, ווי יידישקייט־אינוואַלידן.

וועט עמעצער אפשר זאָגן, אַז די שרעק פון אַ טייל יידן פאַר דעם וואָס זיי זענען נאָך נישט געוואָרן אין גאַנצן אויס יידן — נעמט זיך פון די איבער זעקס מיליאָן קרבנות פון אייראָפּעיִשן יידנטום, וועט דאָס נישט זיין ריכטיק.

מיר ווייסן, אַז דווקא די יידן, וואָס האָבן טיף אָפּגעפילט דעם שוידער־לעכן פאַרלוסט אונדזערן, דווקא די יידן ווילן זיין און בלייבן יידן, ביי זיי האָט זיך דאָס געפיל פון יידישקייט שטאַרק פאַרטיפט.

דער ענין איז אַן אַנדערער. ס׳איז איצט פאַראַן ביי די אַמעריקאַנער יידן אַ גינסטיקערע קאָניוקטור פאַר צונויפמישן זיך און אַריינדרינגען אין דער אָרטיקער געזעלשאַפט. דער אַמעריקאַנער אַסעמיטיזם גייט לעצטנס איבער אין אַן אַנטיסעמיטיזם. דאָס גיט פון דער צווייטער זייט אַ גרעסערע מעגלעכקייט און אַ שאַרפערן סטימול דער יידישער טראָך־אַסימילאַציע, (וואָס שטאַרקער דו ווילסט מיך נישט, אַלץ פאַרעקשנטער וועל איך זיך רייסן צו דיר); דאָס איז אַ טייל פון דער משונהדיקער דיאַלעקטיק, וועלכע „רעגולירט" די באַציִונגען פון דער נישט־יידישער וועלט צו אונדז, און פאַרקערט.

און אונדזער יידישע אַסימילאַציע — איז אויך אַן אתה־בחרתנו־אַסי־מילאַציע, זי איז אַנדערש ווי ביי אַנדערע פעלקער.

ווען אַ נישט־ייד רייסט זיך אָפּ פון זיין נאַציאָנאַלן שורש — איז ער אַ דור, אָדער אַפילו עטלעכע דורות נאַציאָנאַל סטעריל. ווען אַ ייד רייסט זיך אָפּ פון זיין נאַציאָנאַלן שורש, מוז ער שוין תיכף ומיד, צושטיין צום נאַציאָנאַלן שורש פון אַן אַנדער פאָלק.

דער ייד אַסימילירט זיך דערפֿאַר, ווייל ער איז בעצם אַ נאַציאָנאַל וועזן. ווען עס גענוגנט אים נישט דאָס נאַציאָנאַלע פֿון זיין אייגן פֿאָלק, ווען פֿאַר זיין נאַציאָנאַלן געפֿיל פֿעלן אים אויס די אַטריבוטן פֿון מאַכט (וואָס יעדע פֿרייע נאַציע פֿאַרמאָגט), זוכט ער דאָס ביי אַן אַנדער פֿאָלק, און נישט זעלטן גענישט ער דערפֿון בגוואַלד.

יידן אַסימילירן זיך נישט, יידן אַסימילירן. זיי לייזן נישט אויף דאָס יידישע, זיי איינגען זיך צו דאָס נישט יידישע. פֿאַר די אַנטיסעמיטן איז דאָס אַן אַלטע, גערעכטע טענה, און פֿאַר אונדז איז דאָס: „ישׂראל אף על פּי שחטא ישׂראל הוא״.



ס׳זענען נאָר פֿאַראַן צוויי ריכטיקע באַגריפֿן פֿאַר יידישע קיבוצים: ישׂראל און גלות. דער „איידעלער״ באַגריף פֿון תּפֿוצות — איז פֿאַלש.

גלות — הייסט וואַנדערן פֿון אָרט צו אָרט. ווען ס׳האָבן זיך אָפּגע־שטעלט די מעגלעכקייטן פֿון יידישער אויסוואַנדערונג פֿון אייראָפּע, זענען די דאָרטיקע יידן פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף אומקום.

שלילת הגלות איז נישט קיין ציוניסטיש אויסטראַכטעניש. פֿאַר שלי־לת הגלות זענען די וואָס האַלטן, אַז געוויסע יידישע תּפֿוצות קאָנען דויערן עד סוף כּל הדורות.

די וואָס זענען קעגן דעם באַגריף גלות — זענען קעגן דעם יידישן קיום אין גלות.

הייסט עס, אַז די יידן דאַרפֿן וואַנדערן כּסדר פֿון אָרט צו אָרט? ניין! אָבער גרייט דערצו דאַרפֿן זיי זיין. און אַז מען גרייט זיך אין וועג אַריין לייגט מען קודם־כּל אַריין אין טאַש דעם פּאַספּאָרט.

און אין דעם פּאַספּאָרט שטייט אַריינגעשריבן: ייד, ייד, ייד!



קאָן עמעצער קומען צו מיר מיט דער טענה, דאָס היות איך שרייב, אַז מקבל זיין הייסט נאָך נישט מקיים זיין, מיינט איר מסתּמא, אַז מ׳קאָן מקבל זיין די תּורה מיט דער פּאָרויסיקער כּוונה זי נישט מקיים צו זיין. איז דאָך דאָס פֿאַלשקייט און אפשר אַפילו פּערפֿידיע.

ווער זאָגט דען: מיט דער פּאָרויסיקער כּוונה? אדרבה, ווער ס׳קאָן, דאַרף און איז מחויב מקיים צו זיין. אָבער, אַז מען ברענגט אַ קינד אויף דער וועלט קאָן מען דען עס פאַרזיכערן אריכת־ימים? איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אַז מקבל זיין איז מער ווי מקיים זיין. בלייבן אַ ייד איז מער, ווי זיין אַ ייד. זיין אַ ייד איז אַ מדרגה, בלייבן אַ ייד איז דער יסוד פון אַלע מדרגות.

אונדזערע טאַטעס און זיידעס זענען געווען יידן, ווייל ביי זיי איז געווען אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, אַז זיי בלייבן יידן. און זיי זענען געבליבן יידן, ווייל ביי זיי איז אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, אַז זיי זענען יידן.

נצח־ישׂראל איז נישט קיין היסטאָריש געפיל, נאָר אַן אַקסיאָמע. וויפל פּרווון דאַרף מען דאָס סוף־כּל־סוף מאַכן, בכדי אַן אַנטדעקונג זאָל ווערן אַן אָנגענומענער פאַקט? וויפל נסיונות דאַרפן דאָס די יידן אַדורכמאַכן, אַז זייער אייביקייט זאָל זיין אויסער יעדן ספק?



האָט איר שוין געזען, אַז אַ פראַנצויז זאָל זיך אויפהייבן אין דער פרי און זיך פרעגן, צי ער איז אַ פראַנצויז? האָט איר שוין געזען אַז אַ ייד אין ישׂראל זאָל זיך אויפהייבן אין דער פרי און זיך פרעגן, צי ער איז אַ ייד?

ווען טאַטע־מאַמע ווילן נישט ברענגען קיין קינדער אויף דער וועלט, ווייל זיי האָבן מורא, אַז די קינדער זאָלן נישט זיין געראָטן, צי זיי האָבן מורא, אַז די קינדער וועלן אפשר נישט לעבן, איז דאָס דעגענעראַציע.

ווען יידישע טאַטע־מאַמע האָבן מורא דערציִען זייערע קינדער פאַר יידן ווייל זיי האָבן מורא צי זיי וועלן קאָנען זיין יידן, איז עס דעגענעראַציע.

אַ ייד איז נישט דער וואָס איז מקיים דיתּרי״ג מצוות, אַ ייד איז דער, וועמען ס׳פאַלט נישט איין צו ווערן אויס ייד.

יידישקייט איז אומטיילבאַר. נישטאָ קיין פערטל־ייד, האַלבער ייד און גאַנצער ייד. אַלע יידן זענען גאַנצע — יידן. ס׳איז נאָר פאַראַן ביי טייל אַן אינטענסיווערע יידישקייט און ביי אַנדערע אַ ווייניקער אינטענסיווע. אָבער די יידישקייט־פּאָטענץ איז ביי אַלע גלייך און דאָס איז דער עיקר.

יידישקייט איז געוואָרן אַ קאָמפּלעקס. יידישקייט אין גלות האָט ביי ווערן אַ צוואַנגס־נעוראָזע. איז דען פאַראַן אַ גרעסער גלות ווי דאָס? ס׳קאָן

אונדז נאָך חלילה קאָסטן מער קרבנות, ווי אַלע אונדזערע ביזאיצטיקע אומגליקן.

עפּידעמיאָלאָגן וויסן צו דערציילן, אַז בשעת מגיפות זענען אַמאָפּטסטן קראַנק געוואָרן די, וואָס האָבן מורא געהאַט, אַז זיי וועלן קראַנק ווערן. מען רעדט ביי אונדז צו פיל וועגן אַסימילאַציע, וועגן אונטערגאַנג פון יידישקייט, וועגן אַנדערע נאַציאָנאַלע מחלות. יידן! האָט נישט קיין מורא צו זיין יידן, און אין ערגסטן חלילה פאַל האָט נישט קיין מורא צו ווערן גויים. אַז איר וועט דערפאַר קיין מורא נישט האָבן — וועט איר דאָס נישט ווערן.



זעלבסט-פאַרשטענדלעכע יידישקייט איז אַפירמאַציע, באַשטעטיקונג. און נישט אינטערפּרעטאַציע. דער פּאָליטעיזם איז געווען אינטערפּרעטאַציע, ווייל ער האָט געמוזט צוטיילן די געטער זייערע פונקציעס. מאָנאָטעיזם — איז באַלד געווען אַפירמאַציע. ער האָט באַשטעטיקט די עקזיסטענץ פון איינציקן גאָט און דערמיט במילא באַשטעטיקט זיין פונקציע. זעלבסט-פאַרשטענדלעכע יידישקייט הייסט: — באַשטעטיקן און דאָס איז במילא: טאָן.

די, וואָס שרייען וועגן אַן אינהאַלט פאַר יידישקייט, די וואָס שרייען וועגן אַן אינהאַלט פאַרן יידישן קיום — די ווילן זיך קודם-כל אַרויסדרייען פון מצוות-מעשׂיות, זיי דערקלערן זיך דער יידישקייט (און דעם יידישן גאָט) אין פּלאַטאָנישער ליבע, זיי וויסן אָפּט נישט, אַז אַזאַ באַציִונג זייערע צו גאָט און רעליגיע — איז אַ פּערווערזע.

נישטאָ קיין אינהאַלט אָן פאָרעם. אינהאַלט אָן פאָרעם איז ווי נשמה אָן גוף, און נשמה אָן גוף איז גאָרנישט, אפשר גאָרנישט בנימצא, יעדנפאַלס ווערט נשמה ערשט נשמה, ווען גוף ווערט גוף. פאָרעם אָן אינהאַלט קאָן אַ צייט עקזיסטירן, אינהאַלט אָן פאָרעם — קיין מאָל נישט. די יידן וואָס האָבן געקושט יעדעס בלעטל פון סידור, נישט וויסנדיק דעם טייטש פון איין וואָרט, וואָס אין סידור שטייט, האָבן אַ סך מער אויפגעטאָן פאַרן קיום פון די יידן און יידישקייט, ווי גאַנצע דורות וויל-לערנערס.

און אפשר זאָלן מיר זיך גאָר פריש אַרונטערשטעלן אונטער אַ באַרג סיני? אָבער איצט זאָל קיינער נישט אויפהייבן דעם באַרג איבער אונדזערע

קעפּ און זאָגן: „וועט איר מקבל זיין די תורה איז גוט, ווי באַלד נישט וועט איר דאָ, אונטער דעם באַרג באַגראָבן ווערן". איצט זאָל מען יעדן איינעם געבן דעם פרייען אויסוואַל, לאָמיר אַדורכפירן אַ מין פּלעביסציט און די, וואָס וועלן בלייבן יידן, וועלן בלייבן, און די וואָס וועלן אויפהערן צו זיין יידן, וועלן קאָנען (צי וועלן זיי טאַקע קאָנען?) אַוועקגיין. אפשר טאָן אַזוי?

*

די צרה איז דאָך אָבער, אַז עס גייט נישט אין דעם, וואָס די יידן וועלן זאָגן, נאָר אין דעם וואָס די נישט־יידן וועלן זאָגן. ס'גייט נישט אין אַן אינהאַלט פאַר דעם ייד, וואָס מען איז, נאָר פאַר דעם ייד, וואָס מען האָט אויפגעהערט צו זיין. ס'גייט נישט אין אַזאַ צי אַנדערע פאָרעם פון יידישקייט, ווייל אַפילו די סאַמע פּראָגרעסיווסטע רעוואָלוציעס אין אונדזער רעליגיעז לעבן, האָבן נישט אָנגערירט אויף אַזוי פיל די יסודות, די עיקרים פון אונדזער דת, ווי דאָס האָט געטאָן דער לוטעראַניזם, צי קאַלוויניזם בנוגע דער קריסטלעכער אמונה (ד. ה. דער דעמאָלט הערשנדיקער קירך). אַפילו דאָס פרייע, דאָס וועלטלעכע יידישקייט איז אַ סך מער יידיש, ווי די וועלטלעכע יידן אַליין דאַכט זיך דאָס. אויב יידישקייט הייסט וועלטלעכ־קייט, צו וואָס דאַרף מען אין אַזאַ פאַל יידישקייט? נאָר אויב וועלטלעכקייט הייסט יידישקייט איז דאָס אַ פרישער אתה־בחרתנו, אַ פרישע מיסיאָנס־אידייע.

די צרה איז, אַז וועגן אונדזער באַציִונג צו יידישקייט האָבן מיר אויפ־געהערט צו דעצידירן. ס'דעצידירט פאַר אונדז די נישט־יידישע וועלט. מיר האָבן זיך מורא צו אַסימילירן ווייל דאָס אויסמישן זיך, לשם אַריינ־מישן זיך, מיטן פרעמדן פאָלק, ווערט דורך דעם לעצטן שלעכט געזען, און דאָס אָפּזונדערן זיך, דאָס נישט אַסימילירן — ווערט ווידער נישט גוט געזען דורך דער נישט־יידישער וועלט, ווייל דאָס איז פאַר זיי אַ סימן, אַז מיר האַלטן זיך העכער איבער אַלע פעלקער אין דער וועלט.

כל־זמן מיר אַליין וועלן נישט דעצידירן וועגן אונדזער באַציִונג צו זיך גופא און צו דער אויסערלעכער וועלט — אַזוי לאַנג וועלן מיר זיך געפינען אין כּף־הקלע פון זיין און נישט זיין, און נאָך ערגער פון ווערן און אויס־ווערן, פון פאַרבלייבן און נישט בלייבן אין כּף־הקלע פון יענעמס באַציִונג צו אונדז, פון יענעמס האַסע צי בעסע, פון יענעמס גוטן צי שלעכטן הומאָר.

ווען אַ טאַטע פירט זיין קינד אין חדר, צי אין דער יידישער וועלט־לעכער שול, צי אַפילו בלויז אויף אַ יידישן קאָנצערט, ווען ער רעדט מיט אים וועגן יידישקייט אַפילו נישט מער, ווי איין מאָל אין יאָר — דאַרף דאָס זיין פאַר אים אַזוי זעלבסט־פאַרשטענדלעך, ווי זעלבסט־פאַרשטענד־לעך ס׳איז פאַר אים דאָס, וואָס ער און זיין קינד אָטעמען.

דער גראַד פון יידישער אינטענסיווקייט (דאָס וואָס ווערט געוויינטלעך, אָבער פאַלש, אָנגערופן, אַז איינער איז מער ייד און דער צווייטער ווייני־קער), די אונטערשידן אין די גראַדן פון יידישקייט־אַקטיוויטעט, דאַרף זיין אָפּהענגיק בלויז פון די חלוקים צווישן די מענטשלעכע טעמפּעראַ־מענטן און נישט פון פאַרויס צוגעטראַכטע פּראָגראַמען.

זעלבסט־פאַרשטענדלעכע יידישקייט וועט צוריקגעבן דעם ייד די מעג־לעכקייט פון פילן. דער ייד פילט דאָך אַפילו נישט דעם גלות. ער פילט אים נישט אַזוי לאַנג ביז ווען ער דערפילט אים נישט. ס׳זענען פאַראַן יידן, וואָס פילן נאָך נישט ישׂראל. דערפאַר ווייל די יידן פילן נישט (זיי דער־פילן נאָר), האָבן זיי נישט ווי געהעריק געפילט דעם גרויזאַמען אומקום, וואָס האָט ווי אַ שטורעם אָנגעצויגן. זיי האָבן פאַרלוירן דעם ביאָנאַציאָנאַלן אינסטינקט. דערפילן איז נישט קיין ענין פון אינסטינקט, נאָר פילן און פאַרפילן. ווייל קולטור איז אַן ענין פון פילן און נישט פון דערפילן, דער־פאַר פילן נישט די יידן די יידישע קולטור.

ס׳איז נאָר פאַראַן איין מין יידישקייט: זעלבסט־פאַרשטענדלעכע יידישקייט. איז זי נישט זעלבסט־פאַרשטענדלעך, איז זי נישט פאַרשטענד־לעך, נישט עכט, נישט יידיש און נישט גוייִש. זי איז אַפילו נישט גאָרנישט. ס׳איז אַ האָרב פון וועלכן מ׳קאָן אַפילו נאָכן טויט נישט פּטור ווערן. ס׳איז אומווירדיק, ווייל ס׳איז געוואויגן און געמאָסטן מיט דער וואָג און מאָס פון קרעמער פון גייסט; ווייל ס׳איז צוגעשניטן מיט דער שער פון רעליגיע־און קולטור־בעל־מלאכות. אַזאַ יידישקייט איז נישט שיין, ווי באַפּוצט זי זאָל נישט זיין. אַזאַ יידישקייט איז נאָר איבעריק.

ווי אַזוי קאָן מען ווערן אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכער ייד? זייער לייכט, ווייל בעצם איז דאָס יעדער ייד. מ׳דאַרף נאָר אויפהערן צו זיין אַ נישט־זעלבסט־פאַרשטענדלעכער ייד. מ׳דאַרף אויפהערן זיך, די קינדער און דער וועלט צו גענאַרן. אמת איז דרייסטקייט, דרייסטקייט גיט שטאָלץ און שטאָלץ גיט פרייד. און ווען אַפילו דער גורל אונדזערער ווי יידן איז מער לייד ווי פרייד, איז דאָס אויך דער גורל פון יעדן יחיד, נישט נאָר פון

יידישן, ווייל אַזאַ איז בכלל דער משונהדיקער באַלאַנס פון מענטשלעכן לעבן אויף דער וועלט.

אונדזערע קרבנות זענען דאָך געקומען נישט פון אונדזער יידישקייט, נאָר פון זייער גויִישקייט. וואָס וויניקער יידיש מיר וועלן זיין און וואָס מער גויִיש, אַלץ גרעסער וועלן חלילה זיין אונדזערע קרבנות.

זעלבסט־פאַרשטענדלעכע יידישקייט איז ווי די ערד, ווי די זון, ווי די לבנה, ווי אַ שלונג פריש וואַסער, ווי ליבע, ווי אַ פול לעבן, אַפילו ווי אַ רייפער טויט, ווי בענקשאַפט, ווי דאָס געפיל פון צדק, ווי די האָפענונג אויף ביאת־המשיח, ווי דאָס גאַרן צו שלימות.

# פראָבלעמען פון דער יידישער ליטעראַטור

די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרלוירן אירע לייענער, דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן פוילישע יידן, די הויפּט־קאָנסומענטן פון יידישן ליטעראַרישן וואָרט, זענען מער נישטאָ.

וואָס דאַרפן איצט טאָן די יידישע ליטעראַטור־שעפער? אויפהערן שרייבן?

די לאַגע ענדערט זיך נישט דערמיט, וואָס עס זענען אויך אומגעקומען אַ סך יידישע שרייבער. יעדער שרייבער באַזונדער שאַפט פאַר אַלע. ווען אַפילו עס וואָלט חלילה נישט פאַרבליבן מער ווי איין יידישער שרייבער, וואָלט ער אויך באַדאַרפט האָבן די מיליאָנען, דאָס פאָלק, וואָס אין זיין נאָמען און אין זיין שליחות און פאַר אים דאַרף ער און וויל שרייבן.

פאַרשטייט זיך, אַז איצט, ווען די צייט האָט נאָך נישט פאַרווישט די גרענעצן צווישן לעבן און טויט, האָבן מיר נאָך אַלע די אילוזיע, אַז מיר רעדן און שרייבן פאַר מיליאָנען. אָבער אונדזער אילוזיע וועגן מיליאָנען וועט דאָך סוף־כּל־סוף צערונען ווערן, און דעמאָלט וואָס? וואָס הייסט עפּעס אויפהערן שרייבן? — וועט איר פרעגן מיט שטוינונג, און איר וועט פולשטענדיק גערעכט זיין.

נאָר צי קאָן מען שרייבן אין שליחות פון הונדערט טויזנט אַזוי, ווי מען האָט געשריבן אין שליחות פון מיליאָנען? צי דאַרף מען גאָר שרייבן פאַר הונדערט טויזנט אַזוי, ווי מען האָט געשריבן פאַר מיליאָנען?

פאַר וואָס עפּעס פאַר הונדערט טויזנט? — וועט איר ווייטער פרעגן: און ווו זענען די יידן מחוץ פון פוילן? ווו איז דער מיליאָנען־ישוב אין די לענדער פון צפון־ און דרום־אַמעריקע? ווו די אַנדערע יידישע ישובים? שרייבן דאָך די יידישע וואָרט־קינסטלער פאַר די יידן אין גאָר דער וועלט.

וועל איך אייך ענטפערן, אַז איר האָט אַ טעות:

געלייענט קאָן מען טאַקע ווערן פון דער גאַנצער וועלט, אָבער שרייבן קאָן מען נאָר אין שליחות פון די יידן, פאַר דעם ישוב, מיט וועלכן מען איז אָרגאַניש און גורלדיק פאַרבונדן.

די יידישע שרייבער, וועלכע פלעגן אויסוואַנדערן פון פוילן אויף יענער זייט אָקעאַן, פלעגן ווייטער אָרגאַניש פאַרבונדן זיין מיטן ישוב,

פון וועלכן זיי זענען אויסגעוואַקסן און וואָס זיין שליחות פלעגן זיי ווייטער אויספירן. די אילוזיע וועגן מיליאָנען, וועלכע מיר האָבן — האָבן זיי נאָך אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, און זי וועט ביי זיי אַ סך לענגער אַנהאַלטן ווי ביי אונדז.

די ליטעראַטור אַליין איז נאָך נישט פּאַרטיק מיט זיך. זי ווייס נאָך נישט אין וועמענס שליחות זי דאַרף אַרויסטרעטן. צי אין שליחות פון די דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן אומגעקומענע יידן פון פּוילן, אין שליחות פון חרוב־געוואָרענעם יידישן פּוילן, צי אין שליחות פון דעם קליינעם הייפל לעבנגעבליבענע יידן, וואָס בויען זייער נעסט פון דאָס ניי אויף דער פּוילישער ערד.

מיר טאָרן אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אויב מיר רעדן וועגן שליחות — רעדן מיר וועגן דעטערמיניזם. שליחות איז דעטערמינירט, און דאַן וואָלט די פראַגע געווען פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט קלאָר. דער שרייבער דאַרף אויספילן אַזאַ שליחות, פון וועלכן און צו וועלכן ער פילט זיך באַרופן. אָבער בכדי נישט צו קאָמפּליצירן דאָס פּראָבלעם, וועלן מיר דאָס וואָרט שליחות פאַרטרעטן מיט אַ צילבאַוווסטזיניקן וואָרט: רעפּרעזענטירן אָדער פאַראייביקן, און מיר וועלן פרעגן אַזוי: וועמען דאַרף דער יידישער שרייבער פאַראייביקן — צי די דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן אומגעקומענע, צי די הונדערט טויזנט איבערגעבליבענע?

*

טייל זאָגן אַזוי: דער יידישער שרייבער דאַרף און מוז איבערהיפּערן איבער די קברים. ער דאַרף גיין מיטן רוף פון נייעם לעבן, ער דאַרף געדענקען, אַז דער יידישער קרבן, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין, איז נישט געווען קיין אָפּגעזונדערטער. ער איז אַ רעזולטאַט פון קאַמף פון פאַשיזם מיט דער פּראָגרעסיווער וועלט. דער יידישער שרייבער דאַרף צוגלייך און אפשר נאָך מער, ווי אַלע פּראָגרעסיוו־דענקענדיקע מענטשן, טראָגן אויף זיך די אחריות פאַר דער צוקונפט פון דער וועלט און במילא פאַר דער יידישער צוקונפט, און מוז ווידמען אַלע זיינע שעפערישע כּוחות צום פאַרפעסטיקן דעם נצחון פון דער נייער דעמאָקראַטישער וועלט־ווירקלעכקייט.

אַנדערע זאָגן אַנדערש: דאָס יידישע פאָלק האָט זיך זיין באַשטימטן גורל, פון וועלכן ער קאָן נישט און וועט נישט אַוועק. יעדער אויפבראַוז

אין דער וועלט נעמט דווקא און אויסשליסלעך ביים יידישן פאָלק אַ קרבן אויף זיין מזבח. דער קידוש־השם גייט נאָך דעם יידישן פאָלק אויף יעדן טריט און דער עיקר אויף יעדן צוריקוועגס פון דער מענטשלעכער געשיכטע. דער יידישער גורל איז אַן אייגנאַרטיק־טרויעריקער. שטייענדיק היינט, וואָס אַן אמת, נישט איזאָלירט פון דער אַרומיקער וועלט, איז אָבער דאָס יידישע פאָלק איזאָלירט, ד.ה. איינציק מיט זיין טראַגישער גורל־באַשטימונג. דער יידישער שרייבער, וואָס איז אַממיינסטן פאַרבונדן מיטן פאָלק און ממילא מיט זיין גורל, דאַרף זיין אָט דער, וואָס פאַרפּיקסירט אין דער ליטעראַטור אָט די דאָזיקע קידוש־השם־אַקטן. ער דאַרף זיין דער, וואָס פאַרבינדט אַן עפּאָכע מיט אַן עפּאָכע און לעבט אויף אין דער ליטעראַטור דאָס, וואָס איז אין לעבן פאַרשניטן געוואָרן.

טייל זאָגן אַזוי: דער יידישער שרייבער דאַרף קודם־כּל און אין דער ערשטער ריי ווידמען זיין טאַלאַנט, זיין פעדער דעם אויפגייענדיקן ישוב, דער צוקונפט פון די יידן אין פוילן. דעם ישוב, צו וועלכן עס זענען נאָך איצט געווענדט, כאָטש בלויז צוליב פּיעטעט, אויגן פון אַלע יידן אין גאַר דער וועלט. אָבער דער יידישער שרייבער טאָר אויך נישט פאַרגעסן אין די מיליאָנען, וועלכע זענען אומגעקומען, אין דעם גרויסן און פילפאַרביקן ישוב, וואָס וועט שוין מער נישט זיין. דער שרייבער דאַרף מיטהעלפן דעם נייעם ישוב און אויפשטעלן אַ מאָנומענט אַן אייביקן דעם אין פייער און בלוט אומגעקומענעם אַלטן ישוב.

אַנדערע זאָגן פאַרקערט: דער יידישער שרייבער דאַרף קודם־כּל אויפשטעלן אַ קינסטלערישע פעלדזן־מצבה אַן „ערע פערעניוס" די אומגעקומענע יידן אין פוילן. עס טאָר נישט פאַרגעסן ווערן גאָרנישט, קיין איין שטריך, קיין שום ניואַנס פון דעם געוועזענעם רייכן זאַפטיקן קערנדיקן יידישן ישוב אין פוילן. דאָס, וואָס עס איז געשען, דאַרף פאַר די צוקונפטיקע דורות איבערגעגעבן ווערן אין זיין גאַנצער גרויזאַמער גרויסקייט. הן דער פאַסיווער קידוש־השם־אומקום, הן די העלדישע אויפשטאַנדס־ און אַפּווער־אַקטן דאַרפן באַקומען זייער קינסטלערישן תּיקון אין אַלע אופנים פון קינסטלערישן אויסדרוק. מען טאָר דערפון נישט אַוועקגיין, מען טאָר וועגן דעם נישט אויפהערן טראַכטן. מען טאָר נישט אָפּטעמפּן דאָס געפיל, וואָס עקבערט און מאָנט כּסדר כאָטש אַ קינסטלערישע קאָמפּענסאַציע.

פאַרשטייט זיך, אַז דער שרייבער, דער לעבעדיקער שרייבער, קאָן נישט בלייבן בלינד אויף דעם, וואָס עס קומט איצט פאָר מיטן הייפל יידן אין פוילן. ער קאָן נישט בלייבן פרעמד דעם אויפבלייענדיקן יידישן ישוב

דאָ, און ער דאַרף טאַקע פון צייט צו צייט וועגן אים דערמאָנען און שענ־קען אים עפּעס פון די מתּנות, מיט וועלכע אַן אמתער קינסטלער איז באַשאָנקען.

איינצלנע, און אפשר בלויז איינער, וואָלט שוין געוואָלט זען די יידישע ליטעראַטור אין אַן אָפּגערייניקטער אַטמאָספער, ווו דער טאַלאַנט זאָל ווייטער רויִק פאַרנעמען זיין בכּבודיק אָרט; דער יידישער שרייבער זאָל קאָנען שילדערן אַ פיינע סובטעלע באַצויבערנדיקע ליבע, אַ ליבע, וואָס זאָל אויספילן דעם גאַנצן „פּלענער", ס'זאָל נישט בלייבן קיין אָרט אין די ווינקעלעך אויף אָפּגעהאַקטע קעפּ און פאַרברענטע ביינער; דער שריי־בער זאָל קאָנען ווייטער מאָלן דאָס רחבות פון דער פּוילישער לאַנדשאַפט מיט אירע זאַפטיקע פאַרבן. סוף־כּל־סוף קאָן מען נישט דערשטיקן דעם טאַלאַנט מיט דעם, וואָס ער אַליין איז נישט געווען בכּוח איבערצולעבן, און מען קאָן אים אויך נישט הייסן זיך ברענען אין פייער, אין וועלכן ער איז פון זיך אַליין נישט דורכגעברענט געוואָרן.



אָבער ליטעראַטור איז נישט בלויז דער שרייבער, נישט בלויז טאַלאַנט, נאָר אויך דער אַדעקוואַטער אמת וועגן דעם שרייבערס געפילן, דער אמת וועגן דער אינערלעכער וועלט, וואָס דער שרייבער דעקט פאַר אונדז אויף און זייער באַציִונג צו דער אויסערלעכער וועלט. בלויז טאַלאַנט „טאַלאַנ־טיזם" — איז אפשר ווייניק און אפשר גאָרנישט פּאַסיק פאַר דער טראַגי־שער לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך די יידישע ליטעראַטור היינט צו טאָג.

די יידישע ליטעראַרישע שאַפונגען דאַרפן באַקומען אַן אַנדער לבוש. אפשר וועט דאָס אויטענטישע בילד, דאָס וואָרט, וואָס איז נאָך נישט באַ־וואַקסן מיט ווילדפלייש פון באַדייטן, וועקן צו העלפן דער יידישער ליטע־ראַטור אין איר טראַגישער לאַגע. און קודם־כּל איז אַ גרויסע אידייע דעם יידישן שרייבער נויטיק.

מ'קאָן נישט שרייבן פאַר הונדערט טויזנט, אַזוי ווי מען האָט געשריבן פאַר מיליאָנען. עס פאָדערט זיך איצט פון שרייבער מער אחריות־געפיל ווי אַמאָל. די יידישע ליטעראַטור, אַ חוץ די קלאַסישע, איז נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין באַשטימטער עפּאָכע, זי איז געווען אַ געדאַנקפולע און איינצייטיק אַן אידייענלאָזע און דערפאַר האָט זי נישט פאַרגעפילט, נישט

פאַרויסגעזען די מוראדיקע קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף די יידן.

דער וועג פון זוכן נייע אינהאַלטן, דער וועג פון זוכן נייע פאָרמעלע לייזונגען פאַר דעם אינהאַלט — וועט די יידישע ליטעראַטור פאַראייניקן, פאַרבינדן מיטן טראַגישן זוכנדיקן גורל פון יידישן פאָלק און וועט דער יידישער ליטעראַטור העלפן אַרויסגיין פון דער טראַגישער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך איצט.

געשריבן אין פוילן, 1947.

## יומא אריכתא

### (וועגן נצח-ישראל און קיבוץ-גלויות)

א

פאַרן רעליגיעזן ייד איז נישט שייך המשך. לויט אים און פאַר אים איז כביכול „בטובו מחדש בכל יום תמיד מעשה בראשית". דער רעליגיעזער ייד וויל גאָרנישט, אַז זיין וועלט זאָל זיין אַ וועלט פון המשך, אַז זיין היינט זאָל זיין אַ תולדה פון נעכטן. ער וויל, אַז זיין וועלט זאָל זיין געבויט אויף חסד, אויף כביכולס גוטסקייט, וואָס באַוויליקט זי יעדן טאָג צו באַשאַפן פון דאָס ניי.

די נשמה פון יעדן ייד גייט ביי נאַכט, בעתן שלאָף, אַרויף אין הימל, און יעדן אין דער פרי ווערט זי אים צוריקגעגעבן. יעדן טאָג ווערט דער ייד געבוירן פון דאָס ניי, כאָטש ער גייט שוין מער נישט אַרויס פון זיין מאַמעס טראַכט. וואָלט מען זיין נשמה נישט אַרויפגענומען יעדער נאַכט אין הימל אַריין, וואָלט מען זי אים במילא יעדן אין דער פרי נישט צוריקגעגעבן, און יעדער היינט וואָלט געווען אַ המשך פון אַ נעכטן און נישט קיין אַקט פון חסד פון דער השגחה עליונה.

דער רעליגיעזער ייד וויל גיכער זיך פאַרלאָזן אויף חסד פון רבונו־של־עולם, ווי אויף סדר־העולם, ווי אויף דרך־הטבע, כאָטש סדר־העולם און דרך־הטבע זענען אויך כביכולס באַשאַף. אָבער מיטן דירעקטן חסד פון גאָט פילט זיך דער רעליגיעזער ייד זיכערער, ווייל חסד איז אַ טייל פון גאָט ברוך־הוא גופא און נישט נאָר פון זיין בריאה. חסד ליגט אינעם פראַצעס פון יצירה גופא און נישט דער עיקר אין די אויסערלעכע פאָרמען און אין די ריטמען פון יצירה (וואָס דאָס זענען סדר־העולם און דרך־הטבע).

מיט דעם, וואָס די וועלט ווערט יעדן טאָג באַשאַפן פון דאָס ניי, פילט דער רעליגיעזער ייד ווי נישט נאָר די וועלט נאָר אויך ער אַליין ווערט יעדן טאָג פאַרמירט מיט די הענט פון באַשאַפער. נישט נאָר ער ווייסט, נאָר ער פילט מיט אַלע חושים דעם כוח הפועל בניפעל. דער יידישער מענטש איז נישט קיין באַשעפעניש פון נעכטן און נישט פון מאָרגן, נאָר

פון יעדער רגע און פון אַ יומא אריכתא, פון אַ לאַנגן טאָג, וואָס פירט אין דער אייביקייט.

לויט דער רעליגיעזער השקפה איז נישט קיום און נישט המשך די ריכטיקע באַצייכענונגען פאַרן יידישן זין און זיין. נאָר: נצח, נצחיות. סוף־כל־סוף מוז דאָך נישט קיום באַדייטן אייביק, און המשך מוז גאָרנישט דער טייטש זיין: שטענדיק. אָבער נצח איז דער טייטש: פעסט און אייביק. אויב נישט אייביק — איז קיין איין רגע נישט. ווען די יידן האָבן אין דעם מדבר געמאַכט דעם עגל, ווען זיי זענען אַרויסגעפאַלן פון דער אייביקייט־קאָנסטעלאַציע, האָט גאָט נישט געזאָגט — איך וועל זיי פאַרלאָזן, איך וועל זיי איבערלאָזן אויף זייער אייגענעם גורל אין דעם מדבר, נאָר ער האָט געזאָגט: — „ואכלם" (שמות ל"ב, י'). — איך וועל זיי פאַרלענדן. נישטאָ מער פאַר זיי קיין אָרט אין דער וועלט.

נצח — אייביק. נישט פאַראַן קיין נעכטן, נישט פאַראַן קיין מאָרגן און נישט פאַראַן קיין היינט, נאָר אייביקייט. נישט פאַראַן קיין צייט און קיין מאָס. די זעקס הונדערט טויזנט, וואָס זענען אַרויס פון מצרים, זענען געווען נישט קלענער און נישט גרעסער פון די אַכצן מיליאָן פון פאַרן דריטן חורבן (זיי זענען נאָר געווען ווייניקער), און די תורה איז נעכטן נישט געווען גרעסער ווי היינט און מאָרגן וועט זי נישט זיין קלענער ווי נעכטן. אברהם אָבינו האָט מקיים געווען כל התורה כולה און דער היינטי־קער פחות שבפחותים איז נישט פריי פון קיין איין סייג אירן, פונקט ווי דאָס איז געווען מיט אברהם אָבינו צי מיטן ווילנער גאון (כאָטש די תורה ווערט היינט ווייניקער אָפּגעהיטן).

און ווייל דער רעליגיעזער ייד זעט זיך און זיין פאָלק נאָר אין דער אייביקייט־קאָנסטעלאַציע, דערפאַר איז יעדע יידישע רגע טייער, ווייל זי איז אַ דירעקטער חלק פון דער אייביקייט (און נישט פון אַ היסטאָרישן צייטאָפּשניט), און יעדער יידישער נפש איז טייער, ווייל ס'איז אַ חלק פון דער אייביקייט־קאָמפּאָזיציע, פאַר וועלכער יעדער ייד ווידער איז זיך גרייט מוסר־נפש צו זיין.

פון דאָס ניי הייסט נישט — ניי. אין דער אין־סופיקייט פון דער וועלט ווערט דער אין־סוף גופא אויך באַנייט, כאָטש ער איז נישט ניי.

די רעליגיעזע יידן, וואָס זענען קעגן נייס, זענען אָבער פאַר באַנייונג. ווייל אין באַנייונג ליגט דער סוד פון השתלמות, ס'ליגט די מעגלעכקייט צו דערגיין נענטער צו שלימות. ווייל די וועלט ווערט אַזוי אַרום דינאַמיש און אין אַזאַ וועלט קאָן דער ייד גיין פון מדרגה צו מדרגה.

דורך דעם וואָס די וועלט ווערט יעדן טאָג באַשאַפן פון דאָס ניי, ווערט דער ייד נעענטער נישט נאָר צום פּראָצעס פון יצירה, נייערט צום באַשאַפער אַליין. און גייט אַזאַ ייד אין גלות — גייט מיט אים מיט די שכינה.

ב

און קומט אַ ייד צוריק פון גלות קיין ישׂראל, טוט זיך פון אים אָפּ די שכינה, וואָס האָט אים און זיינע עלטערן און זיינע עלטערנס עלטערן באַגלייט יאָר־הונדערטער אין גלות — און ער דאַרף אַרונטערגענומען ווערן אונטער די פליגל פון דער שכינה פון ישׂראל.

און אין דעם ליגט דער טראַגישסטער מאָמענט פונעם פּראָצעס פון קליטה. דער ייד ווערט פּלוצעם פּאַרלאָזט פון דער שכינה, וואָס האָט יאָר־הונדערטער אים באַגלייט, ער פילט זיך פאַרלאָזט פון די גייסטיקייטן, פון דעם אינהאַלט און פון די פאָרמען, וואָס האָבן אים הונדערטער יאָרן אַרומגענומען און געהאַלטן אין זיך. דאָס איז אַ מאָמענט פון גרויסער פאַרצווייפלונג, פון גרויסער בענקשאַפט. און זאָל אַפילו די בענקשאַפט אָננעמען די סאַמע ווולגאַרסטע פאָרמען (ווי די בענקשאַפט נאָך גוט עסן און גוט פאַרדינען), און זאָל די בענקשאַפט אויסגעטראָגן ווערן נישט דורך די סאַמע בעסטע פון צווישן אונדז, איז עס שוין אָפּט דער גורל אַזאַ פון יעדער בענקשאַפט זיך אויסצוּוואַלגערן אין אַלע מ״ט שערי טומאה (ווי ס׳איז אָפּט דער גורל פון אַלע תאוות און טומאות געלייטערט צו ווערן דורך בענקשאַפט).

קיין שום פאָלק אין דער וועלט האָט אַזוי פיל נישט געליטן פיזיש און מאָראַליש ווי די יידן. און קיין שום פאָלק אין דער וועלט קאָן נישט, איז נישט מסוגל אַזוי פיל צו ליידן, ווי די יידן. קיינער קאָן אַזוי נישט טראָגן דעם עול פון צוואַנג און דחקות, ווי דער ייד. קיין שום מענטש אין דער וועלט גייט נישט אַזוי אַנטקעגן יעדער צרה, ווי דער ייד. ס׳איז אַ לייכטזיניקייט פון די, וואָס באַשעפטיקן זיך מיטן פּראָבלעם פון קיבוץ־גלויות צו זען אַלע שוועריקייטן פון דער קליטה נאָר אויפן דנאָפּלאַך פון „סיר־הבשׂר״.

זייט ר׳ יוחנן בן זכאי האָט איבערגעטראָגן די קרוין פון נצח פון ברענענדיקן און חרובן ירושלים קיין יבנה, — ביז די צייטן פון דערוואַכטן, אַזוי גערופענעם, מאָדערנעם נאַציאָנאַלן געדאַנק, האָבן די יידן געלעבט פון און מיטן רעליגיעזן געפיל און אינהאַלט פון נצח. דאָס נאַציאָנאַלע

פון דער צייט פון בית־ראשון און פון בית־שני האָט נישט געסטייעט, האָט נישט אויסגעהאַלטן. צי טרויט מען נישט איצט דעם נאַציאָנאַלן (נישט וועלנדיק זאָגן דעם נאַציאָנאַליזם) צו פיל אָן?

דאָס הייסט נישט, אַז דער ייד האָט אין ישׂראל אַ גרעסערן גרונט מורא צו האָבן פאַר זיין קיום, ווי אין גלות. אַ ייד, אַן אמתער ייד (אַפילו אַ מאָדערנער) האָט בכלל נישט קיין מורא פאַר קיום. נאָר אַז דער ייד שטעלט אין ישׂראל מער איין ווי אין גלות, דאָס איז אויסער יעדן ספק. ער שטעלט מער איין, ווייל ער האָט מער צו געווינען, און נישט נאָר דערפאַר.

די שכינה, וואָס איז מיט דעם ייד געווען אין גלות, די שכינה פאַר־לאָזט אים. דער ייד הייבט אָן מאַכן געשיכטע. ער הייבט אָן צו טראַכטן אין קאַטעגאָריעס פון היינט און מאָרגן. און כאָטש צייט איז רעלאַטיוו און צייט־איינטיילונג, צייטאָפּשניטן, צייט־חשבונות ווערן באַשאַפן דורך קאָנ־ווענצן, איז אָבער די מחשבה, וואָס ווערט דער צייט געשאָנקען — אַבסאָ־לוט, און דאָס געפיל פון נצח טוט זיך אַ וואַקל.

ווען די נישט־יידישע וועלט פלעגט זיך אָנוואַרפן אויף די יידן מיט אירע חשבונות, פלעגן די יידן דאָס אָפּלייגן לעתיד לבוא, טאַקע דעמאָלט ווען אַלץ וועט זיין למעלה מן הזמן און למעלה מן החשבון. ס׳איז כאַראַק־טעריסטיש, וואָס דווקא דער רמב״ם, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט (ווייל ער האָט געמוזט) איינקלאַמערן דעם יידישן זין אין ראַמען פון לאָגיק, דווקא דער רמב״ם, ביי וועלכן ס׳האָט זיך אויסגעזען, אַז ער וויל שטויסן דעם יידישן אינהאַלט אויפן וועג פון חקירה, דווקא דער רמב״ם איז געווען דער פּייערדיקער נביא פון ביאת־המשיח, דווקא ער האָט אַריינגעלייגט אַזוי פיל פּאַרטייעטע בענקשאַפט אין איינעם פון זיינע דרייצן עיקרים פון יהדות, אין די פלאַמענדיקע ווערטער „ואף על פי שהתמהמה עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבא״.

הייסט עס, אַז די יידן האָבן נישט באַדאַרפט שאַפן קיין מדינה? הייסט עס, אַז די יידן דאַרפן נישט מאַכן קיין געשיכטע? פאַרקערט, זיי האָבן זייער באַדאַרפט שאַפן די מדינה, און מאַכן דאַרפן זיי גאָר גרויסע גע־שיכטע, נאָר זיי האָבן באַדאַרפט און געמוזט ווידער שאַפן אַ מדינה, זיי האָבן באַדאַרפט און מוזן ווידער מאַכן געשיכטע. דאָס געפיל פון נצח דאַרף זיי כסדר און אומאויפהערלעך באַגלייטן. פונקט ווי פון דעם געפיל פון נצחיות שטאַמט די גאַרונג צו באַנייונג פון דער וועלט, אַז כביכול זאָל זי יעדן טאָג באַשאַפן פון דאָס ניי, אַזוי שטאַמט פון געפיל פון נצח די

גאַרונג צו באַנייען די מדינה. נישט די זאָרג פֿאַרן יידישן קיום אין גלות האָט געשטויסן צו שאַפֿן די יידישע מדינה, נאָר די כּסדר זיך איבערחזורנ־דיקע, טראָץ און אין אָנבליק פֿון אַלע ביטערע נסיונות, זיכערקייט אין נצח־ישׂראל, דאָס האָט געשאַפֿן די יידישע מדינה.

ס׳איז נישט ריכטיק, אַז די יידן זענען געווען קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר אין גלות. ווען די יידן וואָלטן געווען אַזוי לאַנג אין גלות, וואָלטן זיי שוין קיין ישׂראל נישט צוריקגעקומען. אַלץ וואָס איז געווען שעפֿעריש אין גלות האָט מיט גלות קיין שום שייכות נישט, כאָטש דאָס, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן, קאָן האָבן אין זיך עלעמענטן און אַפֿילו גאַנצע אײנהאַלטן פֿון גלות. אין גלות זענען די יידן נאָר געווען דעמאָלט ווען ס׳האָבן זיך פֿאַר־שטאָפּט, צי מען האָט פֿאַרשטאָפּט די מקורים פֿון זייער שעפֿערישקייט.

אַלץ וואָס איז געווען שעפֿעריש אין גלות האָט מיט גלות קיין שייכות נישט, ווייל דאָס אַלץ איז געוואָרן געטראָגן דורך דער גרויסער אידייע און גרויסן געפֿיל פֿון נצח (פֿאַרשטייט זיך, אַז אַ חוץ דאָס, וואָס איז גע־ווען דירעקט קעגן נצח).

די שכינה, וואָס האָט די יידן באַגלייט אין גלות, איז נישט געווען קיין גלות־שכינה. שכינה קאָן בכלל נישט זיין אין גלות. „מעולם לא ירדה שכינה למטה״ (סוכּה ה׳ ע״א). די שכינה איז נישט געגאַנגען אין גלות, נאָר מיטגעגאַנגען אין גלות; די שכינה איז נישט געווען אין גלות, נאָר מיטגעווען. די שכינה איז מיטגעווען אין גלות נישט זייענדיק אין גלות, פּונקט ווי די יידן, וואָס זייענדיק אין גלות, זענען זיי געווען איינצײַטיק אין דער קאָנסטעלאַציע פֿון נצח־ישׂראל און פֿון גאולה שלמה.

ג

דאָס רעליגיעזע געפֿיל פֿון נצח איז אַריין אין בלוט און אין פֿלייש פֿון יעדן יידישן מענטש. דאָס געפֿיל וועט דויערן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג דאָס יידישע פֿאָלק וועט דויערן, דאָס הייסט: אייביק. דאָס דאָזיקע געפֿיל האָט מיט דער צייט זיך געאויסערט אין פֿאַרשידענע פֿאָרמען, אָבער דער מקור איז פֿאַרבליבן דער זעלבער. רעליגיעז איז דאָס געפֿיל דערפֿאַר, ווייל עס איז באַזירט אויף אמונה.

אמונה אין גאָט, אמונה אין אַ ספּעציעל יידיש שליחות, אמונה אין די גייסטיקע פּאָטענצן פֿון פֿאָלק, אמונה אין זיינע פֿיזישע רעגענעראַטיווע כּוחות, אַלץ איינס אין וואָס, אַבי אמונה.

אמונה איז איינצייטיק אהבה, דעריבער איז דער גלויבן אין נצח־ישׂראל ביז אהבת־ישׂראל איין טריט.

די, וואָס האָבן נישט קיין אהבת־ישׂראל, די גלויבן נישט אין דער אייביקייט פון יידישן פאָלק. די גלויבן אין געשיכטע, אין פּאָליטישע קאָניוקטורן, אין סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן אאַז״וו.

נצח האָט גאָרנישט קעגן פּאָליטישע קאָניוקטורן, סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן, געשיכטע אאַז״וו, פּונקט ווי צייט האָט גאָרנישט קעגן זייגער. פאַרקערט, נצח געניסט זייער גערן פון פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָצעסן, ווי צייט געניסט גערן פון זייגער. אָבער די, וואָס פאַרשטייען, די וויסן, וואָס פאַראַ אָרט עס פאַרנעמט אין דער היעראַרכיע פון דעם וועלטבאַשאַף — צייט, און וואָס פאַראַ אָרט — זייגער.

יעדער קאָן זיך אויסטייטשן געשיכטע ווי ער וויל, אידעאַליסטיש צי מאַטעריאַליסטיש, נאָר צום עצם פאַקט, צו דעם, וואָס איז געשען, האָט עס נישט.

ווען מען זאָל זיין אין גאַנצן ערלעך און אויפריכטיק, קאָן מען גיך קומען צו דער מסקנה, אַז ביזן היינטיקן טאָג זענען נישט פאַראַן קיין רעלי־גיעז אינדיפערענטע יידן, (ס׳איז נאָר אַ חילוק אין דער פאָרעם וואָס זייער רעליגיעזיטעט האָט אָנגענומען).

די יידן זענען רעליגיעז נישט אינדיפערענט, ווייל די יידישע רעליגיע איז צום ייד נישט אינדיפערענט. זי (די יידישע רעליגיע) איז אַן אָנגריי־פערישע, זי איז געבויט אויף רגש, אויפן געפיל פון איינציקייט פון גאָט און פון אייביקייט פון יידישן פאָלק.

יעדעס פאָלק האָט זיך זיין טרוים וועגן אייביקייט, אָבער קיין פאָלק האָט נישט געמאַכט זיין געפיל פון אייביקייט פאַר אַזאַ רעאַליטעט, ווי די יידן.

דאָס געפיל פון נצח איז ביי די יידן אַ רעאַליטעט, און דאָס, אַז די וועלט זאָל יעדן טאָג באַשאַפן ווערן פון דאָס ניי איז זייער טרוים. זייער טרוים און זייער געבעט.

דאָס וואָס די יידן זענען אַזוי אָפט פאַרטראָטן אין יעדער נייער ריכ־טונג, אין יעדער נייער באַוועגונג, איז אַן אָפּווייכונג פון דער רעליגיעזער גאָרונג צו באַנייונג. ס׳איז פאַרטוישט רעליגיעזע באַנייונג אויף וועלטלעך נייעס.

און ווייל דאָס געפיל פון נצח איז אַ רעליגיעז געפיל איז יעדער אַנטי־ישׂראל געדאַנק (שוין אָפּגערעדט פון טאַט) אַן אַנטי־יידישער גע־

דאַנק, אַן אַנטי־רעליגיעזער געדאַנק. מעג אַפּילו דער אַנטי־ישׂראל געדאַנק זיין דיקטירט פון דער מורא, אַז נצח־ישׂראל ווערט אין ישׂראל נישט גאַנץ געגוי פאַרשטאַנען, נישט פּינקטלעך אינטערפּרעטירט.

ווייל ס׳מוז קומען אַ צייט ווען די קרוין פון נצח מוז איבערגעטראָגן ווערן אין יידישן לאַנד. די צייט פון איבערטראָגן די קרוין פון אַ נצח אין יידישן לאַנד איז די צייט פון שווערע נסיונות פאַרן פאָלק.

אַ פאָלק קאָן נישט זיין אָן קיין לאַנד. אַ פאָלק קאָן ווערן איידער ס׳האָט אַ לאַנד. אָבער זיין אַ פאָלק קאָן עס נאָר ווען ס׳האָט אַ לאַנד. די יידן זענען געוואָרן אַ פאָלק איידער זיי זענען אַריין אין לאַנד כּנען, אָבער אַ פאָלק זענען זיי געווען ווען זיי האָבן איינגענומען דאָס לאַנד. זייט חורבן בית־שני ביז מדינת ישׂראל זענען די יידן געוואָרן אַ פאָלק, אין ישׂראל דאַרפן די יידן זיין אַ פאָלק.

ווען דאָס יידישע פאָלק איז שטאַרק געשלאָגן געוואָרן אין זיין ווערן (בעמענדיק אַפּילו בלויז דעם כּמות), האָט עס געמוזט אָנהייבן זיין. אָבער שוין אַפּילו זייענדיק קאָן נישט דאָס פאָלק אויפהערן צו ווערן. ווייל ווערן איז, אין אַ געוויסן זין, מער ווי זיין.

די בענקשאַפט צו שיבת־ציון איז די בענקשאַפט, אַז די קרוין פון נצח זאָל זיך געפינען אין יידישן לאַנד. ס׳איז די בענקשאַפט צו קאָמפּאָזי־ציע, צו האַרמאָניע (ווי די קאָמפּאָזיציע פון הר־סיני, פון הר־הבית, ווי די מצווה עולה רגל צו זיין דריי מאָל אין יאָר, ווי די ציקלישקייט אינעם וועלט־סדר א״אַ).

קיבוץ־גלויות מוז פירן צו שלילת־הגלות ד. ה. אַלץ וואָס איז גלותדיק אין גלות מוז אויפהערן, און אַלץ, וואָס איז נישט גלותדיק אין גלות, דאַרף איינגעזאַמלט ווערן אויך אין ישׂראל.

ווער ס׳פאַרשטייט נישט אַזוי קיבוץ־גלויות און שלילת־הגלות, מיינט דערפירן דערצו, אַז אַלץ, וואָס איז גלותדיק אין גלות, זאָל צונויפגעזאַמלט ווערן אין ישׂראל און אַלץ, וואָס איז נישט גלותדיק אין גלות, זאָל בלייבן אויסער ישׂראל.

ד

פון דער זיכערקייט אין נצח שטאַמט די גאַרונג פון רעליגיעזן ייד צו באַנייונג, צו זען ווי זיין וועלט ווערט יעדן טאָג באַשאַפן פון דאָס ניי. און דאָס פילן, ווי זיין וועלט ווערט יעדן טאָג באַשאַפן פון דאָס ניי, גיט דעם ייד די זיכערקייט אין זיין אייביקייט.

פאַר דעם, אַזוי געראָפענעם, מאָדערנעם ייד — טראַנספאָרמירט זיך די דאָזיקע השקפה אין פּראָבלעם פון זיין און ווערן.

אין דער קאָנסטעלאַציע פון אייביקייט און באַנייונג איז גאָר איבעריק המשך. המשך געמיינט ווי אַן אַקט, וואָס פאַרבינדט דאָס אָפּגעטוענע מיט דעם וואָס דאַרף ערשט געטאָן ווערן. אויב אַלץ מוז איבערגעטאָן ווערן אויף דאָס ניי, איז דאָך נישט שייך אָנהייבן דאָרטן, וווּ מען איז נעכטן געבליבן שטיין. קאָנטינואַציע איז נאָר מעגלעך אין די ראַמען פון צייט־אָפּשניטן, אין דורך מענטשן פעסטגעשטעלטע צייטנאָרמען. קיום ווידער איז אויך נישט קיין זאַך פאַר זיך, נאָר אַ פונקציע פון נצח, פונקט ווי פיזיאָלאָגיע איז אַ פונקציע פון לעבן און איז אויפגעצווונגען פון לעבן (און נישט פאַרקערט).

ווי שוין געזאָגט איז דאָס געפיל פון נצח אַ רעליגיעז געפיל. עס איז באַזירט אויף אמונה, וועלכע איז ווידער באַזירט אויף רגש. זייט די מאָדערנע צייטן (פון עמאַנציפּאַציע און אויפקלערונג) האָט דאָס געפיל פון נצח זיך אויסגעדריקט אין פאַרשידענע פאָרמען, אָבער געפילמעסיק איז עס פאַרבליבן אין זעלבן מקור (אמונה).

זייט ישׂראל „איז" — פילט זיך דער ייד (סיי דער פון ישׂראל, סיי דער אויסער ישׂראל), וואָס האָט כסדר, יאָר־הונדערטער געלעבט אינעם און מיטן פּראָצעס פון „ווערן" — דערשראָקן. „וואָס ס׳וועט דערפון ווערן" איז קיין מאָל נישט קיין האַרבערע קשיא, ווי „וואָס וועט דערפון זיין"? ס׳איז אומפאַרגלייכלעך גרינגער צו ווערן אַנדערש, ווי צו זיין אַנדערש. ווייל אין גופא־פּראָצעס פון ווערן ליגט אַנדערשקייט און „זיין" איז סטאַטיש. דעם ייד, וואָס איז נישט געוווינט צו סטאַביליטעט, צו סטאַטישקייט, איז שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ער דאַרף אויפהערן „ווערן" און מוז אָנהייבן „זיין". אויך דאַכט זיך אים, אַז היינט און מאָרגן הייבן זיך אָן צו ווערן פרעמד, שוין אָפּגערעדט פון דעם נעכטן, וועלכן מען וויל שוין אין גאַנצן נישט דערמאָנען.

דער ייד, וואָס האָט געפילט, אַז זיין וועלט ווערט יעדן טאָג באַשאַפן פון דאָס ניי און האָט פאַר דעם גאָרנישט מורא געהאַט, נאָר פאַרקערט, געזען אין דעם און צוליב דעם אַ באַשטעטיקונג פאַר זיין נצח־געפיל, דער ייד האָט איצט מורא, אַז זיין וועלט ווערט אַ סטאַטישע וועלט, זי ווערט שוין איצט נישט געבוירן פון דאָס ניי, נאָר ווערט איינגעראַמט אין ענגע רעמלעך פון צייט, פון באַזונדערע היינטס און באַזונדערע מאָרגנס, פון קיום און פון המשך — און ער פילט זיך דערשיטערט אין זיין נצח־געפיל.

ווער וועט דערמאָנען אין מאָמענטן פון שווערע, חלילה, נסיונות, אַז „נצח ישׂראל לא ישקר״? ווער זאָל איצט דערמאָנען, אַז „זיין״ מוז זיין געבונדן מיט „ווערן״, אַז נעכטן מוז זיך באַהעפטן מיט „מאָרגן״, אַז אין נצח גופא ליגט די תשוקה צו באַנייונג און אַז באַנייונג הייסט נישט ניי, נאָר פון דאָס ניי? ווער?

ווער? אַז קיין נביאים האָבן מיר נישט מער?

דיכטער, קינסטלער — דאַרפן דאָס טאָן.

דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז דיכטער, קינסטלער זענען, אָדער דאַרפן זיין בבחינת נביאים. ניין! דער נביא קומט צום פאָלק, דער דיכטער — פון פאָלק (דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דעם צו זען, אָדער מיינען, אַז זייער פונקציע איז צו שאַפן „פרימיטיווע פאָלקסטימלעכקייט״). דער נביא וויל קאָרעגירן דעם „היינט״, ווייל ער איז פול מיט זאָרג און שרעק פאַרן „עתיד״, דער דיכטער וויל קאָרעגירן דעם „היינט״ ווייל ער איז פול מיט זאָרג און שרעק פאַרן „עבר״. דער נביא האָט מורא, אַז צוליבן „היינט״ זאָל נישט פאַרדאַרבן ווערן דער „נעכטן״. דער דיכטער איז די שטים פון דעם, וואָס דאָס פאָלק פאָדערט, דער נביא איז די שטים פון דעם, וואָס פאָדערט פון פאָלק, (אַ חוץ אין די פאַלן, ווען די שטראָפרייד פון נביא זענען געווענדט צום מלך נישט זעלטן בכדי צו פאַרטיידיקן זיין אייגן פאָלק).

די שענסטע סימביאָזע אין דער וועלט וואָלט געווען: נביא און דיכ־טער (קינסטלער), אָבער דאָס — זעט אויס — איז אונדזער וועלט נישט באַשערט.

פאַרן דיכטער (קינסטלער) איז קיבוץ־גלויות, דאָס צוזאַמענקומען זיך פון יידן פון אַרבע כנפות הארץ — נישט קיין בילד, ווען אַפילו אַ בילד וואָס דערשיטערט מיט זיין מאָנומענטאַלישקייט, נאָר קודם־כל נאָך אַן עקזאַמען, נאָך אַ נסיון פאַר זיין זכות־הקיום אַלס דיכטער.

ווייל דער דיכטער (קינסטלער) מוז נישט נאָר קאָנען אַסאָציאירן וואָרט מיט וואָרט, בילד מיט בילד, געדאַנק מיט געדאַנק, געפיל מיט געפיל, נאָר אויך היינט מיט נעכטן, עבר מיט הווה, יידן פון תימן און יידן פון פוילן, און זיי אַלע און דאָס אַלץ צוזאַמענברענגען אין איין אייביקייט־קאָנסטע־לאַציע.

דער דיכטער( דער קינסטלער), וואָס איז דער מייסטער פון אַסאָציאַ־ציע, דאַרף אויך זיין דער מייסטער פון דער גרויסער אַסאָציאַציע, וועלכע הייסט: קיבוץ־גלויות.

סוף־כּל־סוף האָבן דאָס דיכטער אויסגעטרוימטע און דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם, איז אויך (און אפשר דער עיקר) געווען אַ דיכטער, אַ טרוימער.

דווקא דער יידישער דיכטער, דער דיכטער פון יידיש, פון יידישן לעבן, וואָס אין זיינע אויגן איז זיין שבט אומגעקומען, דווקא דער דיכטער וועט אין ישׂראל שטאַרקן דאָס דערשיטערטע געפיל פון נצח.

דיכטער שאַפן נישט קיין לאַנד, זיי אַקערן נישט די ערד, זיי בויען נישט קיין שאָסייען, זיי שטעלן נישט קיין הייזער, זיי שאַפן איבער דאָס לאַנד, זיי אַקערן איבער די ערד, זיי בויען איבער די שאָסייען, זיי שטעלן איבער די הייזער, זיי זענען די, וואָס פאַרשטאַרקן דאָס נצח־געפיל און זענען „מחדש בכל יום תמיד מעשׂה בראשית".

פאַרשטייט זיך, אַז טאָן טוען עס די דיכטער, וואָס זענען זוכה דערצו.

און דיכטער הייסן אין דעם פאַל נישט נאָר די דיכטער, וואָס שרייבן לידער, ווי ליטעראַטור מיינט נישט אין דעם פאַל בלויז שיינע ליטעראַטור, נאָר דאָ איז געמיינט אַלץ און אַלע, וואָס שטאַמען, שאַפן און פאַרמירן די גייסטיקע אוצרות פון פאָלק, און די נשמה פון פאָלק.

די שוועריקייטן פון קליטה ליגן נישט אין דעם, וואָס קיין ישׂראל זענען געקומען אַ סך יידן, נאָר אין דעם וואָס אַ סך יידן זענען נאָך פאַר־בליבן, און וועלן מוזן בלייבן, אויסער ישׂראל. קליטת־העולים איז נישט קיין פּראָצעס פון איינאָרדענען, פאַרוואָרצלען יחידים (און משפחות) אין לאַנד, נאָר פון פאַרוואָרצלען אַ גאַנצקייט, שאַפן אַ פאָלק, איינוואָרצלען אַ פאָלק, האָבן דעם חוש פאַר שאַפן די געהעריקע פּראָפּאָרצן אין פאָלק (צווישן זיינע שיכטן), האָבן דעם חוש פאַר דער אַרכיטעקטאָניק פון פאָלק (אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן), דאָס זענען אַלץ כּללים פון פאָלקס־האַרמאָניע, צו דעם פאָדערן זיך קינסטלערישע (אין אַ געוויסער מאָס) קוואַליפיקאַציעס.

און ווי אַזוי קאָן מען שאַפן אַ גאַנצקייט, אַז אַזוי פיל יידן זענען נאָך אויסערן לאַנד? ווער קאָן פּרעטענדירן אויף גאַנצקייט, אַז מיר זענען נאָך אַזוי צעבראָכן?

נאָר אין אַן אַטמאָספער פון הויכער גייסטיקייט קאָן געשען דער פּראָ־צעס און דער נס פון קליטה. ס'זענען דאָ יידן, וואָס זענען איינגעוואָרצלט אין לאַנד און האָבן נישט בדעה דאָס לאַנד צו פאַרלאָזן און דאָך האָבן זיי נאָך נישט דורכגעמאַכט דעם נס פון קליטה, כאָטש זיי האָבן דורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פון קליטה. ביי זיי איז ישׂראל פונקט אַזאַ אימיגראַציע־לאַנד,

ווי אַנדערע לענדער. און ס׳זענען פֿאַראַן יידן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם נס פון קליטה און האָבן נאָך נישט דורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פון קליטה.

נאָר אין אַ הויכער גייסטיקער אַטמאָספער פון ישׂראל און פון גלות וועט דאָס געפיל פון נצח זיין גאַנץ, און מיט יעדן ייד, וואָס וועט קומען קיין ישׂראל, וועט דאָס לאַנד געבוירן ווערן פון דאָס ניי.

די קרוין פון אַ נצח־ישׂראל געפינט זיך זיכער אין ישׂראל. צי וועט דער קאָפּ פון ישׂראל ראוי זיין פאַר דער קרוין? לאָמיר האָפן, אַז יאָ. כּל־זמן אַזוי פיל יידן געפינען זיך אויסער ישׂראל, וועט נאָך דערווייל אין ישׂראל דאָס בית־המקדש, דער צענטער פון יידישע גייסטיקייטן, נישט געבויט ווערן, ווייל ער מוז נאָך דערווייל זיין אויך אויסער ישׂראל. ווען די יידן פון די גלותן אָנגיין מיט זייער שעפערישקייט ווייטער און מער, וועט ישׂראל און גלות אויסגעלייזט ווערן, און ס׳וועט קומען די גאולה שלמה.

די אמתע דיכטער וועלן זיך מיִען.

„קיום״

# פּאָעזיע און פּראָזע

פּאָעזיע איז ווי אַ העמד אויפן לײַב. פּאָעזיע דאַרף זיין אַזוי אומ־מיטלבאַר און דאַרף אַזוי צושטיין צו דיר, ווי אַ העמד שטייט צו צום גוף. דאָס העמד קאָן נישט פאַרבאָרגן דעם לייבס אייגנשאַפטן, נישט די מעלות און נישט די חסרונות זיינע, נישט זיין שיינקייט און נישט זיין מיאוסקייט. אַזוי איז אויך פּאָעזיע. וועסט גאָרנישט באַהאַלטן! אַלע שטרויכלונגען און שלימזלדיקייטן, ווי אַלע שיינקייטן און דערהויבנקייטן ליגן פאַרן גוטן לייענער, ווי אויף דער דלאָניע, גאָרנישט צו פאַרבאָרגן.

פּראָזע איז ווי אַן אויבער־מלבוש. מען קאָן דאָ אַראָפּנעמען און דאָרט צולאָזן, דאָ אַראָפּלאָזן און דאָרט אויפהייבן. אַן אויבער־מלבוש קאָן קאָרע־גירן דעם גוף. און איז דער, וואָס מאַכט דאָס מלבוש נישט גאָר שטאַרק מדקדק — לייגט ער אַ מאָל דאָרט אַריין אַ שטיקל טריפהנע לייוונט...

דער יסוד פון פּאָעזיע איז ערלעכקייט, דער יסוד פון פּראָזע — איז אינטעליגענץ, חכמה. אַ פּאָעט, וואָס איז נישט ערלעך, און אַ פּראָזאַיִקער אַ נאַר — מאַכן חורבות אין דער וועלט פון פּאָעזיע און פּראָזע.

אַ פּאָעט מוז זיין אַן ערלעכער מאַן, אָבער מוז נישט דורכויס זיין אַ חכם. כאָטש חכמה קאָן שטאַרק צו נוץ קומען דער פּאָעזיע, ווי דער קונסט בכלל. אַ פּראָזאַיִקער מוז קודם־כל זיין קלוג, און איז ער קלוג ווייסט ער שוין ווי אַזוי אויסצוקומען מיט ערלעכקייט.

די גרעסטע שאַנסן אויף גרויסקייט האָט די פּראָזע, וואָס קומט פון פּאָעזיע, ווייל אַ חוץ דעם וואָס זי קאָן זיין קלוג, שטאַמט זי אויך פון אַן ערלעכן מקור (פּאָעזיע), אַמווייניקסטן שאַנסן אויף גרויסקייט האָט די פּראָזע, וואָס שטאַמט פון זשורנאַליסטיק, ווייל אַ חוץ דעם וואָס זי קאָן זיין נאַריש, שטאַמט זי אויך פון מקור פון שקר.

פּאָעזיע שטאַמט קיין מאָל נישט פון זשורנאַליסטיק. און כאָטש פּאָעטן פאַרנעמען זיך טייל מאָל מיט זשורנאַליסטיק, קאָנען אָבער זשורנאַליסטן זעלטן ווערן פּאָעטן.

מיטן נאַטוראַליזם האָבן זיך אַ שפּאָר ביסל שרייבער נאַראָנים אַרייג־געכאַפּט אין דער פּראָזע, פּונקט ווי מיטן רעאַליזם האָבן זיך אַ שפּאָר ביסל נישט ערלעכע לייט אַריינבאַקומען אין דער פּאָעזיע.

ביזן נאַטוראַליזם זענען פּראָזאַיִקער געווען דורכויס מענטשן מיט חכמה, אינטעליגענץ, וויסן. אויפֿן טראַיאַנישן פערד פון נאַטוראַליסטישער געוויקייט האָבן זיך אין פּראָזע באַוויזן שרייבער מיט רויען טאַלאַנט.

צווישן די שרייבער מיט רויען טאַלאַנט זענען געווען און ס'זענען דאָ גוטע פּראָזאַיִקער, עכטע פּראָזאַיִקער, פון זיי שטאַמט אייגנטלעך די אַזוי גערופענע קינסטלערישע פּראָזע, אָבער זיי זענען נישט געווען און זיי זענען נישט קיין גרויסע פּראָזאַיִקער.

פֿאַר גרויסקייט דאַרף מען האָבן אַ גאַנץ אַנדערע דימענסיע, די דימענסיע פון גייסט.

גרויסע פּראָזע מוז נישט זיין דורכויס ריינע קונסט. פאַרקערט, ריינע קונסט איז גאָר כאַראַקטעריסטיש פֿאַר קליינער פּראָזע.

פֿאַר גרויסער פּראָזע איז קונסט דער מאָמענט פון אינספּיראַציע, דער וועגווייזער, דער מעטאָד, אָבער קיין מאָל נישט דער ענדציל.

דער ענדציל פֿאַר גרויסער פּראָזע איז געהויבנקייט, התרוממות הנפש, און דאָס דערהויבן זיך, נישט דאָס קוויקן זיך מיט דעם וואָס איז, נאָר מיט דעם וואָס וועט זיין. גרויסע פּראָזע, אויב זי מאָלט אַפילו דעם עבר איז זי געווענדט צום עתיד.

דער נאַטוראַליסט ווייזט נאָר דאָס וואָס ער זעט אַליין. ער דעקט אָפּ, אָבער ער אַנטפּלעקט נישט. דאָס איז אויך כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער גאַנצער קליינער פּראָזע, ווען זי איז אַפילו אַ ריין קינסטלערישע.

קונסט איז נישט גייסט, פּונקט ווי גוף איז נישט נשמה. כאָטש נשמה און גוף זענען מיט זיך באַהאָפטן, קאָן אָבער נשמה נישט פאַרטרעטן גוף און גוף קאָן נישט פאַרטרעטן נשמה. גוף און נשמה קאָנען זיך אויך נישט פונאַנדערטיילן. סיידן דער טויט טיילט זיי פונאַנדער.

און טויט איז אַנטי־קונסט.

# דער שרייבער און דאָס בוך

צווישן די אַלטע, גאָר אַלטע חסידים, פלעגט מען דערציילן אַזאַ מין זאַך:

— די גאַנצע וועלט איז געווען זיכער, אַז נאָך דער פּטירה פון בעש״ט וועט זיין ממלא־מקום ווערן דער רב פון פּילנאָע, ר׳ יעקב יוסף, דער תּולדות, דער מחבר פון גרויסן ספר „תּולדות יעקב יוסף״. וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן? אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ווען דער בעש״ט איז נפטר געוואָרן האָט די שכינה גענומען איר קלימעקל און זיך איבערגעטראָגן צום גרויסן מגיד פון מעזריטש. איז דאָס די גאַנצע וועלט געוואָרן נבהל ונשתּומם, וואָס איז דאָ געשען? פאַר וואָס איז דאָס אַזוי? האָבן די יודעי־דבר־וטעם געזאָגט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל ר׳ יעקב יוסף איז געווען אַ מחבר און די שכינה האָט פיינט מחברים... [1]

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס, וואָס האָט אין דער טעאָקראַטיש־אינדיווי־דואַליסטיש־חסידישער וועלט (ווי משונהדיק ס׳זאָלן נישט אויסזען די דאָ־זיקע שייכותן) געקאָנט אָנגיין, און טאַקע אָנגעגאַנגען, פאַר אַ טיפן אמת, קאָן פאַר אַ מענטש פון דער אַזוי גערופענער „וועלטלעכער קולטור״ אויס־זען צו זיין נישט מער ווי אַ פּאַראַדאָקס.

פון דעסטוועגן? פון דעסטוועגן איז אין דעם דאָזיקן האַרבן, חסידישן פּסק פאַר דער וועלט פון מחברים פאַראַן עפּעס אמתדיקס, אַן אָפּשפּיגלונג פון אַ גאָר גרויסן אמת...

*

דאָס ווערן אַ מחבר איז אַ גרויסער נסיון. מען דאַרף זיך גוט פאַר־טראַכטן איידער מען גייט דאָס ווערן, איידער מען נעמט זיך אונטער דאָס צו זיין. אַ מחבר איז געווייינטלעך אַ מענטש מיט פּניות, מיט נאָטיצן, מיט רעצענזיעס, מיט יובילעומס, מיט דער גאַנצער מחברישער האַוועניש. און

[1] דער גרויסער מגיד פון מעזריטש האָט גאָרנישט, כמעט גאָרנישט אויפגעשריבן.

זיכער איז, אַז די שכינה האָט דאָס אַלץ פּיינט, בפירוש פּיינט. און אַז די שכינה באַקומט פּיינט אַ מחבר, איז דער לעצטער חלילה אַ פּאַרפאַלענער, מעג ער דערווייל האָבן, צי זיך מאַכן, די גרעסטע דערפאָלגן.

אָבער נישט נאָר דאָס איז דער עיקר. דאָס קאָנען אָנהאַלטן דעם גלייכ־געוויכט צווישן דעם מענטש און זיין שאַפונג, צווישן מחבר און זיין בוך, ווי בכלל צווישן יעדן שעפער און זיין ווערק — איז אַן ענין פון גאָר גרויסער וויכטיקייט סיי פאַרן שרייבער און סיי פאַר זיין בוך[1].

אַ שרייבער, וואָס איז נישט מער ווי אַ מחבר; אַ שרייבער, וואָס שיידט אָפּ זיין איך פון זיין ווערק, וואָס טוט זיך אָפּ פון זיין ווערק, ווי נאָר עס קומט אויף דער וועלט; אַ שרייבער וואָס האַלט, אַז ער קאָן זיך גיין זיין וועג, און זיין ווערק זיין וועג; אַ שרייבער וואָס האַלט, אַז זיין ווערק פאַר־פליכטעט אים צו גאָרנישט, אָדער אַזוינער, וואָס איז גאָר אינערלעך צע־קריגט מיט זיין ווערק — אַזאַ שרייבער מוז פריִער, צי שפּעטער פאַרלירן די שליטה איבער זיך, איבער זיינע אינסטינקטן און איבער זיינע שעפע־רישע מקורות, אויב זיי ווערן נישט במילא, צוליב דער שפּאַלטונג צווישן זיין איך און זיין ווערק, אין גאַנצן אויסגעטריקנט.

אַ שרייבער, ווידער, וואָס לייגט אַלץ אַרויף אויף זיין ווערק, וואָס מאַכט זיין פּערזענלעכקייט אין גאַנצן אָפּהענגיק פון זיין ווערק; אַ שריי־בער, וועלכער אָנשטאָט ער זאָל זיין ווערק טראָגן, וויל ער אַז זיין ווערק זאָל אים טראָגן; וואָס אָנשטאָט ער, זיין פּערזענלעכקייט, זאָל מאַכן אַ וועג פאַר זיין ווערק, וויל ער, אַז זיין ווערק זאָל פאַר אים מאַכן אַ וועג; וואָס אָנשטאָט ער אַליין זאָל אויך זיין אַ כבוד פאַר זיין ווערק, וויל ער, אַז זיין ווערק זאָל אים ברענגען דעם גאַנצן כבוד — אַזאַ שרייבער האָט פּשוט אַ ווילדן צוגאַנג צו זיך און צו זיין שאַפן. דאָ קומט פאָר אַ פאַל פון פאַר־טוישן די סאַמע נאַטירלעכסטע פונקציעס. ס'איז אַזוי ווי אַ מוטער זאָל גאָר וועלן זויגן ביי איר קינד.

דער שרייבער מיט זיין בוך[2] מוזן גיין האַנט ביי האַנט, קאָפּ ביי קאָפּ, האַרץ ביי האַרץ. אַ שרייבער קאָן זיך אַ מאָל אָפּזאָגן פון זיינס אַ ווערק,

---

[1] דאָס וואָס מיר זאָגן דאָ, האָט אַ שייכות צו יעדן מין שעפער און צו יעדן מין ווערק, נאָר אין דעם געגעבענעם פאַל רעדן מיר נאָר וועגן דעם שרייבער און זיין בוך.

[2] ווען מיר זאָגן: בוך, מיינען מיר נישט דעם שרייבערס אַ באַשטימטן בוך, למשל דאָס ערשטע, צי דאָס וואָגיקסטע. אונטערן וואָרט: בוך, מיינען מיר דעם שריי־בערס שעפערישע טעטיקייט בכלל.

ווי אַ ווערק קאָן אַ מאָל איבערוואַקסן זיין שעפער. אָבער פּונקט ווי זיי האָבן אַ מאָל געהאַט אַ בשותּפותדיקן אויסגאַנגפּונקט, מוזן זיי זיך ווידער ערגעץ ווו אויפן שאַפונגסוועג צונויפטרעפן. געשעט דאָס נישט, קאָן עס ברענגען אַ קאַטאַסטראָפע סיי פאַרן שרייבער, סיי פאַר זיין ווערק.

אַ שרייבער וואָס קאָן באַשטיין, אַז ער זאָל באַדיי זיין גאַרנישט, אַבי זיין ווערק זאָל זיין אַלץ, פירט לסוף סיי זיך, סיי זיין ווערק צו אַ פול־שטענדיקן באַנקראָט.

לעולם ישליש אָדם יכולתיו, ווילט זיך טראַוועסירן דעם מאמר חז״ל („לעולם ישליש אָדם שנותיו״ — קידושין ל׳). אַ מענטש דאַרף דריטלען זיינע שעפערישע מעגלעכקייטן. אַ דריטל דאַרף ער איבערלאָזן ביי זיין פערזענלעכקייט, אַ דריטל דאַרף ער שענקען דער אַטמאָספער, וואָס ער דאַרף שאַפן אַרום זיין ווערק, און ערשט אַ דריטל אַריינלייגן אינעם ווערק גופא.

*

דאָס סומך זיין זיך אויפן בלויזן טאַלאַנט אינעם שעפערישן פּראָצעס — פירט צו „טאַלאַנטיזם״. און ווי יעדער „איזם״ איז דער „טאַלאַנטיזם״ פול מיט געפאַרן פאַר יעדן מין שעפער.

אַ חלל ריק אַרום דעם טאַלאַנט פירט לסוף צו דעגענעראַציע פונעם טאַלאַנט.

אַ שרייבער, וואָס עקספּלאָאַטירט זיין טאַלאַנט, וואָס נוצט אַלץ אויס וואָס זיין טאַלאַנט ברענגט אים אַרויף פון זיין שרייבערישן אונטערקונסטזיין, אַזאַ שרייבער איז געקניפּט און געבונדן מיט זיין גייסטיקער אָרעמקייט, מיט דעם וואָס מיר רופן אָן, אין אַ ברייטערן זין, „אֶביונאָלאָגיע״.

די מורא, די שרעק, וואָס אַ שרייבער האָט, טאָמער וועט עפּעס פון זיינע פילונגען און געדאַנקען נישט פאַרפיקסירט ווערן אין שריפט און אין דרוק, די דאָזיקע מורא שטאַמט פון אַן אָרעמקייט־קאָמפּלעקס.

די טבע פון אַן אָרעמאַן איז, אַז ער האָט מורא עפּעס איבערצולאָזן אויפן טעלער. אַפילו ווען ער איז שוין זאַט און איבערגעזעטיקט, וועט ער נאָך אַלץ עסן. אַפילו ווען ער ווערט צופעליק אַ נגיד, גייט אים אַ צייט לאַנג נאָך אַ פּסיכישער הונגער. דאָס, וואָס ער האָט נעכטן געהונגערט, לאָזט אים איצט זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם, וואָס היינט האָט ער עס שוין צו פיל. ער וועט צונויפקלייבן אַפילו די ברעקלעך, די קרישקעס פון טיש און וועט זיי זיך שיטן אין מויל אַריין.

פאַראַן דיכטער, וואָס וועלן מיט דער גרעסטער זשעדנעקייט צונויפ־קלייבן די ברעקלעך, די קרישקעס פון זייער דיכטערישן טיש און זיי זיך שיטן צוריק אין מויל אַריין. אויב זיי געלינגט נישט פון די ברעקלעך צו מאַכן קיין ליד (לידער), וועלן זיי מאַכן דערפון אַזאַ מין פּאָעטישע פּראָזע, וואָס איז נישט קיין פּאָעזיע און נישט קיין פּראָזע. זיי פילן אַפילו נישט ווי שפּלדיק זיי זענען דערמיט. זיי פילן אויס דעם „העכסטן" פּאָסטולאַט פון דער „אַביונאָלאָגיע": אַלץ איז גוט — אַבי מען קאָן אָנפילן דערמיט אַ שורה.



דער אָרעמקייטס־קאָמפּלעקס, וואָס איז אַ שפּאָר ביסל כאַראַקטעריס־טיש פאַר דער יידישער ליטעראַטור, האָט געבראַכט דערצו, אַז מיר האָבן נישט אין יידיש קיין ליטעראַטור־שבעל־פה.

ווען פון אונדזער תורה־שבעל־פה האָט מען געמאַכט אַ תורה־שבכתב, איז שוין געווען זיכער, אַז גלות ווערט אונדזער גורל.

צי איז די פיקסירונג־בהלה[1] צווישן אונדזערע שרייבער נישט קיין סימן פון אַ פרישן גלות? פון אַ גלות פון אונדזער יידישער ליטעראַטור און שפּראַך?

מיר זענען נישט חלילה קעגן שרייבן, נאָר קעגן זיך אויסשרייבן.

ווו איז די אַטמאָספער, וואָס מוז זיין אַרום יעדן קינסטלערישן ווערק? ווו דער קלימאַט, אין וועלכן אַ ליטעראַטור דאַרף וואַקסן און אויפוואַקסן?

ס'איז אַ חלל ריק אַרום אונדזער ליטעראַטור און אַרום אונדזערע ליטעראַרישע שאַפונגען.

מען דאַרף אַריינפירן אַ געזעץ פון מעשר. אַ צענטל פון דער ליטעראַ־טור־שבכתב פאַר דער ליטעראַטור שבעל־פה.

אונדזערע מאָדערנע כלי־קודש, די אַזוי גערופענע קולטור־טוער, מאַכן סטאַטיסטיקס פון דערשינענע ביכער, אָבער וואָס ווייסן זיי וועגן די שריי־

[1] ווען מיר רעדן וועגן דער פאַרפיקסירונגס־בהלה, האָט עס קיין שום שייכות נישט צו דער דאָקומענטאַציע־ליטעראַטור פון אונדזער דריטן חורבן. דאַקעגן האָבן מיר צו געוויסע אויסערונגען פון די אַזוי־גערופענע קינסטלערישע שאַפונ־גען פון די ימי החורבן און פון נאָך זיי — אַ סך באַוואָרענישן.

בער? וואָס אינטערעסירט זיי אינעם שרייבער? וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי מיט אים?

זיי שרייען נאָר: — בוך! בוך! בוך! און איר וועט קיין מאָל נישט הערן פון זיי כאָטש איין מאָל: שרייבער.

זיי זענען שוין אַזוי פאַרבוכעוועט, אַז זיי דאַכט זיך שוין אַוודאי אויס, אַז מען קאָן שאַפן ביכער אָן שרייבער.

און אפשר וועלן אונדזערע קולטור־אָרגאַניזאַציעס אויפשטעלן ביי זיך אינקובאַטאָרן, ווו פון אַזעלכע האַלבע און פערטל סלאָגאַנען, ווי „פאַר־שטאַרקן די קולטור־טעטיקייט!", „אַריינציִען וואָס ברייטערע פאָלקסשיכטן", „אַדורכפירן ברייטע קולטור־אַקציעס" וכהנה וכהנה — וועלן זיך אויספּיקן אָן שרייבער, פאַרטיקע ביכער?

אדרבה! אדרבה, זאָלן זיי פּרובירן.

*

אָבער דער שרייבער האָט קנאַפּע רעכט צו פאָדערן, ווען ער אַליין פילט נישט אויס זיינע פליכטן.

אַ בוך אָן דעם שרייבערס פּערזענלעכקייט, אָן אַן אַטמאָספער אַרום אים, איז, ווי געענדיקט און פאַרענדיקט פאַרמעל דאָס בוך זאָל נישט זיין, פאָרט נאָך שטענדיק נאַקעט.

און נאַקעטקייט איז זעלטן שיין און אַלע מאָל זשעניִרנדיק.

פון שרייבער פאַרלאַנגט זיך אַ סך מער, ווי פון אַנדערע קונסטשעפער. וואָרט איז מער ווי קאָליר, מער ווי ליניע, אַפילו מער ווי געשטאַלט. וואָרט איז מער ווי קלאַנג. מיט ווערטער רעגירט מען איבער וועלטן און מענטשן. קיין שום זאַך קאָן נישט אַזוי פיל באַדייטן ווי וואָרט, קיין שום זאַך האָט נישט אַזאַ מאַכט, ווי וואָרט. קיין שום זאַך קאָן נישט זיין אַזוי טריף און פסול ווי דאָס וואָרט, און די גרעסטע הייליקייטן זענען געגעבן געוואָרן אין וואָרט.

דאָך האָט דער שרייבער נישט קיין ספּעציעלע שליחותן אויסצופירן. ס׳איז אַ שרייבערישע אומבאַשיידנקייט צוצושרייבן זיך שליחותן. די אייג־ציקע מאָראַלישע אויפגאַבע, וואָס דער שרייבער האָט, איז צו זיין ערלעך מיט זיין ווערק און צו זיין ווערק.

דער אָרעמקייטס־קאָמפּלעקס ברענגט צו איבערטרייבונג. ס׳איז די צווייטע זייט פון דער זעלבער מטבע (אָרעמקייט). מען טרייבט איבער אין

אַלץ: אין איבערגעווערטלטן וואָרט, אין אויסגעגראַמטן גראַם, אין נישט־אויסגעבילדעטן בילד. און קודם־כּל טרייבט מען איבער אין דער באַדייטונג פון שיינער ליטעראַטור פאַר וועלט און מענטש. און אַוודאי און אַוודאי טרייבט מען איבער די באַדייטונג פון אייגענעם ווערק.

און די שיינע ליטעראַטור האָט זיך אירס אַ באַשטימטן ווירקונגסקרייז. זי האָט זיך אירע קלוגע און שיינע וועגן, דורך וועלכע עס שלאָגט זיך אַדורך איר השפעה. דורך די וועגן גייט אַדורך נאָר דאָס, וואָס איז אמתדיק, ערלעך, אַדעקוואַט צו געפיל און מחשבה. די רעשט בלייבט ליגן אויפן ראַנד פון די וועגן, ווי אַ טמא זאַך.

*

קאָנען זיין אַ מחבר פאָדערט אַזאַ גרויסע קונסט, ווי קאָנען ווערן אַ מחבר. אויב נישט נאָך מער. ווערן אַ מחבר — איז אַ מדרגה, אָבער קאָנען זיין אַ מחבר, וועלכן די שכינה זאָל נישט פיינט קריגן — איז „אויב נישט נאָך העכער"...

„ווייטער"

# פרייד אין דער קונסט

ווי משונהדיק דאָס זאָל נישט אויסזען, ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט קלינגען, מוז איך זיך דאָך מודה זיין, אַז מיין קריטעריע וועגן קונסט האָב איך גענומען נישט ביי קיין קונסט־פילאָסאָפן, נישט ביי קיין קונסט־קריטיקער, נישט ביי קיין שום שאַצער, צי אָפּשאַצער פון קונסט, נאָר גראָד און דווקא ביי אַ... חסידישן רבין, ביים רבין ר׳ כאַסקעלע פון קוזמיר.

איין מאָל, אין אַ שׂמחת־תּורה, ווען ר׳ כאַסקעלע איז געזעסן ביים טיש אַרומגערינגלט מיט אַ קייט פון חסידים, וועלכע זענען געווען מלא שׂמחה און התלהבות, ווען זייערע געזאַנגען זענען געגאַנגען עד לבֿ השמים (און מנגנים זענען זיי געווען גרויסע) — האָט ער פּלוצעם אַ פּאַכע געטאָן מיט דער פּאַטשיילע, וואָס איז געלעגן אַ פעסט פאַרקלעמטע אין זיין רעכטער פויסט. אין איין רגע איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז אַפילו דאָס ווידער־קול וואָס איז שוין געהאָנגען אין דער לופט, כּדי אָפּצוקלינגען און נאָכצוקלינגען, האָט זיך צוריקגעהאַלטן און זיין קלאַנג נישט אַרויסגעלאָזט.

אין דער דאָזיקער אויסטערלישער שטילקייט האָבן זיך געהערט די געציילטע ווערטער פון ר׳ כאַסקעלעס מויל:

— פאַר וואָס שטייט דאָס עפּעס „שׂישׂו ושׂימחו בשׂמחת תּורה״? מען פרייט זיך דאָך מיט דער תּורה, טאָ פאַר וואָס שטייט נישט פּשוט: שׂישׂו ושׂימחו בתּורה?

אָפּגעפרעגט די קשיא האָט ר׳ כאַסקעלע אויפגעהויבן זיינע לאַנגע וויִעס, אַ ברייטן בליק געטאָן אויף די חסידים אַרום און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן געזאָגט:

— דערפאַר שטייט „שׂישׂו ושׂימחו בשׂמחת תּורה״, ווייל ס׳איז די שׂמחה וואָס די תּורה האָט, ווייל די תּורה אַליין פרייט זיך...

עד כּאן דער רבי ר׳ כאַסקעלע פון קוזמיר.

✶

ווען אַ ווערק קומט אויף דער וועלט איז ווייניק וואָס זיין שעפער פרייט זיך דערפון וואָס ער האָט עס געבראַכט אויף דער וועלט; ס׳איז אַפילו

ווייניק דאָס, וואָס מענטשן פרייען זיך דערפון וואָס דער וועלט איז צוגע־קומען אַ ניי ווערק; דאָס ווערק אַליין דאַרף זיך פרייען, אַז עס איז אויף דער וועלט געקומען.

פרייט זיך עס — איז עס קונסט, פרייט זיך עס חלילה נישט — איז עס קיין קונסט נישט.

ווען אַ נייער מענטש פאַלט אויף דער וועלט — פאַלט ער מיט אַ געוויין, ווען אַ ניי קונסטווערק פאַלט אויף דער וועלט — פאַלט עס מיט פרייד.

און דאָ ליגט דער חילוק צווישן לעבן און קונסט.

*

ס׳איז שווער און כ׳נעם זיך גאָרנישט אונטער צו דעפינירן פרייד, שמחה. איינס איז פאַר מיר קלאָר, ווען אַ מענטש פילט שמחה, ווען ער איז בשמחה, ווען ער האָט שמחה — איז ער במילא דאָפּלט בשמחה. ער פרייט זיך פון דעם גופא וואָס ער פרייט זיך. שמחה איז נאָר דאָס, וואָס פרייט זיך אַליין פון זיך.

ווען דער מענטש איז בשמחה ווייסט ער און פילט אַז ער איז נאָענט צום אמת, אָדער גאָר אין אמת גופא. וואָרעם נאָר אמת גייט געקניפּט און געבונדן מיט שמחה און דאָרטן ווו ס׳איז נאָר פאַראַן אַפילו אַ שמץ פון שקר, איז שוין קיין שמחה אויף מיילן ווייט נישט בנימצא.

שמחה איז נישט קיין עמאָציע און נישט קיין פונקציע פון התלהבות, עקסטאַז, צי רגש. שמחה איז אַ סובסטאַנטיווער טייל פונעם וועלטבאַשאַף. דערפאַר קאָן שמחה נישט נאָר מאַכן יענעם זיך פרייען, נאָר שמחה אַליין פרייט זיך דערפון וואָס זי איז געקומען אויף דער וועלט.

ווען דער קינסטלער ברענגט אויף דער וועלט זיין ווערק, אַן אמת קינסטלעריש ווערק, ווערט עס באַשאַנקען פון דער קינסטלערישער השגחה מיט אַ ביסל פון דער סובסטאַנטיווער פרייד, וואָס איז פאַראַן אין דער וועלט אַן אָנגעגרייטע, אויב נישט פון די ששת ימי בראשית איז אפשר גאָר פון זיבעטן טאָג פון דעם וועלטבאַשאַף, פון שבת גופא. אַ דאַנק דעם גע־שאַנק פון דער קינסטלערישער השגחה, קאָן אַ קינסטלעריש ווערק נישט נאָר מאַכן יענעם זיך פרייען נאָר אויך אַליין זיך פרייען דערפון, אַז עס איז באַשאַפן געוואָרן.

ווערט אָבער אַ מאָל אַ קינסטלער געשטרויכלט אין זיין אמתדיקייט (פון לכתחילה פאַלשע, צי פאַרפעלשטע ווערק, וועלן מיר לגמרי נישט רעדן), האָט זיין ווערק קיין שׂמחה נישט. פרייט זיך נישט זיין ווערק. ווערט עס נישט באַשאַנקען פון דער קינסטלערישער השגחה מיט דעם ביסל סובּ־סטאַנטיווער שׂמחה, וואָס איז אָנגעגרייט געוואָרן אין שבת פאַרן יום שכּולו שבת. און אויב דער שעפער פון אַזאַ מין ווערק פרייט זיך אַפילו יאָ מיט און פון זיין ווערק, ווען אים געלינגט אַפילו אויך אַנדערע אַריינצוציִען און מיטצוציִען מיט זיין פרייד, איז עס שׂמחה וואָס שטאַמט פון דער קינסטלערישער סטרא אחרא און פאַרשווינדט אַזוי שנעל, ווי גיך ס׳פאַר־שווינדט דער נישט ריינער כּוח, וואָס האָט די פאַלשע שׂמחה אַרויסגע־רופן און ווייל זי איז אַ פאַלשע שׂמחה איז זי במילא נישט סובסטאַנטיוו. דערפון נעמט זיך דאָס, וואָס אַזוי פיל שעפער און ווערק, וואָס האָבן בשעתם אָנגעמאַכט מיט זיך און אַרום זיך אַזוי פיל טומל און האַוועניש, אַרויסגערופן אַזוי פיל מכלומרשטע שׂמחה — זענען מיט דער צייט פאַר־שוווּנדן געוואָרן און קיין זכר איז פון זיי נישט פאַרבליבן. דאַקעגן זענען ווערק פון שטילע, פון פאַרשוויגענע, צי גאָר פאַרשריגענע אמתע קינסט־לער פאָרט פאַרבליבן אַ קנין פון דער אייביקייט, למשל די ווערק פון קיטס, נאָרוויד, וואַן־גאָך און אַנדערע.

ווייל על שלושה דברים עומדת הקונסט: אויף אמת, אויף פרייהייט און אויף שׂמחה.



און שיינקייט? שיינקייט אין דער קונסט איז אפשר (און אפשר גאָר נישט אפשר, נאָר טאָקע זיכער) נאָר אַן אילוזאָרישע דערשיינונג, פּונקט ווי די בלויקייט פון הימל איז אַן אילוזאָרישע. ס׳איז נישט דעם קינסטלערס כּוונה, דער קינסטלער האָט קיין מאָל נישט בדעה צו שילדערן שיינקייט, נאָר צו שאַפן שיינקייט. און דאָס קאָן ער נאָר דעמאָלט, ווען אין זיין ווערק זענען פאַראַן, ווען זיין ווערק פאַרמאָגט די דריי הויפּט־יסודות: אמת, פריי־הייט און שׂמחה. ווען די דאָזיקע דריי הויפּט־יסודות קומען זיך צונויף, קרייצן זיך אין זיין ווערק, שפּילט פון דעם אַרויס די שיינקייט אין איר גאַנ־צער רחבותדיקייט, פּונקט ווי פונעם קרייצן זיך פון די זונענשטראַלן אין דער לופט, שפּילט אַרויס די גאַנצע פונעם הימלס קאָלירן.

דאָס הייסט נישט, אַז דער קינסטלער דאַרף נישט שילדערן קיין שיינ־קייט. פאַרקערט, ער טוט דאָס, ער דאַרף דאָס טאָן (כאָטש ער איז דערצו נישט מחויב). אָבער די געשילדערטע שיינקייט איז נאָר אַן עלעמענט פונעם קונסטווערק, איינער פון דער צאָל עלעמענטן, וועלכע קאָנען יאָ אָדער נישט זיין אינעם קונסטווערק, וועלכע מוזן נישט זיין, איינער פון די עלע־מענטן וועמענס זיין אינעם קונסטווערק איז נישט אומבאַדינגט. אָבער די געשאַפענע שיינקייט, די אינערלעכע שיינקייט, די וועלכע איז אַ פועל־יוצא פון דער קונסטס דריַי הויפּט־יסודות — מוז דאָך זיין, ווייל זי איז דאָך אינעם אמתן קונסטווערק במילא דאָ, ווייל זי קאָן נישט נישט זיין.

אָט די אומבאַדינגטע שיינקייט איז דאָס דער שיינער גורל פון יעדן אמתן קונסטווערק.

*

אמת איז דער אייביקער און געטרייער שותף פון פרייד. ס׳איז קיין חילוק נישט צו וואָס דער אמת פירט: צי פירט ער צו גאָט, צי צום רבינס טיש, צי צו קונסט, צי גאָר אויפן שייטערהויפן, צי ווי אַמאָל דעם אמתן רעוואָלוציאָנער אויף דער תּליה. אַלץ איינס. אמת גייט און קומט צוזאַמען מיט פרייד.

ס׳איז נישט קיין חילוק וואָס דאָס קינסטלערישע בילד מאָלט: זון־אויפגאַנג צי זון־אונטערגאַנג, לעבן צי טויט, אויפקום צי אומקום. איז עס נאָר אמת, איז ווי אויסטערליש אַפילו, ווי משונהדיק, ווי שרעקלעך דאָס זאָל נישט זיין — איז עס אויך פרייד. און ס׳איז נישט נאָר אויך פרייד, נאָר ס׳פרייט זיך אַליין, ס׳איז אַליין אַ שטיק פרייד.

ס׳איז נישט קיין חילוק צי איז אַ ווערק אָנגעקומען דעם קינסטלער לייכט, גרינג און אָן אָנשטרענגונג. צי האָט ער געזונגען ווי אַ פויגל, צי האָט ער געשאַפן אין רחבות, שפע און שלווה. אָדער ער האָט עס גאָר גע־שאַפן אין גרויסער שפּאַנונג, פאַמעלעך, אין מי און אין מאַטער, אין אָרעמ־קייט, איינזאַמקייט און פאַרלאָזנקייט. אַלץ איינס, איז עס אמת — איז עס פרייד.

וויפל פרייד איז פאַראַן אין דעם טיפן אומעט פון דעם יידס לעוויטאַן אַ רוסישן פּייזאַזש? און וויפל פרייד איז פאַראַן אין דעם סימבאָלישן בילד פונעם פּוילישן מאָלער לינקע, וואָס שטעלט פאָר אַ גרויסן ייד, איינגעהילט אין אַ טלית, מיט אַ של־ראש אויפן קאָפּ, וועלכער גייט אויף איבער די חורבות פון דער יידישער שטאָט?

פון וואַנען נעמט זיך פרייד צו אַזעלכע מינים ווערק? ווי אַזוי קאָן זיך אַזאַ ווערק פרייען?

ווייל קונסט באַפרייט. דער גרויסער אומעט פון לעוויטאַנס בילדער פאַרשקלאַפט אונדז נישט, נאָר באַפרייט אונדז פון אומעט אַ דאַנק זיין גרויסן אמת. דאָס אייביקייטס־געפיל, וואָס שלאָגט פון אויבן דערמאַנטן לינקעס בילד — באַפרייט אונדז פון שרעק פאַר פאַרגענגלעכקייט און פאַר־געסנקייט און פאַרשטאַרקט אונדזער גלויבן אין אונדזער נצחיותדיקייט.

דאָס געפיל פון באַפרייען זיך פון שרעק און פאַרלוירנקייט האָב איך פערזענלעך איבערגעלעבט, ווען צוריקקומענדיק אויף די חורבות פון יידישן פוילן (אינעם יאָר 1946) האָב איך דאָס ערשטע מאָל איבערגעלייענט ה. לייוויקס דראַמאַטישע פּאָעמע „דער מהר״ם פון רוטענבערג״. דאָס זעל־בע געפיל האָב איך געהאַט ווען כ׳האָב דעמאָלט געהערט פון א. סוצקעווערן פאַרלייענען עטלעכע זיינע לידער, וועלכע זענען שפּעטער אַריין אין זיין „די יידישע גאַס״.

און נישט נאָר בלויז אין דעם אופן באַפרייען גייט עס. די וועלט בכלל איז פאַרשקלאַפט צו אירע פּראָטאָטיפּן. דאָס קונסטווערק נעמט צו ביים פּראָטאָטיפּ דעם זכות־בכורה — און באַפרייט זיך און די וועלט פון אים. ווען נישט די קונסט, וואָס באַפרייט אונדז פון די פּראָטאָטיפּן, וואָלטן מיר געפיל־ און שטייגער־מעסיק נאָך געשטעקט אין די גאָר אַלטע צייטן. מען קאָן דאָ לייכט טראַוועסטירן די צוויי שורות פון פרידריך שילער:

> "Was unsterblich im Gesang soll leben,
> Muss im leben untergehen."

און זאָגן, אַז דאָס, וואָס דאַרף אין דער ווירקלעכקייט פאַרשווינדן, מוז פריִער אין דער קונסט אויפגיין.

אַ קונסטווערק באַפרייט די וועלט (און זיך) פונעם פּראָטאָטיפּ אַ דאַנק זיין ענלעכקייט צו אים. (ענלעכקייט ווערט דאָ געמיינט אויך עכטקייט). וואָס מער אַ קונסט־שילדערונג, אַ קונסטגעמעל איז ענלעך צו זיין פּראָטאָ־טיפּ, צו זיין מאָדעל, אַלץ מער פילט זיך דערין די גאַרונג זיך צו באַ־פרייען פון אים. דאָס קאָנען געבן דעם קונסטווערק אַ זעלבסטשטענדיק, פריי לעבן טראָץ און דווקא זיין ענלעכקייט צום פּראָטאָטיפּ, הייסט קאָנען שאַפן קונסט. וואָס מער ענלעכקייט (אַדעקוואַטקייט — עכטקייט) אַלץ נענ־טער צו שלימות. באַפרייט זיך אַ ווערק פון זיין פּראָטאָטיפּ (פּראָטאָטיפּן)

— איז עס קונסט. באַפרייט זיך עס נישט, איז עס קיין קונסטווערק נישט. אַ שלעכט ווערק, אַן אַנטיקונסט־ווערק איז עלול צו פאַרשקלאַפן נאָך מער ווי ביז איצט די וועלט צו אירע פּראָטאָטיפּן. אַ קונסטווערק — באַפרייט, אַן אַנטיקונסט־ווערק — פאַרשקלאַפט. דערפאַר איז אַן אמתדיק קונסט־ווערק — פרייד, ווייל פרייהייט גייט און קומט מיט פרייד, אַן אַנטיקונסט־ווערק — איז עצבות, ווייל פאַרשקלאַפונג גייט און קומט מיט עצבות.

אַלע ווייטסטע אַסאָציאַציעס, אַלע פאַרוויקלטסטע מעטאַפאָרעס, אַפילו די סאַמע שווערסטע אומפאַרשטענדלעכקייטן, בלויזע אַבסטראַקציעס, צי די סאַמע פאַרפּלאָנטערטסטע וועגן אין דער קונסט, זענען נאָר אופנים פון נאָך נענטער צו דערגיין צו אַזאַ ענלעכקייט, וואָס איז נאָך ענלעכער ווי די ענלעכקייט גופא.

פאַרשטייט זיך, אַז די ווערט (די קינסטלערישע ווערט) פון די דאָזיקע אופנים איז אָפּהענגיק דערפון אויף וויפל זיי זענען בכוח צו מאַכן דיך גלויבן אין זיך. לאָגיק איז נישט די העכסטע אינסטאַנץ, די פמליא־של־מעלה פאַר וועלכער קונסט דאַרף געשטעלט ווערן, נאָר אמונה. איז דיין גלויבן גאַנץ, ביסטו במילא איבערצייגט. און ביסטו איבערצייגט איז במילא אַלץ פאַר דיר קלאָר.



אַ קונסטווערק באַפרייט זיך (און די וועלט) פונעם פּראָטאָטיפּ דורך ענלעכקייט צו אים. וואָלט דאָס דאָך געקאָנט הייסן, אַז די קונסט באַפרייט די וועלט פון אירע פּראָטאָטיפּן, בכדי זי צו פאַרשקלאַפן צו זיך. וואָרעם אויב קונסט באַזירט זיך אויף ענלעכקייט, טאָ וואָס איז דער חילוק צו ווען די וועלט איז פאַרשקלאַפט, צי צום פּראָטאָטיפּ גופא אָדער צו זיין „סיאַמישער” שוועסטער אין דער קונסט? דערפון וואָלט מען געקאָנט ציִען די מסקנה אַז באַפרייונג (אַפילו אין דער קונסט) טראָגט אין זיך פאַרשקלאַ־פונג. און דאָס איז שקר. דאָס איז איינער פון די גרויסע שקרים, וואָס ווילן היינט אין דער וועלט אָנגיין פאַר גאָר גרויסע אמתן.

אמת איז, אַז ענלעכקייט איז דער יסוד פון אמתער קונסט, פון באַ־פרייענדיקער קונסט (קיין אַנדערע איז בכלל נישט בנימצא), אָבער דער צוגאַנג צו איר, צו דער ענלעכקייט, איז און מוז זיין ביי יעדן קינסטלער אַן אַנדערער. יעדער צוגאַנג צו קינסטלערישער ענלעכקייט, ווי צו קונסט בכלל, מוז האָבן אין זיך עפּעס נייס: אַ ניי מיטל, אַ נייער אופן, אַ נייע

מעטאָדע. אָט דאָס נײַס, די נײַע מעטאָדן, אופנים, זײַ זענען דאָס די פּאַק־טאָרן וואָס שאַפן דאָס, אַז די קונסט וואָס באַפרייט די וועלט פון אירע פּראָטאָטיפּן, פאַרשקלאַפט זי (די וועלט) נישט צו זיך, נאָר באַפרייט זי ווידער און נאָך אַ מאָל. די נײַקייט פון די קינסטלערישע מיטלען רעוואָלוציאָניזירן נישט נאָר די קונסט, נאָר אויך דעם באַפרייטן פּראָטאָטיפּ. די באַפרייונג פון דער וועלט בכלל ליגט אין די מיטלען אין וועלכע מען גייט זי באַפרייען און נישט גראָד און דווקא אינעם ציל. יעדע נײַס, יעדע נײַקייט וואָס ווערט אין דער קונסט אַרײַנגעפירט, אויב דאָס איז נאָר אַ קינסטלעריש נײַס און נישט סתם עקווילבריסטיק, קונצנמאַכערײַ, פירט די קונסט פאָרויס און גיט איר וואָס אַ מאָל מער פרײַקייט און באַפרייערישקייט. ווען מען זאָל דווקא וועלן, קאָן מען שאַפן אַ קינסטלערישן אַנטי־מאַקיאַוועליזם, ווײַל אין דער קונסט הייליקן די מיטלען דעם ציל.

קונסט איז אמת. ווי אַזוי דען קאָן געמאָלט זײַן, אַז אַ מענטש פון אַ יידישער למשל סביבה און דערציִונג זאָל אַזוי גוט קענען, פילן און פאַרשטיין אַ העלד פון אַ סביבה, וועלכע עס שילדערט למשל דאָסטאָיעווסקי, צי אַפילו טאָלסטאָי, צי באַלזאַק, צי גאָר סעלמאַ לאַגערלעף — ווען נישט די איבערצײַגעוודיקע, הונדערט־פּראָצענטיקע זיכערקייט, אַז אַזאַ העלד מיט אַלע זײַנע אייַנצלהייטן איז טאַקע באמת געווען, עקזיסטירט, געלעבט? וואָלט דער געשילדערטער העלד, צי בילד, געווען אין דער מינדסטער מאָס אָדער פּרט פאַלש, וואָלסטו אין דעם נישט געגלויבט, וואָלט עס דיר גע־בליבן פרעמד, וואָלסט עס נישט פאַרשטאַנען און עס נישט געפילט. אַ פאַלש אָנגעווענדעטע מעטאַפאָרע, אַ צוגעטראַכט בילד, אַ יוצא־דופנדיקע אַסאָציאַציע, וועט אָפּפאַלן פון דיר ווי אַ פסולע, צי גאָר ווי אַ טמא זאַך. דאַקעגן יעדעס אמת־געפיל, ווי פאַרפלאָנטערט ס׳זאָל פאַר דיר נישט דער־שײַנען, וועט עס געפינען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין דײַן האַרץ.

אַרויסברענגען די גאַנצע ענלעכקייט (דורך וואָס פאַר אַ מיטלען דאָס זאָל נישט זײַן), אַרויסברענגען די גאַנצע עכטקייט, דעם גאַנצן אמת — דאָס איז די אויפגאַבע פון קונסט. קיין טיילווייזע ענלעכקייט, קיין געטיילטע עכטקייט, קיין האַלבער אמת — איז אין דער קונסט נישט פאַראַן.



ווען אַ נײַער מענטש פאַלט אויף דער וועלט — פאַלט ער מיט אַ גע־וויין, ווען אַ נײַ קונסטווערק פאַלט אויף דער וועלט — פאַלט עס מיט פרייד.

און דאָ ליגט דער חילוק צווישן לעבן און קונסט.

ווען אַ נייער מענטש פאַלט אויף דער וועלט — וויינט ער. אין זיין געוויין דריקט זיך אויס זיין טראַגישערע ווי ביז איצט אָפּהענגיקייט פונעם אַרום, נישט זייענדיק שוין צו מאָל געשיצט פון דער מאַמעס טראַכט. ווען אַ רייפע פרוכט פאַלט פון בוים — פאַלט זי מיט פרייד, ווייל זי איז אַזוי אַרום אין גאַנצן פריי, אומאָפּהענגיק און נאָר פול מיט זיסקייטן פאַרן גע־ניסערס מויל.

דערפאַר אָבער — ווען דער מענטש פאַלט אויף דער וועלט — ברענגט ער מיט זיך ענלעכקייט פון זיינע באַשאַפערס און צו זיינע באַשאַפער. ער טראָגט אין זיך ירושה פון זיי און וועט אויך איבערגעמען פון זיי טראַ־דיציע. אין זיין ענלעכקייט ליגט זיין געמיינשאַפטקייט, זיין געוויסע בשות־פותדיקע גורלדיקייט. זיין אָפּהענגיקייט איז איינצייטיק אויך זיין אָנגע־העריקייט צו אַ באַשטימטער סביבה, ספערע. אָבער די פרוכט, וואָס פאַראַ ענלעכקייט האָט זי צום בוים וועלכער האָט זי געבוירן? קיין שום ענלעכ־קייט נישט. ווען זי פאַלט אַראָפּ פונעם בוים, געהער נישט מער די פרוכט צו דער סביבה פון ביימער. זי געהער נישט מער צו דער ספערע, וואָס האָט זי געבוירן. זי געהער נאָר צו דער סביבה און ספערע פון די אַזוי ווי זי געבוירענע. זי איז נישט מער אָפּהענגיק, ווען זי פאַלט אַראָפּ פון בוים, זי איז אָבער אויך נישט מער אָנהענגיק אין גאָרנישט, זי איז אין אַ געוויסן זין הפקר. זי איז נישט מער ווי נאָר און אויסשליסלעך פריי.

די פרייד מיט וועלכער אַ קונסטווערק פאַלט אויף דער וועלט — איז פון גאָר אַ העכערן מין און קאַטעגאָריע. אַ קונסטווערק איז קיין מאָל נישט הפקר. נישט פאַראַן אין דער וועלט קיין גרעסערע אַנטיטעזע, ווי קונסט און הפקרות. אַ קונסטווערק איז שטענדיק מער ווי נאָר און אויסשליסלעך פריי. אַ קונסטווערק טראָגט אין זיך ירושה און טראַדיציע. אָבער איר ירושה־ירושהשאַפט און איר טראַדיציע, נעמט זי פון איר אייגענער דימענ־סיע און נישט פון דער ווירקלעכקייט, ווי דאָס קאָן זיך אַ סך און לייכט אויסדאַכטן. ירושה און טראַדיציע אין דער קונסט האָבן קיין שום שייכות נישט מיט די פון דער ווירקלעכקייט (כאָטש זיי זעען אויס צו זיין איינע און די זעלבע). די אָפּהענגיקייט ווידער פון דער קונסט אין די פראָטאָ־טיפּן פון דער ווירקלעכער וועלט, איז דאָך נאָר אויך אַ מכלומרשטע, ווייל ס׳איז דאָך נאָר בכדי זיך צו באַפרייען פון זיי (פון די פראָטאָטיפּן). אַזוי אַרום איז קונסט, נישט בלויז פריי, זי איז די פרייהייט גופא, און זיין די

גופא פרייהייט — הייסט קאָנען מיט זיך אויך אַנדערע באַשענקען. און דערפון איר הויכע פרייד.

פרייד אין דער קונסט האָט קיין שום שייכות נישט מיט דער אַזוי גערופענער „פריידיקער שאַפונג״, וועלכע ווערט געפריידיקט און געפאָדערט פון די קינסטלער אין די לענדער מיט טאָטאַלע רעזשימען. ווייל די פּראָגראַמען און ריכטונגס־ליניעס פון דער „פריידיקער שאַפונג״ ווערן אַנגעוואָרפן און אויפגעצוווּנגען דעם קינסטלער פון „אויבן״, ברענגט זי נישט קיין פרייד נאָר עצבות, און אַוודאי און אַוודאי פרייט זי זיך נישט וואָס זי איז געקומען אויף דער וועלט.

ווען ס׳רעדט זיך דאָ וועגן באַפרייען די וועלט פון אירע פּראָטאָטיפּן, ווערט נישט געמיינט נאָר פּראָטאָטיפּן פון מענטשן, שטייגער און כאַראַקטער, נאָר אויך פון געפיל און געדאַנק, (פּאַוולאָוויאַנער וואָלטן געזאָגט: — סטערעאָטיפּן), און אַפילו פון אַזעלכע געדאַנקען און געפילן, וואָס זענען באַהאַלטן אין אונדזער אונטערבאַוווּסטזיין און קומען אַרויס זייער זעלטן אויף דער אויבערפלאַך פון אונדזער מחשבה און מעשׂה.

באַפרייען הייסט אין דער קונסט איינציַיטיק פּאַראייביקן. נישט פאַראַן בכלל קיין פרייהייט אָן דעם געפיל פון אייביקייט, און דאָס געפיל פון אייביקייט קאָן מען נאָר דעמאָלט האָבן, ווען מען איז פאַקטיש, ד. ה. באמת, אבסאָלוט פריי.

מיר ווילט זיך טראַוועסטירן דעם מאמר חז״ל פון פּרקי־אָבות — „שאין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה״ און זאָגן: אֵין לך בן חורין אלא מי שעוסק בקונסט. און עוסק זיין הייסט נישט נאָר שאַפן, נאָר אויך קוקן, זען, לייענען און לערנען קונסט...

*

די קונסט באַפרייט די וועלט פון אירע פּראָטאָטיפּן, פון מענטשן וואָס זענען שוין געווען, פון כאַראַקטערן וואָס האָבן שוין געווירקט, פון פאַקטן וואָס זענען זיך שוין פאַרלאָפן, פון געפילן וואָס זענען שוין איבערגעלעבט געוואָרן, פון געדאַנקען וואָס זענען שוין אַדורכגעטראַכט געוואָרן, פון בילדער וואָס זענען שוין געוויזן געוואָרן. אָן דער קונסט וואָלט מען נאָך זיכער אין דער וועלט (אין אַלע אירע ריכטונגען) ווייניק געגאַנגען פאָרויס. דער פּרימיטיווער מענטש שטעקט נאָך שטייגער־אַרטיק, געדאַנק־ און געפיל־מעסיק אין די גאָר אַלטע צייטן. נישט בחינם פאַרנעמט קונסט אַזאַ

גרויס אָרט אין דער וועלט. דער זכּרון און דענקמאָל פון געטע, צי פון פּושקינען וועט איבערדויערן דעם דענקמאָל פון נאַפּאָלעאָנען. דער כּוח פון קונסט ליגט אין איר האַרמאָנישקייט. דאָס איז אויך איינציַיִטיק איר שוואַכקייט. ווייל ווען ס'ווערט אָנגערירט איר האַרמאָנישקייט, אין קאַ־טאַסטראָפישע למשל צייטן, פאַרלירט די קונסט איר שליטה איבער וועלט און מענטש.

מען דאַרף גאָרנישט גרייכן אַזוי ווייט. ס'איז גענוג ווען עפּעס אין דער וועלט זאָל ווערן צעשטערט, ווען צווישן מענטש און מענטש זאָל זיך אַרייַנ־כאַפּן אַ צעשטערונגס־באַציל (מלחמה, רעוואָלוציע, דיקטאַטור), אַז קונסט זאָל זיך תּיכּף אָפּרוקן אין אַ זייט, זי זאָל אָפּווענדן איר השפּעה, זי זאָל אַוועקנעמען איר פּנים.

קונסט פון פּרימיטיווע פעלקער, ווי אינטערעסאַנט און אָריגינעל זי זאָל נישט זיין, אָבער ווייל זי טראָגט נישט אין זיך קיין בייס (צי בלויז אַפילו דערפאַר, וואָס זי האָט נישט און אַנטוויקלט נישט אין זיך קיין ציוויליזאַציע־עלעמענטן, וועלכע מען קאָן בשום אופן נישט אָפּטיילן פון קולטור־עלעמענטן), ווייל זי ווערט נישט באַנייט קאָן זי נישט גיין פאָרויס, און איר השפּעה איז דעריבער אין בעסטן פאַל אַ באַגרענעצטע.

די פּרימיטיווע קונסט האָט איר עיקר מקור אין בענקשאַפט, פאַר־טרויערטקייט, אין עצבות. זי קאָן דערפירן צו התלהבות, צו עקסטאַז אַפילו מיטן כּוח פון איר איינטאָניקייט, פון איין־ריטמישקייט, מיטן כּוח פון גע־וואַלטיקער קאָנצענטראַציע, מיטן כּוח פון קאָנען זיך אונטערגעבן, פון קאָנען זיך באַהערשן פון איין און אויסשליסלעך געפיל, עמאָציע.

די קונסט פון אַ הויכן קולטור־ניוואָ שטאַמט אויך פון בענקשאַפט, נאָר פון בענקשאַפט צו פילטאָניקייט, צו פיל־פּנימדיקייט. זי קאָן דערגיין, נישט נאָר דערפירן יענעמען, ווי פּרימיטיווע קונסט, אויך אַליין דערגיין צו התלהבות (זעלטן צו עקסטאַז) מיטן כּוח פון פילטאָניקייט, פיל־בילדע־רישקייט, פיל־פלאַכיקייט, מיטן כּוח נישט נאָר פון איין געפיל, נאָר פון אַ סך געפילן, פון סתּירותדיקע געפילן, וואָס ווערן אין דער קונסט האַר־מאָניזירן, כאָטש בעצם קאָנען זיי בלייבן סתּירותדיקע.

פּרימיטיווע קונסט קאָן דערפירן צו התלהבות, צו עקסטאַז אַפילו, אין דער צייט ווען קונסט פון אַ הויכן קולטור־ניוואָ (נישט דורכויס ראַפינירטע), קאָן נישט נאָר דערפירן, נאָר אַליין אויך דערגיין צו די דאָזיקע מדרגות. נאָך מער, פּרימיטיווע קונסט מוז דערפירן צו התלהבות, דאָס איז איינע פון די הויפּט־קריטעריעס פאַר איר עכטקייט. אין דער צייט ווען

קונסט פון אַ הויכן קולטור־ניוואָ קאָן דערפירן צו די מדרגות, נאָך מער, קאָן אַליין דערגיין צו די מדרגות, אָבער זיי זענען נישט דער עיקרדיקער יסוד פאַר איר עכטקייט. ווייל הויכע קונסט (ד.ה. קונסט פון אַ הויכן קולטור־ניוואָ) מוז קאָנען דערפירן, דערגיין און אַליין זיין פון אַ העכערער מדרגה, ווי התלהבות, צי עקסטאַז. זי מוז קאָנען דערפירן צו שׂמחה, אַליין דערגיין צו שׂמחה און אַליין זיין שׂמחה, נישט נאָר מאַכן אַנדערע פרייען, נאָר אַליין זיך פרייען פון דעם, וואָס זי איז געקומען אויף דער וועלט.

*

דעם חילוק צווישן התלהבות און שׂמחה קאָן מען מער אָדער ווייניקער באַגרינדן אויף די פאָלגנדיקע אופנים: התלהבות איז אַ פּסיכישער צו־שטאַנד אין וועלכן אַ מענטש מיט אַ געשטייגערטער פילבאַרקייט, אַ מענטש אַ סענסיטיווער, אַ היפּערעמפּינדלעכער, ווען ער ווערט אין גאַנצן באַהערשט פון איין געפיל, אָדער אַזעלכער, וואָס האָט אַ קאָנסטיטוציאָנעלע נטיה באַ־הערשט צו ווערן אויסשליסלעך פון איין געפיל, עמאָציע — קאָן לייכט אַריינגעבראַכט ווערן. ביי אַ מענטש מיט אין גאַנצן נאָרמאַלע פּסיכישע רעאַקציעס, קאָן נעמען גענוג צייט ביז ער וועט אַריין אין התלהבות. ס׳זענען ווידער פאַראַן אַזעלכע מענטשן, וואָס וועלן קיין מאָל נישט אַרויס פון זיך, און קיין מאָל דעריבער אין התלהבות נישט אַריין. דאַקעגן שׂמחה איז אָנגעגרייט פאַר יעדן מענטש, ווען ס׳קומט נאָר אַ שעת־הכּושר. כּל בן־אָדם יש לו חלק שׂמחה. שׂמחה איז נישט קיין פּסיכישער צושטאַנד. שׂמחה איז אַ ריינע, קרישטאָל ריינע סובסטאַנץ, וועלכע פאַרמאָגט אַן אויס־געלויטערט געפיל און טרעט אויף צוזאַמען מיטן אויסגעלויטערטן געפיל. ווען דער מענטש איז אין התלהבות, איז כאָטש ער גייט דעמאָלט אַרויס פון זיך, איז ער דאָך פאַרמאַכט אין זיך. ער פאַרמאַכט דעמאָלט די אויגן אויפן גאַנצן אַרום. ער לאָזט צו זיך נישט צו עפּעס אַנדערש, ווי נאָר דאָס, וואָס האָט אים אין התלהבות אַריינגעבראַכט. ווען דער מענטש האָט שׂמחה (אין התלהבות, ווי אין עקסטאַז — איז מען, שׂמחה — האָט מען) קוקט ער אויף אַלץ און אַלע מיט אָפענע אויגן. ער גייט נישט אַרויס פון זיך, נאָר שטייט אַ צעעפנטער פאַר דער גאַנצער וועלט. אין התלהבות גייט מען אַרויס פון זיך בכדי אַנטקעגן צו גיין דער וועלט, ווען מען האָט שׂמחה, גייט די וועלט דעם בעל־שׂמחה אַנטקעגן.

*

שמחה איז אַ סובסטאַנטיווע טייל פֿונעם וועלטבאַשאַף. ווען דער קינסט־לער ברענגט אויף דער וועלט זיין ווערק, אַן אמת קינסטלעריש ווערק, ווערט ער באַשאַנקען פֿון דער קינסטלערישער השגחה מיט אַ טייל פֿון דער סובסטאַנטיווער שמחה, וואָס איז אַנגעגרייט געוואָרן אין שבת פֿאַרן יום שכּולו שבת.

ס׳איז פֿאַרשטייט זיך שווער צו זאָגן געננוי, וואָס איז דאָס אַזוינס „קינסט־לערישע השגחה״. אָבער דער וואָס גלויבט אין דער אַבסאָלוטער, אומבאַ־דינגטער בויטוועגדיקייט פֿון קונסט פֿאַר דער וועלט, ווער עס גלויבט, אַז אָן קונסט וואָלט אפשר די וועלט גאָר קיין זין נישט געהאַט, ווער עס גלויבט, אַז צווישן אַלע וועלטן וואָס זענען פֿאַראַן אין אַלוועלט, פֿאַרנעמט די וועלט פֿון קונסט גאָר אַ בּכבודיקן אָרט, ווער עס גלויבט, אַז דער הימל פֿון דער קונסט איז דער שענסטער פֿון אַלע אַנדערע הימלען — דער מוז אויך גלויבן אין דער קינסטלערישער השגחה. (די פֿראַגע איז נאָר, וואָס רופֿן מיר אָן קונסט, אָבער דאָס איז נישט קיין טעמע פֿאַר דעם דאָזיקן עסיי).

ס׳איז, פֿאַרשטייט זיך, שווער צו זאָגן ווו געפֿינט זיך די „דיכטערישע השגחה״, אָבער דער פֿון די קינסטלער, וואָס ווייסט ווי צילבאַוווסטזיניק די קונסט דאַרף זיין, ווער ס׳ווייסט ווי אומטעותדיק זי מוז זיין אַפֿילו אין יעדן פּרט אירן, ווער ס׳ווייסט ווי גלייך ס׳מוז זיין אַפֿילו איר פֿאַרפּלאָנ־טערסטער וועג — אויף דעם וועט דאָס אויג פֿון דער קינסטלערישער השגחה במילא רוען.

ס׳איז, פֿאַרשטייט זיך, שווער צו זאָגן, ווען איז דאָס דער שעת־הכּושר, ווען איז דאָס די גוטע מינוט אין וועלכער דאָס קינסטלערישע ווערק ווערט באַשאָנקען פֿון דער קינסטלערישער השגחה מיט שמחה; אין וועלכער רגע פֿון יצירה, צי לידה געשעט אָט דער נס. קאָן זיין, אַז אין יעדן קינסט־לערישן עלעמענט, וואָס ווערט אַריינגעפֿירט, אַריינגעבראַכט אינעם ווערק איז שוין פֿאַראַן די טייל שמחה, וואָס קומט דעם עלעמענט לויט זיין חשיבות און אַנזען. אָבער ווען דאָס ווערק ווערט שלימותדיק, ערשט דאָס שלימות־דיקע ווערק, באַקומט די שלימותדיקע שמחה, די פֿולע שמחה. ווייל שמחה איז בעצם אומטיילבאַר, און יעדעס אמת קינסטלעריש ווערק באַקומט די גאַנצע שמחה, וואָס איז פֿאַר דער וועלט פֿון קונסט באַשאַפֿן געוואָרן אין זיבעטן טאָג פֿון מעשׂה בראשית, און פֿאַר יעדעס אמת קינסטלעריש ווערק ווערט יעדעס מאָל די שמחה באַשאַפֿן פֿון דאָס ניי.

ווערט אָבער אַ ווערק געשטרויכלט אין זיין שלימותדיקייט, ווערן די טיילן שמחה וואָס זענען אַריינגעגעבן געוואָרן אינעם ווערקס עלעמענטן

— דעגענערירט. זיי ווערן באַהערשט פון דער קינסטלערישער סטרא אחרא. די שׂמחה ווערט פאַרוואַנדלט אין ביליקע סוראָגאַטן, זי ווערט פאַרטוישט אויף פאַלשע מטבעות, און אַפילו דער, וואָס געניסט פון דער מכלומרשטער שׂמחה סיי וויסנדיק, אַז זי איז פאַלש, סיי אין בעסטן גלויבן, אַז זי איז עכט, פילט זיך שפּעטער אָפּגענאַרט, אַנטוישט און פּוסט, אויסגעליידיקט.

ס'איז, פאַרשטייט זיך, גאָר שווער צו זאָגן, ווי אַזוי זעט מען דאָס צי אַ ווערק פרייט זיך פון דעם, אַז עס איז געקומען אויף דער וועלט. אָבער דער, וואָס קען קוקן אויף אַ קונסטווערק, דער וועט דאָס דערזען. פּונקט ווי דער, וואָס פאַרשטייט אַ קונסטווערק, וועט דאָס פאַרשטיין, פּונקט ווי דער, וואָס פילט אַ קונסטווערק, וועט דאָס פילן. ער וועט דאָס זען בחוש, פאַרשטיין מיט דער נשמה שבּמוח, און פילן מיט און דורך אַלע מדרגות פון זיין נשמה. פּונקט ווי דער רבי ר' כאַסקעלע פון קוזמיר האָט געזען באַשיינפּערלעך, געפילט מיט אַלע רמ"ח אברים און שס"ה גידין, געזען בחוש ובעין — אַז די תּורה אַליין פרייט זיך.



ווען דער רבי ר' כאַסקעלע פון קוזמיר האָט געזאָגט אַז דערפאַר שטייט: „שׂשׂו ושׂמחו בשׂמחת תּורה" — ווייל די תּורה אַליין פרייט זיך, האָט ער נישט געזאָגט פאַר וואָס די תּורה פרייט זיך. מען קאָן זיך אָבער לייכט משער זיין, אַז געמיינט האָט ער, אין זינען געהאַט האָט ער, געפילט האָט ער, אַז דערפאַר פרייט זיך די תּורה, ווייל זי איז אַ תּורת־אמת, ווייל זי איז נצחיותדיק, ווייל זי גיט פרייהייט („שאין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתּורה"; אבות). און דערפאַר פרייען זיך נישט נאָר די יידן מיט דער תּורה, נאָר די תּורה אַליין פרייט זיך מיט זיך.

און אפשר האָט ר' כאַסקעלע געטראַכט, און אפשר האָט ער נישט דערטראַכט, אַז ווען די תּורה וואָלט זיך אַליין נישט געפרייט פון דעם וואָס זי איז אויף דער וועלט געקומען, וואָלט זי אפשר גאָר קיין תּורה נישט געווען, וואָלט זי אפשר גאָר קיין תּורה נישט געקאָנט זיין.

ווען איך טראַוועסטיר די ווערטער פון ר' כאַסקעלען, און זאָג אַז קונסטווערק איז נאָר דאָס ווערק, וואָס פרייט זיך אַליין דערפון, אַז עס איז געקומען אויף דער וועלט — איז עס דערפאַר, ווייל קונסט איז עכט־קייט, קונסט איז אמת, קונסט איז אייביק, קונסט גיט פרייהייט און איז די פרייהייט אַליין. און דערפאַר זענען קונסט באַשערט הויכע דערגרייכונגען,

דערפֿאַר ווערט קונסט באַשאַנקען מיטן העכסטן שׂכר, מיט וועלכן אַ שאַפֿונג איז ווען עס איז באַשאַנקען געוואָרן, קונסט ווערט באַשאַנקען פֿון דער קינסטלערישער השגחה מיט — שׂמחה.

און דערפֿאַר האָב איך אַזוי האָלד די ווערטער פֿון חסידישן רבין וועגן... קונסט, האָלדער ווי אַלע ביז איצט געלייענטע, צי געהערטע דעפֿי־ניציעס וועגן קונסט.

## וועגן קינסטלערישן אמת

ווען אַ ייד גלויבט באמונה שלימה, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט — איז עס אמת.

נישט דער פאַקט, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט איז אמת, נאָר דער גלויבן איז אמת.

געוויינטלעך פאַרטוישן מענטשן אמונה מיט בטחון. אָבער בטחון קען מען נאָר האָבן אין פאַקטן, אין גאָטס מעשׂים, און נישט אין גאָט גופא. מען קען נישט זאָגן: כ׳בין בטוח, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. מ׳קאָן נאָר זאָגן: כ׳גלויב, כ׳האָב אמונה, אַז אויף דער וועלט איז דאָ אַ גאָט.

ווייל גלויבן, אמונה — איז אַ שעפערישער אַקט, און בטחון — איז פּאַסיוויטעט.

גלויבן, אמונה, באַזירט זיך אויף דער אַקטיוויטעט פון גלויביקן, אויף זיין באַציִונג צו גאָט. בטחון, פאַרקערט, בטחון שטיצט זיך אויף גאָטס אַקטיוויטעט, אויף זיין באַציִונג צום בעל־בטחון.

ווען עמעצער האָט בטחון, שפּאַרט ער זיך אָן אויף גאָטס מעשׂים, ווען עמעצער האָט אמונה — שפּאַרט ער זיך אָן אויף אייגענע מעשׂים.

בטחון אַליין איז נישט קיין אמת (כאָטש ער איז נישט קיין עפעקטיווער שקר). ס׳איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז די נביאי שקר האָבן זיך באַנוצט מיט בטחון, נישט מיט אמונה. אויך קריסטוס האָט געפּרעדיקט בטחון, פּאַסי־וויטעט. ער האָט געוואָלט אויספּרעסן ביי גאָט ניסים, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין אמונה, נאָר בלויז בטחון. די יידן אין מצרים האָבן פון משה רבינו אויך געפאָדערט ניסים, ווייל זיי זענען נישט געווען קיין גלויביקע.

אמונה שלימה דאַרף נישט קיין ניסים, אמונה שלימה איז אַליין אַ נס.

*

אין אָנהייב איז געווען דער פאַקט, די רעאַליטעט. ווי יעדער פאַקט, איז ער נישט געווען — נישט קיין אמת, נישט קיין שקר. ער איז בלויז געווען.

איז געקומען דער קינסטלער און האָט דעם פאַקט, די רעאַליטעט (און געפילטע רעאַליטעט) אין זיינע ווערק איבערגעחזרט. איבערחזרנדיק דעם פאַקט [1], האָט דער קינסטלער אַזוי אַרום עדות געזאָגט וועגן דער עקזיס־טענץ פון פאַקט. און אויב דער קינסטלער זאָגט עדות, גלויבט ער זיכער דעריין, און ווייל ער גלויבט דעריין, איז עס אמת, דער פאַקט איז אמת.

ס׳איז פאַראַן אַ חילוק צווישן מאָראַלישן גלויבן (גלויבן אין גאָט, אין גורל, אין טייוול, אין גן־עדן, גהינום, אין יושר, גערעכטיקייט) און דעם קינסטלערישן גלויבן. דער מאָראַלישער גלויבן — מאַכט פאַר אמת נישט דעם פאַקט, נאָר דעם גלויבן (ווי שוין אויבן געזאָגט וועגן גלויבן אין גאָט), בעת דער קינסטלערישער גלויבן מאַכט אמת דעם פאַקט גופא.

דעריבער לעבט אויף דער מאָראַלישער אמת די אַבסטראַקטע וועלט און דער קינסטלערישער אמת מאַכט לעבעדיק די רעאַלע וועלט. דאָס ערשטע איז אַ וועג פון דער אייביקייט צו דער טאָג־טעגלעכקייט, דאָס צווייטע — דער וועג פון אַלטעגלעכקייט צו דער אייביקייט.

קיין קינסטלערישער שקר איז נישט פאַראַן, ווייל קונסט איז אמת און שקר איז קיין קונסט נישט. פאַלש עדות זאָגן, זאָגט קיין קינסטלער נישט. ס׳זענען אָבער פאַראַן פאַלשע קינסטלערישע גביית־עדותן, וואָס שטאַמען פון אַ פאַלש אָנגעוואָנדענעם קינסטלערישן מעטאָד. אַ שפּאַר ביסל פאַלשע געשריבענע גביית־עדותן האָט אונדז איבערגעלאָזט דער עקס־פּרעסיאָניזם.

די באַציִונג פון קינסטלער צום פאַקט מוז זיין אַ שעפערישע. ער דאַרף זיך באַנוצן מיטן פאַקט. נישט בכדי ביי אים עפּעס צו נעמען, נאָר בכדי אים עפּעס צו געבן.

דער נאַטוראַליזם, ווי אַלע אַנדערע ריכטונגען אין דער קונסט, האָט זיך געשטיצט אויף פאַקטן (אויך אויף געפילטע פאַקטן). נאָר דער נאַטו־ראַליסט (ווי דער בעל־בטחון) האָט זיך געשטיצט אויף דער אַקטיוויטעט פון פאַקט, אויף דער באַציִונג פון פאַקט צו דער מאָראַלישער וועלט און צו אים, צום קינסטלער, בעת אַנדערע קינסטלערישע ריכטונגען, אַפילו

---

[1] ווען מיר באַנוצן דאָס וואָרט „פאַקט״, מיינען מיר נישט בלויז אַ רעאַל גע־שעעניש, נאָר אויך איבערלעבעניש, געפיל, פאַרגעפיל, אַלץ וואָס איז קינעטיש, באַוועגלעך אין דעם מענטשנס נשמה (און במילא אויך רעאַל). מיר באַנוצן דעם אויסדרוק „פאַקט״ ווי אַ קיצור, בכדי נישט צו דאַרפן אָפט איבערחזרן אַ ריי פון די זעלבע ווערטער. (י. ה.)

דער רעאַליזם, שטיצן זיך (ווי דער מאמין) אויף דער אַקטיוויטעט פון שעפער, אויף זיין, דעם קינסטלערס, באַציִונג צום פאַקט.



ווער און וואָס נויט דעם קינסטלער, אַז ער זאָל מוזן איבערחזרן די רעאַליטעטן, די פאַקטן, די דערפאַרונגען און די פּילונגען פון דער וועלט און פון די מענטשן? ווער האָט דאָס אים אָנפאַרטרויט דאָס שליחות, אַז ער זאָל עדות זאָגן וועגן זייער עקזיסטענץ?

איבערחזרונג, ציקלישקייט (למשל די פיר צייטן פון יאָר, וואָס חזרן זיך סיסטעמאַטיש איבער), זענען פון די זיילן אויף וועלכע ס׳דאַרף זיך אָנשפּאַרן די האַרמאָניע פון דער וועלט.

נאָר דער מענטשלעכער פאַקט, דאָס מענטשלעכע איבערלעבן, דאָס מענטשלעכע געפיל איז ווי אַ שטראָם, אַן „עלאָן", וואָס חזרט זיך נישט איבער, דערפאַר זענען זיי נישט גאַנץ און נישט האַרמאָניש.

דער קינסטלער, וואָס חזרט זיי איבער, דערגענטערט זיי און די וועלט צו שלימות, צו האַרמאָניע. און דאָס איז זיין שליחות אויף דער וועלט.

וואָס אינדיווידועלער דער קינסטלער איז, אַלץ מער איז ער ביכולת ביים איבערחזרן דעם פאַקט אָנצורירן די יסודות פון מעשׂה בראשית, אַלץ מער איז ער באַרעכטיקט איבערצושטעלן דעם סדר פון דער וועלט. ווייל דער קינסטלער חזרט נאָר איבער דעם פאַקט, דעם אינהאַלט זיינעם, דאָס געפיל, די איבערלעבונג — אָבער קיין מאָל נישט די פאָרעם זייערע. די פאָרעם דאָס איז די אויסשליסלעכע דאָמענע פון קינסטלער. אויב דער קינסטלער חזרט איבער סיי דעם אינהאַלט, סיי די פאָרעם פון פאַקט — איז עס: באַנאַליטעט.



דער דורכן קינסטלער איבערגעחזרטער פאַקט טראָגט אויף זיך אַחוץ דעם חותם פון אמת אויך די גלאָריע פון אויסדערוויילטקייט (אויסדער־ווײלט דורכן קינסטלער) און דערפאַר איז דער קינסטלערישער פאַקט איבערצייגעוודיקער ווי דער, וואָס געשעט אין לעבן.

פאַר וואָס, וועט איר פרעגן, ווערט גראָד דער פאַקט אויסדערווײלט דורכן קינסטלער און נישט קיין אַנדערער?

דאָרט ווו ס׳אַנטפּלעקט זיך די וויזיע (אין אַ באַשטימטן קלאַנג, פאַרב, בילד, געפיל, איבערלעבונג), דאָס ווערט אויסגעוויילט איבערגעחזרט צו ווערן אין דער קונסט.

אַ קינסטלער קען אַ מאָל איבערחזרן אַפילו אַזאַ פאַקט, וואָס איז נאָך נישט געווען; מיטן כּוח פון אינטויִציע קען ער זיך אַרויסבאָרגן אַ פאַקט, וועלכער דאַרף ערשט קומען אויף דער וועלט.

✶

איר וועט ווייטער פרעגן: פאַר וואָס אַנטפּלעקט זיך די וויזיע אין איין פאַקט יאָ און אין אַ צווייטן פאַקט נישט?

דאָס איז אין גאַנצן אָפּהענגיק פון דער עמאַנאַציע־קראַפט פון פאַקט גופא. ס׳זענען פאַראַן פאַקטן, וואָס צוליבן אויספעלן פון אַ ריכטיקער אַטמאָספער, אָדער צוליב דעם וואָס זיי זענען מיט עפּעס פּסול געוואָרן, קענען זיי נישט אַריין אין דער גרויסער קאָמפּאָזיציע, וואָס הייסט קונסט. די דאָזיקע פאַקטן, וועלן, ווי פאַרשטויסענע נשמות, מוזן אַדורכמאַכן פאַר־שידענע גלגולים, כּאָטש זיי אַליין האָבן גאָרנישט געזינדיקט, ביז זיי וועלן מוכשר ווערן פאַר דער קונסט.

אַגב, וואָלט איר די אויבן דערמאָנטע פראַגע אויך געקענט שטעלן דעם סדר פון מעשׂה בראשית. אָבער ערשט ביים „ויכולו״, ווערט קלאָר דער סדר, די קאָמפּאָזיציע פון דער וועלט־באַשאַפונג. אַזוי איז ביי דער קונסט. ערשט ווען אַלע פאַקטן וועלן איבערגעחזרט ווערן אין דער קונסט, און די קונסט וועט האָבן פאַרענדיקט איר אויפגאַבע, וועט אין דעם „שבת״ אויך דערזען ווערן דער זין פון דעם אויסקלייב, פון דעם סדר, פון דער קאָמפּאָזיציע אין דער קונסט.

ס׳איז נישט אמת, אַז פאַרשידענע קינסטלער קענען איבערחזרן די זעלבע פאַקטן אַנדערש דורך זיי געזען. יעדער פאַקט קען נאָר איין מאָל איבערגעחזרט ווערן אין דער קונסט. אונדזער שוואַכקייט צו גענעראַליזירן, צו זען גאַנצע סטרוקטורן, מאַכט אונדז טראַכטן און זען פאַרשידענע פאַקטן אין דעם מכּלומרשטן זעלבן געשטאַלט. ערשט דער קינסטלער פירט אַרויס פון דעם פאַטאַלן טעות. די קונסט ווייזט אונדז, אַז יעדער פאַקט איז אייב־מאָליק און אייגנאַרטיק און אַפילו די אַטמאָספער פון פאַקט — איז יעדעס מאָל אַ נייע.

דאָס איבערחזרן דעם פֿאַקט, דאָס עדות זאָגן וועגן זיין עקזיסטענץ — מאַכט דעם קינסטלער גלויבן אין דעם פֿאַקט. און פֿון עצם גלויבן, ווי פֿון אַ קוואַל, פֿליסט דער קינסטלערישער אמת.

אָבער ווי אַזוי מאַכט דאָס דער קינסטלער אַנדערע גלויבן אין זיין קינסטלערישן גבֿית־עדות? ווי אַזוי דערנענטערט ער דאָס אַנדערע צום קינסטלערישן אמת?

מיטן כּוח פֿון זיין טאַלאַנט, וועט איר זאָגן? ווייניק. טאַלאַנט איז נישט מער ווי אַן אינסטרומענט צו פֿאַרמירן קונסט — און קינסטלערישער אמת איז די סובסטאַנץ פֿון קונסט.

מאַכן אַנדערע גלויבן אין דעם גבֿית־עדות פֿון קינסטלער, מאַכט נאָר דער ווילן און שטרעבן צום אמת, וואָס איז דעם מענטשן איינגעבוירן.

דער שקר ווייסט פֿון דעם דאָזיקן מענטשנס ווילן און שטרעבן צו אמת און באַנוצט זיך אָפֿט מיט זייער כּוח און זייער לבֿוש. דער אמת קען זיך מיטן כּוח פֿון שקר נישט באַנוצן — ווייל ער איז דאָך אמת.

אָבער אין דער קונסט איז דער פּראָצעס פֿון אויסמישן זיך פֿון שקר און אמת אַ גאַנץ אַנדערער, ווי אין לעבן. ס׳איז אָדער, אָדער. אָדער דער שקר ווערט פֿון דער קונסט אַרויסגעשטופּט, ווי אַ פּרעמדקערפּער, אָדער די קונסט קומט בכלל פֿון שקר אום.

דער קינסטלערישער אמת, דער דורכן קינסטלער איבערגעחזרטער פֿאַקט, קומט אויפֿן מענטשן נישט ווי אַ רינגעלע אין דער לאַנגער קייט פֿון פֿאַקטן און געשעענישן, נאָר ווי אַ התגלות, ווי אַן אַנטפּלעקונג.

יעדער מענטש, וואָס האָט אַ גרעפּיל פּאָר שיינקייט, קען באַאומרויִקט ווערן פֿון אַ שיינער פֿאַרב, פֿון אַ שיינער געשטאַלט. אָבער נאָר באַאומרויִקט ווערן. ערשט ווען דער מענטש דערזעט די זעלבע פֿאַרב, די זעלבע גע־שטאַלט איינגעפֿורעמט אין אַ קונסטווערק, ערשט דעמאָלט לעבט ער דאָס ריכטיק איבער. און ווייל ער לעבט עס ריכטיק פֿולשטענדיק איבער, ווערט ער נישט באַאומרויִקט, נאָר פֿאַרקערט — באַרויִקט. ווייל דער מענטש דערפֿילט ערשט דעמאָלט דעם הויך פֿון אייביקייט, די זיכערקייט, וואָס די קונסט האָט אַרויפֿגעלייגט אויף דעם דורך אים געזעענעם. ווייל ער דערפֿילט, אַז אויף דעם שיינעם רוט מיטן גענאָד פֿון קינסטלער, די שכינה.

*

דער קינסטלער קען דעם איבערגעחזרטן „פֿאַקט" מאָדעלירן, איבער־מאַכן, אָנטאָן אַפֿילו אַ לבֿוש פֿון פֿאַנטאַזיע — דאָס איז אַ טייל פֿון דער אַרבעט פֿון טאַלאַנט.

אָבער דער עיקר אין אַ קינסטלעריש ווערק איז די קאָמפּאָזיציע. אָן אַ ריכטיקער קאָמפּאָזיציע, קען זיך דער קינסטלערישער אמת נישט אַנטפּלעקן, פּונקט ווי גאָט קען זיין אומעטום, אָבער אַנטפּלעקן, אַנטפּלעקט ער זיך נאָר אין אַ באַשטימטער קאָמפּאָזיציע (אויפן הר־סיני, אין משכן, בית־המקדש).

קלאַסיפיקאַציעס, קאַטעגאָריעס, האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער וויסנשאַפט, קאָמפּאָזיציע איז דאָס אָרט, וווּ ס׳אַנטפּלעקט זיך קונסט.

קאָמפּאָזיציע איז דאָס אוניווערסאַלע (און במילא דאָס סאָציאַלע) אין דער קונסט. זי איז אוניווערסאַל, ווייל בעצם איז קאָמפּאָזיציע גרענעץ. גרענעץ נישט אָפּצוטיילן, נאָר צו פאַראייניקן (ווי די גרענעצן פון גע־שלעכט).

דער טאַלאַנט האָט אָן אויפגאַבע אויסצופירן אָן איבערפלאַנצונגס־פּראָצעס. ער מוז דעם „פאַקט״, וואָס איז אָנגעוויזן געוואָרן דורך דער וויזיע, און וואָס דאַרף איבערגעחזרט ווערן דורכן קינסטלער, איבערפלאַנצן פון דעם לעבנספלאַך (לאָמיר עס אָנרופן פון דעם „היסטאָרישן״ פלאַך) אין דער פלאַך פון קונסט. דער טאַלאַנט דאַרף זאָרגן דערפאַר, אַז דער איבער־פלאַנצונגס־פּראָצעס זאָל פאָרקומען נאָרמאַל; אַז דער „פאַקט״, וואָס ווערט איבערגעחזרט פון לעבן, זאָל זיך „אָנגעמען״ אין דער קונסט; אַז דער „פאַקט״ זאָל אַריין אין בלוטקרייז און אָננעמען די צירקולאַציע־טעמפּאָ פון קונסט.

סטיכישער טאַלאַנט — איז אַ „קאָנטראַדיציאָ אין אַדיעקטאָ״. דער טאַלאַנט קאָן זיך באַשעפטיקן מיט סטיכיע (אויב דאָס אַנטשפּרעכט דעם טעמפּעראַמענט פון קינסטלער), דער טאַלאַנט קאָן וועלן באַהערשן די סטיכיע, זי בייקומען, אָבער קיין מאָל קאָן ער זיך איר נישט אונטערגעבן. אויב דער אַלטער געהטע האָט געזאָגט „איך זינגע ווי דער פאָגעל זינגט״ האָט ער געמיינט נאָר זיך, ווייל ער האָט געהאַט באַהערשט די טעכניק פון זינ־גען ווי אַ פויגל. זאָל זיך אָבער קיינער פון די דיכטער נישט איינרעדן, אַז געהטע האָט געמיינט אויך אים. אַגב, זאָלן די דיכטער אַדורכשטודירן געהע־טעס „הערמאַן און דאָראָטעאַ״ וועלן זיי זען אַז געהטע אַליין האָט אויך נישט אַלע מאָל געזונגען מיט דער לייכטקייט פון אַ פויגל.

סטיכיע אין דער קונסט — איז שבירת הכלים. וואָלט וויטמאַן, פּאַנ־טעיִזם און וויטאַליזם אין דער קונסט האָבן אפשר געהאַט אַ ברייטן אָטעם, אָבער אַ קורץ לעבן.



צי איז געגוג, אַז דער קינסטלער זאָל איבערחזרן דעם פאַקט, אַז דער פאַקט זאָל ווערן קינסטלערישער אמת?

ניין, ס׳איז נישט געגוג. דער פאַקט מוז אַדורכמאַכן אין קינסטלערס הענט פאַרשידענע גלגולים; ער מוז אָנגעוויזן און אויסגעקליבן ווערן דורך דער וויזיע, ער מוז אויפגעפּאַסט ווערן דורכן קאָמפּאָזיציאָנעלן חוש, און מוז פאַרפיקסירט ווערן דורך טאַלאַנט. ערשט דעמאָלט ווערט דער פאַקט — קינסטלערישער אמת.

אַ קינסטלער, וואָס פאַרמאָגט נישט די דריי אַטריבוטן: וויזיע, קאָמ־פּאָזיציאָנעלן חוש און טאַלאַנט — איז קיין קינסטלער נישט.

פאַר וואָס איז דאָס דווקא דעם קינסטלער באַשערט אויסצוזאָגן דעם אמת? פאַר וואָס האָט זיך דאָס די קונסט מיטן אמת פאַרבונדן?

נישט קונסט זוכט דעם אמת, נישט די קונסט האָט זיך מיטן אמת פאַרבונדן, נאָר דער אמת מיט דער קונסט.

ווייל אמת איז שטענדיק שיין, (אַפילו דער מיאוסער אמת) און שיין איז נישט שטענדיק אמת.

דער אמת זוכט די קונסט — ווייל אמת אָן שיינקייט קען די וועלט באַהערשן, אָבער זי נישט באַצויבערן.

שיינקייט ווייטער קען זיך אַפילו מיט שקר אויך פאַרבינדן.

דער קינסטלער פירט צונויף דעם אמת מיט דער שיינקייט — ווען ער הייבט אָן זיין אייגענעם בראשית.

# וועגן דיכטערישער קאָנסטעלאַציע

איטלעך דיכטעריש ווערק, צי אַפילו דאָס איינצלנע ליד — מוז זיך האָבן זיין אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע.

וואָס הייסט דאָס? וואָס ווילן מיר דערמיט זאָגן?

דאָס הייסט, אַז אין דער וועלט פון דיכטונג קאָנען נישט זיין קיין צופעליקייטן. אין דער וועלט פון דיכטונג ווערט אַלץ נאָר איין מאָל געבוירן — און ס׳מוז (אויב ס׳איז אמתע דיכטונג) בלייבן אייביק.

אייביק — ווערט דאָ נישט געמיינט: שטענדיק, (אייביק — מוז בכלל נישט משמע זיין: שטענדיק). אייביק ווערט דאָ געמיינט: איינמאָליק.

אינעם געפיל פון יעדן אמתן דיכטער ליגט באַהאַלטן דער זכרון פון אַלע דיכטערישע ווערק, וואָס זענען שוין אַ מאָל געקומען אויף דער וועלט (כאָטש ער קאָן זיי דירעקט נישט קענען), און ער וועט זיי קיין מאָל נישט איבערחזרן.

נאָר דאָס ווערק, וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק צום אַרכיטעקטאָנישן בוי פון דער דיכטערישער וועלט, נאָר דאָס ווערק, וואָס האָט זיך איינגעפלאָכטן אין אַ באַשטימטן דיכטערישן „גאַנג״, נאָר אַזאַ ווערק קאָן פאַרנעמען אַן אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע.

דער ערשטער, עלעמענטאַרער באַדינג אויף צו פאַרנעמען אַן אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע — איז די אַדעקוואַטקייט פון דיכטערישן וואָרט מיטן דיכטערישן געפיל, צי פאַרגעפיל.

אָבער דאָס איז נאָך זייער ווייניק. דאָס דיכטערישע ווערק דאַרף קאָנען קודם־כל אַריינטרעפן אין דעם באַשטימטן פאַר אים אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע, ווייל נאָר אין דעם באַשטימטן פאַר אים אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע, פאַלט דאָס ווערק אַרונטער אונטער זיין צייטסימבאָל (מזל) — און ווערט פון אַ באַווירקטן אַ באַווירקער.

בכדי אַ דיכטעריש ווערק זאָל קאָנען אַריינטרעפן נאָר אין דעם פאַר אים באַשטימטן אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע — מוז עס זיין פריי פון יעדן טעות (שוין אָפּגערעדט פון פאַלשקייט). נאָר די אומטעותדיקייט פון ווערק (אַפילו אין די מינדסטע איינצלהייטן) פירט דערצו, אַז

דאָס ווערק זאָל פאַרנעמען דאָס אָרט, וואָס איז, אַזוי צו זאָגן, פון פאָרויס פאַר אים באַשטימט.

אומטעותדיקייט — איז נאָך נישט קיין עכטקייט. ס׳איז נאָר דער „סוּר מרע״ פאַרן „עשׂה טוב״. ס׳איז דער „ניין״, וואָס קומט אָפּט פאַרן „יאָ״. ס׳איז דער „נישט אַזוי״ — פאַר דעם „יאָ אַזוי״. אַ דאַנק דער אומ־טעותדיקייט ווערט אַ ווערק מוכשר צו זיין עכט. אָבער אַ ווערק קאָן זיין ווי עכט, נאָר קוים קומט עס נישט למשל אין דער פּאָסיקער צייט, קאָן עס קיין אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע נישט פאַרנעמען. אומטעותדיקייט דאַקעגן באַציט זיך אַפילו אויף דער צייט. דעריבער איז אומטעותדיקייט אַ מאָל אַ ברייטערער באַגריף ווי עכטקייט, כאָטש בלויז אומטעותדיקייט איז ווי געזאָגט נאָך ווייט נישט קיין עכטקייט.

אַן אומטעותדיק ווערק הייסט נאָך אויך נישט קיין שלימותדיק ווערק. ווי געזאָגט, איז אומטעותדיקייט נאָר אַ נעגאַטיווער פאָרבאַדינג צו אַ פּאָזיטיוון באַדינג. אָבער אַ דאַנק דער אומטעותדיקייט קאָן אַ ווערק פאַר־נעמען אַן אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע, און ערשט דאַן ווערן שלימותדיק. שלימותדיק קאָן זיין אַ ווערק נאָר דעמאָלט, ווען עס געפינט זיך אין דער קאָנסטעלאַציע, ד. ה. ווען עס געפינט זיך אין אַ קאָנסטאַנטע באַציִונג סיי צו די ווערק וואָס זענען געווען פאַר אים, און סיי צו די ווערק וואָס וועלן קומען נאָך אים, און וועלכע פאַרנעמען אָדער וועלן פאַרנעמען אַן אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע.

✶

פאַר וואָס עפּעס נאָר דיכטערישע קאָנסטעלאַציע? און ווו זענען אַנדערע צווייגן פון דער קונסט? און ווו איז פּראָזע?

ווילן מיר דאָ אויפמערקזאַם מאַכן, אַז מיר רעדן אויסשליסלעך וועגן יידישער דיכטונג, וועגן יידישער קונסט, און אין דער יידישער קונסט האָט דאָמינירט און וועט נאָך לאַנג דאָמינירן דאָס וואָרט, דאָס ריינע וואָרט.

די סיבה פון אַזאַ לאַגע אין דער יידישער קונסט איז די, וואָס די יידן זענען נישט נאָר געווען די פאָרויספילער, פילער און באַגרינדער און גרונטלייגער און באַפעסטיקער פון מאָנאָטעיִזם, נאָר זיי האָבן אויך גע־שטרעבט צו מאָנאָאַרטיזם.

און אין דער ברייטער וועלט פון קונסט הערשט נאָך ווייט נישט דער מאָנאָאַרטיזם, ס׳הערשט פּאָליאַרטיזם. אפשר איז קונסט גאָר אַ פּרווו צו־

ריקצוגיין צום פּאָליטעיִזם? אפשר דערפּאַר האָט זיך דער איינציק ריינער יידישער מאָנאָטעיִזם אַזוי שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט דער קונסט?

די גריכישע האַרמאָניע, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן דורכן קאָמפּראָמיס צווישן גאָט און מענטש, צווישן גוף און נשמה, אינסטינקט און שׂכל — האָט געעפנט ברייטע מעגלעכקייטן פאַרן אַריינדרינגען פון עלעמענטן פון חומר (מאַטעריע) אין דער קונסט.

דערביי דאַרף מען אָבער אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער קאָמפּראָמיס, וועגן וועלכן מיר רעדן אויבן — איז נישט געקומען ווי אַ פּועל־יוצא פון אָפּזאָגן זיך, פון מוותּר זיין (פון איינעם אָדער פון צווייטן צד), ווי דאָס געשעט געוויינטלעך ביי קאָמפּראָמיסן. פאַרקערט, ער איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אַ קעגנזייטיקן באַשענקען זיך, נאָר נישט מאַכנדיק קיין חילוק אין דער הויך און ווערט פון דעם, מיט וואָס מען איז באַשאָנקען געוואָרן. די גריכישע געטער האָבן אויף זיך גענומען די מתּנה פון מענטשלעכע אַטריבוטן, ווי די מענטשן האָבן גענומען, צי זענען גרייט געווען צו נעמען אויף זיך, די מתּנה פון געטלעכע אַטריבוטן.

די קריסטלעכע דריי־איינקייט, וואָס איז טראָגער אַלע סכאָלאַסטישע ספּעקולאַציעס, נישט קיין ריינער מאָנאָטעיִזם, און די סימבאָלן פון בלוט און לייַב האָבן דערמעגלעכט דאָס אַריינפירן פון אַ ריי היידנישע (חומר־) עלעמענטן אין דער קונסט פון דער קריסטלעכער קולטור (וועלכע איז אַלס תּקופה שוין פאַרביי).

די קונסט פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע איז נישט געקומען ווי אַ פּראָטעסט קעגן דעם מיטלעלטערלעכן גאָטישן סטיל. גאָטיק אַליין איז אויך חומר (מאַטעריע), וואָס האָט זיך געריסן צום הימל, זיך אַרויסגעהויבן מיט און דורך די אַטריבוטן פון מאַכט. דער רענעסאַנס־סטיל איז נאָר אַ וועלטלעכע דערגאַנצונג צום קריסטלעך־היידנישן סטיל פון מיטלעלטער.

די יידישע קונסט, וואָס איז פאַרבונדן מיטן ריין־מאָנאָטעיִסטישן וועלט־אויסבליק און אַריינבליק — איז געווען און איז באַשערט צו זיין קודם־כּל און דער עיקר: אַ קונסט פון וואָרט.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס וואָרט איז אין גאַנצן פריי פון חומר, דאָס וואָרט קאָן אָבער ווערן פריי און ווערן ריינער סימבאָל.

דאָס געשעט דעמאָלט ווען דאָס וואָרט ווערט איינגעוועבט אין דיכטונג, אין אַ דיכטעריש ווערק, אין אַזאַ ווערק, וואָס פאַרנעמט אַ באַשטימט אָרט אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע.

דאַקעגן וועט דער חומר (מאַטעריע) פון מאָלעריי און סקולפּטור, ווען אַפילו ער באַקומט זיין שלימותדיקע פאָרעם (צורה) — שטענדיק בלייבן אין אַ געוויסן זין: חומר.

דעריבער ,ווייל מיר רעדן אויסשליסלעך וועגן יידישער קונסט, ווידמען מיר אונדזער אויפמערקזאַמקייט דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע (אַפילו נישט דער מוזיק, וואָס איז בכלל נישט באַלעסטיקט מיטן נסיון פון חומר), ווייל נאָר דורך דיכטונג קאָן זיך דער קינסטלער דערשלאָגן צו גאולה, צו דער באַפרייונג פון חומרישן, דאָס הייסט: צו ריינער קונסט (וואָס מען דאַרף דורכויס נישט אידענטיפיצירן מיט „קונסט פאַר קונסט״).



פון דעם אויבן געזאָגטן איז געדרונגען, אַז די וואָס האַלטן, אַז אונדזער ליטעראַטור ליידט פון אַ היפּערטראָפיע פון דיכטונג — די פאַרשטייען נישט דעם עצם־מהות פון דער יידישער קונסט.

אמת, מיר האָבן אַ צו גרויסע — פּראָפּאָרציאָנעל צום צענטער — דיכטערישע פּעריפעריע. אָבער דאָס וועט מיט דער צייט פאַרשווינדן. ס׳וועט פאַרשווינדן דעמאָלט, ווען די יידישע דיכטונג וועט זיין געבויט אויף דעם קאָנסטעלאַציע־סיסטעם. (ווען מיר זאָגן אין דעם פאַל דיכטונג — מיינען מיר די דיכטונג פון דער נייער צייט, זייט דער אויפקלערונגס־תקופה).

דערווייל איז די יידישע דיכטונג געבויט דער עיקר אויף פּערזענ־לעכקייטן.

דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס ביי אונדז שליסט מען נישט אָפּ קיין ליטעראַרישע תקופות. פּרימיטיווע שאַפונגען גייען נעבן ראַפינירטע, קלאַ־סישע — נעבן מאָדערניסטישע, רעאַליסטישע — נעבן סימבאָליסטישע. די דאָזיקע פאַרשידנקייט פון סטילן און שולן, פון טיפן קינסטלערישן וויסן און הוילער אינטויִטיוויטעט, טרעטן נישט אַרויס ביי איין און דעם זעלבן דיכטער, וואָס דאָס איז אַ מאָל דער אויסדרוק פון דעם דיכטערס אומרויִ־קייט, פון זיין זוכן נייע אינהאַלטן און נייע פאָרמען. ניין, מיר האָבן איינ־צייטיק ראַפינירטע דיכטער און אַבסאָלוט פּרימיטיווע (וואָס טוען זיך גערן אָן אין טלית פון פּשטות), קלאַסישע און מאָדערניסטישע אאַז״וו.

די דאָזיקע דערשיינונג נעמט זיך ווידער דערפון, וואָס ביי אונדז האָט די ליטעראַטור נישט קיין קלאַסן־כאַראַקטער, ווי דאָס איז געשען ביי אַלע אַנדערע ליטעראַטורן אין דער וועלט.

איז דאָס אַ חסרון, וואָס אונדזער ליטעראַטור האָבן נישט געבויט קיין באַשטימטע קלאַסן, וועלכע זענען דורך דער צייט אויפגערופן געוואָרן צום עמוד פון דער געשיכטע?

פאַר יעדן דור באַזונדער איז עס נישט קיין חסרון, פאַרקערט, ס'איז גאָר אַ מעלה, נאָר פאַר דער גאַנצקייט, פאַר דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו — איז עס אַ גרויסער חסרון.

ס'איז אַ חסרון, ווייל די ליטעראַטור האָט נישט דעמאָלט קיין פעסטן רוקנביין, קיין באַשטימטן און איין מאָל פעסטגעשטעלטן הויפּט־נוסח.

ווייל מיר האָבן נישט קיין הויפּט־נוסח אין אונדזער ליטעראַטור, האָבן מיר נישט קיין דיכטערישע קאָנסטעלאַציע, און ווייל אונדזער דיכטונג שאַפט נישט קיין קאָנסטעלאַציע, האָבן מיר נישט קיין איינהייטלעכן הויפּט־נוסח אין אונדזער דיכטונג.

אין דער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע ווערן אויפגעלייזט די אונטערשידן, וועלכע די פאַרשטייער פון די קלאַסן האָבן אין איר אַריינגעבראַכט און ס'באַווייזט זיך בולט דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער ליטעראַטור (דאָס וואָס מיר רופן אָן הויפּט־נוסח). פאַרקערט, דאָרט ווו די ליטעראַטור טראָגט נישט קיין בולטן קלאַסן־כאַראַקטער, איז איר נאַציאָנאַלער כאַראַקטער אויך נישט קלאָר און נישט איינהייטלעך.

ווייל סוף־כל־סוף האָט יעדע ליטעראַטור נאָר איין הויפּטשטריך, נאָר איין עיקר־נוסח, אַרום וועלכן ס'שאַפן זיך אַ ריי נעבן־נוסחאות. די רוסישע ליטעראַטור איז, ביי אַלע אירע אָפּווייכונגען, געווען און איז אַ דורך און דורך אַ רעאַליסטישע, די דייטשע — אַ ראָמאַנטישע, די פראַנצייזישע — אַ ראַציאָנאַליסטישע (אַפילו מיט איר ראָמאַנטיזם, רעאַליזם און מיט אַלע אירע עקספּערימענטאַלע און היפּער־עקסטראַוואַגאַנטע שולעס), די שפּאַנישע — איז אַ ליטעראַטור פון באַראָק. נאָר מיר האָבן נישט קיין פעסט באַשטימטן נוסח, טייל מאָל שיילט זיך ביי אונדז אויס אַ ליריש ראָמאַנטישער און טייל מאָל אַ ליריש רעאַליסטישער סטיל, (אויך אין דער פּראָזע).

אונדזער מאָדערנע ליטעראַטור האָבן נישט געשאַפן קיין באַשטימטע קלאַסן. ביי אונדז איז נישט נאָר תורה נישט געווען קיין פּריווילעגיע פון אויסדערוויילטע קלאַסן, נאָר אויך אַפילו עבודה (קונסט) איז עס נישט געווען. ביי אונדז האָבן זיך די קלאַסן בכלל נישט אַזוי שאַרף פונאַנדערגעשניטן איינע פון דער אַנדערער, ווי דאָס איז געווען ביי אַנדערע פעלקער. מיר זענען געווען אין אַ געוויסן זין אַ־היסטאָריש, געלעבט למעלה

מן הזמן, אָדער אויפן ראַנד פון דער געשיכטע. אונדזער מאָדערנע ליטעראַ־טור האָט בכלל נישט דורכגעמאַכט קיין נאָרמאַלן אַנטוויקלונגס־וועג. זי איז געקומען אַ פאַרשפּעטיקטע לויטן אייראָפּעיִשן זייגער און דערפאַר גע־מוזט דורכמאַכן פאַרשידענע אומוועגן און קפיצת־הדרכן.

און דעריבער האָט אונדזער דיכטונג נישט קיין איינהייטלעכן הויפּט־נוסח, זי שאַפט דעריבער נישט קיין קאָנסטעלאַציע, זי איז געבויט דער עיקר אויף פּערזענלעכקייטן.

וועט דאָך אייך זיכער זיין קשה אויב מיר רעדן וועגן אַן איינהייטלעכן נוסח אין דער ליטעראַטור — טאָ פאַר וואָס דערמאָנען מיר נאָר דיכטונג, און ווו איז פּראָזע ?

איז דער תּירוץ, אַז מיר רעדן דאָך וועגן יידישער קונסט. און אין דער יידישער קונסט דאָמינירט דאָס וואָרט, דאָס ריינע וואָרט, דאָס פרייע וואָרט, אַלזאָ: ריינע קונסט. פּראָזע דאַרף דורכויס אויך זיין קונסט, נאָר זעלטן ווערט ביי איר באַנוצט ריינע קונסט, אַבסאָלוטע קונסט. די פּראָזע נויטיקט זיך פּשוט נישט דערינען. דעריבער, ווען מיר רעדן וועגן קונסט, רעדן מיר וועגן ריינער קונסט, וועגן אַזאַ קונסט, וואָס האָט זיך שוין אַפילו באַפרייט פון יעדער, באַשטימטער קונסט־קריטעריע; פון אַזאַ קונסט, וואָס האָט זיך באַפרייט פון יעדן חומרישן און געוואָרן בלויז סימבאָל, בלויז השפּעה. און צו אַזאַ מדרגה קאָן דערגיין נאָר דיכטונג, (וואָס איז איינגע־וועבט אין אַ קאָנסטעלאַציע).



דער תּנ״ך איז אַ גרויסע קאָנסטעלאַציע. אין איר צענטער שטייט גאָט. ער איז אַ חוץ צענטער גופא אויך די צוצענטרישע און פונצענטרישע קראַפט פון דער קאָנסטעלאַציע. אין תּנ״כישער קאָנסטעלאַציע ווערן נישט בלויז רעגולירט די באַציִונגען צווישן גאָט און מענטש און פאַרקערט, נאָר אויך די באַציִונגען בין אָדם לחברו. ס'קאָנען נישט זיין קיין באַציִונגען צווישן באַווירקער און באַווירקטן אָן דער אידייע, וואָס פאַרבינדט זיי ביידע און באַשטימט זייער ביידנס באַציִונג צו דעם אַלעם, וואָס איז אויסער זיי. וואָלט אונדזער דיכטונג געבילדעט אַ קאָנסטעלאַציע, צי קאָנסטעלאַציעס (אַ נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע, עטישע, עסטעטישע), אין וועלכע ס'זאָל זיך אויסדריקן דער אָפּט טראַגישער גראַנגל צווישן דעם באַווירקער און באַ־ווירקטן און זייער ביידנס באַציִונג צו דער וועלט, וואָלטן מיר פאַרשפּאָרט

אין אונדזער דיכטונג אַ סך צופעליקייטן, וואָס זענען אָפּט מאָל נישט מער ווי אַ באַלאַסט.

דערפאַר וואָס די יידישע דיכטונג בילדעט נישט קיין קאָנסטעלאַציע, דערפאַר זענען מיר אַזוי פאַרקוקט, נאָר און אויסשליסלעך, אין דער תנ״כי־שער קאָנסטעלאַציע (זיין פאַרקוקט הייסט נאָך נישט נאָכגיין, נאָכפאָלגן), דערפאַר איז ביי אונדז המשך אַזוי אָפּט: מיטן הווה (און אַפילו עתיד) — צום עבר, אין דער צייט ווען המשך הייסט: מיטן עבר צום עתיד.

דערפאַר וואָס די יידישע דיכטונג בילדעט נישט קיין קאָנסטעלאַציע, האָט אונדזער דיכטונג נישט קיין פּערספּעקטיוו, זי איז כמעט שטענדיק רעטראָספּעקטיוו. זי פּילט, אָבער זי פּילט נישט פאָרויס, און האָט אויך דעריבער כסדר מורא, אַז איר קאָנטינויִטעט זאָל נישט איבערגעריסן ווערן.

די יידישע דיכטונג מוז בילדן אַ קאָנסטעלאַציע (צי אַ ריי קאָנסטעלאַציעס, וואָס צוזאַמען זאָלן זיי שאַפן איין קאָנסטעלאַציע). דאָס הייסט, אַז אין דער דיכטונג דאַרף האָבן נאָר דאָס אַן אָרט, וואָס איז אומבאַדינגט, וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק צום אַרכיטעקטאָנישן בוי פון דער דיכטערישער וועלט. יעדעס דיכטעריש ווערק דאַרף אויך זיין געזעצלעך, ס׳דאַרף זיין אַ תולדה פון עפּעס און מוז אַליין אויך עפּעס געבוירן.

די עמאָציעס וואָס די דיכטונג רופט אַרויס, מוזן דורכויס געלייטערט ווערן אין דער ספערע פון אידייע (זאָל זיין אַפילו אַ ריין עסטעטישע אידייע). אין דער אוממיטלבאַרער עמאָציאָנעלער השפּעה פון דיכטער אויפן לייענער — איז בשום אופן נישטאָ קיין אָרט פאַרן אויפנעמען פון ריינער קונסט, ריינער דיכטונג.

ערשט אין דער קאָנסטעלאַציע, אין איר אידייע און אין דער ספערע, וואָס הילט די קאָנסטעלאַציע אַרום, ערשט דאָ איז פאַראַן אַן אָרט פאַר ריינער קונסט.

ווייל אין דער יידישער קונסט וועט דאָס וואָרט שטענדיק פאַרנעמען דעם צענטער, דעם אויבן־אָן — דאַרף דעריבער דאָס דיכטערישע וואָרט ביי אונדז זיין אָפּגעהיטן פון אַלע צופעליקייטן, וואָס זענען נישט עלול צו פירן עס העכער.

*

דיכטערישע פערזענלעכקייט קאָן אַ מאָל פאַרטרעטן קאָנסטעלאַציע.

אַפילו די צוגעהעריקייט צו אַ באַשטימטער דיכטערישער שול איז טייל מאָל פאַר אַ דיכטער נישט קיין שלעכטער ערזאַץ פון קאָנסטעלאַ־

ציע. מע דאַרף אָבער דערמיט נישט מיסברויכן, און מע דאַרף זיין גענוג קלוג, בכדי צו וויסן ווען פון דעם ערזאַץ צו רעזיגנירן.

דער חילוק צווישן אַ דיכטערישער שולע און דיכטערישער קאָנ־סטעלאַציע איז דער זעלבער, וואָס צווישן באַדינגט און אומבאַדינגט. אין אַ דיכטערישער שולע שליסט מען זיך אָן, אין אַ דיכטערישער קאָנסטע־לאַציע איז מען במילא איינגעשלאָסן (אויב מען איז זוכה דערצו). פון אַ דיכטערישער שולע קאָן מען אַרויסטרעטן, פון דער קאָנסטעלאַציע קאָן מען נישט נאָר נישט אַרויסטרעטן, נאָר אַפילו נישט אַרויספאַלן.

מיר האָבן, ווי געזאָגט, אָנשטאָט קאָנסטעלאַציע — דיכטערישע פּערזענלעכקייטן. אַ דיכטערישע פּערזענלעכקייט איז דער, וואָס נעמט פון מקור פון וויזיע. וויזיע גיט די זיכערקייט אַז אין דער פאָרעם, אין דער פאַרבינדונג אין וועלכער דאָס וואָרט ווערט איצט אַרויסגעזאָגט איז עס נאָך קיין מאָל נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן (דער פּרינציפּ פון איינ־מאָליקייט), ביי דער דיכטערישער פּערזענלעכקייט איז דאָס וואָרט נישט קיין צופאַל (דער פּרינציפּ פון אומבאַדינגטקייט), ס׳איז נישט קיין אונטער־געכאַפּטער מאַניר און נישט קיין עקוויליבריסטיק.

זיין אַ דיכטערישע פּערזענלעכקייט הייסט זיך נישט איבערגעבן אין גאַנצן אַפילו אין די הענט פון קונסט, הייסט — קאָנטראָלירן אַפילו דעם קינסטלער אין זיך, הייסט — קאָנען זאָגן, ווען מען דאַרף, אַפילו דעם קינסטלער אין זיך: — גענוג!

זיין אַ דיכטערישע פּערזענלעכקייט הייסט, פאַרמאָגן אַזאַ קלאָרקייט פון אַ וואָרט, וואָס ס׳זאָל זיין איינצייטיק — ריינקייט. מע קאָן אַ מאָל דעם דיכטער נישט פאַרשטיין, ער דאַרף אָבער קאָנען אַזוי באַווירקן, אַז מע זאָל אים שטענדיק גלויבן.

זיין אַ דיכטערישע פּערזענלעכקייט הייסט, נישט נאָר שרייבן שיין, נאָר זיין אַליין אויך שיין, מיט אַן אינערלעכער, אימאַנענטער שיינקייט.

די יידישע דיכטער, די אמתע דיכטער, דאַרפן דערווייטערן פון זיך און פונעם אַרום זיך אַלץ, וואָס איז אין דער דיכטונג צופעליק, קליין, איבערגעחזרט און נאָכגעמאַכט (אַפילו זיך אַליין). זיי דאַרפן שאַפן אַן אָפּ־גערייניקטע אַטמאָספער, ווו נישט נאָר מ׳זאָל שרייבן דיכטונג, נאָר לעבן ווי דיכטער. נאָכן באַפרייען זיך פון אַ צופעליקייט און זייענדיק אין דער אָפּגערייניקטער אַטמאָספער, וועט זיך אויסבילדן אַ קאָנסטעלאַציע וואָס וועט חל זיין אויף למפרע, אויף דעם וואָס איז געווען אָדער איז אַ פער־

זענלעכקייט און איצט איז עס געוואָרן פון אַמאָל אויף פאָרויס — דיכ־
טערישע קאָנסטעלאַציע.

די יידישע דיכטערישע קאָנסטעלאַציע וועט זיך פאַרבינדן מיט דער
תב״ך־קאָנסטעלאַציע און מיט קלענערע קאָנסטעלאַציעס, וואָס זענען אויפן
טויזנטיאָריקן יידישן וועג אויפגעגאַנגען בכדי קיין מאָל נישט אונטער־
צוגיין, נאָר צוזאַמען מיט דער איצטיקער דיכטערישער קאָנסטעלאַציע באַ־
לויכטן דעם וועג, וואָס פירט פון עבר צום עתיד.

# צו דער טיפּאָלאָגיע
# פון ליטעראַטור־שעפער

1

געוויינטלעך איז אָנגענומען איינצוטיילן די ליטעראַטור־שעפער לויטן זשאַנער (צי זשאַנערן) פון זייער שאַפן. איינער וואָס שרייבט פּאָעזיע — איז אַ פּאָעט (צי אַ דיכטער). איינער וואָס שרייבט פּראָזע (ראָמאַנען, דער־ציילונגען און אַנדערע מינים פּראָזע) — איז אַ פּראָזאַיִקער. איינער וואָס שרייבט דראַמעס (טראַגעדיעס, צי קאָמעדיעס) — איז אַ דראַמאַטורג און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער.

מיר גייט דאָ אָבער אין אַ טיפּאָלאָגיע, וואָס זאָל נישט נעמען אין חשבון דעם שרייבערס זשאַנער (צי זשאַנערן), נאָר זיין פּערזענלעכן, נישט ריין־ליטעראַרישן, כאַראַקטער. נישט זיין אופן שרייבן, נאָר זיין צוגאַנג צו ליטעראַרישע פּראָבלעמען. נישט זיין אופן פון פאַרפיקסירן זיין שרייבע־רישע אידייע, נאָר דער אופן ווי אַזוי ער באַציט זיך צו אַ זיין שוין פאַר־פיקסירטער אין שריפט שאַפונג. מיר גייט דאָ אין שרייבערס אייגנשאַפטן, אין זיינע נטיות און געוווינהייטן, אין זיין פירן און אין זיין אויפפירן זיך. ווי אַזוי באַציִען זיך פאַרשידענע שעפער צו זייערע אייגענע שאַפונגען? ווי אַזוי זעען זיי די שאַפונגען זייערע? וואָס פאַרלאַנגען די שעפער פון זייערע שאַפונגען? וואָס ווילן די שרייבער פון זיך, און וואָס פאַרלאַנגען זיי פון דער לייענער־וועלט פאַר זיך?

צו ערשט וועל איך באַהאַנדלען צוויי טיפּן שרייבער, דאָס זענען: שרייבער פון געשריבענעם וואָרט און שרייבער פון געדרוקטן וואָרט.



ביי די שרייבער פון געשריבענעם וואָרט וועט איר שטענדיק געפינען נישט געדרוקטע לידער, דערציילונגען, אַרטיקלען צי עסייען. זיי לאָזן זיך שווער צורעדן (פון זיך אַליין) עפּעס אָפּצודרוקן. ווען זיי שרייבן זייערע „זאַכן" זענען זיי זיכער, אַז מיט דעם ענדיקט זיך זייער פונקציע ווי שריי־

בער. ווען זיי דרוקן עפּעס אָפּ, פֿאַלט דאָס אָפּגעדרוקטע פֿון זיי אַוועק, ווי אַ צווייט קערפּער, און זעלטן זענען זיי זיך דערמיט ווייטער מטפּל.

ביי די שרייבער פֿון געדרוקטן וואָרט וועט איר זעלטן געפֿינען אַ נישט־געדרוקט ליד, דערציילונג, אַרטיקל, צי עסיי (אָדער אַנדערע מינים שאַפֿונ־גען). איידער זיי האָבן נאָך זייער שאַפֿונג געענדיקט שרייבן, האָבן זיי שוין אַן אָרט ווו עס אָפּצודרוקן. האָבנדיק אָפּגעדרוקט — זוכן זיי שוין אַן אָרט ווו עס איבערצודרוקן. די אָנגעשריבענע, פֿאַרטיקע ווערק פֿאַלן פֿון זיי נישט אַוועק, נאָר פֿאַלן אין זיי אַריין און בלייבן אין זיי ליגן באַשווערנ־דיק צו מאַכן אַ טריט פֿאָרויס.

די שרייבער פֿון געשריבענעם וואָרט זענען פֿאַרבאָרגן, באַשיידן, צניעותדיק. די שרייבער פֿון געדרוקטן וואָרט — זענען קאָקעטיש, גייען מיט אַ טיפֿן דעקאָלט, וואָס דעקט נישט זעלטן אָפּ אַ גאָר נישט שיינעם חלק פֿון זייער נאַקעטקייט.

דער שרייבער פֿון געשריבענעם וואָרט האַלט, אַז אַ געשעעניש דאַרף אויפֿגעשריבן ווערן, אַן איבערלעבעניש — פֿאַרפֿיקסירט ווערן, אָבער ער האַלט נישט, אַז דאָס מוז געמאַכט ווערן דווקא דורך אים. אים אַרט נישט אויב אַנדערע טוען דאָס. אַ שרייבער פֿון געדרוקטן וואָרט האַלט, אַז דאָס געשעעניש דאַרף דורך אים אויפֿגעשריבן ווערן, דאָס איבערלעבעניש — דורך אים פֿאַרפֿיקסירט ווערן. ער פֿילט זיך אומגליקלעך ווען אַן אַנדערער טוט דאָס פֿאַר אים, און ער איז גרייט צו שווערן, אַז מען האָט דאָס ביי אים „אויסגעכאַפּט״.

די שרייבער פֿון געדרוקטן וואָרט האַלטן, אַז מען דאַרף משפּיע זיין מיטן וואָרט. די שרייבער פֿון געשריבענעם וואָרט האַלטן, אַז אויף דעם וואָרט אַליין דאַרף מען אויך משפּיע זיין.

די שרייבער פֿון געדרוקטן וואָרט פֿאַרגעסן, אַז סוף־כּל־סוף איז נישט אַזוי וויכטיק וויפֿל אַ שרייבער האָט אָפּגעדרוקט, נאָר וויפֿל ער האָט זיך איינגעדרוקט, אַפֿילו נישט וויפֿל ער האָט אויפֿגעשריבן, נאָר וויפֿל ער האָט זיך איינגעשריבן.

מיט וויפֿל כּבֿוד מיר זאָלן זיך נישט באַציִען צום געדרוקטן וואָרט, ווי שטאַרק מיר זאָלן נישט האַלטן, אַז דער עיקר אין אַ שרייבער איז משפּיע צו זיין מיטן וואָרט, קאָנען מיר זיך דאָך נישט באַפֿרייען פֿונעם איינדרוק, אַז אין פּראָצעס פֿון דרוקן איז פֿאַראַן עפּעס פֿון „מפקיר״ זיין. דער שרייבער איז אין אַ געוויסן זין „מפקיר״ זיין ווערק צו יענעמס גע־שמאַק, אינטעליגענץ, געפֿיל אאַז״וו.

ס׳איז דעריבער גוט, אַז איידער אַ שרייבער איז „מפקיר" זיין ווערק — זאָל ער עס פּריִער ביי זיך גוט אויסוואַרעמען. דאָס ווערק דאַרף געדענקען, אַז עס האָט געהאַט אַ היים. ס׳דאַרף אויך פאַרגעדענקען דעם אַדרעס פון זיין מחבר. ווען דער שרייבער וואַרפט אַרויס זיין אַנגעשריבענע זאַך פון אונטער דער פעדער אויף דער גאַס אַרויס, איז נישט נאָר דאָס ווערק היימלאָז, נאָר דער מחבר אַליין פילט זיך אויך היימלאָז.

אויב אַ שרייבער גיט כּסדר פון זיך אַוועק דאָס לעצטע, וואָס ער פאַרמאָגט, צום דרוקן, איז עס אַ סימן, אַז ער האָט אַן אינקלינאַציע צו אָרעמקייט, אַז ער האָט ליב דעם אייגענעם דלות.

אַ שרייבער דאַרף נישט דרוקן מיט דער כּוונה, אַז מען זאָל פון זיין ווערק געוואָר ווערן, נאָר אַז מען זאָל זיין ווערק וויסן.

דער שרייבער פון געדרוקטן וואָרט קריגט סוף־כּל־סוף פיינט די שרייבערישע הכנות, דעם גאַנצן שרייבערישן פּראָצעס. ביי אים הייבט אָן זיין ווערק צו לעבן, ווען ס׳איז געדרוקט, דאָס הייסט דעמאָלט, ווען פאַרן שרייבער פון געשריבענעם וואָרט איז שוין זיין ווערק ווי האַלב נישטאָ.

דער שרייבער פון געדרוקטן וואָרט האָט נישט די פרייד פון שרייבן, ער האָט נאָר די הנאה פון דרוקן (ס׳איז נישט די פרייד פון זען וואַקסן, נאָר די הנאה פון עסן).

ווייל דער שרייבער פון געדרוקטן וואָרט האָט שטענדיק אַ ליידיקן פאָרטפעל, איז ביי אים נישט שולט די ברכה. ווען אַפילו ער איז פּראָדוקטיוו, איז עס קינסטלעך אַרויסגערופענע פּראָדוקטיוויטעט, ווי דאָס אַרומשניידן צווייגן, כּדי צוצויאָגן זייער וווקס. גייענדיק מיט ליידיקע הענט הייבט ער אויף אַלץ, וואָס טרעפט זיך אים אויפן וועג. ביים גאַנצן טאַראַראַם וואָס ער מאַכט אַרום זיך — ווייזט זיך אָפּט אַרויס, אַז ער האָט אין די הענט פּוסטע זאַכן.

ביים שרייבער פון געשריבענעם וואָרט קומט אַריין די ברכה. ווען אַפילו זיין פעלד איז קליין, זענען זיינע זאַנגען פולע. ער האָט שטענדיק פולע הענט און קלייבט נישט אויף קיין צופעליקייטן. ווען אַפילו עס איז שטיל אַרום אים, איז אָבער פול און ברויזנדיק אין אים.

דער שרייבער פון געדרוקטן וואָרט קאָן ביי זיך קיין מאָל נישט פּועלן עפּעס פון זיינע שאַפונגען אַוועקצוואַרפן, און איז דעריבער גאָרנישט קיין גרויסער מפונק ווען ס׳גייט אין עפּעס אויפקלייבן. דער שרייבער פון געשריבענעם וואָרט וואַרפט אָפּט אַוועק זיינע שאַפונגען, ווייל ווען אַפילו

ער וואַרפֿט זיי אַוועק, פֿאַלן זיי אויך אויף אַ גוטן באָדן און קומען רייפֿע צו אים צוריק.

*

ווײַט איר אַוודאי ברענגען ראיות און משלים פֿון גרויסע שרײַבער, וואָס האָבן געשריבן אויף באַשטעלונג און זייערע ווערק זענען געגאַנגען גלײַך פֿונעם שרײַבטיש אין דרוקאַויוון אַרײַן און דאָך זענען זיי געווען גרויס.

אַ שלעכטער משל. אַ גאָר פֿאַרקערטע ראיה.

טאָקע דערפֿאַר וואָס די שרײַבער און די ווערק זענען געווען גרויס, האָבן זיי ביים שרײַבן אויף באַשטעלונג נישט אַזוי פֿיל פֿאַרלוירן, אַז זיי (די ווערק) זאָלן ווערן אויס גרויסע ווערק. אַ גוטער שרײַבער מעג שרײַבן אויף באַשטעלונג. ער איז שטענדיק אָנגעלאָדן מיט גוטן שטאָף, אַז אַפֿילו אויף באַשטעלונג גיט ער מן המובחר.

אין אַ געשפּרעך מיט עקערמאַנען וועגן לידער־שאַפֿונג דערציילט גיעהטע, אַז ער האָט אויפֿגעגעבן אַ געוויסן דיכטער צו פֿאַרפֿאַסן אַ ריי האַנטווערקער־לידער, און דער עיקר אַ וועבער־ליד. „איך בין זיכער — האָט געזאָגט געהטע צו עקערמאַנען — אַז דאָס וועט זיך אים אײַנגעבן, ווײַל ער (ד.ה. דער דיכטער — י. ה.) האָט פֿון זײַן יוגנט פֿאַרבראַכט צווישן אַזעלכע מענטשן. ער קען דעם קעגנשטאַנד דורך און דורך. ער וועט געוועלטיקן איבער דעם שטאָף״.

יאָ, דאָס איז אויך באַשטעלונג. דער חילוק פֿון אַזאַ באַשטעלונג ביז למשל דעם סאָצרעאַליסטישן באַשטייט אין דעם, וואָס געהטע רעדט וועגן באַשטעלן דאָס וואָס ס׳איז. ווען דער סאָצרעאַליזם באַשטעלט דאָס, וואָס זײַנע מושלים און באַשטימער ווילן ס׳זאָל, צוליב זייערע פֿאַר־שידענע אויסרעכענונגען, זײַן. מיט איין וואָרט, אין ערשטן פֿאַל (ווי ביי געהטען) גייט אין באַשטעלן דעם אמת, אין דער צייט ווען אין צווייטן פֿאַל, ביים סאָצרעאַליזם, גייט אין באַשטעלן דעם שקר.

ביי די שרײַבער פֿון געדרוקטן וואָרט גייט אין מאַכן באַשטעלונגען ביי זיך. אין זען דעם עיקר פֿון שרײַבערישן זײַן אין דרוקן. און נישט אַזוי פֿיל אין דרוקן, ווי אין אָפּדרוקן.

אַזעלכע שרײַבער ווי דאָסטאָיעווסקי, צי זאָלאַ, האָבן געהאַלטן פֿאַר אַ טראַגעדיע דאָס וואָס זיי מוזן שרײַבן אויף באַשטעלונג, וואָס זייערע ווערק

גייען גלייך פונעם שרייבטיש אין דרוקעריי. אָבער פאַר די שרייבער פון געדרוקטן וואָרט איז אַ טראַגעדיע ווען זיי האָבן נישט תּיכף ווי אָפּצודרוקן, ווען דאָס, וואָס זיי האָבן אויפגעשריבן, דאַרף בלייבן ליגן און וואַרטן אין פּאַרטפעל.

די שרייבער פון געדרוקטן וואָרט ווערן גיך באַהערשט פון עמאָציעס. ווען אַפילו די עמאָציעס זענען אמתע, זענען זיי אָבער אָפט צופעליקע, וואָס זענען נישט קיין טייל פון אַ שרייבערישער פערזענלעכקייט. די שרייבער פון געשריבענעם וואָרט לאָזן זיך באַהערשן נאָר פון לאַנג־דויערנדיקע עמאָציעס, דורך געפיל־איינשטעלונגען, וואָס בילדן אַ טייל פון זייער פערזענלעכקייט ווי שרייבער.

דער שרייבער פון געדרוקטן וואָרט איז שטענדיק גרייט צו דרוקן, נישט האָבנדיק אַפילו וואָס צו זאָגן. דער שרייבער פון געשריבענעם וואָרט האָט וואָס צו זאָגן און דעצידירט זיך וואָס צו דרוקן.

דאָס געשריבענע וואָרט איז הייליקער ווי דאָס געדרוקטע, אָבער דאָס געדרוקטע וואָרט דאַרף זיין מער ווי דאָס געשריבענע.

ווייל צום געדרוקטן וואָרט קומט אַלע מאָל צו דאָס, וואָס עס טראַכטן וועגן דעם די, וואָס לייענען עס. ס'קומט צו דאָס, וואָס ס'דערפילן אין דעם די, וואָס לייענען עס, וואָס זאָגן צו דעם די, וואָס לייענען עס, און אַזוי ווייטער אאַז״וו.

דעריבער דאַרף דאָס געדרוקטע וואָרט זיין אָפּגעהיטענער ווי דאָס געשריבענע (וואָס איז במילא אָפּגעהיטן). דעריבער דאַרפן דרוקן נאָר שרייבער פון געשריבענעם וואָרט.

און שרייבער פון געדרוקטן וואָרט זאָלן וואַרטן. זאָלן זיי וואַרטן אַזוי לאַנג ביז וואַנען זיי וועלן דערגיין צו דער מדרגה פון שרייבער פון געשריבענעם וואָרט.

## 2

איצט וועגן נאָך אַ טיפּ שרייבער, וועגן באַשרייבעוודיקע שרייבער.

אָבער בכדי צו געבן אַ קלאָר בילד פון אַ באַשרייבעוודיקן שרייבער, וועל איך פּרוּוון פאַרגלייכן באַשרייבעוודיקייט מיט באַרעדעוודיקייט.

אַז ס'זענען פאַראַן באַרעדעוודיקע מענטשן, דאָס איז פאַר קיינעם קיין נייעס נישט. אַ באַרעדעוודיקער מענטש איז באַשאָנקען מיט דער

צוויפּלהאַפּטער פּעיִקייט צו רעדן כּסדר און אָן אויפהער, וועגן אַלע און אַלץ, ביי טאָג און אַפילו ביי נאַכט, אויף דער וואָך און אַפילו אין חלום, שטענדיק און אומעטום.

זאָל אָבער דער באַרעדעוודיקער פּאַרשוין פּרוּוון אַ מאָל אַרויפגיין אויף דער טריבונע זאָגן אַ פּאָר פּשוטע ווערטער, וועט ער זיך פּלאָנטערן, נישט געפינען דאָס ריכטיקע וואָרט, עס וועט אויף אים שלאָגן אַ היץ און אַ קעלט, ער וועט זיך קאָרטשען אין דריי־עַן, אָבער רעדן וועט ער נישט קאָנען. פּראָסט און פּשוט, נישט קאָנען.

ווו ליגט־זשע דער סוֹד דערפון, וואָס אַזאַ באַרעדעוודיקער מענטש, וואָס אויף אייער יעדן וואָרט, האָט ער צען, וואָס שיט מיט גאַנצע פּאַר־טיקע זאַצן, וואָס שעהען־לאַנג פאַרמאַכט זיך ביי אים נישט דאָס מויל, וואָס מאָלט די ווערטער ווי אַ פאַראָוועס מיל, איז גראָד אויף דער טריבונע, ווו ער דאַרף נאָר זאָגן אַ פּאָר ווערטער, איז ער אַזוי פאַרלוירן, אַז ער קאָן פון זיך קיין וואָרט נישט אַרויסבאַקומען?

דער ענטפער איז אַ פּשוטער: ווייל באַרעדעוודיקייט איז נישט דאָס זעלבע, וואָס רעדן. רעדן איז דער היפּוך פון באַרעדעוודיקייט (צי פאַר־קערט). רעדן אויף דער טריבונע — איז צימצום, זיין בכּוח און האָבן דעם כּוח זיך מצמצם צו זיין, זיך צו באַשרענקען אין רעדן, און דאָס קאָן דער באַרעדעוודיקער בשום פּנים ואופן נישט.

ווייל בכדי צו רעדן דאַרף מען האָבן טאַלאַנט, מען דאַרף זיין אַ קינסטלער, און באַרעדעוודיקייט איז סתּם אַ צרה.

אַזוי ווי ס'זענען פאַראַן באַרעדעוודיקע מענטשן, אַזוי זענען אויך פאַ־ראַן, נאָר אַן ערך ווינציקער, באַשרייבעוודיקע מענטשן. אַזאַ באַשרייבעוו־דיקער קאָן פאַרשרייבן גאַנצע ביכער. און וואָס וועט אין זיי נישט זיין? אַלץ וואָס אײַער האַרץ גלוסט. נאָר קיין כאַראַקטער פון העלד (צי העלדן), זייערע פּנימער, זייערע שטריכן וועלן דאָרט נישט זיין. קיין ריכטיקע פאַרב, קיין צייכנונג פון אַ שטאָט וועט איר נישט זען. איר וועט אויך דאָרט נישט זען דעם העלדס מיליע, נישט זען די פיר ווענט אין וועלכע ער פאַרברענגט, נישט זען זיינע ד' אמות. איר וועט אָבער זען גרויקייט און כאַאָס. אַנשטאָט באַשרייבן זיינע העלדן, וועט אַזאַ באַשרייבעוודיקער באַרעדן זיינע העלדן. אים אַרט נישט, אַז די ווערטער, וואָס דאַרפן אַרויסגיין פונעם באַשטימטן העלדס מויל, זאָלן אַרויסגיין פון אַ צווייטנס מויל. אַבי גערעדט. די העלדן וואָס רעדן אַזוי פיל, האָבן אייגנטלעך גאָרנישט וואָס צו זאָגן. זיי האַלטן אין איין רעדן, נאָר טאָמער דאַרפן זיי עפּעס זאָגן, קומט עס אַרויס שלימזל־

דיק, אָדער גאָר אין גאַנצן פאַרשטומט, ווי ביים באַרעדעוודיקן, ווען ער גייט אַרויף אויף דער טריבונע.

טאָ ווי אַזוי געשעט דאָס, אַז דער באַשרייבעוודיקער, וואָס שרייבט אַזוי פיל, זאָל נישט קאָנען אָנשרייבן אָט דאָס ביסעלע, וואָס איז אַמ־בויטיקסטן, כּדי ער זאָל טאַקע זיין אַ שרייבער?

דער תּירוץ איז אין דעם פאַל דער זעלבער, וואָס ביי באַרעדעוודיקייט. באַשרייבעוודיקייט איז נישט דאָס זעלבע וואָס שרייבן. באַשרייבעוודיקייט איז דער היפּוך דערפון. שרייבן הייסט אַוועקוואַרפן דאָס, וואָס איז נישט אַמבויטיקסטן. שרייבן הייסט זיך מצמצם זיין בכדי אַרויסצובאַקומען די כאַראַקטעריסטישע פאַרן העלד שטריכן. שרייבן איז ווי מאָלן. דער מאָלער, דער עיקר דער אַקוואַרעליסט, ווען ער גייט צו מאָלן, באַרעכנט ער קודם־כּל וויפל דאַרף אים בלייבן נישט באַמאָלענער שטח. שרייבן איז ווי מאָלן — צמצום, קאַרגשאַפט, באַרעכנטקייט (נישט בחינם זענען די בעסטע אַקוואַרעליסטן געווען די ענגלענדער). דעריבער איז דער באַשרייבעוודיקער נישט קיין שרייבער, ווייל ער איז אַ פּזרן, און דאָס, וואָס ער איז מפזר איז בכלל נישט ווערט קיין פּיאַסטער.

*

פאַראַן נאָך אַ ספּעציעלער טיפּ באַשרייבעוודיקע, דאָס זענען די שמועסערס. אין פראַנקרייך, למשל, זענען זיי זייער פּאָפּולער.

איך קען פערזענלעך עטלעכע אַזעלכע שמועסערס. ביי אונדז יידן זענען זיי אויך נישט קיין זעלטנהייט. איינעם פון זיי האָלט איך פאַר אַ בפירושן גאון אין דעם „פאַך". אַז ער דערציילט עפּעס, שילדערט ער מיט אַזוי פיל דראַמאַטישקייט, אַז אַלע, וואָס הערן אים, זיצן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. ער פאַרשטייט די באַדייטונג פון איינצלהייטן, פון פּינעזיע. ער ווייסט ווי אַזוי אָנצוהייבן די זאַך און זי פירן פּאַמעלעך און זיכער צום הויכפּונקט, צום קלימאַקס. אַלץ וואָס ער זאָגט אַפילו, אַלץ וועגן וואָס ער שמועסט באַקומט ביי אים חן.

זעט דער שמועסער, אַז דאָס וואָס ער האָט דערציילט איז גאָר וווּיל געפעלן געוואָרן, נעמט ער פּאַפּיר און פעדער, פאַרמאַכט זיך אין אַ באַזונ־דער חדר און שרייבט אויף, די מיט אַזוי פיל דערפאָלג דערציילטע זאַך.

און דאָ געשעט די קאַטאַסטראָפע. ווי נאָר דאָס דערציילטע בלייבט ביי אים ליגן אויפן פּאַפּיר — הויכט עס תּיכף אויס די נשמה. דאָס אויפ־

שרייבן, אָדער באַשרייבעוודיקייט, איז אין דעם פֿאַל אייגנטלעך די יציאת נשמה פֿון דעם דערציילטן.

דער וואָס האָט די דערציילונג אויפגעשריבן, דער וווּנדערבאַרער שמועסער, שטייט אין אַ פֿאַרלעגנהייט. ער ווייסט נישט וואָס אים איז דאָ געשען. פֿאַר וואָס די זעלבע, וואָס האָבן זיך אַזוי אַנטציקט מיט זיין דער־ציילטער דערציילונג, הייבן איצט די פּלייצעס ווען זיי לייענען זי אַ באַ־שריבענע.

ווייל שרייבן איז גאָר אַן אַנדערע דימענסיע ווי דערציילן. שרייבן איז אַן אַנדערער אויסמעסט. שרייבן איז אַ באַזונדערע אַרכיטעקטאָניק. דאָס איז אַ ספּעציעלע אינזשיניעריע. שרייבן, דאָס איז אַ באַזונדערע קענט־שאַפֿט, אַ ספּעציעל וויסן, אַ טיף פֿאַרשטיין.

און ווען איך רעד וועגן שרייבן מיין איך דאָס פּראָזאַיִשע שרייבן, דאָס שרייבן פּראָזע.

שרייבן פּראָזע איז ווי אַ תקיעת־שופר, ס'איז אַ חכמה און נישט קיין מלאכה.

דעריבער מוזן פּראָזאַיִקער זיין חכמים, פּונקט ווי דיכטער מוזן זיין ערלעכע לייט (אָבער נישט דורכויס קיין חכמים, כאָטש חכמה קאָן דער פּאָעזיע זייער צו נוץ קומען).

אַ פּראָזאַיִקער אַ נאַר און אַ דיכטער אַ נישט־ערלעכער, מאַכן חורבות אין דער וועלט פֿון פּראָזע און פּאָעזיע.

פּראָזאַיִקער נאַראָנים זענען פּאַקטיש קיין שרייבער נישט, זיי זענען באַשרייבעוודיקע. און באַשרייבעוודיקע זענען פּונקט ווי באַרעדעוודיקע, זיי זענען אַ צרה און אַן אַנשיקעניש. זיי חזרן זיך פּונקט אַזוי איבער ווי באַ־רעדעוודיקע. און וואָס איר זאָלט פֿון זיי נישט לייענען, דאַכט זיך אייך, אַז איר האָט עס שוין פֿריִער ביי דעם זעלבן מחבר געלייענט.

אַ באַשרייבעוודיקער איז נישט אין גאַנצן ווי אַ באַרעדעוודיקער. ער דאַרף נישט האָבן קיין סך אָנגעשריבן. נאָר דאָס וואָס ער האָט יאָ אָנגע־שריבן, טראָגט אויף זיך אַלע שלעכטע סימנים פֿון באַשרייבעוודיקייט.

שרייבן מיינט קונסט און באַשרייבעוודיקייט איז אַנטי־קונסט.

שרייבן הייסט האָבן טאַלאַנט און באַשרייבעוודיקייט איז טאַלאַנט־לאָזיקייט.

שרייבן איז חכמה און באַשרייבעוודיקייט איז — נאַרישקייט.
שרייבן הייסט קאָנפראָנטאַציע (די קינסטלערישע וועלט מיט דער ווירקלעכער, פאַנטאַזיע מיט דער ווירקלעכקייט) און באַשרייבעוודיקייט איז — קאָמפּראָמיטאַציע.
און ווען מיינט איר קאָמפּראָמיטירט אַזאַ באַשרייבעוודיקער? — זיך אַליין.

# ליטעראַטור־קריטיקער
# און ליטעראַטור־קריטיק

אַ ליטעראַטור־קריטיקער איז, אָדער דאַרף לפּחות זײַן, אַ ריכטער. ליטעראַטור־קריטיק איז אַן אַקט פֿון גערעכטיקייט לגבי די ווערק, וועלכע ווערן דורך דעם קריטיקער באַהאַנדלט. פֿאַראַן קריטיקער, וואָס זאָגן אַרויס גערעכטע, בעסער געזאָגט ריכטיקע מיינונגען, וועגן געוויסע זײַטן, צי בלויז אײנצלהייטן פֿון באַהאַנדלטן ווערק, אָבער אין זייער סך־הכּלדיקן פּסק זענען זיי נישט גערעכט, זיי זענען נישט גערעכטיקט, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, ווײַל זיי פֿאַרמאָגן נישט דאָס אײנגעבוירענע געפֿיל פֿאַר ערלעכער וואָג און מאָס.

אַ ריכטער מוז קודם־כּל קענען זײַן פֿאַך: יוריספּרודענץ. ער מוז זײַן געדולדיק. ער מוז אויסהערן אַלע צדדים. ער מוז זיך באַקענען מיט אַלע „פֿאַר" און „קעגן". ער מוז באַהאַנדלען דעם ענין פֿון דער פֿאָרמעלער און מעריטאָרישער זײַט. ער קאָן פֿאַרטרעטן אַ געוויסע שיטה אין דער יוריס־פּרודענץ, פֿאַרשטייט זיך אַזעלכע, וואָס איז אָנגענומען אין דער מלוכה, וואָס האָט אים פֿאַר אַ ריכטער נאָמינירט. אָבער ווען אַפֿילו דער ריכטער איז אַ פֿאַרטרעטער פֿון אַ שיטה, קאָן קיינער נישט צווייפֿלען אין זײַן אומאָפּ־הענגיקייט, אַנדערש איז ער קיין ריכטער נישט, נאָר אַן אויספֿירער פֿון עמעצנס באַפֿעלן.

כּדי דער ריכטער זאָל נישט זײַן אָפּהענגיק פֿון קיינעם, כּדי זײַן פּסק־דין זאָל זײַן כּשר און ערלעך, באַקומט דער ריכטער געהאַלט פֿון דער מלוכה. אַ ריכטער איז אַ מלוכה־אָנגעשטעלטער. דאָס יוסטיץ־מיניסטעריום צאָלט אים אויס אויף חיונה. און ער דאַרף חלילה צו קיינעם נישט אָנקומען.

ליטעראַטור־קריטיקער נאָמינירט נישט קיינער, זיי נאָמינירן זיך אַליין. קיינער פֿאָדערט נישט פֿון זיי, אַז זיי זאָלן באַלייגן עקזאַמענס פֿון ליטעראַ־טור־קענטשאַפֿט. דאָס רובֿ זענען זיי אַליין קינסטלער, אָדער האַלטן זיך פֿאַר אַזעלכע, און אַ קינסטלער האָט זיך ליב צו פֿילן פֿריי. איז אַזאַ קרי־טיקער־קינסטלער במילא פֿריי פֿון לעגיטימירן זיך ווי אַ ליטעראַטור־קענער.

דאָס האַנדלס־ און אינדוסטריע־מיניסטעריום האַלט אויס לאַבאָראַטאָ־ריעס מיט אינזשיניערן־כעמיקער, וואָס קאָנטראָלירן די פרישקייט און די איכות פון די שפּייזן, וואָס ווערן פאַרקויפט דעם ברייטן עולם קאָנסומענטן. אָבער דאָס בילדונגס־מיניסטעריום האָט נישט אויפגעשטעלט קיין איין ליטעראַטור־לאַבאָראַטאָריע, וווּ ליטעראַטור־ספּעציאַליסטן זאָלן קאָנטראָלירן די גייסטיקע שפּייז, מיט וועלכער עס ווערט געקאָרמעט דער עולם, וואָס איז נישט באַהאַוונט אין די ענינים.

וועט איר זאָגן, אַז אַזאַ קאָנטראָל וועט זיין נישט דעמאָקראַטיש, אַז דאָס וועט זיין אַ מין באַגרענעצן פון וואָרטפרייהייט. וועל איך ענטפערן, אַז ס'איז בעסער אַזאַ באַגרענעצונג איידער הפקרות.

*

די שיטה אין דער ליטעראַטור־קריטיק וואָס הייסט „איך", „איך זאָג אַזוי", „איך האַלט אַזוי", די שיטהלאָזע שיטה, וואָס פירט צו אַנאַרכיע אינעם אָפּשאַצן די ווערט פון אַ ליטעראַריש ווערק, מוז ווי אַמשאַרפסטן באַקעמפט ווערן.

ס'קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז יעדער זאָל קאָנען זיך נאָמינירן ווי אַ ליטעראַטור־ריכטער, וואָס גיט אַרויס אַ פּסק אויף אַ ליטעראַריש ווערק. קריטיקער־ריכטער דאַרפן זיין ביי אונדז עטלעכע, נישט מער, און דער שעפער דאַרף וואַרטן געדולדיק אויף זייער פּסק־דין.

כ'זאָג נישט, אַז די עטלעכע ריכטער וועלן זיין אַבסאָלוט גערעכט אין זייער פּסק. ס'איז בכלל נישט פאַראַן קיין פּסק־דין ביי אַ ליטעראַריש ווערק און קיינער קאָן דאָ נישט זיין קיין פּוסק־אחרון. כ'בין אויך נישט זיכער צי די עטלעכע ריכטער וועלן זיין אין גאַנצן פריי פון פּערזענלעכע סימ־פּאַטיעס, צי אַנטיפּאַטיעס צום מחבר, צי צו זיין באַהאַנדלטער טעמע, אָדער זיין אופן פון שרייבן. כ'בין אַפילו נישט זיכער צי זיי וועלן זיין פריי פון פּניות, אָבער קיין כאַאָס וועט על־כּל־פּנים נישט זיין, און דער מחבר וועט זיך פילן אַ סך זיכערער ווען ער וועט שטיין פאַר אַ געריכט, ווי פאַר אַ מאַסן־משפּט פון מאַסן קריטיקער וואָס זייער משפּט איז אומוויסנהייט און כאַאָס און זייער אורטייל, אַפילו דער גוטער, איז ליטעראַרישער ווילקיר.

די אָפיציעלע ליטעראַטור־קריטיקער דאַרפן נאָמינירט ווערן דורך דער רעגירונג, לאָמיר זאָגן דורכן בילדונגס־מיניסטעריום, אָדער דורכן מיניסטעריום פאַר ליטעראַטור און קונסט, אויב אַזעלכעס עקזיסטירט, און

דאַרף דורך דעם מיניסטעריום באַצאָלט ווערן. אַזוי אַרום וועט מען גיכער קאָנען גלויבן אין אַ ליטעראַטור־ריכטערס אומאָפּהענגיקייט, על־כל־פּנים מאַטעריעלע. זייערע ווערק דאַרפן אַרויסגעגעבן ווערן דורך דער מלוכה, זיי זאָלן חלילה קיינעמען נישט דאַרפן מאַכן קיין קאָנצעסיעס פאַרן אַרויסגעבן, צי פאַרן צוהעלפן אַרויסגעבן, זייערע ווערק.

אין די גלות־לענדער, ווו מיר האָבן נישט קיין מיניסטעריומס, דאַרפן די ליטעראַטור־ריכטער נאָמינירט ווערן דורך אונדזערע קולטור־אינסטיטוציעס. זיי דאַרפן דורך די אינסטיטוציעס געהעריק און בכּבֿודיק באַלוינט ווערן און זייערע ווערק דאַרפן נאָר דורך די אינסטיטוציעס אַרויסגעגעבן ווערן.



ס׳קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז עמעצנס אַ ווערק זאָל זיין אויסגעשטעלט אויפן קריטיקערס ווילקיר. ס׳קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז דער ענין ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען, זאָל זיין אָפּהענגיק פון פּערזענלעכע פאַרבינדונגען, פון אויסנוצן פּריווילעגירטע פּאָזיציעס. אַ ליטעראַרישע אָפּשאַצונג קאָן נישט זיין קיין ענין פון אַ גוט־ברודערישער טובֿה, פון חניפה, צי פון סתּם אויסגערעכנטקייט.

אַ ליטעראַרישע אָפּשאַצונג קאָן נישט, פון דער צווייטער זייט, זיין קיין אַקט פון בייזוויליקייט, אַלס פּועל־יוצא פון שלעכטע באַציִונגען צווישן קריטיקער און מחבר. אָן אמת ליטעראַריש ווערק קאָן נישט פאַרשוויגן ווערן בלויז דערפאַר, ווייל דער מחבר האָט צו שוואַכע עלנבויגנס, אָדער ער פאַרמאָגט נישט די זייער פאַרדעכטיקע פעיִקייט אָנצוקניפּן באַציִונגען, וואָס זאָלן אים צו נוץ קומען.

ליטעראַטור־קריטיק דאַרף דערהויבן ווערן צו אַ העכער מאָראַלישער מדרגה. דער קריטיקער דאַרף זיין באַשאָנקען מיט אַן איינגעבוירן געפיל פאַר וואָג און מאָס. ער טאָר נישט אונטערשאַצן, אָבער ער טאָר אויך נישט איבערטרייבן אין זיין גוטער מיינונג. ער טאָר זיך נישט לאָזן פון קיינעם און פון גאָרנישט באַאיינפלוסן. ווען ער באַנוצט זיך מיט מילדערנדיקע אומשטענדן, לגבי אַ מחבר, דאַרף ער אויפקלערן פאַר וואָס ער טוט דאָס. ווען ער איז צו שטרענג, דאַרף ער אויך זאָגן — פאַר וואָס.

ביי יעדער ליטעראַרישער קאָרפּאָראַציע דאַרף עקזיסטירן אַ קרייז פון קריטיקער. זיי דאַרפן באַקומען די פולמאַכטן פון דער קאָרפּאָראַציע, און

קיינער אַ חוץ זיי דאַרף זיך נישט טאָרן באַשעפטיקן מיט קריטיק. (**דאָס דאַרף דויערן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען די מלוכה, אָדער די קולטור־אינסטיטוציעס, וועלן נישט נאָמינירן קיין אָפיציעלע קריטיקער).**

**די שרייבער, וואָס פאַרנעמען זיך ביים היינטיקן טאָג מיט ליטעראַטור־קריטיק, דאַרפן זיך גוט פאַרטראַכטן וואָס זיי טוען. זיי דאַרפן ביי זיך מאַכן אַ חשבון־הנפש.** זיי דאַרפן אויף זיך נעמען צו זיין אַבסאָלוט פריי פון יעדן מין פניות און נישט־גערעכטיקייט. און אויב זיי פילן זיך נישט זיכער, אַז זיי וועלן קאָנעןביישטייען די נסיונות — זאָלן זיי זיך בעסער דערמיט מער נישט באַשעפטיקן.

**חכמי־הליטעראַטור הזהרו בדבריכם! און די עם־הארצים פון דער ליטעראַטור דאַרף מען אַוודאי און אַוודאי לערנען צו זיין פאַרזיכטיק.**

# ה

# מענדעלע מוכר־ספרים
# אין געצעלט פון גייסט

ס׳איז מענדעלע מוכר־ספרימס יאָרצייט. איך זיץ איבער זיינע ביכער און אַ גמרא־ניגון רייסט זיך אַרויס פון מיין מויל: „אָמר מענדעלע מוכר־ספרים, זאָגט מענדעלע מוכר־ספרים״.

מענדעלע איז געווען אַ למדן און אַ חריף. מיט זיין חריפות האָט ער פאַרשטאַנען, ווי אַזוי צו רעדן צום יידישן עולם. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב ער וויל אויפרייסן, צעשטערן דעם אַלטן יידישן אינהאַלט און די אַלטע יידישע פאָרעם, מוז ער על־כל־פנים איבערלאָזן דעם אַלטן יידישן ניגון, וואָס ער האָט אונטערגעלייגט אונטערן טעקסט פון אַלע זיינע ביכער.

מענדעלען האָט מען ליב געהאַט. מענדעלען האָט מען געלייענט. עס האָבן אים געלייענט אַפילו די, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר אַ טריף־פּסול, ס׳האָבן אים ליב געהאַט אַפילו די, וואָס האָבן אים געשאָלטן פאַר זיין אַפּיקורסות.

פאַר וואָס?

ווייל אין מענדעלען האָט מען ליב געהאַט דעם יידישן נוסח, דעם נוסח ייד, מ׳האָט ליב געהאַט זיין טאָן, זיין ניגון און זיין פאַרשטעלטן, אַלעגאָרישן אופן פון שרייבן. דעם גרעסטן רושם און אַממיינסטן געלייענט זענען געוואָרן זיין „קליאַטשע״ און „מסעות בנימין השלישי״.

ווייל אַ ייד האָט בטבע נישט ליב געהאַט קיין פּשוטע זאַך. ער האָט אומעטום ליב געהאַט דעם רמז און דעם סוד. דעם „עפּעס נישט דאָס מיינט מען״. און דאָס האָט פאַרשטאַנען מענדעלע מוכר־ספרים.

היינט צו טאָג, ווען איך טראַכט וועגן אַ געשטאָרבענעם גרויסן יידישן שרייבער, קומט מיר שטענדיק אויפן געדאַנק די פראַגע, ווי אַזוי און וואָס וואָלט דער דאָזיקער שרייבער געשאַפן, ווען אים וואָלט באַשערט געווען איבערצולעבן דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט געטראָפן די יידן?

מענדעלע מוכר־ספרים האָט שווער איבערגעלעבט, שווער איבערגעטראָגן אַלע דערשיטערונגען, סיי פּערזענלעכע, סיי נאַציאָנאַלע. די דערשיטערונגען האָבן געבראַכט צו גרעסערע אינטערוואַלן, איבעררייסן, אין זיין

שאַפן. ס׳איז דעריבער מעגלעך, אַז מענדעלע וואָלט בכלל נישט געשריבן. ווען ער וואָלט אָבער יאָ געשאַפן, וואָלט ער אָנגעהויבן זיין ווערק בזה הלשון:

אמר מענדעלע מוכר־ספרים, זאָגט מענדעלע מוכר־ספרים, גדולי חסדי א׳, ס׳זענען גרויס גאָטס גנאָדן, וואָס ברענגענדיק אַ פרישן מבול פאַר דער זינד פון דער וועלט, און אויסגיסנדיק זיין כעס וקצף, זיין כעס און צאָרן אויף דער בידנער „קליאַטשע״, אויפן פאָלק ישראל, האָט ער דאָך ברוב רחמיו, מיט זיינע אַ סך רחמנותן (אַז אָך און ווי צו אַזאַ רחמנות), איבערגעלאָזט ווי אין נוחס תיבה פון יעדן מין: אַ ביסל פּוילישע יידן, אַ ביסל רומענישע, אַ ביסל דייטשישע, פראַנצייזישע און אַנדערע, בכדי ביום ביאת המשיח, אין טאָג פון גרויסער גערעכטיקייט, אין וועלכן כ׳גלייב באמונה שלימה, מיט אַ גאַנץ גלויבן, זאָלן די יידן פון פאַרשידענע לענדער ברענגען דעם טאָג, ווי דעם כהן הגדול, די רייפע פּירות פון זייער אייגנ־אַרט, וואָס זיי האָבן געקליבן און געהאָדעוועט לנצח עולם, אויף אייביקער אייביקייט.

ווייל קיינער האָט אַזוי נישט געזען די יידישע נאַקעטע ווונדן, די אינערלעכע צעפּוילטקייט, און קיינער האָט אַזוי נישט געגלויבט אין אַ געזונטן יידישן המשך, ווי מענדעלע מוכר־ספרים.

דער סוד פון יידישן קיום אין גלות ליגט, אַ חוץ אין אַנדערע סיבות, אויך אין דעם, וואָס ביי יידן איז נישט געווען קיין אינדאָלענץ, קיין גלייכ־גילטיקייט צו קולטור־ענינים. ביי קיין שום פאָלק זענען די קולטור־שטרע־מונגען נישט געווען אַזעלכע עקסטרעמע ווי ביי יידן. ביי קיין שום פאָלק איז דער קולטורקאַמף נישט געווען אַזאַ שאַרפער ווי ביי יידן. ביי קיין שום פאָלק האָבן די קולטורוועגן זיך נישט אַזוי קעגנזייטיק אויסגעשלאָסן ווי ביי יידן. קיין שום רעליגיע האָט נישט אַזוי געקעמפט פאַר אַ קוצו של יוד פון אירע פאַרשריפטן, ווי די יידישע. ביי קיין שום פאָלק איז דער קולטורקאַמף אינערהאַלב די משפחות נישט געווען אַזאַ שאַרפער ווי ביי יידן. די גאַנצע עמאַנציפּאַנעלע שפּאַנונג, וואָס האָט זיך ביי יידן נישט אויס־געלעבט אין מלוכה־פּאָליטיק, האָט זיך אויסגעלאָדן אין קולטור־פּאָליטיק. אויך דער קלאַסנקאַמף, וואָס איז ביי די יידן געווען אַ שוואַכערער ווי ביי אַנדערע פעלקער, האָט אַוועקגעשענקט זיינע אָפּגעשפּאַרטע כוחות דעם יידישן קולטורקאַמף.

אין מיטן פון אַזאַ פאַרשאַרפטן קאַמף צווישן צוויי קולטור־שטרע־מונגען, צווישן דער קלעריקאַלער, רבנישער און כלי־קודשדיקער קולטור

און דער קולטור פון השׂכּלה איז געשטאַנען מענדעלע מוכר־ספרים. ער האָט געזען די שוואַכקייט פוןביידע צדדים, ער האָט אויך געזען די שטאַר־קע זייטן זייערע, ער איז געווען אַ קעגנער פון ביידע קולטורן און פאַר ביידע געהאַט פּיעטעט.

*

די ווערט פון היינטצייטיקע גרויסע מענטשן זאָל אפּנים באַשטיין אין זייער גראַדליניקייט, די ווערט פון אַמאָליקע גרויסע מענטשן איז געלעגן אין זייער ווידערשפּרוכיקייט.

אַזאַ ווידערשפּרוכיקע גרויסקייט איז געווען מענדעלע מוכר־ספרים.

מענדעלע האָט געקאַנט און געמעגט אַזוי סאַרקאַסטיש, מיט אַזאַ האַס אָפּחוזקן פון די יידישע שוואַכקייטן, פון די יידישע שלעכטע זייטן, ווייל ער האָט דאָס פאָלק געוואַלטיק ליב געהאַט. נאָר ליבע צום פאָלק האָט געקאַנט עפענען דעם שרייבער אַזאַ רייכן קוואַל פון דער שפּראַך, וואָס נישט קיינער פאַר אים און נישט קיינער נאָך אים האָט עס פאַרמאָגט. נאָר אַ שרייבער, וואָס האָט שטאַרק ליב זיין פאָלק, גיט זיך די שפּראַך אַזוי איבער בלב ונפש, ווי זי האָט זיך איבערגעגעבן מענדעלע מוכר־ספרים.

טשעכאָוו האָט געהאַלטן, אַז די העכסטע קלאַס פון דער פּראָזאַישער קונסט איז קאָנען אַזוי שרייבן ווי מען רעדט (דאָס איז גאָרנישט אַזוי גרינג, ווי עס קאָן זיך אַ סך אויסדאַכטן). אויב דאָס זאָל זיין אמת, פאַרנעמט מענדעלע מוכר־ספרים גאָר אַ בכּבודיק אָרט אין דעם העכסטן קלאַס פון פּראָזע־קינסטלער (נישט נאָר ביי יידן).

ווען עס וויל זיך מיר פאַרגלייכן מענדעלען מיט אַ פאַרשטייער פון דער פּוילישער ליטעראַטור, געפין איך נישט קיין פּאַסיקערן נאָמען צו דעם פאַרגלייך, ווי באָלעסלאַוו פּרוס. פאַרשטייט זיך, אַז זיי טיילט זייער אַ סך פונאַנדער, זיי קומען פון גאַנץ פאַרשידענע סביבות, פון פאַרשידענע לע־בנס־באַדינגונגען, זיי טיילן יאָרהונדערטער פון אַנדערע מינהגים און גלויבנס, אָבער דער אופן פון דערציילן, זייער נאַראַציע, זייער טאָן און זייער הומאַניזם איז איין און דער זעלביקער.

ווען כ׳וואָלט ווייטער זיי ביידן געוואָלט פאַרגלייכן מיט אַ פאַרשטייער פון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָלט איך קיין אַנדערן נאָמען נישט געפונען, ווי טשאַרלז דיקענס.

זיי אַלע דריי זענען גרויסע דיכטער פון דער אַלטעגלעכקייט, זיי האָבן אַריינגעפירט אין דער ליטעראַטור דעם לעבעדיקן דאָקומענט, דעם פּובלי־

ציסטישן נערוו. אַלע דריי זענען געשטאַנען — יעדער אין זיין ליטעראַטור — אין אָנפאַנג פון אַריינדרינגען פונעם לעבן אין דער ליטעראַטור, מיט זיי אַלע איז פאַרבונדן דער אָנפאַנג פון רעאַליסטישן ראָמאַן. זיי אַלע זענען געווען גרויסע הומאַניסטן, זיי האָבן געקעמפט קעגן אומגערעכטיקייט און עוולה, פאַר יושר און אמת. אָבער אַלע דריי זענען נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנערן, ווייל זיי זענען סוף־כל־סוף געווען קינדער פון זייער עפּאָכע, ענג צוזאַמענגעבונדן מיט די לעבנס־באַדינגונגען און זייערע סביבות.

עס טוען אַ פעלער די קריטיקער, וואָס ווילן ביים היינטיקן טאָג אָפּטיילן ביי מענדעלען דאָס פּובליציסטישע פון דעם ריין־קינסטלערישן. ס׳איז אַ פאַלשער און אַ פלאַכער צוגאַנג. פּונקט ווי כמות גייט איבער אין איכות, אַזוי גייט שטאָף איבער אין פאָרעם. באַקומט דער שטאָף זיין באמת קינסטלערישע פאָרעם, הערט דער שטאָף, אַלס אַזעלכער, בכלל אויף צו עקזיסטירן. דערגייט אַ ווערק צו דער מדרגה פון עכטער קונסט, איז בכלל קיין חילוק נישט פון וואָס פאַראַ שטאָף ער איז באַשאַפן.

כ׳וויל נאָר דאָ באַמערקן, אַז צו דעם, וואָס איז געוואָרן קאַנאָניזירט, צו דעם, וואָס איז געוואָרן דער קנין פון גאַנצן פאָלק, דאַרף מען נישט צוגיין אַפילו מיט דער קריטעריע פון קונסט. אַזאַ שאַפונג געפינט זיך שוין אין דער ספערע פון לויטערער נשמה. קונסט פאַרטראָגט איבערהויפּט נישט קיין סעקציע. ביי קונסט איז נאָר מעגלעך וויוויסעקציע, דאָס הייסט, נאָר אויפן לעבעדיקן, צאַפּלדיקן, קעגנוואַרטיקן קערפּער פון קונסט קאָן מען מאַכן פאַרשידענע אונטערזוכונגען. פירן פירט עס ליידער פאַרקערט.



עס ווייזט זיך טייל אויס, אַז מענדעלע מוכר־ספרים האָט געקוקט אויף דער דעמאָלטיקער יידישער ווירקלעכקייט מיט די אויגן פון אַ משׂכּיל. אַלס באַווייז דערצו ברענגט מען, אַז ער האָט געזען בלויז דאָס נעגאַטיווע אין יידישן לעבן, אַז ער האָט געוויזן בלויז דעם קרומען שפּיגל פון דער יידישער ווירקלעכקייט. דאָס איז אָבער נישט אין גאַנצן קיין ריכטיקע באַהויפּטונג. מענדעלעס שאַפן פאַלט גראָד אויס אין דעם פּעריאָד (אין דער וועלט־ליטעראַטור), ווען דער רעאַליזם איז איבערגעגאַנגען צום נאַטוראַליזם. און נאַטוראַליזם האָט געהאַט אַ שלעכטע טבע צו זען דער עיקר און אין דער ערשטער ריי דאָס נעגאַטיווע.

מענדעלעס פּראָזע איז פון דעם מין, וואָס נאָר אַ דיכטער קאָן זי באַ־שאַפן. אַזאַ פּראָזע שטאַמט פון זעלבן מקור וואָס דיכטונג, זיי האָבן נאָר קעגנגעזעצטע טענדענצן.

די אויפגאַבע פון דיכטונג, פון פּאָעזיע, איז אויסגעפינען, צונויפצופירן און צונויפבינדן די סאַמע ווייטסטע געפיל־ און בילדער־אַסאָציאַציעס, וואָס ליגן איינער פון צווייטן אין אַזאַ מרחק, וואָס קיינער אַ חוץ דער דיכטער דערזעט זיי נישט. די אויפגאַבע פון דער פּראָזע איז אַ פאַרקערטע, אויסצוגעפינען, צונויפצובינדן די פאַקטן־פאַרבינדונגען, וואָס ליגן נעבן זיך אַזוי נאָענט, וואָס מחמת זייער נאָענטקייט דערזעט זיי קיינער נישט אַ חוץ דעם פּראָזאַיִקער.

ווען עס וויל זיך מיר לייענען אַ הויך מוסטער פון אַמאָליקער קינסט־לערישער פּראָזע, מיש איך אויף די „קליאַטשע", זוך אויס דאָס אָרט, ווו ישׂראליק איז איינגעשלאָפן געוואָרן אין וואַלד — און לייען עס עטלעכע מאָל.

*

אַלע ווייסן היינט, אַז אָן מענדעלען וואָלטן מיר קיין יידישע וועלטלעכע ליטעראַטור נישט געווען געהאַט. און ווען אַפילו עס וואָלט אָן אים יאָ געווען אַ יידישע ליטעראַטור, וואָלט זי געווען מיט זיבן הימלען נידעריקער און מיט אַ גאַנצער זון טונקעלער און אָרעמער ווי זי איז. אָן מענדעלען וואָלטן מיר נישט געקענט די יידישע וועלט, וואָס קיין היסטאָריקער וואָלט זי אונדז נישט געקאָנט רעסטאַווירן, וואָס נאָר אַ קינסטלער קאָן זי אונדז איבערלאָזן בירושה.

אָן מענדעלען וואָלטן מיר נישט געקענט די מענטשן, דעם פּערסאָנאַזש, פון וועלכן ס'איז אַזש ענג אין מענדעלעס ווערק. מיר וואָלטן נישט געזען די גאַלעריע טיפּן און די וועלט, וואָס איז שוין אויף אייביק געענדיקט און אויף אייביק אַוועק. מיר וואָלטן אָן מענדעלען נישט פאַרשטאַנען אַ סך פון די זאַכן, וועלכע מיר טראָגן נאָך עד־היום אין זיך און מיר וואָלטן נישט געשטרעבט צו דעם, צו וועלכן מיר מוזן און דאַרפן שטרעבן.

די גאַנצע יידישע וועלט פייערט דעם אָנדענק פון גרויסן זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור. און מיר, איבערגעבליבענער קליינער יידישער קיבוץ פון פוילן, אין אונדזער נאָמען און אין נאָמען פון אונדזערע שטומע חורבות, לייגן מיר אויף זיין גרויס יידיש האַרץ אַ קראַנץ פון אונדזערע וווּנדן.

# שלום עליכם – דער מעין המתגבר

געוויינטלעך קומט פֿאַר אַזוי, אַז ווען אַ שרייבער, אַ קינסטלער קומט צום פֿאָלק, לעגיטימירט ער זיך מיט טאַלאַנט, מיט פֿאַנטאַזיע, מיט אידייע, מיט עטלעכע, אָדער מיט אַלע אויבן אויסגערעכנטע אַטריבוטן, אָפּהענגיק דערפֿון, צו וואָס פֿאַראַ קינסטלערישן טיף דער שרייבער געהערט, וואָס פֿאַראַ קינסטלערישע קאָנסטיטוציע דער שרייבער פֿאַרמאָגט.

ווען שלום עליכם איז אַלס קינסטלער געבוירן געוואָרן פֿאַרן פֿאָלק, האָט נישט ער זיך פֿאַרן פֿאָלק לעגיטימירט, נאָר דאָס פֿאָלק — פֿאַר אים.

געוויינטלעך שאַפֿט דער שרייבער זיינע געשטאַלטן. מעג ער זיין אַ רעאַליסט, מעג ער זיין אַפֿילו אַ נאַטוראַליסט, ווען ער קאָפּירט, ווען אַפֿילו ער באַשרייבט נאָר דאָס, וואָס ער זעט — איז ער אויך דער באַשעפֿער פֿון זיינע געשטאַלטן. ווייל — איר מוזט דאָך מודה זיין, אַז איר דערזעט דאָס „געזעענע" ערשט דעמאָלט, ווען דער שרייבער ווייזט עס אייך אין זיין שאַפֿונג, אין זיין ווערק.

שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז ס'זענען געווען און פֿאַראַן שרייבער, וואָס טראַכטן אויס זייערע געשטאַלטן, דורך אַלעגאָריע, סימבאָל, צי דורך אַנדערע פֿאָרמעלע מעטאָדן.

שלום עליכם האָט זיינע געשטאַלטן נישט געשאַפֿן, פֿאַרקערט, זיינע געשטאַלטן האָבן אים באַשאַפֿן. זיי האָבן געפֿונען דעם גליקלעכן וועג, וואָס האָט זיי אין אַ פּראָסטן מיטוואָך דערפֿירט צו שלום ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט פֿון דער רגע אָן געהייסן: שלום עליכם.

וואָרעם — ווען מ'איז אַפֿילו אַ געשוווירענער מאַטעריאַליסט, מוז מען אויך מודה זיין, אַז אין עניך קונסט, אין צוזאַמענטרעפֿן זיך פֿונעם קינסטלער מיט דער קינסטלערישער מאַטעריע מוז אויך האָבן אַ חלק: דאָס ביסעלע גליק.



ווען מיר וואָלטן אָנגענומען פֿאַר ריכטיק די טעזע פֿון פֿילאָזאָף אַנרי בערגסאָן, אַז לאַכן, אַז געלעכטער איז אַן אַליאַרם־גלאָק, וואָס אַליאַרמירט,

אַז ערגעץ איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, וואָלטן מיר געקאָנט זאָגן, אַז די גאַנצע שאַפונג פון שלום עליכם איז אַ גרויסער אַליאַרם, אַ קלינגען אויף טרעוואָגע.

די יידן האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט אָפּגעשלאָסן, אַריינגעוואַקסן, אַריינגעבאַקן אין זייערע ד׳ אמות. און — ווען זיי האָבן ענדלעך אַרויסגע־שטעקט דעם קאָפּ צו דער וועלט, ווען זיי האָבן אַרויסגערוקט אַ פינגער, געשטעלט דעם ערשטן טראָט, האָבן זיי זיך כסדר אָנגעטראָפן אויף שטרויכ־לונגען, יעדע באַוועגונג זייערע איז געווען, ווי אַן אומגעלומפּערטע, יעדע טאָט — קאַליזיע. און דאָס פאָלק און שלום עליכם האָבן רעאַגירט דערויף מיט הומאָר, מיט געלעכטער (אויב איר ווילט: מיט אַליאַרם).

און ווייל די אויסערלעכע וועלט, אין וועלכער די יידן פון כתרילעווקע און אויך די פון יעהופּעץ האָבן זיך אָנגעשטויסן, איז געווען אַ שלעכטע, אַ פאַרסמטע, אַ פאַרדאָרבענע — איז במילא דער הומאָר פון שלום עליכמען — געווען אַ טרויעריקער, דאָס לאַכן — אַ טראַגישס (אויב איר ווילט: אַן אַליאַרם, אַ ווייטיקלעכער).

אָבער שלום עליכם איז געווען בלויז הומאָריסט, אַבסאָלוט נישט קיין סאַטיריקער. און דער אופן פון פאַרפיקסירן קונסט אין הומאָר איז זייער אַ שווערער און נאָר אויבנאויפיק דאַנקבאַר. הומאָר איז נישט סאַטירע. סאַטירע רעוואָלטירט, הומאָר — רעוואָלטירט נישט. הומאָר פערמענטירט העכסטנס און לסוף נייטראַליזירט ער. דאָס שלעכטע צעגייט זיך, לייזט זיך אויף אין הומאָר, אין געלעכטער. בכלל איז הומאָר נישט מסוגל צו רעוואָלט, ווייל ער גיט די אויסגעקרומטע, נישט ריכטיקע, פאַלשע פאַר־קריפּלטע לעבנס־דערשיינונגען — אַ קינסטלערישע רעהאַביליטאַציע.

סאַטירע צילט אין מענטש, אין יחיד, אין די פאָרשטייער פון קלאַסן, צי רעזשימען. הומאָר צילט בלויז אין די באַדינגונגען — וואָס פאַרקריפּ־לען, פאַרשקלאַפן דעם יחיד, דעם מענטש. גאָגאָל, סאַלטיקאָוו־שטשעדרין האָבן געצילט אין מענטש, אין מעכטיקן פאָרשטייער פון אַ פאַרפוילטן רע־זשים. שלום עליכם האָט בלויז געצילט אין די באַדינגונגען, וואָס האָבן, ווי אַ קרומער שפּיגל, דעפאָרמירט יעדע באַוועגונג, יעדן זשעסט, יעדן טאָט פונעם ייד, פונעם פאָלק. וואָס האָט געזאָלט טאָן שלום עליכם? צילן אין ייד, וואָס איז באַלד ביי זיינע ערשטע טריט געווען פאַרמאַטערט און אוממעכטיק לגבי דעם גרויזאַמען אָרום?

מענדעלע מוכר־ספרים איז געווען אַ סאַטיריקער. ער האָט געצילט אין תקיף, אין רייכן. אָבער שלום עליכם איז געווען אַ הומאָריסט, ער

האָט ליב געהאַט דאָס פאָלק, דאָס פשוטע, און אַפילו אויף דעם תּקיף איז אים געווען אַ רחמנות, ווייל ער האָט ביי אים פאַרשפּילט די לעצטע פאַר רובל אויף דער בערזע.

*

שלום עליכם האָט זיך נישט געריסן צום לייענער. ער האָט עס נישט באַדאַרפט. פּרץ האָט זיך יאָ געריסן צום לייענער, ווייל פּרץ האָט נישט נאָר פון שרייבן געוואָלט מאַכן אַן עבודה און צוגרייטן ווי געהעריק די אַדעפּטן פון דער קונסט, נאָר ער האָט אויך פון לייענען געוואָלט מאַכן אַן עבודה. ער האָט געוואָלט צוגרייטן און זאָלבן אַפילו לייענער. שלום עליכם האָט געהאַט אַ סך לייענער, אָבער ער האָט זיי צו דער עבודה פון לייענען נישט צוגעגרייט. דעריבער האָט דער גרעסטער טייל פון זיי, לייענענדיק שלום עליכמען, אַראָפּגעלעקט דעם האָניק און נישט דערשפּירט דעם וויטיק פונעם שטאָך, וואָס די בין האָט דאָך געגעבן.

קיינער פון די יידישע שרייבער איז בשעתּם אַזוי פיל נישט געלייענט געוואָרן, ווי שלום עליכם און קיינער איז, ווי ער, אַזוי שלעכט נישט פאַרשטאַנען געוואָרן. אין דער שווערער אַרבעט פון פאַרשטיין צו געבן דעם לייענער דעם סוד פון אַ הומאָריסטיש ווערק, האָט קיינער שלום עליכמען נישט צוגעהאָלפן, נישט די קריטיק און נישט דאָס טעאַטער.

שלום עליכם האָט זיך געריסן צום טעאַטער. און וואָס איז דער וווּנדער? גאָגאָל, דער גרויסער מייסטער, האָט אין זיין טעקע געהאַט עטלעכע טיפּן. עטלעכע טיפּן — פאַרשטייער פון קלאַסן, פון הערשנדיקע קלאַסן. און פאַר שלום עליכמען איז געשטאַנען אַ גאַנץ פאָלק אין אויסטערלישע באַדינגונגען, וואָס דעפאָרמירן, ווי אין אַ קרומען שפּיגל, יעדע באַוועגונג זייערע, וואָס קרומען אויס די ליניעס זייערע און דו זעסט זיי אַזוי, ווי ס׳האָט זיי געזען און ס׳זעט זיי נאָך מן־הסתּם איצט — מאַרק שאַגאַל.

ס׳איז דען געווען איין מנחם־מענדל? אין יעדער שטאָט, אויף יעדער בערזע איז מנחם־מענדל געווען אַנדערש. איז ווו נעמט מען און מ׳פאַרפיקסירט אַזוי פיל סיטואַציעס? ווו נעמט מען און מ׳באַשרייבט און מען מאָלט אַזוי פיל זשעסטן? האָט ער זיך געבעטן ביים טעאַטער, ער זאָל אים צוהעלפן, דאָס טעאַטער זאָל אויך עפּעס צולייגן צו דעם בנין, אויך עפּעס שענקען און נאָך מער נעמען פון דעם גרויסן ווערק. אָבער דאָס יידישע טעאַטער איז דעמאָלט, ווי אַלע מאָל, געווען ווידערשפּעניק.

שלום עליכם האָט זיך געבויגן אונטער דער לאַסט פון שעפערישער שפע, ער איז מיט זיין זשאַנר געווען ביי אונדז דער איינציקער. אַ גאַנץ פאָלק האָט זיך ביי אים געבעטן תיקון. קיין סך צייט, האָט ער געפילט, האָט ער נישט און דעריבער מוותר געווען אויף סיטואַציעס, געמאָלענע מיט ליניע און פאַרב. זיין גרויס ווערק וואָלט, ווען נישט דאָס, געווען נאָך גרעסער.

דאָס פאָלק האָט דעם געאײַל, די שוואַכקייט שלום עליכמס אויסגע־נוצט, עגאָיִסטיש אויסגענוצט. שלום עליכם האָט, ווי אַ גוטער טאַטע, נאָכ־געגעבן דעם פאָלק. די באַוועגלעכע, קינעטישע ליניעס, וואָס זענען אָבער פאַרגליוורט געוואָרן אין סטאַטישער מאָנומענטאַלישקייט, זענען צייטנ־ווייז ביי שלום עליכמען געוואָרן צו קינעטיש. דאָס פאָלק האָט, אָנשטאָט דאָס שאַגאַלישע, אָנגעהויבן זען ביי אים דאָס טשאַפּלינישע. דער „פּונעם יאַריד" — איז אַן אַנטשלאָסענער צוריקטריט צו מאָנומענטאַליטעט.



שלום עליכם, דער הומאָריסט, איז אין גאַנצן פריי געווען פון סאַטי־רע. ער האָט זיך בפירוש פון איר אָפּגעשניטן. סאַטירע איז נישט טראַגיש. סאַטירע איז צו אָפן, צו ברוטאַל — זי זאָל זיין טראַגיש. הומאָר איז ווי אַ שלייער, הומאָר פאַרשטעלט, טייטשט אויס צום גוטן („טוביה דער מיל־כיקער"), ווען סאַטירע טייטשט אויס צום שלעכטן. שלום עליכם איז גע־ווען דער שליח פון פאָלק, ווי קיין שום יידישער שרייבער פאַר אים און קיין שום יידישער שרייבער נאָך אים. זיין שליחות האָט ער אויסגעפירט בשלימות, ער האָט מיט זיין שליחות אויף קיין האָר נישט מיסגעברויכט. ער האָט געטאָן נאָר דאָס, וואָס דאָס פאָלק האָט פון אים פאַרלאַנגט, און געזאָגט נאָר דאָס, וואָס דאָס פאָלק האָט אים אין מויל אַריינגעלייגט — און געוואָלט מיט זיינע ווערטער פון זיין מויל הערן.

אין דעם ליגט שלום עליכמס גרויסקייט און אויך זיין שוואַכקייט.

שלום עליכם האָט נישט ליב געהאַט פראַווען מאָראַל, זאָגן מוסר. דאָס איז אויך דערפאַר, ווייל ער איז קיין סאַטיריקער נישט געווען, נאָר אַ הומאָריסט בעצם. דאָס פאָלק האָט נישט געוואָלט נאָך אַ סאַטיריקער (אַ חוץ מענדעלען). דאָס פאָלק האָט געוואָלט אַ הומאָריסט. און שלום עליכם האָט מיט פאַרווּנדערונג דעם פאַרלאַנג פון פאָלק אויפגענומען.

אין פלוג קאָן מען מיינען, אַז שלום עליכם איז געווען אַן אַלץ־וויסער, אַז אַלץ האָט ער פון פאָרויס געוווּסט, אַלץ האָט ער פאַרשטאַנען און פון

אַלעם פלעגט ער שוין לכתחילה לאַכן. אין דער אמתן איז שלום עליכם אַרומגעגאַנגען אין דער וועלט אַ פאַרוווּנדערטער, פאַרכאַפּט, טרויעריק פאַרכאַפּט פונעם קאַליידאָסקאָפּ פון יידישע אומגליקן און פון יידישן „נחת". אַרומגעגאַנגען אַ פאַרוווּנדערטער און אַ פאַרוווּנדעטער.

צוליב נאָך אַ סיבה, אַ ריין־קינסטלערישע, איז שלום עליכם נישט געווען קיין סאַטיריקער, נאָר אַ הומאָריסט. שלום עליכם איז געווען דער סאַמע קרישטאָל־ריינסטער רעאַליסט. זיין רעאַליזם פלעגט פליסן און זיך אויפלייזן אין גורל, אין יידישן גורל. סאַטירע, ווען זי איז אַפילו נאַטוראַ־ליסטיש — האָט זי אויך עפּעס אין זיך פון סימבאָל (די דאָזיקע צוויי קעגנ־געזעצטע שטרעמונגען — נאַטוראַליזם און סימבאָליזם — קומען זיך אין סאַטירע צונויף).

דער שעפּערישער רעאַליזם האָט שלום עליכמען, דעם מעין המתגבר, געבענטשט מיט שפע. נאָכן אַראָפּשעפּן איין עמער איז אין קוואַל צוגע־קומען צען עמערס. נאַטוראַליזם איז נישט שעפעריש — ווייל ער שעפּט אויס דאָס געשעענע ביזן דנאָ, ער רייסט אַרויס דאָס געזעענע מיטן וואָרצל.



גרויסע געשעענישן זענען אַדורכגעגאַנגען איבער די שטעט און שטעט־לעך, אין וועלכע ס'האָבן געלעבט די העלדן פון שלום עליכם. די צייט האָט אַדורכגעאַקערט די ערד, צעשטערט די יידישע לעבנס־פאָרמען, דעם לעבנס־שטייגער. בייזע רוחות האָבן דעם ייד געטריבן און אים פאַרניכטעט.

נאָכן חורבן פון פוילישן יידנטום, שווימט אויף די שאַגאַלישע וויזיע פון דעם שלום עליכם־ייד, וואָס שוועבט איבער די קרומע דעכער פון אַלטן יידישן שטעטל. די וויזיע פון דעם ייד, וואָס שוועבט אין דער אייביקייט אַריין, אַד אַסטראַ, כאָטש די ערד, אויף וועלכער דעם ייד איז אויסגעקומען צו גיין — האָט געזונקען אין טיפער בלאָטע.

דער וויזיע, דעם גלויבן אין אייביקן ייד, האָט געדינט און איז טריי געווען זיין גאַנץ לעבן — שלום עליכם.

# י. ל. פּרץ
## „פֿאָלקסטימליכע געשיכטן" און „חסידיש"

אין דער פּאַרשפּעקטיקטער, לויטן אייראָפּעיִשן זייגער ,יידישער ליטע־ראַטור — איז י. ל. פּרץ דער איינציקער פֿון צווישן אונדזערע קלאַסיקער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט זיין שאַפֿונגסוועג געגנוי לויט נוסח אייראָפּע.

פּאַרשפּעקטיקט לויטן אייראָפּעיִשן זייגער מיט אַ גאַנצן יאָרהונדערט האָט י. ל. פּרץ דורכגעמאַכט, כאָטש אין אַ פֿאַרקירצטן אופֿן, די אַלע וועגן פֿון דער ליטעראַטור־אַנטוויקלונג, וועלכע די אייראָפּעיִשע ליטעראַטור איז שוין פֿריִער געהאַט דורכגעגאַנגען, אָנהויבנדיק פֿון ראַציאָנאַליסטישן נעאָ־קלאַסיציזם, דורכן ראָמאַנטיזם, נעאָ־ראָמאַנטיזם און ענדיקנדיק מיטן סימ־באָליזם.

די שוועריקייט ביים באַצייכענען, ביים צעמענטירן די קינסטלערישע פּערזענלעכקייט פֿון י. ל. פּרץ באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט די דאָזיקע וועגן זיינע נישט דורכגעמאַכט לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר. דער אין מוקדם ומאוחר בתורה האָט ביי פּרצן באַקומען זיין הונדערט־פּראָצענטיקע באַ־שטעטיקונג. אַ מאָל קומען ביי פּרצן פֿאַרשידענע ריכטונגען, פֿאַרשידענע וועגן, פֿאַרשידענע נוסחאות, פֿאַרשידענע סטילן איינצייטיק. וואָס עס דאַרף על־פּי כראָנאָלאָגיע קומען פֿריִער, קומט שפּעטער, אַ מאָל פֿאַרקערט. צייטנ־ווייז קרייצן זיך זיינע וועגן. מיר זעען ביי פּרצן ראָמאַנטישע טעמאַטיק פֿאַרפּיקסירט סימבאָליסטיש, אַפֿילו פּרצס קינסטלעריש ווערן — איז אויך נישט פֿאַרלאָפֿן נאָרמאַל, פּשוט. זיין קינסטלערישע פּערזענלעכקייט איז פֿריִער רייף געוואָרן איידער זיין טאַלאַנט. ס'איז דעריבער איבעריק און ניט צוועקמעסיק די דיסקוסיע וועגן פּראָגרעס אָדער רעגרעס אין פּרצס פּאָליטישע און סאָציאַלע אָנשויונגען, וועלכע מען פֿאַרבינדט מיט דעם אָדער יענעם אַנטשטאַנענעם ווערק ביי פּרצן. אַלס אַ שרייבער, אַ ליטע־ראַטור־שעפֿער, וועלכער האָט פֿאַרבונדן די יידישע ליטעראַטור מיט אירע אייראָפּעיִשע שוועסטער־ליטעראַטורן האָט פּרץ געמוזט דורכמאַכן די אַלע וועגן, די אַלע עטאַפּן, וועלכע די אייראָפּעיִשע ליטעראַטור האָט דורכגע־

מאַכט (לויטן ביאַלאָגישן געזעץ, אַז די אַנטאָגענעזע איז אַן איבערחזרונג פון דער פילאָגענעזע). אַלס הונדערט־פּראָצענטיקער יידישער שרייבער, וואָס האָט געשטעקט מיט אַלע מקורים אין יידישקייט, האָט ער די אַלע וועגן, די ריכטונגען דורכגעמאַכט פילפּלאַכיק און איינציייטיק, פּונקט ווי פילפּלאַכיק ס׳איז געווען דאָס יידישע לעבן בכלל, פּונקט ווי ס׳האָבן זיך געקרייצט זיינע פאַרשידענע טענדענצן, פּונקט ווי איינצייטיק און פילפּלאַכיק ס׳זענען געווען די יידישע וועלט־אויסקוקן, וועלט־באַנעמען, פּונקט ווי ספּעציפיש ס׳איז געווען די יידישע עקאָנאָמיק, ווי פאַרשידנאַרטיק דאָס יידישע לעבן אַפילו אין עטיש־מאָראַלישער באַציִונג.

מ׳דאַרף גאָרנישט פאַרלייקענען פון פּרצס גרויסקייט, מ׳דאַרף אויך קיין האָר נישט פאַרמינערן די באַדייטונג פון קיין איינציק ווערק זיינס, מ׳דאַרף אויך גאָרנישט מוותר זיין פון דעם, וואָס י. ל. פּרץ האָט געשאַפן, אַז מ׳זאָל דאָך האַלטן, אַז נעבן די דראַמעס זיינע, זענען די „פאָלקסטימ־ליכע געשיכטן״ און „חסידיש״ פון די סאַמע עיקרדיקסטע ווערק פון י. ל. פּרץ. טאַקע און דווקא היינט, ווען מיר ווילן רעקאָנסטרויִרן דעם אומגעקו־מענעם ייד אין פּוילן, ווילן מיר אים נישט זען ווי עפּעס אַן אַמאַלגאַמאַט, אַ צונויפגעקלעפּטע זאַך, נאָר מיר ווילן אים רעקאָנסטרויִרן און זען אויף דער הויך, אויף וועלכער עס האָט אים געזען י. ל. פּרץ אין זיינע „פאָלקס־טימליכע געשיכטן״ און אין זיין „חסידיש״.

דאָ דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אומאָפּהענגיק דערפון, ווען וואָס ס׳איז ביי פּרצן געשאַפן געוואָרן פריִער, זענען די „פאָלקסטימליכע געשיכטן״ אַ וואַריאַנט פון „חסידיש״ אָדער „חסידיש״ אַ וואַריאַנט פון די „פאָלקסטימ־ליכע געשיכטן״. זיי ביידע זענען ווערק, וואָס באַשטימען פּרצס אָנגעהע־ריקייט צום ראָמאַנטיזם.

„חסידיש״ מיינט נישט פּרץ „חסידיזם״. פּרץ מאַכט נישט קיין חילוק צווישן גאַליציאַנער גוט־יידישקייט, שאַרף־מוחדיקן רוסישן חב״ד און לירישן פּוילישן חסידות. עס גייט אים נישט דעריינען. ר׳ שכנא פון די אַלטע קאָצקער גייט זיך געמיטלעך שפּאַצירן און פירט אַ טיפן און רויִקן שמועס מיט ר׳ זרחן פון די אַלטע בעלזער. מתנגדים, ליטוואַקעס דערזעען דעם „אויב נישט העכער״. חסידות דאָס איז אַ דרך, אַ שיטה אין חסידיזם. חסידיש דאָס איז דער ענדציל פון דעם וועג, די נשמה פון דער שיטה.

פּרץ זעט דאָס חסידישע אין די גרויסע עטישע ווערטן, וואָס זי (דאָס חסידישע) האָט געטראָגן אין זיך, ער האָט געזען די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס חסידיש גיט פאַר גייסטיקער געהויבנקייט און גבורה. פּרץ האָט פאַר־

שטייט זיך פון חסידישן נישט געוואָלט מאַכן קיין מוסטער, פונקט ווי פון אַ פונדאַמענט מאַכט מען נישט קיין אָרנאַמענטן, נאָר ער האָט עס איינגע־פלאַנצט אין יענער טיפעניש פון וועלכער ס׳הויבט זיך אַרויס דאָס, וואָס גיט דעם לעבן אַ ווערט און שאַפט פאַר אים די אָלימפּישע (אָדער גן־עדנדיקע) רויִקייט.

„פאָלקסטימליך" מיינט נישט פּרץ „פאָלקיזם", נישט דאָס, וואָס מ׳האָט למשל אין דער צייט פון פּוילישן נעאָ־ראָמאַנטיזם אָנגענומען די פאָרעם פון „לודאָמאַניע". פּרץ מאַכט נישט קיין חילוק צווישן פאָלק לויט די פאַר־שיידענע שיכטן זיינע. ס׳איז אים קיין חילוק נישט צי איז דאָס ר׳ חיים יונה וויטעלס, דער בעל תּפילה („אָן אָפּקומעניש") צי טוביה טרעגער („זיבן גוטע יאָר") צי די רייכע באַשע גיטל („די תּאווה צו קליידער"), צי גאָר סאַטיע דער פישער („ניסים אויפן ים"). אַלע מוזן זיי ברענגען די „דריי מתּנות" פון הויכער גייסטיקער געלייטערטקייט, וואָס גיט זייער עקזיסטענץ אַלס יחידים אַ לעבנס־באַרעכטיקונג. וואָרעם דאָס אַריינקומען אין גן־עדן איז דאָך נישט מער, ווי אַן אַטעסטאַט געגעבן דעם דורכגע־מאַכטן לעבנסוועג, אַ הסכּמה פאַר זיין (דעם לעבנס) באַרעכטיקונג.

אַזוי אין „חסידיש" און אַזוי אין די „פאָלקסטימליכע געשיכטן" גייט עס פּרצן אָנצווייזן אויף די גרויסע עטישע ווערטן, וואָס זענען באַהאַלטן אין פאָלק און וואָס פירן עס ווי דאָס מיידל פון געטאָ („דריי מתּנות") ווי סאַטיע דעם פישער, צו הויכער גבורה.

„חסידיש" און די „פאָלקסטימליכע געשיכטן" געהערן דעם ראָמאַנ־טישן פלאַך (פּרצס שאַפן דאַרף נישט איינגעטיילט ווערן אין תּקופות, נאָר אין פלאַכן) פון פּרצס שאַפן. ער גרייכט צו דער יידישער פאָלקס־פאַנטאַ־זיע, צו איר רייכער גאַמע. ער באַנוצט זיך אָבער נישט, ווי ביי די אומות העולם, בלויז מיט דער אָרנאַמענטיק פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, מיט איר פילפאַרביקייט, מיט דער מוזיקאַלישקייט פון אירע פאָלקסלידער און דער־ציילונגען. פּרץ איז נישט קיין פלאַסטיקער, ער צייכנט נישט, ער זינגט נישט אַפילו (אין די אויבן דערמאָנטע ווערק), ער דערציילט, ער מאָנאָ־לאָגיזירט הויפּטזאַכלעך.. ער באַאַרבעט נישט קיין פאָלקס־מאָטיוון, קיין טעמעס פון יידישן לעבן צי פון דער יידישער פאָלקסשאַפונג. ער איז נישט קיין כּלי־שני פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע. ער אַליין איז איר שעפער, ער שענקט צוריק דעם פאָלק די פאַנטאַזיע, וועלכע דאָס פאָלק האָט, אָדער האָלט ביים פאַרלירן.

דער מוסר־השכל, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די שאַפונגען פון דער צייט פון ראָמאַנטיזם, באַזירט אויף פאָלקס־מאָטיוון — איז ביי פּרצן דער גלויבן אין דער אַבסאָלוטער מאָראַל. נו, אדרבה פּרוביר נישט אַרויסצוצי̇ען דעם ריכטיקן מוסר־השכל, וועסטו אומצאָליקע מאָל מגולגל ווערן און צו דער אַבסאָלוטער גערעכטיקייט וועסטו סוף־כּל־סוף דערגיין.

פּרצס שאַפונגען און דער עיקר „חסידיש" און די „פאָלקסטימליכע געשיכטן" געהערן צו דער קאַטעגאָריע, צו דער עפּאָכע (אין דער וועלט־ליטעראַטור בכלל) ווען דאָס „ערהאַבענהייטס געפיל" האָט זיך אויך פאַר־רעכנט צו די שיינהייטס־געפילן; ווען נישט די קונסט און נישט די פילאָ־סאָפיע זענען נאָך נישט געהאַט אַוועק אויף וועגן פון פאָרמעלע זוכונגען.



פּרץ האָט אין „חסידיש" און אין די „פאָלקסטימילכע געשיכטן" אַ חוץ דאָס הויך־עטישע געזוכט דאָס יום־טובדיקע. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס גייסטיקע רחבות און עשירות. קיינער פון די יידישע שריי־בער איז נישט געווען אַזוי באַהאַוונט אין חסידות, קיינער האָט אַזוי נישט באַהערשט דעם אופן פון טראַכטן, דעם סגנון זיינעם ווי י. ל. פּרץ. און קיינער פון אונדזערע שרייבער איז נישט געווען אַזוי פאַרהאַסט פון דעם רוטינירטן, קלאַגנאַרטיקן און פאַרצדיקיזירטן חסידישן קלאַס ווי פּרץ. זיי האָבן זיך בפועל־ממש, טאַקע צוליב זיין „חסידיש" און „פאָלקסטימליכע געשיכטן", געפילט דורך פּרצן באַדראָט. זיי האָבן באַשיינפּערלעך געזען ווי ער וויל פון זיי אַרויסרייסן זייער אַמאָליקע שיינקייט, זייער שימער, זייער שאַרפקייט, זייערע עטישע מאָטיוון, זייער גייסטיקן פּאַטאָס און וויל מיט דעם באַשענקען, באַרייכערן זיין וועלטלעך יידישקייט.



פּרץ געהערט לויטן אופן פון זיינע קינסטלערישע פאַרפּיקסירונגען, דער עיקר דעם סימבאָליזם. ער האָט זיין קונסט איינגעפּאַסט נישט אין די ראַמען פון רוים נאָר פון צייט. היינט צו טאָג, אַז מיר רעדן וועגן קונסט, רעדן מיר וועגן פלאַכן. אַ קינסטלער איז דער, וואָס שאַפט אַ נייע פלאַך אין דערווירקלעכקייט (אין דער קינסטלערישער). אַמאָל, אין דעם אַמאָל צו וועלכן עס געהערט אויך פּרץ, איז קונסט געווען דאָס וואָס האָט איבער־

געגעבן דאָס קאָסמישע געפיל — און נישט דאָס בילד איז געשטאַנען אין צענטער, נאָר דער מענטש און נישט די געאָמעטרישע סודות פון זיין פנים, נאָר די אַלגעבראַישע.

פרץ האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז נישט ליטעראַטור און נישט מאָלעריי זענען נישט דער ענדציל פון קונסט. די אופנים פון קינסטלערישער פאַר־ווירקלעכונג זענען די שטאַמביימער אויף וועלכע ס'דאַרפן אויסוואַקסן די פרוכטן פון אַ הויכער קינסטלערישער קולטור. די הויכע קינסטלערישע קולטור, דאָס איז די געלייטערטע אַטמאָספער, ווו פאָרמען לייזן זיך אויף. וואָס געלייטערטער די קינסטלערישע אַטמאָספער איז, אַלץ מער ווערן קינסטלערישע פאָרמען אויפגעלייזט. וואָס מער אויפגעלייזטע קינסטלערי־שע פאָרמען, אַלץ געלייטערטער די אַטמאָספער. פרצס בענקשאַפט צו קינסטלערישע פאָרמען, די שפע פון זיי ביי פרצן, דאָס איז די גרויסע בענקשאַפט זיינע, זיין שטרעבן אַרויסצופירן די וועלט פון איר תוהו־ובוהו.

י. ל. פרץ האָט געשאַפן אַרום זיך און דער עיקר אַרום זיינע ווערק אַן אַטמאָספער. אויף וויפל זי האָט זיך געדעקט מיט זיינע אידעאַלן וועגן אַ געלייטערטער אַטמאָספער איז שווער צו זאָגן. אָבער איינס איז זיכער: אַן „חסידיש" און אַן די „פאָלקסטימליכע געשיכטן" וואָלט ער די אַטמאָס־פער נישט געשאַפן. זיי האָבן אַנטדעקט דעם סוד, אַז קונסט איז „אַ גילגול פון אַ ניגון".

ווען מ'רעדט וועגן פרצן דאַרף מען אייגנטלעך נישט צו אָפט באַנוצן דאָס וואָרט קונסט. דאָס היינטיקע פאַרשטיין פון קונסט גיט נישט אַדעקוואַט אָפּ די קינסטלערישע אינטענץ פון י. ל. פרץ. פרצס הבנה, פרצס אינטויִציע אין קונסט, שטייגט ווייט איבער דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק און וויכטיק צו פאַרווירקלעכן. ער פלעגט אָפט מאָל איבערהיפּערן דעם חומר פון קונסט און דערגרייכן די פּעריפעריע פון לויטערער בשמה.



פרץ איז געווען דער גרויסער זוכער און משמעות שוין, אַז די מדרגה פון אַ זוכער איז העכער פון דער מדרגה פון דעם, וואָס געפינט. קיין שום יידישער שרייבער האָט אַזוי נישט רעוואָלוציאָניזירט דעם לייענער זיינעם, ווי פרץ. דאָך וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז פרץ האָט נישט גע־שטרעבט צום רויִקן, צום אָלימפּישן, פאַרקערט, „חסידיש" און „פאָלקסטימ־ליכע געשיכטן", וואָס פלעגן פון צייט צו צייט אַנטשטיין, זענען געווען ווי

אינדזלען, די אָלימפּישע בערג, ווו ער פלעגט זיין רו געפינען. ער איז גע־
ווען אַזוי זיכער אין דער אייביקער ווערט זייערער, פּונקט ווי סאַטיע דער
פישער איז זיכער געווען, אַז עס וועט אים, טראָץ דעם שטורעם, געלינגען
צו פאַנגען אַ פיש לכבוד ערב יום־הקודש, אַז די „דריי חופּות" וועלן זיין
גערעכטע און ווי אַ גוטער שווימער, וואָס רוט אָפּ נאָר דעמאָלט, ווען דער
ים איז שטורמיש, אַזוי האָט פּרץ אין דער שטורמישער צייט פון סאָציאַלע
קאַמפן גערוט אויף דעם פאָלקס מאָראַל, וועלכן ער האָט פאַרקערפּערט אין
„חסידיש" און אין די „פאָלקסטימליכע געשיכטן".



אין זיין סאָציאַלן וועלטבאַנעם איז פּרץ, טראָץ זיין געלערנטקייט, זיין
טעאָרעטיש באַהאַוונטקייט, זיין צייטווײַליקן אָנשפּאַרן זיך אין פּאָליטישע
פּאַרטייען, דאָך פאַרבליבן אַן אוטאָפּיסט, פּונקט אַזוי איז ער אין זיין קינסט־
לערישן מהות, טראָץ דער צוגעהעריקייט צו דער סימבאָליסטישער שול, דאָך
פאַרבליבן אַ ראָמאַנטיקער. די לעגענדע, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום פּרצן,
נעמט זיך פון זיין פילפּלאָכיקייט, פון דער פאַרשידנאַרטיקייט פון זיין קינסט־
לערישער פּערזענלעכקייט. ווי זאָגט דאָס אַ העלד אין פּרצס „חסידיש":
„וואָס פאַר אַ וועלט וואָלט זיך געפירט? אַלץ על־פּי דין... שטענדיק גלייך
ווי אַ ווירע?" די לעגענדע „פּרץ", דאָס איז אונדזער פאַנטאַזיע וועגן אים.
און פאַנטאַזיע איז אַ דורכשניט און אַ באַהויפּטונג פון פאַרשידענע ווירק־
לעכקייטס־עלעמענטן, וואָס מער ווירקלעכקייטס־עלעמענטן אַלץ רייכער
די פאַנטאַזיע.

ווען מ'רעדט וועגן לעגענדע, דאַרף מען זיך תּיכּף באַוואָרענען קעגן
דעם כּסדרדיקן אַסאָציאירן דעם באַגריף לעגענדע מיטן באַגריף פאָלק,
אָדער פאָלקסמאַסע. די לעגענדע „פּרץ" האָט אָנגעשפּאַרט נישט נאָר אין
דעם אַזוי גערופענעם פאָלק, נאָר אויך אין דער ביסלעכווייז צוריקגייענדיקער
צו אונדז יידישער אינטעליגענץ.

ווי כ'האָב שוין אויבן באַמערקט איז פּרץ געווען ווייט פון „לודאָמאַניע".
די „לודאָמאַניע" האָט אָבער אָנהענגער ביזן היינטיקן טאָג ביי אַ סך אַנ־
דערע פּראָפעסיאָנעלע און נישט־פּראָפעסיאָנעלע קריטיקער. אַלע דורכ־
פאַלן, אַלע שוואַכע פּאָזיציעס אין אונדזער קולטור־שאַפונג פאַרטייטשט
מען דערמיט, באַרעכטיקט מען מיט דעם, אַז מ'האָט געמוזט אַראָפּנידערן
צו די פאָלקסמאַסן, אַריינבררענגען אין זייער לעבן אַ ביסל יום־טובדיקייט.

מיט אַלעם דעם האָט מען קודם־כּל געמוזט מזכּה זיין דעם פֿאָלקסמענטש, וועלכער האָט דאָך נישט געקענט פֿאַרדייען עפּעס בעסערס, ראַפֿינירטערס. מ׳איז גרייט אַפֿילו צו זען, אַז פּרץ האָט מיט זיין שאַפֿונג אויך נאָר נאָכגע־פֿאָלגט דער דאָזיקער טענדענץ, אַרויסצוהויבן דאָס פֿאָלק, די פֿאָלקסמאַסן פֿון זייער וואָכעדיקייט.

מיר דאַרפֿן נישט פֿאַרגעסן, אַז דער יידישער פֿאָלקסמענטש איז גאָר נישט דער זעלבער, וואָס אַ פֿאָלקסמענטש ביי אַנדערע פֿעלקער. בכלל האָט דער יידישער פֿאָלקסמענטש אינטעלעקטועל אין גאַנצן אַנדערש אויס־געזען ווי דער נישט־יידישער. דאָס איז אויך געווען די סיבה וואָס ביז היינט זענען נישטאָ ביי יידן די שאַרפֿע אָפּגרענעצונגען צווישן שיכטן לויט זייער אינטעלעקטועלער הויך, ווי דאָס געשעט ביי נישט־יידן. דאָס אַלץ איז עלול געווען צו קענען די יידישע פֿאָלקסמאַסע אויפֿהייבן צו זיך און נישט כּסדר צו איר אַראָפּנידערן. דאָס האָט אויך געוואָלט י. ל. פּרץ. אַזוי האָט ער פֿאַר־שטאַנען זיין אויפֿגאַבע, זיין שליחות צום פֿאָלק. אָבער פּרץ האָט בפירוש אויך געוואָלט האָבן אין זיין קרייז דעם אינטעליגענט, דעם יידישן. ער האָט זיך צו אים געריסן. פּרץ איז געווען דער איינציקער צווישן אונדזערע גרויסע שרייבער, וואָס וואָלט זיך, ווען נישט דער אויסברוך פֿון דער ער־שטער וועלט־מלחמה, ווען נישט זיין פּריצייטיקער און פּלוצלינגדיקער טויט, דורכגעשלאָגן אַ ברייטן וועג צו דער אינטעליגענץ.

די יאָרן 1918־1939 זענען יאָרן פֿון אַ געוואַלטיקער דעזאָריענטאַציע אין יידישן גייסטיקן און מאַטעריעלן לעבן, ווי אין לעבן, סיי מאַטעריעלן, סיי גייסטיקן, פֿון אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט. לויט טייל איז אין די יאָרן פֿאָרגעקומען אַן איבערוווערטונג פֿון אַלע ווערטן. אָבער ווי מיר זעען איז ביי געוויסע פֿעלקער נישט געקומען קיין איבערוווערטונג נאָר אַן אַנט־ווערטונג פֿון אַלע ביז איצטיקע ווערטן.

די דאָזיקע דעזאָריענטאַציע אין וועלכער די יידן האָבן פֿאַרלוירן יעדע קאָנטראָל איבער זייער געשיכטלעכן וועג, האָט געקאָסט די יידן זעקס מיט אַ האַלבן מיליאָן קרבנות און דערונטער דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום.

וואָס פֿאַר אַן אָרט דאַרף פּרץ פֿאַרנעמען אין אונדזער אָריענטאַציע אויף להבא? דאָס גייט ווייט אַרויס פֿון דער טעמע פֿון דער דאָזיקער אַרבעט מיינער.

# חיים נחמן ביאַליק
## „יש לי גן"

ס'איז נישט פֿאַראַן כּמעט אין דער גאַנצער, גרויסער, אייראָפּעיִשער ליטעראַטור — נישט ביי די ראָמאַנטיקער און אַוודאי נישט ביי די קלאַסי־קער — נאָך אַ דיכטער, וואָס זאָל זיין אַזוי פֿריי פֿון אויסערלעכע השפּעות, פֿריי פֿון איינפֿלוסן פֿון אַנדערע, פֿרעמדע ליטעראַטורן און שעפֿער, ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל מיט חיים נחמן ביאַליק.

אונדזערע גרויסע יידישע שרייבער, וואָס האָבן אָנגעהויבן שרייבן העברעיִש און איבערגעגאַנגען אויף יידיש — האָבן אין זייער קאַמף פֿאַר דער סעקולאַריזאַציע, פֿאַרן פֿאַרוועלטלעכן די יידישע ליטעראַטור, נאָר אין פֿלוג דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג, וואָס אַנדערע שרייבער, גרונטלייגער פֿון דער וועלט־ליטעראַטור. זיי, די שעפֿער פֿון אַנדערע נאַציאָנאַלע ליטע־ראַטורן, האָבן — קעמפֿנדיק פֿאַר דער סעקולאַריזאַציע, פֿאַר דער פֿאַר־וועלטלעכונג פֿון זייערע ליטעראַטורן — אָפּגעוואָרפֿן די קאַנאָניזירטע, די קירכלעכע, לאַטיינישע שפּראַך און איבערגעגאַנגען אויף דער אייגענער, אויף דער נאַציאָנאַלער, אויף דער פֿאָלקסשפּראַך.

די שעפֿער פֿון דער יידישער ליטעראַטור האָבן זיך אין זייער איבער־גיין פֿון העברעיִש צו יידיש געפֿונען גאָר אין אַן אַנדערער לאַגע. וואָרעם — סיי יידיש און סיי העברעיִש זענען דאָך געווען און פֿאַרבליבן זייערע אייגענע שפּראַכן, די שפּראַכן פֿון זייער פֿאָלק. דעם קאַמף צווישן העברעיִש און יידיש האָט יעדער פֿון די שעפֿער פֿון דער יידישער ליטעראַטור גע־פֿירט קודם־כּל און דער עיקר — מיט זיך גופֿא.

גאָר באַזונדער איז געווען דער וועג פֿון ח. נ. ביאַליק. קעמפֿנדיק פֿאַר דער סעקולאַריזאַציע פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור, האָט ער געפֿירט אַ קאַמף מיט דער דעמאָלט קאַנאָניזירטער העברעיִשער שפּראַך, מיט איר איבערגעלאָדנקייט, מיט איר באַראָק — אינערהאַלב דער העברעיִשער שפּראַך גופֿא. ער האָט די העברעיִשע שפּראַך געמאַכט וועלטלעך און פּשוט — יידיש.

און נאָך עפּעס. טאָקע דערפֿאַר, וואָס ער האָט געפֿירט אַ קאַמף מיט דער העברעיִשער שפּראַך גופֿא, איז דאָס געווען אויסשליסלעך אַ קאַמף פֿון אַ קינסטלער פֿאַר דער פֿולקאָמענהייט פֿון זיין אינסטרומענט. מצמצם זייענדיק די שפּראַך זיינע, האָט ביאַליק צוגעגרייט פֿאַר זיך דעם אופֿן און די מעגלעכקייט פֿון טרעפֿן אין פּינטל, אין פּינטל פֿון דער יידישער פֿאָלקס־נשמה, וואָס האָט, ווי יעדע פֿאָלקס־נשמה, ליב פּשטות. אַזוי אַרום האָט ביאַליק געמאַכט די ערשטע טריט אויפֿן וועג, וואָס האָט אים געפֿירט אויף דער הייך פֿון אַ נאַציאָנאַלן דיכטער.



דעם שלמה המלך־וועג האָט ביאַליק אויך דורכגעמאַכט אין אַ פֿאַר־קערטער ריכטונג, פֿון קהלת צו שיר־השירים.

ער האָט זיך אָבער לאַנג נישט געלאָזט באַהערשן פֿון יאוש. מיט זיינע, כּמעט ערשטע, רייפֿע טריט שטעלט ער זיך שוין קעגן. ער וואַרפֿט אָפּ, ער איז פֿול מיט פּראָטעסט און ווידערשפּעניקייט.

דאָס איז אויך אַ סיבה פֿאַר וואָס ביאַליק איז געווען פֿריי פֿון פֿרעמדע השפּעות. ער איז געווען צו פֿיל פֿאַרטאָן, צו פֿיל פֿאַרנומען מיטן אָפּוואַרפֿן, מיט פּראָטעסט, מיט נעגאַציע, ער זאָל איינצייטיק זיין מוכשר, זיין גרייט זיך אונטערצושטעלן, אויפֿנעמען און זיך צוצייגענען פֿרעמדע השפּעות. דערויף איז ביאַליק געווען אַ צו שלימותדיקע דערשיינונג.

וואָרעם — אויב ביאַליק פֿלעגט זיין פֿון עפּעס פֿאַרנומען, באַהערשט פֿון אַ געוויסער אידייע, איז ער עס געווען אין גאַנצן, בלב ונפש, איז דעמאָלט קיין אָרט נישט געווען ביי אים אויף עפּעס אַנדערש.

ווען עס רעדט זיך וועגן ביאַליקס פֿרייקייט פֿון פֿרעמדע השפּעות, רעדט זיך עס נאָר בנוגע דעם סוזשעט, בנוגע דער פֿאַבולע, טעמאַטיק, וואָס די קלאַסיקער און ראָמאַנטיקער פֿלעגן אַזוי גערן אויסבאָרגן איינערביים צווייטן, אָבער עס רעדט זיך בכלל נישט וועגן דער אינערלעכער שטעלונג פֿון דעם דיכטער צו דער וועלט, צו זיין יידישער וועלט, צו זיין פֿאָלק.

איין מאָל איז אויך אין דעם פּרט ביאַליק געווען אַ יוצא מן הכּלל, ווען ער האָט זיך אין דער „שחיטה־שטאָט", שמייסנדיק מיט כּעס און גרימ־צאָרן, געוואָרפֿן נישט אויף די מערדער, נאָר אויף די געמאָרדעטע, אויף די געמאָרדעטע פֿון זיין אייגן פֿאָלק.

טייל קריטיקער נעמען נאָך עד־היום דאָס ביאַליקן פּאַראיבל. אָבער דאָס פאָלק האָט עס דווקא גוט און קלוג אויפגענומען.

ביאַליק האָט קיינעם נישט געזען אַ חוץ זיין פאָלק. ס'איז פאַראַן עפּעס אַזעלכעס וואָס רופט זיך: פאָלקס־אינדיווידואַליזם. די נשמה פון פאָלק איז פאַר ביאַליקן געווען אָפן און ער האָט זייער לייכט געהאַט צו איר אַ צו־טריט. ווי אַזוי דאָס איז ביי ביאַליקן געשען, איז געבליבן זיין סוד. דאָס איז דער סוד פון יעדן גרויסן קינסטלער.

ביאַליק האָט סיי די ברכה, סיי די קללה געוואָרפן אויפן קאָפּ פון זיין פאָלק. דער הר־גריזים און דער הר־עיבל זענען אים געשטאַנען אויף די גאַסן פון קישיניעוו, פון אָדעס, צי פון ביאַליסטאָק — און ווי אַ נביא האָט ער פון זיי ביידע זיין וואָרט געשליידערט.

דעמאָלט האָט ביאַליק זיך שוין געפונען אויף דער העכערער העלפט פון דעם באַרג־שיפּוע, אויף וועלכן נאָר נאַציאָנאַלע דיכטער קאָנען שטיין.



אויב איר ווילט אָבער דווקא ביאַליקן צו עמעצן פאַרגלייכן, קאָן מען אַ ווייטע אַנאַלאָגיע יאָ געפינען. דאָס איז: לאָרד בייראָן.

מיר מיינען נישט דערמיט צו זאָגן, אַז ביאַליק איז געווען אַ ביירא־ניסט, אַז ביאַליק האָט ביירא־ניזירט, אַז ער האָט זיך געפונען אונטער ביירא־נס השפּעה. ווי געזאָגט איז ביאַליק געווען פריי פון יעדער אויסערלע־כער השפּעה, אַ חוץ דער השפּעה פון זיין וועלט. אָבער געוויסע אָפּשניטן פון שאַפונגסוועג, געוויסע שאַפונגס־פּראָצעסן, טראָגן ביי זיי ביידע סימנים פון ענלעכקייט. מען קאָן אפשר פון אַן אַנאַלאָגיע דאָ נישט רעדן, אָבער זיי פירן אַרויף אויף געוויסע אַסאָציאַציעס.

ס'זענען פאַראַן ביי די ביידע דיכטער געוויסע אויסגאַנג־פונקטן, וואָס טראָגן אין זיך סימנים פון ענלעכקייט, כאָטש אין זייער ווייטערדיקן פאַר־לויף גייען זיי זיך אין גאַנצן פונאַנדער, זענען זיך גאָר אַנטקעגנגעזעצט.

ביירא־נס אינדיווידואַליזם האָט אים געפירט און געשטעלט אין אַ שווערן געראַנגל מיט דער געזעלשאַפט, מיט די אַדעליקע, מיט די דעמאָלטיקע רעפּרעזענטאַנטן פון זיין פאָלק. זיין שלמה המלך־וועג מאַכט ער אויך דורך פון קהלת צו שיר־השירים. ער פאַרשעלט אויך „די נחלה אין וועלכער אַזעלכע קערנער ווערן פאַרלוירן אין איר". ער פאַרלאָזט זיין לאַנד. דורך „קין", דורך דעם „ים־פּיראַט", דורך די „וואַנדערונגען פון „טשיילד־

העראָלד״,קומט ער צו דעם שיר־השירים, צו דער קרוין פון זיין שאפונג, צו זיין אָנטייל אין קאַמף פאַר גריכנלאַנדס באַפרייונג. אָבער בייראָנען האָט זיין אינדיווידואַליזם דערווייטערט פון זיין פאָלק, ווייל דאָס איז געווען דורכויס אַ פערזענלעכער, ווען ביאַליקן האָט דער אינדיווידואַליזם דער־נענטערט צום פאָלק, ווייל דאָס איז געווען אַ פאָלקס־אינדיווידואַליזם.

דורך „הרהורי לילה״, דורך „המתמיד״, דורך דער „שחיטה־שטאָט״ איז ביאַליק דערגאַנגען צו זיין שיר־השירים, צו דער באַהעפטונג פון שפּראַך מיט פאָלק, פון וואָרט מיט ערד, פון שפּאַדל מיט בוך, פון נשמה מיט גוף, פון ליטעראַטור מיט קולטור.

ביאַליק איז געווען גליקלעכער פון בייראָנען. ביאַליק איז דערגאַנגען צו זיין פאָלק. זיין טאַלאַנט, זיין געטלעכער פונק האָט אים באַלד, כּמעט אין דער ערשטער שעה פון זיין געבוירן אַלס דיכטער — געבראַכט צום פאָלק. אין דער צייט ווען בייראָן איז פון זיין פאָלק אַוועק און געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון אַ פרעמד לאַנד, פון אַ פרעמד פאָלק. זיין מעכטיקער טאַלאַנט, פאַרקערט, האָט אים באַלד אין דער ערשטער שעה פון זיין גע־בוירן אַלס דיכטער, געפירט צו קאָנפליקט מיט זיין פאָלק. אָבער איינציייטיק איז ביאַליק געוואָרן אומגליקלעכער, ווייל ווען ער האָט דערפילט באַדן, ווען ער האָט פאַרשטאַנען און געפילט, אַז ס׳איז געקומען די צייט פון שאַפן פאַר דער העברעיִשער וועלטלעכער קולטור אַ געזונטע, אַ דורות־אַלטע, טראַדיציאָנעלע באַזע, האָט ער צונויפקלייבנדיק דאָס אַלץ — זיך פון זיין אייגענער פעדער אָפּגעזאָגט.

און די מתנה זיינע איז געווען די לעצטע, וואָס האָט אים דערלויבט צו מאַכן דעם ענדגילטיקן טריט אין היכל פון נאַציאָנאַלע דיכטער.



בכדי צו ווערן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער איז ווייניק אָפּגעבן, אָפּפערן, שענקען דעם טאַלאַנט און אַלע געפילן דעם פאָלק. דער עיקר איז, אַז דאָס פאָלק זאָל אים פאַר אַ נאַציאָנאַלן דיכטער אויפנעמען, קרוינען.

אין דעם זין האָט יעדעס פאָלק נאָר איין נאַציאָנאַלן דיכטער. נאָר איי־נעם און איין מאָל קרוינט דאָס פאָלק זיין דיכטער. כאָטש יעדעס פאָלק קאָן האָבן אַ סך דיכטער, וואָס דינען דירעקט דער נאַציע.

ווו ליגט דער סוד, וואָס ביאַליק איז אַזוי לייכט און אַזוי גיך פאַר אַ נאַציאָנאַלן דיכטער אויפגענומען און געקרוינט געוואָרן ?

דער דיכטערישער גורל האָט ביאַליקן גליקלעך אַוועקגעשטעלט ביים סאַמע קוואַל, ביי וועלכן דאָס פאָלק איז אַ דורשטיקס געשטאַנען. דער דיכ־טערישער גורל האָט ביאַליקן באַשאָנקען מיט אַן אויער, וואָס האָט אים גע־מאַכט הערן די איידלסטע און דינסטע וויבראַציעס פון דער שטים פון די נביאים. אָנשלאָגנדיק אין נביאישן טאָן האָט ביאַליק קיין איין רגע נישט געפעלשט, ער האָט געגומען נישט אויף איין אָקטאַווע צו הויך און נישט אויף איינע צו נידעריק. ביאַליק האָט אַרויסגעפילט דעם אַלטן אָטעם פון המשך און האָט זיין אָטעם מיט אים באַהאָפטן.

*

ביאַליק האָט מיט העברעיִש געפירט אַ פונקט פאַרקערטן קאַמף, ווי אַנדערע יידישע קלאַסיקער אין יידיש. ביאַליק האָט געקעמפט מיט דער פאַרשווענדערישער רייכקייט פון העברעיִש, בשעת אונדזערע יידישע קלאַ־סיקער האָבן געפירט דעם קאַמף מיט דער אָרעמקייט פון יידיש (די אַלוזיע דערצו איז „מאָניש״). זיי, די יידישע שרייבער, האָבן די יידישע שפּראַך אויסגעברייטערט, פונאַנדערגעוויקלט, ווען ביאַליק האָט זיין העברעיִש מצמצם געווען. ווען ביאַליק וואָלט געשריבן יידיש, וואָלט זיין דיכטערישע ירושה געווען אומפאַרגלייכלעך גרעסער. דער עול פון צמצום האָט אים גע־עמט, זיבן יאָר האָט ער געשריבן דעם „המתמיד״. ביאַליק איז אין זיין ירושה נישט רייך, ער איז אָבער שיין. ער האָט אין זיך די רחבות פון אַ קוואַל, וואָס ער האָט נישט אויסגעשעפּט. אפשר האָט ער זיך דאָס פּשוט נישט פאַרגונען.

ביאַליק איז געווען אַ רעאַליסט. דאָס איז אָבער נישט מער ווי אַן אויבן־אויפיקע פעסטשטעלונג. בכלל איז נישטאָ קיין רעאַליזם. אַלע שאַ־פונגען זענען ראָמאַנטיזם. דער חילוק איז נאָר, וואָס דער רעאַליזם איז דער ראָמאַנטיזם פון היינט, בשעת דער ראָמאַנטיזם איז דער רעאַליזם פון נעכטן. ביאַליק איז געווען אַזאַ מין רעאַליסט, אַ ראָמאַנטיקער פון היינט.

פון ביאַליקס שעפערישן קוואַל האָט געשטראָמט סיי העברעיִש, סיי יידיש. כמעט זיין גאַנצע שאַפונג איז געווען פאַרבונדן מיט גלות. זיין בלייבן ביי העברעיִש האָט אויך געהאַט אין זיך עפּעס נביאישדיקס, ער האָט אָפּנים פאָרויסגעפילט די ראַל, וואָס העברעיש וועט נאָך אויסקומען צו שפּילן.

ס׳זענען פאַראַן גרויסע קינסטלער וואָס מיט עטלעכע טענער קויפן זיי זיך אומשטערבלעכקייט (נעמט למשל גריגן). ביאַליק געהערט אויך צו דער וווּנדערבאַרער ראַסע קאַרגע קינסטלער.

„יש לי גן". איך וואָלט דאָס איבערגעזעצט אין יידיש: כ׳האָב אַ ברויט, כ׳האָב אַ מעסער. דער יידישער נאַציאָנאַלער געדאַנק, דער יידישער גייסט, וואָס האָט געשוועבט אין מיסטיציזם, האָט אַ דאַנק ביאַליקן באַקומען די בחינה פון רעאַליטעט. ער האָט אונדז יידישן גייסט דערלאַנגט, ווי מען דער־לאַנגט אַ לאַבן ברויט. דער דיכטער מאַכט פון אַן עדה אַ פאָלק נישט וויִנ־ציקער, ווי די ערד, אויף וועלכער דאָס פאָלק ווערט אַלט־באַזעסן. אָן אַ נאַציאָנאַלן דיכטער איז נישטאָ קיין פאָלק.

איך געדענקט אַוודאי די פּרעכטיקע אויסגאַבע פון ביאַליקן אין איין באַנד. ער האָט אפשר מער ווי איין באַנד נישט געוואָלט האָבן. ס׳זאָל זיין ווי אַ סידורל, ס׳זאָל זיין ווי אַ גמרא, וואָס קינדער און בחורים טראָגן זיי אונטערן אָרעם אומעטום, ווו זיי גייען. אפשר האָט ער דאָס גאָרנישט גע־וואָלט. אפשר האָט ער דאָס בלויז פאָרויסגעזאָגט.

„קיום"

# דער לעצטער
# פון די ל״ו בונטאַרן... זלמן שניאור
### (במקום אַ נר־תמיד)

נישט דער לעצטער פון די ל״ו צדיקים, נאָר דער לעצטער פון די ל״ו בונטאַרן איז ער געווען, זלמן שניאור. ער האָט נישט געהאַלטן פון דער לעגענדע, אַז די וועלט שטייט אין זכות פון ל״ו צדיקים, נאָר אין זכות פון ל״ו בונטאַרן. אויף זיי שטייט די וועלט. די וועלט פון יושר און גערעכ־טיקייט־זוכער. אָבער דער עיקר שטייט אויף זיי די וועלט פון קונסט. דער אמתער קינסטלער איז דער, וואָס זאָגט: ניין! נאָך נישט דאָס איז עס! נישט די וועלט, וועלכע מ׳האָט געגעבן אַ פאַרטיקע, איז זיין וועלט. נאָר די, וועלכע ער אַליין וויל באַשאַפן פון דאָס ניי. אויב נישט אין גאַנצן באַ־שאַפן פון דאָס ניי איז על כל פנים אויסבעסערן, פאַרפולקאָמען.

נישט מיט די, וואָס זענען געשטאַנען אויפן הר־גריזים און געזאָגט: ברוך, דאַרף זיין דער קינסטלער, נאָר מיט די, וואָס זענען געשטאַנען אויפן הר־עיבל און געזאָגט: אָרור — מיט זיי דאַרף זיין דער קינסטלער. נישט אַרויסצוהייבן דאָס גוטע, וואָס איז דאָך במילא גוט, נאָר צו פאַרדאַמען דאָס שלעכטע, דאָס איז די אויפגאַבע פון קינסטלער. אויב אַ קינסטלער האָט בכלל אויפגאַבן, צי שליחותן.

אַזוי האָט געהאַלטן זלמן שניאור. דערפאַר האָט ער אַזוי ליב געהאַט ביאַליקן. ער האָט אים ליב געהאַט פאַר זיין „שחיטה־שטאָט״, פאַר זיין „מתי מדבר״. ער האָט ליב געהאַט ביאַליקן דעם בונטאַר, דעם ווידערשפע־ניקער. און דערפאַר האָט ער אַזוי פיינט געהאַט אַשן. נישט קיין ריין פער־זענלעכע שׂנאה איז דאָס געווען, ווי טייל מיינען. ער האָט פיינט געהאַט אַשן, פאַר דער הכנעהדיקייט פון זיינע העלדן, פאַר זייער כּסדר בוקן זיך, וואָס האָט אַשן סוף־כּל־סוף דערפירט פון זיין „תהילים ייד״ צו די יעזוס־ראָמאַנען.

זלמן שניאור, ווי אַ קינסטלער פון אַ גרויסער מדרגה, איז געבוירן געוואָרן צו שטרייטן נאָר מיט גאָט און מיט מלאכים, און ער האָט אויך

געשטריטן מיט מענטשן. דאָ איז געלעגן זיין שוואַכקייט און זיין שטרויכ־לונג. אָבער ער איז געווען אַ נוקם ונוטר דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַלטן, און מיט רעכט, אַז אַ קינסטלער איז בבחינת תּלמיד־חכם, און די גמרא זאָגט (יומא, כ״ג) ״כל תלמיד חכם שאינו נוקם ונוטר כנחש אינו תלמיד חכם״ (יעדער תלמיד־חכם, וואָס איז נישט נוקם ונוטר ווי אַ שלאַנג, איז נישט קיין תלמיד־חכם), ווייל א תלמיד־חכם איז זיך נוקם פאַר דעם כבוד פון דער תּורה.

ווער ס׳ווייסט עפּעס פון זלמן שניאורס אופן פון שרייבן, פון זיין מי און מאַטער, ווי אַזוי ער האָט זיין יעדע שוין פאַרטיקע זאַך נאָך אַ מאָל איבערגעשריבן, איבערגעמאַכט, ווידער געשליפן, דער וועט פאַרשטיין זיין באַרעכטיקטן כּעס אויף די אַלע שרייבער, וואָס מאַכן זיך לייכט; דער וועט פאַרשטיין זיין כעס אויף די אַלע, וואָס פאַרפולן די ליטעראַרישע עמודים פון די העברעיִשע צייטונגען (און לאָמיר צוגעבן — אויך יידישע), וואָס ווערן אַרויסגעגעבן פון פאַרטייען און פאַרטייעלעך, וואָס יעדער פון זיי האָט זיך זיינע הויפזינגערס.

זלמן שניאור איז געווען קעניגלעך שטאָלץ. און ער האָט געהאַט מיט וואָס צו זיין שטאָלץ. ער האָט פאַרמאָגט אַ מעכטיקן שרייבערישן טאַלאַנט און וווּנדערבאַרע צוויי כּלים פאַר נגינה: יידיש און עברית. מען קאָן ביי שניאורן דרייסט טראַנספּאָזירן די אימרא פון תּלמוד: „זכור ושמור בדבור אחד נאמרו״: יידיש און עברית בדבור אחד נאמרו. ביידע שפּראַכן זענען אַרויס פון זיין מויל און פון אונטער זיין פעדער מיט דער זעלבער שלימות־דיקייט, ביידע געבוירן פון איין שעפערישער מחשבה, ביידע באַהויכט מיטן זעלבן שעפערישן אָטעם.

כאָטש ער האָט זיך קיין מאָל נישט באַנוצט מיט נעאָלאָגיזמען איז זיין שפּראַך געווען שטענדיק ניי. ווייל ניי, אין גאַנצן ניי, זענען זיינע שפּראַך־פאַרבינדונגען, (דער עיקר אין עברית). דערפאַר איז יעדע שורה פון זיינע העברעיִשע לידער ניי, כאָטש ער זינגט זיי מיט ווערטער פון וויטן אַמאָל. ער האָט אין זיך פאַראייניקט ביאַליקס יידישקייט מיט טשערניכאָווסקיס וועלטלעכקייט. דערפאַר רוען זיינע ביינער נעבן די קברים פון ביאַליק און טשערניכאָווסקי.

✶

זלמן שניאור איז געבוירן געוואָרן אין שקלאָוו, וואָס ליגט אויפן טייך דניעפּער. געבוירן געוואָרן אַ געזונטער און אויסגעוואַקסן ווי אַ דעמב. ער

איז געווען באַשאָנקען מיט אַ געוואַלטיקער סענסיביליטעט, מיט אַ שטאַר־קער חושימדיקייט. ער האָט ליב געהאַט די נאַטור און געקענט איר יעדן „קנייטש", ווי אַ ייד אַ לערנער קען יעדן קנייטש פון אַ תוספות־קשיא.

ער איז געווען עקסטרעם אין זיינע שפּירונגען און פילונגען. פיינט גע־האַט תכלית שׂנאה פּשרות. האָט ער ליב — איז עס געווען אַ הייסע ליבע, האָט ער פיינט געהאַט — איז מיט אַלע פיבערן פון זיין געזונטן גוף און נשמה. זיין געזונטקייט און זיין חושימדיקייט האָבן באַווירקט און קרעיִרט זיין וועלטבאַנעם און זיין קינסטלערישן דרך, וועלכער האָט זיך נישט געענ־דיקט אַפילו דעמאָלט, ווען ער איז שוין געווען קראַנק.

זייענדיק אַ מענטש מיט אייראָפּעיִשער בילדונג, מיט שפּראַך־קענטע־נישן; זייענדיק באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור, איז זלמן שניאור אויף קיין איין שפּאַן נישט אָפּגעטראָטן פון רעאַליזם אין זיין פּראָזע. אים האָבן נישט געלאָקט קיין שום מאָדערניזמען, קיין שום ליטעראַרישע צייט־מאָדע. ער האָט זיך פון דעם נישט געלאָזט פאַרפירן. ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז זיין וועג איז דער ריכטיקסטער. ווייל ער איז געווען ערלעך צו זיך און צו זיין שרייבן. ער האָט אַפּנים אַנדערש נישט געקאָנט. ער האָט געוואָלט געבן נאָר דאָס, וואָס איז געווען הונדערט־פּראָצענטיק זיין אייגנס.

אים איז נישט געווען צום האַרץ בערגעלסאָנס אימפּרעסיאָניסטישע תּקופה. אים איז געווען פרעמד לייוויקס סימבאָליזם. אַליין אַ שטרענגער צו זיין שאַפן, האָט אים געאַרט אַסש שפּראַך־נאַכלעסיקייט. און אַז אים האָט עפּעס געאַרט, אויב ער, שניאור, האָט אויף עמעצן פאַראיבל געהאַט, האָט ער געמעגט זיין, וועד דאָס זאָל נישט זיין, איז ער גרייט געווען יענעם עוקר מן השורש צו זיין.

פאַרשטייט זיך, אַז ער איז נישט געווען גערעכט. שוין גאָרנישט גע־רעכט. אָבער אַ קינסטלער מוז נישט דורכויס זיין גערעכט. ער דאַרף זיין עכט. און וואָס שייך עכטקייט איז זלמן שניאור געווען אַבסאָלוט עכט.

זלמן שניאור האָט ליב געהאַט כּוח, פיזישן כּוח. און ער האָט באַזונ־גען דעם כּוח. „נח פּאַנדרע" איז דאָס באַליבטסטע ווערק זיינס. אַליין פון שיינעם, גאָר געהויבענעם ייחוס, אַליין אַ בן־תּורה, אַ שטודירטער, כאָטש נישט קיין אויסשטודירטער, האָט ער ליב געהאַט די פּשוטע יידן, זיינע „שקלאָווער עם־הארצים", „דעם ממזר", „נח פּאַנדרע" און אַנדערע. ער האָט אָבער אויך געקאָנט באַשרייבן דעם ווילנער גאון און די סביבה פון ווילנער גאון, דעם פאַרביטערטן קאַמף, דעם אמתדיקן, דעם קאַמף פאַר אמת צווישן חסידים און מתנגדים (אין זיין „קיסר און רבי"). און מיט וואָס פאַר אַ

קינסטלערישע מיטלען איז דאָס אַלץ באַשריבן. מיט וויפל וויסן און פאַר־שטיין איז עס אויסגעלייגט פאַרן לייענער! ער איז קיין מאָל נישט געגאַנ־גען אויף קיין ליטעראַרישע שטאָלצן. ער האָט קיין מאָל קיינעם נישט געוואָלט אָפּנאַרן. ער האָט נישט געמאַכט קיין „וואָלקנס״. זיין שרייבן איז קלאָר בתּכלית הקלאָרקייט.

ס׳איז דעריבער נישט אמת, אַז דער יידישער ליטעראַטור האָט זלמן שניאור געשאָנקען זיין גשמיותדיקייט און דער העברעיִשער זיין רוחניות־דיקייט; אַז יידיש איז ביי אים געווען זיין אין דער וואָכן און די העברעיִשע שירה זיין שבת־יום־טוב. ער האָט טאַקע טייל מאָל אין זיין שירה אָנגע־שלאָגן אין נביאישן טאָן, ער איז אין איר דערגאַנגען טייל מאָל ביז נבֿי־אות, אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעם איז זיין העברעיִשע שירה פּונקט אַזוי רעאַליסטיש ווי זיין יידישע פּראָזע. און די גוטסקייט פון „נח פּאַנדרע״, זיין יידישע גוטסקייט, איז ביי אים פּונקט אַזוי ריין און ערלעך ווי די הייליקע פרומקייט פון ווילנער גאון.

ער איז געווען אַ ווונדערלעכער טראַנספּלאַנטאַטאָר אין עבֿרית, זלמן שניאור. ער האָט אַרויסגעריסן ווערטער פון זייער אוראַלטן באָדן און זיי פאַרזייט אויף לגמרי אַ נייעם. און ווייל ער האָט דאָס געטאָן מיט אַ גע־זונטער כּוונה, האָט זיך זיין יעדעס וואָרט אויפן פרישן באָדן אַזוי אויס־געצייכנט אָנגענומען.

זלמן שניאור האָט אין זיין שרייבן געגנוג שטרויכלונגען. אַפילו אין זיין אויסגעצייכנטן דער „קיסר און רבי״, האָט ער דאָס, לפי דעתי, אויך. ער האָט אָבער געהאַט אַ מעכטיקן טאַלאַנט, געווען אַ קינסטלער פון אַ גרויסן קאַליבער, פאַרמאָגט אַ געוואַלטיקן אוצר, און ס׳איז זייער שווער ביי אַזאַ עשירות נישט געשטרויכלט צו ווערן.

ער איז געשטאַנען נאָענט צו דער אייראָפּעיִשער וועלט און נישט איין מאָל האָט אים געאַרט, נישט איין מאָל האָט געוועקט זיין צאָרן דאָס, וואָס דער יידישער שרייבער מוז זיין געקניפּט און געבונדן מיטן גורל פון זיין פאָלק. ער האָט געקוקט מיט קנאה אויף די נישט־יידישע שרייבער, וואָס גייען זיך אַרום פרייע אין אַ פרייער וועלט. און שניאור האָט אַזוי ליב גע־האַט צו זיין פריי. האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין זיין יידישער גאָלדענער שטייג ווי אַ צערייצטער לייב און געברומט מיט אַ צאָרנדיקן ברומען...

עס האָט אים נישט איין מאָל אַ צי געטאָן צו דער נישט־יידישער וועלט. האָט ער באַשריבן זייער „עולם הזה״ — און איז דורכגעפאַלן. דע־מאָלט האָט ער זיך צוריקגעצויגן דאָרט אַהין, וווּ ס׳איז געשטאַנען זיין וויגל.

קיין שקלאַוו, צו זיינע יידן, צו די יתומים און ממזרים און געצאָרנט אויף זיין און זייער ביטערן גורל...

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ס'האָט אים געצויגן צו דער נישט־יידישער וועלט, איז ער געווען שטאָלץ מיט זיין יידישקייט, שטאָלץ מיט זיין אַ ייד. אַלע זיינע העלדן זענען שטאָלצע, העלדישע יידן. סיי דער ייד, וואָס וויל צוריק צו זיין ערד און זיין מלוכהשאַפט, סיי דער ייד פון גלות. אַלע זענען זיי ביי שניאורן קעניגלעכע קינדער. ער, איינער פון די גרעסטע העברעיִשע פּאָעטן, האָט שטאָלצירט מיטן גלות־ייד. זיין פּאָעמע „ווילנע" איז איינס פון זיינע שענסטע פּאָעטישע שאַפונגען אין עברית ווי אין יידיש. ער האָט נישט שטאָלצירט מיטן גלות־ייד, ווייל ער איז אין גלות, נאָר ווייל אויך אין גלות האָט ער אים, דעם יידן, געזען ווי אַ קעניגלעך קינד פאַר־טריבן פון זיין טאַטנס טיש.

ער האָט געקוקט אויף דער וועלט מיט אויגן פון אַ באַלעבאָס. ער האָט געקוקט מיט צאָרן אויף די „שועלים קטנים מחבלים כּרמים", אויף די קליינע פוקסלעך וואָס פאַרדאַרבן די גערטנער, ער האָט געקוקט אויפן שריי־בערישן קליינוואַרג, סיי אין עברית סיי אין יידיש, מיט כעס, און אויסגע־לאָזט האָט ער גאָר זיין צאָרן צו די גרויסע...

ער איז נישט געווען גערעכט צו זיינע קאָלעגן, די גרויסע שרייבער. אָבער מען איז נאָך ווינציקער געווען גערעכט צו אים. מען האָט אים פאַר־שוויגן. אין יידיש האָט מען אים לעצטנס לחלוטין פאַרשוויגן. און דאָס האָט געשטאַרקט זיין פאַרביטערונג, פאַרגרעסערט זיין צאָרן.



די וועלט שטייט אין זכות פון ל"ו בונטאַרן. און די וועלט פון קונסט אַוודאי און אַוודאי. וואָס פאַר אַ חלק פון זיי איז צוגעפאַלן דער יידישער ליטעראַטור איז מיר שווער צו זאָגן. און אפשר וואָלט עס נישט געווען אַזוי שווער, נאָר מען טאָר דאָס נישט מגלה זיין.

זיכער איז, אַז זלמן שניאור איז געווען איינער פון זיי. ער האָט מיט זיין בונטאַרישקייט אָנגעשטעקט אַלע זיינע העלדן. די פון זיינע לידער און די פון זיין פּראָזע. אַלע ווילן צעררייסן די קייטן, וואָס בינדן זיי. נישט נאָר נח פאַנדרע, נאָר אַפילו דער זיבן־יאָריקער וועלוול אוריס פון דער דערציי־לונג „דאָס וואָס מען טאָר נישט" פונעם בוך „שקלאָווער יידן".

כ׳וועל זיך נישט שפּילן אין קיין פּראָגנאָזן לגבי דער העברעיִשער ליטעראַטור. אָבער וואָס שייך דער יידישער, האָב איך דעם איינדרוק, משפּטנדיק לויט דער שטימונג וואָס הערשט אין איר, לויט דעם אַלעם, וואָס טוט זיך אַרום איר, אַז י״ד אָדר תש״ך איז באַערדיקט געוואָרן אין ישׂראל דער לעצטער פון דעם חלק ל״ו בונטאַרן, וואָס איז צוגעפאַלן דער יידישער ליטעראַטור...

## שמואל ניגער

ליטעראַטור־קריטיק — איז תורה לשמה. יעדער סתם־לייענער, אַפילו דער בעסטער און אינטעליגענטסטער, איז פּאָרט נישט מער ווי אַ געניסער. ער לייענט בכדי אַליין הנאה צו האָבן. הנאה פון כלערליי מינים. דער קריטיקער אָבער לייענט בכדי זיך אָנצוטאָן אַ קוועל, בכדי זיך צו מאַטערן, אַז אַנדערע זאָלן הנאה האָבן פון דעם דורך אים געלייענטן און אַנאַליזירטן ווערק. אין דעם חילוק צווישן לייענער און קריטיקער, ליגט די סאָציאַלע פונקציע פון דעם ליטעראַטור־קריטיקער (ווי פון קונסט־קריטיקער בכלל).

יעדע סאָציאַלע פונקציע, די סאַמע פּשוטסטע, איז אַן אָפּזאָגן זיך פון עפּעס אייגנס (ווען אַפילו נאָר פון דער אייגענער צייט) לטובת אַ צווייטן. די סאָציאַלע פונקציע פון אַ קריטיקער איז גאָר אַ קאָמפּליצירטע. זיין מורא, אַז ער זאָל אין זיין אָפּשאַצונג נישט זיין צו סוביעקטיוו, רויבט פון אים לכתחילה אַוועק יעדן פאַרגעניגן פון לייענען, אַפילו דעמאָלט, ווען ער לייענט נאָר ווי אַ פּריוואַטער מענטש (אויב ס'איז בכלל מעגלעך פונאַנדערצושיידן אינעם קריטיקער דעם פּריוואַטן מענטש פון אָפּיציעלן). די דאָזיקע מורא פאַר צו זיין צו סוביעקטיוו פירט טייל מאָל אַריין דעם קריטיקער אין אַ פּאַראַדאָקסאַלער לאַגע, ווייל ווער ווייסט דען אַזוי גוט ווי ער, אַז קיין אַנדערער אופן פון אויפנעמען אַ קונסטווערק, ווי דער סוביעקטיווער, איז נישט בנימצא.

די פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע, דער ויתרוצצו אין דעם קריטיקער, קאָן אים דערפירן ביז צו אַ קאָמפּלעקס. ער קאָן אַריינפאַלן פון דער מורא אין אַ פּחד, און אַפילו אין אַ בהלה. דעמאָלט הייבט ער אָן צו נעגירן. סתם נעגירן. אָנשטאָט דאָס פּאָזיטיווע אין דער קונסט, זוכט ער דאָס נעגאַטיווע. נישט קאָנענדיק אַליין געניסן פון קונסטווערק צוליב זיין זיין אַ קריטיקער, פאַרגינט ער דאָס אויך נישט דעם לייענער. זיין סאָציאַלע פונקציע ווערט פון אַ ברכה אַ קללה.

דער עיקר, דער יסוד פון אַלע יסודות פון אַ קריטיקער איז נישט מורא צו האָבן, פאַר גאָרנישט נישט. נישט מורא צו האָבן פאַר צו זיין צו דרייסט, צו רעוואָלוציאָנער, אַפילו נישט מורא צו האָבן פאַר זיין קאָנסער־

וואַטיוו. און אַוודאי און אַוודאי נישט מורא האָבן צו זיין צו סוביעקטיוו. ווייל ערשט ווען ס׳פאַרשווינדט ביי אים די מורא צו זיין צו סוביעקטיוו, קאָן ער אָנהייבן צו ווערן אָביעקטיוו. ער קאָן דאָס סוביעקטיווע אָביעקטי־וויזירן. דאָס סאַמע אינטענסיווו סוביעקטיוויסטע אין דער עמאָציאָנעלער ספערע, איז דאָס געפיל פון מורא, פון פחד. דאָס געפיל פון פחד איז אינ־טענסיווער און שטאַרקער ווי דאָס געפיל פון ליבע. אויב „עזה כמות אהבה״ — איז פחד שטאַרקער (און ערגער) ווי דער טויט.

ווען ס׳פאַרשווינדט ביים קריטיקער דאָס געפיל פון מורא (פון אַלע מוראס), דעמאָלט ווערט זיין סאָציאַלע פונקציע אַ ברכה. אין פחד איז זיין סאָציאַלע פונקציע נישט נאָר אַ קללה, נאָר נאָך ערגער, זי איז פשוט דעגענערירט.



אַ ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס זיין קריטיק איז געווען תורה לשמה, אַ קריטיקער אַ פאַרגינער, איז געווען אין דער יידישער ליטעראַטור — שמואל ניגער.

זיין דרייסטקייט, זיין נישט מורא האָבן צו זיין סוביעקטיוו, האָט ער גענומען פון גרויסן רוסישן ליטעראַטור־קריטיקער וו. ס. ביעלינסקי. אָבער ביעלינסקי איז געווען אַ רוס, אָנגעשטעקט מיטן מאָראַלישן פּאַטאָס, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די גרויסע רוסישע גייסטער. ער האָט דע־ריבער אויפגעהויבן דאָס סוביעקטיווע אין דער קריטישער אָפּשאַצונג עד רום כל המעלות. געמאַכט דערפון שיר נישט קיין אַקסיאָמע. ש. ניגער דאַקעגן איז געווען אַ ייד, אַ ליטווישער ייד, אַ ביסל אַ טרוקענער, אַ בעל־מוח דער עיקר. אויב ער האָט געהאַלטן, אַז דער איינציקער אופן פון צוגיין צו אַ קונסטווערק, איז דער סוביעקטיווער, אויב ער האָט קעגנגעשטעלט דער דאָגמאַטישער קריטיק — די אימאַנענטע (זע זיין בוך: „לעזער, דיכ־טער, קריטיקער״, זייט 364), האָט ער דאָס געטאָן מער פונעם קלאָרן שכל, ווי פון פאַרנעפּלטן געפיל. דעריבער איז אים לייכטער געווען צו אָביעקטי־וויזירן. כאָטש אָביעקטיוויזירן הייסט נאָך נישט זיין באמת אָביעקטיוו. פונקט ווי אינסצעניזירן, אויפפירן, הייסט נאָך נישט אויספירן.

ער האָט אפשר אַ ביסעלע מגזם געווען ווען ער האָט געזאָגט, אַז קרי־טיק איז „פאַר זיך אַליין אַ זאַך״ (זע דאָס אויבן דערמאָנטע בוך, זייט 377), אַ חי נושא את עצמו. די קריטיק עקזיסטירט אָבער נאָר אויף אַזוי פיל,

אויף וויפל עס עקזיסטירט דאָס ווערק, וואָס ווערט דורך דער קריטיק באַ־האַנדלט. זי איז שוין דעריבער צוליב דעם אַליין במילא סוביעקטיוו. קריי־טיק אויב זי לויכט, לויכט זי מיטן לבנה־ליכט, וואָס איז דאָך נישט מער ווי אַן אָפּשפּיגלונג, ווי אַן עכאָ (ווי ס'האָט געזאָגט פּאָעטיש דער באַרימ־טער פראַזאַיִקער קאָנראַד) פון דעם ליכט פון דער זון.

אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט שמואל ניגער באַגלייט די יידישע ליטעראַ־טור, געטריי באַגלייט. אַ האַלבן פון דעם שווערן און קאָמפּליצירטן צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט. די יידישע ליטעראַטור האָט אין דער צייט דורכגע־מאַכט איר שענסטע און געהויבנסטע תּקופה, און דאָס יידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט זיין טראַגישסטן און איינצייטיק דערהויבנסטן וועג, זייט דעם חורבן פון בית שני.



ש. ניגער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1883 אין אַ ליטוויש שטעטל דוקאָר. זיין טאַטע איז געשטאָרבן ווען ער, שמואל, איז אַלט געווען פינף יאָר. אין די יונגע יאָרן האָט זיך שמואל ניגער אָנגעזאָפּט מיט אַלט־יידיש־קייט און מיט אַלט־יידיש וויסן. אָבער זיין דערציִונג האָט ער באַקומען פון דער מאַמעס האַנט. און דאָס האָט געלייגט אַ חותם אויף זיין גאַנצער פּער־זענלעכקייט, אויף שטענדיק, אויף אַלע זיינע יאָרן. ער איז געווען אַ גע־מעסיקטער, וווייט געווען פון יעדער עקסטרעמקייט.

אויב מען וויל קאָן מען זאָגן, אַז ער האָט במשך זיין מיפּול לעבן גע־זוכט אַ סינטעז. אַ סינטעז צווישן אַלט־יידישקייט און מאָדערנעם יידיש־קייט, צווישן אונדזער אַלטער און נייער ליטעראַטור, צווישן העברעיִש און יידיש, צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם, און לעצטנס — צווישן דעם וועלט־פאָלק און דעם פאָלק אין ישראל, צווישן די תּפוצות און מדינת ישראל.

אויב מען וויל קאָן מען זאָגן, אַז דאָס איז געווען ביי אים אַ וועלט־אַנשויונג. אַ וועלטאויסבליק און אַ וועלטאיינבליק. מען קאָן דאָס אָנגע־מען ביי אים פאַר אַן אינטעלעקטועלער מידה. אָבער אַז מען וויל קאָן מען זאָגן פשוטער. מען קאָן זען דערין קודם־כל אַ כאַראַקטער־שטריך. אַ פועל־יוצא פון אַ מאַמע־דערציִונג. ער האָט נישט געפרעגט: וואָס איז בילכער? אַלץ איז ביי אים בילכער, אויב עס האָט נאָר אַ ווערט. אַ פּאַקטישע ווערט, נישט קיין אילוזאָרישע. אַלץ וואָס קאָן באַרייכערן און באַקרעפטיקן דעם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער, זיין קאָנסטיטוציע, אַלץ וואָס קאָן דינען דעם

יידישן פֿאָלק, זיין הווה און זיין עתיד, האָט ער געוואָלט זאָל מיט מאָמעשע הענט איינגעזאַמלט ווערן, אויפגעהאַלטן און פֿאַרהאַלטן ווערן.

ס'איז כּדאַי אין דעם צו ברענגען אַ ציטאַט פֿון ניגערס בוך „מענדעלע מוכר ספרים", אויף צו באַקרעפטיקן דאָס אויבן געזאָגטע:

„עס איז נישט געווען נאָך אַ שרייבער ביי אונדז אין דער לעצטער תּקופה, וואָס זאָל אין אַזאַ פולער מאָס, ווי מענדעלע, האָבן פֿאַראייניקט אין זיך דאָס געירשנטע און דאָס מאָדערנע, דאָס אַנגענומענע און דאָס רעוואָלוציאָנערישע. ווען ער האָט באַזוכט ווילנע — אַזוי דערציילט מען — האָט מען אים אונטערגעטראָגן, פֿון איין זייט, אַ ספר־תּורה און פֿון דער אַנדערער זייט —אַ רויטע פֿאָן... האָבן אַנדערע אפשר געזען אין דעם אַ סתּירה. פֿאַר אים אַליין איז דאָס שטיין העכער פֿון אַלט און ניי געווען באַטירלעך. עס איז אין אים געווען פּלאַץ פֿאַר ביידע זאַכן. דער קינסטלער אין אים האָט גערן אויפגענומען די עלעמענטן פֿון איינגעשטעלטן און איינ־געפֿונדעוועטן נוסח; דער דענקער — די פֿרישע און תּמיד זיך באַנייענדי־קע איינדרוקן פֿון לעבן. מיט דעם גרינעם זאַפּט פֿון דער נייער לעבנס־דערפֿאַרונג האָט ער אָפּגעפֿרישט פֿאַרגליווערטע פֿאָרמען פֿון שפּראַך און סטיל; מיט דער הילף פֿון אַלטע איינגעשטעלטע פֿאָרמען האָט ער צוגעגעבן פֿעסטקייט און שטאַנדהאַפֿטיקייט זיינע נייע דרייסטע אידייען. ער האָט באַקעמפֿט די פֿאַרגאַנגענהייט מיט דעם געווער פֿון איר אייגענער טראַ־דיציע. ער האָט באַנוצט דעם צעמענט — דעם סטיל — פֿון עבר צו באַ־פֿעסטיקן די ציגל פֿון אַ נייעם בנין. טוט דאָס אייגנטלעך יעדער עכטער שריפֿטשטעלער".

מיט דעם זאָג „טוט דאָס אייגנטלעך יעדער עכטער שריפֿטשטעלער", האָט ניגער זיכער געמיינט אויך זיך. כ'וויל נישט מרבה זיין בציטאַטן. נאָר שוין דאָס אויבן געבראַכטע און דאָס, וואָס קומט אין ניגערס בוך נאָך דעם, איז אַזוי פֿול מיט איינגעהאַלטענעם פּאַטאָס, אַזוי שיין, אַזוי איבערצייגעוו־דיק, אַזוי אַדורכדרינגלעך און צודרינגלעך אויפֿגעשריבן, אַז ס'קאָן נישט מעגלעך זיין, אַז דאָ זאָל ניגער נישט האָבן אַרויסגעזאָגט דעם אמת פֿון זיין אייגענער נשמה. מבשׂרו חזה. יאָ, פֿון זיך אַליין, פֿון זיין אייגענעם איך — האָט ער דעם דאָזיקן וועג ביי יענעם געזען.

דער דאָזיקער מאָמעשער כאַראַקטער־שטריך האָט, אייגנטלעך, ניגערן גיכער פּרעדיספּאָנירט צו זיין אַ ליטעראַטור־היסטאָריקער, ווי אַ ליטעראַ־טור־קריטיקער. אָבער די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור איז אויף זיינע אויגן אויפֿגעוואַקסן און אויסגעוואַקסן. זי האָט געיויערט און געברויזט.

אַזוי אַז אַפילו ניגער האָט נישט געקאָנט האָבן צו איר אַ צוגאַנג פון אַ היסטאָריקער, אַ צוגאַנג פון אַ בילאַנסיסט, פון אַ סך־הכּל־מאַכער. אַגב האָט ניגער געטרוימט נאָך אָנצושרייבן די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַ־טור (זע זיינע פאָרבאַמערקונגען צו זיין בוך "דערציילערס און ראָמאַניסטן", אַרויסגעגעבן אין יאָר 1946), ער האָט דאָס אָבער נישט דערלעבט צו טאָן.

אַ מענטש פון דורך און דורך לומדישער טראַדיציע איז ש. ניגער געווען ביי אונדז דער ליטעראַרישער תּלמיד־חכם. אַ בקיא בכל חדרי הליטעראַטור. זיינע ידיעות זענען געווען געוואַלדיק גרויסע סיי אין ניגלה און סיי אין ניסתּר, דאָס הייסט סיי אין פּראָזע און סיי אין פּאָעזיע, סיי אין דער אַלט־יידישער און סיי אין דער מאָדערנער ליטעראַטור.

ער איז געווען אַ שטאַרקער מתמיד, פון דעם אַלטן און שטענדיק יונגן טיפּ מתמידים פון הפוך בה והפוך בה. זיין התמדה האָט קיין גרענעץ נישט געהאַט. ער האָט מקיים געווען דעם והגית בו יומם ולילה שטענדיק, פון זיינע יונגע ביז זיינע אַלטע יאָרן.

ער האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין ליטעראַרישע צי קולטור־דער־שיינונג, ער זאָל נישט זאָגן וועגן דעם זיין וואָגיק וואָרט. מען האָט געקאָנט מיט זיין מיינונג יאָ אָדער נישט מסכּים זיין, אָבער מען האָט אים שטענדיק געהערט מיטן גרעסטן יראת־הכּבוד.



ער האָט אָנגעהויבן זיין שרייבעריש לעבן מיט פּובליציסטיק און איז גיך אַריבערגעגאַנגען צו ליטעראַטור־קריטיק. די סיבה דערפון? פאַר אַ סך יידישע אינטעליגענטן פון רוסלאַנד איז נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָ־לוציע פון 1905, אין די יאָרן פון דער פאַרשטאַרקטער רעאַקציע, ווידער אויפגעשווומען די אַלטע גורלדיקע פראַגע: ירושלים צי יבנה? פּאָליטיק צי קולטור? ניגער האָט אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג, דעם וועג פון יידישער נאַציאָנאַלער קולטור.

ניגער איז געקומען צו דער יידישער ליטעראַטור און קולטור שוין נאָך דער השׂכּלה־צייט. דאָס האָט אים פאַרשפּאָרט אַ סך ראַנגלענישן מיט זיך און מיט אַנדערע. ער איז געקומען אין אָנהייב פון דער מאָדערנער (ווער וועט אויפקלערן דעם אמתן באַשייד פון דעם וואָרט?) תּקופה. און ווייל ער איז אויך געקומען פון רעוואָלוציאָנערן לאַגער, איז ער במילא אויך פריי געווען פון די נעגאַטיווע השפּעות, וואָס דער משׂכּיליזם האָט איבער־

געלאָזט נאָך זיך אין יידישן קולטור־לעבן (פון די פּאָזיטיווע השפּעות פון משׂכּיליזם האָט ער זיך נישט געהאַט בדעה צו באַפרייען).

זיין וועג האָט אים געפירט צום גלות־נאַציאָנאַליזם און צו יידיש. דערנאָך, אַ סך יאָרן שפּעטער, האָט ער געזוכט אַ סינטעז צווישן ישׂראל אין ישׂראל און צווישן ישׂראל אין די תּפוצות, צווישן העברעיִש און יידיש.

ניגער האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַריש־קריטישע טעטיקייט און שעפע־רישקייט מיט אַן אַרטיקל וועגן שלום אַשס „משיחס צייטן". ס'איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר ניגערן, אַז נישט אַשס ראָמאַנטיש־אידיליש „דאָס שטעטל" האָט אים אינספּירירט צו שרייבן קריטיק, נאָר דווקא „משיחס צייטן", וואָס איז אַ דראַמע און האָט ווי יעדע דראַמע איר פּראָבלעם (צי פּראָבלע־מען). ניגערן האָט קודם־כּל אינטערעסירט די פּראָבלעמאַטיק פון דער ליטע־ראַטור, נישט בלויז איר עסטעטיק, נאָר אויך איר עטיק, נישט נאָר איר באַשטימונג אויף איצט, נאָר איר גורל אויף להבא. דאָס זוכן די פּראָבלע־מאַטיק אין דער ליטעראַטור איז אייגנטימלעך פאַר דער גאַנצער רוסישער און יידיש־רוסישער אינטעליגענץ פון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

פינף זיילן פון דער יידישער ליטעראַטור האָט ער געווידמעט גאָר אַ סך צייט, פאַרשערישקייט, גייסטיקע ענערגיע און שרייבערישן טאַלאַנט. די פינף זענען: מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, י. ל. פּרץ, ה. לייוויק און שלום אַש. וועגן די ערשטע פיר האָט ער אַרויסגעגעבן באַזונדערע גרויסע ביכער.

די ביכער זענען אָבער נישט קיין מאָנאָגראַפיעס, ווי טייל רופן זיי אָן, דאָס זענען עסייען און אַרטיקלען געשריבן אין פאַרשידענע צייטן, אין פאַרשידענע תּנאים, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן וועגן איין און דעם זעל־ביקן מחבר, און דערנאָך צונויפגענומען און טיילווייז אויף ניי באַאַרבעט (טיילווייז געלאָזט זייער פריִערדיקע פאָרעם), כּדי זיי אַרויסצוגעבן אין אַ באַזונדער בוך.

אַ מאָנאָגראַפיע איז אַן אויסשעפּנדיקע, פאָדראָבנע אַרבעט וועגן איין געביט (פון דער קונסט, צי פון דער וויסנשאַפט, צי גאָר וועגן איין צווייג פון אַ געביט, צי, ווי אין אונדזער פאַל, וועגן איין שרייבער, צי אַפילו נאָר וועגן איין בוך פון אַ שרייבער). אַ מאָנאָגראַפיע מוז זיין געשריבן מלכתּחילה מיט דער כּוונה צו ווערן און צו זיין אַ מאָנאָגראַפיע. זי מוז געבן די בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג פון שרייבערס פערזענלעכקייט, צי דעם אָנ־הייב און די פאַרווירקלעכונג פון איין זיין ווערק. אַ מאָנאָגראַפיע מוז האָבן אַן איינהייטלעך ליכט, איין אָטעם, זי דאַרף זיין ווי פון איין שטיק, מיט

איין וואָרט — אַ מאָנאָגראַפיע דאַרף מען אויפשטעלן און נישט צונויפ־שטעלן.

אַ מאָנאָגראַפיע וועגן אַ שרייבער קאָן ווערן אָנגעשריבן נאָר דעמאָלט ווען דעם שרייבערס פּערזענלעכקייט איז שוין אַ פּאַרטיקע, אַ באַשטימטע, אַ קאָנסטאַנטע, ווען מען זעט זי אַ ביסל פון דער ווייטנס. מיר זעען טאַקע, אַז אין זין פון מאָנאָגראַפיע איז צום בעסטן אַרויסגעקומען ניגערס בוך וועגן מענדעלע מוכר ספרים. גוט איז אויך דאָס בוך זיינס וועגן י. ל. פּרץ. צום שוואַכסטן אין דעם פּרט איז גראָד דאָס בוך וועגן ניגערס, ייבדל לחיים, גאָר נאָענטן פריינד ה. לייוויק, נישט געקוקט דערויף וואָס אַ סך טיילן פון דעם בוך זענען פאַר זיך עסייאיסטישע מייסטערשטיק.

ס׳איז נישט לייכט היינט צו שרייבן קיין מאָנאָגראַפיעס. היינט, אַז מען וויל אַפילו שרייבן נאָר אַ ביאָגראַפיע, באַמיט מען זיך אויך דאָס צו טאָן אין פאָרעם פון אַ ראָמאַן. ביי אונדז יידן איז אַוודאי נישט לייכט צו שרייבן קיין מאָנאָגראַפיעס. מיר, וואָס האָבן אַזוי ליב צו קאָקעטירן מיט אַנדערש־קייט, דווקא מיר נעמען זיך אַזוי שטאַרק איבער מיטן נערוועזן טעמפּאָ פון אונדזער צייט און פון גאַנצן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָס איז שוין נישט איין מאָל באַצייכנט געוואָרן ווי דער נערוועזער (און אפשר גאָר מטורפער?) יאָרהונדערט. מיר ווילן אַלץ האָבן אין אַ קאָנדענסירטער, קורצער פאָרעם. אָט וואָס ס׳שרייבט צום מחבר פון די שורות וועגן זיין בוך „י. ל. פּרץ״, ש. ניגער: — „אַנדערע געפעלט נישט וואָס דאָס בוך (געמיינט „י. ל. פּרץ״ — י. ה.) איז צו לאַנג. אָבער עס האָט אין זיך דריי עלעמענטן: ליטעראַ־טור־קריטישן, ליטעראַטור־היסטאָרישן און ביאָגראַפישן. ביי אונדזערע אומשטענדן טאָר מען נישט מוותר זיין אויף רויע מאַטעריאַלן. זיי קאָנען נאָך פאַרלוירן גיין. און מיר מוזן האָבן וועגן אַזאַ פּערזענלעכקייט, ווי פּרץ, פאַקטן און נישט נאָר מיינונגען און אידייען״ (דעם 5טן דעצעמבער 1953).

ניגער האָט גוט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון פאַקטן ביים רעסטאַווי־רירן די שעפערישע פּערזענלעכקייט און ביים פונאַנדעראַטעמען די אַט־מאָספער און קלימאַט, וואָס אין זיי איז באַשאַפן געוואָרן אַ קינסטלעריש ווערק. ער האָט גוט געוווּסט אָפּצושאַצן די באַדייטונג פון ספערע און קלי־מאַט פאַר קינסטלערישער שעפערישקייט. פאַקטן וועגן שעפערישע פּער־זענלעכקייטן, ספערע און קלימאַט, זענען די יסודות פאַר ליטעראַרישער קולטור, אָן וועלכער קיין שום ליטעראַטור קאָן נישט וואַקסן, ווען אַפילו זי איז געבוירן געוואָרן פון דעם גאָט פון דער קונסט אַליין. דאָס אויספעלן פון ליטעראַרישער קולטור, פירט צום אויספעלן פון ליטעראַרישער קאָנטראָל

און זעלבסטקאָנטראָל און איז דער ערשטער טריט פון דעגענעראַציע פון אַ ליטעראַטור.

פאַר ליטעראַרישער קולטור ביי אונדז האָט זיך באַמיט און אויך גע־קעמפט — שמואל ניגער.

*

שמואל ניגער איז געווען אַ ריינער קריטיקער, דאָס הייסט אַזעלכער, וואָס האָט זיך פאַרנומען נאָר און אויסשליסלעך מיט קריטיק. כ׳ווייס נישט צי האָט ער אַ מאָל פּרובירט זיין שרייבערישן כּוח אויך אין זעלבשטענ־דיקע שאַפונגען. פון זיין שרייבערישן כאַראַקטער זעט מען נישט אָן, אַז ער זאָל האָבן געקומען צו ריינער קריטיק נאָך דעם, ווי ס׳איז אים נישט געלונגען צו זיין אַ זעלבשטענדיקער שעפער. ביי טייל קריטיקער דערגייט אַזש ביז אַ קאָמפּלעקס דאָס, וואָס זיי מוזן שרייבן וועגן יענעמען, „באַדי־נען" יענעמען, אַנשטאָט אַליין צו שאַפן. טייל קריטיקער אַרט דאָס זייער, ס׳פאַרדריסט זיי, זיי ווערן פאַרביטערט. ניגער איז געווען פריי פון דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס. יעדנפאַלס האָט ער אים נישט געהאַט אין זיינע רייפע יאָרן.

ס׳קאָן גריילעך זיין, אַז אין די יונגע יאָרן זיינע, האָט ער אויך געהאַט צוליב דעם זיין אַ ריינער קריטיקער אַ שטיקל מינדערווערטיקייט־קאָמ־פּלעקס. דערפאַר האָט ער געפונען אַ היפּערקאָמפּענסאַציע פאַר זיך (און פאַר דער קריטיק) אין דער הויכער באַשטימונג, וואָס ער האָט דער ליטע־ראַטור־קריטיק צוגעטיילט. אָט וואָס ער זאָגט וועגן איר אין זיין אָפּהאַנד־לונג „פּראָבלעמען פון קריטיק", (זע: ש. ניגער: „לעזער, דיכטער, קרי־טיקער", צווייטער באַנד, זייט 387): „קריטיק קאָן, ערשטנס, פאַרשאַפן אונדז עסטעטישן און אינטעלעקטועלן פאַרגעניגן, פּונקט אַזוי ווי אַ פּאָעמע אָדער אַ שיינע דערציילונג. מען קאָן אַ מאָל אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז דער קריטיקער שרייבט וועגן דעם ווערק פון אַן אַנדערן. מען קאָן ווערן אַזוי פאַרכּישופט פון זיין אייגענער קונסט, אַז מען זאָל זיין פאַרטאָן אין איר אַליין און נישט טראַכטן גאָר וועגן דעם בוך אָדער בילדער, וואָס איז גע־וואָרן די טעמע, דער אויסגאַנגס־פּונקט, דער מאַטעריאַל, פאַר זיין עסיי. אַזוי ווי ביים קינסטלער איז דער עיקר, וואָס ער אַליין האָט באַוויזן צו שאַפן, נישט דער שטאָף, וואָס ער האָט באַנוצט אין זיין ווערק, אַזוי קאָן אויך אַ מאָל דעם קריטיקערס אייגענער אויפטו, דער אויסדרוק פון זיין

גייסטיקער קראַפט און די קראַפט פון זיין אויסדרוק, זיין אַזוי ווערטפול, אַז מיר זאָלן שוין מער קיין אַנדערע זאַך ביי אים נישט דאַרפן זוכן״.

מען מוז מודה זיין, אַז אין דעם זאַץ „מען קאָן אַ מאָל אין גאַנצן פאַר־געסן, אַז דער קריטיקער שרייבט וועגן דעם ווערק פון אַן אַנדערן״, ליגט עפּעס קאָמפּלעקסאַרטיקס. ס׳ליגט אַ פאַרבאָרגענער ווונטש, אַז דער לייע־נער זאָל טאַקע פאַרגעסן דעם מחבר און געדענקען נאָר דעם קריטיקער.

צוליב דעם איז ניגער אין זיין הויכער באַשטימונג פאַר דער ליטעראַ־טור־קריטיק געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אַפילו נישט געזען קיין וועזנטלעכן חילוק צווישן אַ רעצענזיע און אַן עסיי, כאָטש אַ רעצענזיע איז אַ פאַרמיטלערין צווישן דעם שרייבער (צי זיין בוך) און דעם לייענער, אין דער צייט ווען אַן עסיי האָט אַן אַלגעמיינערע באַשטימונג. אַן עסיי איז אַ פאַרמיטלערין צווישן שרייבן און לייענען בכלל. (אין דעם פאַל צווישן שרייבן קונסטווערק און לייענען קונסטווערק). זי איז אַפילו די פאַרמיטלע־רין צווישן פּראָצעס פון שרייבן און דעם פּראָצעס פון לייענען. מען קאָן אַפילו זאָגן, אַז אַ רעצענזיע איז פאַרן לייענער, ווען אַן עסיי איז פאַרן שרייבער, נישט דווקא פאַר דעם וועגן וועלכן ס׳רעדט זיך אין דעם עסיי, נאָר פאַר שרייבער בכלל. פאַר די שרייבער, וואָס ווילן זיך נישט לאָזן דאָ בלינד באַהערשן פון זייער שרייבערישן טאַלאַנט, נאָר ווילן וויסן די סיבה (צי די סיבות), וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זיי זאָלן דורך זייער שרייבע־רישן מעדיום באַהערשט ווערן.

אין דעם צושרייבן דער ליטעראַטור־קריטיק אַזאַ הויכע באַשטימונג איז ניגער נישט געווען איינזאַם. אַלע גרויסע, וועלט־באַרימטע קריטיקער האָבן אויפגעהויבן די קריטיק צו דער ראַנג פון זעלבשטענדיקע, אָריגינעלע שאַפונגען. אין די רייפערע יאָרן האָט שוין ניגער בולטער געזען די סאָ־ציאַלע פונקציע פון דעם ליטעראַטור־קריטיקער, ווי אַ לערער פאַר די לייענער און אַ וועגווייזער פאַר די שרייבער.

בכדי אויסצופירן די דאָפּלטע פונקציע פאַר לייענער און פאַרן שריי־בער, האָט ניגער מקיים געווען ביידע מצוות: אי פון שרייבן רעצענזיעס, אי פון שרייבן עסייען. ער האָט אָנגעשריבן טויזנטער אַרטיקלען און רע־צענזיעס (אַחוץ ביכער און עסייען) וועגן ביכער, שרייבער און סתם וועגן ליטעראַרישע פּראָגעס און פּראָבלעמען. ער איז געווען געבענטשט מיט שרייבערישער שפע. זיין שפע האָט אָבער נישט פאַרביליקט זיין וואָרט. פאַרקערט, זיין וואָרט איז גאָר דערמיט געוואָרן פּאָפּולער, אָבער נאָך מער

באַליבט און אָנגעזען, כאָטש נישט אַלע מאָל האָט מען געקאָנט מיט אים מסכּים זיין.

ליטעראַטור־קריטיקער זענען אין דער יידישער ליטעראַטור פאַראַן אַן עין־הרע אַ סך. איר וועט זעלטן ביי אונדז טרעפן אַ שרייבער — אַ דיכטער, צי אַ פּראָזאַיִקער — וואָס זאָל צו ביסלעך, צי גאָר אַ סך נישט אונטערזינ־דיקן מיט שרייבן קריטיק. אָבער ריינע קריטיקער, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס זאָלן שרייבן נאָר און אויסשליסלעך ליטעראַטור־קריטיק, זענען ביי אונדז געווען גאָר ווייניק, דאָס איז ביי אונדז אַ זעלטנקייט, אַ שטאַרקער יוצא מן הכּלל.

צווישן דער קליינער, גאָר קליינער, צאָל ריינע ליטעראַטור־קריטיקער ביי אונדז איז ש. ניגער געווען דער ריינסטער. ער איז געווען דאָפּלט ריין. ריין — ווייל ער האָט זיין גאַנץ לעבן, זיין איבער פופציק יאָר שעפערישע לעבן אַוועקגעגעבן נאָר אויף קריטיק, און אויך דערפאַר, ווייל זיין קריטיק איז געווען בעצם אַ ריינע. כאָטש ווי יעדע קריטיק, אַפילו די סאַמע בעסטע און דורכדרינגלעכסטע, איז זי נישט געווען אומטעותדיק.

און דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ דאָפּלט ריינער קריטיקער, האָט ער זוכה געווען צו דעם, צו וואָס קיין שום קריטיקער ביי אונדז האָט נישט זוכה געווען. ער האָט זוכה געווען דערצו, אַז ס׳איז נישט געווען ביי אונדז קיין איין יידישער שרייבער, ממש קיין איינער, וואָס זאָל נאָכן אָנשרייבן זיינס אַ זאַך נישט האָבן קודם־כּל אַ טראַכט געטאָן: וואָס וועט וועגן דעם אָנגעשריבענעם זאָגן ש. ניגער.

דאָס איז די העכסטע מדרגה צו וועלכער אַ קריטיקער קאָן דערגיין. דאָס איז די העכסטע אויסצייכענונג מיט וועלכער די שרייבער קאָנען באַ־שענקען זייערס אַ קריטיקער.

*

אין זיין צוגאַנג אָפּצושאַצן אַ שרייבעריש ווערק איז ש. ניגער געווען עקלעקטיקער. ער האָט נישט אָנגעוואָנדן אויסשליסלעך איין מעטאָדע. ער האָט זיך נישט באַנוצט נאָר, למשל, מיט דער סען־בעווישער ביאָגראַפישער מעטאָדע, צי מיט היפּאָליט טענס סביבה־מעטאָדע, צי מיט געאָרג בראַנ־דעסעס אינטויִציאָניזם. ער האָט באַנוצט אין זיין קריטיק אַלע מעטאָדן צוזאַמען. און דאָס דאַרף מען נישט פאַררעכענען, חלילה, לגנאי. פאַרקערט, מען דאַרף דאָס אים פאַררעכענען דווקא לשבח. אַ יידישער ליטעראַטור־

קריטיקער קאָן זיך נישט דערלויבן צו זיין איינזייטיק, ווען אַפילו ער זאָל דאָס טאָן בכּיוון, ווען ער זאָל זיין איינזייטיק בכּוונה תּחילה, בכדי אַרויס־צוהייבן נאָך שטאַרקער און בולטער געוויסע אירע שטריכן. די יידישע ליטעראַטור־קריטיק (כ׳מיין די סאָמע ערנסטע, ווי ניגערס) איז נישט גע־לערנט געוואָרן פון אוניווערסיטעט־קאַטעדרעס, ווי דאָס געשעט ביי אַנ־דערע נאַרמאַלע פעלקער. זי איז געגאַנגען פון קריטיקער דירעקט צום פאָלק, צום פאָלק לייענער, וואָס האָט אָפט אַפילו נישט געהאַט די געהע־ריקע צוגרייטונג צו קענען גרינטלעך לייענען. די יידישע ליטעראַטור־קריטיק האָט זיך דעריבער נישט געקאָנט דערלויבן צו זיין איינזייטיק, דער יידישער ליטעראַטור־קריטיקער האָט זיך נישט געקאָנט דערלויבן צו קוקן אויף איר פון איין ווינקל, אָנצונעמען נאָר איין מעטאָדע, אַפילו ווען בלויז ווי אָן „אַרבעטס־היפּאָטעזע״, ווי דאָס געשעט אין אַנדערע וויסנשאַפטן. ניגער האָט דאָס אַנאַליזירטע ווערק באַלויכטן פון אַלע זייטן, מיט פאַרשי־דענע ליכטער, מיט פאַרשידענע אופנים, דורך פאַרשידענע פּריזמעס. ער האָט זיך אַליין, זיין אייגענעם וועג, געמאַכט שווערער, אַבי דעם לייענער צו מאַכן קלאָרער און לייכטער.

קאָן אויך זיין, אַז ניגער האָט געקוקט אויף דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק גיכער ווי אויף אַ וויסן ווי אויף אַ וויסנשאַפט. אַגב איז אין זיין קרייזן די פאַרשידנסטע פאָרשונג־מעטאָדן אפשר געלעגן זיין שטענדיק און אומעטומעדיק שטרעבן צום סינטעז (ווי אַ פּועל־יוצא פון זיין מאָמע־דערציִונג, ווי דאָס איז אָנגעוויזן געוואָרן אויבן).

אַחוץ דעם האָט ניגער געהאַט אַ קינסטלערישע נטיה צו האַרמאָניע. ווען ער באַנוצט זיך מיט ביאָגראַפישע מאַטעריאַלן נעמט ער נאָר אַזעלכע, „וואָס האָבן אַזאַ אָדער אַן אַנדער שייכות צו דעם גאַנג און דעם וווקס פונעם פּאָעטס שאַפן״. (זע דעם אַריינפיר פון ש. ניגער צו זיין בוך „ה. לייוויק״). ער האָט געזוכט די פאַקטן, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן צום האַרמאָ־נישן וווקס פון דעם שעפערס פערזענלעכקייט, און נישט געזען, צי געמאַכט זיך נישט זען, דאָס סתירותדיקע אינעם שעפער. דערפאַר האָט ניגער נישט ווי געהעריק אויפגענומען, נישט גענוג טיף באַנומען אַזאַ סתירותדיקן פּאָעטישן פענאָמען, ווי ס׳איז געווען משה לייב האַלפּערן.

שמואל ניגער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט קינסטלערישע בענקשאַפטן. ער איז געווען אַ מענטש מיט שטימונגען. און ס׳פלעגט געשען, אַז פלוצעם איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ „לאַגישער שטימונג״, פלוצעם איז ער אַריינגע־פאַלן אין אַ „קאַלטער, צי טרוקענער שטימונג״, פלוצעם האָט ער אויפגע־

הערט צו באַנעמען דאָס, וואָס ער האָט ערשט מיט אַ טאָג פריִער אַזוי גוט פאַרשטאַנען און געפילט, און פאַרקערט.

ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט נישט אויסגעלעבטע קינסטלערישע שטימונגען, מיט נישט אויסגעלעבטע בענקשאַפטן. אָבער די נישט־אויס־געלעבטע בענקשאַפטן זענען זיך אין אים נישט צעוואַקסן צו דער גרייס און באַדייט פון אַ קאָמפּלעקס. ער איז געווען, ווי שוין געזאָגט, אַ קריטיקער אַ פאַרגינער, אַזוינער איז ער געווען בדרך־כּלל.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער איז געווען אַ מענטש פון בוך, פון ספר, איז ער געווען דערביי אויסערגעוויינלעך לעבעדיק, סענסיטיוו, פּיל־באַר, און גיך רעאַגירט אויף אַלע לויפנדיקע געשעענישן אין יידישן ליטע־ראַרישן, קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן. ווי אַזאַ לעבהאַפטיקער מענטש איז ער אויך נישט געווען פריי פון שוואַכקייטן, וואָס זענען פאַר אַזעלכע מענטשן אייגנטימלעך.

עס קאָן אויך זיין, אַז אין זיין שטרעבן אַ לעבן לאַנג צו אַ סינטעז (צווישן אונדזער אַלטער און נייער ליטעראַטור, צווישן העברעיִש און יידיש, צווישן ישׂראל און די תּפוצות, צווישן פאָלק אין ישׂראל און צווישן עם־עולם) איז געלעגן זיין גרויסע נישט אויסגעלעבטע קינסטלערישע בענק־שאַפט צו האַרמאָניע, צו שלימות. אין גרויסע שרייבער האָט ער דערזען אַלץ, וואָס האָט זיי צו זייער גרויסקייט דערפירט און נישט געוואָלט, צי נישט געקאָנט, זען זייערע שטרויכלונגען. ווער שמועסט נאָך ווען די שטרויכלונגען זענען צייטווייליקע, צי גאָר אויסגעדאַכטע. אינטערעסאַנט איז ניגערס שטעלונג צו אַשס ישו־ראָמאַן, וואָס איז אַזוי שטאַרק באַקעמפט געוואָרן דורך אַ סך יידישע (און העברעיִשע) שרייבער און וועמענס קינסטלערישע ווערט האָבן טייל געוואָלט שטעלן אונטער אַ פרעגצייכן. ניגער האַלט, אַז „דער מאַן פון נצרת" איז אַשס העכסטע דערגרייכונג. (זע: ש. ניגער, „דערציילערס און ראָמאַניסטן", זייט 514). אָנרירן אַ שרייבערישע גרויסקייט האָט ער געהאַלטן פאַר אַ חילול־הקודש. אין איינעם פון זיינע וועכנטלעכע אַרטיקלען אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" האָט ער געשריבן אַזוי: „פאַראַן ליטעראַטן און האַלב־ליטעראַטן וואָס מיינען, אַז דערנידערנדיק גרויסע שרייבער דערהייבן זיי זיך אַליין... אָבער קליין קען נישט גרויס ווערן און דאָס, וואָס איז בטבע נידעריק, קען נישט דערהויבן ווערן". ס'איז אין דער רגע נישט וויכטיק צי איז זיין שטעלונג צו די גרויסע שרייבער אַ ריכטיקע. זיין שטעלונג צו די קליינע שרייבער איז זיכער ריכטיק. ס'גייט דאָ אין אויפּוויזן, ווי גרויס ס'איז געווען ניגערס פּיעטעט, ווי

שטאַרק ער האָט געוואָלט אָפּהיטן די גאַנצקייט, די האַרמאָניע פון גרויסע שרייבערישע פערזענלעכקייטן.

נישט געקוקט אויף זיין גרויסער ערודיציע אין ליטעראַרישע ענינים, האָט ער זיך נישט געהאַלטן פאַר קיין פּוסק אחרון. ער האָט זיך נישט פאַר־נומען מיט סתם פּסקנען ליטעראַרישע שאלות, ווי דאָס טוען די פּרימיטיווע, עם־הארצישע קריטיקער (קריטיקער אין געגנדזן־פּיסלעך). ער האָט געזאָגט: יאָ אָדער ניין. ער האָט דאָס אָבער געזאָגט לויטן פראַנצייזישן מאַניר. ער האָט געזאָגט מיר געפעלט יאָ, אָדער מיר געפעלט נישט. אָבער יאָ אָדער ניין האָט ער געזאָגט. ווייל אַ קריטיקער וואָס קאָן נישט זאָגן ניין, ווי דער קריטיקער וואָס זאָגט נאָר יאָ, צי בלויז ניין, די זענען קיין קריטיקער נישט.

*

שמואל ניגער האָט ווי אַ שריפטשטעלער, און אַפילו ווי אַ קריטיקער, געהאַט אַ פּרעדילעקציע צום רעאַליזם. דאָס האָט ער געירשנט פון דער רוסישער ליטעראַטור, אויף וועלכער ער האָט זיך אין דער יוגנט דער־צויגן, און וועלכע איז בעצם אַ רעאַליסטישע (מיט אירע ראָמאַנטישע, צי אַפילו סימבאָלישע אָפּנויגונגען צי צונויגונגען). ניגער האָט ליב געהאַט דעם רעאַליזם מיט די דאָזיקע צוויי נעבן־שטראָמען — דעם ראָמאַנטישן און דעם סימבאָליסטישן. ס'איז גענוג צו ברענגען איין ציטאַט בכדי צו זען ווי ווייט ניגער איז געווען פאַרליבט אין דעם רעאַליסטיש־ראָמאַנטישן סטיל און נוסח. אין זיין בוך: „דערציילערס און ראָמאַניסטן", זייטן 498־499, רעדנדיק וועגן אַשן זאָגט ער אַזוי: „אַש, דער ראָמאַנטיקער, האָט ליב לעגענדעס. ער האָט ליב אַלע ליכטיקע געשטאַלטן, וואָס די יידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט אויסגעחלומט. איז גאָר קיין ווונדער נישט, וואָס ער האָט ליב אויך די מיטאָס־געשטאַלטן, וואָס זענען אַוועק וואַנדערן אין דער וועלט און דאָרט פאַרגוייִשט געוואָרן. זיין האַרץ פרייט זיך, ווען ער קאָן זיי אַרויפ־נעמען אויף „די פליגלען פון זיין פאַנטאַזיע" און קומען מיט זיי צו פליִען צוריק אַהיים. ווי אַ קינסטלער האָט ער אַלע מאָל געהאַט מער פרייד פון פליִען, ווי פון גיין צו פוס. ער האָט, אמת, נישט קיין חשק צו פליִען צו הויך אָדער צו ווייט; אַ פליִער איז ער אָבער. יעדעס מאָל, ווען ער הייבט זיך אויף איבער דער ווירקלעכקייט, איז אָדער ער הייבט זי אויף מיט זיך, כּדי נישט צו דערווייטערן זיך פון איר, אָדער ער קערט זיך באַלד אום

צו איר צוריק; אָבער זי אַליין שטעלט אים נישט צופרידן. זיין קונסט איז אַלע מאָל געווען עפּעס אַ מין יעקבס לייטער, וואָס אַליין שטייט ער אויף דער ערד און מיט זיין שפּיץ ציט ער זיך צו די הימלען. זיין ראָמאַנטיק איז טאַקע רעאַליסטיש, אָבער זיין רעאַליזם איז ראָמאַנטיש..."

אַשס ראָמאַנטיזם איז ניגערן געווען נאָענט. ווייל דאָס איז געווען זיין אייגענער ראָמאַנטיזם, פון וועלכן ניגער האָט אין דער יוגנט געצויגן זיין יניקה. דאָס איז דער ראָמאַנטיזם פון פּושקינען און פון ביעלינסקין. דאָס איז נישט דער ראָמאַנטיזם ווי ס'געוועלטיקן גייסטער (ס'רוב שלעכטע). דאָס איז נישט דער פּאַטאַליסטישער ראָמאַנטיזם מיט זיין פאַרפאַלנקייט, נאָר דער גוטער ראָמאַנטיזם פון שבת־יום־טובדיקייט, פון דערהויבנקייט, פון שיינקייט, פון גלויבן. דאָס איז דער רעאַליסטישער ראָמאַנטיזם, וואָס האָט אין דער יידישער ליטעראַטור דערגרייכט זיין הויכפּונקט אין י. ל. פּרצעס „חסידיש" און „פאָלקסטימליכע געשיכטן" און אין שלום אַשס „דער תהילים־ייד".

ער האָט ליב געהאַט דעם רעאַליסטישן סימבאָליזם. נישט דעם פּראַג־צייזישן, פון מאַלאַרמע למשל, וואָס האָט זיך געשפּילט און פאַרשפּילט אין די סאַמע דינסטע שפּראַך־ (ווערטער־) סובטעליטעטן, וואָס האָבן באַדאַרפט זיין אַדעקוואַט צו דער סאַמע דינסטער מענטשלעכער סענסיביליטעט (חוש־שימדיקייט). ער האָט ליב געהאַט דעם לייוויק־סימבאָליזם, ווו דאָס מיטאָס־געשטאַלט פאַרקערפּערט אין זיך גורל־פּראָבלעמען, גורלדיקע פראַגעס פאַרן פאָלק, צי גאָר פאַר דעם גאַנצן מין מענטש.

ש. ניגער איז צוליב דער דאָזיקער פּרעדילעקציע געווען ווייט פון אַלע מאָדערניזמען, ווען זיי זענען בשעתּם אויף דער וועלט געקומען. און ער האָט אויך נישט באַוויינט זייער פאַרשווינדן. ער איז געבליבן טריי דעם רעאַליסטיש־ראָמאַנטיש־סימבאָליסטישן וועג, וואָס אויף אים זענען די גרעסטע פון דער יידישער ליטעראַטור געגאַנגען מיט זיכערע טריט מחיל אל חיל. זיין פּרעדילעקציע צו אַזאַ אָדער אַנדערער ריכטונג (צי ריכטונגען) אין דער קונסט, איז דעם קריטיקערס רעכט, נישט ווי אַ קריטיקער, נאָר ווי אַ לייענער און שריפטשטעלער.

אַ ליטעראַטור־קריטיקער (ווי אַ קונסט־קריטיקער) האָט סוף־כּל־סוף געענוג באַגרענעצטע קאָמפּעטענצן. ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט איז מיר שוין אויסגעקומען צו זאָגן, אַז די נאָרמאַטיוון פאַר דער קונסט באַשטימען נישט די קריטיקער. דער קריטיקער איז ווי אַ באַאַמטער אויפן צאָלאַמט. ער פירט אַדורך די רעוויזיע אויף דער גרענעץ פון ווירקלעכקייט און קונסט.

אָבער וואָס געהער יאָ צו דער וועלט פון קונסט און וואָס נישט, באַשטימען העכערע פאַר אים אינסטאַנצן, דאָס באַשטימט די קונסט אַליין.

*

ש. ניגער, ווי ס׳רוב יידישע ליטעראַטור־קריטיקער, האָט זיך דער עיקר באַשעפטיקט מיטן אינהאַלטלעכן, אידעיִשן אַנאַליז פון אָנגעשריבע־נעם ווערק. ער האָט אָבער אויך, אָפטער ווי אַנדערע, באַטאָנט די באַדיי־טונג פון פאָרמעלן, עסטעטישן אינעם ווערק. ער האָט דאָס אַזוי נישט אַנאַ־ליזירט ווי דאָס אינהאַלטלעכע, אָבער געדענקט דערין האָט ער ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט אפשר טייל מאָל געפילט, אַז זיין צוגאַנג פון אַ בעל־מוח איז אים אַ שטערונג אין פראַגעס פון קונסט. און דערפאַר האָט ער, זייענדיק ווייט פון באַהעמישער מענטאַליטעט, פאַרטיידיקט, צוליב היפּער־קאָמפּענסאַציע, אַפילו די פאַרעלטערטע לאָזונג: קונסט לשם קונסט.

שטרעבנדיק צו האַרמאָניע, צום סינטעז, איז ער אויך אַליין נישט געווען פריי פון סתירות.

*

שמואל ניגער איז געווען אַחוץ אַ שפּעדיקער ליטעראַטור־קריטיקער אויך אַ באַדייטנדיקער קולטור־טוער. זיין קולטור־טעטיקייט האָט זיך אויס־געדריקט סיי אין געשריבענעם וואָרט, סיי אין ברייט־פאַרצווייגטן טאָט. ליטעראַטור, האָט ער גוט געוווּסט, איז נישט מער ווי איין צווייג פונעם שטאַרק־צעוואַקסענעם קולטור־בוים. ער האָט געוואָלט מקיים זיין די גאַנצע יידישע קולטור. אויסדריקנדיק כמעט אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט און באַ־וויזן צו זאָגן — אויף יידיש, איז ער ווייט געווען פון עקסטרעמען יידי־שיזם, כרחוק מזרח למערב. ער איז געווען אַ געמעסיקטער. ווייט געווען פון אַלעם, וואָס האָט געקאָנט ברענגען אַ פּירוד צווישן יידן, וואָס זענען געווען (און זענען עד־היום) מפוזר ומפורד. ער האָט זיך דערווייטערט פון אַלע פאַרטייען, וואָס צו זיי האָט ער אַמאָל געהערט. אין דער יידישער ליטעראַטור האָט ער געזוכט אַ מקלט פאַר אַ סך פראַגעס, וואָס האָבן אים געמאַטערט. מיט מאָדערנע מיטלען איז ער געגאַנגען אויפן אַלטן וועג פון זוכן אַנטרינונג אין דער תורה. פאַרשקלאַפנדיק זיך אין דינסט פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור, האָט ער זיך איינציייטיק דורך איר באַ־פרייט, ווייל „אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה״.

ש. ניגער איז געווען דער גרעסטער ליטעראַטור־קריטיקער ביי אונדז. ער האָט איבערגעלאָזט די יידישע ליטעראַטור ווען איר מערכה איז אַ ביטערע. ער אַליין האָט קיינמאָל נישט פאַרצווייפלט, כאָטש נישט איין מאָל איז ער געווען פאַרביטערט. די, וואָס גלייבן אין דער יידישער ליטעראַטור, אַפילו בלויז אין איר רומפולער פאַרגאַנגענהייט, וועלן דעם נאָמען שמואל ניגער דערמאָנען צוזאַמען מיט די נעמען פון אַלע אונדזערע גרויסע שעפערס.

# פראָפ. א. י. העשל

באַלד נאָכן חורבן האָט זיך פראָפ. א. י. העשל קונה־שם געווען אין דער ייִדישער וועלט מיט זיין עסיי וועגן מזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום, וועלכן ער האָט געלייענט אויף דער ערשטער, נאָך דער וועלט־מלחמה, ייוואָ־קאָנפע־רענץ אין ניו־יאָרק. אין דעם עסיי ווערט אויף אַ ווונדערלעכן אופן גע־שילדערט די אינערלעכע וועלט פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייד. דער עסיי איז געוואָרן כּמעט אַ לעגענדע. דערשינען אין עטלעכע אויסגאַבעס אין יידיש און אויך אין ענגליש און פראַנצויזיש.

געבוירן אין וואַרשע ביי אַ פּאָטער אַ רבין, אַן אייניקל פון אַפּטער רב, ר׳ אברהם יהושע העשל (וועמענס נאָמען ער טראָגט) און פון גרויסן מגיד פון מעזריטש, דעם תּלמיד און ממלא־מקום פון בעש״ט, זצ״ל, און ביי אַ מוטער, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ דירעקטער ליניע פון בער־דיטשעווער רב, ר׳ לוי יצחק זצ״ל, איז העשל פון די ייִנגסטע יאָרן אָן אַדורכגעזאַפּט געוואָרן מיט חסידות. ער האָט זיך באַלד געשניטן אויף אַן עלוי, זיך דערוואָרבן גרויס בקיאות אין תּלמוד און אין קבלה.

אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן, ווען אין די וואַרשעווער פרומע יידישע היימען האָבן שוין פון לאַנג געבלאָזן „נייע" ווינטן, איז העשל אויך מיט זיי מיטגעריסן געוואָרן. ער פאָרט קיין ווילנע, ווו ער ענדיקט די יידי־שע רעאַל־גימנאַזיע. צו יענער צייט שרייבט ער אויך לידער אין יידיש און געהערט דעמאָלט אָן צו דער דאָרטיקער ליטעראַרישער גרופּע „יונג־ווילנע". נאָכן ענדיקן די מיטלשול פאָרט העשל קיין בערלין, ווו ער קומט אָן אויף דעם אוניווערסיטעט, אויפן פילאָזאָפישן פאַקולטעט און שטודירט איינציייטיק אויף „די האָכשולע פיר די וויסנשאַפט דעס יודענטומס", ווו ער ווערט מיט דער צייט דער אינסטרוקטאָר פאַר דעם לימוד פון תּלמוד. אין 1935, אין 800סטן געבוירניאָר פון רמב״ם, דערשיינט זיין מאָנאָגראַפיע וועגן דעם גרויסן יידישן פילאָסאָף און געזעץ־געבער. זיין פאַרגרעסערטע דאָקטאָר־דיסערטאַציע וועגן די נביאים, ווערט אין יאָר 1936 אַרויסגע־

געבן דורך דער פּוילישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע אין קראָקע, וואָס פאַרשאַפט אים גרויס אָנזען אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט.

אין יאָר 1937 ווערט ער דורך פּראָפ. מאַרטין בובער באַשטימט ווי זיין פאַרטרעטער אין דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע פאַר בילדונג פון דער־וואַקסענע און אין יידישן לערנהויז, וועלכער איז בשעתו געגרינדעט גע־וואָרן דורך פראַנץ ראָזענצווייג אין פראַנקפורט ביים מיין. אין די דאָזיקע יאָרן פולע מיט ליידן און מאַטערניש, אונטער דעם נאַצי־רעזשים, פירט אָן ד״ר העשל עקשנותדיק מיט דער לעצטער פאָזע פון דעם אָפּשטאַרבנדיקן יידישן קולטור־רענעסאַנס אין דייטשלאַנד, וועלכן די צוויי באַרימטע יידישע פערזענלעכקייטן, בובער און ראָזענצווייג, האָבן אַרויסגערופן צום לעבן.

סוף 1938 ווערט ד״ר העשל דעפּאָרטירט צוזאַמען מיט די רעשט יידן, פּוילישע בירגער, אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן שוין צענדליקער יאָרן גע־ווינט אין דייטשלאַנד.

אין וואַרשע איז ער אַ קורצע צייט לעקטאָר אין דעם אינסטיטוט פאַר יידישע וויסנשאַפטן. ער פאָרט קיין ענגלאַנד, וווּ ער גרינדעט אין לאָנדאָן אַן אינסטיטוט פאַר יידיש וויסן. אין 1940 ווערט ער אַרויסגערופן דורך דעם „היברו יוניאָן קאָלעדזש״ (סעמינאַר פאַר רעפאָרם־ראַביים) אין סינ־סינעטי, צו פאַרנעמען אויף פינף יאָר די שטעלע פון פּראָפעסאָר פאַר פילאָ־סאָפיע. זייט 1945 פאַרנעמט ער זיין איצטיקע שטעלע אין טעאָלאָגישן סעמינאַר פון דער יידישער קאָנסערוואַטיווער ריכטונג. פון זיין רעפאָרם־גלות אין סינסינעטי איז ער נישט אַרויסגעגאַנגען אַליין. עס זענען מיט אים מיטגעגאַנגען אַ ריי בעסערע תּלמידים, וועלכע האָבן זיך צוגעבונדן צו זייער רבין און מורה־דרך בלב ונפש.

*

ווען איך האָב געזאָגט, אַז העשל איז בשעתּו מיטגעריסן געוואָרן מיט די „בייע שטראָמען״, האָב איך נישט געמיינט צו זאָגן, אַז ער האָט פאַר־לאָזט דאָס יידישקייט צוליב דער וועלטלעכקייט, וואָס אַזוי איז עס בדרך כּלל געווען. אין דעם פאַל האָב איך געוואָלט זאָגן, אַז העשל האָט אויף זיין יידישן וועג מיטגענומען מיט זיך אַלץ, וואָס איז פאַר אים געווען ווערטפול אין וועלטלעכן וויסן.

די תּורה, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון זיין היים, און דאָס אַלץ, וואָס ער האָט שפּעטער געלערנט און לערנט מיט גרויס התמדה, גיט ער איבער זיינע תּלמידים און צוהערער. ער טוט דאָס אויף אַזאַ אופן, אַז

דער טיפער אינהאַלט איז שטענדיק דערלאַנגט אין אַ שיינער, דערהויבע־נער פאָרעם. ער אַליין, פּראָפ. העשל, באַצויבערט מיט זיין פּערזענלעכן חן און מיטן חן פון זיין פּערזענלעכקייט. ער איז אַ מייסטער אין שרייבן און אין רעדן יידיש, עברית, ענגליש און דייטש. ער איז שוין ווי אַ תלמיד נישט בלויז געווען אַ מתמיד מיט אַ שאַרפער תּפיסה, נאָר אויך אַ תּלמיד אָן אויפטוער און באַנייער. נאָך אין דער „האָכשולע" האָט ער זיך קעגנגע־שטעלט דער פילאָלאָגישער שיטה פון לערנען תּנ"ך. אין זיין דיסערטאַציע „די נביאים" האָט ער אָפּגעפרעגט די עקזיסטירנדיקע זייט פילאָגען מיינונג, אַז דער נביאישער אַקט איז אַן עקסטאַטישער. ער האָט נעבן דעם פּאַטע־טישן אַקט אַוועקגעשטעלט דעם סימפּאַטעטישן (מיטפילנדיקן). גאָט הייסט דעם נביא ער זאָל באַוווסטזיניק איבערלעבן דאָס וואָס ער, בכדי דער נביא זאָל קאָנען מיט אים מיטפילן. אַזוי אַרום קומט די גרויסע התקרבות צווישן גאָט און נביא. שפּעטער האָט פּראָפ. העשל די התקרבות אויסגעברייטערט אויפן מענטש בכלל.

ווי אַ טעאָלאָג זוכט ער נישט קיין מאמינים פאַר גאָט. ער האָט זייער נישט געערן מיסיע (מיסיאָן). ער זוכט אמונה פאַרן מענטש. איך וועל אָנרופן נאָר עטלעכע נעמען פון זיינע ווערק, בכדי אמבולטסטן צו כאַראַקטעריזירן זיין לערע: „דער מענטש איז נישט אַליין", „גאָט זוכט דעם מענטש". אַפילו ווי אַ טעאָלאָג איז ער אויך אַ פילאָסאָף. ער זעט קודם דאָס פּראָבלעם און וויל זיך נישט באַגנוגענען מיט אַ פון פאַרויס אָנגענומענער טעאָלאָגישער דאָגמע. זיין עיקר פּראָבלעם איז דער מענטש. (זיין איינציק בוך לידער אין יידיש הייסט: „דער שם־המפורש: מענטש"). אין דער הקדמה צו זיין דריי־בענדיק ספר אין עברית: „תורה מן השמים באספקלריה של דורות", אין וועלכן ס'ווערן באַהאַנדלט די וועגן פון הלכה און אגדה (די וועגן פון רבי ישמעאל און רבי עקיבא), זאָגט ער צווישן אַנדערע אַזוי: „כּוח און גבורה איז אין הלכה, חן און חסד — אין דער אגדה... אגדה ציט דעם מענטשנס האַרץ ווי וויין... די באַגריפן פון דער הלכה זענען גענויע, עקזאַקטע, די פון דער אגדה זענען פּאַטעטישע. הלכה שטעקט אין מסורה, אגדה איז די פּרוכט פונעם האַרץ". דאָס איז אייגנטלעך די לערע פון חסידות.

ס'איז דערביי כּדאַי צו באַמערקן, אַז פּראָפ. העשל איז דער גרינדער פון דעם חסידות־אַרכיוו ביים ייוו"אָ אין ניו־יאָרק. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי פאָרשונגען פון חסידות און יידיש. זיין ווערק „ר' מענדל קאָצקער און סירען קירקעגאַרד" און אַנדערע וואַרטן נאָך אויף זייער ריי צו באַוויזן זיך פאַר די לייענער.

פראָפ. העשל איז דער פאָרשטייער פון דעם יידישן גייסטיקן אַמעריקע. אין אַמעריקע ווירקן טיפע און שטאַרקע גייסטיקע כּוחות. פּראָפ. העשל זיצט נישט אין קיין עלפאַנטביין־טורעם. ער איז אַריינגעטאָן מיט דער גאַנ־צער נשמה אין יידישן און אין אַלגעמיינעם לעבן פון אַמעריקע. אָבער זייענדיק אויך עוסק אין כּלל־ענינים, זעט ער קודם־כּל, און אפשר גאָר אויסשליסלעך, דעם יחיד, ווייל „אין בכלל אלא מה שבפרט״.

דער מענטש מוז גלייבן אין זיך, אין זיין העכערער באַשטימונג, אויב ער וויל בלייבן אַ מענטש. גלייבן אין זיך, הייסט שטרעבן צו וואָס אַ מאָל העכערע מדרגה. אַזאַ מענטש מוז האָבן אָפענע אויגן און אַן אָפן האַרץ, פולע מיט פאַרווונדערונג פאַר דעם אַלעם, וואָס געשעט. די פאַרווונדערונג פירט דעם מענטש צו אמונה און דאָס שטרעבן צו אמונה איז דער ערשטער טריט צו איר, זאָגט פּראָפ. אברהם יהושע העשל.

„לעצטע נייעס״

# פראָפ. פישל שניאורסאָן

אין דער ברייטער יידישער וועלט האָט מען אים גערופן: פראָפ׳ פישל שניאורסאָן; די קאָלעגן פון די ליטעראַטן־פאַראיינען האָבן אים גערופן אינטים, אייגן: — פישל שניאורסאָן; זיינע אָפיציעלע נעמען און טיטלען זענען געווען: — פראָפ׳ ד״ר מעד׳ יהושע־פישל שניאורסאָן.

פון פאַך איז ער געווען אַ מעדיצינער, אַ פּסיכיאַטאָר. אָבער דער עיקר איז ער געווען אַ פסיכאָלאָג, גרינדער און באַגרינדער פון אַ נשמה־פסיכאָלאָגיע, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן מענטש־וויסנשאַפט. באַשעפטיקט האָט ער זיך מיט פסיכאָ־היגיענע און הייל־פּעדאַגאָגיק. געווען דער ערשטער און אפשר דער איינציקער ביי אונדז יידן, וואָס האָט זיך אין גלות־באַדינגונגען פאַרמאָסטן אויף אַ ברייטער פסיכאָ־היגיענישער אַרבעט, אָנגעשפּאַרט אויף געזעלשאַפטלעכע יסודות. פון אינערלעכן באַרוף איז ער געווען רבי און חסיד צוזאַמען. ער איז געווען אַ וווּנדערלעכער שמועסער און אַן ערשטקלאַסיקער רעדנער. געווען שריפטשטעלעריש זייער פּראָדוקטיוו. האָט אָנגעשריבן צענדליקער ביכער און אָפּהאַנדלונגען, וויסנשאַפט און בעלעטריסטיק. ס׳האָט אים פון די יונגע יאָרן אָן געצויגן צו נאַטור־וויסנשאַפטן, אָבער אַ געמיט און בענקשאַפטן האָט ער געהאַט קינסטלעריש.

די חסידים, דער עיקר די חב״דניקעס, האָבן אין אים, דעם אייניקל פון קאַפּוסט און בעל־התניא, געזען אַן אייגענעם, אַ זייעריקן; די „בונדאָווצעס״ האָבן אים בשעתו געהאַלטן פאַר אַ נאָענטן, ווייל ער האָט יאָרן לאַנג באַדינט די יידיש־וועלטלעכע שולן אין פּוילן, און דווקא די בונדיסטן האָבן צום מיינסטן צו אים געצויגן. די „תּרבותניקעס״ האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ פאַרבינדעטן, ווייל ער האָט געשריבן און גערעדט מיט די קינדער פון די תּרבות־שולן אין פּוילן העברעיִש; ווייל זיינע לעקציעס אין וואַרשע, אין די צוואַנציקער יאָרן, סיי אין העברעיִשן לערער־פאַראיין, סיי אין דער געזעלשאַפט ״חובבי שפת עבר״, זענען געהאַלטן געוואָרן אין אַ פרישן און בויגזאַמען העברעיִש. אויך אַנדערע פאַרטייען און ריכטונגען און חסידישע „סעקטעס״ האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ משלנודיקן.

פראָפ׳ שניאורסאָן אַליין האָט זיי אַלע מקרב געווען. ער האָט זיך גע־וואַרעמט אין זייער פייער און זיי דערוואַרעמט מיט זיין אייגן פייער. ווו ס׳איז געווען אַ ביסל התלהבות, אַבי ס׳איז געווען יידישע התלהבות; ווו ס׳איז געווען ענטוזיאַזם וואָס פאַרא ער זאָל נישט זיין, אַבי אויפריכטי־קער; ווו ער האָט געזען אַ גרייטקייט עפּעס צו געבן פון זיך, מקריב צו זיין עפּעס אייגנס, דאָרט איז ער געווען. כאָטש דאָס, וואָס האָט אַרויסגע־רופן התלהבות, האָט געקאָנט זיין נישט זיינס און אַפילו אים פרעמד.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דאָזיקן הויפּטשטריך פון זיין כאַראַקטער איז די פאָלגנדיקע געשיכטע:

נאָכן ענדיקן מעדיצין, איז ד״ר שניאורסאָן אָנגעקומען ווי אַן אַסיס־טענט אין פּעטראָגראַד, צום באַרימטן נעוראָלאָג, רעפלעקסיאָלאָג, גרינדער פון פּעטערבורגער נעוראָלאָגישן אינסטיטוט, פּראָפ׳ וו. בעכטיערעוו. עס זענען אָנגעקומען די יאָרן פון רעוואָלוציע. ס׳איז נישט געווען נישט קיין עסן און נישט מיט וואָס ווינטער צו הייצן. ווי אַן אַסיסטענט, האָט ד״ר שניאורסאָן באַקומען אַ כמעט־סימבאָלישן געהאַלט, וואָס האָט אין יענע צייטן קיין ווערט נישט געהאַט. שניאורסאָן האָט דעמאָלט געלעבט אין אויסערגעוויינטלעך־שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען.

אַ צימער האָט שניאורסאָן געהאַט צוזאַמען מיט אַ קריסט, אַ ספּעץ. ס׳זענען געווען לענינס צייטן, ווען דער מעמד פון די ספּעצן איז געווען זייער אַ חשובער. זיי פלעגן באַקומען ספּעציעלע „פּאַיאָקן״ (שפּייז און אַנדערע צוטיילונגען).

איין מאָל אין אַ פראָסטיקער נאַכט, איז דער ספּעץ אַהיימגעקומען מיט אַ פאָרציע פלייש. ווי אַ צולאָג צום פלייש, האָט ער אויך געבראַכט אַ שפּאָר בינטל האָלץ דאָס פלייש אָפּצופּרעגלען. דער קריסט האָט צעשניטן דאָס פלייש אויף פּליטשן, אונטערגעצונדן דאָס אייזערנע אייוועלע, וואָס איז שוין לאַנגע טעג נישט געווען געהייצט, און אַרויפגעלייגט די פּליטשן אויף אַ פּאַטעלניע. אין שטוב איז זיך דערוויל צעגאַנגען אַ ליבע וואַרעמקייט. ווען דאָס פלייש איז שוין געווען פאַרטיק, האָט דער קריסט העפלעך פאַר־בעטן דעם ד״ר שניאורסאָן צו דער סעודה. אויף דעם האָט ער באַקומען דעם דאָזיקן ענטפער:

— אַ גרויסן דאַנק אייך. פון אייער פלייש קאָן איך צום באַדויערן נישט געניסן, ווייל פאַר מיר איז עס טריפה, אָבער ביי אייער פייער וועל איך זיך אָנוואַרעמען...

*

פּראָפּ׳ שניאורסאָן איז געווען פול מיט גוטסקייט. זיין הייל־פּעדאַגאָגיק קאָן מען דרייסט אָנרופן די מאָראַלישע הייל־פּעדאַגאָגיק. ער האָט געקעמפט פאַר אַן אָרט אין דער וועלט פאַר יעדן גייסטיק אָפּגעשטאַנענעם קינד. אין זיין אָפּהאַנדלונג „ספּעציפישע בעגאַבונג ביי דעבילן קינדערן״ („צייט־שריפט פיר קינדערפּסיכיאַטרי״, באַזעל 1948), זעען מיר די דאָזיקע טענ־דענץ גאָר בולט. ווו אַבי נאָר עס לאָזט זיך, ווו עס איז נאָר פאַראַן די מינדסטע מעגלעכקייט, באַמיט ער זיך דאָס גייסטיק־אָפּגעשטאַנענע קינד אַרויסצוהייבן און אויפצוהייבן, געבן עס אָנזען און שאַפן דערפאַר אַן אָרט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

פאַר טיף־צוריקגעשטאַנענע קינדער, וואָס האָבן זיך אַפילו אין קיין ספּעציעלע שולן נישט אַריינגעפּאַסט, האָט ער זיך באַמיט, אומעטום ווו ער איז געקומען, אומעטום ווו ער האָט געאַרבעט, צו שאַפן שטענדיקע היימען, צי בלויז טאָגהיימען, צי אַפילו נאָר גרופּעס אונטער דער אויפזיכט פון קוואַליפיצירטע דערציִערס. ווען אַזאַ קינד האָט זיך אַפילו אין דער קליינער גרופּע נישט געקאָנט אַריינפּאַסן, ווען ס׳איז געווען, למשל, עפּי־לעפּטיש, צי נאָר שטאַרק ערעטיש, האָט ער איינגעטענהט מיט דער דער־ציִערין, אַז זי זאָל פאַרט דאָס קינד נישט באַזייטיקן פון דער גרופּע, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז גערעכט איז די דערציִערין, און נישט ער, ווייל זיין צוגאַנג צו אַזאַ קינד איז נישט געווען קיין צוגאַנג פון רעכט, נאָר פון רחמנות, נישט מיט מידת־הדין, נאָר מיט מידת־הרחמים.



עס איז געווען דער אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. די גאַנצע שטוב פון הרב ר׳ שניאור־זלמן שניאורסאָן אין האָמעל (פּראָפּ׳ שניאורסאָנס פאָטער), איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ געוואַלטיקער תשוקה צו וועלט־לעכער בילדונג. אַלע שוועסטער און ברודער פון פישל שניאורסאָן האָבן זיך געבילדעט און באַלייגט די גימנאַזיאַלע ענד־עקזאַמענס ווי עקסטערנען. און נישט נאָר דאָס הויז פון הרב שניאורסאָן, נאָר אַלע חסידישע און סתם־פרומע הייזער, זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן צו יענער צייט מיטן פייער פון בילדונג. אָבער וואָס האָט באַוויגן פישל שניאורסאָנען, דעם אוראייניקל פון בעל־התניא, דעם עילוי, וואָס איז צו פערצן, פופצן יאָר געווען אַ בקיא אין ש״ס און אין פּוסקים, געשווומען ברייט און דרייסט אין ים התלמוד — וואָס האָט באַוויגן גראָד אים צו שטודירן נאַטור־וויסנשאַפט (מעדיצין) און

נישט גייסטיקע וויסנשאַפטן, בלייבט אַ סוד פון דער זייער קאָמפּליצירטער פּערזענלעכקייט, וואָס ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט.

נאָך מיטאַרבעטנדיק מיט פּראָפ׳ וו. בעכטיערעוון האָט ער געמאַכט זיינע רעליגיאָנס־פּסיכאָלאָגישע פאָרשונגען, וואָס ער האָט שפּעטער (1919) פאַרעפנטלעכט אין דער דורך אים אַרויסגעגעבענער צייטשריפט „קדימה" אין קיִעוו. ווען פּראָפ׳ שניאורסאָן האָט אין יאָר 1919 געגרינדעט ביי דער קיִעווער אוניווערסיטעט אַ סעמינאַר און אַ קליניק פאַר פּסיכאָלאָגיע און פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגיע פון קינדער, האָט ער שוין דעמאָלט געלייגט דעם יסוד פאַר זיין אינטימער, נשמה־פּסיכאָלאָגיע, וואָס ער האָט שפּעטער אָנגערופן „מענטש־וויסנשאַפט".

איך גלויב, אַז געווירקט אויף שניאורסאָנען ער זאָל אַוועקגיין פון עקספּערימענטן, פון דער רעפלעקסיאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע צו אַ נשמה־פּסיכאָלאָגיע האָט דער מערקווירדיקער פאַקט, וואָס מיר זעען אים אין דער געשיכטע פון דער מעדיצין. שטודירנדיק די געשיכטע פון מעדיצין ווערט אונדז אויפפאַלנדיק דער פאַקט, אַז דווקא אין דער צייט פון גרויסן אויפשטייג פון די נאַטור־וויסנשאַפטן, ווען אַלע צווייגן פון דער מעדיצין האָבן זיך געוואַלטיק גיך אַנטוויקלט, האָט זיך די פּסיכיאַטריע געפונען בשפל המצב. ערשט ווען די פילאָסאָפיע האָט זיך באַפרייט פון אירע פאָרמאַליסטישע ראַמען, ערשט פון וו. דילטיי אָן, און דער עיקר זינט אַנרי בערגסאָנען מיט זיין אינטויִציאָניזם, מיט זיין צוריקגיין צו דער מעטאַפיזיק, ערשט זינט דעמאָלט האָט זיך די פּסיכיאַטריע באַפרייט פון די עיקרדיקע דייטשע פּסיכאָפּאַטאָלאָגישע שולעס און איז אַרויף אויפן וועג פון טיפן־פּסיכאָלאָגיע, וואָס האָט געעפנט גרויסע מעגלעכקייטן פאַר דער מאָדערנער פּסיכיאַטריע.

פּראָפ׳ שניאורסאָן איז געווען בעצם אַן אָפּטימיסט און זיין לערע איז אַן אָפּטימיסטישע. ער האָט געגלויבט, און באַמיט זיך אויפצוווייזן, אַז נישט נאָר אויסנאַם־מענטשן, נאָר אויך יעדער פּשוטער מענטש טראָגט אין זיך אוצרות מיט מעגלעכקייטן און קאָן אין אויסנאַם־צושטאַנדן דערגרייכן אַ געוואַלדיקע עקספּאַנסיע פון זיינע ביז איצט דרימלענדיקע פּסיכישע כּוחות. ער האָט זיין בוך „מענטש־וויסנשאַפט" געווידמעט דעם סתם־מענטש. „דער לעצטער קאָן זיין דער ערשטער", איז ביי אים געוואָרן ממש אַן אַקסיאָמע, ווייל דאָס אַנטשפּרעכט דעם נביאישן „אשכון ואת דכא ואת שפל רוח". ער האָט די דריי פּסיכישע אַרטן, אין וועלכע ער האָט איינגעטיילט דאָס מענטש־לעכע פּסיכישע לעבן, אָנגערופן מיט שילדערס טערמין „ספערן". ער האָט ליב געהאַט דעם טערמין „ספערע".

די דריי פּסיכישע אַרטן, די דריי ספערן, נעמלעך: דאָס נאָרמאַל־באַ־וווסטזיין, דאָס ספעריש־פּרימיטיווע און דאָס ספעריש־אינטימע, זענען, לויט אים, נישט אָפּגעטיילט פון זיך. פאַרקערט, זיי זענען מיט זיך פאַר־בונדן און שאַפן איין דינאַמישע גאַנצקייט. אויך קאָנען עלעמענטן פון איין ספערע זיך געפינען אין דער צווייטער.



פישל שניאורסאָן האָט געהאַט אַן איינגעבוירענע געוואַלדיקע תשוקה משפיע צו זיין. יעדע לעקציע זיינע אין וואַרשע, צי אין ניו־יאָרק, האָט געצויגן צו זיך טויזנטער צוהערערס. ער האָט באַזיצט די טעכניק און די חכמה (אָדער די טעכנישע חכמה) צו פאַראינטערעסירן גאָר ברייטע מאַסן מיט אַ וויסנשאַפטלעכער טעמע.

ווי אַ שרייבער, אַ מענטש מיט אַ קינסטלעריש אויג, האָט ער זיך טייל מאָל באַנוצט מיט אַ בילדערישער שפּראַך. ס׳האָט זיך געטראָפן, אַז אַנשטאָט אַ דעפיניציע האָט ער געגעבן אַ בילד ווי אַ משל, נאָר זיינע בילדער זענען געווען שטענדיק שניידנדיק מיט זייער איבערצייגעוודיקייט, שאַרפזיניק און פּשוט, אַדעקוואַט און ערלעך. זאָל מיר דערלויבט זיין צו ברענגען איינעם פון זיי.

אַ צוהערערין פון שניאורסאָנס אַ הייל־פּעדאַגאָגישן סעמינאַר האָט אים געפרעגט:

— וואָס איז דער חילוק צווישן אַ גייסטיק־אָפּגעשטאַנענעם און אַ גייסטיק־קראַנקן?

אויף דעם האָט פּראָפעסאָר שניאורסאָן געענטפערט:

— אַ גייסטיק־אָפּגעשטאַנענער איז אַן אָרעמאַן. ער פאַרמאָגט פאַר דריי גראָשן גייסט. אונדזער אויפגאַבע, ווי הייל־פּעדאַגאָגן, איז, אַז ער זאָל זיך מיט זיינע דריי גראָשן גייסט קאָנען ווי עס איז אַן עצה געבן אין לעבן. ער זאָל פאַר זיינע אָרעמע דריי גראָשן קאָנען מאַכן שבת. אַ גייסטיק־קראַנ־קער קאָן זיין זייער רייך, ווער ווייסט דען וואָס עס טוט זיך אַלץ אָפּ אין דער פאַרהוילענער וועלט פון אַ גייסטיק־קראַנקן? וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז אין אונדזער מדינה, אין דער מדינה פון נאָרמאַלע מענטשן, האָט זיין מטבע נישט קיין אומגאַנג, נעמט מען זיין מטבע נישט אָן...

אין דער צייט פון אָנוואַקסנדיקן, ברוטאַלן מאַטעריאַליזם, איז שניאור־סאָן געווען און פאַרבליבן אַ ראָמאַנטיקער. פאַר זיין אַרבעט האָט ער גע־

דאַרפֿט האָבן אַ געהעריקע אַטמאָספערע, סביבה, און אַ לייטזעליק־אָפֿן אויער, וואָס זאָל אויפֿנעמען זיינע כּסדר נייע אַרבעטס־פּלענער און איינ־פֿאַלן.

ער איז געווען אַ סענסיטיווע און אומרויִקע נאַטור. די צוויי גרויסע יידישע צענטערס: דער פֿון פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן און דער פֿון צפֿון־אַמע־ריקע, האָבן אים געצויגן צו זיך. ביז ער האָט זיך אין 1937 באַזעצט אין ארץ־ישׂראל, האָט ער זיין צייט געטיילט צווישן די צוויי אויבן דערמאָנטע צענטערס. אָבער צום בעסטן האָט ער זיך דעמאָלט געפֿילט אין פּוילן.

אין פּוילן האָט ער אויך באַלד געפֿונען אַן אָפֿן אויער פֿאַר אַלע זיינע פּלענער ביים דעמאָלטיקן גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון „טאָז", ד"ר לייב וואָל־מאַן *). די יידישע וועלטלעכע שולן (פֿון צישאָ) און, דער עיקר, די מעדעם־סאַנאַטאָריע — איז פֿאַר אים געווען אַן אייגענע, האַרציקע היים. אין פּוילן איז געווען שניאורסאָנס סאַמע פּראָדוקטיווסטע צייט הן ווי אַ וויסנשאַפֿט־לער הן ווי אַ בעלעטריסט.

מיר דערמאָנען זיך אַ באַנקעט וואָס די לערערשאַפֿט פֿון די יידישע שולן האָט איינגעאָרדנט פֿאַר שניאורסאָנען אין דער שול אויף קראָכמאַלנע אין וואַרשע, ערב אייִנער פֿון זיינע רייזעס קיין אַמעריקע: ס'האָבן דעמאָלט גערעדט שלמה מענדעלסאָן און, ייבדל לחיים, יעקב פּאַט. שלמה מענדעל־סאָן האָט גערעדט וועגן די אויפֿטוען פֿון שניאורסאָנען פֿאַרן יידישן שול־וועזן, וועגן זיינע באַמיִונגען צו באַפֿרייען די שול פֿון דער האַמעטנעקייט פֿון דער עקספּערימענטאַלער פּעדאַגאָגיק. ס'איז געווען די צייט פֿון ביר־גערקריג אין שפּאַניע. יעקב פּאַט האָט אויף זיין כאַראַקטעריסטישן, בילדע־רישן אופֿן געשילדערט אַ געזעגנונג צווישן אַ מאַמען און איר זון, וואָס איז אַוועק ווי אַ פֿרייוויליקער קעמפֿן אויף דער זייט פֿון די רעפּובליקאַנער. פּאַט האָט אויף אַ זייער דעליקאַטן אופֿן געגעבן שניאורסאָנען אָנצוהערן, אַז עס וואָלט גוט געווען אין אַזאַ גורלדיקער צייט זיך אַרויסצוזאָגן און זיך שטעלן אויף דער זייט פֿון די, וואָס קעמפֿן פֿאַר אַ וועלט פֿון סאָציאַלן יושר. און שוין דעמאָלט האָט שניאורסאָן אין זיין ענטפֿער אָנגעוויזן, אַז קאַרל מאַרקס האָט וועגן אַלץ און אַלעמען געזאָרגט, וועגן אַלץ און אַלע געדענקט — נאָר אין מענטש האָט ער פֿאַרגעסן...

---

* זע: פֿישל שניאורסאָן: „דער קאַמף פֿאַר יידישער פּסיכאָ־היגיענע", „יידישער קעמפֿער", ניו־יאָרק, 6 סעפּטעמבער, 1957.

## יחיאל האָפּער



פּישל שניאורסאָן האָט געהאַט אַ טיף־קינסטלערישע נשמה. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער וועלט אַ פאַרוווּנדערטער פון אירע שיינקייטן און געניאַליטעטן. אין דער דאָזיקער שיינער און געניאַלער וועלט איז ער, דער אַנטציקטער, געווען טיף באַזאָרגט וועגן דעם קיום פון זיין אומה. זיינע ביכער: די קאַטאַסטראָפאַלע צייטן און די וואַקסנדיקע דורות און יידן און פעלקער־פּסיכאָלאָגיע, זענען פּאַקטיש אויסדרוקן פון דער דאָזיקער זאָרג זיינער.

ווי אַ בעלעטריסט, איז פּישל שניאורסאָן געווען אַן אינטעלעקטועלער שרייבער. זיין אופן איז באַשטאַנען אין פאַרפיקסירן שרייבעריש אַן אידייע. ער שילדערט אידייען און נישט קיין בילדער. איר וועט זעלטן ביי אים טרעפן באַשריבן אַ ברייטערן פּייזאַזש. ער שפּרייט דערפאַר ברייט פונאַנדער אַן אינערלעכן גייסטיקן פּייזאַזש פון זיין העלד, צי העלדן. אין חיים גראַוויצער — דעם בעלעטריסטישן בוך וואָס איז אַ יחיד במינו — האָט ער אין די ראַנגלענישן פון אַ באַדייטנדיקן יחיד געוויזן די ראַנגלענישן פון גאַנצע דורות. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, אין זיין בוך יידן און פעלקער־פּסיכאָלאָגיע, אָנווייזנדיק אויף די קאָלעקטיווע יידישע קולטור־שאַפונגען, אויף די גייסטיקע מאַסן־באַוועגונגען, אויף די תקופות פון דער השכלה, חסידות, מוסר א״אַ, וואָס בילדן די געשיכטע פון דער יידישער פאָלקס־געניאַליטעט, האָט ער אייגנטלעך פאַרקאָלעקטיוויזירט דאָס, וואָס ער האָט אין חיים גראַוויצער פאַריחידישט.

פּישל שניאורסאָן איז געווען אַ וועלטלעך־רעליגיעזער מענטש, אַ שומר־המצוות. ווי אַ רעליגיעזער מענטש, האָט ער אין זיין וועלט־השקפה געשטרעבט צום מאָניזם. פאַרשטייט זיך, צו אַ גייסטיקן מאָניזם. און דאָ איז געלעגן די טראַגעדיע. שניאורסאָן איז געווען אַ מעדיצינער, און דאָס האָט אים געבונדן מיט דער נאַטור־וויסנשאַפטלעכער דיסציפּלין. ער האָט געמאַכט אַ פּשרה. ער האָט גערעדט און געשריבן וועגן מענטש ווי וועגן אַ פּסיכאָ־פיזישער גאַנצקייט, וועגן אַ שותּפות ווו נשמה און גוף זענען גלייכע בעל־הבתים, אָבער נישט אַלע מאָל האָט דאָס שותּפות אויסגעהאַלטן. נישט אַלע מאָל האָט דער חשבון געשטימט. דאָס איז אייגנטלעך די גענעזע פון חיים גראַוויצער.

חיים גראַוויצער איז אין זיין פאַנטאַסטישן וועלטבאַנעם דערגאַנגען ביז עקסטאַז, עד כלות־הנפש. ער האָט געפילט און געזען אַז אין עוד מלבדו,

אַז אַחוץ גאָט איז אויף דער וועלט מער גאָרנישט פֿאַראַן. זיין עקסטאַז איז איבערגעגאַנגען אַלע ברעגעס, געבראָכן אַלע צוימען. ער איז דערגאַנגען ביז ביטול היש. ס׳האָבן זיך ביי אים פֿאַרווישט די גרענעצן צווישן גוף און נשמה, צווישן דער וועלט און יענער וועלט, צווישן לעבן און טויט. אַלע קערפּערלעכע נסיונות זענען אים נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט זיי אויפֿגעהערט פֿילן.

ווען ער איז געוואָר געוואָרן אַז זיין איינציקער זון, יאָסעלע, אַ צדיק ותמים, איז געשטאָרבן, האָט ער די בשׂורה אויפֿגענומען מיט געזאַנג פֿון „אין עוד מלבדו". צום קבר האָט מען זיין זון געטראָגן מיט עקסטאַטישן געזאַנג. ווען מען האָט יאָסעלען אַראָפּגעלאָזט אין קבר אַריין, האָט זיך דער עקסטאַז נאָך מער פֿאַרשטאַרקט, דאָס געזאַנג איז געגאַנגען עד לב השמים. אָבער, ווען חיים גראַוויצער האָט דערזען ווי גרודעס נאַסע, פֿוילע ערד פֿאַלן אויפֿן איידעלן גוף און אויסגעצערטלטן פּנים פֿון זיין בן־יחיד, האָט ער זיך איינגעבראָכן. „עפּעס" אַן „עמעצער" האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָ איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, אַז ס׳איז נישט דאָס וואָס עס דאַרף זיין, אַז עפּעס שטימט דאָ נישט...

ווי אַן אונטערגעשאָסענע חיה איז חיים גראַוויצער אַוועק פֿון קבר פֿון זיין איינציק קינד, אָן צו זאָגן קדיש. ער איז אַוועק פֿון בית־הקברות, אַוועק ערגעץ־ווו אין דער וועלט אַריין.

פ. שניאורסאָן, ווי אַ רעליגיעזער מענטש, האָט געפֿירט זיין העלד דורך פֿאַרשידענע גילגולים און, פֿאַרשטייט זיך, אים לסוף צוריקגעבראַכט צו דער דערקענטעניש, אַז אין עוד מלבדו. אָבער חיים גראַוויצער איז שוין דעמאָלט געווען אַ בעל־תשובה. אַ בעל־תשובה איז טאַקע מער ווי אַ צדיק, אָבער שוין פֿאָרט נישט קיין צדיק...



פֿישל שניאורסאָן האָט פֿאַרמאָגט אָן אַ שיעור פּערזענלעכן חן. וועגן דעם ווייסן נאָר די, וואָס האָבן אים באמת גוט געקענט. אָבער אַפֿילו דער אָרום, זיין ווייטע סביבה, האָט געקענט פֿון זיין שאַרפֿזין און חכמה. ער איז געווען אַ יום־טובדיקער מענטש. געקאָנט זיך אַ הייב־אויף טאָן פֿון דער טאָג־טעגלעכקייט מיט אַ זעלטענער לייכטקייט. אין זיינעם אַ פּשוטן שמועס איז שטענדיק געווען עפּעס נייעס, איבערראַשנדיקס. פֿון אַ דרך־אַגבדיקער באַמערקונג האָט ביי אים געקאָנט אַרויס אַ שמועס וועגן זאַכן, וואָס שטייען ברומו של עולם.

יחיאל האָפער

זינט דעם יאָר 1937 האָט פּראָפ׳ שניאורסאָן געוווינט אין ארץ־ישׂראל, אין תל־אביב, וווּהין ער איז איינגעלאַדן געוואָרן אויפן אַמט פון לייַטער פון דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פאַר גייסטיק־אָפּגעשטאַנענע קינדער ביי דעם דערציִונגס־וועזן פון תל־אביבער מוניציפּאַליטעט. ער האָט אויך דאָ אָנגעפירט מיט אַ באַראַטונגס־ און פאָרשונגס־שטעלע. אָבער עס געהערט צו די פּאַראַדאָקסן פון דעם היגן יישוב, וואָס דווקא די לינקע און די עקסטרעם־לינקע קרייזן זענען גאָר הייסע חסידים פון דעם פּסיכאָאַנאַליז...

אין ארץ־ישׂראל האָט פּראָפ׳ שניאורסאָן אַ סך געאַרבעט, געשריבן וויסנשאַפטלעכע ביכער, נייע און פריש־באַאַרבעטע. אין דער צייט פון אומקום פון די יידן אין אייראָפּע האָט ער געגרינדעט אַ געזעלשאַפט „אל דמי״. אַפּעלירט צום געוויסן פון דער וועלט. געפּרוווט אויפרודערן די עפנטלעכע מיינונג קעגן די דייטשע רציחות איבער מיליאָנען יידן.

אין 1948 איז ער דעלעגירט געוואָרן אין די די־פּי־לאַגערן אין דייטש־לאַנד, אונטערצוזוכן דעם פּסיכישן מצב פון דער שארית־הפליטה. די רע־זולטאַטן פון זיינע פאָרשונגען האָט ער פאַרעפנטלעכט אין אַ ריי אַרבעטן. ער האָט געגרייט אַ גרויסע פּסיכאָלאָגישע אַרבעט וועגן די יאָרן פון די דייטשע שחיטות איבער יידן, וואָס ס׳איז דאָ אָנגענומען פאַלש צו באַצייכע־נען מיטן וואָרט: שואה (קאַטאַסטראָפע).

פישל שניאורסאָן שבעל־פּה איז אפשר פונקט אַזוי וויכטיק געווען ווי פישל שניאורסאָן שבכתב. ער איז געווען אַ פּזרן. זיינע געדאַנקען, בליצי־קע איינפאַלן, אידייען, פּראָיעקטן, סתם שאַרפזיניקייטן, האָט ער געוואָרפן מיט אַ ברייטער האַנט, אַזוי כּלאחר־יד, ווי נאָר אַ מענטש וואָס איז גע־בענטשט מיט גייסטיקער שפע קאָן דאָס טאָן. ער איז געווען אין אַ כּסדר־דיקן טראַנס. מלא וגדוש מיט מחשבה. זיין שאַרפער מוח האָט קיין רגע נישט גערוט.

ער האָט געהאַט אין זיך דעם חסידישן ברען. געווען אַ מעורב בין הבריות. ליב געהאַט זיך צו לאָזן הערן ברוב־עם, ווייל: „ברוב־עם הדרת־מלך״.

דער אַכזריותדיקער טויט האָט צו דעם אַלעם אַ סוף געמאַכט.

# דוד זכאי
# „לאָמיר לייענען אין דער אגדה״

דוד זכאי ״נקרא באגדה״. הוצ. „מחברות לספרות״. תשכ״ה.

דאָס איז דוד זכאי, דער מחבר פון „קצרות״, וואָס פאַרבעט אונדז דאָס מאָל צו לייענען צוזאַמען מיט אים אין דער אגדה.

שוין אין נאָמען פון דעם ספר ליגט די פּעדאַגאָגישע חכמה פון זכאי. נישט ער לייענט אין דער אגדה, ער פאַרגיט נישט צו מאַכן אַ שיעור, אַ לעקציע, אין דער אגדה, נאָר זעצט זיך אַליין אַוועק מיט די לייענער אויף דער שילערבאַנק בכדי צוזאַמען און נאָך אַ מאָל איבערחזרן און דערמאָנען וואָס איז אים ליב און טייער און וואָס ער האַלט, און מיר מיט אים, פאַרן יסוד פון אונדזער יידישער עטיק.

שוין אין זיינע „קצרות״, אין זיינע קורצע אויפזאַצן, וועלכע ער פאַר־עפנטלעכט ביי פערציק יאָר אין „דבר״, בינדט זכאי שטענדיק אָן אין אַן אַקטועל געשעעניש, טייל מאָל אין אַ מענטש, אָדער אַ בוך, אָבער נאָר אין אַזאַ, וואָס האָט נישט נאָר אַ באַדייטונג פאַר אונדזער הווה, נאָר אויך פאַר אונדזער עתיד. און אַוודאי טוט ער דאָס ביים אויסקלייבן די אגדות פאַר זיין ספר. ער האָט צוגעקליבן אַזעלכע, וואָס זענען נישט נאָר אַקטועל אין אונדזער היינטיקער צייט, נאָר וועלן זיין שטענדיק אַקטועל, אויך אַזעלכע וואָס האָבן אַ באַדייטונג פאַר אונדזער יידישער אייביקייט.

לאָמיר אויסרעכענען די קעפּ בלויז פון עטלעכע קאַפּיטלען, אין וועלכע ס'זענען גרופּירט אגדות פון זעלבן, צי ענלעכן אינהאַלט: „פּרנסי ציבור״, „הפּרט וצרת הרבים״, „הכנסת אורחים״, „צדקה״, „שלום ומחלוקת״, „אָדם״ (וועגן מענטש, זיין גרויסע באַדייטונג, זיינע אויפגאַבן, זיין מהות אאַז״וו), „גידול בנים״ (קינדער־דערציונג), „בין ישראל לעמים״ (דער חילוק צווישן די יידן און אַנדערע פעלקער), „יסורים שבאים על ישׂראל״ (די יסורים וואָס קומען אויף די יידן) און אַ סך אַנדערע.

דוד זכאי האָט גענומען די אגדות פון אומעטום: פון תּלמוד בבלי, ירושלמי, פון תּוספתּא מדרש רבא און תּנחומא, פון תּנא רבי אליהו און אַנדערע מקורות.

ביי טייל קאָן בקיאות זיין גאָר אַ שטרויכלונג ביים מאַכן אַן אויסקלייב, פּונקט ווי ביי טייל איז דאָס גרינטלעכע קענען פון אַ שפּראַך אַ מאָל אַ שטערונג צו ברענגען דאָס ריכטיקע וואָרט. נישט אַזוי ביי דוד זכאי. זיין גרויס בקיאות אין דער אגדה איז אים געווען אַ הילף. פּונקט ווי זיין גרויסע בקיאות אין עברית איז אים אַ הילף אין זיינע „קצרות״, אין דער דאָזיקער געפּרעסטער פאָרעם, צו געפינען דאָס סאַמע ריכטיקסטע וואָרט, די אַדעקוואַטסטע באַצייכענונג. ער ברענגט נאָר די אגדות, וועלכע זענען געווען און קענען זיין דער מורה־דרך, דער וועגווייזער פאַר דעם יידישן מענטש אין דער צייט פון דער גרויסער מבוכה, פון דער גרויסער צעטומלונג, וועלכע הערשט אין דער וועלט, און ליידער אויך ביי אונדז.



די אגדות, וועלכע זענען אין מקור אין אַראַמיש, זעצט דער מחבר איבער אין אַ קלאָרן, דורכזיכטיקן עברית. שווערע עברית ווערטער — פאַרטייטשט ער מיט לייכטערע. ער גיט אָן דעם שורש פון יעדן וואָרט, וואָס האָט זיין מקור אין אַ פרעמדער שפּראַך. די אגדות אין טעקסט פון ספר זענען געדרוקט מיט ניקוד.

פאַר יעדער אגדה, דאָס הייסט פאַר יעדער דרוש, סיפור, צי סתם אימרא פון דער אגדה, ברענגט זכאי זיינס אַ קורצע אויפקלערונג אין וועלכער ער איז מסביר, צו וואָס האָט דער בעל־אגדה מכוון געווען. ער ווייזט אָן די ספּעציפישע אייגנשאַפטן פון יעדער אגדה, אַזוי די אינהאַלטלעכע, ווי די ליטעראַרישע (סטיליסטישע דער עיקר). ער ווייזט אויך אָן אויף די אונטערשיידן אין צוגאַנג צו דעם זעלבן אינהאַלט פון די פאַרשידענע בעלי־אגדה.

אגדות זענען נישט בגדר הלכה. זיי פאַרפליכטן נישט. אָבער געווען צייטן, ווען די אגדה האָט אפשר געהאַט מער השפּעה אויפן פירעכץ פונעם יידישן מענטש, מער ווי הלכה. די אגדה האָט געפּאַנגען דעם מענטשנס האַרץ און גערעדט, אַפּעלירט צו זיין כוח־הדמיון.

נאָך יעדן דרוש, סיפור, צי אימרא פון דער אגדה, ברענגט זכאי ווידער עפּעס פון זיך. אָבער דאָס איז שוין קיין אויפקלערונג, נאָר כ׳וואָלט געזאָגט עפּעס ווי אַן אינוואָקאַציע, אַ געבעט צום לייענער ער זאָל עפענען זיין האַרץ פאַר די שיינקייטן און טיפקייטן פון דעם געבראַכטן פון דער אגדה. ער טוט דאָס מיט קאַרגע אָבער איבערצייגעוודיקע ווערטער און מיט זיין לאַקאָנישן סטיל, קורץ אָבער פול.

„פֿאַראַן, שרייבט דער מחבר, אַ ספּעציעלער מין משלים, וועלכע זענען אָפּט אין דער אגדה, דאָס זענען די משלי־מלכים. און די מלכים זענען על־פּי רוב מלכים פֿון די אומות העולם, מלכים פֿון גריכנלאַנד און רוים". אין די דאָזיקע משלים געפֿינט מען אַ סך גריכישע און לאַטייִנישע ווערטער. און דער מחבר פֿאַרטייטשט זיי אַלע.

ווען ער ברענגט אַ נאָמען פֿון אַ תּנא, צי פֿון אַן אמורא, גיט ער דערביי אַ קורציטשקע „ביאָגראַפֿיע" פֿון אים: ווו געבוירן? ווען געלעבט? און טייל מאָל אויך עפּעס וועגן דעם תּנא, צי אמורא גופֿא. אַזוי אַרום גיט דער מחבר אַ היסטאָרישן פֿאָן, אַ רקע דעם געבראַכטן פֿון דער אגדה. ער בינדט דאָס געזאָגטע צו צו זייַן צייַט. דאָס געזאָגטע, צי דערציילטע איז נישט אָפּגעריסן פֿון דער דעמאָלטיקער ווירקלעכקייט, נאָר פֿאַרקערט, צוגעבונדן און צוגעשמידט. אַזוי אַרום פֿאַרזיכערט מען די אגדה איביקן דויער. ווייל נאָר דאָס, וואָס האָט זייַן אָרט אין אַ באַשטימטער צייַט, נאָר דאָס קאָן דויערן.



אַ באַזונדער אָרט פֿאַרנעמען אין דעם ספֿר דערציילונגען וועגן דעם לעבן, מעשׂים און אַרויסזאָגונגען פֿון באַרימטע חכמים פֿון דער משנה און גמרא. כ'וועל נאָר אויסרעכענען עטלעכע פֿון זיי.

דער מחבר הייבט אָן מיט רבי שמעון בן שטח, דער פֿירער פֿון די פּרושים, וואָס האָט געלעבט אין דער צייַט פֿון מלך אַלכּסנדר ינאַי, און זייַן ווייב, די מלכּה שלומציון, איז געווען רבי שמעון בן שטחס אַ שוועסטער. אַלכּסנדר ינאַי האָט פֿאַרפֿאָלגט די פּרושים, אָבער ווען זייַן ווייב, די מלכּה שלומציון האָט געקיניגט נאָך אים, זענען אין סנהדרין געזעסן בלויז פּרו־שים און רבי שמעון בן שטח איז געווען דער נשׂיא פֿון סנהדרין. אויף אים ווערט געבראַכט אין דער גמרא, אַז ער האָט צוריקגעברענגט די תּורה צו איר אַמאָליקייט (איר אַמאָליקער גרויסקייט). דערביי פֿאַרגעסט נישט זכאי צו דערמאָנען, אַז דער נאָמען פֿון רבי שמעון בן שטח ווערט איצט דערמאָנט אַ סך, אַ דאַנק אַ ניי בוך „מלך בשׂר ודם", אין וועלכן רבי שמעון בן שטח איז איינער פֿון די הויפּטהעלדן.

דערנאָך ווערט דערציילט וועגן רבי חנינא בן דוסא. אין דעם פֿאַל, זענען די אגדות פֿול מיט פֿאַנטאַסטישע געשיכטעס, פֿול מיט איבערנאַטיר־לעכן, וואָס ווערט וועגן רבי חנינא בן דוסא דערציילט אין דער גמרא. פֿון אים אַליין זענען געבליבן סך־הכּל עטלעכע מאמרים אין די פּרקי־אָבות,

אָבער זיין לעבן איז פול מיט געהויבנקייט, מיט די שענסטע מעלות און מידות טובות. ער איז צווישן די פּערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן, וואָס ווערן אָנגערופן „חסידים ראשונים״, אָדער „אנשי מעשׂה״, וואָס נישט דער עיקר איז ביי זיי געווען דאָס לערנען, נאָר די מעשׂים.

ס׳ווערט דערציילט אין דעם ספר וועגן הלל הזקן, וועגן דעם צווייטן רבי גמליאל פון יבנה, וועגן ר׳ יהושע בן חנניה, וועגן רבי טרפון, וועגן רבי עקיבא, וועגן רבי מאיר און וועגן זיין ווייב ברוריה (אַ קורץ אָבער אַ גאַנץ קאַפּיטל), און אַפילו וועגן זיין רבין אלישע בן אבויה (אחר), וועלכער איז אַרויס לתרבות רעה, און זיין תּלמיד רבי מאיר איז געווען זיכער, אַז פאַרן טויט האָט ער תּשובה געטאָן.

אַ סעריע בילדער פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע פון יידישן גייסט. גרויס אין זייער חכמה, אין זייער אינטעלעקט און גאָר גרויס אין זייערע מידות און מעשׂים.

דוד זכּאיס פאַרדינסט באַשטייט דער עיקר דערין, וואָס ער האָט צווישן אַלע אימרות און סיפּורים פון דער אגדה אויסגעקליבן די, וועלכע מען קאָן דירעקט פאַרבינדן מיט אונדזער צייט. ער האָט דאָס אָנגעוויזן אויף זיין לאַקאָנישן אופן אין די פינף ווערטער אין קאָפּ פון ספר: נקרא באגדה כפשוטה ולאור ימינו, לאָמיר לייענען אין דער אגדה ווערטלעך און אינעם ליכט פון אונדזער צייט. אונדזער צייט דאַרף דאָס אַלץ, וואָס אונדזערע חכמים האָבן געטאָן און געזאָגט, נויטיק האָבן.

און פאַר דעם איידעלן געשמאַק אין זיין שרייבן, און פאַר זיין קלוגן און קלאָרן אופן פון הסברה קומט דוד זכּאין אַ האַרציקער יישר־כּוח.

„לעצטע נייעס״

# אריה מערזער
# דער אייגנאַרטיקער יידישער קינסטלער

## א

ער איז געווען אַן עכט־יידישער קינסטלער. זיין עכט־יידישקייט איז נישט נאָר בולט אין זיין טעמאַטיק, נאָר זי איז געווען בולט אין זיין גאַנצן מהות, אין זיין גאַנץ וועזן, אין זיין טראַכטן און אין זיין פאַרטראַכטקייט, אין זיין אופן רעדן, פאַרהאַלטן זיך. אין זיין הצנע־לכתדיקייט איז ער גע־ווען עכט יידיש, אַ פאַרגאַנצטער ייד, פאַרפאַנצערט פונעם אַרום מיט זיין יידישער גאַנצקייט.

געשטאַמט האָט ער פון אַ וואַרשעווער פרום־יידישער חסידישער משפּ־חה, אַ רייכע אין קינדער. ער אַליין, אריה, איז געבוירן געוואָרן אַ באַשאַנ־קענער פון דער קינסטלערישער השגחה מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע. ווען ער האָט אין חדר געלערנט חומש, האָט ער דאָרט נישט נאָר געהערט אויסזינ־גען וועגן די אָבות, וועגן יעקבס לייטער און די מלאכים וואָס גייען אויף דער לייטער אַרויף און אַראָפּ, נאָר ער האָט דאָס אויך אַלץ געזען, געזען בפּועל ממש. און דאָס איז דאָך דער כּוח פון פאַנטאַזיע, צו זיין בכּוח מאַכן פון דער פאַנטאַזיע אויס פאַנטאַזיע, מאַכן זי פאַר אַווירקלעכקייט.

שפּעטער, ווען מערזער איז אונטערגעוואַקסן און געזען פאַר זיך זיין וועג ווי אַ קינסטלער, האָט ער צו רעאַליזירן זיינע פאַנטאַזיעס זיך אויס־געקליבן דעם שווערסטן וועג. ער האָט זיי אויסגעהאַמערט אין קופּער, אין מעש (און טייל מאָל אויך אין זילבער).

ער האָט פאַר זיך אויסגעקליבן דעם שווערסטן וועג אין דער קונסט, ווייל דער וועג האָט אַזוי גוט געפּאַסט צו זיין עכט־יידישקייט, ווייל אויך וועגן דער קונסט, האַמערן אין מעטאַל (מעטאַלאָפּלאַסטיק) איז ער קודם־כּל געוויר געוואָרן פון חומש, ווען ער האָט געלערנט, ווי גאָט האָט געזאָגט צו משהן: זע, איך האָב באַרופן בצלאל דעם זון פון אורי דעם זון פון חורן און איך האָב אים אָנגעפילט מיט גאָטס גייסט, מיט חכמה און פאַרשטענדי־קייט און אין וויסן און אין יעדער מלאכה, צו פאַרטראַכטן פאַרטראַכטונגען און זיי פאַרווירקלעכן אין גאָלד, אין זילבער און אין קופּער.

דווקא דעמאָלט, ווען די אַזוי גערופענע מאָדערנע קולטור, האָט ביי די יידן אַרויסגערופן אַ רעוואָלט קעגן דעם פאַרבאָט „לא תעשה לך פסל וכל תמונה״, און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ פּלעיאַדע יידישע קינסטלער, מאָלער און סקולפּטאָרן, איז די דאָזיקע עלטסטע קונסט ביי יידן (מעטאַלאָפּלאַס־טיק), וועלכע איז מיט דער צייט געהאַט געוואָרן אַ קונסט פון אָרנאַמענטיק, געוועז כמעט פאַרלאָזט אין גאַנצן. אריה מערזער איז פון די געציילטע, וואָס האָט דאָס קונסטגעביט אַרויסגעהויבן פון פאַרגעסנקייט. ער האָט די דאָזיקע קונסט אויפגעהויבן הויך, זייער הויך און פאַרשאַפט איר אַ גאָר בכבודיק אָרט צווישן אַלע אַנדערע צווייגן פון דער פּלאַסטישער קונסט, געשאַפענע דורך די בעסטע יידישע קינסטלער.

אין דער הקדמה צו מערזערס אַלבאָם „חומש־געשטאַלטן״ שרייבט איציק מאַנגער אַזוי:

„די חומש־געשטאַלטן האָבן אונדז נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין איין רגע. אויף דער וואָר און אין חלום. דערפאַר איז גוט וואָס דו האָסט זיך פאַר־מאָסטן זיי צו געשטאַלטיקן אין מעטאַל, פּונקט ווי איך האָב עס געפּרוווט אין פערזן און אַנדערע קינסטלער מיט צייכענונג און פאַרבן.

יעדער איינער אויף זיין שטייגער האָט באַוויזן און וועט באַווייזן נישט איין מאָל, אַז מיר האָבן נישט פאַרראַטן אויף קיין רגע דאָס ביבלישע אין יידישן מענטש אין אַלע דורות און אין אַלע צייטן.

אָט ווי שאַגאַל, דער ייד פון רוסלאַנד, דו, דער ייד פון פּוילן, און טאַקע איך אַליין, דער ייד פון רומעניע״.

מערזער האָט די פאַנטאַזיעס און חלומות פון זיינע קינדער־יאָרן גע־טראָגן זיין גאַנץ לעבן. ווייל יעדער ערלעכער קינסטלער טראָגט אין זיך דאָס ערלעכסטע, דאָס תמימותדיקסטע, די לויטערע אמונה, וועלכע ער זאַפּט אין זיך איין אין די יאָרן פון זיין קינדהייט. מערזער האָט דאָס אַלץ גע־טראָגן איבער וואַרשע, איבער פּאַריז, איבער די גרויזאַמע יאָרן פון יידישן אומקום און זיי דערטראָגן ביז צפת, וואָס איז אין ארץ־ישׂראל. דאָ, אין די שמאָלע געסלעך פון אַלט־צפת, האָט ער זיך געטראָפן מיט די געשטאַלטן פון די מקובלים, וואָס האָבן זיך געריסן אין די הימלען, די הימלען, וועלכע זענען פאַר די אָבות געשטאַנען אָפן.

מערזער האָט זייערע שטילע טריט, זייערע געקנייטשטע אין הויכע מחשבות שטערנס אויסגעהאַמערט אין זיינע בלעכן. דאָ, אין צפת, האָט זיך אויך געשלאָסן דער עיגול פון מערזערס נאָך געענוג יונג לעבן.

ב

ווער ס׳האָט אַפילו נאָר דעם מינדסטן באַגריף וועגן דער טעכניק פון מעטאַלאָפּלאַסטיק, דער וועט פאַרשטיין די טיפע פאַרערונג, וועלכע ס׳קאָן און רופט אַרויס די שאַפונג פון אַן אמתן, עכטן קינסטלער פון דעם געביט. שטענדיק ווען איך פלעג טראַכטן וועגן אריה מערזער, פלעג איך זיך אַלע מאָל פרעגן: ווי טיף דאַרף זיין זיין געפיל, ווי פּרעציז זיין האַנט, וועלכע קלאַפּט אויס מיט האַמער און דליטע אויף דער לינקער זייט פון דער בלעך, די סאַמע דינסטע ניוּאַנסן פון אַ פּנים, דעם שטילן ריטם פון אַן איידעלער באַוועגונג, די ווייכע, לירישע ליניעס פון אַ יידישן גוף. ווי טיף און דערהויבן און דערגרונטעוועט איז דאָס געפיל פון דעם מענטש, ווען ער האַמערט אויס דאָס פּנים און די אברים פון אַ חסיד אין זיין גרויסער התלהבות; דאָס דביקות פון אַ רבין; די הויכע, געקנייטשטע שטערנס און די שמאָלע אויסגעצערטע גופים פון די מקובלים; די פרייד פון אַ יידישן קלעזמער, ווען ער שפּילט אויף אַ יידישער שׂמחה. מען זעט און מען פילט אין זיינע מעטאַל־האַמערונגען די שווערקייט פון די פולע עמערס וואַסער, וועלכע דער וואַסער־טרעגער טראָגט אָנגעהאַנגען אויף דער קאָראָמיסלע, וואָס ליגט ווי אַ יאָך אויף זיינע יידישע געבויגענע פּלייצעס.

אַן אַ שיעור גוטסקייט און ליבשאַפט צו די מענטשן ליגט אין אריה מערזערס מעטאַלאָפּלאַסטישע שאַפונגען. אַ ים מיט ליריזם איז אין זיי אַריינגעגאָסן. אַריינגעגאָסן אָבער נישט צעגאָסן. דאָס אַלץ איז געהאַלטן מיט שטרענגע, קינסטלערישע הענט. ווייל שטרענג און האַרט איז די מאַטעריע אין וועלכער דער קינסטלער האָט געשאַפן. ער האָט געמוזט די מאַטעריע באַהערשן, באַגוועלטיקן, נעמען זי מיט כּוח און אַרויסבאַקומען פון איר דאָס סאַמע צאַרטסטע און נשמהדיקע.

זיין „ווערקשטעל" אין זיין הויז אין אַלט־צפת, אין „קרית־הציירים", פון וועלכער ער איז געווען איינער פון אירע גרינדערס, האָט אויסגעזען ווי אַ צעלע פון אַ נזיר. דאָרט איז געשטאַנען זיין שוין אָפּגענוצטער טיש געמאַכט פון אַ האַרט האָלץ. אויף אים האָט זיך געפונען דאָס געשטעלכל אויף אויסצוקלאַפּן די בלעכן. דאָרט זענען געלעגן די אייזערנע און הילצערנע האַמערס און העמערלעך, די דליטעס און דליטקעס, אָט די פּשוטע מכשירים, וואָס קיין שום לאַיקער וואָלט נישט געגלויבט, אַז מיט זיי קאָן מען אויסכּישופן אַזעלכע פאַרטיפטע געשטאַלטן. און נישט בלויז די געשטאַלטן גופא, נאָר אויך די גאַנצע אַטמאָספערע וואָס אַרום זיי.

דאָרט, אין דעם שטיבל, איז געשטאַנען אַ שענקל, ווי אַן אַלמערל, מיט ביכער, דער עיקר וועגן יידישן שטייגער און יידישער נגינה. ס'זענען דאָרט אויך אַלע מאָל געווען די נייסטע נומערן פון דער רייכער פראַנצייזישער אויסגאַבע, די צייטשריפט „ל'אַרט״ (קונסט). כאָטש מערזער האָט געלעבט און זיך אויסגעלעבט ווי אַ קינסטלער אין זיין עקסקלוסיווער וועלט, וועלכע איז געווען זיין יידישע וועלט, האָט ער געגאַרט צו וויסן, וואָס טוט זיך אין דער ברייטער וועלט אויפן געביט פון דער פּלאַסטישער קונסט. ווייל אויב מען וויל טיפער פאַרשטיין זיך אַליין, מוז מען אויך וועלן פאַרשטיין יענעם. אויב מען וויל גענוי וויסן, וואָס מען וויל אַליין, דאַרף מען אויך וויסן וואָס יענע, די אַנדערע קינסטלער, ווילן.

ווי שווער ס'איז אים נישט געווען, אין די לעצטע יאָרן, די נסיעה פון צפת קיין תל־אביב, האָט ער פונדעסטוועגן קיין מאָל נישט אַדורכגעלאָזט קיין וויכטיקע אויסשטעלונג פון אַנדערע מאָלער און סקולפּטאָרן, ער זאָל זי נישט זען. ווער שמועסט נאָך ווען דאָס איז געווען אַן אויסשטעלונג פון אַ פראַנצייזישן קינסטלער.

איבער צען יאָר, פון 1930 ביז דער דייטשער אָקופּאַציע פון פּאַריז, האָט מערזער געלעבט אין דער דאָזיקער מעטראָפּאָליע פון קונסט און קינסטלער. ער איז אַ צייט דאָרט אַפילו געווען אַ ביסל אַ באַהעמיען, אָבער ער איז ווי אַ קינסטלער נישט געווען פון די פאַרבלאָנדזשעטע. ער איז באַשאַנקען געוואָרן פון דער קינסטלערישער השגחה נישט נאָר מיט טאַ־לאַנט, נאָר אויך מיט אַ וועג אין זיין קונסט, מיטן יידישן וועג, פון וועלכן ער איז קיין מאָל נישט אַראָפּ.

דאָס הייסט נישט, אַז מערזער, ווי אַ מעטאַלאָפּלאַסטיקער, האָט קיין מאָל נישט געשאַפן אויף קיין אַלגעמיינע טעמעס. ניין. דאָס וואָלט געווען נישט ריכטיק. אָבער די אַלגעמיינע טעמעס זענען שטענדיק ביי אים גע־ווען אַ נעבן־זאַך, ווען ער פלעגט געפאַנגען ווערן פון אַ שטימונג, פון אַ בילד, צי פון אַ באַוועגונג, וועלכע איז פאַר אים געווען ניי. אָבער זיין גורל ווי אַ קינסטלער איז געווען אַ יידישער. זיין יידישער גורל האָט באַשטימט זיין וועג אין דער קונסט.

מערזער האָט אויך געצייכנט מיט קויל (אַחוץ די צייכענונגען צו דער מעטאַלאָפּלאַסטישער אַרבעט), רעלאַטיוו אַ סך געמאָלן, דער עיקר מיט פּאַסטעלפאַרבן, וואַסערפאַרבן און גוואַש. אין אַ סך פון זיינע בילדער וועגט איבער דער אַרכיטעקטאָנישער עלעמענט. זיין מאָלעריי איז געווען ווי אַ „פאַנטאַן״, אַ צוגאָב צו זיין עיקר שאַפן — מעטאַלאָפּלאַסטיק. אָפט

האָט ער אין דער מאָלעריי זײַנער געזוכט אַן ענטפער אויף געוויסע קינסט־לערישע קאָנצעפּציעס, וואָס האָבן אים אינטערעסירט און געזוכט פאַר זיי אַ לייזונג. טייל מאָל איז זײַן מאָלעריי געווען פאַר אים אַ פאָרברייטונג צו גרויסע מעטאַלאָפּלאַסטישע אַרבעטן, טייל מאָל גאָר אַן אַנטשפּאַנונג נאָך אַ גרויסער אָנשטרענגונג.

ער האָט געהאַט אין זיך די מידה פון אמתע קינסטלער, ער איז געווען אַ זוכער. נישט באַגנוגנט זיך מיטן דערגרייכטן, כאָטש זײַן נאָמען און זײַן אָרט אין דער פּלאַסטישער קונסט זענען שוין פון לאַנג געווען גוט באַזירט און וועלט־באַקאַנט.

ג

ווען מען רעדט וועגן געשטאַלטן ביי מערזערן, מוז מען אויך רעדן וועגן דער אַטמאָספערע אַרום זיי. שאַפן אַטמאָספערע אין מעטאַל איז נישט פון די לייכטע זאַכן. אַפילו אַ נישט־באַהאַוונטער אין דער מעטאַלאָפּלאַסטי־שער טעכניק, וועט דאָס פאַרשטיין. אָבער מערזערן איז דאָס געלונגען. ער האָט דאָס געקאָנט און באַוויזן.

נעמט זײַנע צפתער געשטאַלטן. כ׳וועל נישט זאָגן, אַז ער האָט אַרום זיי געשאַפן אַטמאָספערע. כ׳וועל גיכער זאָגן אַז זיי, די געשטאַלטן, שווימען אַרויס פון דער אַטמאָספערע, וועלכע ער האָט געשאַפן, ווי ס׳שווימט טייל מאָל אַרויס די זון פון אונטער די וואָלקנס. כ׳זאָג דאָס אַזוי דערפאַר, ווייל ער האָט די אַטמאָספערע געטראָגן אין זיך צענדליקער יאָרן, נאָך פון די יידיש־פּוילישע שטעטלעך, און זיי דערטראָגן ביז אַהער, קיין צפת. דאָ איז די אַטמאָספערע נישט נאָר געוואָרן ווירקלעכקייט, נאָר דאָ איז זי פון שטענדיק אַן געווען אַ ווירקלעכקייט.

ס׳זענען אין צפת טאַקע די זעלביקע קיילעכיקע שטיינער ווי פון די גאַסן אין די יידישע שטעטלעך אין פּוילן, די זעלבע פּריזבעס מיט זיצנדיקע אויף זיי ווייבער, די זעלבע שמאָלע גאַסן אויף וועלכע שכנטעס פירן זייערע שמועסן, אָבער דאָ זענען די שטיינער אַלט הונדערטער יאָרן. דער „לכה דודי", וועלכער פלעגט זיך רייסן יעדן פרייטיק צו נאַכטס פון די פענצטער פון די יידישע שולן, שטיבלעך, און בתי־מדרשים, איז דאָ, דורך ר׳ שלמה אַלקביץ, געשאַפן געוואָרן. דאָס וויגעלע פון דער קבלה איז דאָ געשטאַנען, די קבלה איבער וועלכער גאולה־זוכער, משיח־ברענגער, יידן וואָס האָבן געגאַרט אויסצולייזן די וועלט, צי געפינען פאַר איר אַ תיקון, האָבן זיך

געמאַטערט. יידן, יונגע און אַלטע, אַלע הוילע רוחניותדיקע, האָבן זיך גע־ריסן מיט זייערע מחשבות אַהער, קיין צפת, די שטאָט פון אר״י הקדוש און פון אַנדערע מקובלים.

ווען מערזער איז געקומען קיין צפת זענען די יידיש־פוילישע שטעט־לעך מיט זייערע יידן שוין נישט געווען, זענען שוין געוואָרן בלויז וויזיע. דאָ האָט ער מיט אַ מאָל דערזען, ווי דורות מישן זיך צונויף, פאַרבינדן זיך, פאַרקייטלען זיך. דאָ האָט ער דערפילט אייביקייט, דעם ריח פון נצחיות.

ער האָט דאָ אויפגעשטעלט זיין געצעלט, אַוועקגעשטעלט זיין טיש, און גענומען זיין וועלט, זיין יידישע וועלט, אויסהאַמערן אין אַ מאַטעריע, וואָס שוין זי אַליין איז דורות־לאַנג שטאַנדהאַפטיק. ס׳ליגט אַ טיפער סימבאָל אין דעם גופא, וואָס מערזער האָט זיך אויסגעקליבן דווקא די האַרטע מאַ־טעריע (קופּער, מעש), צו פאַרווירקלעכן אין איר זיין יידישע וועלט, ווי ער האָט זי אין זיין קינסטלערישן דמיון געזען. די וועלט פון טאָג־טעגלעכ־קייט און פון אייביקייט, פון עמך און מקובלים, פון די יידן, וואָס אַלע צו־זאַמען, אָבער יעדער אויף זיין אופן, רייסט זיך צו עפּעס בעסערס און העכערס.

נישט פאַראַן קיין יאוש אין מערזערס שאַפונגען. ווען איר קוקט אויף די צוויי באַרעליעפן פון עקידת יצחק, זעט איר אַז ס׳רוקט זיך אויפן ערשטן פּלאַן אַרויס די געשטאַלט פון מלאך. אויף איינעם זעט איר אַפילו ווי דער מלאך האַלט שוין פעסט אברהמס האַנט מיטן מעסער. ס׳איז כאַראַק־טעריסטיש, אַז די צוויי באַרעליעפן האָט מערזער נישט אָנגערופן עקידת יצחק, נאָר „אל־תשלח ידך אל־הנער״, זאָלסט נישט אויסשטרעקן דיין האַנט אויפן יינגל. פאַראַן איין באַרעליעף אין וועלכן ס׳איז פאַראַן יאוש, דאָס איז דאָס בילד ווי קין הרגעט זיין ברודער הבל. אָבער דאָס איז נישט קיין ריכטיקער יאוש. דאָס איז דער ביטערער טראָפּן, וואָס יעדער לעבעדיקער מענטש טראָגט אין זיך און וועלכער דערמאָנט אים אין זיין אייגענער פאַר־גענגלעכקייט, און אויך דער סם וואָס עגבערט דעם מענטשנס באַוווסטזיין, אַז רציחה און ברודערמאָרד זענען נאָך ווייט נישט פאַרשוווּנדן פון אונדזער וועלט.

מערזער איז רעאַליסטיש, אָבער נישט ניכטער. ליריש, אָבער נישט סענטימענטאַל. פאַראַן אין זיינע שאַפונגען אַ סך שמחה, און אויך פּשוטע פרייד, פאַראַן אויך התלהבות, פאַראַן אינטימקייט, זינלעכקייט אָבער נישט קיין זינדיקייט, אָט די אַלע אַטריבוטן, אַ דאַנק וועלכע די יידישע נשמה איז אַרויס אַ גאַנצע, אַפילו אין צייטן פון די שווערסטע נסיונות.

פֿאַראַן אויך אַ דינער הומאָר אין טייל זיינע שאַפֿונגען, דאָס בינדט זיך מיט זיין פֿאָלקסטימלעכקייט. פֿאָלקסטימלעכקייט איז ביי מערזערן נישט געווען קיין ענין פֿון טעמאַטיק, זי איז ביי אים נישט געווען קיין געמאַכטע, נישט קיין מאַטעריאַל אויף סטיליזאַציעס. דאָ האָט זיך אויסגעדריקט זיין אָנגעהעריקייט צום פֿאָלק, זיין צוגעבונדנקייט צום פֿאָלק, כ׳וואָלט אַפֿילו געזאָגט, זיין אָפּהענגיקייט פֿון פֿאָלק. און דאָס פֿאָלק, דער פּשוטער מענטש פֿון פֿאָלק, האָט געקוקט אויף זיך אַ שפּאָר ביסל זעלבסטקריטיש, און אַפֿילו מיט איראָניע. אָבער מערזער האָט געקוקט אויפֿן פֿריילעכן קבצן שטענדיק מיט אַ גוטן הומאָר, וואָס מאַכט לייכטער, העלפֿט יענעם אין זיין שווערער מערכה.

ד

אריה מערזער האָט דערגרייכט די ברעגעס פֿון ארץ־ישׂראל נאָך פֿאַר דער פּראָקלאַמירונג פֿון דער יידישער מדינה. ער האָט דאָ דורכגעמאַכט די באַפֿרייונגס־מלחמה. זיין געזונט איז גיך רויִנירט געוואָרן. ס׳איז נישט שווער צו פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס אַזאַ ייד, אַ גראַטעוועטער מיט טויזנטער ניסים פֿון אומקום, באַקומט אַ קראַנק האַרץ. ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל שטאַרק קראַנק געוואָרן, איז ער נאָך געווען אַ יונגער מענטש, נישט אַלט געווען קיין פֿופֿציק יאָר.

דאָך, נישט געקוקט אויף זיין קראַנקהייט, איז ער געווען פֿול מיט ענערגיע, מיט קאָנצענטרירטער, שעפֿערישער ענערגיע. אין אָנהייב אַ סך געאַרבעט. (די לעצטע יאָרן שוין ווייניקער). געווען פֿאַרנומען מיט זיך, אָבער נישט מיט דעם אַרום זיך. ער האָט קיין מאָל נישט געזוכט קיין פּירסום און אַוודאי נישט קיין פּירסומת פֿאַר זיך. ער האָט זיך נישט באַמיט געפֿעלן צו ווערן רעצענזענטן און רעדאַקטאָרן, נישט מיט חניפֿה און מיט קיין שום זאַך נישט.

ער האָט זייער ליב געהאַט צו רעדן מיט מענטשן, מיט די מענטשן, וואָס זענען געקומען אין זיין הויז אין צפֿת, זען די שטענדיקע אויסשטע־לונג פֿון זיינע שאַפֿונגען. ער האָט געוואָלט, אַז די מענטשן זאָלן געבוי פֿאַרשטיין, וואָס ער האָט געוואָלט ווייזן, אַנטפּלעקן. ער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן פֿילן דאָס, וואָס ער פֿילט. אים האָט זיך אויסגעדאַכטן, אַז ער מוז די מענטשן אויפֿקלערן די סודות פֿון דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן מין קונסט.

פאַר מענטשן מיט געפיל איז גענוג אַריינצוקומען אין זיין הויז — מען זאָל זיך מיט איין מאָל אָפּרייסן פון דער דרויסנדיקער ווירקלעכקייט. מען ווערט פלוצעם, מיטן כּוח פון קינסטלערס וויזיע, איבערגעטראָגן אין פאַרשידענע צייטן, פון די טעג פון מעשי־בראשית ביז די טעג פון אונדזער לעבן. ס׳איז ווי דורות וואָלטן זיך אָפּגעשמועסט דאָ זיך צונויפטרעפן. די מאַמע רחל טרעפט זיך מיט אַן אויבסט־הענדלערין אין מאַרק, דער האר״י הקדוש מיט אַ וואַסער־טרעגער, צי גאָר מיט אַ קאַטאַריניאַזש און קונצן־מאַכערס. צייט פאַרלירט דאָ יעדן באַדייט. שוין דער חומר אַליין אין וועלכן דער קינסטלער האָט געשאַפן, דאָס קופּער, דער מעש און דאָס זילבער — פילט אַן דעם מענטש מיט יראת־הכּבוד.

אריה מערזער האָט פאַרמאָגט אַ באַצויבערנדיקן שמייכל. ער האָט גע־שמייכלט מיט די אויגן. ער האָט זייער אַ סך פאַרשטאַנען און געווען פאַר־גיביק, אָבער נישט נאָכגיביק, צו מענטשלעכע קליינלעכקייטן.

ער האָט געטראָגן אין זיך דאָס באַוווסטזיין פון זיין הויכער באַרופנ־קייט. אָבער זיך נישט געהאַלטן גרויס. פאַרקערט, ער איז געווען אַן עניו. ווען אַ היגער רעצענזענט, אַ קונסט־קריטיקער, פון די שוללי־הגלותניקעס, האָט אים אַ מאָל פאַרגעוואָרפן אַז ער באַשעפטיקט זיך מיט גלות־טעמאַטיק, איז מערזער שטאָט צו זיין אין כּעס, געווען פול מיט מיטלייד צו יענעם, וואָס יענער פאַרשטייט אַזוי ווייניק.

אריה מערזער איז געשטאָרבן אין דעם בס״ה איין־און־זעכציקסטן יאָר פון זיין לעבן. געשטאָרבן אין צפת, אין דער שטאָט וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט און אַפילו אום ווינטער נישט געוואָלט זיך מיט איר שיידן. ער איז אויסגעגאַנגען אין אַ פּריטיק צו נאַכטס, ווען אין אַ סך יידישע שטובן האָבן נאָך געברענט די שבת־ליכט.

זיין הויז מיט דער שטענדיקער אויסשטעלונג פון זיינע שאַפונגען איז געבליבן און וועט בלייבן נישט באַרירט, אַזוי ווי דאָס איז געווען ביי זיין לעבן. דאָס איז דער באַשלוס פון זיין פרוי, אסתר, זיין געטרייע לעבנס־באַגלייטערין און היטערין. דאָס איז דער באַשלוס פון זיינע צוויי קינדער, חוה (אַ מאָלערין) און מיכאל, און דאָס איז דער הייסער ווונטש פון זיינע פאַרערער, וואָס וועלן די שיינע געשטאַלט זיינע האָבן שטענדיק פאַר זייערע אויגן.

# ו

וואָס דאַרף די איצטיקע יידישע ליטעראַטור
געבן דער יידישער יוגנט?
וואָס איז אַזוינס אַ ליטעראַטור-קריטיקער?
צעשטערערישע שבחים
עסייאיסטן עליך, יידישע ליטעראַטור
עלעפאַנטיאַזיס
אָדער — אָדער
פאַר וועמען?
פרילינגס...
דער יחיד ווי אַ רבים...
„אַל תגידו בגאַס (בגת)..."
צי קאָן אַ טעמע מיאוס ווערן
צי טאַקע אַ קול קורא במדבר
דריי דעגענעראַטיווע מאָמענטן אין דער
יידישער ליטעראַטור

# וואָס דאַרף
# די איצטיקע יידישע ליטעראַטור
# געבן דער יידישער יוגנט?

איר וועט אַוודאי פרעגן: פאַר וואָס שטעלט איר נישט דאָס פּראָבלעם פאַרקערט? פאַר וואָס שטעלט איר נישט אַוועק די פראַגע אין איר שאַרפער פאָדערנדיקער פאָרעם, וואָס וואָלט געהייסן אַזוי: „וואָס דאַרף די יידישע יוגנט פאָדערן פון דער איצטיקער יידישער ליטעראַטור״?

וועל איך אייך ענטפערן יידישלעך. מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע.

פון וואַנען ווייסט איר, אַז פון ליטעראַטור (מיר רעדן אויסשליסלעך וועגן שיינער ליטעראַטור) קאָן מען בכלל עפּעס פאָדערן, אַז מ׳קאָן, און מ׳האָט דאָס רעכט צו שטעלן איר וועלכן ס׳איז תּנאי? מעג מען אַפילו זיין אַ יוגנט און האָבן די פאָדערנדיקע, קאָמפּראָמיסלאָזע נאַטור פון אַ יוגנט.

און ווען אַפילו איר וועט זיך האַלטן ביי דאָס אייעריקע און וועט זאָגן, אַז פון ליטעראַטור קאָן מען יאָ פאָדערן, אַז מ׳קאָן איר יאָ שטעלן געוויסע תּנאים, צי האַלט איר טאַקע, אַז ס׳וואָלט גלייך געווען, אַז די ליטעראַטור זאָל די פאָדערונגען פון דער יוגנט נאָכגעבן? צי וואָלט עס געווען קלוג פון דער ליטעראַטור, אַז זי זאָל אויף די תּנאים פון דער יוגנט איינגיין? מיר ווייסן, אַז אונדזער נאָך־מלחמה־יוגנט זעט זייער גערן ביכער מיט אַ לייכטן אינהאַלט, האָט נישט פיינט אַ ביסל שאַרזש, פרעגט זיך: צי דאַרף טאַקע די איצטיקע ליטעראַטור די דאָזיקע פאַרלאַנגען פון דער יוגנט נאָכקומען?

איר וועט ווייטער פרעגן: וועגן וואָס פאַר אַ ליטעראַטור רעדט איר אייגנטלעך, וועגן אַ ספּעציעלער ליטעראַטור פאַר יוגנט?

ליידער, אַזאַ מין איז אין דער יידישער ליטעראַטור בכלל נישט בנמצא. ספּעציעל שרייבן פאַר דער יוגנט, שרייבן נישט אונדזערע שריפטשטעלער, אונדזערע וואָרטקינסטלער.

ס׳איז באמת שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע, פאַר וואָס געשעט עס אַזוי ביי אונדז? פאַר וואָס איז ביי אונדז קיין ספּעציעלע ליטעראַטור

פאַר יוגנט נישטאָ? וועלכע זענען עס די הויפּט־עלעמענטן פון אַ ליטעראַ־טור פאַר יוגנט: פאַנטאַסטישקייט, אַוואַנטוריזם, העראָיק. נאָך דעם גאַרט דער יוגנטלעכער לייענער. די דאָזיקע עלעמענטן אַנטשפּרעכן, צוליב אַ סך טעמים, דער פּסיכישער איינשטעלונג פון דעם יוגנטלעכן. אַזעלכע ביכער געפינט אָבער נישט דער יוגנטלעכער אין אונדזער ליטעראַטור, דער יוגנט־לעכער, וועלכער הייבט אָן אַרויסצווייזן אַן אינטערעס פאַר אַ בוך. דאָ ליגט די סיבה, טאַקע די עיקרדיקסטע סיבה, פאַר וואָס די יוגנט גייט פון אונ־דזער ליטעראַטור אַוועק אין פרעמדע ליטעראַטורן, ווו זי געפינט יאָ די ריכטיקע שפּייז פאַר איר אייגנאַרטיקן וועלטבאַנעם און פאַר אירע ספּעצי־פישע לעכצעניש.

און אפשר דערפאַר איז ביי אונדז קיין ספּעציעלע ליטעראַטור פאַר יוגנט נישטאָ, ווייל די יידישע געשיכטע, דאָס יידישע לעבן איז בכלל אַ פאַנטאַסטישער פענאָמען, פול מיט ריזיקאַלישקייט און איינשטעלעניש. ווי קאָן מען אַרויסלאָזן אַ יידישן יוגנטלעכן אין אַ וועג פול מיט אַוואַנטורע, ווען איר קאָנט אים נישט מיטגעבן קיין זיכערן אַדרעס, ווו אַהין ער זאָל קומען צוריק. און ווען אַ העלד פון דער יידישער ליטעראַטור (בנימין השלישי) האָט זיך שוין יאָ געלאָזט אין וועג אַריין — ווייסט איר דאָך, ווי ווייט ער איז אָפּגעגאַנגען און צו וואָס ער איז דערגאַנגען. אין דער ליטע־ראַטור אונדזערער הערן זיך גיכער טענער פון בענקשאַפט צום נאַרמאַלן, צום שטילן, צום רויִקן, נישט צום פאַנטאַסטישן, אויסטערלישן, אַוואַנטו־ריסטישן.

ס'איז דאָ נאָך אַ סיבה דערצו, וואָס ביי אונדז פעלט אויס אַ ליטע־ראַטור ספּעציעל פאַר יוגנט.

די יידישע ליטעראַטור איז נישט קיין דידאַקטישע. זי איז אפשר דע־רויף צו יונג. מענדעלע, שלום עליכם, ווייזן דעם קרומען שפּיגל פון דער יידישער ווירקלעכקייט. אָבער דאָס איז נישט קיין ריינע דידאַקטיק. דידאַק־טיק איז נישט נעגאַציע נאָר אַפירמאַציע. מיטן ווייזן בלויז דאָס נעגאַ־טיווע, איז מען נאָך ווייט נישט קיין דידאַקטיקער. היות ליטעראַטור פאַר יוגנט איז דורך און דורך דידאַקטיש, איז זי במילא ביי אונדז נישטאָ.

די נייע העברעיִשע ליטעראַטור, וואָס האָט אָנגעבונדן אין די טראַדי־ציעס פון דער אַלטער ליטעראַטור, איז יאָ דידאַקטיש און דערפאַר האָבן מיר טאַקע אין העברעיִש אַ בכבודיקע ליטעראַטור פאַר דער יוגנט.

נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין אַ ווייטערן אַנאַליז פון די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען דערצו, איז אָבער זיכער, אַז אין יידיש האָבן מיר נישט

קיין ספּעציעלע ליטעראַטור פֿאַר דער יוגנט. דער יידישער יוגנטלעכער, אויב ער לייענט שוין יאָ יידישע ביכער, לייענט ער דאָס זעלבע, וואָס דער דערוואַקסענער. ער פּאַסט עס, פֿאַרשטענדלעך, אַנדערש אויף און אפשר גאָרנישט אַנדערש, נאָר ערלעכער, אוממיטלבאַרער.

די יידישע ליטעראַטור, די כּלומרשט דידאַקטישע, האָט געוויזן דעם יוגנטלעכן בלויז דאָס נעגאַטיווע. זי האָט אים דערמיט איבערגעלאָזט פּנים־אל־פּנים. זיי, די יונגע, זאָלן דאָס אַליין איבערקעמפן. דער יוגנטלעכער ברעכט זיך, ער רייסט מיט די ציינער דאָס, וואָס ער וואָלט אייגנטלעך גע־דאַרפט באַקומען, לויט זיין עלטער און פּסיכישער איינשטעלונג, אין אַ פּאַרטיקער, באַשטעטיקטער פֿאָרעם.

אַלזאָ. מיר האַלטן נאָך אַלץ ביים אָנהייב, וואָס דאַרף־זשע די איצטיקע יידישע ליטעראַטור געבן אונדזער יוגנט?

דאָ מוז איך וויטער מאַכן אַ שטיקל דיגרעסיע.

ווי מאָדנע ס׳זאָל נישט זיין, אָבער שטענדיק ווען כ׳רעד וועגן דער יידישער יוגנט, מיין איך דאָס קליינע הייפעלע, איבערגעבליבענע יידישע יוגנטלעכע אין פּוילן. רופט עס אָן ווי איר ווילט, זאָגט, וואָס איר האַלט פֿאַר ריכטיק, איך זע נישט דערווייל קיין אַנדערע יידישע יוגנט (אַחוץ די ארץ־ישראלדיקע), ווי ביטער די דאָזיקע באַהויפּטונג זאָל נישט זיין.



דער ליטעראַטור קאָן מען נישט דיקטירן וואָס זי זאָל שרייבן, קיין פֿאָדערונגען קאָן מען איר נישט שטעלן, אָבער אינספּירירן, אונטעררוקן אַ געדאַנק מעג מען יאָ.

די איצטיקע יידישע ליטעראַטור דאַרף געבן אונדזער יוגנט אַ ליטע־ראַטור פֿאַר דער יוגנט.

ס׳איז איצט די סאַמע ריכטיקסטע צייט אַזאַ ליטעראַטור צו שאַפֿן.

וואָס שטעלט מיט זיך אייגנטלעך פֿאָר די איצטיקע יידישע ליטעראַ־רישע שאַפֿונג?

אַ יללה, אַ וויי־געשריי פֿון אַ שטערבלעך פֿאַרווונדעטן, וואָס האָט אָקערשט נאָר דערפֿילט זיין ווייטיק. וועט זיך שנעל איינשטילן די יללה? וועט גיך פֿאַרגיין דאָס געשריי? טראָץ דעם, וואָס געוויסע שרייבער האַלטן, אַז „ס׳איז שוין צייט אָפּצודעקן דעם פֿאַרהאָנגענעם שפּיגל אין דער יידי־שער, ליטעראַרישער שטוב״, וועט נאָך דאָס אָבלות לאַנג אָנהאַלטן, מער ווי

איין שלושים. פאַרקערט, דער ווײַ־געשריי וועט ווערן כסדר גרעסער, אמת, ער וועט זײַן מער אַרטיקולירט, מער געפורעמט, מער פאַרטיפט, אָבער וואָס אַ מאָל שטאַרקער. ס׳קאָן אַנדערש נישט זײַן, אויב די ליטעראַטור וויל זיך נישט פעלשן, ווײַל נישט ווערן קיין קינסטלעכער פּראָדוקט פון אַ נישט גאַנץ ערלעכער סטאַטיסטיק.

וואָס פאַר אַ שטעלונג האָט אונדזער יוגנט צו אַזאַ יללה־ליטעראַטור? זי זאָגט עס אפשר זעלטן אַרויס, אָבער זי טראַכט זייער אָפט, אַז אייגנטלעך געהער די דאָזיקע ליטעראַטור נישט איר, זי געהער גיכער דעם דור אָדער דורות, וואָס זענען אומגעקומען, וואָס זענען שוין מער נישטאָ. מ׳קאָן קומען צו זייער פּעסימיסטישע אויספירונגען. מ׳קאָן אפשר זאָגן, אַז דאָס געוויסן פון דער איצטיקער יידישער ליטעראַטור איז נישט נאָר אַ געוויין נאָך מיליאָנען קדושים, נאָך אַ חרוב יידיש לעבן, נאָר ס׳איז אויך דער לעצטער געשריי ביים ראַנד פון אַ מדבר, ביים ראַנד פון אַ פּוסטקייט, ביים ראַנד פון אַ קבר פון דעם, וואָס גייט אַוועק אָן קינדער און לאָזט איבער זײַן ירושה אויף הפקר.

און דאָך וועט זיך מוזן אָנהייבן עפּעס פון דאָס ניי. און דאָך גייט קיין ליטעראַטור נישט אונטער.

מיט וואָס דאַרף זיך אין אונדזער ליטעראַטור אָנהייבן דער אויף ס׳ניי?

מיט אַ ליטעראַטור פאַר דער יוגנט.

וויפל העראָיִזם, וויפל פאַנטאַסטישע העראָיִק האָבן אַרויסגעוויזן אונדזערע יוגנטלעכע אין דער קאָשמאַרער אָקופּאַציע־צייט. איז דאָך באַוווּסט, אַז דאָס רוב אויפשטענדלער אין וואַרשעווער געטאָ זענען געווען יוגנטלעכע. איר געדענקט גאַווראָשן פון וויקטאָר הוגאָס 1793? וויפל הונדערטער גאַווראָשס האָבן מיר פאַרמאָגט צווישן דער יידישער יוגנט בעתן אויפשטאַנד? ס׳איז דאָך אויך באַוווּסט, אַז נאָך אין שרעקלעכן יאָר 1942 האָבן פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס געציילט אין די הונדערטער יוגנטלעכע, דעמאָלט ווען זייער יעדע מינדסטע באַוועגונג איז געווען פאַרבונדן מיט העלדישקייט און מסירת־נפש.

און וויפל העלדן יוגנטלעכע, כמעט קינדער, זענען ביי אונדז געווען, וואָס האָבן זייער לעבן אײַנגעשטעלט, גענומען אויף זיך דעם ביטערן און געפאַרפולן עול פון דערנערן אַ קראַנקע מאַמע, אַ באַהאַלטענע אין אַ בונקער מיט זײַנע קליינע ברידערלעך און שוועסטערלעך!

וויפל העראָיִזם, וויפל שטאָלצן גייסט האָבן אַרויסגעוויזן אונדזערע יוגנטלעכע, וואָס האָבן אַרײַנגעשמוגלט געווער און עסנוואַרג אין די געטאָס.

וויפל פּאַראַכטונג פּאַרן טויט האָבן אַרויסגעוויזן די יוגנטלעכע, וועלכע זענען אייגנוויליק מיטגעגאַנגען מיט זייערע מאַמעס אויפן אומשלאַגפּלאַץ און אין די קרעמאַטאָריעס, ווייל זיי האָבן זיי אין די פינצטערע מינוטן נישט געוואָלט לאָזן אַליין.

*

יאָ, די יוגנט איז טיילווייז מאַטעריאַליזירט. די מלחמה, די גרוילטאַטן האָבן זי אַ שפּאָר ביסל פאַרטעמפּט. די שווערע באַדינגונגען האָבן זי געמאַכט ברוטאַל־פּראַקטיש. אָבער שוין וועקט זיך ביי איר אַ בענקשאַפט צו עפּעס בעסערס, פיינערס.

ס׳איז דאָ דער יוגנט וועגן וואָס צו דערציילן. ס׳זענען דאָ העראָישע מוסטערן צו שילדערן.

דער שרייבער פאַר יוגנט מוז האָבן אַ באַזונדערע שרייבער־אינטעלי־גענץ, אַזאַ אינערלעכן באַלאַנס, וואָס באַשטימט דעם העכסטן שרייבערישן קלאַס. זי קאָן נישט זיין קיין פּראָדוקט פון הוילער אינספּיראַציע, פון סטיכישן טאַלאַנט (וואָס איז נאָך ביי אונדז אַלץ מאָדערן). דער שרייבער מוז זיך שטיצן אויף דער אַנטוויקלונגס־פּסיכאָלאָגיע, ער מוז האָבן דעם פּאַרפירערישן טאַלאַנט, וואָס ס׳דאַרף פאַרמאָגן יעדער עכטער שרייבער. ער מוז אָבער אין דעם פאַל אומבאַדינגט געבן די גאַראַנטיע, אַז ער וועט דעם יוגנטלעכן צוריקפירן צו זיין באַשטימונג אין דער צוקונפט.

„אונדזער וואָרט"

# וואָס איז אַזוינס
# אַ ליטעראַטור־קריטיקער?

ביי אונדז ייִדן איז אָנגענומען, אַז אַ ליטעראַטור־קריטיקער קאָן זיין יעדער איינער שרייבער, יעדער איינער פען־מענטש. מעג עס זיין אַ דיכטער, אַ פּראָזאַיקער, אַ פּובליציסט אָדער אַ שרייבער סתם. מ׳דאַרף זיך נאָר אַ ביסעלע אַראָפּלאָזן פון דער מדרגה, ווערן אַ שטיקל נחות־דרגאניק, אַראָפּנידערן אַ קאָפּעלע צו יענעמען, שענקען עמעצן אַנדערש, אַחוץ זיך, אַ ביסעלע אויפמערקזאַמקייט — און שוין איז מען אַ קריטיקער.

ס׳איז פּונקט אַזוי פאַלש, ווי פאַלש ס׳וואָלט געווען, ווען מענטשן וואָלטן געטראַכט, אַז היות יעדערער פון זיי האָט אַ קערפּער און טראָגט אין אים ביאָלאָגישע פּאָטענצן פון אויפשטעלן אַ פרישן דור, איז במילא יעדער פון זיי באַרעכטיקט צו רעדן וועגן אַנאַטאָמיע צי פיזיאָלאָגיע.

ביי אונדז זענען פאַראַן ווייניק קריטיקער מיט צוגעהעריקייט צו אַ באַשטימטער ליטעראַריש־קינסטלערישער שולע. ביי אונדז זענען אָבער דאָ ליטעראַטור־קריטיקער מיט טבעס. איינער האָט אַ טבע צו זאָגן שטענדיק גוט, שטענדיק לויבן, דער אַנדערער האָט אַ טבע שטענדיק אַריינצוזאָגן. אייער האָט אַ טבע אָנצוהויבן מיט לויבגעזאַנג און ענדיקן מיט זידלערייען, דער צווייטער הייבט אָן מיט זידלערייען און ענדיקט מיט לויבגעזאַנגען.

ביי אונדז זענען אויך פאַראַן קריטיקער, וואָס וואַרטן אָפּ וואָס אַנדערע וועלן זאָגן, בכדי צו קאָנען נאָכזאָגן דאָס זעלבע, אַ ביסל אַנדערש פאַרשלייערט. ס׳זענען אָבער פאַראַן קריטיקער וואָס וואַרטן אָפּ וואָס אַנדערע וועלן זאָגן, בכדי צו קאָנען זאָגן פּונקט דאָס פאַרקערטע.

ס׳איז פאַראַן ביי אונדז אַ מין גאָר ביטערער קריטיקער. דאָס איז אַ מענטש אַ פאַרביטערטער, אַ לעבער־פרעסער. שטענדיק זוכט ער לעכער אין גאַנצן, שטענדיק פול מיט טענות, קיין שום זאַך אימפּאָנירט אים נישט, אָבער בכדי אַרויסצווייזן זיין „אָביעקטיוויטעט" וועט ער זיך צוטשעפּען צו אַ לאַ־יוצלחניק, אַ בפירושן, ווי מ׳זאָגט עס, גראַפאָמאַן — און זינגען לכּבוד אים תהילות ותשבחות. ס׳טרעפט זיך אָבער פאַרקערט, אַ קריטיקער,

אַ גוט־האַרציקער, פון אַלעם פול מיט אַנטציקונג — וועט ער, לשם וויזן אַז ער איז אָביעקטיוו, זיך צוטשעפּען צו אַ טאַלאַנטירטן שרייבער און גע־פינען כּלומרשט אין אים אַלדאָס בייז.

ביי די אומות־העולם איז אָנגענומען און ס׳איז פאַרפליכטנדיק, אַז אַ ליטעראַטור־קריטיקער מוז קודם־כּל זיין אַן ערודיט, האָבן ברייטע ידיעות אין דער וועלט־ליטעראַטור. ס׳רוב אונדזערע קריטיקער האַלטן נישט דער־פון. איר וועט זעלטן טרעפן אין די אַרבעטן פון אונדזערע קריטיקער פאַר־גלייכן מיט ביכער פון די קאָריפעען פון דער הייַנטצייטיקער וועלט־ליטע־ראַטור.

ס׳זענען אַפילו פאַראַן ביי אונדז קריטיקער עטיקעטן־קלעפּער, וואָס פּונקט ווי מען קלעפּט אַן אויף פלעשער ווײַן אויפשריפטן: זיסער, האַלב־געצערטער, געצערטער — אַזוי קלעפּן זיי אויך אָן צעטלען: ליריש־צאַרט און וואַרעם, קאַלט־עפּיש, ליריש־עפּיש אאַז״וו און מיט אַזעלכע עטיקעטן האַלטן זיי, אַז זיי האָבן יוצא געווען.

מ׳דאַרף אויך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער ליטעראַטור־קריטיק אין אונדזער היימיש און צעבראָכן וועלטל. דער חורבן פונעם פּוילישן יידנטום, דער אומקום פונעם רוב יידישע שרייבער האָט געמאַכט פון די איבערגע־בליבענע ביים לעבן שרייבער יתומים. גלעט מען זיי טאַקע איבער די קעפּ און מען זאָגט זיי גוטע רייד אַפילו דעמאָלט, ווען מ׳דאַרף זיי שאַרף קריטי־קירן. מ׳האַלט אין איין רחמנות האָבן און אין איין מוחל זיין. עס מוז צו דעם געמאַכט ווערן אַ סוף. ס׳האָט קיינער נישט דאָס רעכט צו באַהאַלטן זיין קלײנקייט אונטער דער גרויסקייט פון די חורבות פונעם יידישן לעבן און ס׳איז אומווירדיק צו נעמען נדבות פאַר מאַכן אַן אל־מלא־רחמים אַן אייגענעם ברודער.

פרעגט זיך: אויב אַלע אויסגערעכנטע קאַטעגאָריעס שרייבער זע־נען נישט קיין ליטעראַטור־קריטיקער — ווער־זשע איז יאָ אַ ליטעראַטור־קריטיקער?

אַ ליטעראַטור־קריטיקער איז קודם־כּל אַ מענטש, וואָס זיצט אין קיך, כ׳מיין אין דער ליטעראַרישער קיך.

דער שרייבער דאַרף פילן אויף זיך שטענדיק דעם אוממיטלבאַרן בליק פון דעם קריטיקער. דער קריטיקער דאַרף געהערן צום שרייבערס סביבה, צו דער זעלבער פּלעיאַדע, זיין פאַרבונדן מיטן זעלבן גורל. ער דאַרף אים גוט קענען דעם שרייבער. ער דאַרף קענען נישט נאָר דעם שרייבערס גע־דרוקטע ווערק, נאָר אויך די נישט געדרוקטע, אַפילו די, וועלכע ער האַלט

נאָך אין שרייבן. דער שרייבער נעמט נישט דעם קריטיקער אַלע מאָל אין גאַנצן ערנסט, בונטעוועט זיך קעגן אים, אָבער ער דאַרף זיין איבערצייגט, אַז דער קריטיקער איז אויסן נאָר זיין גוטס. אין דער ליטעראַרישער קיך איז דער קריטיקער אפשר דער, וואָס דעצידירט. אַ קונסטווערק, אַ ליטעראַרישס, ווערט באַטראַכט קודם־כּל פון שטאַנדפּונקט פון דעם, פון וואָס עס איז געמאַכט. דאָס איז דער עיקר. קאָנסטרוקציע קאָן דער שרייבער אויסבעסערן מיט דער צייט. קאָנסטרוקציע קאָן אויך דעם שרייבער אויסהוילן, מאַכן פּוסט.

מ׳קאָן אַרומרעדן אַ ווערק, מ׳קאָן עס דעמאָנסטרירן, אַנאַליזירן — ווען אַפילו ווייט פון מחבר, ווען אַפילו מ׳לעבט אין אַן אַנדער עפּאָכע, אָבער קריטיש באַהאַנדלען אַ ווערק, הייסט: האָבן צו דעם אַן אוממיטלבאַרע באַציִונג, הייסט רעאַגירן אויפן הייסן, הייסט מיטגיין מיטן מחבר, הייסט שטיין צוזאַמען מיטן מחבר אויפן באַרג סיני.

*

ביי אונדז איז ליטעראַטור־קריטיק אַן ענין פון צופעליקייט. דער ליטעראַטור־קריטיקער פילט זיך צו גאָרנישט פאַרפליכטיקט. אָנשטאָט באַווייזן, אויפווייזן, אַנטפּלעקן, קלאָר מאַכן, זאָגט ער אַרויס פּאַרטיקע מיינונגען. דער, זאָגט ער, איז אַ גרויסער שרייבער, דער אַ נאַציאָנאַלער, דער אַ סאָציאַלער, דער אַ גוטער, יענער אַ שוואַכער אאַז״וו. דער קריטיקער האַלט, אַז מ׳דאַרף אים גלויבן אויפן וואָרט. אויב ער האָט גראָד געלייענט דאָס ווערק, וועגן וועלכן ער רעדט, ברענגט ער אַלס פּאַספּאָרט, אַלס באַשטעטיקונג צו זיין מיינונג, אַן אַרויסגעריסענעם פונעם קאָנטעקסט ציטאָט. פון אויספעלן פון פליכטגעפיל מערן זיך ביי אונדז שרייבער פון ליטעראַרישע עסייען, עטיודן, באַמערקונגען, שפּריצן, בליצן אאַז״וו. פון סאָלידער ליטעראַטור־קריטיק, פון דעם, וואָס ס׳איז פאַרבונדן מיט דערלערנען סינטאַקסיס, סטיליסטיק, ליטעראַטור־געשיכטע, פּאָעטיק, מעטאָדיק אאַז״ו, פון דעם, וואָס פאָדערט אַרבעט און וויסן, פון דעם האַלט נישט דאָס רוב פון אונדזערע קריטיקער.

*

דער ליטעראַטור־קריטיקער מוז זיין אָנגעגורט מיטן כּלי־זין פון ערו־דיציע, פון אַנאַליז. מוז זיין באַהאַוונט אין דער ליטעראַרישער לאַבאָראַטאָ־ריע. ער דאַרף אָטעמען מיט ליטעראַטור, ליטעראַטור דאַרף זיין דער קלי־מאַט, אין וועלכן ער לעבט זיך גייסטיק אויס. ווייל ער אונטערליגט נישט דירעקט דער אינספּיראַציע, ווייל ער אַליין האָט נישט קיין רוח־הקודש, מוז ביי אים, נאָך מער, ווי ביים שעפער גופא, ליטעראַטור ווערן אַ צווייטעווירקלעכקייט, פון וועלכער ער קאָן נישט אַוועקגיין.

דער ליטעראַטור־קריטיקער, ביי זיינע אַנאַליטישע טענדענצן, דאַרף אָבער פאַרשטיין, וואָס ס׳איז אין ליטעראַרישן ווערק דער עיקר, ער דאַרף וויסן, וווּ ס׳ליגט דער סוד, וואָס מאַכט פון דעם ליים פון די ווערטער אַ קונסטווערק, ער דאַרף האָבן עספּרי, טאַלאַנט און זיין אַ ליטעראַטור־קריטי־קער מבטן ומלידה.

## צעשטערערישע שבחים

עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ מינהג, און נישט נאָר ביי אונדז, אַז ווען איין שרייבער טרעט אַרויס אויף אַן אָוונט, צי אויף אַ מסיבה לכּבוד זיין קאָלעגע, אַ צווייטן שרייבער, זאָגט ער אויף אים בלויז שבחים.

קאָנט איר דאָך זאָגן, אַז אַזוי דאַרף דאָס זיין, אַז דאָס איז שיין און איידל. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז נישט אַלץ וואָס איז שיין און איידל איז אויך איינצייטיק ריכטיק. יעדנפאַלס איז עס נישט אַזוי אין שרייבערישע ענינים.

פאַרשטייט זיך, אַז די שרייבער טוען דאָס אָפט מתּוך נימוס, פון העפ־לעכקייטס וועגן. זיי ווילן זייער קאָלעגע און די צוהערער פאַרשאַפן נחת־רוח, אָנטאָן פאַרגעניגן, שאַפן אַ יום־טובדיקע, געהויבענע אַטמאָספערע. און אויב דער באַזונגענער שרייבער איז נישט קיין נאַר, פאַרשטייט ער וויפל פון די שבחים צו נעמען ערנסט, און וויפל אויף בלויז זיך אַ שפּיל צו טאָן מיט זיי, אויף חיי־רגע, אויף צו האָבן אַ מינוט פאַרגעניגן.

פאַראַן פאַלן, ווען דער שרייבער, וועגן וועלכן זיין קאָלעגע ר׳עדט, פאַר־דינט טאַקע אַלע געזאָגטע אויף אים שבחים. דעמאָלט איז אַלץ אין אָרדע־נונג, הכּל בסדר. עס זענען אָבער פאַראַן פאַלן, ווען די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פון איין שרייבער וועגן אַ צווייטן, זענען ווייט נישט קיין אויפ־ריכטיקע. נישט נאָר נישט קיין אויפריכטיקע, נאָר ווייט פון דעם וואָס דער שרייבער־רעדנער טראַכט וועגן דעם שרייבער וועגן וועלכן ער רעדט; ווייט פון דער מיינונג, וועלכע דער זעלבער שרייבער זאָגט אַרויס אין אַן ענגן קרייזן וועגן זיין געראַמטן דורך אים אין דער עפנטלעכקייט קאָלעגע. עס זע־נען מיר באַקאַנט פאַלן, ווען די מיינונג פון שרייבער וועגן זייערן אַ קאָלעגע איז געווען אין אַן אַבסאָלוטער סתּירה צו דער, וועלכע זיי האָבן געזאָגט וועגן דעם זעלבן שרייבער עפנטלעך.

שוין דאָס מגזם זיין מיט צופיל שבחים איז אַ פּסולע מעטאָדע. נאָך מער, עס איז אַ בפירושער לאו. לא תוסיפו! איר זאָלט נישט צוגעבן — זאָגט די תּורה. און רש״י הקדוש פאַרטייטשט: לייג נישט אַריין קיין פינף פרשיות אין די תּפילין, מאַך נישט קיין טלית מיט פינף ציציות, פאַרבינד

נישט מיטן לולב קיין פינף מינים. און צו דעם דאַרף מען צוגעבן: לייג נישט צו דיין קאָלעגע קיין שבחים, קיין מעלות, וואָס ער פאַרמאָגט זיי נישט. עס איז גענוג, אַז דו וועסט רעדן וועגן די, וועלכע ער פאַרמאָגט יאָ.

און אויב דאָס מגזם זיין איז אַ פסולע מעטאָדע, איז דאָס זאָגן דאָס פאַרקערטע וואָס מען טראַכט, אַבסאָלוט טריף. עס איז אַ טריפהנע מעטאָדע. און קודם־כל מאַכט דאָס טריף דעם שרייבער, וואָס טוט דאָס. ווייל ער זאָגט ליגן. און אַז מען זאָגט ליגן — שרייבט מען ליגן, און אַז מען שרייבט ליגנס איז מען אַ פאַרפאַלענער מענטש. אַזאַ שרייבער פירט זיך אַליין אַראָפּ אין שאול־תּחתּיה.

און נאָך עפּעס. אַ ליטעראַרישע פאַראַנטשטאַלטונג, אַ וואָס פאַר אַ זי זאָל נישט זיין, איז נישט געמאַכט בלויז צום פאַרברענגען, בלויז אויף זיך אַמוזירן, נאָר אויך אויף עפּעס צו לערנען. דער עולם קומט נישט נאָר הערן, נאָר אויך עפּעס געוואָר ווערן. פון בלויזע שבחים, ווערט ער גאָר־נישט געוואָר, לערנט ער גאָרנישט. פאַרקערט, ער פאַרלירט דעם צוטרוי צו דעם געהערטן, ווייל אַפילו שבחים דאַרף מען באַגרינדן. ווען עמעצער פון די צוהערער לייענט שפּעטער איבער דאָס בוך, וועגן וועלכן ער האָט געהערט און געפינט נישט דאָרט די אַלע מעלות, וועלכע מען האָט אויף דעם בוך געזאָגט, פאַרלירט אַזאַ לייענער דעם צוטרוי זיינעם צו דער קרי־טיק. נישט נאָר צום קריטיקער, וועמענס אָפּשאַצונג ער האָט געהערט, נאָר צו דער קריטיק בכלל. וואָרעם דער רוב עולם האָט אַ נייגונג צום גלאָבאַלן טראַכטן, צו פאַראַלגעמיינערן.

די באַציִונג פון דעם לייענער צו אַ קריטיקער, צו וועלכן ער האָט פאַרלוירן דעם צוטרוי, איז ווי די באַציִונג פון אַ מאַן צו אַ פרוי, וועלכער ער איז חושד אין פאַרראַט. די באַציִונג איז שוין קיין באַציִונג נישט, דאָס לעבן — קיין לעבן נישט. דער בעסטער אויסגאַנג איז אין אַזאַ פאַל, דאָס צעשיידן זיך. אין אונדזער פאַל, אין דער ליטעראַטור, צעשיידט זיך דער לייענער מיטן קריטיקער, אין עקסטרעמע פאַלן — צעשיידט ער זיך מיט דער ליטעראַטור בכלל. ער הערט אויף לייענען. ער איז מבטל נישט נאָר דעם קריטיקער, נאָר אויך דאָס קריטיקירטע בוך. און דאָס איז אַ גרויסע געפאַר.

און נישט נאָר די צוהערער ווערן פאַרפירט דורך אַזאַ ריין פאָזיטי־ווער קריטיק, נאָר אויך שרייבער זענען דערפון פאַרפירט געוואָרן. פאַראַן שרייבער, וואָס האָבן זיך צוגעוווינט צו הערן וועגן זיך בלויז שבחים, זיי האָבן די געזאָגטע וועגן זיי שבחים גענומען אַזוי טויט ערנסט, אַז אַ

קאַפּעלע הומאָר, אַז דער סוף דערפון איז זייער אַ טרויעריקער. די פּאָזי־טיווע קריטיק האָט זיי אַטראָפּירט, אויסגעברענט אין זיי יעדן שפּור פון זעלבסטקריטיק. און אָן זעלבסטקריטיק, אָן דעם קאַפּעלע צווייפל, צי מען איז טאַקע, איז מען קיין אמתער שרייבער נישט. און די דאָזיקע שרייבער שטעלן מיט זיך פאָר, נאָכן מכלומרשטן טריומף, אַ טרויעריק, דערשיטערנ־דיק בילד פון לאַנג־יאָריקער ליטעראַרישער גסיסה. און דאָס אַלץ צוליב די איבערגעטריבענע, נישט־באַגרינדעטע שבחים.

פאַרשטייט זיך, אַז מען קאָן זיך נישט אַוועקשטעלן אויף אַן אָוונט לכּבוד אַ שרייבער און גענוי אַנאַליזירן זיין ווערק, אויפווייזן די מעלות פון ווערק און זיינע חסרונות. עס איז נישט דאָס אָרט דערצו אויף אַ פייער־לעכן אָוונט. אָבער עפּעס וועגן די חסרונות מוז מען זאָגן. מען דאַרף דאָס אָבער אַזוי דערלאַנגען, אַז סיי דער עולם צוהערער און סיי דער בעל־שמחה זאָלן עס פאַרשטיין, אָבער זיך נישט פילן דערפון קאָנסטערנירט. מען דאַרף עס אַזוי מאַכן, אַז מען זאָל דערמיט נישט צעשטערן די שמחה, די געהוי־בענע שטימונג. און אויב מען מאַכט עס ריכטיק, פאַרשטערט מען נישט די שטימונג, פּונקט ווי דאָס צעבראָכענע גלעזל אונטער דער חופּה, וואָס דאַרף זיין אַ זכר לחורבן, האָט נאָך קיין מאָל נישט פאַרשטערט די אמתע שמחה.

ריין פּאָזיטיווע קריטיק איז ווי פּאָזיטיווער נייטראַליזם. עס הערט זיך דערפון דער נישט שיינער ריח פון דיקטאַטור. עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז אויב אַ שרייבער איז נישט גרייט צו זאָגן בלויזע שבחים אויף זיין קאָלעגע, זאָגט ער זיך אָפּ אַרויסצוטרעטן אויף יענעמס אָן אָוונט.

מען האָט מורא צו זאָגן אַ וואָרט פון אויפריכטיקער קריטיק. מען האָט בפירוש מורא. עס האָט זיך געשאַפן אַ שטימונג פון אַ סוביעקטיווער מורא. און דאָס איז אַ געפערלעכע דערשיינונג. אָט בין איך בייגעווען אויף אַן אָוונט לכּבוד אַ שרייבער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך. איינער פון די רעדנער אויף דעם אָוונט האָט, נאָכן אויסשיטן אַ זאַק מיט שבחים אויפן מחבר, געפּרוווט זאָגן עטלעכע ווערטער פון קריטיק. האָט ער זיך באַלד און למפרע באַוואָרנט, אַז ער גייט טאָן אַ נישט־פּאָפּולערע זאַך. ווען די שבחים האָט ער געזאָגט בקול־רם, האָט ער די גאַנץ מילדע באַוואָרענישן קוים אַרויסגעשטאַמלט. דער צווייטער רעדנער, נאָך אים, האָט באַלד זיינע באַוואָרענישן גענומען אָפּפרעגן. און דער, וואָס האָט געוואַגט, איז שוין געבליבן זיצן די גאַנצע צייט פון אָוונט, ווי אַ נישט־געבעטענער גאַסט אויף אַ פרעמדער חתונה.

דער מחבר פון די שורות האָט געוואַגט צו זאָגן עפנטלעך זיינע באַוואָ־רענישן וועגן דער אויסערלעכער זייט פון זיין קאָלעגעס בוך, האָט אים אַ באַקאַנטע פערזענלעכקייט געמאַכט אַ שאַרפן פאָרוואורף, און אפשר מער ווי אַ פאָרוואורף. ווען דער מחבר פון די שורות וואָלט נישט געשאָנעוועט יענעמס יאָרן און כבוד, וואָלט זיכער דעמאָלט געקומען צו אַ שטיקל מחלו־קת. וואָרעם דער מחבר פון די שורות האָט נישט קיין טבע צו פאַרליידן קליינע עוולות, עס איז זייער שיין פון זיין זייט, וואָס ער פאַרליידט גרויסע...

אַזאַ צושטאַנד טראָגט אין זיך גרויסע געפאַרן. אַזאַ צושטאַנד פירט צו דיקטאַטור. און דיקטאַטור לעבט זייער גוט מיט טעראָר. מען טעראָריזירט זיך אַליין. ווען אַ שרייבער וויל נישט זאָגן דעם אמת, האָט מורא צו זאָגן דעם אמת, איז עס שוין טעראָר, כאָטש ער טעראָריזירט דאָ זיך אַליין.

איך בין נישט אויסן אין דעם פאַל עמעצן צו באַשולדיקן. נאָר אַזוי איז עס. אַזאַ מצב האָט זיך געשאַפן. נאָכן חורבן האָט זיך די יידישע ליטע־ראַטור דערפילט פאַריתומט. און מען יתומט נאָך ביזן היינטיקן טאָג. מען האָט אָנגעהויבן רחמנות האָבן איינער אויפן אַנדערן, פאַרשטייט זיך, אַז נאָר כּלפּי חוץ, און דער דאָזיקער רחמנות האָלט נאָך כּסדר אָן. אָבער וויסן דאַרף מען, אַז אין ענינים פון ליטעראַטור, אין ענינים פון קונסט, איז רחמנות אַ גרעסער אַכזריות, ווי אַכזריות גופא.

מען דאַרף אָנהייבן אָפּרייניקן די אַטמאָספערע. מען דאַרף זיך לערנען זאָגן דעם אמת. אַ לערנען איז עס אַ שווערס, אַ האַרבס, שווער כקריעת ים־סוף. אָבער באַטעמט איז עס. און עס לוינט זיך. עס לוינט זיך בפירוש.

„לעצטע נייעס"

# עסייאיסטן עליך, יידישע ליטעראַטור

עס איז ביי אונדז געוואָרן אַ מאָדע און אַ געֶרעטעניש אויף עסייען. יעדער ליטעראַרישער לאַ־יוצלח, ווען עס איז יאָרן־לאַנג נישט געלונגען אויפצושרייבן אַ גוט ליד, צי אַ דערציילונג, נעמט זיך שרייבן עסייען. און צום מייסטן האָבן מיר עסייאיסטן, וואָס שרייבן וועגן דיכטונג. וואָרעם אַ מלאכה איז עס אַ לייכטע און אַ „ריינע". מען נעמט יענעמס ליד, מען צעשניידט עס אומברחמנותדיק, מען נעמט אַרויס טיילן פונעם לידס אינגעוויד, מען טוט צו דערצו עטלעכע טראַפּערעטע, אויסגעדראָשענע זאַצן, און דו האָסט אַ פּאַרטיקע עסיי אויף געוואָר צו ווערן און אויף צו וויסן, וואָס איז דאָס אַזוינס אַ ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפונג...

איך קען אַזעלכע עסייאיסטן, וואָס זייער גאַנצער ליטעראַרישער לעקסיקאָן באַשטייט נישט מער ווי פון אַן ערך דריי הונדערט ווערטער. מיט דעם ביסל בידנע ווערטער מאַכן זיי אַ ליטעראַריש לעבן, שרייבן וועגן אַלע און אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט און צו ליטעראַטור.

און אַז די דאָזיקע עסייאיסטן נעמען צונויף „די פּרוכטן פון זייער פעדער" און גיבן עס אַרויס אין אַ בוכפאָרעם, זיצסט דו און דו בלעטערסט דאָס בוך און דו געפינסט דאָרט נישט קיין איין (ממש קיין איין!) אָריגינעלן געדאַנק, קיין איין טרעפלעכן זאָג צו מאָל, קיין איין ניי וואָרט. אַפילו נישט קיין נייע וואָרט־פאַרבינדונג. גאָרנישט, אַ חוץ טראַפּערעטן, טרויזמען, אַלץ וואָס איז שוין טויזנטער מאָל געזאָגט געוואָרן, וואָס איז שוין טויזנטער מאָל איבערגעחזרט געוואָרן און נאָר דער געשמאַקלאָזיקייט פון די דאָזיקע קריטיקער קאָן מען צושרייבן דאָס, אַז זיי מיאוסן זיך נישט ווידער צו נעמען די זעלבע ווערטער און באַצייכענונגען אויף זייערע פעדערס.

פון די דאָזיקע ביכער עסייען גייט אַזאַ גרויקייט, זי גייט נישט, נאָר זי קריכט, זי קריכט נישט, נאָר זי ליגט, אַזאַ האָפענונגסלאָזע גרויקייט ליגט אויף די ביכער, אַז עס ווילט זיך וואָיען פון אומעט און פון נודאָטע. מען דאַרף שוין זיין גאָר אַ גרויסער צדיק, אַ פאַרליבטער אין אַ יידיש בוך, אַז נאָך אַזאַ עסיי זאָלסטו נאָך וועלן נעמען אין האַנט אַזאַ קריטיקירט בוך, אַז דו זאָלסט נאָך וועלן עפּעס לייענען וועגן דעם שרייבער, וועגן וועלכן אַזאַ עסייאיסט האָט געשריבן.

און קריטיק, עסייאיסטיק, דאַרף דאָך זיין די אינטערעסאַנטסטע און פּיקאַנטסטע טייל פון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער שאַפונג. און אַזעלכע איז זי טאַקע ביי די אומות העולם. האָסט אַ פּאַרטיקן מאַטעריאַל אין דער האַנט, נעמסט אַ פּאַרטיק בוך און דו דאַרפסט זיך נאָר קענען דערמיט אַ שפּיל טאָן. אויב דו קענסט דאָס נישט, נעם זיך נישט דערצו! אַן אמתער עסיי דאַרף בליצן מיט וויסן, מיט חכמה, מיט עספּרי, אַ מאָל מיט ליריק, אַ מאָל מיט סאַרקאַזם. עס דאַרף לעבן. מען דאַרף פילן, אַז דאָס בוך לעבט אין דיין האַנט, לעבט אונטער דיין פעדער.

אָבער ביי די קריטיקער נודניקעס, טאַלאַנטלאָזיקייטן, נאַראָנים, שטאַרבט דאָס בוך אָפּ אין זייער האַנט, עס שטאַרבט אונטער זייער פעדער. און די אַלע קאָמפּלימענטן, וואָס זיי זאָגן דעם שרייבער און דעם בוך, קאָנען שוין גאָרנישט העלפן. די אַלע גוטע ווערטער, וואָס זיי זאָגן דעם בוך, וועלן שוין דאָס בוך נישט מחיה מתים זיין. דאָס בוך וויל בעסער שטאַרבן אונ־טער זייערע הענט, אָנשטאָט צו לעבן אַזאַ גרוי לעבן אויף וועלכן זיי, די קריטישע טאַלאַנטלאָזיקייטן, פאַרמשפּטן עס.

ווייל די דאָזיקע קריטיקער טראָגן אונטער זייער אונטערבאַוווסטזיין אַ שולדגעפיל, אַ שולדגעפיל לגבי דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע זיי נוצן אויס בכדי זיך איינצושאַפן צווייפלהאַפטן כבוד, דינען זיי אָפּ דער ליטע־ראַטור דערמיט, וואָס זיי זאָגן אויף איר בלויז גוטס.

די דאָזיקע קריטיקער־טאַלאַנטלאָזיקייטן טוען זיך אָן אין דער איצטלה פון גוטע־יידן און שיטן ברכות אויף די קעפּ פון די יידישע ליטעראַטור־שעפערס. די דאָזיקע פאַלשע יצחק לוי בערדיטשעווערס, די דאָזיקע נישט געבעטענע אַפּוטרופּסים פון דער יידישער ליטעראַטור ווייסן נישט, אַז אַ ליטעראַטור, וואָס קריגט נישט געשמיסן, וועט שוין קיין מאָל קיין לייט נישט אויסוואַקסן.

אויב דיכטונג מוז נישט זיין דווקא קלוג, ס'איז גענוג ווען זי איז עכט, אויב פּראָזע מוז דורכויס זיין קלוג, דאַרף קריטישע עסייאיסטיק זיין כולו חכמה. קריטישע עסייאיסטיק איז ווי תקיעת־שופר, ס'איז אַ חכמה און נישט קיין מלאכה. און וואָלטן כאָטש די עסייאיסטן געווען גוטע בעלי־מלאכות! זענען זיי דאָך אָבער פּאַרטאַטשעס, וואָס קאָנען אַפילו נישט אָפּנאַרן מיט אַ גוט שטיקל אַרבעט.

און בכדי מיין פריינד און קאָלעגע מלך ראַוויטש זאָל, חלילה, נישט האָבן קיין עגמת־נפש, אַז איך רייס אַלע אַרונטער, וויל איך דאָ באַלד צו־געבן, אַז איך מיין נישט אַלע עסייאיסטן. חס ושלום! פאַראַן ביי אונדז

אַזעלכע, וואָס קאָנען און ווייסן ווי אַזוי אָנצושרייבן אַ גוטן עסיי. אָבער זייער צאָל איז זייער קליין אין פאַרגלייך צו די שלעכטע עסייאיסטן. און אויך די עטלעכע גוטע עסייאיסטן זענען נישט פריי פון פניות, פון נישט־גערעכטיקייטן. זייערע אַרויסזאָגונגען זענען אימפּרעסיעס, שטימונגען פון אַ נאָר־וואָס איבערגעלייענטער זאַך. אדרבא, ווייזט מיר אָן כאָטש איין קריטיקער־עסייאיסט ביי אונדז, וואָס זאָל אין זיינע אַרבעטן אַרויסזאָגן זיין אני מאמין, אין וועמענס אָן אַרבעט צי אָפּשאַצונג, איר זאָלט געפינען זיין שטעלונג צו ליטעראַטור און קונסט. ווייזט מיר אָן אויף איין קריטיקער־עסייאיסט, וואָס זאָל זאָגן אויף וואָס פאַר אַ וועג דאַרף גיין די יידישע ליטעראַטור איצט, בשעת חרום, אין דער איצטיקער גורלדיקער פאַר איר שעה. (דאָס הייסט גאָרנישט, אַז איר וואָלט באַדאַרפן מיט די מיינונגען פון דאָזיקן קריטיקער מסכּים זיין).

אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. מיך אינטערעסירט איצט לגמרי עפּעס אַנדערש. מיך אינטערעסירט די העזה, מיט וועלכער די אַזוי גערופענע „עסייאיסטן" נעמען זיך שרייבן וועגן יענעמס אַ בוך, נישט האָבנדיק די מינדסטע רעכט דערצו, נישט האָבנדיק די מינדסטע צוגרייטונג דערצו, נישט באַרעכטיקנדיק זייער שרייבן מיט גאָרנישט, נישט מיט סטיל, מיטן אופן פון שרייבן און נישט מיטן אינהאַלט.

ווי הפקר מוז שוין זיין אונדזער ליטעראַריש פעלד, ווען יעדער איינער קען קומען און דערויף אַקערן. און פון אַזאַ הפקרדיק אַקערן וואַקסן אַרויס בלויז ווילדגעוויקסן. ס'איז אומעטום פאַראַן אַ קריזיס אין דער ליטעראַטור. אומעטום, ביי אַלע פעלקער. מען שרייבט אומעטום צו פיל און אָן אַ פּלאַן. פאַראַן אַפילו וויסנשאַפטן, אין וועלכע מען שרייבט צו פיל. אָבער דער געביט פון ליטעראַטור־קריטיק געהער נאָך אומעטום עד־היום צו די אויסדערוויילטע, צו די, וואָס האָבן עפּעס וואָס צו זאָגן. נאָר ביי אונדז הערשט דווקא אויף דעם געביט דאָס גרעסטע הפקרות. אויך אין דעם פאַל זענען מיר אַן אתה־בחרתנו־פאָלק.

די גאַנצע צרה נעמט זיך פון דער גראַפאָמאַניע, פון דער פּאַטאָלאָגישער נייגונג צו שרייבן. כ'מיין, צו שרייבן נישט קאָנענדיק שרייבן, נישט האָבנדיק דעם מינדסטן ניצוץ פון טאַלאַנט.

די מסכתא חולין הייבט זיך אָן מיט „הכּל שוחטין" און די מסכתא פון דער יידישער ליטעראַטור ענדיקט זיך מיט הכּל כּותבים, אַלע שרייבן.

נישט נאָר ענדיקט זיך די מסכתא פון דער יידישער ליטעראַטור מיט הכּל כּותבים, נאָר כ'האָב מורא, אַז זי ענדיקט זיך צוליב דעם הכּל כּותבים,

צוליב דעם וואָס אַלע שרייבן. יצחק באַשעוויס האָט אַ מאָל צו מיר געזאָגט:

— האָפער, אויב די יידישע ליטעראַטור וועט אונטערגיין, וועט זי אונ־טערגיין פון צו פיל, און נישט פון צו ווייניק.

מילא, אַרט מיך נישט אין דער איצטיקער רגע, וואָס מיר האָבן צו פיל לידער, וואָס מיר האָבן צו פיל ביכער בכלל. מען קאָן קיינעם נישט זאָגן: שרייב נישט, ווייל איך שרייב בעסער. אָבער זיין אַ קריטיקער הייסט דאָך זיין אַ ריכטער, און ווי קאָן מען דאָס זיין אַ ריכטער, נישט האָבנדיק די מינדסטע ידיעה אין יוריספּרודענץ?

אַ ריכטער קאָן מען טאַקע נישט זיין, אָבער אַ קריטיקער קאָן מען שוין, זעט אויס, יאָ זיין, נישט האָבנדיק די מינדסטע קוואַליפיקאַציעס דערצו. ווייל אונדזער גרויסע פאַרלוירנקייט, אונדזער גרויסע צעטומלונג, אונדזער שווערע מערכה ווערט אויסגענוצט פון די, וואָס שרייבן קאָנען זיי טאַקע נישט, אָבער דריקן קענען זיי יאָ. זיי דריקן אויפן רעדאַקטאָר, זיי דריקן אויפן פאַרלאַג און דרוקן דערביי אָפּ דאָס, וואָס זיי ווילן, און דאָס וואָס דערדריקט די אַזוי אויך געוונג דערדריקטע יידישע ליטעראַטור.

# עלעפאַנטיאַזיס

עלעפאַנטיאַזיס ווערט אָנגערופן אַ קראַנקהייט, ביי וועלכער איין טייל קערפּער, אָדער איין אָרגאַן פון אים, צעוואַקסט זיך נישט פּראָפּאָרציאָנעל גרויס צו די אַנדערע אָרגאַנען, אָדער טיילן, פון דעם זעלבן קערפּער.

אונדזער יידישע ליטעראַטור ליידט אויף דער דאָזיקער קראַנקהייט, אויף עלעפאַנטיאַזיס. דער פּאָעטישער טייל אירער איז זיך צעוואַקסן נישט פּראָפּאָרציאָנעל גרויס צו די אַנדערע טיילן אירע, צום ראָמאַן, דערציילונג און עסיי.

עלעפאַנטיאַזיס איז נישט קיין נייע קראַנקהייט אין דער יידישער ליטע־ראַטור. זי איז אַזוי אַלט, ווי די יידישע ליטעראַטור גופא. אויסער איר קלאַסישן אָנהייב, וועלכער איז ביי אונדז דווקא געווען אַ פּראָזאַישער.

איצט, ווען אַ צאָל גרויסע שרייבער זענען פון אונדז אַוועק אין דער אייביקייט און דער נאַטירלעכער צוווּקס איז אַ מינימאַלער, זעט זיך די דאָזיקע דיספּראָפּאָרץ נאָך בולטער אָן.

אויב ס׳קומט אַ מאָל צו דער יידישער ליטעראַטור אַ שרייבער, איז עס אין רוב פאַלן אַ פּאָעט. אַ פּראָזאַיִקער קומט זייער זעלטן צו. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ ווערן נישט אַריינגערעכנט די אַלע שרייבער פון ביכער זכרונות, וואָס האָבן מיט שיינער ליטעראַטור, מיט דעם וואָס פּרעטענדירט אויף קונסט, קיין שום שייכות נישט.

טעטיקע פּראָזאַיִקער, אַזעלכע וואָס שאַפן טאַקע, וואָס שרייבן ביכער, און דערצו גוטע ביכער, זענען ביים היינטיקן טאָג פאַראַן ביי אונדז זייער ווייניק. מיר מיינען נישט די, וואָס גייען אַרום און דערציילן סתּם מעשׂיות, אַז זיי שרייבן, און ווען דו פאָדערסט פון זיי עפּעס, ווילסט עפּעס פון זייער „פאַרמעגן״ אָפּדרוקן, ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי פאַרמאָגן גאָרנישט.

אויב ליטעראַטור איז אַ נאַציאָנאַל פאַרמעגן, כאָטש זי ווערט געשאַפן פון יחידים אויף יהידישע וועגן, איז אַזאַ מצב, אַזאַ קראַנקהייט, עלעפאַנ־טיאַזיס, אַ סימן פון אַ שלעכט ווירטשאַפטן מיטן דאָזיקן פאַרמעגן. אויב ליטעראַטור פילט אויס אַ באַשטימטע, אָדער אַ ווייניקער באַשטימטע, סאָציאַלע פונקציע און אַפילו געשוווירענע נאָן־קאָנפאָרמיסטן מוזן מודה זיין, אַז זי פירט אַזאַ פונקציע אויס, איז עלעפאַנטיאַזיס אין דער ליטעראַטור

אַ סימן פון אַ שווערער שטערונג אין אירע סאַמע וויכטיקסטע לעבנסטיילן, וואָס סטימולירן איר פונקציאָנירונג.

פּאָעזיע הייבט מען אָן שרייבן אין די יונגע יאָרן. בדרך־כלל הייבט יעדער שרייבער אָן מיט פּאָעזיע. אַפילו ל. נ. טאָלסטאָי, וועלכער האָט פיינט געהאַט פּאָעזיע און מורא געהאַט פאַר מוזיק, אַפילו ער האָט אָנגעהויבן מיט שרייבן לידער.

פּאָעזיע איז אַן אויסדרוק פון אומגעדולד. יעדער יונגער מענטש, וואָס פילט אין זיך שעפערישע כוחות, וואָלט זיך געוואָלט אָפּגרענעצן, זיך מתיחד זיין מיט דער וועלט אין איין ליד, צי אַפילו אין איין קורצן עפּיגראַם. ער וויל מיט אַן איינמאָליקן אויסשטרעקן די אָרעמס אַרומנעמען די גאַנצע וועלט. און וואָס יינגער מען איז, אַלץ אומגעדולדיקער איז מען. וואָס מער צייט מען האָט נאָך פאַר זיך, אַלץ מער יאָגט מען זיך, אַלץ ווינציקער צייט האָט מען.

ערשט ווען מען ווערט אַ ביסל עלטער, דערפאַרענער, וויל מען דער־גיין די סיבות פון די זאַכן, די גורמים פון דעם אַלעם, וואָס הייסט מענטש, וועלט, לעבן. מען הייבט אָן פאַרשטיין, אַז ווי לאַנג ס'זאָלן נישט זיין די אויסגעשטרעקטע אָרעמס, וועסטו די גאַנצע וועלט מיט איין מאָל נישט אַרומנעמען.

און עס פאַרברייטערט זיך דער פּאָן פון שאַפן. און נישט זעלטן טרעפט זיך, אַז דער זעלבער, וואָס האָט געוואָלט איינשליסן די גאַנצע וועלט אין איין ליד, הייבט אָן טראַכטן וועגן ברייטערע זאַכן, וועגן דערציילונגען, ראָמאַנען, וועגן גרויסע ראָמאַנען אַפילו, און נאָר פון דער שטאַרקייט פון זיין טאַלאַנט, פון דער גרויס פון זיין חכמה, פון דער מאָס גייסטיקע כוחות, וואָס ער פאַרמאָגט, איז אָפּהענגיק, צי וועט ער קאָנען זיין פּלאַן מוציא זיין מן הכוח אל הפועל, קאָנען רעאַליזירן.

מיר רעדן דאָ נישט וועגן דער ראָמאַנטישער תקופה, דער תקופה פון גרויסער פּאָעזיע. דעמאָלט איז די וועלט געווען פאַרן פּאָעט אַ קרקע־בתולה, און דער פּאָעט האָט געקאָנט מיט איר טאָן וואָס ער האָט געוואָלט. די צייט האָט נאָך דעמאָלט געהאַט אַ סך צייט און איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט פּאָעזיע און מיט קונסט בכלל.

אָבער מיר רעדן וועגן דער פאַר־היינטיקער און היינטיקער צייט. פון דער פאַר־אימפּעטיקער און אימפּעטיקער תקופה, ווען דער קינסטלער מוז האָבן אַ סך געדולד, אָן אַ שיעור געדולד און אויסדויער, אויב ער וויל נישט, אַז זיין קונסט זאָל זיך דעגענערירן, אַז די קונסט זאָל אין גאַנצן אונטערגיין.

און פּאָעזיע, וואָס איז דער אויסדרוק פון אומגעדולדיקייט, פאַרגרע־סערט נאָך די אומגעדולד אין דער וועלט. נישט בחינם לייענט מען היינט כּמעט נישט קיין פּאָעזיע, מען לייענט אויך וויניק קליינע דערציילונגען. דערפאַר ווערן אַ סך מער געלייענט ראָמאַנען און נאָך מער — ציקלען פון ראָמאַנען. דאָס איז אַ סטאַטיסטישער אמת, כאָטש ער זעט אויס צו זיין נישט וואַרשיינלעך.

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳זענען פאַראַן געשווירענע פּאָעטן, אַזעלכע, וואָס וועלן פון פּאָעזיע נישט אָוועקגיין, (כאָטש דאָס הייסט נישט, אַז זיי שרייבן נישט קיין פּראָזע), זייער זעלבסט־פּאַרטיפונג און אויסברייטונג פון די האָריזאָנטן וועלן זיי רעאַליזירן נאָר אין פּאָעזיע און נאָר מיט פּאָעטישע מיטלען. זיי וועלן צוימען זייער אומגעדולד, זייער אימפּעט, מיט שטעלן זיך פאַרמעלע אויפגאַבעס, דורך שאַפן זיך קינסטלערישע מכשולים, שטערונגען.

אָבער בדרך־כּלל איז פּאָעזיע אַן אויסדרוק פון אומגעדולדיקייט, פון אַן אימפּעטיקייט, און דערפאַר איז זי אַזוי נישט צוגעפּאַסט צו דער היינ־טיקער וועלט, וועלכע איז אַליין כּולה אימפּעט. דערפאַר האָט מען היינט גערנער פּראָזע, וועלכע איז פון איר טבע אויס אַ פּראָדוקט פון אַ גרויסער געדולדיקייט. אויב זי איז טאַקע באמת קינסטלערישע פּראָזע, און נישט סתּם עפּעס אַ געשרייבעכץ.

די וועלט בענקט נאָך אַ ביסל געדולדיקייט און נאָך אַ ביסל מער פאַמעלעכן טעמפּאָ.

אויב אַזוי זעט אויס די לאַגע אין דער וועלט, זעט עס נאָך אַ סך קאָמ־פּליצירטער אויס ביי אונדז יידן. ביי אונדז יאָגט מען זיך כּסדר. ס׳יאָגט זיך יונג און ס׳יאָגט זיך אַלט. און מ׳שאַנעוועט נישט די יאָרן. און עס גע־שעען פּאַראַדאָקסאַלע סיטואַציעס. אָט ווילסטו ווינטשן אַ דיכטער צו זיין ערשטלינג־בוך פּאָעזיע און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דו דאַרפסט אים איינ־ציימיק ווינטשן צו זיין ווערן אַ בן־חמישים.

צוליב דעם יאָגן זיך, פאַרמישן זיך אָפט די גרענעצן צווישן פּראָזע און פּאָעזיע. נעמט פאַר אַ משל אַזאַ גוטן פּאָעט ווי יוסף רובינשטיין. ער האָט אָנגעשריבן אַ היפּש בוך „מגילת רוסלאַנד״. זענען אין דעם בוך פּאָעזיע און פּראָזע שולט בערבוביה, ס׳זענען דאָרט גאָר שטאַרק פאַרמישט די יוצרות, און מען דאַרף זיין גאָר אַ גוטער און געדולדיקער לייענער, אַז מען זאָל דאָרט אָפּטיילן די פּאָעזיע פון דער פּראָזע. פון דעם מאַטעריאַל האָבן געקאָנט אַרויסקומען צוויי גוטע ביכער, איינס פּאָעזיע און דאָס צווייטע פּראָזע, און איך בין זיכער, אַז יוסף רובינשטיין איז מסוגל געווען זייביידע

גוט אָנצושרייבן. אָבער דאָס וועלן אַריינלייגן די גאַנצע עמאָציאָנעלע לאָדונג אין אַ געפּרעסטער שורה, האָט דעם מחבר פֿאַרפּירט. און נישט אים אַליין פֿאַרפּירט דאָס דער דאָזיקער ווילן, נאָר אַ סך פֿאַרפּירט ער און אַ סך האָט ער שוין פֿאַרפּירט.

איך האַלט נישט פֿון קיין געלענקטער ליטעראַטור, ווי איך האַלט נישט פֿון קיין געלענקטער דעמאָקראַטיע, ווי איך האַלט נישט פֿון קיין געלענקטע ראַקעטעס, אָבער ווען דער עלעפּאַנטיאַזיס אין אונדזער ליטעראַטור נעמט אָן עלעפּאַנטיאַזישע פֿאַרמען, מוז מען אַ טראַכט טאָן, ווי אַזוי צו פֿאַרהיטן פֿאַר אַ ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון דער דאָזיקער קראַנקהייט.

דער עלעפּאַנטיאַזיס אין אונדזער ליטעראַטור, דער איבערוווּקס פֿון פּאָעזיע אין איר, איז געווען אַן אויסדרוק פֿון אונדזער שלעכטער מערכה אין דער וועלט. מען האָט נישט געהאַט די לאַנג־אָטעמדיקייט, וואָס אַ פּראָזאַיִש ווערק פֿאַרלאַנגט. מען האָט געהאַט צו פֿיל עמאָציאָנעלע לאָדונג און צו ווייניק צייט אויף עפּיק. איז כאָטש מיר האָבן געהאַט גרויסע און באַדייטנדיקע פּראָזאַיִקער, האָבן מיר זיי דאָך געהאַט צו ווייניק. אָבער איצט, ווען אונדזער מערכה אין דער וועלט האָט זיך פֿאַרבעסערט, דאַרף מען אָנהייבן זוכן מיטלען אויף אויסצוגלייכן די דיספּראָפּאָרץ, מען דאַרף אָנ־הייבן אַריינפֿירן אַ שטיקל סדר, ווייל אָן אַ סדר, אָן אַ לאָד, איז קיין אמתע ליטעראַטור נישט פֿאַראַן...

„לעצטע נייעס“

# אָדער — אָדער

מען דאַרף פאַרשטיין, ס׳דאַרף זיין קלאָר ווי דער טאָג, אַז אין דער צייט ווען אויף אַלע געביטן הערשט דאָס געבאָט פון ספּעציאַליזאַציע, קאָן אויך די קונסט (און איך מיין קודם־כל די שרייבערישע קונסט) אין דעם נישט אָפּשטיין. נאָך מער, זי טאָר נישט אָפּשטיין אויב זי וויל נישט לחלו־טין אונטערגיין.

און לאָמיר נישט שלעכט פאַרשטאַנען ווערן. ספּעציאַליזאַציע הייסט דאָ נישט, אַז יעדער קינסטלער דאַרף זיך אָפּקלייבן אַ שמאָל געביט פאַר זיין קינסטלערישער טעטיקייט, אין וועלכן ער זאָל זיך ספּעציאַליזירן, דער־פירן צו פּערפעקציע. ניין! אַזאַ ספּעציאַליזאַציע איז נאָר אַ סימן פון קינסט־לערישער אָרעמקייט. נאָר אַן אָרעמאַן וווינט אין אַן איינשטוביקער דירה. אַ נגיד וווינט אין אַ דירה פון עטלעכע שטובן. בלויז אַ קינסטלער — אַן אָרעמאַן — האַלט זיך אין זיין קינסטלערישער איינשטוביקייט. אַ קינסטלער אַ נגיד גייט גיך און לייכט איבער פון איין געביט צום צווייטן. זאָל דאָ פּושקינס פּראָזע און ליטעראַרישע פּובליציסטיק דינען ווי אַ משל. און ווו איז געטע, וויקטאָר הוגאָ און היינע, וואָס זענען געווען טעטיק אויף אַלע געביטן פון הויך־קינסטלערישן וואָרט. ווען פון וואַלטער סקאָטן האָט זיך אָפּגעטאָן די פּאָעטישע מוזע, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן ראָמאַנען און גע־וואָרן דער ערשטער קלאַסישער ראָמאַניסט, אויף וועלכן דורות פּראָזאַיקער און פּאָעטן האָבן זיך דערצויגן.

פון די פאַר־לעצטע צייטן קאָן מען אָנווייזן אויף זאָלאַ, שפּעטער אויף אַנאַטאָל פראַנס, שפּעטער אויף פּאָל וואַלערי מיט זיינע עסייען, גאָר לעצטנס אויף פראַנסואַ מאָריאַק מיט זיינע וועכנטלעכע פּאָליטישע פעליעטאָנען. אייגנטלעך אויף וועמען קאָן מען נישט אָנווייזן? יעדער באַדייטנדיקער קינסטלער איז טעטיק אויף אַ ריי געביטן פון זיין קונסט.

ביי אונדז זענען אַזעלכע פילזייטיקע וואָרט־קינסטלער געווען י. ל. פּרץ, דערנאָך איז עס ה. לייוויק, איציק מאַנגער און אַנדערע.

ווען איך זאָג ספּעציאַליזאַציע — מיין איך מומחיות, קענטשאַפט, וויסן. מען דאַרף גוט קענען און וויסן דאָס געביט אין וועלכן מען איז טעטיק.

און בכדי עס צו וויסן, מוז מען זיך עס ווידמען אין גאַנצן. אַ קינסטלער דאַרף לעבן נאָר און אויסשליסלעך מיט די אינטערעסן פון קונסט. דער „והגית בו יומם ולילה" איז אויף קיין שום געביט נישט אַזוי חל, ווי אויף דעם געביט.

וואָרעם אין דער קונסט הערשט דער אומבויגזאַמער פּרינציפּ: אָדער, אָדער. אָדער דו ביסט אָדער דו ביסט נישט. קיין שום פּשרות קאָנען אין דעם געביט נישט זיין.

ס׳איז נישט אמת, אַז איין גוטע שורה קאָן כּשרן אַ גאַנץ שלעכט ליד. פּאַרקערט, אַ שיינע שורה אין אַ שלעכט ליד מאַכט אַ קאָשמאַרן איינדרוק, ווי אַ פּאָר שיינע אויגן אין אַ פּנים פון אַ פּאַרזשעניש.

ס׳איז אויך פאַראַן אַ מעטאָד פון כאַפּן אַ שורה און מאַכן אַ ליד. אַזאַ מעטאָד איז פּשוט אומווירדיק.

ס׳איז נישט מעגלעך אַ גוט בוך פּראָזע אָן אַ שמץ פון הומאָר, פּונקט ווי ס׳קאָן נישט מעגלעך זיין אַ זיסע פּרי, וואָס זאָל נישט האָבן גענאָסן פון אַ ביסל זון.

ס׳איז נישט אמת, אַז יעדער איינער קאָן זיין אַ מבין אויף קונסט, פּונקט ווי נישט יעדער קאָן זיין אַ כּהן, צי אַ רבי. אַ כּהן מוז מען געבוירן ווערן און אַ רבי מוז מען דערצויגן ווערן. מיט מבינות אויף קונסט איז מען — אָדער מען איז נישט. סתּם־מבינות איז סתּם־גערעדעריי, צי געשרייבעריי. (דער באַקאַנטער פּוילישער דיכטער, דראַמאַטורג און פּובליציסט־פּאַמפלע־טיסט, אַנטאָני סלאָנימסקי, האָט אָנגערופן אַזאַ מין געשריבן מבינות: קרי־טיקאַקאַניע).

אָדער — אָדער. אָדער מען איז אַ דיכטער, אָדער נישט. אָדער מ׳איז אַ פּראָזאַיִקער, אָדער נישט. ס׳איז אַ חוצפּה צו באַלעסטיקן מיט זיך אַ ליטע־ראַטור, איידער מען וואַקסט אַליין אויס. ליטעראַטור, ווי אַ לעבעדיק וועזן, ווערט מיד פון אירע קליינע שרייבערלעך, פּונקט ווי אַן אַרמיי קאָן דעמאָ־ראַליזירט ווערן צוליב אירע מאַרודערן.

דאָס, וואָס כ׳האָב געזאָגט, באַציט זיך צו אַלע ליטעראַטורן אויף דער גאַנצער וועלט. ס׳הערשט אומעטום אַ כאַאָס און אַ מבוכה. מען שרייבט אומעטום צו פיל, און צענדליקער שריפטשטעלער שרייבן דאָס זעלבע.

אָבער דאָס, וואָס ס׳געשעט ביי אונדז, גייט איבער אַלע מאָסן און גרע־נעצן. מיר האָבן צו פיל, אָן אַן ערך צו פיל, קליינע שרייבערלעך. און דאָס אויף אַלע געביטן. אַן אַרמיי פון שרייבערישע מאַרודערן שלעפּט זיך נאָך

נאָך דער אמתער ליטעראַטור. די ליטעראַרישע פּעריפּעריעס עסן ביי אונדז אויף דעם שוין אַזוי אויך מוראדיק אָפּגעשוואַכטן צענטער.

די ליטעראַרישע פּעריפּעריעס צווינגען אויף אויף דער יידישער ליטע־ראַטור אַ וויסטן פּראָווינציאַנאַליזם. און ס׳קומט אויס, אַז ווען אויף דער גאַנצער וועלט האַלט שוין אַ געוויסע ריכטונג ביי „עלינו לשבח״, האַלט מען ערשט ביי אונדז ביי „מה טובו״.

ס׳הערשט בכלל אַ כאַאָס אין אונדזער ליטעראַטור. יעדער איינער שרייבער דאַוונט זיך לויט זיין אייגענעם נוסח און פון זיין אייגן סידורל. מען שליסט דעריבער נישט אָפּ ביי אונדז קיין ליטעראַרישע תקופות. עס ענדיקן זיך נישט און עס ענדערן זיך נישט ביי אונדז קיין ליטעראַרישע ריכטונגען. און די פּעריפּעריעס און די מאַרודערן פאַרגרעסערן נאָך מיט זיך דעם כאַאָס און ס׳זעט אויס, ווי די יידישע ליטעראַטור וואָלט געווען אַ באַרג מיט ביכער צו וועלכן יעדער שרייבער וואַרפט צו זיין קלענערן, צי גרעסערן חלק.

אָדער — אָדער. אָדער מיר ווילן האָבן אַ ליטעראַטור מיט שאַנסן, אַז זי זאָל פאַרבלייבן, אָדער מיר ווילן דאָס נישט. אָדער מיר ווילן חיי־עולם, אָדער חיי־שעה. אָדער מיר ווילן האָבן אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל ווערט זיין דעם נאָמען, אָדער זי וועט אויסגעטווישט ווערן אויף קליינגעלט אויף דעם אינפאַנטילן, קינדישן חשק צו זען דעם אייגענעם נאָמען אָפּגעדרוקט אין אַ צייטונגל, אָדער ליטעראַריש בלעטל, אין וועלכן מען קוקט אַפילו נישט אַריין, אָדער מען קוקט אין דעם יאָ אַריין, בכדי וואָס גיכער דערפון פּטור צו ווערן. אָדער מיר ווילן האָבן אַ ליטעראַטור, אָדער אַ באַרג מיט ביכער, ווען אַפילו די ביכער זאָלן זיין געאָרדנט און אויסגעשטעלט אין אַ ביבליאָ־טעק.

עס מוז געשען עפּעס אַזעלכעס, אַז עס זאָל אויפהערן דער כאַאָס און די וואַקכאַנאַליע מיטן יידישן געדרוקטן וואָרט. דאָס יידישע וואָרט דאַרף ווערן אָפּגעקליבן, ווי מען קלייבט אָפּ פּערל.

און דאָס מוז געשען טאַקע שוין!

ווייל... די קונסט, און דער עיקר די וואָרטקונסט, שטייט אין אַ געפאַר. זי איז דיסטאַנסירט געוואָרן דורך דער וויסנשאַפט. אַ מאָל איז געווען פאַרקערט. דאָסטאָיעווסקי און פּרוסט זענען געווען פאַר פּרווידן, און זיכער פאַרן פּרווידיזם. זשול ווערן איז געווען פאַרן אַדמיראַל ריקאָווער און פאַר פאָן בראַון. היינט גייט די וויסנשאַפט, די טעכנישע קולטור, פאָרויס און די עיקר־לייענער, די יוגנט, גייט איר נאָך. און קיין ביכער לייענט מען נישט.

כיבע ווען אַ בוך געלינגט צו ווערן אַ בעסט־סעלער. און די דאָזיקע ביכער זענען אָפּט מאָל נישט ווערט קיין קינסטלערישע פּרוטה.

און אַזוי ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך. מען לייענט ביי אונדז וואָס אַ מאָל וויניקער. און נישט נאָר צוליב יידיש. אַפילו די יידיש־לייענער טוען דאָס וואָס אַ מאָל זעלטענער. מען לייענט וואָס אַ מאָל ווינציקער און מען שרייבט וואָס אַ מאָל מער...

כ׳גלייב, אַז אין דער ליטעראַטור איז פאַראַן אַ נאַטירלעכער אָפּקלייב. כ׳גלייב באמונה שלימה, אַז נאָר דאָס גוטע אין אַ ליטעראַטור וועט בלייבן און דאָס שלעכטע וועט פאַרשווינדן, נאָר דאָס אמתע וועט בלייבן און דאָס פאַלשע וועט אונטערגיין, נאָר דאָס סאַמע היכוועדטיקע וועט בלייבן לדור־רות, און נאָר דער, וואָס וועט ווערט זיין — דער וועט זוכה זיין.

פון דעסטוועגן — דאַרף מען דערווייל זען, אַז דאָס צופעליקע, דאָס שוואַכע און שלעכטע, זאָל נישט פאַרנעמען אַזוי פיל אָרט. וואָרעם נישט נאָר אין דער ליטעראַטור גופא גייט עס, נאָר אויך אין לייענער. מען דאַרף נישט לאָזן, אַז דער לייענער זאָל פאַרפירט ווערן אויף אומוועגן, מען דאַרף נישט לאָזן אים קאָרמען מיט בילע־וואָס. נאָך דערצו ווען די יידיש־לייענער זענען אַזוי וויניק, זענען זיי דאָך אונדזערע אויסגעצערטלטע בני־יחידים!

נאָר די ציניקער, די וואָס האַלטן, אַז ס׳איז שוין סיי־ווי נאָכן יאַריד און ווילן נאָר וואָס גיכער איינקאַסירן די פּאָר פּיאַסטערס, וואָס לאָזן זיך נאָך פון יידיש אויסקוועטשן, זיי האַלטן, אַז ס׳איז אַ שאָד דער קאַמף, ס׳איז נישט ווערט די טירחה.

# פאַר וועמען?

די פראַגע איז: פאַר וועמען ווערט איצט, ביים היינטיקן טאָג, געשאַפן יידישע ליטעראַטור? צי ווערט זי געשאַפן אויך פאַר דער צוקונפט, פאַר גרעסערע, קלענערע, צי אַפילו נאָר פאַר גאָר קליינע טיילן פון יידישן פאָלק, אָדער זי ווערט נאָך געשאַפן סתּם פאַר דעם ביסל יידיש־לייענער, פאַר דעם ביסל יידן, וואָס צוליב די אָדער אַנדערע סיבות נעמען זיי נאָך אַ יידיש בוך אין האַנט אַריין, לייענען נאָך אַ יידיש וואָרט?

די פראַגע: פאַר וועמען? איז איצט דער עיקר שבעיקרים, דאָס הויפּט־פּראָבלעם, וואָס מוז באַשעפטיקן יעדן ערנסטן יידישן שרייבער, דעם, פאַר וועלכן שרייבן איז נישט סתּם אַן ענין פון פערזענלעכער אַמביציע, פון וועלן אימפּאָנירן זיין אַרום, זיין סביבה, נאָר איז דער יסוד פון זיין גייסטיקער עקזיסטענץ ווי אַ שרייבער, ייד און מענטש.

און נישט נאָר פאַר שרייבער. יעדער יידישער מענטש, פאַר וועלכן יידישע קולטור איז נישט קיין הוילע פראַזע, נאָר אַ טיפער ענין, אַ יסודות־דיקע זאַך, אויף וועלכער ס׳דאַרף זיך אָנשפּאַרן דאָס גייסטיקע לעבן פון יידישן יחיד, און במילא פון יידישן פאָלק, אַזאַ איינער דאַרף זיך אויך שטעלן די זעלבע פראַגע: פאַר וועמען?

וואָרעם אַ שאלה איז עס אַ קלאָרע: אויב דאָס אַלץ, וואָס ווערט איצט געשאַפן אין יידיש אונטער דעם שיין־קלינגענדיקן נאָמען: יידישע ליטעראַטור, ווערט געשאַפן נאָר פאַר דעם ביסל יידיש־לייענער, פאַר די יידן, וואָס לייענען נאָך יידיש אַלץ בעסער ווי אַלע אַנדערע שפּראַכן, אָדער פאַר די יידן, וואָס האָבן סתּם אַ סענטימענט פאַר יידיש און אפשר אויך דרך־ארץ, דעמאָלט איז אַלץ בסדר, דעמאָלט איז אַלץ, וואָס טוט זיך אָפּ איצט אין דער יידישער ליטעראַטור, אין בעסטן אָרדענונג.

אויב מען גייט צו שרייבן, דאָס הייסט צו שאַפן ליטעראַטור, מיט דער „פּערספּעקטיוו", אַז מען שרייבט פאַרן ביסל יידיש־לייענער, וואָס וועלן אין אַ צוויי־צענדליק יאָר אַרום אין גאַנצן פאַרשווינדן, דעמאָלט איז באַרעכטיקט, אַבסאָלוט באַרעכטיקט דער הו־האַ, דער תּוהו־ובוהו, וועלכער האָט באַהערשט און באַהערשט וואָס אַ מאָל מער די יידישע ליטעראַטור. ס׳איז באַרעכטיקט די סוף־יאַריד־שטימונג, וווּ איינער לייגט צו דעם קאָפּ

און אַ צווייטער כאַפּט אַריין אַ ווילדע מציאה. ס׳איז באַרעכטיקט די קבצני־שע סעודה, ווו איינער כאַפּט אַ מוציא מיט האָניק און אַ צווייטער אַ טרו־קענע פייג.

אויב מען לעבט און מען שאַפט פאַר „פּערספּעקטיוו" פון צוויי צענדליק יאָר העכסטנס, איז באַרעכטיקט דאָס גאַנצע געשרייבעכץ, מיט וועלכן עס ווערט איצט „באַרייכערט" די יידישע ליטעראַטור. ס׳איז באַרעכטיקט דאָס „אָפּשאַצעכץ", מיט וועלכן עס ווערט איצט אָפּגעשאַצט אַ יידיש בוך. ס׳איז באַרעכטיקט, וואָס די שרייבער האָבן קיין צייט נישט, וואָס זיי ווילן אַריינכאַפּן וואָס מער. מען קאָן אין אַזאַ פאַל קיין קשיות אויף קיינעם נישט פרעגן, מען קאָן זיך אויף קיינעמס האַנדלונג נישט וווּנדערן. ווייל אויב אַלץ, וואָס ווערט געטאָן אין יידיש איז נישט מער ווי אויף חיי־שעה, איז כאַפּ אַריין וואָס גיכער די באַנציע־שווייגישע בולקע מיט פּוטער!

אויב אָבער עמעצער האַלט, אַז דאָס, וואָס ווערט איצט געשאַפן אין יידיש, דאַרף זיין אויך פאַר דער צוקונפט פון יידישן פאָלק, כאָטש דאָס פאָלק, אין זיין איבערוועגנדיקער מערהייט, וויל שוין היינט נישט קיין יידיש, טוט זיך אָפּ פון יידיש, ווערט עס פון דעסטוועגן פאָרט געשאַפן פאַרן עתיד פון יידישן פאָלק, ווען אַפילו פאַר אַ גאַנץ קליין הייפל פון אים. דער וואָס זעט אַזוי, דער זעט אין דעם, וואָס טוט זיך היינט אָפּ מיטן יידישן שאַפן — ממש אַ קאַטאַסטראָפע.

ווייל נישט קיין יידישע ביכער פעלן היינט, זיי זענען פאַראַן צו פיל. נישט קיין יידישע שרייבער פעלן איצט, זיי זענען פאַראַן ב״ה נישט ווייניק. וואָס עס פעלט דעם איצטיקן יידישן שאַפן, דעם שאַפן אין יידיש, איז — די גרויסע אידייע.

מען קאָן זיין אַ הייסער אָנהענגער פון נאָן־קאָנפאָרמיזם און וועלן פּראַ־ווען התבודדות נישט נאָר מיט זיך, נאָר אַפילו אָן זיך, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז מען קאָן זיך ווע‏לן אָפּשניידן פון טאַטע־מאַמע און פון אייגענעם פאָלק. מען קאָן האַלטן, אַז יעדער פּראָגראַם, יעדע אידייע אַפילו, איז פאַר קונסט געפערלעך, אַז קונסט מוז זיין ריין פון יעדער פאַר־מחשבה אַפילו. מאַלע וואָס מען קאָן אַלץ ווע‏לן און האַלטן!

אָבער אין שעת־חירום איז גילטיק דער „עת לעשׂות לה׳ הפרו תורתך", ווען עס איז אַ צייט צו טאָן פאַר גאָט, קאָן מען אַפילו די תורה צעשטערן. (פון וואַנען עס שטאַמט דאָס וואָרט, דער טייטש פון דעם קורצן פּסוק אין לאַנגן קאַפּיטל תהילים, קי״ט, ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז ער איז געווען פּאָפּולער אין די אגודה־קרייזן אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן).

קיין שום טעאָריעס האָבן נישט קיין ממשות, קיין שום תּורות האָבן נישט קיין אחיזה, אין אַ צייט פון קאַטאַסטראָפע.

און אַז קאַטאַסטראָפע לויערט אויף דער שארית־הפליטה פון יידישן וואָרט, אין דעם איז קיין שום ספק נישטאָ.

און נאָר אַ גרויסע אידייע קאָן דאָס יידישע וואָרט פון אַ קאַטאַסטראָפע, פון אַ פולשטענדיקן אונטערגאַנג, אָפּראַטעווען.

אויב איך וויל זיין גאָר פּאַרזיכטיק וועל איך זאָגן, אַז עס איז גאָרנישט אויסגעשלאָסן, אויב איך וויל אַ ביסל לאָזן צעשפּילן מיין פאַנטאַזיע וועל איך זאָגן, אַז עס איז פאַר מיר קלאָר און זיכער, דאָס יידיש וועט נאָך ווערן די שפּראַך פון דער גאָר הויכער אינטעליגענץ, פון דער יידישער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע. (פאַרשטייט זיך, אַז נישט אין ישראל).

פּונקט ווי דאָס לשון און אינהאַלט פון תלמוד איז געווען דער נכס, דאָס פאַרמעג פון געציילטע, פון אויסדערוויילטע, אַזוי, פיל־ווייניק אַזוי, וועט עס זיין, (יעדנפאַלס — אַזוי קאָן עס זיין), מיטן יידישן וואָרט און מיט די אינהאַלטן געשריבענע אין יידיש.

זאָל זיך קיינער נישט איינרעדן, אַז שטענדיק זענען געווען אַזוי פיל גמרא־לערנער, אַזוי פיל גמרא־קענער, ווי דאָס איז געווען אין סוף פון נייַנצנטן און אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין פּוילן און אין דער ליטע.

געווען צייטן, בעת די יידן האָבן געוווינט אין די דערפער, ווען אַ ייד, אַ גמרא־קענער, איז געווען אַ יקר־המציאות, אַן אוניקום. לומדים זענען דעמאָלט געווען שנים בעיר ואחד במשפחה, און אפשר דאָס אויך נישט. אַפילו אין מיטלעלטער און אַפילו אין דער צייט פון תּלמוד גופא, פון די תּנאים און אמוראים, האָט מען געפרעגט „ותּורה מה תּהי עליה?״ און וואָס וועט זיין מיט דער תּורה? ווייל געלערנט האָבן זי נאָר אויסדערוויילטע.

איצט פרעגט מען: ויידיש מה תּהי עליה? און וואָס וועט זיין מיט יידיש? אָבער פרעגן פרעגט מען נישט די פראַגע אין עברית, נאָר און אויסשליסלעך אין יידיש, ווייל די עברית־שרייבער און עברית־לייענער גייט נישט אָן דער גורל פון יידיש. עס גייט זיי נישט אָן, כאָטש זיי ווייזן דערמיט אַרויס זייער קורצזיכטיקייט און באַגרענעצטקייט.

יידיש האָט צו פיל באַדייט פאַר די לעצטע זיבעציק־אַכציק יאָר, אין דער שענסטער און פרוכטבאַרסטער תּקופה אין יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע, אַז יידיש זאָל גאָר קאָנען אונטערגיין!

אפשר וועט שוין יידיש נישט באַשערט זיין קיין אויפבליצייט, אָבער אַז יידיש וועט בלייבן אַ שפּראַך, וועלכע עס וועלן קענען און לערנען יחידי סגולה, דאָס איז ביי מיר למעלה מכל ספק, אויסער יעדן צווייפל.

אָבער ווען וועט דאָס זיין, ווען יידיש וועט האָבן אין זיך די קינסטלעריש און גייסטיקע ווערטן, וואָס וועלן קאָנען באַפרידיקן די גייסטיקע און קינסטלערישע פאָדערונגען פון די יידישע יחידי סגולה?

אַזוי ווי גאָט האָט צונויפגעוויקלט די גאַנצע ערד פון לאַנד כנען און זי אַרונטערגעלייגט יעקב אָבינו צו קאָפּנס און געזאָגט: לך אתננה ולזרעך, דיר וועל איך זי געבן און דיינע קינדער, אַזוי האָט גאָט גענומען דאָס אַש פון חרובן יידישן לעבן, פון די חרובע יידישע שטעט און היימען און עס אַרונטערגעלייגט דעם יידישן שרייבער צו קאָפּנס און געזאָגט: דיר גיב איך איבער דאָס אַש, אַז דו זאָלסט אין שריפט אויפבויען צוריק דאָס, וואָס איז אין לעבן חרוב געוואָרן.

וועלן די יידיש־שרייבער זיך נישט יאָגן נאָך סענסאַציעס, נאָך טעמעס פון היינטיקן טאָג, נאָר אויפבויען צוריק פון די חורבות דאָס שענסטע, דאָס שענסטע אַפילו מיט אַלע שאָטנזייטן! וואָס איז אין זין פון אַ פול יידיש לעבן געוועזן ביי אונדז אַמאָל, וועלן זיי די גרויסע אידייע האָבן דערגרייכט.

ווייל דער ייד האָט שטענדיק זיין צוקונפט געבויט אויף זיין עבר. ווען אַ ייד איז ערגעץ־ווו אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין גלות, שטייענדיק מיט ביידע פיס אין דער טרויעריקער גלות־ווירקלעכקייט, געזעסן און געלערנט די מסכתא זבחים, ווי אַזוי מען האָט אין בית־המקדש מקריב געווען קרבנות, האָט ער דערמיט און נאָר דערמיט געבויט זיין צוקונפט. דער ייד האָט געוווסט, אַז דער היינטיקער טאָג עקזיסטירט בכלל נישט, ער איז נאָר און נישט מער ווי די בריק, וואָס פירט פון עבר צום עתיד.

אָבער נאָר יחידי סגולה — פון צווישן די יידישע שרייבער, דאַרפן שרייבן פאַר די צוקונפטיקע יחידי סגולהדיקע לייענער. וועט יעדער, וואָס האַלט אַ פעדער אין האַנט שאַרן אין דעם אַש, פון וועלכן מען דאַרף צוריק אויפבויען די חרובע יידישע וועלטן, וועט עס זיין אַ קאַטאַסטראָפע בתוך קאַטאַסטראָפע, און יידיש וועט חלילה קיין קיום און קיין תקומה נישט האָבן.

# פריילינגס...

ס׳איז פריילינג. און מיר דערמאָנט זיך דער פריילינג פון אונדזער יידישער ליטעראַטור. ס׳האָט געווייעט אַ פרייַלעכער פריילינגסווינט און האָט צעיאָגט די ברייטע פאָלעס פון דער פעלערינע, וועלכע עס האָט גע־טראָגן דער באַצויבערנדיקער יצחק לייבוש פּרץ. אונטער דער דאָזיקער פעלערינע זייַנער האָט פּרץ געוואָלט אַרונטערנעמען אַלע יידישע שרייבער, ווי אַ טאַטע נעמט אַרונטער זייַנע קינדער אונטערן טלית ביי ברכת כּוהנים.

ס׳איז געווען פריילינג אין דער יידישער ליטעראַטור. אַלץ האָט גע־בליט. און מען האָט געזוכט פרישע, אויפגייענדיקע טאַלאַנטן פאַר די דאָרש־טיקע נאָך שיינער ליטעראַטור יידיש־לייענער.

איצט איז אויך פריילינג. ס׳איז פריילינג אין אונדזער מדינה און עס איז פריילינג אין פאַרשידענע טיילן וועלט. ס׳איז פריילינג אין דער אַטמאָס־פערע, אָבער נישט אין דער יידישער ליטעראַטור. מען זוכט נישט קיין יידישע שרייבער פאַר די דאָרשטיקע נאָך שיינער ליטעראַטור יידיש־לייע־נער. פאַרקערט, מען זוכט יידיש־לייענער פאַר די דאָרשטיקע נאָך אַ לייענער יידישע שרייבער.

אויב עס וועט, חלילה, אין דעם פּרט גיין אַזוי וויַיטער, ווי דאָס גייט ביז איצט, וועט זיין געענוי אַזוי, ווי דאָס האָט געזאָגט דער נביא ישעיהו: „והחזיקו שבע נשים באיש אחד" — און זיבן וויַיבער וועלן אָנהאַלטן איין מאַן. זיבן יידישע שרייבער וועלן אָנהאַלטן איין יידיש־לייענער.

נאָר נאַראָנים, וואָס זענען בטבע אָפּטימיסטן, מאַכן סטאַטיסטיקעס פון דער צאָל יידישע שרייבער און פון דערשיינענע יידישע ביכער, בכדי אויפ־צווייזן, אַז די יידישע ליטעראַטור וואַקסט.

סטאַטיסטיקעס דאַרף מען מאַכן פון דער צאָל יידיש־לייענער. און די דאָזיקע סטאַטיסטיק ווייזט פונקט דאָס פאַרקערטע, זי ווייזט, אַז די צאָל יידיש־לייענער פאַלט.

און דאָס, און נישט עפּעס אַנדערש, איז דער סימן מובהק פאַר דעם מצב פון דער יידישער ליטעראַטור.

אַ ליטעראַטור, וואָס האָט נישט קיין לייענער, איז געגליכן צו אַ בוים, וואָס גיט פּירות, אָבער קיינער נעמט זיי נישט אַראָפּ. און נאָר דער בייזער האַרבסטווינט צעטראָגט זיי פּאַרוויאַנעטע, ווו די וועלט האָט אַן עק.

דאָס איז דער האַרבסטיקער סך־הכּל אין אַ שיינעם ערשטן פרילינגס־טאָג.

איך וועל נישט מיד ווערן צו פאָדערן פון דער יידישער ליטעראַטור, אַז זי זאָל זיך נישט צעוואַקסן, נאָר דווקא מצמצם זיין. איצט איז נאָר אַ צייט פון צמצום.

אַ גוטער שומר פון זיין גאָרטן גייט אַרויס אין פאַר־פרילינג און שניידט אַרום די צווייגן, רייסט אַרויס דאָס ווילדגעוויקס, באַזייטיקט אַלץ וואָס איז איבעריק, וואָס קאָן שטערן די געזונטע, גוטע פרוכטנביימער אין זייער וווקס און בליִונג.

אַזוי איז עס אין אַ גאָרטן, מכּל־שכּן אין אַ ליטעראַטור.

וואָרעם אין אַ ליטעראַטור קאָן מען זיך נישט באַנוצן מיט קיין קינסט־לעכער באַמיסטיקונג, בכדי איר צוצוהעלפן אין איר וווקס. דאָס, וואָס אין אַ גאָרטן טוט מען יאָ.

די באַציִונג צווישן לייענער און בוך איז אַ פאַרקערט־פּראָפּאָרציאָנעלע. וואָס ווייניקער לייענער, אַלץ בעסער דאַרפן זיין די דערשינענע ביכער.

די אַלע, וואָס רעדן אין שייכות מיט דער יידישער ליטעראַטור וועגן פאָלק און פאָלקסמאַסן, די נאַרן יענעם אָדער זיך אַליין, צי גאָרביידע אין איינעם.

נאָך מער ווי עס זענען אומגעקומען יידישע שרייבער, איז אומגעקומען דאָס יידישע פאָלק, די לייענער פון דעם יידישן בוך.

נישט פאַראַנען מער ביי אונדז די פאָלקסמאַסן, וועלכע זענען אַמאָל געווען. די פאָלקסמאַסן מיט זייער תּמימותדיקייט, פילבאַרקייט, מיט דער גרייטקייט אויפצונעמען און צו אַדאָרירן.

אויב עס זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע מענטשן, איז זייער צאָל זייער ווייניק.

טאָ וועמען קאָנען פרייען די סטאַטיסטיקעס מיט דער צאָל שרייבער און אַרויסגעגעבענע ביכער?

אַ בכּבודיקער העברעיִשער שרייבער, וואָס גייט אָן פאַר אַ שׂונא־יידיש, האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס האָט מען אויף אים אויסגעטראַכט אַ בילבול. פאַרקערט, ער האָט גאָר ליב יידיש. נאָר העברעיִש האָט ער ליב, ווי מען האָט ליב אַ קינד, וואָס האַלט אין וואַקסן, גרייט זיך צו אַ ניי לעבן, און

יידיש האָט ער ליב, ווי מען האָט ליב אַ באָבען. די באָבע האָט שוין נישט קיין ציין, זי דערזעט נישט און דערהערט נישט, אָבער פון דעסטוועגן שמעקט זי מיט אַמאָלקייט און מען קאָן פון איר הערן אַזעלכע שיינע מעשׂיות, וואָס זענען זיך אַמאָל פאַרלאָפן.

דאָס איז נישט נאָר די מיינונג פון אַ העברעיִשן שרייבער, וואָס גייט אָן פאַר אַ שׂונא־יידיש. אַזאַ באַציִונג האָבן אויך צו יידיש אַ סך יידישע מענטשן, וואָס אַליין רעדן זיי און לייענען נאָך יידיש.

מען וויל הערן פון דער באָבען אַ שיינע מעשׂה, אָבער קיין ניי קלייד וועט מען איר נישט קויפן, ווייל עס לוינט שוין נישט...

אויב אַפילו אַליין וועט מען נאָך לייענען אַ יידיש בוך, אָבער קויפן וועט מען עס שוין נישט, ווייל עס לוינט נישט, ווען מען וועט מען די ביכער איבערלאָזן ? די קינדער, וואָס קענען נישט קיין וואָרט יידיש, נאָר העברעיִש, ענגליש, צי פראַנצייזיש, צי אַנדערע שפּראַכן ?

דער חורבן האָט נישט נאָר פאַרניכטעט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, ער האָט אויך געענדערט די סטרוקטור און מענטאַליטעט פון די איבערגעבליבענע. אַפילו דער יידישער ייד איז היינט אַנדערש ווי אַמאָל. עפּעס האָט זיך אין זיין יידישקייט אַריינגעכאַפּט אַ שפּאָרע דאָזע ניכטערקייט.

אָבער, לאָמיר זיך נישט לאָזן פאַראומערן אין אַזאַ שיינעם פרילינגס־טאָג. די צרה איז נישט נאָר ביי יידיש, נאָר אויך ביי העברעיִש.

אַמאָל האָבן ישראַלדיקע אָרגאַניזאַציעס (דער עיקר הסתדרותישע), געשאָנקען אויף יום־טוב זייערע אַנגעשטעלטע, ביכער. היינט ווילן נישט די אַנגעשטעלטע קיין ביכער. זיי ווילן בעסער אַ פלאַש וויין מיט אַן עוגה.

אַז גייסטיקע ווערטן האָבן פאַרלוירן ביי אונדז אַ סך פון זייער ווערט, איז דער בעסטער סימן דער שטרייק פון די מיטלשול־לערער.

ווי האָט געזונגען ר׳ זלמן:

„זיצט דער רב ביי די יורה דעה,
אין דרייט זעך ביי די פּאה,
אין זיין מיינונג איז נאָר געלט,
געלט, געלט, געלט..."

קיין גרויסע טרייסט איז עס נישט, וואָס ביי די העברעער איז אויך נישט פריילינגדיק. אָבער פאָרט איז צרת רבים לייכטער צום פאַרטראָגן.

ס׳איז פריילינג. און ווי ווייט איז דער היינטיקער פריילינג פון דעם פריילינג פון דער יידישער ליטעראַטור? בסך־הכל אַ יאָר פופציק־זעכציק, און דאָך איז שוין אַזוי האַרבסטיק.

און איך דערמאָן אין דעם היינטיקן פריילינג, מיט אַזוי פיל האַרבסטי־קער נאָסטאַלגיע, דעם פריילינג פון דער יידישער ליטעראַטור. דעמאָלט האָט יעדעס וואָרט געהאַט זיין וואָג. דאָס וואָרט אַחריות איז געווען פול מיט אחריות, און אַפילו דאָס וואָרט: שליחות, וואָס כ׳האָב אַזוי פיינט געקריגן, האָט אויך געהאַט אין זיך אַ סך נאַיִוון טעם.

ס׳איז געווען אַ צייט פון דרך־ארץ פאַר דעם געשריבענעם וואָרט, און מען האָט זיך נישט געשטופּט מיט די אייגענע דריי גראָשן דאָרט, ווו אַ וואָרט איז געווען אַ רענדל.

„לעצטע נייעס“

# דער יחיד ווי אַ רבים...

עס דערמאָנט זיך מיר אַזאַ געשיכטע. נאָך דער מלחמה און חורבן, ווען דער „טאָז" האָט אין פוילן געהאַט באַנייט זיין טעטיקייט, זענען גע־קומען דריי יידן פון פויזן און געבעטן מען זאָל ביי זיי עפענען אַ „טאָז"־אָפּטיילונג. געווען איז עס באַלד נאָכן קעלצער פּאָגראָם, אין יאָר 1946. ווען מען האָט די דעלעגאַציע געפרעגט: — וויפל יידן זענט איר אין פויזן? האָט דער ראש־המדברים געענטפערט: — צען יידן זענען מיר. ווען מען האָט אים דערויף געזאָגט: — ווי שטעלט איר זיך פאָר, לוינט פאַר צען יידן אויפצושטעלן אַ „טאָז"־אָפּטיילונג, וואָס דאָס איז פאַרבונדן מיט אַזעל־כע גרויסע קאָסטן? האָבן אַלע דריי תמימותדיק געענטפערט: — און וואָס זענען מיר שולדיק, אַז מיר זענען געבליבן נישט מער ווי צען יידן? צי דערפאַר וואָס מיר זענען געבליבן אַזוי ווייניק, דאַרפן מיר נאָך באַ־שטראָפט ווערן און מוזן אַנטרויען אין אַזאַ צייט, אונדזערע קינדערס און פרויענס געזונט און לעבן אין גויאישע הענט?

אַזוי ווייט האָט זיך דעמאָלט געהאַט געענדערט די באַציִונג צו צאָל און ציפער, כ'מיין די יידישע באַציִונג. מען האָט זיך דעמאָלט נישט גע־פרעגט וויפל יידן קאָנען געניסן פון דער „טאָז"־הילף, נאָר וויפל קאָן נאָך אַ ייד געניסן פון דער „טאָז"־הילף. נאָך דעם חורבן האָט זיך יעדער איינ־צלנער ייד געציילט פאַר אַ רבים.

קעגן וואָס דערצייל איך דאָס? קעגן דעם איצטיקן קריטישן מצב פון דער יידישער ליטעראַטור. נאָכן חורבן פון מזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום, סיי די, וואָס זענען פאַרניכטעט געוואָרן פיזיש און סיי די, וואָס זענען און ווערן פאַרניכטעט גייסטיק, און נאָך און בעת דער שרעקלעכער שפּראַך־אַסימילאַציע אין אַמעריקע, מוז זיך לחלוטין ענדערן אונדזער באַציִונג צו צאָל און ציפער.

מיר קאָנען נישט און טאָרן היינט נישט פרעגן וויפל לייענער האָט נאָך די יידישע ליטעראַטור, נאָר, וויפל קאָן נאָך אַ לייענער האָבן פון דער יידישער ליטעראַטור? מיר טאָרן נישט פרעגן: וויפל צייטונגען, צייטשריפטן און ביכער דערשיינען נאָך אין יידיש, נאָר, וויפל קאָן דער יידישער לייע־

נער פון זיי האָבן, פון יעדן לויט זיין מעמד און אויפגאַבע, אויף וויפל זענען זיי דאָס דעם יידישן לייענער בכּוח צו באַגנוגענען און צופרידנשטעלן.

דאָס איז דער פּרוביר־שטיין מיט וועלכן מיר דאַרפן היינט צו טאָג צוגיין צו די פּראָבלעמען פון אונדזער ליטעראַטור.

עס איז אַ באַוווסטע זאַך, אַז יעדער קריזיס איז באַגלייט פון אַן איבער־פּראָדוקציע (צי ווי אַ גורם פון דעם קריזיס, אָדער ווי אַ פּועל־יוצא פון אים). אַזוי איז עס אין דערווירטשאַפטלעכער וועלט און אַזוי איז עס אין דער וועלט פון גייסט.

ווען דער חסידיזם איז געוואָרן שוואַכער, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן שרייבן חסידישע ספרים. נישט נאָר וועלטלעכע שרייבער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף חסידישע טעמעס, נאָר חסידישע רביס און רבילעך און סתּם יידן מלקטים האָבן אָנגעהויבן דרוקן חסידישע ספרים. די מלקטים האָבן צונויפגענומען רבישע תּורות, וואָס זענען שוין נישט איין מאָל געווען געדרוקט און זיי ווידער איבערגעדרוקט.

עס איז, פאַרשטייט זיך, דעם אַלטן קאָצקער אָנגעשטאַנען גאָרנישט אָנצושרייבן, אָדער אָנצושרייבן און פאַרברענען. אָבער אין די לעצטע צייטן איז נישט געווען קיין רבי און דער עיקר קיין איין רבילע, וואָס זאָל נישט אַרויסגעבן אַ ספר. אויב ער אַליין האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, האָט ער נאָכגעזאָגט וואָס דער טאַטע, צי דער זיידע זיינער, צי סתּם אַן אַנדערער רבי פון די גדולים, האָט געזאָגט. אַבי אַ ספר. עס איז ממש דערגאַנגען אין דעם געביט צו אַ ספרימאַניע.

אַזוי, געגנוי אַזוי, איז עס אין דער איצטיקער קריטישער צייט פאַר דער יידישער ליטעראַטור. איבערפּראָדוקציע איז איר באַגלייטס־דערשיינונג. וואָס ווייניקער לייענער, אַלץ מער שרייבער. הכּל כּותבים, אַלע שרייבן. און אויב עמעצער שרייבט נישט, סטראַשעט ער, אַז ער וועט שרייבן. אַן אַנדערער ווידער טענהט, אַז די סיבה פאַר וועלכער ער שרייבט נישט (שרייבט נאָך נישט), איז אין דעם, ווייל ער האָט פּשוט קיין צייט נישט. דאָס הייסט, דעם טאַלאַנט האָט ער שוין לאַנג אין קעשענע, ער דאַרף נאָר האָבן צייט אים צו קאָנען מוצא זיין מן הכּוח אל הפּועל.

און דאָס ביסל געבליבענע יידיש־לייענער זענען אין אַ פאַרלעגנהייט און פרעגן זיך תּמימותדיק, ווי די דריי יידן פון פויזן: צי דערפאַר, וואָס מיר זענען געבליבן אַזוי ווייניק, דאַרפן מיר נאָך באַשטראָפט ווערן דערמיט, וואָס מיר מוזן אויסטראָגן אויף אונדזערע קעפּ די משונהדיקע איבערפּראָ־דוקציע אין דער יידישער ליטעראַטור? צי דערפאַר, וואָס מיר זענען אַזוי

וויניק, זענען מיר מחויב אויסצוטראָגן די גאַנצע ליטעראַטור, מיט דער פּאַרא־ליטעראַטור, מיט דער כמו־ליטעראַטור. שוין אָפּגערעדט פון סתם גראַפאָמאַניע, און מיט דעם גאַנצן קלאַפּער־געצייג, וואָס רודערט און קערט וועלטן אַרום דעם?

וואָלט ביי אונדז געווען אַ געאָרדנטע קריטיק, אַ רעגולערע, אַ סיס־טעמאַטישע, מיט מענטשן ערודיטן, אָן פּניות, וואָס זאָלן טאַקע לייענען אַ בוך און נישט נאָר אַ שמעק טאָן דערצו, וואָס זאָלן קאָנען לייענען אַ בוך און געהעריק אָפּשאַצן, וואָלט זי געהאָלפן דעם נאָך געבליבענעם יידיש־לייענער זיך אַדורכצושלאָגן דורך דער מאַסע פון ביכער און זשורנאַלן. אָבער זייט ניגערס טויט הערשט אַ כאַאָס אויף דעם דאָזיקן געביט. מען האָט געקאָנט האָבן פאַרשידענע טענות צו ניגערס קריטיק. זיכער איז ער געווען אַ ביסל צו קאָנסערוואַטיוו. אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט זאָגן, אַז ער איז נישט געגוג באַהאַוונט. פאַרקערט, ער האָט אַ סך געוווּסט וועגן ליטעראַטור. אָן אַ שיעור געוווּסט. צו אים האָט מען געקאָנט האָבן און טאַקע געהאַט צוטרוי. ער איז געווען די צענטראַלע פיגור אין דער יידישער קריטיק.

היינט איז נישט פאַראַן מער קיין קריטיק. עס זענען פאַראַן רעצענ־זיעס. און רעצענזיעס זענען ווי אַזוי מען וויל, ווען מען וויל און וועגן וועמען מען וויל... שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז שרייבן רעצענזיעס דאַרף מען אויך קענען.

פאַרשטייט זיך, אַז גוטע ביכער שלאָגן זיך אַדורך אַ וועג צום לייענער, סיי מיט רעצענזיעס, סיי אָן רעצענזיעס און אַפילו טייל מאָל טראָץ די רעצענזיעס. מיר האָבן דאָס געזען מיט לייב ראָכמאַנס „אין דיין בלוט זאָל־סטו לעבן״, מיט יאָסל בירשטיינס „אויף שמאָלע טראָטואַרן״, מיט ק. צעט־ניקס „דאָס הויז פון די ליאַלקעס״ און מיט אַנדערע. (וועגן פּאָעזיע־ביכער רעד איך איצט נישט, ווייל דאָס איז שוין אַ קאָמפּליצירטער ענין). אָבער די אויסטויגערס, די אויסטויגערס! די, וואָס האָבן די צווייפלהאַפטע פעי־קייט צו מאַכן פאַרבינדונגען און זיי אויסצונוצן, די, וואָס קאָנען מאַכן אַ טאַראַראַם אַרום זיך. די פאַרשטעלן דעם וועג צווישן דעם נאָך געבליבענעם לייענער און דעם גוטן יידישן בוך.

און אויב אַ גוט בוך שלאָגט זיך אַדורך אַ וועג צום לייענער, איז עס אַ נס. אָבער אויף קיין ניסים טאָר מען זיך נישט פאַרלאָזן. „אין סומכים על הנס״.

און עס טרעפט נישט זעלטן, אַז דער לייענער טוט דאָס זעלבע ווי

דער ליטוואַק, וועלכן מען האָט געפרעגט, פאַר וואָס לייגט ער נישט קיין תּפילין, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט פיינט זיך אַריינצולאָזן אין אַ מחלוקת. און כּל זמן רש״י וועט נישט אַדורכקומען מיטן רבינו תּם וועגן דעם סדר פון די פּרשיות, וועט ער דערווייל קיין תּפילין נישט לייגן...

דער צעטומלטער יידישער לייענער האַלט, אַז כּל זמן עס וועט נישט אויפהערן דער כאַאָס אין דער יידישער ליטעראַטור, אַזוי לאַנג ווי ער וועט נישט וויסן וואָס יאָ און וואָס נישט, אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיך נישט געפינען די אויטאָריטאַטיווע פּערזאָן, אויף וועמענס מיינונג און אָפּשאַצונג ער קאָן זיך פיל־ווייניק שטיצן — וועט ער דערווייל קיין יידיש בוך נישט לייענען.

און, אַז די יידישע ליטעראַטור קאָן נישט וואַרטן, אַז דערווייל לעבט זי מיטן בלויזן דערווייל, דאָס ווייסן אַפילו קינדער אין די וויגן.

איך אַליין האָב בייגעוווינט אַזאַ פאַל: אין אַ יידישן פאַרלאַג, אין תּל־אביב, איז געקומען מיט אַ באַזוך אַ באַקאַנטער דאָקטאָר פון ניו־יאָרק, וואָס שטייט נאָענט צו די שפּיצן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמע־ריקע. דעם דאָקטאָר איז זייער געפעלן געוואָרן די טעטיקייט פון פאַרלאַג, זייער געריכט זייער אויפטו. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען אַ זייער קליינע סומע און זייער געבעטן דעם פאַרוואַלטער, אַז פאַר דער סומע זאָל ער אויס־קלייבן די ביכער, וועלכע ער האַלט פאַר וויכטיק, און זיי אַוועקשענקען די, וועלכע ער וועט האַלטן פאַר נויטיק...

ער אַליין, דער דאָקטאָר, וועט די ביכער נישט לייענען, ער וועט זיך נישט אַוועקזעצן דיאַגנאָסטיפיצירן וועלכעס בוך עס איז בעסער און וועל־כעס ערגער. ער האָט וויכטיקערע דיאַגנאָזן צו שטעלן. מען קאָן צו אים דערפאַר קיין פאַראיבל נישט האָבן. גיט ער זיין קליינע גאָב און זאָלן זיך אַנדערע מאַטערן פעסטצושטעלן — וואָס יאָ און וואָס נישט... און זאָלן די ביכער לייענען אַנדערע...

צו אַזאַ מצב האָט אונדז דער כאַאָס אין דער ליטעראַטור דערפירט.

ווייל די יידיש־לייענער זענען אַזוי ווייניק, דאַרף יעדער איינער פון זיי פאַררעכנט ווערן פאַר אַ רבים. און דער היינטיקער שרייבער דאַרף האָבן אַזוי פיל אימתא דציבורא, ווי עס האָבן עס געהאַט די שרייבער, וואָס האָבן געשריבן פאַר מיליאָנען.

אָן דער אימתא דציבורא וועט נישט די ליטעראַטור און נישט דער שרייבער גאָרנישט נישט אויפטאָן. און דאָס לעצטע ביסל לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור וועלן פאַר איר פאַרלוירן גיין.

## „אַל תגידו בגאס (בגת)...“

מיינע פריינד, די קאָלעגן שרייבער, האָבן צו מיר טענות פאַר מיינע לעצטע אַרטיקלען אין די „לעצטע נייעס“, בכן ובאשר כ׳טראָג אַרויס אין גאַס אינטים־ליטעראַרישע ענינים, אַז כ׳באַהאַנדל עפנטלעך זאַכן, וואָס דאַרפן געהאַלטן ווערן שטרענג אין געהיים, אַז מיט מיינע אַרטיקלען אין אַ טעגלעכער צייטונג בין איך מבזה זיך און בין פוגע בכּבוד פון דער יידי־שער ליטעראַטור.

טרייבן ליטעראַרישע רכילות צווישן זיך, אָפּשפּעטן איינער פון צווייטן הינטער די פּלייצעס, אויסרעדן ביי יעדער געלעגנהייט אויף אַ קאָלעגע כּל דבר אָסור, דאָס מהיכא תיתי, אדרבה ואדרבה, דאָס איז אַמוזאַנט, ס׳איז דערפון היימלעך און פריילעך, מ׳קאָן זיך אָנלאַכן. אָבער די גאַס, דער עולם לייענער טאָר דער־פון, חלילה, נישט וויסן. חס מלהזכיר! „אַל תגידו בגאס (בגת)“, איר זאָלט נישט דערציילן אין גאַס. די גאַס דאַרף דערפון בשום פנים ואופן נישט געוואָר ווערן. פאַר דער גאַס, פאַר דעם עולם, איז יעדער יידישער שרייבער, אַפילו דער, וואָס קען נישט קיין שייטל עברי, אַ גע־זאַלבטער פון גאָט.

וויל איך זאָגן די אַלע, וואָס וויסן דאָס נישט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ דעה פון אַחרונים, אַז באנפין תלתא, אַז אויב מען דערציילט עפּעס אויף עמעצן פאַר דריי מענטשן, איז עס שוין נישט קיין לשון־הרע. איז אויב פאַר דריי איז עס נישט קיין לשון־הרע, איז דאָך פאַר טויזנטער און צענדליקער טויזנטער, וואָס לייענען די צייטונג, אַוודאי נישט קיין לשון־הרע...

און כ׳ראָט די אַלע, וואָס ווילן זיך אָפּהיטן פון רכילות, אַז אַלץ וואָס זיי האָבן צו זאָגן, זאָלן זיי זאָגן אין דער עפנטלעכקייט.

אָבער דאָס איז נאָר אַגב־אורחא.

מיין ענטפער אויף די אויבן דערמאָנטע פאָרוואורפן איז נישט גע־ווענדעט צו דער גרויסער צאָל מיטגלידער פון אַלע יידישע ליטעראַטור־פאַראיינען אין דער גאָרער וועלט, וואָס שרייבן נישט. נישט צו זיי איז מיין ענטפער און מיין טענה. מיין ענטפער און טענה איז איצט דווקא צו די, וואָס שרייבן יאָ. און נישט נאָר שרייבן זיי, נאָר זיי וועלן אַלץ טאָן בכדי

קומען אין דער עפנטלעכקייט, צו ווערן געדרוקט פֿאַר יעדן פּרייז און ביי יעדער געלעגנהייט (און אָפט אָן אַ פּרייז און ביי דער ערשטער־ערגסטער געלעגנהייט).

יאָ, צו די, וואָס שרייבן און זענען זיך גרייט מקריב צו זיין, אַז זייער געשריבן וואָרט זאָל געדרוקט ווערן; צו די, וואָס זענען גרייט אַלץ צו טאָן, אַז זייער שרייבן זאָל אין דער עפנטלעכקייט באַהאַנדלט ווערן, צו די איז געווענדעט מיין פראַגע, זיי וויל איך פרעגן: צי הייסט נישט אויסבאַהאַלטן פֿאַר דער עפנטלעכער מיינונג די שאַטנזייטן פון דער יידישער איצטיקער ליטעראַטור אַ זלזול אין דער עפנטלעכער מיינונג, אין דער עפנטלעכקייט, צו וועלכער זיי, די שרייבער, רייסן זיך אַזוי מיט אַלע כּוחות?

צי דאַרפֿן די לייענער הערן בלויז שבחים אויף דער יידישער ליטע־ראַטור (לייען — ליטעראַטן) און טאָרן גאָרנישט וויסן, ווען ס'איז געקו־מען אויף איר אַן עת־צרה?

אין ענגלאַנד מעג מען צאָרנען, אין פראַנקרייך מעג מען שטורעמען, אין איטאַליע מעג מען טאַראַבאַנעווען, אָבער ביי אונדז דאַרף זיין שטיל, שאַ, שטיל. ווי האָט געזאָגט דער פּוילישער דיכטער מיט אַ ניצוץ פון אַ גאון, סטאַניסלאַוו וויספּיאַנסקי, אין זיין דראַמע „די חתונה":

„זאָל זיין אויף דער גאַנצער וועלט מלחמה,
אַבי אין אונדזער דאָרף נחמה".

און זי איז אַ דאָרף, די יידישע ליטעראַטור. מען נעמט שוין ביי אונדז שילומים אויף אַלע מעגלעכע (און נישט מעגלעכע) אופנים, מען שטעלט זיך אויף מצבות אין ליטעראַטור־לעקסיקאָן פֿאַר דייטשע געלטער, אָבער מיט דער וועלט־ליטעראַטור איז מען נאָך אַלץ ברוגז. איר וועט נישט גע־פינען אין קיין שום יידישער צייטונג, אָדער זשורנאַל, מיט קליינע אויס־נאַמען, עפּעס פון דער וועלט־ליטעראַטור, אָדער וועגן דער וועלט־ליטע־ראַטור. נאָר ווידער אַ יידיש ליד און אָבער אַ דערציילונג, אָבער אַ דער־ציילונג און ווידער אַ ליד. אַז ס'איז גועל־נפש!

אין יעדער ליטעראַטור איז פֿאַראַן אַ ליטעראַרישער וועגווייזער, אַ בעדעקער, וואָס הייסט: „וואָס און ווי אַזוי צו לייענען?" צי האָט זיך גע־פונען ביי אונדז איין יידישער קריטיקער, וואָס זאָל אָנשרייבן אַזאַ בוך?

ניין! ביי אונדז וואָגט מען נישט, מען וואָגט בכלל נישט. און דעם וואָס וואָגט יאָ, וויל מען אָפּרעדן דערפון.

מיינע פריינד, וואָס האָבן צו מיר טענות, טרעטן נישט אַרויס קעגן מיר עפנטלעך. חס וחלילה. זייער זעלטן טוט דאָס עמעצער פון זיי. זיי קומען צו מיר אַהיים און זאָגן מיר מוסר, זיי טרעפן מיך אין גאַס און ווילן מיך איינגעמען מיט גוטן. זיי גיבן מיר צו פאַרשטיין, אַז ס׳פּאַסט נישט פאַר מיר אַראָפּצוגיין מיט אַזעלכע ענינים פון אָלימפּ אין אַ טאָגצייטונג אַריין, אַז ס׳פּאַסט נישט פאַר מיר כ׳זאָל זיך „וואולגאַריזירן״, ווי טייל האָבן זיך אויסגעדריקט, אַז כ׳דאַרף בכלל נישט באַרירן אַזעלכע זאַכן עפנטלעך, אַז כ׳דאַרף זיין מילד און נישט אַזוי שאַרף, נישט שניידן מיט קיין חלף. שאַ, שטיל, יחיאל, מאַך נישט קיין געררודער!

און איך האַלט, אַז ס׳פּאַסט שוין יאָ פאַר מיר צו שרייבן וועגן אָט די זאַכן אין אַ צייטונג. ס׳האָבן דאָס געטאָן און עס טוען דאָס גרעסערע פאַר מיר, פּאַסט עס פאַר מיר אויך. עס האָט עס געטאָן י. ל. פּרץ און עס טוט עס ה. לייוויק, עס האָט עס געטאָן אַנאַטאָל פראַנס און עס טוט עס פראַנסואַ מאָריאַק. אויב ס׳שטייט מיר אָן צו שרייבן ביכער פאַר די זעלבע לייענער, וואָס לייענען די צייטונג, שטייט מיר אויך אָן צו שרייבן אַרטיקלען פאַר זיי, וועגן ענינים, וואָס די לייענער דאַרפן וויסן.

און איך האַלט, אַז מען טאָר נישט מזלזל זיין, מען טאָר נישט גרינג־שעצן דעם לייענער. פאַרקערט, מען דאַרף אים משתתף זיין אין ענינים און אין פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער ליטעראַטור. ס׳וואָלט נישט אויסגעמאַכט, אַז אַ צייטונג זאָל אויסשרייבן אַן אַנקעטע אויף דער פראַגע, למשל, „וואָס פאַרלאַנגט היינט דער לייענער פון דער יידישער ליטעראַ־טור?״

כ׳בין ווייט פון צו האַלטן, אַז „וואָקס פּאָפּולי — וואָקס דעי״, אַז די שטים פון פאָלק איז די שטים פון גאָט. אָבער פון דער שטים פון גאָט ביז דער שטים פון אַ גוטן לייענער, איז אַ גענוג גרויסער מהלך. און ס׳איז פאַראַן אויף דעם מהלך ווו זיך אָפּצושטעלן און ביי וואָס זיך צו פאַרהאַלטן.

כ׳האַלט, אַז דער יידישער לייענער דאַרף נישט זיין קיין שטומער. ער האָט דאָס רעכט צו פאָדערן, אַז אין אַ ליטעראַרישער ביילאַגע זאָל מען אים געבן אויסשליסלעך אמתע ליטעראַטור און נישט קיין ליטעראַריש לחם־הקלוקל.

איך האַלט נישט, אַז שרייבן וועגן אָט די זאַכן אין אַ צייטונג הייסט זיך „וואולגאַריזירן״. זאָלן די פּראָפעסאָרן זיך פאַרנעמען מיטן מומיפיצירן (מאַכן מומיעס) די ליטעראַטור. ביים מומיפיקאַציע־פּראָצעס האָבן זיי אויפ־געהערט מבחין צו זיין צווישן גוטס און שלעכטס אין דער ליטעראַטור.

איך האַלט, אַז די יידישע ליטעראַטור איז נאָך אַ לעבעדיק וועזן. און פון אַ לעבעדיק וועזן טאָר מען זיך נישט מייאש זיין.

ווען איך וואָלט געהאַלטן, ווי איינער פון די הויפּט בעל־הטענות, אַז „די יידישע ליטעראַטור לעבט נישט און איז נישט געשטאָרבן", און דער־ביי האָט דער בעל־הטענות געמאַכט אַזאַ שוידערלעכן פאַרגלייך, אַז איך, דער „מחוצף", וואָג זיך נישט אים צו ברענגען אויף דער פעדער, ווען איך וואָלט אַזוי געהאַלטן, וואָלט איך אַ נדר געטאָן מער נישט אויפצושרייבן קיין איין ליטעראַרישע שורה.

אָבער די, וואָס האַלטן יאָ אַזוי, זיי גייען אָן מיט זייער ליטעראַרישער שאַפונג, זיי גייען אַרום זייער שאַפונג מיט אַזאַ ענערגיע, מיט אַזאַ כוח, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט נייע וועלטן איינצונעמען.

אַזוי ווייט איז ביי זיי דער חילוק צווישן כלפּי פּנים און כלפּי חוץ, צווישן תוכו און ברו, צווישן דעם וואָס זיי האַלטן און דעם וואָס זיי זאָגן, צווישן אמת און שקר.

און זיי זענען דאָס די הויפּט־שרייערס פון „אַל תגידו בגאָס (בגת)".

פאַרשטייט זיך, אַז דער לייענער קאָן נישט דיקטירן דעם שרייבער וואָס צו שרייבן און דער שרייבער טאָר זיך נישט רעכענען מיט דעם וואָס דער לייענער וויל. אָבער גרינגשעצן דעם לייענער טאָר מען נישט. ווייל אָן אים, האָט קיין שום ליטעראַטור נישט קיין אָנהאַלט אין דער ווירקלעכקייט. דאָס ביסעלע אוטיליטאַריזם אין דער ליטעראַטור (ווי אין דער קונסט בכלל) איז ווי דאָס ביסעלע קופּער, וואָס מאַכט האַרט און שטאַנדהאַפטיק דאָס גאָלד. אַ חוץ דעם איז גוט צו לייענען אַ קונסט, וועלכע ס'איז שוין גאָר נישט מבטל צו זיין.

צווישן דעם גוטן שרייבער און דעם גוטן לייענער איז שטענדיק פאַראַן אַן אינערלעכע פאַרבינדונג און ווען זיי טרעפן זיך אויף די שפאַלטן פון אַ צייטונג, באַציִען זיי זיך צו זיך מיט דעם זעלבן רעספּעקט, ווי ווען זיי טרעפן זיך אויף די בלעטער פון אַ בוך...

# צי קאָן אַ טעמע מיאוס ווערן?

אין דער שרייבערישער וועלט איז אָנגענומען, אַז אַ טעמע קאָן נישט מיאוס ווערן. נישטאָ, האַלט מען, אַזאַ טעמע, וועלכע מען זאָל נישט קאָנען טויזנט און איין מאָל באַנוצן אין ליד, דערציילונג אָדער ראָמאַן, און ווידער באַזינגען צי באַשרייבן די זעלבע זאַך און יעדעס מאָל אויף אַן אַנדער אופן. נעמט פאַר אַ משל די פרוי, די ליבע, דאָס גאַנצע צבא השמים, דאָס חיל פון הימל, ים און טייך — דאָס אַלץ האָט מען שוין טויזנטער און צענדליקער טויזנטער מאָל באַשריבן און ס׳איז נאָך אַלץ אַ טעמע צום באַזינגען, באַשרייבן און מאָלן.

אַזוי איז עס אָבער נאָר אין פלוג. אין דער אמתן איז עס ווייט נישט אַזוי. אַ טעמע קאָן בפירוש מיאוס ווערן, אָדער בעסער געזאָגט, מען קאָן זי מיאוס מאַכן.

דער היינטיקער קריזיס אין דער פּאָעזיע איז נישט קיין סוביעקטיווער נאָר אַן אָביעקטיווער. נישט דערפאַר איז אַ קריזיס אין דער פּאָעזיע, ווייל מענטשן ווילן נישט, אָדער דאַרפן נישט קיין פּאָעזיע, ווייל די מענטשן האָט אויסגעפּעלט געפיל, פּאָעטיש געפיל, ניין! פאַראַן היינט צו טאָג אַ גרויס לעכצעניש נאָך פּאָעזיע צווישן די מענטשן, פאַראַן היינט אַ בענקשאַפט צו פּאָעזיע אַ סך אַ גרעסערע, ווי אַמאָל.

דער היינטיקער קריזיס אין דער פּאָעזיע איז אַ קריזיס פון פּאָעטישע אָביעקטן, פון די פּאָעטישע אַקצעסאָריעס.

דער עפּיגאָנישער נעאָ־ראָמאַנטיזם, למשל, האָט אין זיין צייט אויסגענוצט אַלע פּאָעטישע אַקצעסאָריעס פון ראָמאַנטיזם, אַלע זיינע ווערטער, בילדער, שטימונגען און אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט! דער נעאָ־ראָמאַנטיזם האָט מיט דעם אַלעם אַזוי געמיסברויכט, פּשוט פאַרמיאוסט, אַז די פּאָעזיע האָט רעוואָלטירט. די פּאָעזיע פון פאַר און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געבראָכן טיר און טויער, אָנגענומען די משונהדיקסטע פאָרמען, פאַרכאַפּט די ווילדסטע אינהאַלטן ביז צו דאַדאַ, ביז צו רעדן און זינגען אומזיניקייטן, אַבי זיך באַפרייען פון דעם ביזאַנטיזם.

היינט רעוואָלטירט מען נישט אין דער פּאָעזיע. היינט בדרך־כּלל נודיעט מען. אַזוי ביי אונדז ווי אויף דער גאַנצער וועלט. אָבער מיר, יידן, כאַפּן אין אַ סך זאַכן איבער די מאָס. און אין דעם פאַל אויך. אין פראַנק־רייך איז נאָך פאַראַן אַן עקספּערימענטאַלע פּאָעזיע, פאַראַן פּאָעטן, וואָס זוכן עפּעס נייעס. אַפילו אין פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּוילן איז פאַראַן אַ שפּאָרע צאָל פּאָעטן, וואָס זוכן נייע פאָרמען און נייע אינהאַלטן. פון דעסט־וועגן טוט זיך נאָך עפּעס אויף דעם געביט אין דער וועלט!

ביי אונדז שרייבט מען אַזוי פיל שלעכטע און מיטלמעסיקע לידער, און אין די לידער ווערן אַזוי אויסגענוצט אַלע פּאָעטישע אַקצעסאָריעס, אַז דער גוטער דיכטער מיאוסט זיך פּשוט זיי צו נעמען אויף זיין פעדער.

נישט דער „ספּוטניק" האָט מחלל געווען דעם הימל, נישט דער „לוניק" האָט מבזה געווען די לבנה, נאָר די שלעכטע און שוואַכע דיכטער טוען דאָס. זיי טראָגן די אחריות פאַר דעם קריזיס דעם איצטיקן אין דער פּאָעזיע!

ס'האָט מיר דערציילט אַ מושבניק, אַז אויב מען לאָזט אַריין אַן אינדיק צווישן קאַטשקעס, מוז ער אויסגיין פון הונגער. די קאַטשקעס האָבן אַ טבע אויסצופּאַטשקען מיט די פיס דאָס עסן, וואָס מען דערלאַנגט זיי אין שיסעלע, זיי טאָפּטשען עס אויס, מישן עס צונויף מיט ערד און קויט איידער זיי עסן עס אויף. און דער איידעלער אינדיק רירט זיך נישט צו צו אַזאַ עסן און ער הויכט אויס זיין נשמה פון הונגער. אַזוי, געניי אַזוי איז עס, ווען מען לאָזט אַריין אַ ציג צווישן חזירים.

און אַזוי ווי עס איז אין דער וועלט פון עופות, בהמות און חיות, אַזוי איז עס אויך אין דער וועלט פון פּאָעזיע.

די גראַפאָמאַנען, די ליטעראַרישע אַנטשעפּעניש, סתם לידער־שרייבער און שלעכטע און שוואַכע דיכטער, פּאַטשקען אַזוי אויס אין זייערע לידער אַלע טעמעס, אַז דער גוטער, איידעלער דיכטער הויכט אויס זיין דיכטערישע נשמה פון הונגער נאָך אַ ריינער און שיינער טעמע.

און אַזוי ווי ס'איז דער דין מיט פּאָעזיע, אַזוי איז עס אויך און געניי מיט באַגריפן.

באַלד נאָכן חורבן זענען ביי אונדז געוואָרן ברענענדיק די באַגריפן פון קיום און המשך. ס'איז אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, ווייל אונדזער קיום און המשך זענען געווען און זענען נאָך עד־היום באַדראָט. מען האָט, פאַרשטייט זיך, באַדאַרפט וועגן דעם שרייבן, עפּעס וועגן דעם זאָגן.

איז כּל זמן ס׳האָבן געשריבן וועגן דעם מנחם באָריישאָ, אָפּאַטאָשו, חיים גרינבערג, זכרונם לברכה, און נאָך עטלעכע פון אונדזערע גרעסערע און בעסערע, איז עס געווען געשריבן און ס׳איז געווען וואָס צו לייענען און איבער וואָס זיך פאַרטראַכטן. אָבער ווען די באַגריפן קיום און המשך זענען אַריין אין דער שרייבערישער שוסטערגאַס, ווען איטלעך שרייבערל און יעדעס זשורנאַליסטל האָט כּמעט נישט אַדורכגעלאָזט קיין זאַץ אָן די ווערטער קיום און המשך, ווילט זיך נישט קיין קיום און ס׳ווילט זיך נישט קיין המשך, נאָר ס׳ווילט זיך שרייען: געוואַלט יידן, וואָס טוט זיך דאָ?!

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָט נישט געהאָלפן וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט געפּרוווט אויפווייזן, אַז קיום און המשך זענען גאָרנישט כאַראַק־טעריסטיש פאַרן יידישן געדאַנקען־גאַנג. ווייל קיום מוז נישט באַדייטן אייביק, און המשך מוז נישט זיין שטענדיק. און יידישקייט איז גאָר נצחיות, אייביקייט. ס׳האָט נישט געהאָלפן, ווייל ביי אונדז דאַרף מען נישט לייענען וואָס דער צווייטער שרייבט, מען דאַרף אַפילו נישט לייענען, וואָס מען שרייבט אַליין. עפּעס אַ פּאַראַקסיזם פון שרייבן האָט אונדז אַרומגעכאַפּט, ווי עס וואָלט אויפגעשטאַנען אַ נייער שלום עליכם און וואָלט געזאָגט: — שרייבטס יידן, שרייבן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן שרייבן!...

און געזונט איז עס שוין דווקא גאָרנישט, ס׳איז שוין עפּעס גאָר אַ קרענקלעכער ענין...



און אַזוי ווי ס׳איז מיט פּאָעזיע און מיט אַנדערע געביטן, אַזוי איז עס, און אפשר נאָך ערגער, מיט ליטעראַטור־קריטיק. דאָרט הערשט אַן אַבסאָ־לוטער כאַאָס. די קריטיק אונדזערע, אויב אַזעלכע איז פאַראַן, שלאָגט דעם רעקאָרד פון נאַרישקייט, פון נישט־באַהאַוונטקייט, פון סתם גערעדט אין דער וועלט אַריין, פון טראַפּאַרעטיזם, פון באַנאַליטעט פון כּל דאָס בייז און נאַרישס.

און די עטלעכע אמתע קריטיקער זאָגן זיך אָפּ פון שרייבן קריטיק אָדער שרייבן נאָר וועגן געשטאָרבענע שרייבער. זיי ווילן מיט דעם היינ־טיקן קריטישן געמויזעכץ נישט האָבן צו טאָן.

אָט איז אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל: ס׳דערציילט מיר אַ באַקאַנטער ליטעראַטור־קריטיקער, אַז ער האָט אַ פריינד, אַ באַקאַנטן יידישן דיכטער.

דער דיכטער האָט גוטע לידער, אַפילו זייער גוטע, ער האָט אויך שוואַכע לידער און אַפילו שלעכטע, ווי ס׳איז דער דרך־העולם, ווי ס׳איז ביי אַלע דיכטער אין דער גאַנצער וועלט.

דער קריטיקער וואָלט זייער גערן עפּעס אָנגעשריבן וועגן דעם דיכ־טער. קודם־כל האָט דער דיכטער גוטע לידער, און דער קריטיקער האַלט, אַז וועגן גוטע לידער דאַרף מען שרייבן. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון, אַז וויפל מאָל דער קריטיקער האָט שוין גענומען די פּעדער עפּעס אָנצו־שרייבן, פאַלט זי אים פּשוט אַרויס פון דער האַנט.

פאַר וואָס? ווייל מען האָט שוין וועגן דעם דיכטער אַזוי פיל געשריבן, אַזוי פיל נאַרישקייטן, מען לויבט אַזוי מלכתחילה אַלץ, וואָס גייט אַרויס פון אונטער זיין פּעדער, מען האָט שוין אַזוי צעגלידערט און אויסגעפּאַטש־קעט אין טראַפּערעטן יעדע זיין שורה, אַז ס׳איז נישט מעגלעך זיך צו דעם צוצורירן.

וואָלט דער דיכטער געווען גרויסמוטיק און אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און אַ שריי געטאָן: שוואַרצע חברהניקעס, הערט אויף וועגן מיר צו שרייבן! וואָלט עס געהאַט אַ טעם פון רעוואָלט, פון וועלן הערן וועגן זיך נאָר דאָס, וואָס איז ווערט צו הערן. איז אָבער דער דיכטער, וועגן וועלכן דער קריטי־קער דערציילט, אַ מענטש מיט אַ ליטעראַרישן איינפלוס — האַלט מען אים אין איין חנפענען, מען שרייבט אויס די גרעסטע שטותרייען, מען רופט אים אָן מיט די העכסטע ווערטער, מיט די העכסטע סופּערלאַטיוון.

און דער קריטיקער זיצט מיט פאַרלייגטע הענט און קאָן נישט אָנ־שרייבן קיין איין וואָרט וועגן זיין פריינד, דעם באַקאַנטן דיכטער. און נאָך מער, ער קאָן אַפילו נישט לייענען דאָס, וואָס אַנדערע שרייבן וועגן אים. און נאָך מער, דער ענין האָט אָנגענומען ביים קריטיקער די פאָרעם פון אַן אָבסעסיע, פון אַ צוואַנגס־נעווראָזע, ער קאָן נישט נעמען אין דער האַנט אַריין אַ בוך אָדער זשורנאַל, ווו עס געפינט זיך אַן אַרבעט וועגן דעם דיכ־טער. דאַקעגן איז ער גרייט צו קושן יעדעס בוך, ווו דער נאָמען פון דעם דיכטער ווערט נישט דערמאָנט...

יאָ, אַזוי ווייט קאָן אַ „טעמע" מיאוס ווערן...

*

יחיאל האָפּער

מען קאָן נישט נאָר פֿאַרמיאוסן דיכטערישע אַקצעסאָריעס, נישט נאָר פֿאַרשידענע באַגריפֿן און קריטיק, מען קאָן נישט נאָר פֿאַרמיאוסן אַ גאַנצן דיכטער. מען קאָן מיט טראַפֿאַרעטיזם אומגעלומפּערטקייט און נישט־באַ־האָוונטקייט פֿאַרמיאוסן, חלילה, אַ גאַנצע ליטעראַטור. מען קאָן וועלן אַוועק פֿון דעם אַלעם, וואָס הייסט היינט ליטעראַטור, אַוועק אין קינאָ זען אַ קאַובאָי־פֿילם, אָדער זיך אַוועקזעצן לייענען אַ דעטעקטיוון־ראָמאַן...

„לעצטע נייעס"

## צי טאַקע אַ קול קורא במדבר...

אָפט מאָל דאַכט זיך מיר אויס, אַז מיין גאַנץ שרייבן וועגן איינשטעלן אַ שטיקל היעראַרכיע, וועגן אַריינברענגען אַ ביסל סדר אין דער איצטי־קער שרייבערישער וועלט, מיין פאָדערונג וועגן אַן אמתער, ערלעכער, נישט קאָרומפּירטער אָפּשאַצונג פון שרייבערישע ווערק, וואָס ווערן געשאַפן, מיין אַלאַרמירן וועגן דער סכנה פון גראַפאָמאַניע, וועלכע דראָט מיט אַ פאַר־פלייצונג, אַז דאָס אַלץ, די דאָזיקע גאַנצע טירחה מיינע, מיין געשריי, איז נישט מער ווי אַ קול קורא במדבר.

ווען איך הער, ווי אַזוי און וואָס מען רעדט ביי אונדז ביים היינטיקן טאָג וועגן פּאָעזיע, און ווען כ׳זאָג „ביי אונדז״ מיין איך נישט דווקא אין דער יידישער וועלט נאָר אויך אין דער העברעיִשער, ווען כ׳לייען וואָס געוויסע מענטשן שרייבן וועגן איר, ווען כ׳זע וואָס ווערט ביי אונדז אויס־געשריבן וועגן ליטעראַטור בכלל, באַפאַלט מיך אַן אָפּהענטיקייט און אַ פאַרצווייפלונג. איך הייב אָן טראַכטן, אַז גערעכט זענען געווען די, וואָס האָבן צו מיר געטענהט, אַז מיין מי איז אַן אַרויסגעוואָרפענע, כאָטש גע־מיינט האָבן זיי אַזוי צוליב גאַנץ אַנדערע סיבות און מאָטיוון, ווי די, וועלכע איך טראַכט און מיין.

אויך די עפנטלעכע פּאָלעמיקעס מיט מיר פון באַקאַנטע שרייבער וועגן דעם אָנגעוויטיקטן ענין, זענען לײדער נישט געווען גענוג ערנסט, גענוג פאַרטיפט און אַפילו נישט שיין געשריבן. איך האָב אויף זיי דעריבער נישט געענטפערט. אַן אויסנאַם איז געווען איין אַרטיקל פון מלך ראַוויטש אויף וועלכן איך האָב בשעתו יאָ געענטפערט. מיט אַ צייט צוריק איז אויך דער חשובער העברעיִשער שריפטשטעלער דניאל פּערסקי אַרויס קעגן מיר אין „קענעדער אָדלער״, מיט אַ יוצא־דופנדיק אַרטיקל („צי דאַרף מען היטער פאַר די טויערן פון דער ליטעראַטור?״).

לויט פּערסקין קומט אויס, אַז היות מען האָט אַזאַ גרויסן שומר פון דער העברעיִשער ליטעראַטור, ווי דאָס איז געווען דוד פרישמאַן, פאַרגעסן, לוינט זיך נישט צו שטעלן קיין שומרים פאַר די טויערן פון דער ליטע־ראַטור, ווייל „די שומרים וועלן זיכער גאָר גיך פאַרגעסן ווערן״.

דאָס דערמאָנט מיך די געשיכטע מיט יענעם אורח, וועלכער האָט אָוועק־געגנבעט אַ זילבערנעם לעפל פון שבתדיקן טיש דערפאַר, ווייל די באַלע־באָסטע, ביי וועלכער ער האָט שבת געגעסן, האָט נישט געטראָגן קיין שייטל...

איר פאַרשטייט? ווייל בעוונותינו הרבים, ווייל אין אונדזער גרויס פאַרגרעבטקייט לייענט מען נישט היינט אַזעלכע שרייבער ווי דוד פרישמאַן, צי אחד־העם, איז דאַרף מען נישט קיין שומרים, נאָר הולאַי גראַפאָמאַן! טו, וואָס דיר געפעלט. ס׳איז הפקר אַ וועלט!

דניאל פערסקין איז געקומען צו הילף אַ רעדאַקטאָר פון אַ היגער, היימישער צייטשריפט. ער האָט אָנגעגאָרטן זיינע שוואַכע לענדן און דורך צוגעקליבענע ציטאַטן צוגעשפּיצט דאָס, וואָס דניאל פערסקי האָט געזאָגט. אָט זענען עטלעכע ציטאַטן פון דער היגער צייטשריפט פון פערסקיס אַר־טיקל: „יחיאל האָפער, ווי פאַר אים, אין פריִערדיקן דור, דוד פרישמאַן, און ערשט נישט לאַנג יצחק באַשעוויס, רופט אויס מיט פּאַטאָס: „עס מוז גע־שען עפּעס אַזעלכעס, אַז עס זאָל אויפהערן די וואַקכאַנאַליע מיטן יידישן געדרוקטן וואָרט”. דערנאָך קומט ווידער אַ ציטאַט און פּאַסיקלעך, און ווײַ־טער: „אַ סך ביכער גיבן אַרויס די מחברים אַליין, פאַר זייער אייגן געלט, טאָ ווער זאָל זיין דער שומר ביים גאָרטן פון דער ליטעראַטור?” (און דאָ ווידער פּאַסיקלעך). און לסוף: „ס׳לוינט זיך גאָרנישט צו שטעלן קיין שומ־רים פאַר זיי — די שומרים אַליין וועלן זיכער גאָר גיך פאַרגעסן ווערן”.

אין זיין גרויסן אייפער האָט דער רעדאַקטאָר אַריינגעשריבן אין ציטאַט דאָס וואָרט: אַליין, ס׳זאָל קלינגען, אַז די שומרים אַליין וועלן זיכער גאָר גיך פאַרגעסן ווערן. אין פערסקיס אַרטיקל איז דאָס וואָרט „אַליין” נישט פאַראַן! דאָס האָט דער רעדאַקטאָר מן־הסתם געוואָלט מרמז זיין, אַז די גראַפאָמאַנען, קעגן וועלכע ס׳קעמפן באַשעוויס און האָפער, דראָט אייביקייט, און באַשעוויסן און האָפערן אַליין דראָט פאַרגעסן צו ווערן...

מילא, ווייס איך נישט וואָס באַשעוויס טראַכט וועגן דעם. אָבער וואָס שייך מיך, זאָג איך בקול רם: זכה לו! אין אַ ליטעראַטור, ווו די גרענדע זאָלן פירן די גראַפאָמאַנען, בין איך גרייט פאַרגעסן צו ווערן. איך בין אָבער אויך גרייט צו זיין אַ שומר פון דער ליטעראַטור פאַרן פּרייז פאַר־געסן צו ווערן...

דערווייל איז הפקר. די גראַפאָמאַניע בושעוועט. ס׳קומען צו „שרייַ־בער” און ס׳קומען צו „ליטעראַרישע” צייטשריפטן. אָט האָב איך געלייענט אין אַ פרישער יידישער צייטשריפט, וועלכע האָט אָנגעהויבן דערשיינען

**אין איינער פון די שענסטע שטעט אין מערב־איראָפּע, אַזאַ „פריידיקע" מעלדונג פון רעדאַקטאָר:**

„יונגע טאַלאַנטן. מיר ווילן אויך דערמאָנען, **אַז אונדזערע שפּאַלטן שטייען אָפן** (אוי, **די שפּאַלטן, די שפּאַלטן! — י. ה.**) **פּאַר** אומבאַקאַנטע שרייבער מיט טאַלאַנט. **(דער קורסיוו שטאַמט פון רעדאַקטאָר גופא). מיר וועלן סטימולירן דאָס יידישע שאַפן און העלפן אַנטדעקן פאַרבאָרגענע טאַ־לאַנטן. מיר האָבן אַגב באַקומען אַ ריי כּתבים פון אַזעלכע שרייבעריש־דיכטערישע דעביוטן, (דיכטער פון דער וועלט, ציטערט פאַר אייער אייבי־קייט! — י. ה.), וועלכע מיר וועלן מיט דער צייט אויסנוצן.**

**אַט האָבן מיר אַנטדעקט אַ „יונגן" טאַלאַנט דווקא אינעם זקנים־הויז פון דער פעדעראַציע־קהילה, וואָס געפינט זיך אין דער שיינער געגנט פון בוזאָסין. זיצט דאָרט דער 80־יאָריקער דעביוטאַנט... און דיכטעט אויף אַזאַ אופן: (נישט וועלנדיק פאַרשעמען דעם 80־יאָריקן אַדעפּט פון פּאָעזיע און נישט דעם רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט, וועלכער איז נאָך אַ יונגערמאַן און קלייבט זיך אפשר בקרוב צו פייערן אין דער וועלט זיין פופציק־יאָריקן יובל, רוף איך זייערע נעמען נישט אָן. — י. ה.).**

**און איצט הערט דאָס ליד:**

„איך בין שוין אַלט און שווער קומט
מיר צו ברענגען אין זכרון
דעם וועג, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט
אין מיינע קינדער־יאָרן.
אָבער די ווערבע, בײַם וואַסער־ברעג,
און איר טרויעריק געוויין,
לאָזט מיך נישט פאַרגעסן דעם וועג,
און וועקט אין בענקעניש מיין היים.
און נעבן דער ווערבע אינעם טאָל,
טינקט זיך אַ בלום אין דער זון,
וועקן זיך חלומות פון אַמאָל.
און אַ ליכטיקער קראַנץ ווערט דערפון".

**אָבער איצט קומט ערשט דאָס סאַמע וויכטיקסטע. דער פּאַטעטישער אויסגעשריי פונעם אַנטציקטן רעדאַקטאָר: „זאָל זיין ליכטיק, זאָל זיין זוניק און** לאָמיר אַריינפלעכטן די חלומות פון עבר אינעם בלומען־בוקעט פון

אונדזערע היינטיקע שטרעבונגען". (**דער קורסיוו איז שוין דווקא יאָ מיינער — י. ה.**).

**בעט איך אייך מענטשן, טייערע יידן, אפשר וועט איר מיר זאָגן, מיט וואָס איז דאָס בעסער פונעם יידישן טעאַטער מיט „מאָטקע פון סלאָבאָדקע", אויף וועלכע מפונקים דרייען אַזוי מיט די נעז?**

**ווי האָבן אַמאָל געזאָגט די וואַרשעווער ווייבער: מענטשן, ס'איז דאָך בילעטן צו נעמען!**

**און גיי טו אין אַזאַ וועלט עפּעס אויף!**

*

**אָבער לא אלמן ישׂראל און לא אלמן יידישע ליטעראַטור. דאָ און דאָרט הערן זיך שוין שטימען וועגן שאַפן אַן עליטאַרע גרופּע פון יידישע שרייבער. דאָמאַנקעוויטש אין זיין עסיי אין פּאַריזער אַלמאַנאַך פון 1960, לוי שאַליט אין דער „אַפריקאַנער יידישער צייטונג", יעדער אויף זיין אופן טוט באַרירן די דאָזיקע איצט ברענענדיקע פראַגע. אויך ל. פיינבערג אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע" שרייבט וועגן דער אינפלאַציע אין דער יידישער ליטעראַטור.**

**כ'ווייס נישט, צי האָב איך אַ חלק אין די אַלע אַרויסזאָגונגען, און ווי גרויס איז מיין חלק דעריין. איך פריי זיך נאָר וואָס מיינע ווערטער, מיין געשריי, איז פאָרט נישט קיין קול קורא במדבר.**

„לעצטע נייעס"

# דריי דעגענעראַטיווע מאָמענטן
# אין דער יידישער ליטעראַטור

אַזעלכע מאָמענטן זענען אין אונדזער ליטעראַטור פאַראַן מער, אַ סך מער ווי דריי. איך וויל אָבער דערוויל באַרירן נאָר די, וועלכע כ׳האַלט פאַר די סאַמע געפערלעכסטע, פאַר די דראָענדיקסטע, פאַר די, וואָס זענען די בולטסטע סימנים פון אַן אונטערגאַנגס־פּראָצעס, חלילה, אַל תפתח פה לשׂטן.

און לאָמיר דאָ באַלד צוגיין צום ענין, אָן הקדמות. לאָמיר אָנרופן דאָס, וואָס כ׳וויל זאָגן, ביים געהעריקן נאָמען. די דריי דעגענעראַטיווע מאָמענטן הייסן: א) דאָס געלויף צו דער מעטע פון „אייביקייט״; ב) דאָס אָבאָרטירן קונסט; ג) דאָס אונטערוואַרפן אונדזערע טויטע שרייבער.

דאָס געלויף צו דער מעטע פון „אייביקייט״

אין דער וועלט, אין דערברייטער שרייבערישער וועלט, איז אָנגענומען די פאָרעם פון מעמואַרן. אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, למשל, איז דער מין זייער פאַרשפרייט. דאָרט שרייבן באַקאַנטע ליטעראַטור־שעפער טאָגביכער, זכרונות וועגן זיך און אויטאָביאָגראַפיעס. און דאָס איז אָפט מאָל אַ באַלערנדיקער מאַטעריאַל, נישט נאָר אַן אינטערעסאַנטער. ער איז באַלערנדיק פאַר שרייבער. דאָרט קאָן מען געוואָר ווערן שרייבערישע סודות (נישט געוואָר ווערן קאָנען נאָר די, וואָס האַלטן, אַז פאַר זיי זענען שוין אַלע סודות אַנטפּלעקט). מען ווערט טייל מאָל אַריינגעפירט אין דער שרייבערישער לאַבאָראַטאָריע. מען קאָן פּשוט דערפון עפּעס לערנען (עס לערנען נאָר נישט די וואָס מיינען, אַז זיי וויסן אַלץ).

ביי אונדז איז דער מין ליטעראַטור כּמעט נישט פאַראַן. די קלאַסיקער אונדזערע האָבן עפּעס געטאָן אין דעם פּרט, אָבער זייער ווייניק. פאַראַן עטלעכע געציילטע ביכער זכרונות (כ׳מיין שרייבערישע, נישט סתּם זכרונות). בדרך־כּלל שרייבט מען נישט ביי אונדז קיין מעמואַרן, צי אויטאָביאָגראַפיעס (שרייבערישע).

מיינט איר דאָך אַוודאי, אַז די שרייבער אונדזערע טוען דאָס נישט צוליב באַשיידנקייט; אַז צוליב דעם שרייבן זיי נישט קיין מעמואַרן, ווייל

זיי ווילן נישט באַשעפטיקן די חשובע לייענערס מיט זייער ווייניקייט (ווי ס'זאָגן דאָס וועגן זיך שרייבער גרויסהאַלטערס). אויב איר מיינט אַזוי — האָט איר אַ גרויסן טעות.

ביי אונדז איז מען געפאַלן אויף גאָר אַן אָריגינעלער המצאה. צו וואָס שרייבן וועגן זיך און זיך דאַרפן האַלטן אין געוויסע ראַמען, אַז מען קאָן זיין „אָביעקטיוו", שרייבן וועגן יענעם און אין דער אמתן שרייבן גאָר וועגן זיך.

מען שרייבט נישט ביי אונדז קיין זכרונות? מען שרייבט נאָר זכרונות! יעדעס אַרטיקל וועגן יענעם, יעדער עסיי וועגן יענעם, איז געשריבן וועגן זיך, מיט דער כוונה צו רעדן קודם־כל וועגן זיך און זיך אַרויסצוהייבן. אין יעדן באַגריסונגס־אַרטיקל, אין יעדן הספד אַפילו, פאַרגעסט מען נישט צו דערמאָנען זיך. מען שרייבט גאַנצע ביכער וועגן יענעם און מען מיינט זיך.

און נאָך מער. מען שרייבט וועגן יענעם און מען לייגט דערוויל אַריין אין יענעמס מויל אַריין אָפּשאַצונגען וועגן זיך. און נישט סתם אָפּשאַצונגען, נאָר לויבגעזאַנגען, פולע מיט סופּערלאַטיוון וועגן זיך. און אויב מען גיט נאָך דאָס, וואָס יענער האָט „געזאָגט" אין אַ דיאַלאָג, אָדער מען נעמט עס אין גענדזן־פּיסלעך, איז דאָך שוין קלאָר ווי דער טאָג, אַז דאָס איז „אמת ויציב".

אָנשטאָט צו געבן אַ בילד פון דעם, וועגן וועמען מען שרייבט — גיט מען אַן אייגן בילד. אין בעסטן פאַל — אַ בשותּפותדיק בילד: איך און דער, וועגן וועלכן איך שרייב (נישט, חלילה, פאַרקערט). מען קלאַפּט זיך גוטברודעריש מיט יענעמס מכלומרשטע הענט אויף דער אייגענער פּלייצע. און מען האָט פון זיך שטאַרק הנאה.

און ס'געשעט, אַז אַ דיכטער אַ ליליפּוט, שטעלט זיך אַריין צווישן צוויי ריזן, שפּאַרט זיך אָן אויף זייערע מעכטיקע פּלייצעס, בכדי צוזאַמען מיט זיי אַריין דורכן טריומף־טויער אין דער יידישער דיכטונג. אין דער צייט ווען אויף די אייגענע ליליפּוטישע פּיסלעך וואָלט מען אים אַפילו דורך דער קיכטיר נישט אַריינגעלאָזט. און אַזוי איז עס אין אַלע ליטעראַרישע געביטן.

ווי זאָגט די גמרא: „הרוצה לשקר ירחיק עדותו". זינט מען האָט אומגעבראַכט די יידישע שרייבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד, טוט זיך גאָר אַ וואַקכאַנאַליע. יעדער פּוצט אויס זיין אייגן איכ'עלע צו דער דאָזיקער וויסטער פאַניכידע. מען דערציילט און מען שרייבט זכרונות וועגן די אומגעקומענע שרייבער און מיט זייערע געבונדענע און פאַרשטייפטע הענט,

הייסט מען גאָר זיך קנייפּן אין בעקל אַריין; מיט זייערע געשענדעטע פּע־דערס שרייבט מען זיך אויס אַטעסטאַטן אויף גרויסע דיכטער און גרויסע פּראָזאַיִקער. און גיי שריי חי וקיים! גיי מאַך לעבעדיק די אומגעבראַכטע, אַז זיי זאָלן זאָגן, אַז ס'איז שקר.

און פֿאַר וואָס געשעט עס ביי אונדז אַזוי. ווייל די יידישע שרייבער האָט אַרומגעכאַפּט אַ בהלה־שטימונג. זיי האָבן מורא, אַז עס האַלט שוין ביי נעילה, ביים שליסן די טויערן פֿון אייביקייט פֿאַרן יידישן שרייבערישן וואָרט און פֿאַרן יידישן שרייבער.

דערפֿאַר לויפֿט מען! מען לויפֿט אין אַ ווילד געיעג צו דער מעטע פֿון „אייביקייט”. מען לויפֿט מיט יענעמס פֿיס, אויף יענעמס קאָפּ, מיט יענעמס טאַלאַנט, אויפֿן חשבון פֿון יענעמס פֿאַרדינסטן, אַבי אַליין צוצוקומען צו דער מעטע פֿון „אייביקייט”.

דעריבער דאַרף דער לייענער, דער כּשרער לייענער, וויסן, אַז נאָר די ביכער זכרונות וועגן יענעם, נאָר די אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען וועגן יענעם, ווו עס ווערט נאָר און אויסשליסלעך גערעדט וועגן יענעם, נאָר די זענען כּשר. די אַלע אַנדערע, ווו ס'ווערט מכּלומרשט גערעדט וועגן יענעם, אָבער דער עיקר מיינט דער שרייבער זיך, די אַלע זענען פּסול. נאָך מער — זיי זענען טריף. זיי זענען אָסור במגע, מען טאָר זיי נישט אָנרירן.

און פֿון דעם געיעג צו דער מעטע פֿון „אייביקייט”, קומט דער צווייטער דעגענעראַטיווער מאָמענט. מען אַבאָרטירט ביי אונדז קונסט. מען רייסט אָפּ די שרייבערישע פּירות פֿאַר דער צייט (און דאָס הייסט אַבאָר־טירן).

יעדעס געוויקס, יעדע פֿלאַנץ, האָט זיך איר קולטיוואַציע־צייט. שריי־בערישע געוויקסן — אַוודאי און אַוודאי. יעדער שרייבערישער זשאַנער, אַנטשפּרעכנדיק צום שרייבערס טאַלאַנט און טעמפּעראַמענט, דאַרף האָבן צייט אויף צו ווערן רייף.

היות מען האָט ביי אונדז, צוליב דער בהלה־שטימונג, קיין צייט נישט, רייסט מען פֿאַר דער צייט. דעריבער האָבן מיר אַזוי פֿיל נישט־צייטיקע לידער, אַזוי פֿיל נישט־אויסגערייפֿטע דערציילונגען, אַזוי פֿיל נישט־דער־שטאַנענע און נישט־דערגאַנגענע ליטעראַרישע שאַפֿונגען.

אַז מען וויל מיטן כּמות פֿאַרטרעטן דעם איכות; אַז מען וויל בעסער דריי שוואַכע ביכער איידער איינס אַ גוטס, ווייל מיט געדרוקטע ביכער וויל מען זיך אויספּלאַסטערן אַ וועג צו דער מעטע פֿון „אייביקייט”. אָבער אין דער קונסט וועט מען דאַרפֿן, אַפֿילו ווען משיח וועט קומען, גיין אויף אַן אייזערנער בריק און נישט אויף קיין פּאַפּירענער.

און פון די אויבן דערמאָנטע צוויי דעגענעראַטיווע מאָמענטן, נעמט זיך דער דריטער: דאָס „אונטערוואַרפן" אונדזערע טויטע שרייבער. פאַרן חורבן בית שני פלעגט מען אונטערוואַרפן די טויטע צוליב די גרויסע הוצאות, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ לוויה. נאָכן דריטן חורבן וואַרפט מען אונטער די געשטאָרבענע יידישע שרייבער, מען וואַרפט זיי אונטער דעם כוח־השכחה, ווייל מען האָט נישט קיין צייט צו זיי. מען איז אַזוי פאַרנומען מיט זיך, מיטן בויען די אייגענע „אייביקייט", מיט פאַרשאַפן זיך כיבודים, מיטן אַרומגיין אַרום דער אייגענער גרויסקייט, אַז ס'איז פשוט קיין צייט נישטאָ אַ טראַכט צו טאָן וועגן אַ געשטאָרבענעם שרייבער. אין דעם געלויף צו דער מעטע פון „אייביקייט" געדענקט מען נישט אין קיינעם, ווי נאָר אין זיך אַליין.

אַ חוץ עטלעכע פּראָווינצער צייטונגען, האָט כמעט קיין איין צייטשריפט נישט אָפּגעמערקט די פינפטע יאָרצייט נאָך אַזאַ שיינעם יידיש־יידישן שרייבער, ווי דאָס איז געווען יוסף אָפּאַטאָשו. ווער דערמאָנט היינט אַזאַ אָריגינעלן שרייבער, ווי לאַמעד שאַפּיראָ? און ס'וואָלט זיך אויסגעדאַכט אַז ווען־ווען, נאָר היינט דאַרף מען דעם מחבר פון „צלם" יאָ דערמאָנען.

ביי אונדז איז געווען, אַז אונדזער גרעסטער דיכטער זאָל זיין קראַנק, פּאַראַליזירט, אַז מען זאָל וועגן זיינס אַ דערשינען בוך, איינס פון זיינע בעסטע לידער־ביכער, אַפילו קיין רעצענזיע נישט אָנשרייבן.

צו אַזאַ טריפה־הפקרות איז מען ביי אונדז דערגאַנגען! און דאָס אַלץ צוליב דעם ווילדן געלויף צו דער מעטע פון „אייביקייט"!

אָבער די, וואָס גלויבן, אַז יידיש פאַרמאָגט קולטור־ווערטן, די האָט נישט אָנגעכאַפּט קיין בהלה. זיי ווייסן, אַז אמתע קולטור־ווערטן גייען נישט אונטער.

זיי, די גלויביקע, וועט איר נישט טרעפן אויף די ליטעראַרישע יאַרי־דים. זיי נעמען נישט אָנטייל אין דעם ווילדן געלויף צו דער מעטע פון „אייביקייט". אויב זיי שרייבן וועגן עמעצן אַנדערש, שרייבן זיי טאַקע וועגן דעם עמעצן און נישט וועגן זיך.

ווער פון אייך געדענקט נישט באַלזאַקס „די פאַרלוירענע אילוזיעס?"

אַלץ, וואָס האָט זיך געטומלט, וועלטן איינגענומען, אַפילו ווען דאָס זענען געווען טאַלענטירטע שרייבער, איז אָפּגעווישט געוואָרן, אונטערגעגאַנגען. און נאָר די עטלעכע פון דער גרופּע „שטראַלנדיקע" — נאָר זיי זענען געבליבן. זיי בלייבן שטענדיק אין אַלע דורות און אין אַלע ליטעראַטורן...